די

# געהיימניסע

פון

# רוסישען קייזערליכען הויף

פריי איבערזעצט

— פון —

## א. טאנענבוים

פערטער באנד

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
34־632 בראדוויי, ניו יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.
1927

# פיערטער טהייל.

## 32טעם קאַפּיטעל.

## שטאַרק, וויא דער טוידט, איז דיא ליעבע.

**איִם** ארבייטער קווארטאל סענט אַנטואַן אין פּאַריז איז דא א גֶעסעל „לאַ פּעור". איינזאם, שטיל, טרויעריג און פערנאכלעסיגט איז דיעזעס געסעל פון נאט און פון מענשען. דארט וואָינען דיא ארימסטע ארבייטער אין פּאַריז. דא לעבט דיא נויט, דאס בעדערפניס און דער פערלאַנגט. דא האפט מען ניט, אז מארגען וועט מען האבען רוהע און פערגניגען; דא ציטערט מען: מאָרגען וועט ניט זיין וואס צו עסען. דא איז דאס פערגניגען אונבעקאַנט, דיא פרייד איז א זעלטענער גאסט, אמאל, אבער זעהר זעלטען, טרעפט מען א צופריעדענעם געזיכט.

אין א שעהנעם פארמיטאג איז א יונגע פרוי ארומגעגאנגען אין געסעל און האט זיך צוגעקוקט צו יעדעס הויז, אויב עס העננט ניט א בלעטעל: „צו פעררענטען". דיא פרוי איז געוועזן יונג און שעהן, אבער זעהר ארים געקליידעט. אן אלטער שטרויענער הוט מיט אפּגעבלאקעוועטע, אפּגעשאָסענע סאמעטענע בענדער איז געוועזן אראָפּגערוקט טיעף איבער דיא אויגען; אן אלטער, אין ערטער צוריסענער שאַל איז געהאנגען נאכלעסיג פון איהרע פּלייצעס און אין דיא הענד האט זיא געטראָגען א קליין בינטעל.

עס איז געוועזן דייטליך, אז דיעזע ארימע פרוי זוכט זיך ערגעץ א וואָינונג אין דער נאס „לאַפּעור". זיא איז ארומגעגאנגען איינינע צייט און איז ענדליך געבליעבען שטעהן פאר א דריי שטאקינעס הויז, וואו עס איז געהאנגען א בלעטעל: „צו פערמיעטהען". זיא איז אריינגעגאנגען אין קארידאר און האט אויפגעזוכט דעם הויזקיפּער, אן אלטען, האלב-בלינדען שוסטער, וועלכער איז געזעסען איינגעבויגען אויף זיין בענקעלע און האט זיך געבראכען דעם קאפּ און דיא הענד צונויפצולאטען א פּאר שיך, וועלכע האבען שוין אויף קיין פאל מעהר ניט געוואלט דיענען.

— קענט איהר מיר ווייזען דיא צימער, וועלכע איהר האט צו פערמיעטהען? האט דיא יונגע פרוי געפרעגט גאנץ שטיל.

דער הויזקיפּער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין בענקעל און האט בעטראכט דיא יונגע פרוי נייגיעריג. ער האט געוואלט קענען דעם נייעם מענשען, וועלכער וועט פיעללייכט ווערן זיין שכן. דיא הויזקיפּער זיינען פון דער נאטור נייגיעריג. זיי זיינען דאך אויך שטיקלעך הערשער אין זייער הויז און ווילען וויסען, וואס פאר א נייער מענש קומט צו אונטער זייער הערשאפט. — ער האט זיא בעטראכט א פּאָר מינוט און אויף זיין געזיכט האט זיך אויסגעדריקט שטוינען, גלייך וויא ער וואלט געזאגט: איך פערשטעה דיך ניט. — מיר שיינט, אז דוא פּאסט ניט אהער. אלס פראנצויז אבער איז ער געוועזן העפליך נעגען א דאמע און האט איהר געענטפערט:

— אויפ'ן דריטען שטאק. פרעגען זיא ביי מאדאם ראימאָנד — מאדאם — מאַדעמואזעל. —

דיא לעצטע ווערטער האט ער געזאגט אומיסטען אום געוואהר צו ווערן, וואס זיא איז: א מעדכען אדער א פרוי.

— מאדאם, האט דיא פרעמדע איהם פערבעסערט.

— איך האף, מאדאם, האט דער הויז־קיפער געזאגט, אז דיא צימער וועלען אייך פאסען. מאדאם ראימאָנד איז אן אנשטענדיגע פרוי און בעהאנדעלט זעהר גוט איהרע קווארטיראנטען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר געוויעזען, וויא אזוי ארויפצוגעהן צו מאדאם ראימאנד. זיא איז ארויפגעגאנגען דיא דריי טרעפ און האט אנגעקלאפט אן דער טהיר. אן עלטערע פרוי איז ארויסגעקומען און האט זיא געפרעגט, וואס זיא וויל?

— איך וויל זעהן דיא צימער, וועלכע איהר האט צו פערדינגען.

דיא אלטע פרוי האט געעפענט דיא טהיר פון א קליין צימעריל און האט איהר געוויעזען. אין צימער איז געשטאנען א בעט, א קליין טישעלע און צוויי הילצערנע שטיהלע. אין איין וואנד איז געווען א קליידער שאפע. — דיא יונגע פרוי האט אלעס בעטראכט און האט געזאגט:

— דאס צימער געפעלט מיר. — איך בין אייגענטליך זעלטען אין דערהיים, ווייל איך ארבייט אויף א פאבריק. — דיא הויפט זאכע איז ביי מיר צו וואוינען צווישען אנשטענדיגע מענשען.

— איך האב נאך א צימער צו פערדינגען, מיט דיא פענסטער אויף דאר גאס, האט דיא אלטע פרוי געזאגט, עס קאָסט אבער טהייערער.

— ניין, דיעזעס צימעריל איז פאר מיר גענוג, האט דיא ארבייטערין געענטפערט. וויא טהייער קאָסט עס א מאָנאט?

— פופצעהן פראנק.

דיא יונגע פרוי האט זיך אביסעל פערטראכט, גלייך וויא זיא וואלט זיך איבער־לעגט, אויב זיא קען אזוי פיעל בעצאהלען.

— גוט! האט זיא ענדליך געזאגט. — איך נעהם עס. — איך וואלט אבער — האט זיא ווייטער געזאגט לאנגזאם, גלייך וויא זיא שעהמט זיך ארויסצוזאגען. — פער־שטעהט איהר, מאדאם — איך האב אמאָל געלעבט אנדערש. — מיין מאן איז געווען א בעאמטער און האט געהאט א שעהנעס געהאלט מאנאטליך. ער איז אבער גע־שטאָרבען. — צו קיין פענסיאן האט ער זיך ניט דערדיענט — און איך מוז מיך יעצט דערנעהרען פון מיין ארבייט. — איך האב פיעל בעקאנטע, וועלכע פערשאפען מיר ארבייט גענוג. איך וויל זעהר וואינען צווישען אנשטענדיגע מענשען און וויל וויסען ווער זיינען דיא אנדערע קווארטיראנטען, וועלכע וואינען ביי אייך.

— אה, איהר קענט רוהיג זיין! האט מאדאם ראימאָנד אויסגערופען. ביי מיר וואינען נור אנשטענדיגע מענשען. זיי זיינען ארים, אבער שטיל, רוהיג און עהרליך. — דא, אין צימער געגען אייך, וואינט א יונגער מאן מיטן נאמען לעפראנק. ער איז צוואר נור א קוימענקעהרער. ער איז אבער א גוטער, פלייסיגער ארבייטער. ער טרינקט ניט און ברענגט ניט אויס דאס געלד, וואס ער פערדיענט. דארט ווייטער וואינט אן עלטערער מאן, א טאפעציערער. ער קומט זעהר זעלטען אהיים, ווייל ער

ארבייט ווייט פון דאנען. אין דער אנדערער זייט, לעבען מיין צימער, וואינט א יונגער מאן טארדיע. ער איז א שטיינשניידער און איז זעהר אנשטענדיג. איך האב נאך פון איהם קיין הויך ווארט ניט געהערט. אלע מיינע קוואַרטיראַנטען קומען זעלטען אהיים, אויסער לעפראנק, וועלכער ארבייט פאר זיך. ער קומט, ווען ער ענדיגט זיין ארבייט.

פלוצלונג איז זיא געבליעבען שטיל און האט געקוקט דיא יונגע פרוי גלייך אין דיא אויגען. דיעזע האט פערשטאנען, וואס מען מיינט.

— איהר האט רעכט, מאדאם, איך פרעג אויס, ווער אייערע קווארטיראנטען זיינען און האב פערגעסען אייך צו זאגען, ווער איך אליין בין. — אט האט איהר מיינע דאקומענטען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא איהר געגעבען צוויי פאפיערען מיט׳ן שטעמפעל פון דער רעגיערונג. דיא אלטע האט זיי דורכגעלעזען און האט זיי איהר אפגעגעבען צוריק.

— זעהר גוט! האט זיא געזאגט. — איך זעה, אז איהר הייסט מאדאם בערנאר. עס פרעהט מיך זעהר, מאדאם בערנאר, אייך צו האבען אלס קוואַרטיראַנטין. — האט איהר עפעס זאבען? לעפראנק איז היינט געראדע אין דערהיים, ער ארבייט היינט נים, ער וואלט געקענט ברענגען אייערע זאכען אהער. ער איז א גוטער יונגע און ועט צופריעדען זיין, וויא פיעל איהר וועט איהם געבען.

— איך דאנקע מאדאם! איך האב ווירקליך א קעסטעל, וועלכעס שטעהט ביים הויז־קיפער פון מיין פריהערינע וואינונג — ניט ווייט פון דאנען — און איך וועל בעצאהלען פאר א דראָשקע, מען זאל איהם צוברענגען אהער.

— ווען עס איז ניט ווייט, וועט עס לעפראנק צו טראגען, האט דיא אלטע געזאגט. — ער איז א שטארקער יונגע, ביי איהם איז א קלייניגקייט צו טראגען א קעסטעל.

— עס איז מיר זעהר אונאנגענעהם צו הייסען א מענשען טראגען א קעסטעל, האט מאדאם בערנאר געזאגט.

— פאר וואס ניט? ווען מען וואינט אין איין הויז צוזאמען דארף מען העלפען איינער דעם אנדערן, האט דיא אלטע ווירטהין געזאגט.

אויפ׳ן געזיכט פון דער יונגער פרוי, האט זיך געוויעזען א זאנדערבארער שמייכעל. זיא האט זיך אבער באלד צוריק געחאפט און האט געזאגט:

— איך דאנק אייך מאדאם, פאר אייערע פריינדליכע ווערטער. געוויס, ווען מען וואינט אונטער איין דאך, דארף מען זעהן צו העלפען און צו שטיצען איינער דעם אנדערן, וויא ווייט מען קען. איך האף, אז איך וועל לעבען פריינדליך מיט אייערע קווארטיראנטען. — איך זעה שוין, אז איך האב געטראפען אויף עהרליכע און אנשטענדיגע מענשען.

דיא אלטע האט זיך פערניינט און האט איהר געזאגט.

— איהר קענט אייך שוין איינארדענען אין אייער צימער. לעגט אוועק דאס פעקעל. מאכט צו רעכט דאס בעט. באלד וועט קומען לעפראנק און וועט אייך צו ברענגען אייער קעסטעל.

— פאלקאמען ריכטיג, האט מאדאם בערנאר געענטפערט. איהר האט אבער נאר פערגעסען צו בעטען רענט.

זיא האט ארויסגענומען א בייטעלע מיט עטליכע זילבערנע מינצען און האט איהר אפגעצעהלט פופצעהן פראנק.

— אט האט איהר דעם רענט פאר א מאנאט און נאך פינף פראנק אויף קליינע אויסגאבען. איך וויל האבען אלע אין דערפריה א גלאז מילך און א קליין ברייטעל. בייטאג קען איך ניט קומען אהיים, איך מוז עסען ערגעץ אין א רעסטאָראן.

מאדאם ראימאָנד האט איבערגעצעהלט דאס געלד. עס איז געווען ריכטיג — צוואנציג פראנק. אין דיעזע מינוט האט מען געהערט שווערע טריט אויף דיא טרעפּ.

— אט געהט שוין לעפראנק. ער איז געקומען עסען מיטאג. ער עסט ביי מיר. ער וועט באלד געהן ברענגען אייער קעסטעל.

אויף דיא טרעפּ האט זיך געוויעזען א יונגער מאן פון א יאָהר עטליכע און צוואנציג. ארים, אבער ריין געקליידעט מיט א פּאָר גרויסע, בלויע אויגען. קוים האט איהם דיא ווירטהין דערזעהן, איז זיא איהם ענטגעגען געלאפען.

— גוט, וואס איהר זייט געקומען, זשאריש! האט זיא איהם געזאגט. איך האב פערדונגען דאס צימעריל נעבען אייך. עס איז א פרוי און איך האף, אז איהר וועט צופריעדען זיין. עס ווייזט אויס זעהר אן אנשטענדיגע פרוי. — איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און ברענגען איהר קעסטעל. עס איז ניט וויט פון דאנען.

דיא טהיר פון׳ם קליינעם צימעריל האט זיך געעפענט און מאדאם בערנאר איז ארויסגעקומען אין קארידאר. זיא האט פון זיך אראפּגעווארפען דעם אלטען שאַל, האט אויסגעטהאן דעם שטרויענעם הוט און האט צולאזט איהרע שעהנע, לאנגע בלאנדע האָאר. דער יונגער מאן איז געווארען רויט, וויא פייער, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך דיא רייצענד שעהנע געשטאלט פון דער נייער קווארטיראנטין. ער האט נאך אזא שעהנהייט ניט געזעהן. ער האט אראפּגענומען דעם הוט, האט זיך העפליך פערנייגט און האט געזאגט:

— זאָגט מיר נור, וואו אייער קעסטעל איז, איך וועל עס באלד ברענגען. — מיר, ארימע ארבייטער. מוזען העלפען און אונטערשטיצען איינער דעם אנדערן. — מיר זיינען ניט קיין קאפּיטאליסטען, וועלכע זוכען אויסצורייסען איינער ביים אנדערן דעם ביסען ברויט פון׳ם מויל. זיי, דיא רייכע, דיא קאפּיטאליסטען ווייסען ניט פון קיין מיטלייד און קענען ניט קיין ערבארמען; זיי —

דיא ווירטהין האט איהם אונטערבראכען און האט איהם ניט געלאזען ווייטער רעדען:

— ענטשולדיגען זיא, מאדאם בערנאר, האט זיא געזאגט. אונזער לעפראנק האט שוין אזא נאטור. קוים הייבט ער אן צו רעדען פון דיא רייכע, קען ער ניט אויפהערן. ווען ער וואלט געקענט, וואלט ער אלע רייכע אויפגעהאנגען אויף איין בוים.

דיא יונגע פרוי האט א שמייכעל געטהאן און האט דערלאנגט דעם יונגען ארבייטער דיא האנד.

— איהר האט רעכט, אונבעקאנטער פריינד! האט זיא איהם געזאגט. — איך

בין אויך אן ארבייטערין און ווייס, וואס דאס הייסט ארבייטען שווער און ביטער מיט'ן שוויים אום דער רייבער באנדיט זאל האבען וואס צו פערשווענדען. — איך ווייס אויך, וואס עס הייסט מאנגעל און נויט. מיר זיינען ברידער אין דער נויט. — מיר זיינען קרובים, נאהענטע פערוואנדטע אין דער ארבייט און אין ליידען. — מיר דארפען זיך העלפען איינער דעם אנדערן. — איך בעט אייך, ווען איהר וועט עפּעס דארפען, זאלט איהר מיר באלד זאגען פריי און אפענהערציג, וויא צו א שוועסטער, און איך וועל זיין גליקליך, ווען איך וועל אייך קענען מיט עפּעס העלפען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא געגעבען דעם יונגען מאן איהר צארטע, קליינע און ווייסע האנד. דער יונגער מאן האט זיא אנגעקוקט מיט שטוינען און מיט ענטציקען. — ער האט געטראפען א גענאסין, אן ארבייטערין, וועלבע האט דיעזעלבע מיינונגען און דיעזעלבע אידעען, וואס ער. — ער האט גענומען איהר האנד און האט געפיהלט וויא פריינדליך, הערצליך און ווארם זיא האט איהם געדריקט. — ער איז געוועזען ענטציקט. ער איז געוועזען גליקליך, ער איז געוועזען אויפ'ן זיעבענטען הימעל.

ער האט געהאלטען איהר האנד איינינע מינוטען און האט איהר געקוקט אין דיא אויגען. א פייעריגער הויך, אן עלעקטרישער שטראהל האט דורכגעציטערט זיין גאנצען קערפּער און האט איבערגאסען זיין געזיכט מיט א רויטער פארב.

— אלזא, מאדאם, האט ער ענדליך געזאגט, גיט מיר דיא אדרעסע פון'ם הויז, וואו אייער קעסטעל שטעהט, איך וועל געהן באלד און עס ברענגען. איהר ארבייט געווים היינט ניט און וועט דארפען אייערע זאכען.

זיא האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא קעשענעס און האט ארויסגענומען א שטיקעל פּאפּיער, אויף וועלכען עס איז געשטאנען אן אדרעסע.

— איך האב געמוזט מיך ארויסציהען פון מיין פאריגע וואינונג, האט זיא געזאגט און האט אויסגעצויגען דאס ווארט געמוזט. אין יענעם הויז וואינט מיינע א בעקאנטע, זיא האט געבעטען דעם הויזקיפּער, ער זאל מיר ערלויבען צולאזען ביי איהם מיין קעסטעל אויף א קורצע צייט.

דער יונגער ארבייטער איז באלד אוועקגעגאנגען ברענגען דאס קעסטעל. דיא יונגע פרוי איז איהם ניט ארויס פון קאפּ. ער האט אלץ געזעהן איהר שעהנע געשטאלט, אין זיינע אויערן האבען געקלונגען איהרע פריינדליכע ווערטער, זיינע הענד האבען געברענט פון איהר ווארעמער בעריהרונג; ער האט זיך פארגעשטעלט, וויא ער וועט זיא בעקאנט מאכען מיט זיינע גענאסען, מיט דיא פּאריזער רעוואָלוציאָנערן, וויא ער וועט זיא בעגלייטען אויף זייערע פערזאמלונגען; וויא זיא וועט דארט האלטען רעדען און אויפפאדערן זיי צום קאמפף, צור רעוואָלוציאָן; וויא....

אונטערדעסען האט מאדאם בערנאר געמאכט ארדנונג אין איהר צימער. זיא האט צולעגט איהר בינטעל — איינינע אלטע קליידלעך און אנדערע קלייניגקייטען. דיא אלטע ווירטהין איז נאך אלץ געשטאנען אין איהר צימעריל און האט איהר געהאלפען און געלערנט, וויא אזוי צו טהאן און וואס צו טהאן. זיא האט באלד דערקענט, אז איהר נייע קווארטיראנטין איז ניט געוואינט צו דער ווירטהשאפט.

— היינט ארבייט איך ניט, האט מאדאם בערנאר געזאגט. איך האב שוין

פערלארען היינטיגען טאג. — אך! עס איז אזוי שווער צו זוכען א וואָינונג, בעזאנדערס פאר אן ארימע ארבייטערין. איך בין נאך גליקליך, וואס איך האב געטראפען א קווארטיר צווישען אנשטענדיגע מענשען. — פיר הייטע אבענד, מאדאם ראימאנד, וועט איהר זיין אזוי גוט און מיר אנגרייטען א גלאז מילך און א קליין ווייס ברייטעל.

— פיר הייטע אבענד בעט איך אייך צו מיר. איהר ארבייט ניט, לעפראנק ארבייט אויך ניט. מיר וועלען אביסעל פלוידערן. מיר וועלען נאכטהאן דיא רייבע. איך וועל אויך מאכען א טהעע פארטיע. — פאר דעם טהעע וועל איך אייך ניט רעכענען. —

— איך דאנק! איך דאנק אייך זעהר! האט דיא יונגע פרוי געזאגט און האט זיך צוגעלעגט אויפ'ן בעט, גלייך וויא זיא וואלט שטארק מיעד געווען פון'ם לאנגען זוכען א וואינונג.

מאדאם ראימאנד האט זיא ניט געוואלט שטערן און איז ארויסגעגאנגען.

קוים איז דיא ווירטהין ארויסגעגאנגען, איז מאדאם בערנארד אויפגעשטאנען, האט זיך אנגעקוקט אין דעם קליינעם שפיגעלע אויף דער וואנד און האט אביסעל צורעכטגעמאכט איהרע האר. איהר געזיכט האט זיך אין גאנצען פערענדערט, איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פינקעלן און א שמייכעל פול מיט שפאט און בייזען געלעכטער האט געגרייזעלט איהרע ליפען.

— איך האב מיין ראלע גוט געשפיעלט. האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — ער איז ווירקליך אן אייזערנער מענש, קלוג, וויא א שלאנג און דורכגעטריעבען, וויא דער טייפעל אליין. — ער האט געוואוסט, וואוהין מיך צו שיקען. ער האט אויסגעקליעבען א וואינונג, וואס מען דארף קיין בעסערע ניט און דיא מענשען פאסען צו זיינע פלענע, גלייך וויא זיי וואלטען דערצו געבאָרען געווארען. — וויא אזוי האט ער עס אויסגעפונען? פון וואנען האט ער געוואוסט, אז אין דיעזעס פערוואָרפענע געסעל, אין דיעזעם ארי־מען און שמוציגען הויז וואינען אזעלבע מענשען? — דאס איז זיין געהיימניס. דאס וועט ער מיר ניט זאגען. — איך בין אויך ניט מעהר, וויא א ווערקצייג, אן אינסטרר מענט ביי איהם אין דיא הענד. — אך! דער מענש זאל נור קענען ליעבען! — ער קען עס אבער ניט, ער איז קאלט וויא אייז. ער קען נור הערשען, ער קען נור צווינגען מענשען, זיי זאלען טהאן, וואס ער פערלאנגט פון זיי. דאס ווייכע, טרייע, זיסע גע־פיהל דער ליעבע קען ער ניט.

איך מוז איהם אבער ווייזען, אז איך קען אויך זעהר פיעל. איך מוז איהם ווייזען, אז איך בין ווירדיג צו זיין א געהילפין ביי איהם! — איך בין צופריעדען מיט מיין נייע וואינונג. איך בין צופריעדען, וואס איך האב אן ארבייט, א בעשעפטיגונג. — עס לאנג־ווייליט מיך צו וואינען אין דיא רייכע פאלאצען און צו האבען ארום זיך דיא שטאָלצע, אבגעלעבטע און פערדארבענע באראנען און גראפען. — דא וואינט דיא ארימקייט, אבער דיא פרישע מונטערע און צופריעדענע ארימקייט.

זיא איז זיך דורכגעגאנגען א פאר מאל אין איהר קליין צימעריל, איז וויעדער צוגעגאנגען צום שפיגעל און האט זיך נאך א מאל בעטראכט.

— ווען דיא ליעבהאבער פון דער מארקיזא פאלאנצאָני זאלען מיך יעצט זעהן,

וואלטען זיי זיך נעווים צולאכט. — איך זעה אוים אביסעל קאמיש אין דיעזע ארימע, אפּגעטראגענע קליידער. — עס איז זעהר מעגליך, אז דיא רייכע קעראָסין הענדלעריןוואלט זיך נעשעהמט מיט מיר. דער לאנגווייליגער ענגלענדער, דער הערצאָג האמיל־טאָן, וואלט פּיעללייכט ניט געזוכט מיט מיר בעקאנט צו ווערן. — שעהנהייט אליין איז ניט גענוג פאר דיעזע אפּגעלעבטע און אויסגעלעבטע מענער. דיא שעהנהייט מוז זיין איינגעוויקעלט אין סאמעט און אין זייד און מוז נאך טראָגען אלס שילד (וויוועסקא) א שטאלצען טיטול אום זיי צו רייצען. — גוט! איך וועל אייך שוין ווייזען! איך וועל אייך שוין בעהערשען מיט אן אייזערנער האנד, וויא מיין גרויסער לעהרער טהוט. —

זיא האט צולעגט איהר ביסעל ארימקייט און האט זיך צולאכט.

— ער האט רעכט! האט זיא אויסגערופען. עס איז זעהר אמוזירענד. איך וועל דא האבען א שעהנע קאמעדיע. — שאדע נור, וואס איך וועל ניט קענען לאכען דערביי. דא אין דער ארימקייט און אין דער נויט איז דאס מענשליכע הערץ עמפּפינדליכער, שוואכער און עס קען זיך ניט איינהאלטען. דער מענש איז פרייער, אפענער, ניט אזוי פערשטעלט. — יעדער זאגט ארוים און ווייזט ארויס, וואס ער פיהלט. — ער האט מיך צום ערשטען מאל געזעהן, דער ארימער קוימענקעהרער, און ער האט מיר שוין ארויסגעזאגט אלעס, וואס ער דענקט און פיהלט. איך בין זיכער, אז ער וועט שוין געהן פון מיינעט וועגען אין פייער און אין וואסער. ער איז איינפאַך, נאאיוו, און גלויבט, וואס איך וועל איהם זאגען. — דיא העכערע געזעלשאפט איז צופיעל געביל־דעט, צופיעל ציוויליזירט, צו פיעל פערפיינערט און פערלאקירט. דארט גלויבט מען ניט אזוי לייכט א שעהנעם ווארט, א שמייכעל, א דריק מיט דער האנד. —

אין דיעזע מינוט האט מען געקלאפט אין דער טהיר. מאדאם בערנארד האט פערוווארפען איהרע לאנגע, בלאנדע האר.

— הערא‌יין! האט זיא געזאגט און איהר געזיכט האט זיך ווידער פערענדערט.

דער ארבייטער לעפראנק איז אריין מיט איהר קעסטעל אויף דיא פּלייצעס און האט עס לאנגזאם און פארזיכטיג, גלייך וויא עס וואלט געווען פון גלאז, אניעדערגע־שטעלט אויפ'ן באדען. מאדאם בערנאר האט איהם נאָך אמאל געדאנקט און האָט זיך גענומען אויספּאקען דיא זאכען פון'ם קעסטעל. דער יונגער ארבייטער האט זיא ניט געוואלט שטערן און איז ארויסגעגאנגען.

דער טאג איז פאראיבער. עס איז געווארען נאכט. מאדאם ראימאָנד איז אריינגעקומען צו איהר נייער קווארטיראַנטין זיא רופען צו זיך אויף טהעע. זיא האט געפונען אין צימעריל אלעס אין גוטער ארדנונג. אלעס איז געווען ארים, אבער זעהר ריין. זיא איז געווען צופריעדען.

— איהר האט אייך שוין געווים אויסגערוהט, האט זיא געזאגט צו איהר קוואר־טיראנטין, יעצט קומט אביסעל צו מיר. — איך לאד אייך איין אויף א טהעע פּארטיע. לעפראנק וועט געווים אויך באלד קומען.

זיא האט אריינגעפיהרט דיא יונגע פרוי אין איהר וואינונג און האט איהר נעגעבען א גלאז טהעע. זיי האבען געפּלוידערט פריינדליך און פערטרויליך, וויא אלטע

בעקאנטע. יעדע האט צופאקט איהר בינטעל צרות און האט זיי צולעגט פאר דער אנדערער.

באלד איז געקומען לעפראנק. ער האט געטראגען אין דער האנד א קליין קער־בעלע און האט עס אניעדערגעשטעלט אויפ'ן טיש.

— גוטען אבענד, מיין נאכבאר! האט איהם דיא יונגע פרוי בעגריסט. — וואס האט איהר דא געבראכט?

דער יונגער ארבייטער איז רויט געווארען.

— מאדאם ראימאָנד, האט ער געזאגט, אזוי וויא מיר האבען היינט א נייע נאכבארין און איך האב געהערט, אז איהר גיט אונז היינט א טהעע פארטיע, האב איך מיר ערלויבט אויך עטוואס בייצוטראגען צו אונזער פארטיע. — איהר וועט זיך געוויס ניט אפזאגען, נעגאסין? האט ער זיך געווענדעט צו דער יונגער פרוי.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעהויבען ארויסצונעהמען פון'ם קערבעלע פער־שיעדענע עסענווארגען און א פלאַש וויין.

— אך! וואס האט איהר געטהאן? האט מאדאם בערנאר געזאגט. צו וואס זאלט איהר אזוי פיעל אויסגעבען? — מיר, ארימע ארבייטער, טארען זיך אזוי פיעל ניט פערגינען. דאס קענען נור דיא רייכע, ווייל זיי שינדען אונז אפ און זויגען אויס אונזער בלוט. — מיר ארבייטען שווער און ביטער און האבען ניט מעהר, וויא א שטי־קעל טרוקען ברויט. זיי אבער טרינקען וויין און פרעסען דאס בעסטע פון דער וועלט.

— עס מאכט אבער פערגניגען, ווען מיר קענען זיך אויך אמאל פערגינען עפעס צו געניסען, האט דער ארבייטער געזאגט.

— עס איז ווירקליך איבעריג, האט זיך מאדאם ראימאָנד אריינגעמישט. וואס דארפען מיר דעם וויין און דיא אלע גוטע זאכען, ווען מיר זיינען צופריעדען, מיט וואָס מיר האבען? — אבער אזוי וויא ער האט עס שוין געבראכט, דארפען מיר עס ניט ארויסווארפען.

זיא האט ארויסגערוקט דאס קליינע טישעלע אין דער מיט צימער, האט ארומ־געשטעלט הילצערנע שטיהלע און האט געבעטען איהרע געסט זיך זעצען.

— ניט אלע טאג איז א יום טוב, האט זיא געזאגט. — מיר האבען א ליעבען גאסט און מעגען דעם גאסט צוליעב אויך געניעסען א גוטען אבענד.

— אך, פריינדע! האט מאדאם בערנאר געזאגט, איהר גיט מיר צופיעל עהרע. מיר צוליעב וואלט איהר ניט געדארפט אויסגעבען א סאנטים. — איך זאג אייך דיא וואהרהייט, וואלט א רייכער עס געוואגט מיר עפעס צו געבען, וואלט איך עס איהם געווארפען אינס געזיכט. אזוי וויא עס גיט עס מיר מיין גלייכען, אן ארימער ארבייטער, נעהם איך עס אן מיט דאנק. פאר וואס זאלען מיר, ארימע, אויך ניט אמאל געניסען פון דער וועלט? — מיר שאפען אלע דיעזע רייכטהימער, — פון אונזער שוויים און בלוט זיינען אויסגעבויט אלע דיעזע גרויסע און שעהנע פאלאצען. פון אונזער ארבייט, אונ־זער מיה, אונזער פלייס ווערן געמאכט אלע דיעזע גוטע זאכען, פאר וואס זאָלען מיר זיי איין מאל ווענינסטענס ניט געניעסען?

דער יונגער ארבייטער האט איהר געקוקט גלייך אין מויל אריין. יעדעס וואָרט,

וואס זיא האט געזאגט איז איהם געדרונגען אין הארצען. ער איז געווען ענטציקט, ווען ער האט געזעהן, אז דיא יונגע פרוי האט זיך אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען אויס־צושטעלען דיא זאכען אויפ'ן קליינעם טישעלע. ער האט פון איהר ניט אראפגעלאזען קיין אויג. ער האט נאך אזעלכעס ניט געזעהן. איהר קלארע האנד, איהרע ווייסע פינגער האבען זיך שנעל גערוהרט און אלעס אויסגעשטעלט אין אזא שעהנער ארדנונג, אז ער האט זיך געפיהלט שטאלץ צו זיין אין איין צימער מיט אזא שעהנער נאכבארין.

מען האט זיך געזעצט עסען. דיא יונגע פרוי האט געשפיעלט דיא ראלע פון א ווירטהין.

— איך בין איינער פון אייך, מאדאם ראימאָנד, האט זיא געזאָגט, איך וועל אויפגעבען צום טיש און וועל סערווירען.

זיא האט געעפענט דיא פלאש וויין און האט אנגעגאסען צוויי גרויסע גלעזער פאר לעפראנק און מאדאם ראימאָנד, פאר זיך האט זיא אנגעגאסען א קליין גלעזעלע.

— איך בין ניט געוואָינט צו טרינקען וויין, האט זיא געזאגט. מיין מאן האט אויך ניט ליעב געהאט קיין וויין און מיר פלעגען זעהר זעלטען טרינקען.

ביים עסען האט זיא גערעדט און דערצעהלט פון איהר לעבען אזוי פריינדליך, אזוי צוטרויליך, אזוי שוועסטערליך, גלייך וויא זיי וואלטען געווען בעקאנט פון קינד־וויים אן. דערביי האט זיא זעהר אפט געשאלטען דיא קאפיטאליסטען און האט גע־מאכט פארווירפע דיא ארבייטער, פאר וואס זיי הייבען זיך ניט אויף אלע מיט אמאל און מאכען ניט א סאָציאלע רעוואָלוציאָן.

— פאר וואס קומט עס, אז איינע זאלען נור ארבייטען און דיא אנדערע זאלען נור געניסען? האט זיא אויסגערופען מיט צארן און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען. — פרייהייט און גלייכהייט! האט געפאָדערט דאס פאָלק אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן. — וואו איז יעצט אונזער פרייהייט? — מיר מעגען פריי שטאַרבען פאר הונגער? דאס איז אונזער פרייהייט? — וואו איז אונזער גלייכ־הייט? דער קייזער מיט זיין הויף, מיט זיינען גענעראלען, מיט זיינע מיניסטאָרען, מיט אלע קאפיטאליסטען פרעסען אויף אלעס און לאזען אונז דארבען און שטארבען אין אונזערע אריכמע, ענגע וואינונגען. —

לעפראנק האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט גענומען דיא יונגע פרוי ביי דער האנד און האט איהר געזאגט שטילערהייט:

— זייט איהר אמאל געווען אויף פערזאמלונגען פון אונזערע רעוואלוציאנערן?

— איך האב געהערט פון זיי, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט, אבער איך האב קיין מאל ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו זיין אויף זיי. איך ארבייט אין א פאבריק, וואו דער פארמאן איז אזוי שטרענג, אז ער לאזט אונז ניט א ווארט אויס־רעדען. מיר מוזען שווייגען ביי דער ארבייט. נאך דער ארבייט לויפט יעדער א היים מיעד און הונגעריג.

— איך וועל אייך איינפיהרען אין אונזער קלוב „א בע סע“ *). איהר וועט זיך

*) דער קלוב האט געהייסען עפענטליך A, Be, Ce אויף זיין זיעגעל איז געשטאנען A. b. c. דער זינן אבער איז געווען abaisse ערניעדריגט: דער קלוב פון דיא ערניעדריגטע.

דארט בעקענגען מיט מענער, פון וועמען איהר וועט הערן נייע נעדאנקען, נייע אידעען און הערצליכע, פריינדליכע ווערטער פון טרייסט און האפנונג.

— איך דאנק אייך, ליעבער פריינד! האט מאדאם בערנאר איהם געענטפערט. ווען וועט דיא פערזאמלונג שטאטפינדען? — איך ברען פאר נייגיערדע צו הערן דיעזע מענער.

— זאמסטאג אבענד איז דיא פערזאמלונג, האט דער יונגער ארבייטער געענטפערט. דאמאלס זיינען דיא ארבייטער פריי.

זיי האבען אזוי גערעדט ביז שפעט אין דער נאכט. מאדאם ראימאָנד איז אנטשלאפען געווארען זיצענדיג אויף איהר שטוהל. זיי האבען זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט. זיי האבען ניט בעמערקט, אז זייערע שטיהלע האבען זיך צונויפגערוקט, אז זיי זיצען יעצט גאנץ נאהענט איינער לעבען אנדערן. פערטיעפט אין געשפרעך האט דיא יונגע פרוי אפט ארויפגעלעגט איהר האנד אויפ'ן ארים פון'ם יונגען ארבייטער, אדער זיא האט זיך אנגעבויגען צו איהם אזוי נאהענט, אז איהרע האר האבען בעריהרט זיינע באקען, דער יונגער מאן איז געווען בעגייסטערט, בעצויבערט, פערליעבט ביז איבער דיא אויערן.

עס איז געווארען שפעט. מאדאם ראימאָנד האט זיך אויפגעכאפט, ריכטיגער געזאגט, בערנאר האט עפעס גערעדט און דערביי אזוי אונגעשיקט א מאך געטהאן מיט דער האנד, אז זיא האט זיא אויפגעוועקט.

— אך, ענטשולדיגט, מאדאם! האט דיא יונגע פרוי געבעטען. איך בין געוועזן אזוי אונגעשיקט, אז איך האב אייך געשטערט.

— עס איז שוין שפעט, האט מאדאם ראימאנד געזאגט, איהר דארפט דאך איפשטעהן גאנץ פריה.

— גאנץ ריכטיג, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט, מיר, ארימע ארבייטער, טאָרען ניט פערליערען קיין צייט. מיר מוזען זיך אויסרוהען אום מיר זאלען מארגען ארבייטען, דאן מוזען מיר ארבייטען אום מיר זאלען קענען אויף דער נאכט זיך אויסרוהען. — איך דאנק אייך זעהר, מאדאם ראימאָנד, פאר דעם פרעהליכען אבענד, וועלכען איהר האט אונז פערשאפט. — איך דאנק אייך, פריינד, פאר דאס פערגניגען, וואס איהר האט מיר געמאכט מיט אייער געזעלשאפט.

— פארקעהרט, איך דארף אייך דאנקען, האט דער ארבייטער געזאגט. איך האב שוין לאנג, זעהר לאנג ניט פערבראכט אן אבענד מיט אזוי פיעל פערגניגען, וויא היינט. — זאמסטאג אבענד וועל איך אייך ערווארטען, מיר וועלען געהן צוזאמען אויף דער פערזאמלונג. איך וויל אייך איינפיהרען צו מיינע גענאסען, צו מיינע פריינד.

ביידע זיינען געשטאנען אין דער טהיר און האבען געוואלט זיך צוגעהן.

— איהר וועט געוויס אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האבען, האט דער ארבייטער געזאגט, ווען איך וועל אייך פרעגען, וויא איהר הייסט. ביי אונז, גענאָסען, רופט מען זיך ביים נאמען, אהן צערעמאניען. איך הייס זשארזש און מען רופט מיך זשארזש. מיר ווילען ניט וויסען פון קיין טיטולען, פון קיינע העפליכקייטען.

— נעווים! נעווים! האט דיא יונגע פרוי נעענטפערט. וויא קומט צו אונז טיטולען און העפליכקייטען?? איך הייס לואיזא.

— אלזא, גוטע נאכט לואיזא! האט זשארזש געזאגט.

— גוטע נאכט, זשאָרזש! האט דיא יונגע פרוי נעענטפערט און איז אוועקגע־גאנגען אין איהר צימער.

באלד האט מען געהערט, וויא זיא האט פערשלאסען דיא טהיר פון איהר צימער. זשארזש איז נאך אלין געשטאנען לעבען דער טהיר פון מאדאם ראימאָנד'ס צימער, וויא צוגעשמידט אויף איין ארט.

— גאט אליין האט מיר צונעשיקט אזא קווארטיראנטין, האט מאדאם ראימאנד געזאגט.

דער ארימער קוימענקעהרער האט ניט נעענטפערט. א העלע, ליכטיגע ערשיי־נונג האט זיך געוויעזען אין זיין דונקעלעס לעבען פון אן ארימען קוימענקעהרער, האט איהם בעלייכטעט און ערוואַרעמט. וויא א לעהמענער גולם האט ער זיך פערשלעפט אין זיין ארימעס צימער.

קוים איז שטיל געווארען אין הויז, איז מאדאם בערנאר אויפגעשטאנען, האט זיך לייכט אנגעטהאן און איז גאנץ שטילער הייט ארויסגעגאנגען פון'ם הויז. אויף דער גאס האט זיא צוגערופען דיא ערשטע דראשקע, וואס זיא האט בעגעגענט און האט געהייסען פאהרען צום פאלאץ פון דער מארקיזא פאלאנצאני.

— עס איז זעהר אמווזירענד צו שפיעלען אזא דאָפעל ראלע, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, ווען זיא איז צוגעקומען צו איהר פאלאץ און איז אריין דורך א געהיימע טהיר. נור וואס בין איך געווען אן ארימע ארבייטערין און האב מיך אונטערהאלטען מיט א קוימען־קעהרער, באלד בין איך א מארקיזא און גראפען און פירסטען האלטען עס פאר אן עהרע צו קושען מיין האנד.

דעם אנדערן טאג אום צוויי אוהר נאכמיטאג האט מען שטארק געקלונגען אן דער טהיר פון'ם פאלאץ פון דער מארקיזא פאלאנצאני. דאס קאמער מעדכען האט געעפענט דיא טהיר און האט דערזעהן דעם גראף דע ריווערא מיט א יונגען מאן. דער גראף איז איהר געווען בעקאנט. זיא האט געוואוסט, אז איהם דארף מען אריינלאזען, ווען ער קומט, און גאר ניט פרעגען. דעם יונגען מאן האט זיא ניט גע־קענט.

— איז דיא מארקיזא צו הויזע? האט דער גראף געפרעגט.

— זיא איז צו הויזע, האט דאס קאמער מעדכען געענטפערט.

— מעלד איהר, אז איך בין געקומען מיט א גאסט.

דאס קאמער מעדכען איז פערשוואונדען. אין איינינע מינוטען ארום איז זיא צוריקגעקומען און האט איהם אריינגעפיהרט אין דעם רייכען זאל.

עס איז פערגאנגען א גערויסע צייט, איידער דיא מארקיזא איז ארויסגעקומען פון איהר צימער. גראף דע ריווערא איז איהר ענטגעגען געגאנגען, האט זיך פאר איהר טיעף פערנייגט און האט זעהר העפליך געקושט איהר האנד. דיא מארקיזא האט איהם געפרעגט מיט דיא אויגען: ווער איז דער נייער גאסט?

— איך האב דיא עהרע אייך פארצושטעלען דעם ליעטענאנט פאן וואנדענ־שטיין, איינער פון דיא טאפפערסטע און מוטהינסטע אפיציערען פון׳ם קעניג פון האנאווער.

דיא מארקיזא האט איהם דורכגעדרונגען מיט איהר בליק. דאן האט זיא איהם דערלאנגט איהר האנד.

— עס פרעהט מיך זעהר צו מאכען דיא בעקאנטשאפט פון א מאן, וועלבער איז געבליעבען טריי זיין קעניג אין דער נויט און האט פערלאזען זיין פאטערלאנד אום זיין קעניג צו דיענען, האט זיא געזאגט און האט געהאלטען דיא האנד פון׳ם יונגען מאן אייניגע מינוטען לענגער, וויא געוועהנליך.

ווענדענשטיין איז רויט געווארען, וויא א שול יונגע, ווען דער אינספעקטאָר לויבט איהם פאר זיינע קאַמעראדען.

— איך האב ניט פערלאָזט מיין פאָטערלאנד פרייוויליג, האט ער געשטאמעלט. איך בין געוועזען געצוואונגען צו אנטלויפען.

— אלזאָ, געליטען פאר אייער קעניג, האט דיא מארקיזא געזאגט און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען. — איהר זייט א מארטירער.

ווענדענשטיין האט אראפגעלאזען דיא אויגען. ער איז אויפגעוואקסען אין א קליין אָרט. דיא העכערע געזעלשאַפט פון פאריז איז איהם געווען אונבעקאנט. דיא מארקיזא פאלאנצאני האט געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. זיא איז אזוי שעהן, אזוי ליעבליך, אזוי פריינדליך און רעדט מיט איהם, וויא מיט אן אלטען בעקאנטען.

זיא האט איינגעלאדען איהם מיטן גראף אויף א לייכטען פריהשטיק אין איהר רייך פערציערטען עס־צימער.

— וואס דענקט איהר יעצט צו טהאן אין פאריז? האט זיא איהם געפרעגט ביים עסען.

— איך בין ערשט ניט לאנג געקומען, האט ער געענטפערט, בין נאך ווייניג בעקאנט מיט פאריז. איך וועל ווארטען אויף בעפעהלע פון מיין קעניג.

— דער קעניג פון האנאווער בילדעט היע א לעגיאָן פון זיינע טרייע אנהענגער. אום מיט זייער הילף צוריק אפצונעהמען זיין לאנד פון פרייסען, האט גראף דע ריווער׳א ערקלערט. קייזער נאפאלעאן האט איהם צוגעזאגט צו העלפען.

ביי דיעזע ווערטער האט ער געגעבען א ווינק דער מארקיזא, וועלכע האט איהם זעהר גוט פערשטאנען.

— ווען איהר וועט זיך אמאל לאנגווייליגען, האט זיא געזאגט צום יונגען אפיציער מיט א שמייכעל, קומט צו מיר. איך לאנגווייליג מיך אויך אין דיעזער גרויסער קע־סעל־גרוב, וועלכע דיא וועלט רופט פאריז. איך בין געוואינט צו א רוהיגעס, שטילעס לעבען אין דארף, אין דער פרייער נאטור, צווישען פעלדער און וועלדער. — דא זעהט מען דאך זאגאר קיין שטיקעל קלארען הימעל ניט.

— איך בין אויך אויפגעוואקסען געוואָרען אין א שטילע, רוהיגע פאמיליע, אין א שעהנער ליעבליכער געגענד, האט ווענדענשטיין געזאגט טרויעריג. טיראניי, דעס־פאטיזמוס האט מיך פערטריעבען פון מיין היים, פון מיינע עלטערן, פון....

ער האט געוואלט זאגען פון מיין געליעבטע, פון מיין בראוט, האט זיך אבער פערחאפּט. ער האט זיך איבערלעגט, אז עס איז ניט גלייך צו זאגען אזא שעהנער, יונגער פרוי, אז ער האט שוין א בראוט.

גראף דע ריווערא האט קיין אויג פון איהם ניט אראפּגעלאזען דיא גאנצע צייט, וואס זיי זיינען געזעסען ביים פריהשטיק. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער שטר דירט דעם יונגען מאן.

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס מיר האבען ביידע ליעב דיא נאטור, דיא פעלדער און דיא וועלדער, האט דיא מארקיזא געזאגט. — ווען איהר וועט אמאל האבען איבעריג צייט, קומט אריין, וועלען מיר וועניגסטענס פלוידערן פון אנדערע, פרייערע ערטער, אלס דאס פערדאמטע פאריז.

מען האט נאך גערעדט איינינע צייט פון פערשיעדענע זאכען. דיא מארקיזא האט ענדליך אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דיענער, וועלכער איז באלד אריינ־געקומען, ער זאל הייסען איינשפּאנען איהר קארעטע.

וועגדענשטיין האט זיך אויפגעהויבען און האט פון איהר אבשיעד גענומען.

— מאָנטאג און פרייטאג אבענד בין איך שטענדיג צו הויזע, האט איהם דיא מארקיזא געזאָגט און האט איהם צוגעוואָרפען א פריינדליכען בליק.

וועגדענשטיין איז ארויסגעגאנגען. ווען גראף דע ריווערא האט געהערט, אז דיא טהיר האט זיך פערמאכט הינטער איהם, האט ער זיך געווענדעט צו דער מארקיזא:

— וויא געפעהלט אייך דיעזער דייטשער יונגער מאן?

— ער ווייזט אוים זעהר נאאיוו און קען נאך גאר ניט דיא העכערע געזעל־שאפט. זיינע מאניערען זיינען, וויא פון א קליין שטעדטעלדיגען.

— וואלט ער ניט געקענט פערבייטען יענעם וויענער אָפיציער?

— איהר פערלאַנגט עס?

— איך ווינש עס, האט דער גראף געענטפערט רוהיג. — דער קייזער נאפּאָלעאָן שפּיעלט דא א זאָנדערבארע פּאָליטיק. ער האט איינגעלאדען דעם קעניג ווילהעלם אויף דער אויסשטעלונג און מען מאכט גלענצענדע פּארבערייטונגען איהם צו עמפּ־פאנגען. פון דער אנדערער זייט אונטערשטיצט מען דעם קעניג פון האנאווער און אלע פיינד פון פרייסען. דיעזער יונגער מאן שטעהט זעהר נאהענט צום קעניג פון האנאווער. דורך איהם וועלען מיר קענען אלעס וויסען.

— איך וועל טהאן מיין בעסטעס אום אייער וואונש צו ערפילען, האט דיא מארקיזא געענטפערט גלייכגילטיג. —

איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. פּלוצלונג האט זיא זיך געווענדעט צו איהם און האט איהם געפרעגט:

— האט איהר נאכריכטען פון'ם באראָן פאָן שטילאָוו? וואו איז ער יעצט? וואס טהוט ער?

— ווילט איהר איהם שטארק זעהן? האט דער גראף געענטפערט. — איך וועל איהם אייך ווייזען. ער איז יעצט אין רוים ביים הייליגען פאָטער און וועט געוויס זיין אין פאריז אויף דער אויסשטעלונג. — וועט דיא אלטע פלאמע ווידער אויפפלאקערן?

— ניין, זיא איז שוין פערלאָשען, האט דיא יונגע פרוי גערענטפערט. ווען מען וויל הערשען איבער מענשען; ווען מען האט פאר דיא אויגען א געוויסען צוועק, צו וועלכען מען שטרעבט, מוז מען ארויסשניידען פון זיך דאס הערץ. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער דיענער און האט געמעלדעט, אז דיא קארעטע שטעהט איינגעשפאנט. דיא מארקיזא האט איהם געגעבען א צייכען. ער זאל ארויסגעהן.

— וועט איהר מיך בעגלייטען? האט זיא געפרעגט דעם גראף.

— ניין, מעגליך, אז מיר וועלען זיך בעגעגנען אין בוא דע בוליאָן. ווען עס וועט נעטהיג זיין, וועל איך אייך געבען דעם געוויסען צייכען.

דיא מארקיזא האט געוואלט אריינגעהן אין איהר טואלעט צימער נעהמען איהר מאנטיליע און איהר זאָנענשירם.

— וויא געפינט איהר אייער נייע בעשעפטיגונג? האט דער גראף זיא געפרעגט.

— פאָרטרעפליך! עס איז זעהר אינטערעסאנט און אמוזירענד, האט דיא מארקיזא געענטפערט. דער קוימענקעהרער איז שוין אין מיר פערליעבט איבער דיא אויערן. מיין ווירטהין איז מיט מיר זעהר צופריעדען. זאמסטאג אבענד געה איך אויף א פערזאמלונג פון אנארכיסטען. — זאנטאג וועל איך געוויס מוזען פערברענגען מיט מיין קוימענקעהרער. דער גראף וועט מיר שוין מוזען ענטשולדיגען. —

33טעם קאפּיטעל.

## גוטער ראַטה איז טהייער.

אין דעם גרויסען, רייך פערציערטען אריסטאקראטישען זאל פון זשאקיי קלוב, וואו מיר זיינען שוין איינִיגע מאל געווען און פערשפּארען איהם נאך א מאל צו בע־שרייבען, זיצען לעבען א טישעלע אן א זייט צוויי מענשען און עסען מיטאג. אין זאל זיינען היינט דא וועניג מענשען, דאך רעדעןביידע געסט צווישען זיך ניט גאנץ הויך. ביידע געסט זיינען אונזערע אלטע בעקאנטע — גראף דע ריווערא און פירסט מעש־טשערסקי.

— וויא איך זעה, זייט איהר נאך ניט גוט בעקאנט מיט אונזער הויז, האט דער אינגערע פון ביידען געזאגט. — רוסלאנד איז א זאנדערבארעס, איינגנארטיגעס לאנד. אונטער דיא יעצטיגע רעגיערונג קומען פאָר זאנדערבארע זאכען. דער קייסער איז א שוואכער, רוהיגער, לאנגזאמער מענש. ער איז צופריעדען, ווען מען לאָזט איהם צו רוה און מען נעהמט פון איהם אראָפּ דעם שווערן יאָך פון דער רעגיערונג. ער האט פיינט דיא פּאָליטיק און לאָזט זיא איבער זיין ערשטען מיניסטער, דעם פירסט גאָרטשאקאָוו. פון דיא גראָספירסטען איז ניטא איינער, וועלכער זאל זיך אינטערעסירען מיט רוסלאנד. דער גראספירסט קאנסטאנטין איז אזוי פיעל פערטהאן מיט זיינע פערזענליכע אנגעלעגענהייטען, אז ער זיצט ביי זיך אין דער היים און וואָכען לאנג זעהט מען איהם ניט אויף דער לעבעדיגער וועלט. —

— איך האב געהערט זעהר פיעל רעדען פון'ם גראָספירסט קאנסטאנטין, האט איהם גראף דע ריווערא אונטערבראָכען. — מען האט מיר געזאגט, אז ער איז צער

קריענט מיט זיין ברודער, דעם קייסער. ווען איך בין געווען אין פעטערבורג, איז מיר שווער געווען צו צו קומען צום גראספירסט.

— עס וואָלט אייך אויך גאר ניט גענוצט, האט פירסט מעשטשערסקי נעענטפערט. ער איז א זאנדערלינג, ער האלט זיך ווייט פון אלעמען און אלע ווייכען איהם אויס.

— וואס זאל אבער דיא אורזאכע זיין, וואס ער ציהט זיך אזוי צוריק פון דער וועלט? האט דער גראף געפרעגט.

— עס איז א ליעבעס געשיכטע, קיינער וויים ניט וואס צווישעןביידע ברידער איז פאָרגעקומען. מען וויים נור, אז זייט א געוויסער צייט האט זיך דער גראָספירסט צוריקגעצויגען אין גאנצען פון אלע רעגיערונגס אנגעלעגענהייטען. ער טראגט נור דעם טיטול אדמיראַל פון דער רוסישער פלאָטע, אין דער ווארהייט אבער וויים ער פון דער פלאָטע פיעל וועניגער פון מיר. ער האט געהאט פיעל אונגליק אין זיין פאמיליען לעבען. זיין פרוי איז וואַהנזיניג געווארען. עס איז געווען א סקאנדאל איבער גאנץ פעטערבורג.

— איך חאב דערפון געהערט, האט דער גראף געזאגט, עס איז מיר אבער ביז אהער ניט געלונגען געוואָהר צו ווערן, וואס פאר א געהיימניס עס איז צווישעןביידע ברידער.

— דאס געהיימניס וועט קיינער קיין מאל ניט וויסען, האט דער יונגער מאן געענטפערט. עס זיינען שוין געווען פיעלע, וועלכע האבען זיך נעגעבען דיא גרעסטע מיה עס צו ערפאהרען. עס האט זיי אבער גאר ניט געהאָלפען. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען אין זאל דער ענגלענדער האמילטאן. ער אי גליך צוגעגאנגען צוביידע געסט און האט זיי געגריסט:

— גוטען מארגען, גראף דע ריווערא! — גוטען מארגען, פירסט מעשטשערסקי! — איהר זיצט עפעס אזוי שטיל און אזוי ערנסט, גלייך וויא איהר וואלט יעצט פערזאנדעלט איבער דיא פאליטיק פון אייראפא.

— מיר האבען שוין צופיעל פאָליטיק אין פאריז, האט פירסט מעשטשערסק געלאַכט, מיר רעדען פון אינטערעסאנטערע זאכען.

— געוויס פון שעהנע פרויען, האט דער ענגלענדער געזאגט. — איך האב פערנעסען אייך צו דאנקען, גראף, דערפאר וואס איהר האט מיר פאָרגעשטעלט פאר אייער לאנדסמענין, דיא מארקיזא פאלאנצאני. דאס איז ווירקליך א שטערן וועלכער וועט לאנג שיינען איבערן הימעל פון פאריז. — אבער וואס זאג איך? שטערן? — ניין, דיא זון אליין!

— זעהט נור, איהר זאלט זיך ניט פערברענען אן דיעזער זון, האט דער גראף געשפאסט. — פערגעסט ניט, עס איז אן איטאליענישע זון.

— מיר, ענגלענדער, פערברענען זיך קיין מאל ניט, האט דער הערצאג האמיל טאן געענטפערט ערנסט.

אויף פירסט מעשטשערסקי'ס געזיכט האט מען געקענט לעזען אונגני ולד און אונצופריעדענהייט, וואס דער ענגלענדער איז פלוצלונג געקומען זיי שטער

**האט שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט זיך צונויפצוקומען מיט׳ן גראף דע ריווערא.** ער האט איהם געדארפט זעהר נעטהיג האבען. פון דיעזען קלוגען, געבילדעטען און ערפאהרענעם גראף האט ער ערוואַרטעט א גוטען ראטה אין אן אנגעלעגענהייט, וועלכען ער האט קיינעם ניט געקענט פערטרויען. יעצט, ווען ער האט שוין דיעזע געלעגענהייט, ווען דער גראף האט איהם אליין ארויסגערופען אויף א געשפרעך, וועלכעס ער האט געוואונשען, קומט אן ענגלענדער און שטערט איהם.

— ווילט איהר זעהן דיא פערד, וועלבע איך האלט אין קויפען? האט ער פלוצלונג געפרעגט דעם גראף.

— ווען עס וועט ניט לאנג דויערן, וועל איך זיי זעהן, האט דער גראף געענטפערט גלייכגילטיג. איך מוז אייך אבער זאגען, אז איך האב היינט זעהר וועניג צייט, איך בין איינגעלאדען צום מיטאג ביים מיניסטער לואיס דע דרועז.

— עס וועט געדויערן נור איין האלבע שטונדע, האט פירסט מעשטשערסקי געזאַגט, ווען מיר וועלען נור באלד פאהרען.

ער האט צוגערופען דעם לאקיי, האט איהם א וואָרף געטהאן א הונדערט פראנק נאָטע און האט איהם געהייסען געהן, צורופען זיין קארעטע.

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך פערנייגט פארן ענגלענדער און האט איהם געזאגט מיט א שמייכעל:

— מיר וועלען מארגען פארטזעצען אונזער אינטערעסאנטעס געשפרעך איבער דיא זון מיט דיא שטערן.

ווען ער און דער פירסט זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם קלוב, האט דער פירסט איהם געזאָגט:

— איך האב אויסגעטראכט דיא געשיכטע מיט דיא פערד אום לויז צו ווערן פון׳ם לאנגווייליגען ענגלענדער. אונזער געשפרעך האט מיך אזוי פעראינטערעסירט, אז איך וואלט זעהר געוואָלט עס פארטזעצען. — זאלען מיר פיעללייכט פאהרען אין מיין האטעל?

— איך האב זעהר ליעב דיא פרישע לופט, האט דער גראף געענטפערט. אין בוא דע בולאָן איז היינט רוהיג. איך מיין, אז מיר וועלען דארט אויסזוכען א שטילען ארט, וואו מיר וועלען קענען רוהיג און אונגעשטערט פערפלוידערן א שטונדע.

זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין פירסט מעשטשערסקי׳ס קארעטע און זיינען געפאָהרען צום פארק, בוא דע בולאָן.

גראף דע ריווערא איז בעסער געוועזן בעקאנט מיט אלע וועגען און שטילע אלעען פון דיעזען זאנדערבארען פארק. ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין א זייט, וואו עס זיינען געגאנגען און געפאָהרען זעהר וועניג מענשען. דארט האט ער איהם געהייסען בלייבען שטעהן.

— איך מיין, אז ער מעג זיך פאהרען א היים, האט ער געזאגט צום פירסט. מיר קענען דא ערגעץ ארומגעהן און פלוידערן.

פירסט מעשטשערסקי האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען א היים. דער

גראף איז מיט איהם אוועקגעגאנגען אין א דונקעלע אלעע, וואו מען האט קיין מענ־שען ניט געזעהן.

— דא קענען מיר ווידער אויפנעהמען אונזער געשפרעך, אין וועלכען דער ענגלענדער האט אונז געשטערט, האט דער גראף געזאגט. — אלזא, אין לעבען פון'ם גראספירסט קאָנסטאנין איז דא א געהיימניס, וועלכעס קיינער האט נאך ביז אהער ניט געקענט אויסגיפינען. —

— מען דערצעהלט זיך פערשיעדענע געשיכטען, האט פירסט מעשטשערסקי געזאגט, מען דערצעהלט פון א געהיימע ליעבע, פון א קינד, וועלכעס איז פלוצלונג פערפאלען געווארען. מען זאגט זאגאר, אז דאס קינד האט מען ווידער געפונען, אז ער איז יעצט ביים גראָספירסט אין פאלאַץ אלס פליגעל אדיוטאַנט. קיינער אבער קען ניט זאגען מיט געוויסהייט, אז דאס איז ער.

— אלזא, קען מען פון'ם גראספירסט קאנסטאַנטין גאר ניט ערווארטען? האט דער גראף געפרעגט נייגיעריג.

— גאר ניט. ער איז א פרעמדער אין רוסלאנד.

— ווער דען פון די גראספירסטען אינטערעסירט זיך אין דער פאָליטיק פון רוסלאַנד? חאט דער גראף געפרעגט.

— נור איינער — דער קראָנפרינץ.

— דער קראָנפרינץ? — פון איהם הערט מען גאר ניט!

— אזוי געהט עס ביי אונז אין רוסלאנד, האט דער פירסט געזאגט מיט פער־דרוס. איינער שרייט, מאכט א ליאַרם, א גוואלד און טהוט גאר ניט; דער אנדערער שווייגט, מען הערט איהם ניט, מען ווייס פון איהם ניט און טהוט מעהר פון אלעמען.

— איהר איבערראשט מיך, יונגער פריינד, מיט אייער זאנדערבארען מיטטהיי־לונג, האט דער גראף געזאָגט לאנגזאם. מען רעדט אין אייפא, אז דער קראנפרינץ האלט זיך גאר פון דער ווייטען פון'ם הויף און מישט זיך אין קיין זאך ניט.

— רוסלאנד איז א זאנדערבארעס לאנד, קיינער ווייס ניט, וואס עס קומט פאר אין רוסישען קייזערליכען הויף. עס זיינען דא נור צוויי קייזערליכע הויפען אין אייראָפּאַ, וואו אלעס איז פערדעקט, פערשטעלט און בעהאלטען פון דער וועלט. — דער רוסישער הויף און דער טערקישער. — דער קראנפרינץ פון'ם טערקישען סולטאַן לעבט אבגעזאנדערט פון דער וועלט, אזוי לעבט אויך דער רוסישער קראָנפרינץ.ביידע אבער בעאבאכטען אלעס, וואס עס קומט פאר אין הויף און אינטערעסירען זיך פיר אלעס. —

— איז דער איצטיגער רוסישער קייסער ניט צופריעדען מיט זיין קראנפרינץ?

— פאטער און זוהן זיינען זעהר פערשיעדען אין זייערע כאראקטערע. קייסער אלכסנדר דער צווייטער איז געבילדעט און איז מעהר א וועלט מענש. ער האט גע־האט דייטשע לעהרער און ערציעהער. ער האט ליעב די דייטשען, זייערע אידעען, זייער פאליטיק, זייער לעבען, זאגאר זייער שפראַכע. ביי איהם אין הויז רעדט מען אויסשליעסליך דייטש. — ער בעשיצט די רעליגיאן, ווייל זי איז איהם נעטהיג, ער אליין אבער איז ניט פרום.

דער קראנפרינץ, אלכסנדר אלכסנדראוויטש, איז ערצויגען געווארען פון רוסישע לעהרער. ער איז א רוסע מיט לייב און זעעלע. ער האט פיינט אלע פרעמדע, זיי מעגען זיין, ווער זיי ווילען. ווען ער זאל קענען, וואלט ער ארויסגעטריעבען אלע אויס־לענדער פון רוסלאנד.

— וויא האלט ער פון דער רעליגיאן? האט גראף דע ריווערא געפרעגט אום גור עפעס צו זאגען.

— ער איז פרום, ער איז זעהר פרום. ער בעטראכט ניט דיא רעליגיאָן בלויז אלס בעשיצערין פון׳ם טהראן, ער איז שטרענג רעליגיעז. ער העגט אן דער רעליגיאָן מיט לייב און זעעלע. דיא רעליגיאן איז זיין לעבענס בעדירפניש.

דער גראף איז געווארען אימער אויפמערקזאמער, ער איז אבער געוועזן צו קלוג אום צו ווייזען, אז דער יונגערמאן האט יעצט בעריהרט א פונקט, וועלכעס אינטערע־סירט איהם מעהר פון אלעס אין דער וועלט.

— זאל דיא רעליגיאן אליין זיין דיא אורזאכע, וואס פאטער און זוהן דערווייטערן זיך אזוי איינער פון׳ם אנדערן? האט ער געפרעגט גלייכגילטיג.

— רעליגיאן, כאראקטער, אידעען און דיא מענשען, וועלכע געפינען זיך ארום זיי—אלעס ווירקט דאהין, אז פאטער און זוהן זיינען אונצופריעדען איינער מיט׳ן אנ־דערן. — דעם קראָנפרינץ געפעלט ניט דיא פרייהייטען, וואס דער קייסער האט געגעבען דעם רוסישען פאלק. ער איז ניט צופריעדען מיט דעם געשווארענעם געריכט (סוד פריסיאזשניך), איהם געפעלט ניט דיא מוניציפאליטעט איינריכטונג (זעמסטווא). ער קען ניט ליידען, וואס דער פאטער האט ערלויבט אנדערע רעליגיאָנען, אויסער דיא רוסישע—פראוואָסלאוונע—זאלען האבען אלע רעכטע אין רוסלאנד. איהם געפעלט קיין זאך ניט, וואס דער פאטער טהוט.

וויא עס פיהרט זיך אין אלע הויפען, געפינען זיך מענשען, וואס האלטען מיט איהם, טראגען איהם אלעס אפ, וואס דער פאטער זאגט איבער איהם און זוכען צו חאפען פיש אין טריבען וואסער—צו ציהען נוצען פאר זיך פון דער פיינדשאפט צווי־שען פאטער און זוהן.

— אזוי? געפינען זיך אין רוסלאנד אויך פארטיען?

— עפענטליך ניט, שטילערהייט אבער, אינ׳ם געהיים זיינען דא צוויי גרויסע פארטיען—ליבעראלע און קאנסערוואטיווע. איך מוז זיי רופען מיט׳ן אייראָפעאישען נאמען, ווייל אזוי וועט איהר זיי בעסער פערשטעהן. — דיא ליבעראלע שטרעבען איינ־צופיהרען אין רוסלאנד אלע דייטשע זיטען (מנהגים) און דיא ארט וויא דייטשלאנד ווערט רעגיערט. זיי ווילען, אז רוסלאנד זאל זיין ציוויליזירט, עס זאלען זיך געפינען פיעלע שולען און אוניווערזיטעטען. דאס פאלק זאל זיין געבילדעט און זאל עפעס פערשטעהן, עס זאל אויך טהיילנעהמען אין דער רעגיערונג און זאל האבען דאס רעכט אליין צו זארגען זיך פאר זייערע שטעדט און דערפער.

דיא קאנסערוואטיווע ווילען, אז רוסלאנד זאל רעגיערט ווערן, וויא א מאל אין דיא אלטע צייטען, וואו מען האט ניט געטאָרט בויען דאס קלענסטע בריקעל אהן אן

ערלויבנים פון פעטערבורג. דער קייסער און זיינע בעאמטע זיינען אלעס. קיין זאך טאר ניט געשעהן אהן זייער ווילען.

— ווער זיינען דיא גרעססטע טהוער פון דיא קאנסערוואטיווע? האט דער גראף געפרעגט.

— גראף איגנאטיעוו, גראף טאלסטאי, גענעראל טשערנאייעוו און הויפטזעכליך דער פארזיצענדער פון'ם הייליגען סינאד, פאביעדאנאסצאוו. —

— פאביעדאנאסצאוו? ווער איז דער? פון איהם האב איך נאך קיין מאל ניט געהערט!

— ער איז געוועזן דער לעהרער און ערציעהער פון'ם קראנפרינץ. ער האט איהם געמאכט פאר אזא פרומען. דער קראנפרינץ איז שטארק פערגלויבט אין איהם און טהוט קיין זאך ניט אהן איהם.

פירסט מעשטשערסקי איז געוועזן אזוי פערטיעפט אין זיין ערצעהלונג, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא דער גראף האלט אין דער האנד א גאנץ קליינעם נאטיץ בוך און פערשרייבט יעדען נאמען, וואס געפעלט איהם.

— און צו וועלכער פארטיע געהערט איהר? האט דער גראף פלוצלונג געפרעגט.

— איך געהער נאך דערווייל צו קיין פארטיע ניט. אלס יונגער אפיציער האב איך ביז אהער נור געוואוסט צו לעבען פרעהליך, וויא עס לעבען אלע יונגע רוסישע אפיציערן. איך האב מיך ביז אהער נור אינטערעסירט אין פערד, קארטען און שעהנע פרויען. אין רוסלאנד ווייס מען ווייניג פון פאליטיק און פארטייען.—ערשט יעצט אין פאריז האב איך געלערנט, אז מען מוז געהערן צו א פארטיי.

— איך פערשטעהע יעצט, פאר וואס דיא רוסען קומען אזוי אפט קיין פאריז, האט דער גראף געזאגט,— זיי קומען זיך בילדען און לערנען פאליטיק.

— עס איז ווירקליך אזוי. דער יונגער מאן אין רוסלאנד איז פערשפארט, וויא אין א שטיין. ער האט זיך ניט מיט וואס צו בעשעפטיגען. זיין קאפ האט ניט איבער וואס צו ארבייטען. ער מוז אבער דאך עפעס טהאן, נעהמט ער זיך צו קארטען שפיע-לען, צו שעהנע פערדע, לויפט נאך אקטריסעס און ציגיינערינען. ערשט ווען ער קומט קיין אייראפא, ווערט ער געוואהר, אז עס זיינען דא אנדערע אויפגאבען אין לעבען, איבער וועלכע עס איז ווערטה צו ברעכען זיך דעם קאפ.—עס זיינען דא פארטייען, עס זיינען דא אינטערעסען, ניט קליינליכע אינטערעסען פון'ם איינציגען מענשען, זאנ-דערן אינטערעסען פון א גאנצעם פאלק, פון א גאנצעס לאנד. יעדע פארטיי וויל דאך עפעס, פארדערט דאך עפעס און גיט זיך אלע מעגליכע מיה צו בעווייזען, אז זיא האט רעכט. דער מענש לערענט זיך צו דענקען, צו קלערן,—זיין געהירן מוז ארבייטען. ער ווערט ענטוויקעלטער, געבילדעטער און אויך פגעקלערטער.—שטעהענדיג וואסער ווערט פערשטונקען. געלערנטע מענשען ערקלערן, אז דאס וואסער אין וועלט מעער וואלט שוין לאנג פערשטונקען געווארען און וואלט פערפעסטעט דיא וועלט, אבער דיא שטורמווינדען ריהרען עס אויף, טרייבען דיא בערג הויכע וועלען (כוואליעס) פון איין ארט צום אנדערן און היטען עס דורך דעם אפ, עס זאל ניט פערדארבען ווערן.

— וויא עס ווייזט אויס, וועט איהר ווערן א ליבעראל, ווען איהר וועט צוריק קומען קיין רוסלאנד, האט דער גראף אריינגעווארפען א ווארט.

— איך קען עס ניט זאגען מיט געווישהייט. מיין פאטער איז א שטרענגער פערביסענער קאנסערוואטיווער. ער וויל ניט וויסען פון קיינע נייע איינפיהרונגען, ער האסט זאגאר דיא אייראפעאישע ציוויליזאציאן. ער האט פיינט אלעס, וואס עס קומט פון אייראפא. ער האט ניט לאנג געגרינדעט א צייטונג מיט'ן נאמען „גראזשדאנין". —

— וואס הייסט „גראזשדאנין"? האט דער גראף געפרעגט. — איך האב צוואר געלערנט פיעלע שפראכען, עס איז מיר אבער ניט געלונגען צו ערלערנען דיא שעהנע, וואהלקלינגענדע רוסישע שפראכע.

— גראזשדאנין הייסט דער בירגער. מיין פאטער וויל בעווייזען אז דער בירגער קען נור דאן גליקליך זיין, ווען ער געפינט זיך אונטער א שטרענגע רעגיערונג.

— אלזא, געהערט אייער פאטער צו דער פארטיי פון'ם קראנפרינץ?

— געוויס! ער האט מיט פאבעדאנאסצאוו געלערנט אין איין שולע.

— ווען דענקט איהר צוריק צו פאהרען קיין רוסלאנד?

— איך וואלט צוריקגעפאהרען באלד נאך דער אויסשטעלונג, אבער—

ער האט ניט געענדיגט, וואס ער האט געוואלט זאגען. גראף דע ריווערא האט איהם א קוק געטהאן אין דיא אויגען.

— יונגער מאן, איך האף, אז איהר האט אזוי פיעל צוטרויען צו מיר, אז איהר מעגט מיר אלעס זאגען. — זייט איהר פיעללייכט עפעס צוקריגט מיט אייער פאטער?—

פירסט מעשטשערסקי האט געשוויעגען אייניגע אויגענבליקע.

— עס איז אן אונאנגענעהמע געשיכטע — האט ער געזאגט לאנגזאם און איז ווידער געבליעבען שטיל.

— ווען דיא געשיכטע איז אונאנגענעהם, מוזט איהר זיא פערטרויען א פריינד, בעזאנדערס אן עלטערן פריינד, וועלכער קען בעסער דיא וועלט. וויא אונאנגענעהם דיא געשיכטע איז, קען מען דאך געפינען א ראטה, וויא אזוי זיך אויסצודרעהן.

דער יונגער מאן האט איהם געקוקט גלייך אין מויל אריין, גלייך וויא ער האט ערווארטעט פון איהם ראטה און הילפע. — פלוצלונג האט ער איהם אנגעכאפט ביי דער האנד.

— גראף דע ריווערא! האט ער געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. איך האב שוין לאנג געוואלט רעדען מיט אייך דאריבער און בעטען ביי אייך א ראטה, וואס איך זאל טהאן. ביז אהער אבער האב איך נאך אלץ ניט געהאט דיא געלעגענהייט.

— דערצעהלט נור! וואס איך וועל קענען, וועל איך געוויס טהאן פון אייערט וועגען. איך האב זעהר ליעב צו העלפען יונגע לייט. איך האב שוין איבערגעלעבט דיא יוגענד און וויים, וואס פאר א נאררישקייטען א יונגער מענש קען מאכען. —

— איהר האט געזאגט דאס ריכטיגע ווארט — נאררישקייטען, האט פירסט מעשטשערסקי איהם אונטערבראכען. עס האנדעלט זיך ווירקליך אום א נאררישקייט, וועלכע איך האב בעגאנגען און איך קען מיך ניט אויסדרעהן, עס איז א נאררישקייט, וועלכע קען מיך קאסטען דאס לעבען.

— אזוי ווייט מאָר עס ניט קומען! האט דער גראף אויסגערופען. איך וועל עס ניט דערלאזען!

— אלזא, הערט! — אלס יונגער אפיציער האב איך געשפּיעלט אין קארטען און האב בעלײדיגט מײנעם א קאמעראד, אן אפיציער מיט'ן נאמען ראטשינסקי. ער האט מיך ארויסגערופען אויף א דועל און איך האב איהם גענומען אננעהמען. מיר האבען אויסגעקליבען דעם אמעריקאנישען דועל — ווירפעל. ווער עס וועט פערשפּיעלען, דער זאל זיך דערשיעסען. — איך האב פערשפּיעלט. —

גראף דע ריווערא איז געווארען ערנסט. ער האט גערעכענט, אז דער יונגער מאן געפינט זיך אין א געלד פערלעגענהייט. ער איז שולדיג געלד און קען ניט בעצאהלען. א דועל אבער איז א גאנץ אנדערע זאך.

דיא געזעצע פון א דועל ווערן שטרענג אפּגעהיט אין אלע לענדער, בעזאנדערס צווישען אפיציערען. עס איז דיא גרעסטע שאנדע ניט אויסצופאלגען דיא געזעצע פון'ם א דועל.

— ווער זיינען געווען אייערע סעקונדאנטען, דיא צייגען פון'ם דועל?

— אפיציערען פון אונזער רעגימענט.

— וואו האט דער דועל שטאט געפונען?

— ביי אונז אין קלוב.

— א שווערער פאל, האט דער גראף געזאגט ערנסט.

— עס איז ווירקליך א שווערער פאל, האט דער יונגער מאן געזאגט. איך בין געווען געררייצט און אויפגערעגט און האב ניט איבערלעגט, וואס איך טהו. וואלטען מיר זיך געשלאגען מיט שווערדען אדער מיט פּיסטאלעטען און ער וואלט מיך פערוואונדעט, אדער געטייטעט, וואלט דיא וועלט געוואוסט, אז מען האט מיך געטייטעט אויף א דועל. מען וואלט מיך בעדויערט, קיינער אבער וואלט מיין נאמען ניט געשענדעט. מיין פאטער וואלט מיך בעוויינט, אבער ניט פערדאמט. טייטען זיך אליין, בעגעהן זעלבסטמארד אבער, איז א גאנץ אנדערע זאך. קיינער וועט ניט וויסען דיא וואהרע אורזאכע, אויסער עטליכע פריינד און בעקאנטע. דיא וועלט וועט אויסטראכטען טויזענד ליגענס און וועט מיך פערדאמען. מיין אייגענער פאטער וועט מיך פערשילטען. —

גראף דע ריווערא האט איהם אויפמערקזאם אויסגעהערט. דער פאל איז ווירקליך געווען זעהר אן ערנסטער. ער האט געקלערט, וויא אזוי צו העלפען דעם יונגען מאן.

— ווער איז דער ראטשינסקי? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

— א יונגער אפיציער פון אונזער רעגימענט.

— ניט דאס פרעג איך, האט דער גראף געזאגט. — איך וויל וויסען, ווער ער איז, ווייל דיא געזעצע פון א דועל זאגען, אז אן עדעלמאן האט דאס רעכט זיך צו ענטזאגען פון א דועל, ווען ניט קיין עדעלמאן רופט איהם ארויס. — איז דער ראטשינסקי אן עדעלמאן? א באראן, א גראף?

— מען ווייס ניט, ווער ער איז. ער איז ארים. זיין מוטער איז זאגאר געווען א בוכהאלטערין אין א באנק.

— ווייסט איהר ניט, פון וואנען ער שטאמט? ווער איז געווען זיין פאָטער? האבען זיינע עלטערן געהאט ערגעץ גיטער?

פירסט מעשטשערסקי׳ס אויגען האבען אנגעהויבען צו לייכטען. ער איז פרעהליך געוואָרען.

— איך האב גאָר ניט געדאכט דאראן, האט ער געזאגט.

— און דאך איז דאס דער איינציגער וועג צו ערקלערן אייער דועל אלס ניכטיג, האט דער גראף געזאגט. געפינט נור אויס, אז ער איז קיין עדעלמאן, אז ער שטאמט פון קיין גרויסע פאמיליע, אז מען ווייס ניט גענוי, ווער זיין פאָטער איז געווען און אייער דועל האט קיין ווערטה ניט. — איהר קענט איהם נאך ערניעדריגען, בעשעה־מען, איהם זאגען אין דיא אויגען, אז א בויער אדער אן אונגאטירליכער זוהן האט קיין רעכט ארויסצורופען אויף א דועל א פירסט מעשטשערסקי.

— איך דאנק אייך, גראף! האט אויסגערופען דער יונגערמאן. איהר האט מיך גערעטעט! עס איז ריכטיג, אז קיינער ווייס ניט, ווער דער ראטשינסקי איז. ער איז ארים און גאנץ פרעמד אין פעטערבורג; קיינער ווייס ניט, ווער ער איז און פון וואנען ער איז. עס איז עפּעס א געהיימניס וועגען זיין געבורט.

— וואו איז ער יעצט, דיעזער ראטשינסקי? האט דער גראף ווייטער געפרעגט.

— ער איז נאך אלץ אין פעטערבורג. ווען איך בין אוועקגעפאָהרען, האט איהם דער גראָספירסט קאָנסטאנטין געמאכט פאר זיין פליגעל אדיוטאנט.

— וויא קומט עס, וואָס ער האט בעקומען אזא הויכע שטעלע?

— דאס איז ווידער איינע פון דיא געהיימניסע פון׳ם רוסישען קייזערליכען הויף. פלוצלונג, מען ווייס ניט פון וואנען, מען ווייס ניט, וויא אזוי, האט דיעזער ראטשינסקי גערעטעט דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין דאס לעבען.

— אין אייער הויף קומען ווירקליך פאר געהיימניסע, האט דער גראף געזאגט פערטראכט. — א שוסטער, — קאמיסאראָוו, — האט גערעטעט דאס לעבען פון׳ם רוסישען קייסער און דער קייסער האט איהם געמאכט פאר אן עדעלמאן; אן אונבע־קאנטער, ארימער אָפיציער, רעטעט דאס לעבען דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין און ווערט ביי איהם פליגעל־אדיוטאנט. ביי אייך קומען ווירקליך פאר וואונדער.

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז רוסלאנד איז א זאָנדערבארעס לאנד.

— יא, זאנדערבאַר זייט איהר געוויס. איהר וואָלט געקענט ווערן דיא הערשער פון דער גאנצער וועלט, איהר וואָלט געקענט האבען דיא ערשטע שטימע אין אייראָפּא און קייסער אלכסנדר זוכט צו בעזיגען א קליינעם אזיאטישען פירסט, וועלכער הערשט איבער דאס קליינע כיווא. —

דער גראף האט געזאגט דיא לעצטער ווערטער גאנץ שטיל, וויא צו זיך אליין. דאן האט ער זיך געווענדעט צום יונגען מאן.

— איך וועל אייך בעפרייען פון אייער דועל פערפּפליכטונג. — וואס איך וועל טהאן, דאס איז מיין זאך. אין צעהן — צוואנציג טאָג ארום וועל איך אייך ברענגען

א פאַלשטענדיגע אויסקונפט איבער אייער ראטשינסקי. איך בין זיכער, אז מיר וועלען שוין עפּעס אויסגעפונען צו מאכען אייער דועל צו נישט און צו פערשעהמען אייער פיינד. — איך וויל אבער פון אייך אויך א געפעלינקייט. —

— זאָגט נור, גראף! פאָרדערט פון מיר! איך וועל טהאן אלעס, וואָס איך קען נור. איך וועל טהאן מעהר, וואס איך קען.

— איך פאָרדער פון קיינעם ניט, ער זאל טהאן מעהר, וויאפיעל ער קען.

— איהר האט מיר גערעטעט דאס לעבען און וואס איז נאך טהייערער אלס דאס לעבען — דיא עהרע. איך האב ניט געקענט בלייבען אין פעטערבורג. איך האב געמוזט אוועקפאהרען. איך האב מיך אויסגעבעטען ביי מיין פאָטער, ער זאל מיך לאזען פאהרען קיין פאריז אויף דער אויסשטעלונג, אין דער וואהרהייט אבער האב איך ניט געקענט בלייבען אין דער היים און בעגעגענען זיך יעדען טאָג מיט דיא אָפיציערן, וועלכע האבען געוואוסט, אז איך האב פערשפּיעלט דעם דועל און איך מוז מיך טוידטען. איהר קענט זיך לייכט פאָרשטעלען, אין וואָס פאר א טרויעריגע לאגע איך האב מיך געפונען. —

— איך פערשטעה אלעס, האט דער גראף געזאגט רוהיג.

— און איך בין בערייט צו געהן פאר אייך אין פייער און אין וואסער! האט אויסגערופען דער פירסט.

— דאס דארף איך ניט. איך שיק ניט קיין מענשען אין פייער און אין וואסער.

— איך וויל פון אייך א קליינינקייט — איהר זאלט מיך פארשטעלען פאר אייער פאָטער!

— מיט גרעסטען פערגניגען! האט דער פירסט געזאגט.

— איך וויל מיך בעקענען מיט אייער פאָביעדאָנאָסצאָוו, האט דער גראף ווייטער געזאגט.

— ווילט איהר דען פאהרען קיין פעטערבורג? האט דער פירסט געפרעגט פערוואונדערט.

— עס איז זעהר מעגליך, אז עס וועט מיר אויסקומען צו זיין אין פעטערבורג.

— דאן קען איך בעטען אונזער געזאנדטען, ער זאל אייך געבען א רעקאָמענדאציאָנס בריעף צו דיא גרעסטע פון דער פעטערבורגער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט. — איך קען אייך פאָרשטעלען פארן גראָספירסט מיכאאיל, וועלכער איז יעצט אין פאריז. —

— דאס איז ניט נעטהיג, האט איהם דער גראף אונטערבראָכען. איך וויל ניט פאהרען קיין פעטערבורג מיט צו פיעלע רעקאָמענדאציאָנען. ווען איך וועל דארט זיין, וואָלט איך מיך געוואלט בעקענען מיט אייניגע פערזאנען, וועלכע האבען פאר מיר אן אינטערעס.

— וויא איהר פערשטעהט, גראף. איך וועל טהאן אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען.

— איך הייס גאר נישט, איך בעפעהל קיינעם נימ. איך בעט אייך, איהר זאלט טהאן פון מיינעטוועגען א געפעלינקייט און מיך רעקאָמאנדירען צו אייער פאָטער און

ווען מעגליך, צו דיזען פּאביעדאָנאָסצאָוו, פון וועלכען איהר האט מיר דערצעהלט אזעלכע וואונדערזאכען.

— זייט זיכער, גראף, איך וועל אייך שוין פאָרשטעלען פאר מיין פּאָטער, וויא איהר פעררינעט עס. מיין פּאָטער וועט זיין העכסט צופריעדען זיך צו בעקענען מיט אזא וועלט קלוגען מענשען, וויא איהר.

— דאס איז א קאָמפּלימענט, האט דער גראף געזאגט מיט א שמייכעל. איך בין מעהר צופריעדען אויסצוטהיילען קאָמפּלימענטע, אלס זיי צו עמפּפאנגען.

איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. זיי האבען שוין אלעס אפגערעדט. פּלוצלונג האט דער גראף א פרעגע געטהאן:

— וואס מאכט אייער קראנקענוועוערטערין?

דער פירסט איז רויט געווארען.

— זייט רוהיג, האט דער גראף געזאגט, זיא ווייס עס צו פערהענגען איהר געזיכט אזוי גוט, אז קיין פרעמדעס אויג קען זיא ניט זעהן.

— איך האף, אז אויסער אייך האט מיך נאך קיינער ניט געזעהן מיט איהר, האט דער פירסט געזאגט.

— ווער קען עס וויסען? — אלענפאלס, דארפט איהר זיך ניט בעאונרוהיגען. עס איז דאך פּאריז, וואו יונגע לייט ווילען לעבען.

— מיר, רוסען, מוזען פאָרזיכטיג זיין, אויף אונז קוקט מען. מען בעשרייבט אונז, מען מעלדעט א היים אלעס, וואס מיר טהוען.

— ווער זאל זיך עס אזוי אינטערעסירען אין אלעמען, וואס איהר טהוט? האט דער גראף געפרעגט פערוואונדערט.

— אונזערע רעגירונג האלט שפּיאָנען אומעדום.

— און דאך וויס זיא ניט, וואס אין פּאריז קומט יעצט פאר. זיא ווייס געוויס ניט, אז אין פאריז האבען זיך יעצט פערזאמעלט אלע ניהיליסטען און בעראטהען זיך, וויא אויסצורופען אן אלגעמיינע רעוואָלוציאָן.

דער פירסט איז אויפגעשפרונגען.

— פון וואנען ווייסט איהר עס, גראף? האט ער אויסגערופען.

— איך ווער שוין געוואהר פערשיעדענע זאכען.

— קען איך עס שרייבען קיין פעטערבורג?

— אונטער געוויסע בעדינגונגען, האט דער גראף געזאגט, ווען איהר וועט זיי אננעהמען, מעגט איהר שרייבען.

— איך נעהם זיי אן און פרעג גאר ניט, וואס זיי זיינען.

— גוט! דאן ערווארט מיך נעקסטען מאנטאג אום צוועלף אוהר אין קאפע אנגלע.

— קען עס ניט פריהער זיין?

— ניין. — עס איז שוין שפּעט, מיר דארפען זיך אומקעהרן אין שטאדט, האט דער גראף פּלוצלונג געזאגט.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון דער דונקעלער אלעע און זיינען געגאנגען אויפן טריטען וועג דער שטאדט צו. —

## 34טעס קאפּיטעל.

## פּאריזער טהעאַטער לעבען.

דיא פענסטער פון א גרויס הויז אין דער שטראסע דע טעמפעל זיינען העל בעלייכטעט. אין א גרויסען, רייך פערציערטען זאל זיצען הערען און דאמען, רעדען, פּלוידערן, לאכען און שפּאסען. אין צימער הערט מען דעם שטארקען גערוך פון פּאר־פּומען, וועלכע דיא העכערע אריסטאָקראַטישע פּאריזער געזעלשאפט זוכט אויסצו־מיידען. יעדער עכטער אריסטאָקראט פּארשטעלט זיך דיא נאָז, ווען ער הערט דעם גערוך פון פּאטשולי, אדער פון Cuir de Russie. דא אבער הערט מען דיעזע גערוכע.

דיא דאמען געהן עלעגאנט געקליידעט און זיינען פערפּוצט נאך דער לעצטער מאָדע. קוקט מען זיך אבער צו נעהנטער צו זיי, זעהט מען, וויא דיא קונסט האט געהאָלפען דער נאטור. דיא באקען זיינען רויט און ווייס, אבער ניט פון דער נאטור, זאנדערן פון דער קונסט, וועלכע דיא פּאריזער פאבריקמאכער און פריזירער האבען געבראכט אזוי ווייט, אז נור דאס געאיבטע אויג קען עס דערקענען.

דיא ווירטהין פון׳ם הויז איז בעקאנט אונטער דעם שטאָלצען נאמען קאנטעסא די פלאנקעטא, אויף דייטש וואָלט עס געהייסען, דיא גרעפין פון דיא ברעטער. זיא איז ווירקליך געוועזען נור א טהעאטער גרעפין, א גרעפין אויף דער ביהנע. אמאל, שוין גאנץ לאנג, ווען זיא איז נאך געוועזען יונג און האט נאך ניט שלעכט געשפּיעלט, האָ־בען אייניגע פון איהרע פערעהרער איהר געגעבען דיעזען שעהנעם נאמען צום שפּאס. ער איז איהר אבער אזוי געפעלען, אז זיא האט געהייסען איהם אויסקריצען אויף א מעשענעם בלעטעלע און האט איהם צוגעשלאָגען צו דער טהיר.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע יאהר און זיא האט אליין פערגעסען, אז דער נאָ־מען איז אן אויסגעבארנטער. זיא פלעגט פארדערן, אז מען זאל זיא רופען גרעפין. קיינער איז ניט געוועזען דאגעגען. זייט דער פראנצויזישער רעוואלוציאָן זיינען דיא טיטו־לען געווארען זעהר ביליג אין פראנקרייך.

דיא גרעסטע מענער זיינען זאגאר שטאלץ דארויף, אז מען זאל זיי רופען ביי זייער נאמען אהן יעדען טיטול. ווען מען האט דעם גרויסען געלערנטען און דעם בע־ריהמטען דיפּלאמאטען, אדאָלף טהיער, געוואלט געבען דעם טיטול באראן, האט ער געענטפערט:

— ווען איך בין געבארען געווארען האב איך געהייסען טהיער און ניט דע טהיער; ווען איך וועל שטארבען, וויל איך אויך הייסען איינפאך טהיער.

דיא גרעפין דע פלאנקעטא האט אבער אנדערש געדענקט. זיא האט געפונען, אז דער טיטול גרעפין פּאסט איהר — צום געזיכט. הייטע האט זיא געגעבען א דראמאטיש־ליטעראריש־מוזיקאלישען אבענד פאר א קרייז פון אויסגעוועהלטע פריינד. איהר קאמער מעדכען האט געמוזט גוט אפּשייערן דאס מעשענבלעטעל, אז יעדער זאל עס קענען לעזען.

דער זאל איז שוין געוועזען פול מיט הערן און דאמען, ווען מאדאם לוקרעציא ראמאנא איז אריינגעשוואומען אין איהם. זיא האט געטראגען א שווערעס, זיידענעס

קלייד, דער קאפ איז געווען בעדעקט מיט א וואלד פאלשע, שווארצע האר, אין וועלכע עס האבען געפונקעלט עטליכע גרויסע בריליאנטען. וואס פאר א ווערטה דיזע בריליאנטען האבען געהאט, איז ניט שווער געווען צו דערראטהען. פאריז איז געווים דיא ערשטע גרויסע שטאדט, וואו מען האט אנגעהויבען צו מאכען בריליאנטען פון גאנץ איינפאכעס גלאז.

נאך איהר איז נאכגעגאנגען איהר טאכטער, יוליא. דיא איז געגאנגען גאנץ איינפאך געקליידעט. איהרע שעהנע לאנגע האר זיינען אראפגעהאנגען אין צוויי גראבע צעפ אויף איהרע פלייצעס, אויף דער ברוסט האט דיא געטראגען א פריש אפגעריסענע ראזע. זיא האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד, ווען זיא איז אריינגעקומען אין זאל, און איז געווארען רויט, וויא פייער. אלעס איז איהר געווען ניי אין דיעזען זאל, אלעס פרעמד און צו־וויעדער.

דער טהעאטער דירעקטאר, וועלכען מיר האבען שוין אמאל געזעהן ביי איהר מוטער אין זאל, האט זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט, ווען ער האט זיא דערזעהן, איז איהר ענטגעגען געלאפען, האט זיא אנגענומען ביי דיא הענד און האט זיא צוגעפיהרט צו אן עלטערער דאמע, וועלכע איז געזעסען אין א גרויסען, ווייכען סאמעטטענעם שטוהל.

— קאנטעסא די פלאנקעטא, האט ער געזאגט אין דער הויך און האט זיך טיעף פערנייגט פאר דער ווירטהין פון'ם הויז. — איך האב דיא עהרע אייך פארצושטעלען א נייעם שטערן אין דער פאריזער וועלט פון קונסט און טאלענט, מאדעמואזעל יוליא ראמאנא. זיא זינגט, וויא אנאכטיגאל, און שפיעלט פיאנא, וויא פראנץ ליסט. (דער גרעסטער פיאנא שפיעלער אין יענער צייט).

דיא גרעפין די פלאנקעטא האט זיך פערנייגט, וויא אן עכטע טהעאטער גרעפין.

— עס פרעהט מיך צו מאכען דיא בעקאנטשאפט פון אזא יונגער קינסטלערין, האט זיא געזאגט מיט א עטוואס הייזעריגער שטימע. — ווען הערר קאשרי, אונזער בעריהמטער קענער און טהעאטער דירעקטאר, האט אייך אנערקענט אלס קינסטלערין, זייט איהר עס געווים. — איך האף, אז איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און אונז היינט געבען איינינע פראבען פון אייער קונסט.

יוליא איז רויט געווארען און האט ניט געקענט ענטפערן א ווארט. זיא האט געפיהלט, אז הונדערטע אויגען קוקען אויף איהר. א שוועהרעס, פייגליכעס געפיהל האט זיך ארומגעוויקעלט, וויא א שלאנג, ארום איהר הערץ און האט אזוי זיאצוזאמגעפרעסט, אז אויף איהרע אויגען האבען זיך געוויעזען טרערין.

זיא האט ניט געוואלט געהן צו דער גרעפין. דאס הערץ האט איהר געזאגט, זיא זאל ניט געהן. איהר מוטער אבער האט זיא געצוואונגען. יעצט האט זיא געפיהלט, אז זיא האט ניט געדארפט געהן. עס איז שוין אבער געווען צו שפעט.

איהר מוטער האט בעמערקט, אז זיא שטעהט עפעס צומישט און פערשעהמט און איז צו איהר צוגעגאנגען.

— קום, יוליא, איך וועל דיך בעקענען מיט דיא גרעסטע קינסטלער און מיט דיא גרעסטע ארטיסטען פון פאריז.

— פרייליין יוליא שיינט עטוואס אויפגערעגט צו זיין, האט דער טהעאטער דירעקטאָר, קאשרי, געזאגט. לאזט איהר זיך אביסעל אויסרוהען, ניט איהר עפּעס אן ערפרישונג.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו א קליינעם דיוואן, אויף וועלכען א יונגע דאמע איז געזעסען און האט זיך גאנץ רוהיג אונטערהאלטען מיט פיער יונגע הערען.

— מאדאם דע סענט מארס וועט זיין אזוי גיטיג און וועט פריינדליך אויפנעה־מען א נייע קינסטלערין, האט דער טהעאטער דירעקטאָר געזאגט צו דער יונגער פרוי. — מאדאם דע סענט מארס גלענצט אזוי שטארק אויף אונזער פאריזער הימעל, אז קיין נייער שטערן קען זיא ניט פערדונקלען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אניעדערגעזעצט דאס יונגע מעדכען אויפ'ן דיוואן לעבען דער אקטריסע.

מאדאם דע סענט מארס איז אזוי געווען א בארא‏ָנעסע, וויא דיא ווירטהין איז געווען א גרעפין. זיא איז געווען יונג און האט געשפּיעלט קאָמישע ראָלען אין איינעם פון דיא פאריזער טהעאטערע. זיא האט בעטראכט דאס יונגע מעדכען אייניגע סע־קונדען און האט געפרעגט דעם טהעאטער דירעקטאָר האלב נייגיעריג און האלב מיטליידיג:

— וויל דיעזעס פרייליין אויך אריינטרעטען אין א טהעאטער?

אזוי וויא דער טהעאטער דירעקטאר האט זיך אין דיעזע מינוט אוועקגעקעהרט אין א זייט רעדען מיט אנאנאנדער דאמע, האט זיך מאדאם דע סענט מארס גע־ווענדעט צו יוליאן און האט וויעדערהאלט איהר פראגע.

— ווילט איהר אריינטרעטען אין א טהעאטער?

— איך וויים ניט, האט יוליא געענטפערט מיט א ציטערענדער שטימע. — איך — מיין מוטער ווינשט עס — איך אבער —

— נון, האט מאדאם דע סענט מארס זיך געווענדעט צו דיא יונגעלייט, וועלכע זיינען נאך אלץ געשטאנען פאר איהר, — נון, אלזא, עמפּפעהל איך אייך דיא יונגע קינסטלערין און בעט אייך, איהר זאלט זיא פראטעזשירען און בעשיצען. — הערר שארל! אייך בעזאנדערס עמפּפעהל איך זיא, ווייל איהר זייט יעצט פריי.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא געגעבען א ווינק דעם יונגען מאן און א בעזאנ־דערער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע דינע ליפּען.

דער יונגער מאן, וועלכען דיא אקטריסע האט גערופען מיט'ן נאמען שארל, איז אוועקגעגאנגען און האט באלד געבראכט א באקאל שאמפּאניער, וועלכען ער האט דערלאנגט יוליאן.

— לאָמיר אנפאנגען אונזערע בעקאנטשאפט מיט א גלאז פון דיעזען פונקעלנ־דען, זיעדענדען וויין, האט ער איהר געזאגט.

יוליא האט א ציטער געטהאן.

— איך דאנק, — איך טרינק ניט, האט זיא קוים ארויסגעזאגט.

זיא האט יעצט ערשט בעטראכט דיא געזעלשאפט און עס האט איהר פער־קלעמט ביים הארצען.

— דאס איז אלזא דער ערשטער שריט אויף דעם וועג, וואס מיין מוטער וויל מיך פיהרען? האט זיא נעטראכט. — א טרויעריגער וועג. — טרויעריג איז דער אנפאנג — נאך טרויעריגער איז דאס ענדע.

זיא האט אראפּגעלאָזען דיא אויגען צו דער ערד און האט ניט געוואָלט זעהן, ניט הערן, וואס דיא געזעלשאפט ארום איהר האט געטהאן. זיא האט ניט בעמערקט, וויא דער יונגער מאן, וועלכען דיא אקטריסע האט גערופען שארל, האט פערצווינגען מיט דיא אקסלען, ווען זיא האט ניט געוואָלט נעהמען ביי איהם דעם שאמפּאניער; זיא האט ניט געזעהן מיט וואס פאר א פעראכטונג דיא אקטריסע סענט מארס האט זיא בעטראכט און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד. זיא האט ניט געהערט און האט ניט געזעהן, וויא פרעהליך און לוסטיג עס איז צוגעגאנגען ארום איהר.

דער טהעאטער דירעקטאָר איז אונטערדעסען צוגעגאנגען צו דער ווירטהין און האט איהר געפרעגט שטילערהייט:

— וויא קומט עס, וואס דער אונגארישער גראף נאגי, איז נאך נימא?

— ער וועט געוויס באלד קומען, האט דיא ווירטהין געענטפערט. זעהט נור, אז אייער יונגע קינסטלערין זאל זיין עפּעס לעבעדינגער. זיא זיצט דאך גאר, וויא א קלאָץ און ריהרט זיך ניט. — איך וויל זעהר, ער זאל זיך בעקענען מיט אייער איטאַליענערין.

— וועט פריילין סארא בערנאהרד קומען? האט דער טהעאטער דירעקטאָר געפרעגט.

— איך האָף, אז זיא וועט קומען. עס האט מיך געקאָסט זעהר פיעל מיה זיא צו בעוועגען, אז זיא זאל קומען. מיר מוזען זעהן, אז אין אונזער סאלאן זאלען קומען ווירקליכע קינסטלער אויך. — נייע, פרישע געזיכטער ציהען צו מענשען, זיי קענען זיי אבער ניט איינהאלטען, נור ווירקליכע קינסטלער, בעריהמטע נעמען זיינען אים שטאנד זיי צו צובינדען צו מיין הויז.

— איך מיין, אז דיא יוליא ראָמאנא וועט זיין א גוטעס אנציעהונגס מיטעל. — זיא איז יונג, שעהן, נאַאיוו און האט א פייער אין איהרע שווארצע אויגען, וועלכער קען דערוואַרמען דעם עלטסטען מענשען.

— איך זעה ניט איין, מענגליך, שפּעטער — אין דער צוקונפט — דערוויל גע־פעלט זיא מיר ניט. — נאך איין זאך, הערר קאָשרי, ווען פריילין סארא בערנאהרד וועט קומען, זאגט דער סענט מארס, אז זיא זאל ניט מאכען קיין דומהייטען. זא לאנג דיא בעריהמטע קינסטלערין וועט זיין ביי מיר אין זאל, מוז אלעס צוגעהן ארדענטליך און אנשטענדיג. — איך וויל, אז מארגען זאלען אלע צייטונגען אויספּויקען, אז ביי מיר איז געוועזן א גלענצענדער אבענד.

— איך האב דער סענט מארס שוין געזאָגט, אז זיא זאל זיין אביסעל אנ־שטענדיגער.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען אן אלטער מאן מיט אן עכט אזיאטישען געזיכט.

— גראף נאגי! האט געמעלדעט דער לאקיי, וואס איז געשטאנען ביי דער טהיר.

אלע האבען זיך אומגעקוקט. אן אלטער מאן, רייך און עלעגאנט געקיילדעט, איז אריינגעקומען און איז גלייך צוגעגאנגען צו דער ווירטהין. וויא עס ווייזט אויס, איז איהם דיא געזעלשאפט געווען ווענינ בעקאנט. ער האט זיך פאר קיינעם ניט פערנייגט, איז גלייך צוגעגאנגען צו דער ווירטהין און האט איהר געגעבען דיא האנד.

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס איהר האט זיך ענדליך דערמאנט אן מיר, האט זיא איהם געזאגט מיט א שמייכעל. עס איז שוין צוואר שפעט, אבער בעסער שפעט, איידער קיין מאל ניט.

— איך בין היינט געווען בעשעפטיגט, האט זיך דער גראף פערענטפערט, אבער הערר קאַשרי האט מיר אזוי פיעל דערצעהלט פון א יונגער אקטריסע, אז איך בין פעראינטערעסירט זיא צו זעהן.

דיא ווירטהין האט זיך געוואָלט אויפהויבען און איהם בעקאנט מאכען מיט יוליאַן. אין דיעזע מינוט אבער איז געווארען אן אויפרוהר צווישען דיא געסט. אלע האבען זיך געווענדעט צו דער טהיר. דער לאקיי האט אויסגערופען גאנץ הויך:

— מאדעמואזעל סארא בערנארד!

א שעהנע, פרויענגעשטאלט, איינפאך, אבער מיט געשמאק געקליידעט, איז אריינגעגאנגען אין זאל און האט מיט איהרע גרויסע, קלוגע אויגען בעטראכט דיא פערזאמעלטע געזעלשאפט.—

מאדעמואזעל סארא בערנאהרד איז געווען דיא גרעסטע דראמאטישע אקטריסא אין יענער צייט. זיא איז געווען הויך געבילדעט און האט געהאט א וואהרען טאלאנט. וויא אלע וואהרע קינסטלער, וויא אלע גרויסע טאלענטען, האט זיא געלעבט נור פאר איהר קונסט. ווען זיא פלעגט געהן אין א געזעלשאפט, פלעגט זיא געהן נור שטודירען דעם מענשען, לערנען זיין כאראקטער, דאס שפיעל פון זיינע מינען. פון זיין געזיכט, דיא בעוועגונגען פון דיא ליפען און פון דיא אויגען. דיא געזעלשאפט איז געווען איהר שטודיר צימער.

— ווען מיר לערנען דיא מענשען — דיעזע לעבעדיגע ביכער אויף צוויי פיס, האט זיא געזאגט, פערשטעהן מיר, וואס עס איז אנגעשריעבען אין דיא פאפיערענע ביכער.

און פאריז האט זיא פערשטאנען. דאס פרעהליכע, לייכטזיניגע, לוסטיגע און פערגניגען ליעבענדע פאריז האט פערשטאנען און געוואוסט צו שעצען דיא וואהרע קינסטלערין. ווען דער נאמען סארא בערנאהרד פלעגט נור שטעהן אויף אן אפישע, איז דאס טהעאטער שטענדיג געווען פול.

עס איז זעהר אן עדעלעס, פיינעס פערגניגען צו הערן און צו זעהן א גוטען אקטער אדער א גוטע אקטריסע פארשטעלען אויף דער ביהנע דאס מענשליכע לעבען. מען מוז אבער לערנען דיעזעס פערגניגען, מען מוז עס קענען. מען מוז שטודירען אום צו פערשטעהן דעם אונטערשיעד פון וואהרער קונסט און נאכגעמאכטע, נאכגעקרימטע געשרייען פון א קלאָאון.

דיא גרעפין די פלאנקעטא איז ענטגעגען געלאפען דער בעריהמטער קינסטלערין,

האט זיא אנגענומען אונטערן ארים און האט זיא צוגעפיהרט צו א וייכען, סאמטענעם שטוהל.

— איך דאנק אייך פון גאנצען הערצען, וואס איהר האט אונז בעעהרט מיט אייער בעזוך, האט זיא איהר געזאגט. איהר זעהט דא פערזאמעלט א קרייז מיט מענשען, וועלכע שעצען און פערעהרען אייער גרויסען טאלאנט.

— איך בין שטענדיג בערייט צו קומען אין א געזעלשאפט, וואו מען האט ליעב דיא קונסט, האט מאדעמואזעל סארא בערנאהרד געזאגט. מיט איהר ווייכער, העלער שטימע. — דיא קונסט איז מיין לעבען, מיין גליק און מיין פערגניגען. — איך האב זעהר ליעב מוזיק, ווייל דאס איז איינע פון דיא שעהנסטע קינסטע. ליידער, בין איך ניט אימשטאנד מיר דיעזעס פערגניגען — דיא מוזיק — מיר אליין צו פערשאפען און איך מוז אנקומען צו אנדערע. — מען האט מיר צוגעזאגט מיר ביי אייך דיעזעס פער־גניגען צו פערשאפען און איך דאנק אייך דאפיר אין פאראויס.

וואונדערבאר! דיא גרויסע קינסטלער, דיא וואהרע דיכטער, דיא עכטע פאָעטען און דיא בעריהמטע מאלער זיינען וויא קליינע קינדער. מען קען זיי לייכט אפנארען, מען קען זיי לייכט פערפיהרען, מען קען זיי לייכט פערבלענדען און בעשווינדלען. זיי זיינען אזוי ווייט פון דער קליינליכער וועלט, זיי שטעהען אזוי הויך איבער דיא ניעדריגע, קליינליכע אינטערעסען פון פראנקס און סאנטימען, אז זיי האבען, דאכט זיך גאר קיין בעגריף ניט, אז עס זאלען זיך געפינען מענשען, וועלכע זאלען וועלען אויסניצען זייער נאמען און זייער גענענווארט צוליעב ניעדערטרעכטיגע, אבשייליכע אינטערעסען.

דיא געבילדעטע און קלוגע סארא בערנארד, וועלכע פלעגט פארשטעלען אויף דער סצענע אזוי ריכטיג און אזוי געטריי דעם מענשען מיט אלע זיינע פעהלער און פערברעכען; דיא גרויסע טאלאנטפאָלע קינסטלערין, וועלכע פלעגט אזוי אָפט עפענען אויף דער סצענע דאס מענשליכע הערץ און וויזען, וואס פאר א פינסטערניס עס ליעגט פערבאָרגען אין זיינע טיעפע קניימשען און שפאלטען. דיעזע גרויסע קינסט־לערין האט ניט געוואוסט, אין וואס פאר א געזעלשאפט זיא געפינט זיך. זיא האט ניט פערשטאנען, וויא ניעדערטרעכטיג דיא פאלשע גרעפין די פלאנקעטא מיט איהרע פאלשע האר, פאלשע צעהנער און פאלשען הערצען האט אויסגעניצט איהר נאמען און איהר טאלענט.

קוים האט זיך דיא בעריהמטע קינסטלערין אניעדערגעזעצט, איז דיא גרעפין די פלאנקעטא צוגעגאנגען צו יוליא, האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט איהר געזאגט אין דער הויך, אז מאדעמואזעל סארא בערנאהרד זאל הערען:

— נו, ליעבעס פריילין, זייט אזוי פריינדליך און גיט אונז א פראָבע פון אייער שעהנע שטימע. מען האט אונז דערצעהלט אזוי פיעל פון אייער טאלאנט, אז דיא וועלט בעריהמטע קינסטלערין איז געקומען אייך הערען.

יוליא איז אויפגעשטאנען. זיא איז געוועזען העכסט צופריעדען אוועקצוגעהן פון׳ם דיוואן, וואו איהרע נאכבארען זיינען איהר זעהר שטארק ניט געפעלען. דיא גרעפין די פלאנקעטא האט זיא צוגעפיהרט צו דער פארטעפיאנא. אויפן וועג האט זיא דער־

זעהן דיא גרויסע קינסטלערין, סארא בערנאהרד. זייערע בליקען האבען זיך בעגעגנט — נור איין סעקונדע, אבער זיי האבען זיך פערשטאנען. א ווארימער און ליכטיגער שטראהל איז ארויסגעפלאסען פון דיא אויגען פון דער קינסטלערין און האט בעלייכטעט און דערווארמט דאס הערץ פון'ם אונגליקליכען מעדכען. זיא האט יעצט געוואלט זינגען, אבער נור פון איהרעט וועגען, נור צוליעב דער גרויסער קינסטלערין. פאר איהר האט זיא געוואלט אויסגיסען איהר ביטער הארץ; פאר איהר האט זיא געוואלט ארויסגעבען דורך איהר ליעד אלעס, וואס איז אנגעקוואלען און אנגעשוואלען אין איהר יונגע זעעלע. — פאר איהר און נור פאר איהר האט זיא געוואלט זינגען.

זיא איז צוגעגאנגען צו דער פארטאפיאנא און איז געבליעבען שטעהן א פאר מינוטען פערטראכט.

— וואס זאל זיא זינגען? וויא זאל זיא ריהרען דיא בעריהמטע קינסטלערין?

פלוצלונג האט זיא זיך דערמאנט דאס בעריהמטע ליעד פון דער אונגליקליכער קעניגין מאריא סטוארט, ווען איהר ערשטער מאן, דער יונגער פראנצייזישער קעניג, פראנסוא II איז געשטארבען און זיא האט געמוזט ארויספאהרען פון פראנקרייך. — דאס הערץ האט געזאגט דער אונגליקליכער קעניגין, אז א שרעקליכעס אונגליק ערווארטעט זיא אין דער היים אין ענגלאנד. דאס הערץ האט איהר ניט אפגענארט, אין עטליכע יאהר ארום האט איהרע פערוואנדטע, דיא ענגלישע קעניגין עליזאבעטהא, זיא גענומען געפאנגען, האט זיא א געוויסע צייט געהאלטען אין טאוער און האט געהייסען איהר אפהאקען דעם קאפ.

דאס ליעד איז טרויעריג, הערצרייסענד און געפיהלפאל.

יוליא האט אויסגעזוכט דיא נאטען און האט בעריהרט דיאטאסטען (קלאווישען) פון דער פארטאפיאנא. אלעס איז געווארען שטיל אין זאל. אלע אויגען האבען זיך געריכטעט אויף איהר. אלע האבען געקוקט אויף איהר שעהנעס געזיכט, וועלכעס איז רויט געווארען פון אויפרעגונג און קינדישע שעמיגקייט.

דיעזע איבערגעלעבטע און אויסגעלעבטע מענער, דיעזע פערדארבענע פרויען, וועלכע האבען שוין לאנג פערגעסען, אז עס איז דא אויף דער וועלט א ווארט „זיך שעהמען“, האבען בעטראכט מיט בעוואונדערונג דיעזעס פרישע, אונשולדיגע מעדכען.

לאנגזאם, אבער מיט א פעסטער שטימע האט יוליא אנגעהויבען צו זינגען דיא ערשטע סטראפע פון'ם ליעד. וואס ווייטער זיא האט געזונגען, איז איהר שטימע געווארען אלץ שטארקער, אלץ מעכטיגער, אלץ געפיהלפאלער. איהר גאנצעס הערץ, איהר גאנצעס זעעלע האט זיך אויסגעגאסען אין דיא ווייכע, זיסע, הערצערגרייפענדע מעלאדיען. זיא האט געוואוסט, וואס זיא האט געזונגען, זיא האט געפיהלט, וואס זיא האט געזונגען. עס איז געווען ווירקליך דער געזאנג פון א נאכטיגאל (סאלאווייי), וועלכע איז פערשפארט אין א פינסטער שטייגעל, ווען זיא פיהלט, אז דער פריהלינג איז אנגעקומען און עס ציהט איהר אין פעלד, אין דיא וועלדער—אונטערן פרייען הימעל.

זיא האט געזונגען צוויי, דריי סטראפען און איז געבליעבען שטיל. מעהר האט זיא ניט געקענט, איהרע געפיהלע האבען זיא געשטיקט.

אין זאל האט זיך געלאזט הערן א דאנערנדער בייפאל. אלע האבען געפאטשט בראווא! אלע האבען געשריען: בראווא!

ווייא פערדארבען דיעזע געזעלשאפט איז געווען, האט זיא דאך געפיהלט דיא קראפט פון דער מוזיק, פון דיעזער געטליכער קונסט, וועלכע ווירקט זאגאר אויף ווילדע טהיערע.

אלע האבען זיא ארומגערינגעלט און האבען איהר געדריקט דיא הענד. זיא האט אלעמען געענטפערט פריינדליך אבער קאלט. ענדליך איז אבער צו איהר צוגע־קומען דיא קינסטלערין סארא בערנהארד און האט איהר געגעבען דיא האנד.

— איך דאנק אייך, פרייליין, פיר דאס פערגניגען, וואס איהר האט מיר פער־שאפט מיט אייער שעהנע שטימע. — איהר זינגט מיט געפיהל. איהר ווייסט, וואס איהר זינגט.

ווען יוליא וואלט זיך ניט געשעהמט פאר דער געזעלשאפט, וואלט זיא זיך ארויפגעווארפען דער קינסטלערין אויפ'ן האלז און וואלט איהר געזאגט:

— רעטע מיך! רעטע מיך פון דיעזע מענשען, פון דיעזער געזעלשאפט!

זיא האט זיך אבער געשעהמט און האט נור געדריקט דיא הענד דער קינסטלע־רין. זיא האט געוואלט עפעס ענטפערן דער קינסטלערין, אבער אין דיעזע מינוט איז דיא ווירטהין פון'ם הויז צו איהר צוגעגאנגען, האט זיך פאר איהר טיעף פערנייגט און האט געזאגט מיט א בימענדע שטימע:

— איהר וועט ניט אפזאגען טרייע פערעהרער פון אייער טאלענט אונז עפעס פארצוטראגען, מאדעמואזעל סארא בערנהארד.

א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף דיא ליפען פון דער גרויסער דראמאטיסטין. אין דער צייט, וואס יוליא האט געזונגען, האט זיא אביסעל אויסשטו־דירט דיא געזיכטער און דיא מינען פון דיא אנוועזענדע און האט מיט שרעקען און מיט שטוינען דערזעהן, וואו זיא געפינט זיך. זיא האט גאנץ לייכט א נייג געטהאן מיט'ן קאפ.

אפזאגען זיך איז געווען אונמעגליך. קוים איז זיא שוין געקומען אהער, מוז זיא עפעס פארטראגען.

— מאדעמואזעל סארא בערנהארד וויל עפעס זאגען! האט אויסגערופען דיא גרעפין דיא פלאנקעטא.

אלע זיינען געווארען שטיל. אלע אויגען האבען זיך געריכטעט אויף דער גרוי־סער דראמאטיסטין. מאדאמואזעל סארא בערנהארד האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט און האט געווארפען א שנעלען, אבער דורכדרינגענדען בליק אויף דער פערזאמ־לונג. דאן האט זיא אנגעהויבען צו דעקלאמירען א געוויסעס פראנצייזישעס שטיק, וואו עס ווערט בעשריעבען, וויא א שטאלצער ריעז וויל ארויסרייסען דיא הערשאפט איבער דער וועלט פון'ם שיקזאל.

וויא א מראמאר בילד איז געשטאנען דיעזע שטאלצע, בלייבע פרוי און האט פארגעשטעלט, וויא שטארק, וויא אלמעכטיג דאס שיקזאל איז.

— דיא צוקונפט געהערט מיר! האט דאס שטרענגע, אונאומענדערליכע שיקזאל אויסגערופען.

דער גאנצע זאל האט געציטערט. ווען זיא האט ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער. מען מוז הערן עטליכע מאל א גרויסען קינסטלער אדער א גרויסע קינסטלערין, אום מען זאל פיהלען, וואס פאר א קראפט עס ליעגט א מאל אין א פאר איינפאכע ווערטער. הונדערט מענשען קענען ארויסזאגען דיעזעלבע ווערטער קאלט, געשמאקלאז און עס וועט קיינעם ניט ריהרען. פון'ם קינסטלערס ליפען געהן זיי ארויס מיט א פייער, וועלכער צינדעט אלע הערצער און רייסט זיי אוועק מיט זיך.

אלע זיינען געוועזן געריהרט, אלע האבען געפיהלט, אז זיי האבען פאר זיך דיא גרעסטע קינסטלערין, דיא גרעסטע דראמאטיסטין פון זייער צייט. דאס אפלאדירען און דאס בראווא שרייען האט גאר קיין ענדע ניט געוואלט נעהמען.

יוליא איז צו איהר צוגעגאנגען, האט זיא אנגענומען ביי ביידע הענד און האט געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— דיעזער אבענד האט מיר פערענטפערט פאר אלע ליידען פון מיין גאנצעס לעבען. אייער פארטראג האט אויסגעגלעט און אפגעווישט פיעלע שווערע, שמערצפאלע שטונדען אין מיין לעבען. איהר האט מיר געלערנט, מיט וואס פאר א גראבער רעק דיא צוקונפט איז פערהאנגען און פערדעקטע פון אונז.

דיא גרויסע דראמאטיסטין האט געזאגט, אז עס איז איהר זעהר הייס און זיא וויל זיך געהן א ביסעל אפקיהלען. זיא האט אוועקגעפיהרט יוליאן אין א קליין צימעריל לעבען זאל, וואו עס איז דאמאלס קיינער ניט געוועזן. — ווען זיי זיינען געוועזן אליין, האט מאדעמואזעל סארא בערנארד צו איהר געזאגט:

— וויא איך זעה, פאסט איהר אזוי צו דיעזע געזעלשאפט, וויא איך פאס אהער. ענטשולדיגט מיר, וואס איך רעד מיט אייך אזוי פריי און אזוי אפען. — אייער זינגען האט מיך אזוי געריהרט, אז איך פיהל מיך געצוואונגען עס אייך צו זאגען.

— אך, מאדמואזעל! האט יוליא אנגעהויבען. — איך — בין אהער געקומען —

— איך בין געקומען אהער צופעליג, האט דיא דראמאטיסטען געזאגט. דער טהעאטער דירעקטאר קאשרי האט מיר געזאגט, אז עס וועלען געשפיעלט ווערן בעריהמטע שטיק פון בעריהמטע קינסטלער. איך האב זעהר ליעב מוזיק און בין געקומען. איך האב אבער א שארפעס אויג און האב גוט בעאבאכטעט דיא געזעלשאפט אין דער צייט, וואס איהר האט געזונגען. איך קען שוין דיא מענשען און וויים שוין, אין וואס פאר א געזעלשאפט איך בין. — מען האט מיך בעטראגען, מען האט מיך פערפיהרט. — און אייך האט מען אויך אזוי פערפיהרט אהער. —

— איך דאנק אייך! איך דאנק אייך, מאדעמואזעל! האט יוליא אויסגערופען. איך וואלט געוויס ניט געווען געקומען, ווען איך זאל געוועזן וויסען, וואוהין מען פיהרט מיך.

— אלזא, הערט מיין ראטה, ליעבעס פריילין, האט דיא גרויסע קינסטלערין געזאגט. — ווייכט פון דיעזעם הויז? אנטלויפט, וואוהין אייערע אויגען וועלען אייך

טראגען און קומט קיין מאל ניט אין דיעזעס, ניט אין אנדערע דערגלייכען הייזער, וואו דיא זינדע און דיא פערדארבענהייט בעדעקען זיך מיטין מאנטעל פון קונסט און אנשטענדיגקייט.

איך האב שוין פאר זיי קיין מורא ניט. איך האב זעהר הארט געקעמפפט אין מיין לעבען און בין ארויפגעקלעטערט אין דער הויך. — אמת מיט פערבלוטיגטע פינגער און מיט צוריעסענע קליידער. — איך האב עס אבער דאך דערגרייכט! — צו מיר קען זיך שוין קיין שמוץ ניט צוקלעבען. מען קען מיך, מען וויים, וויא אזוי איך לעב און דיא פרעכהייט מוז שטעהן פון דער וויטען. —

איהר אבער זייט יונג, אונערפאהרען און קענט נאך ניט דיא וועלט. איהר וויסט נאך ניט, וואס פאר א מיטעל דיא פערדארבענהייט געברויכט אום אריינצר שלעפען דיא פרישע, גוטע און אונשולדיגע זעעלע אין שמוץ. — איהר האט נאך צייט, אנטלויפט!

יוליא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיא איז ארויפגעפאלען דער קינסט־לערין אויף דער ברוסט און גרויסע, הייסע טראפען טרערין האבען זיך געקייקעלט פון איהרע באקען און זיינען געפאלען אויף דיא הענד פון דער בעריהמטער דראמאטישער אקטריסע.

— אך! איהר זייט אונגליקליך! האט מאדעמואזעל סארא בערנהארד אויס־גערופען און האט איהר א קוש געטהאן אין קאפ, וויא א מוטער, וועלבע וויל בערר הינען איהר וויינענדעס קינד. — איהר זייט אונגליקליך! — קומט צו מיר! — אט האט איהר מיין אדרעסע. אין דער פריה בין איך שטענדיג אין דער היים. — קומט, דער־צעהלט מיר, וואס אייך פעהלט. — איך האב אזוי פיעל אויסגעליעטען אין מיין לעבען, אז איך האלט עס פיר מיין הייליגע פפליכט צו העלפען און צו שטיצען אלע אונגליק־ליכע. — קומט!

יוליא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. דיא גרויסע קינסטלערין האט זיא צוגעצויגען צו זיך. אזא גליק האט זיא ניט ערווארטעט! זיא האט געוואלט עפעס זאגען, עפעס ענטפערן, דיא דראמאטיסטין אבער האט זיא ניט געלאזט.

— לאמיר צוריקגעהן אין זאל. מען וועט בעמערקען, אז מיר זיינען דא צו לאנג, האט זיא געזאגט, האט אנגענומען יולין אונטערן ארים און איז מיט איהר אריינגע־גאנגען צוריק אין זאל.

יוליא האט זיך געזעצט אויף א קליינעם דיוואן, וועלכען זיא האט געפונען לעדיג, און האט זיך פערטראכט. מאדעמואזעל סארא בערנהארד איז נאך געזעסען איינינע מינוט, האט זיך ענטשולדיגט, אז דער קאפ טהוט איהר וועה און איז באלד אוועקגעגאנגען.

קוים איז דיא בעריהמטע ארטיסטין ארויסגעגאנגען, איז דיא גאנצע געזעלשאפט געווארען פרעהליך און פרייער.

דער אלטער גראף נאני איז צוגעגאנגען צום דיוואן, וואו יוליא איז געזעסען, און האט זיך לעבען איהר אניעדערגעזעצט.

— וואס זייט איהר אזוי פערטראכט, פריילין? האט ער זיא געפרעגט. איהר

האט אזא טאלאנט, אז איהר דארפט שטאלץ זיין. באלד וועט אייך גאנץ פאריז בעוואונדערן.

יוליא האט א ציטער געטהאן און האט זיך געוואלט אויפהויבען פון איהר זיץ. דער גראף האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט זיא גאנץ לייכט צוריק־געהאלטען.

— איך וועל מיך זארגען פאר אייך, האט ער איהר געזאגט. איך האב שוין איבערגערעדט מיטן טהעאטער דירעקטאר קאשרי, ער זאל אייך געבען דיא בעסטע שטעלע. איך וויל נור יעצט מיט אייך איבעררעדען איבער איינינע פונקטען.

ער האט זיך צוגערוקט צו איהר נעהנטער און האט געוואלט זיא ארומנעהמען.

— מיין העררו האט יוליא געזאגט און איז אויפגעשפרונגען, — איך וויס נאך נים, אויב איך וועל גאר איינטרעטען אין א טהעאטער. —

זיא האט זיך געוואלט אויסרייסען פון איהם און אנטלויפען. דער גראף אבער האט זיא געהאלטען פעסט ביי דער האנד.

— אבער בלייבען זיא דאך, פריילין, האט ער געזאגט. — ווען איהר האט א טאלאנט, פאר וואס זאלט איהר איהם ניט אויסאיבען? — פאר וואס זאל אזא טא־לאנט פערלארען געהן? — איך וועל אייך שטיצען, איך וועל אייך פראטעזשירען. — איהר מוזט וואינען אין א גרויס הויז, איהר דארפט האבען פערד, קארעטעס, לאקייען איך וועל אלעס בעזארגען. — מארגען וועט איהר פאהרען מיט מיר אנקוקען א וואי־נונג, וויא עס פאסט פאר אזא טאלאנט, פאר אזא קינסטלערין, וויא איהר זייט. — נעוויס, פריילין, איהר וועט זיך נים ענטזאגען אנצונעהמען מיין פריינדשאפט.

ער האט אראפגענומען פון פינגער א רינג מיט א גרויסען בריליאנט און האט איהר געוואלט געבען.

— היער, פריילין, א צייכען פון מיין פריינדשאפט.

— מיין העררו האט יוליא געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע. איהר פערגעסט—

— איך פערגעס גאר נישט, האט ער איהר אונטערבראכען און האט צוגעלעגט איהר האנד צו זיינע ליפען.

— וואס טהוט איהר? האט יוליא אויסגערופען און האט זיך אויסגערעיסען פון איהם.

מיט טרערין אין דיא אויגען איז זיא צוגעלאפען צו איהר מוטער.

— קום א היים, מאמא! איך קען דא נים בלייבען!

אלע אנוועזענדע האבען זיך אומגעקוקט.

— וואס איז דא אזעלכעס? וואס פעהלט איהר?

— איך האב שרעקליכע קאפף שמערצען און קען דא לענגער ניט בלייבען, האט יוליא געזאגט. קום א היים, מאמא!

דיא גרעפין די פלאנקעטא האט געווארפען אויף איהר א בייזען בליק. דיא באראנעסא דע סענט מארס האט געלאכט און האט געוויעזען מיט דיא פינגער. גראף נאגי, האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אוועקגעהן. דער טהעאטער דירעקטאר האט איהם קוים איינגעהאלטען.

— זיא איז דאך נאך נאר ווילד, האט ער געברומט. — זיא בייסט זיך און שלאגט, וויא א ווילד פערד פון אונזערע סטעפעס.

מאדאם לוקרעציא ראמאנא, יוליא'ס מוטער, איז געוואָרען זעהר אונרוהיג. זיא האט אנגענומען יוליאַן ביי דער האנד און האט זיא אנגעהויבען שטארק צו קוועטשען.

— וואס מאכסט דוא זיך נאריש? האט זיא איהר געזאגט שטילערהייט. — האלט זיך איין! שטארק זיך! דוא מאכסט מיר שאנדע פאר אזא הויבע געזעלשאפט.

— ווען דוא געהסט ניט זאגלייך מיט מיר א היים, האט יוליא געענטפערט מיט א שטילער, אָבער פעסטער שטימע, דאן גהע איך אליין א היים. — איך קען דא ניט בלייבען ניט איין סעקונדע.

מאדאם לוקרעציא האט געוואָרפען א בייזען, ניפטיגען בליק אויף איהר טאכ־טער. זיא האט איהר אבער געמוזט פאלגען.

— איך וויים ניט, וואס איז איהר, האט זיא געזאגט צו דער ווירטהין, זיא פיהלט זיך אזוי שלעכט, אז איך מוז זיא אפפיהרען א היים. — מעגליך, אז עס קומט איהר פון דער היץ.

זיא האט זיך פערניינט פאר איהרע בעקאנטע און איז ארויסגעגאנגען מיט איהר טאכטער פון זאל. אין דרויסען האבען זיי גענומען א דראָשקע און זיינען גע־פאהרען א היים. — ווען זיי זיינען אנגעקומען צו זייער וואינונג, איז מאדאם לוקרעציא ארויפגעגאנגען צו זיך און האט איהר טאכטער זאגאר ניט געזאגט א גוטע נאכט. יוליא אבער איז ארויפגעלאפען אין דיא צימער פון איהר פאָטער.

ער איז נאך ניט געשלאפען. איינגעבויגען, איינגעהויקערט, מיעד און פערטראכט איז ער געזעסען פאר א בילד, דעם קאפ אראָפּגעלאזען, זיינע גרויסע אויגען ווייט אויפגעעפענט.

ער האט א ציטער געטהאן, ווען זיא איז צוגעקומען צו איהם און האט געזאגט מיט איהר העלער שטימע:

— גוטען אבענד, ליעבער פאָטער!

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט זיך ווילד אומגעקוקט, וויא איינער, וועלכער האפט זיך אויף נאך א שרעקליכען טרוים.

— איך דאנק דיר, מיין קינד, וואס דוא ביסט אזוי שפעט נאך געקומען צו מיר. — האסט דוא זיך אמוזירט, מיין קינד?

יוליא האט ניט באלד געענטפערט. זיא האט איהם ארומגענומען, האט איהם אנגעהויבען צו קושען און האט ענדליך געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— דוא ליעבסט מיך, פאָטער?

— וואס פרעגסט דוא, קינד? האט דער מאלער געזאגט פערטראכט.

— אלזאָ, דוא ליעבסט מיך? — דאן — דאן — בעט נאט פאר מיר!

זיא האט ניט געווארט אויף קיין אנטווארט, האט א קוש געטהאן דעם פאָטער אויףביידע באקען און איז אנטלאפען צו זיך אין צימער.

---

35טעס קאַפּיטעל.

## אונשולד און שולד.

אין דער וואינונג פון מאדאם ראימאנד אין דריטען שטאק פון דער שטראסע לאַפּעוו האט זיך אנגעהויבען א נייעס לעבען, זייט דיא נייע קווארטיראנטין, מאדאם בערנאר האט זיך אהין אריינגעצויגען.

דעם ערשטען זאמסטאג אבענד איז זיא מיט'ן קוימענקעהרער לעפראנק געגאנגען אויף א מיטינג פון רעוואָלוציאָנערע. לעפראנק האט זיא פאָרגעשטעלט אלס א קעמפּפערין און פערטהיידיגערין פון דיא אינטערעסען פון'ם ארימען, אונטערדריקטען פאלק. מען האט זיא אויפגענומען מיט פערגניגען. זיא האט צוואר געזאגט נור עט־ליכע ווערטער, אָבער דיעזע עטליכע ווערטער זיינען געווען פול מיט חן און מיט וואהרער ליעבע צום ארבייטער. אלע זיינען געווען ענטציקט פון איהר און אין דעם ערשטען אבענד האט מען איהר שוין איבערגעגעבען אן אויפטראג אלס מיטגליעד פון א קאָמיטע.

עס איז צוואר געווען א קלייניגקייט, אבער עס האט געוויעזען, אז מען האט צו איהר צוטרויען. זיא און נאך צוויי מיטגליעדער האבען געדארפט עפּעס בעזארגען. זיי האבען עס בעזארגט זאנטאג פאר נאכט און זיא האט זיי איינגעלאדען צו זיך אויף טהעע.

טרייליך און פריינדליך איז מען וויעדער געזעסען ביי מאדאם ראימאנד ארום איהר קליינעם רונדען טישעלע און מען האט גערעדט פון דער סאציאלער רעוואָלוציאָן. מאדאם בערנאר, אדער וויא מען האט זיא יעצט גערופען, געגאסין בערנאר, האט מעהר פון אלעמען געזיעדעלט און געשאָלטען דיא קאַפּיטאַליסטען. זיא האט בעוויע־זען, אז עס איז גאר ניט אזוי שווער זיי אלע מיט איין מאל צו פערניכטען. דיא ארבייטער דארפען נור זיך פעראייניגען און ארויסטרעטען אלע מיט אמאל, וויא איין מאן, און פארדערן זייערע רעכטע.

דיא ווירטהין, מאַדאם ראימאנד, איז געווען א גאנץ איינפאכע פרוי. זיא האט פיעלעס, וואס מען האט גערעדט, ניט פערשטאנען. זיא איז געווען ניט שטארק צו־פריעדען, וואס מען האט ביי איהר אין שטוב גערעדט פון אזעלכע זאכען, וויא רעוואָלוציאָן, באָמבעס, דינאמיט; זיא האט אָבער געשוויעגען, ווייל זיא איז אין אַלגעמיינעם געווען צופריעדען מיט איהר קווארטיראנטין.

מאדאם בערנאר פלעגט איהר איבערלאזען דעם שליעסעל פון איהר צימעריל. דיא ווירטהין, וויא אלע אלטע פרויען, איז געווען זעהר נייגיעריג צו זעהן, וואס עס טהוט זיך דארט. אין צימעריל איז געווען ריין, שעהן און צונעראמט. נור דאס בעט איז געבליעבען צו וואָרפען און ניט פארבעט.

אזוי וויא זיא איז געווען מיט איהר שטארק צופריעדען, האט זיא געשוויגען, ווען דיא יונגע פרוי האט זיך ארויסגעוויעזען אלס א הייסע אנאַרכיסטין און א פיינד פון אלע רייכע און קאַפּיטאַליסטען.

זשאַרזש לעפראנק איז גאר געווען גליקליך. ער האָט זיא געפיהרט אויף דער

פערזאמלונג, ער האט זיא פאַרנעשטעלט, ער האט געזעהן, אז מען זאל זיא מאכען פאר א מיטגליעד פון קאמיטע. אויפ'ן וועג א היים האט ער איהר אנגעבאָטען זיין האנד. זיא האט אָנגענומען דיא האנד און די זיינען ביידע געקומען א היים אונטערן אָרים.

דיעזען אָבענד איז מען ווידער געזעסען שפעט און מאדאם ראַימאָנד איז אנטשלאָפען געוואָרען. ווען זיא האט זיך אויפגעחאפט און האט געמעלדעט, אז עס איז שוין צייט צו געהן שלאָפען, האט זיך דיא יונגע פרוי אויפגעהויבען מיט א זיפץ.

— יא, געגאַנגען, מיר מוזען געהן זיך אויסרוהען אום מארגען צו ארבייטען פאר דיא קאַפּיטאַליסטען.

זיא האט אבשיעד גענומען פון אלעמען און איז געגאנגען אין איהר צימעריל.

— ער וועט מיט מיר צופריעדען זיין, האט זיא געזאגט, ווען זיא האט פער־שלאסען דיא טהיר הינטער זיך. — איך וועל באלד וויסען אלע זייערע געהיימניסע. עס הוט מיר נור לייד, וואס איך וועל מוזען דיעזע וואך נעכטיגען א פאר נעכט אין עזען שמוץ.

זייט מאדאם בערנאר האט זיך אריינגעצויגען צו מאדאם ראַימאָנד, האט זיך מיט איהר אריינגעצויגען דאס גליק אין דיעזעס הויז.

דעם אנדערן טאג, מאנטאג אין דער פריה, איז געקומען א מאן פון א יאָהר עטליכע און פופציג און האט געדונגען ביי מאדאם ראַימאָנד דאס איינציגע לעדיגע צימעריל, וואס איז איהר געבליעבען.

דער מאן איז געווען טויב וויא א גלאָק און קראנק אויף דיא אויגען. ער האט געמוזט טראָגען א פאר גרויסע, בלויע ברילען.

ער האט דערצעהלט מאדאם ראַימאָנד, אז ער איז א מאל געווען זעהר רייך, האט געהאט א פרוי מיט קינדער. אלע זיינען אבער אויסגעשטארבען. זיין פערמעגען האט ער פערלארען אין אייניגע שפעקולאציאָנען אויף דער בירזע. יעצט זוכט ער זיך א וואינונג צווישען גוטע, שטילע מענשען, וועלכע זאלען ארום איהם ארומגעהן אויף דער עלטער. ער פערלאנגט קיין זאך ניט אומזיסט. ער וועט פאר אלעם בעצאהלען, ער וויל נור, אז מען זאל איהם צוברענגען, וואס ער דארף.

מאדאם ראַימאָנד איז געווען העכסט צופריעדען מיט אזא קווארטיראנט. לע־בען איהם וועט איהר אויך עפּעס אראפּפאלען. זיא האט איהם געפרעגט, וואס איז איהם אויף דיא אויגען? ער האט אראפּגענומען דיא ברילען און האט איהר געוויעזען א פאר רויטע אויגען.

— דאס האב איך ערשט ניט לאנג בעקומען, האט ער זיך געקלאגט פאר איהר. איך האב געהאט געזונדע אויגען. ערשט זייט אייניגע טעג זיינען מיר דיא אויגען פלוצלונג רויט געווארען.

מאדאם ראַימאָנד האט איהם געגעבען א זאלב צו דיא אויגען און האט איהם פערזיכערט, אז ער זאל זיך אנשמיערן נור א פאר מאל, וועט ער זיין פאלקאמען געזונד. זיא האט שוין מיט דיעזער זאלב אויסגעהיילט הונדערט אויגען קראנקע.

מארטינאָ — אזוי האט געהייסען דער נייער קוואַרטיראַנט — האט איהר זעהר געדאנקט און האט איהר געפרעגט, וואס דיא זאלב וועט קאָסטען.

— א קלייניגקייט, נור פינף און צוואנציג סאַנטים, האט מאדאם ראַימאָנד געענטפערט.

ער האט איהר געגעבען א פארנק.

— איך וועל אייך אייביג דאנקבאר זיין, ווען אייער זאלב וועט מיר העלפען, האט ער איהר געזאגט. — איך האב שוין איבערגעפרעגט פיעלע דאקטוירים, יעדער האט מיר געגעבען אנאנדער מיטעל, קיינעם פון זיי אבער האט ניט געהאלפען.

איין זאך נור איז געווען זעהר שלעכט מיט׳ן נייען קוואַרטיראַנט. זיין טויבקייט. מען האט געמוזט שרייען צו איהם גאנץ הויך. מאדאם ראַימאָנד איז געווען זעהר אונאנגענעהם, ווען זיא האט איהם געדאַרפט עפּעס זאָגען. זיא האט ניט געקענט שרייען אזוי הויך. מארטינאָ האט עס באַלד אליין איינגעזעהן און האט זיא געפרעגט, אויב זיא קען שרייבען.

— איך קען שרייבען, האט זיא געענטפערט.

— נון, דאן איז אלעס רעכט, האט מארטינאָ געזאָגט. ווען איהר וועט דארפען מיר עפּעס זאגען אדער מיך עפּעס פרעגען, וועט איהר מיר אנשרייבען אויף א שטיקעל פּאַפּיער.

אזוי איז עס געבליעבען. מארטינאָ האט באַלד אריינגעצויגען אין זיין נייע וואינונג. ער האט געהאט ניט פיעל זאכען מיט זיך און האט זיך באַלד איינגעאָרדנעט אין זיין נייע וואינונג.

וואלט מארטינאָ ניט געווען אזוי טויב, וואלט מאדאם ראַימאָנד זיך איבער־לעגט, אויב זיא זאל איהם אויפנעהמען אלס קוואַרטיראַנט. זיא וואלט מורא געהאט, ער זאל זיך ניט צוהערן, וואס לעפּראַנק מיט מאַדאַם בערנאַר רעדען איבער רעוואָ־לוציאָן און באָמבעס. פאר אזא טויבען מענשען אבער האט מען ניט, וואס מורא צו האבען.

מאדאם ראַימאָנד האט זעהר געוואלט, אז אלע איהרע קוואַרטיראַנט זאלען זיין בעקאַנט און זאלען לעבען פריעדליך, וויא מיטגליעדער פון איין פאַמיליע. ווען זשאָרזש לעפּראַנק איז געקומען א היים פון זיין ארבייט, האט זיא איהם באַלד בעקאַנט גע־מאַכט מיט איהר נייען קוואַרטיראַנט.

זשאָרזש לעפּראַנק האט געזעהן פאר זיך אן אלטען מאַן אין א פעסט פער־קנעפּעלטען שווארצען ראָק מיט א גרויסען ווייסען קראַגען, וועלכער האט פארשטעלט זיין האלבעס געזיכט. דער אלטער מאַן האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געזאָגט:

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך האב ענדליך געפונען א שטילע, רוהיגע וואינונג צווישען עהרליכע מענשען.

לעפּראַנק האט עפּעס געענטפערט. דער אלטער האט איהם אנגעקוקט און האט געשמייכעלט.

— וואו איז אונזער קווארטיראנטין? האט לעפראנק געפרעגט. איז זיא נאך ניט געקומען? — עס איז שוין אזוי שפעט!

— זיא וועט געוויס באלד קומען, האט מאדאם ראימאָנד געענטפערט.

דאס מאל האט מאדאם ראימאָנד ניט געטראָפען. דיא נייע קווארטיראנטין איז ניט געקומען. מאנטאג אבענד האט דיא מארקיזא פּאלאנצאָני געדארפט אויפנעהמען געסט און האט ניט געקענט זיך אנטהאן אלס מאדאם בערנאר.

לעפראנק איז געווען אויסער זיך. זייט ער איז מיט איהר נעהנטער בעקאנט געווארען און האט זיא איינגעפיהרט אין זיין קלוב, איז ער מיט איהר געוואָרען גאנץ היימיש. ער האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז ביי איהם אין הארצען ריהרט זיך עפּעס. ער איז געווען גליקליך, ווען ער האט זיא געזעהן, ווען ער האט מיט איהר גערעדט, ווען עס איז איהם געלונגען אנצוריהרען איהר קלייד, איהר האנד. — ער האט נאך אליין ניט געוואוסט, אז ער ליעבט זיא שטארק, הייס, מיטן גאנצען פייער פון זיין יונגער, גוטער אונשולדינער זעעלע.

עס איז געווארען שפעט. אלע האבען זיך געלעגט שלאפען. מארטינאָ האט געזאגט, אז ער פיהלט זיך היינט שלעכט און האט פערשלאסען זיין טהיר. ער האט מורא געהאט פאר גנבים. מאדאם ראימאָנד האט איהם צוואר ערקלערט, אז זייער גאס איז א גאנץ שטילע. דיא גנבים וויסען, אז דא וואינען ארימע מענשען, ביי וועלכע עס איז ניטאָ וואס צו נעהמען. ער האט אבער ערקלערט, אז ער האָט מורא.

מען האט איהם א מאל בעגנב׳עט און צוגענומען ביי איהם אלעס, וואס איז געווען אין שטוב. פון יענער צייט אן האט ער מורא בעקומען און פערשליעסט דיא טהיר, ווען ער לעגט זיך שלאפען.

ווען עס איז געווארען גאנץ פינסטער אין קארידאר און אין אלע צימער איז מען געשלאפען, האט מארטינאָ שטילערהייט אויפגעשלאסען זיין טהיר, איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר, האט זיך צוגעהערט צו אלע טהירען און איז צוריק אריין צו זיך אין צימער.

— צו וואס האבען זיי מיך געשיקט אהער? האט ער געזאגט צו זיך אליין מיט פערדרוס. איך זעה ניט, וואס איך זאל דא טהאן. — מאדאם ראימאָנד איז אן איינפאכע פרוי, וועלכע זוכט צו פערדיענען פראנקען. דער קוימענקעהרער ווייזט אויס צו זיין אן איינפאכער ארבייטער. — וואס האב איך דא צו שפּירען און צו היטען? —

ער איז אויפגעשטאנען, האט זיך אנגעטהאן זיין אויבערראָק און איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר. לעפראנק איז ניט געשלאפען; ער האט דערהערט שריטע אין קארידאר און איז באלד ארויסגעשפּרונגען פון זיין צימער.

— זייט איהר עס, געגאסין בערנאר? האט ער געפרעגט ניט שטארק הויך.

קיינער האט ניט געענטפערט. ער האט אנגעצונדען א ליכט און איז ארויסגעלאפען אין קאָרידאר. דארט האט ער דערזעהן דעם נייעם קווארטיראנט.

— וואוהין געהט איהר אזוי שפעט, הערר מארטינאָ?

אזוי וויא הערר מארטינאָ איז געווען שטארק טויב, האט ער איהם אנפאנגס ניט געענטפערט אויף זיין פראגע. לעפראנק האט זיך באלד דערמאנט, אז דער נייער

קווארטיראנט איז טויב און האט אנגעהייבען צו שרייען צו איהם אין דער הויך. — הערר מארטינאָ האט ענדליך דערהערט.

— איך פיהל מיך היינט זעהר שלעכט. איך האב פלוצלונג בעקומען שרעקליכע לייבשמערצען און איך געה אין אן אפטהעק קויפען א מעדיצין.

— זאגט מיר, וואס איהר דארפט, וועל איך אייך ברענגען, האט דער גוטער לעפראנק געזאגט.

הערר מארטינאָ האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא קעשענעס און האט ענדליך געפונען א שטיקעל פאפיער, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעשריעבען א רעצעפט.

— דיעזעס רעצעפט העלפט מיר שטענדיג. אויב איהר ווילט, זייט אזוי גוט און ברענגט מיר איהם פון דער אפטהעק. איך האב ניט געוואלט וועקען קיינעם ביי נאכט און האב בעסער געוואלט אליין געהן. עס איז מיר אבער זעהר שווער צו געהן.

לעפראנק האט גענומען דעם רעצעפט און איז אוועקגעלאפען אין אפטהעק.

— אזוי? עס זיינען נאך דא קווארטיראנטען? האט מארטינאָ געזאָגט, ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין צימער. — מען ערווארטעט איינעם? — אלזא, איז דא וועמען נאכצושפירען.

באלד איז לעפראנק צוריקגעקומען מיטן רעצעפט פון אפטהעק. דער טויבער מארטינאָ האט איהם זעהר געדאנקט און האט ביי איהם צוגענומען דעם רעצעפט.

אין קארידאר איז וויעדער געווארען שטיל און רוהיג. לעפראנק איז צוריקגעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געלעגט. ער איז אבער א גאנצע נאכט ניט געשלאפען. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואו עס איז אהינגעקומען דיא גענאסין בערנאר.

דער אלטער מארטינאָ אבער איז געשלאפען רוהיג. וויא עס ווייזט אויס, האט דער רעצעפט איהם ווירקליך געהאלפען. צוואר האט ער איהם ניט איינגענומען, זאנדערן ער האט איהם באלד אויסגעגאסען, עס זיינען אבער דא רעצעפטען, וועלכע העלפען, ווען מען נעהמט זיי ניט איין.

לעפראנק דאגעגען האט זיך געווארפען א גאנצע נאכט אויף זיין געלעגער. ער האט איבערגעקלערט אלעס מעגליכע. ער איז געווען זעהר אונרוהיג.

— עס האט זיא געוויס געטראפען אן אומגליק, וואס זיא איז ניט געקומען א היים, האט ער געזאגט צו זיך אליין. — מארגען פריה מוז איך געהן זיא זוכען.

ערשט פארטאג איז ער אנטשלאפען געווארען אויף א קורצע צייט. ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, איז שוין געווען גרויסער טאג. דיא זון האט געשיינט און דיא גאסען פון פאריז האבען געקאָכט.

ער האט זיך שנעל אנגעטהאן און איז ארויסגעגאנגען אויפ'ן קארידאר. זיין ערשטער גאנג איז געווען צום צימעריל פון זיין גענאסין. ער האט אנגעקלאפט און האט געהערט דאס פרעהליכעס ווארט:

— הערריין!

— אך! גענאסין לואיזא! וואו זייט איהר געווען? האט ער אויסגערופען. איך

האב אייך שעהן געוואלט געהן זוכען. איך האב גאר ניט געוואוסט וואס איבערצר טראכטען.

— ענטשולדיגט מיר, גוטער פריינד! האט מאדאם בערנאר געענטפערט, איך האב אייך פערגעסען צו דערצעהלען, אז איך האב היע אן אלטע טאנטע, וועלכע איך מוז א מאל בעזוכען. איך בין היינט געגאנגען צו איהר אויף א פאר שטונדען און האב זיא געטראפען ניט געזונד. איך האב געמוזט בלייבען ביי איהר נעכטיגען. וואס זאָלען מיר טהאן, מיה, ארימע מענשען? — מיר מוזען דאך העלפען און שטיצען איינער דעם אנדערן.

דערביי האט זיא זיך געקלאגט אויף קאָפּשמערצען. זיא איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפען און מוז יעצט געהן ארבייטען.

פאר נאכט איז זיא געקומען פון איהר ארבייט זעהר מיעד. מאדאם ראימאָנד האט איהר דערצעהלט, אז זיא האט א נייען קווארטיראנט און אז מען מוז רעדען צו איהם גאנץ הויך אדער איהם שרייבען.

זיא האט צונויפגערופען אין איהר צימער אלע איהרע קווארטיראנטען און האט זיי בעקענט. מאדאם בערנאר האט גערעדט מיט'ן נייעם קווארטיראנט נור א פּאָר ווערטער. זיא האט ניט געקענט שרייען צו איהם און האט קיין אינטערעס ניט גע־האט צו רעדען מיט'ן אלטען, קראנקען מענשען.

מען האט איהם געלאזען זיצען אויף זיין שטוהל. מאדאם בערנאר האט ליעבער גערעדט מיט'ן יונגען לעפראנק. דער אלטער מארטינאָ איז געזעסען אויף זיין שטוהל און האט געשמייכעלט, גלייך וויא ער וואָלט געהערט, וואס מען רעדט.

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. מאדאם בערנאר און לעפראנק האבען זיך א פּאר מאל בעגעגענט אבענדס ביי מאדאם ראימאָנד אין צימער און האבען פער־פלוידערט גאנצע שטונדען. זיי האבען זיך ניט געוואונדערט, וואס זיי פלעגען דארט טרעפען דעם אלטען, קראנקען מאן. ער פלעגט זיך זיצען רוהיג אין זיין ווינקעל און פלעגט שמייכלען. מאדאם ראימאָנד פלעגט איהם זעהר בעדויערן. מאדאם בערנאר האט פּראבירט מיט איהם רעדען. עס איז אבער געווען זעהר שווער און וויא עס האט איהר אויסגעוויעזען, איז דער אלטער געווען ניט איבעריג קלוג אויך. זיינע אנטווארטען זיינען געווען, וויא פון א פראנצויזישען בויער.

זאמסטאג אבענד איז דיא קליינע געזעלשאפט ווידער זיך צונויפגעקומען צו מאדאם ראימאנד אין צימער. מען האט ווייטער גערעדט זעהר פערטרויליך. פּלוצלונג איז לעפראנק ארויסגעגאנגען אויף א פּאָר מינוט אין זיין צימער און האט אריינגע־בראכט א בלומען טאָפּ מיט צוויי בליהענדע ראזען. ער האט אניעדערגעשטעלט דעם בלומען טאָפּ אויפ'ן טיש און האט געזאגט צו זיין נאכבארין.

— איהר וועט מיר ערלויבען, גנעדיגע לואיזא, צו פערציערן אייער צימעריל מיט דיעזע בלומען. דיא רייכע האבען אלעס. זיי האבען גאנצע גערטנער אין זייערע הייזער. מיר, ארימע לייט, זיינען גליקליך, ווען מיר קענען ווייניגסטענס האבען א פּאר בלומען ביי אונז אין צימער.

— וואס האט איהר געטהאן, זשאַרזש? האט מאדאם בערנאר אויסגערופען פער־

וואונדערט. דאס קאסט דאך זעהר טהייער! דיא קאפּיטאליסטען האבען דאך ביי אונז אלעס אוועקגערויבט, זאגאר דיא בלומען פון׳ם פעלד, וועלכע דיא גוטע מוטער נאטור ניט אומזיסט, האבען זיי ביי אונז אויך צוגענומען און פערקויפען זיי אונז פאר געלד. פאר וואס האט איהר אויסגעגעבען אזוי פיעל געלד?

— מיר ארבייטען און שאפען אלע רייכטהימער פון דער וועלט, פאר וואס זאלען מיר ניט געניסען אויך? האט זשארזש געענטפערט. — פאר וואס זאלען מיר אונז ניט פערשאפען אזא קליינעס אונשולדיגעס פערגניגען?

— פאר וואס זאלט איהר אבער אויסגעבען געלד? האט מאדאם בערנאר געפרעגט.

— איך פערדיען גענוג אויף צו לעבען, האט לעפראנק געענטפערט. עס בלייבט מיר נאך עפּעס איבעריג. וואס זאל איך טהאן מיט׳ן געלד? איך טרינק ניט, שפּיעל ניט, וויא אנדערע ארבייטער. איך טהו עס ניט, ווייל מען דארף עס ניט טהאן. איך ליעב עס ניט. וואס זאל איך טהאן מיט מיין געלד? — איך זעה דאך, אז איהר פערדיענט קוים אויף צו לעבען, איהר קענט אייך אליין ניט פערשאפען דיעזעס פערגניגען, האב איך מיר ערלויבט, עס אייך צו פערשאפען.

— נעהמט עס אן, מאדאם בערנאר, האט דיא ווירטהין געבעטען, איך האב אויך זעהר ליעב בלומען. מיינע מיטעל ערלויבען מיר אבער ניט זיי צו קויפען, אויסער דעם האב איך געהערט, אז מען טאר ניט שלאפען אין א צימער, וואו עס געפינען זיך בלומען. מען קען דערפון שטארבען.

מאדאם ראימאָנד האט אלץ געוואלט בעווייזען, אז זיא פערשטעהט מעדיצין, זיא אלע אלטע פרויען שטאלצירען מיט זייערע מעדיצינישע קענטניסע. און מען מוז זיין גערעכט געגען זיי אויף אזוי פיעל, אז פון זייער ארומגעהן ארום זייערע קראנקע מענער און קינדער דערווערבען זיי זיך ווירקליך איינינע פּראקטישע מעדיצינישע קענטניסע. מאדאם ראימאָנד האט געהאט פאלקאמען רעכט, ווען זיא האט געזאָגט, אז מען טאר ניט שלאפען אין א צימער, וואו עס געפינען זיך בלומען, פיעל בלומען, אבער ניט אן ארימער בלומענטאָפּ מיט צוויא ראזען.

— נו, אויב אזוי, האט מאדאם בערנאר געזאגט, מוז איך איין ראזע אפּשניידען.

זיא האט ארויסגענומען פון דער קעשענע אן ארבייטער שעערעלע, האט אָפּ־געשניטען איינע פון דיא ראזען און האט זיא זיך איינגעשטעקט אין קאפּ. לעפראנק איז געווען ענטציקט. דיא ראזע האט איהר זעהר געפּאסט. דער קראנקער מארטינאָ איז געזעסען און געשמייכעלט. ער האט דאך געביך ניט געהערט, וואס מען רעדט.

— וואס זיינען צוויי ראזען? האט מאדאם בערנאר געזאגט טרויעריג. ארומ־צושפּאציערען אויפ׳ן פרייען פעלד, אין גרינעם וואלד, וואו דיא נאטור האט אויסגע־שפּרייט איהר טהייערן טעפּיך (קארפּעט) דאס איז א פערגניגען! דאס הייסט געלעבט און גענאסען דאס לעבען. — אבער מיר, ארימע ארבייטער, קענען אונז אזא פערגניגען ניט פערשאפען, עס קאסט צו טהייער. מען מוז ארויספאהרען הינטער דער שטאדט. מיר מוזען זיין צופריעדען מיט ארימע צוויי ראזען, פון וועלכע מיר מוזען איינע אפּ־

שניידען, עס זאל אונז ניט שאדען. אבער אויך דאפיר דארף איך אייך דאנקען, מיין גוטער, עדעלער פריינד.

זיא איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל און האט איהם געגעבען דיא האנד. לעפראנק האט זיא קוים אנגעריהרט. זיא אבער האט צוגעהאלטען זיין האנד איינינע מינוטען און האט איהם געדריקט אזוי פריינדליך, אזויווארם, אז דער ארימער קוימענקעהרער איז געווען אויפין זיעבענטען הימעל.

— ווייסט איהר וואס, פריינדין לואיזא? האט ער אויסגערופען, לאמיר מארגען אויספאהרען הינטער דער שטאדט אין א וואלד ערגעץ. איך האב אויך זעהר ליעב דיא פרייע נאטור. איך בין געבארען געווארען אין א דארף. אין מיין קינדהייט פלעג איך ארומלויפען אין דיא וועלדער אויף דער פרישער לופט. דאמאלס האב איך אנגעזאמעלט קרעפטען פאר מיין איצטיגעס לעבען אין דער פערפעסטעטער לופט פון פאריז. — לאמיר מארגען ארויספאהרען ערגעץ!

— וואס רעדט איהר, פריינד? האט מאדאם בערנאר איהם געזאגט. דאס דארף קאסטען זעהר פיעל! דאס דארף אונז קאסטען מעהר אלס צעהן פראנק.

— נו, וואס איז? איך האב היינטיגע וואך זעהר שעהן פערדיענט, איך האב געהאט א גוטע וואך און קען מיר ערלויבען אזא אויסגאבע.

— ניין, פריינד! איך קען עס מיר ניט ערלויבען. עס איז צופיעל.

זיא האט געטראכט א פאר מינוט און האט פלוצלונג געזאגט:

— ווייסט איהר וואס? איך וועל בייטראגען דיא העלפט אויסגאבען. איך האב צוואר היינטיגע וואך ווייניג פערדיענט, איך האב אבער עטליכע פראנקען אין א שפאר=באנק, וועלכע איך האב געהאלטען אויף א ווינטער קלייד. איך וועל נעהמען פון דארט איינינע פראנקס און ווען איך וועל וויעדער פערדיענען מעהר, וויפיעל איך דארף, וועל איך צוריקלעגען אין דער באנק.

— אלזא, מארגען פאהרען מיר אוים? האט לעפראנק אויסגערופען פול פרייד.

— ניט גאנץ פריה, האט דיא יונגע פרוי געזאגט. איך מוז אופשטעהן גאנץ פריה און לויפען זעהן, וואס מיין ארמע טאנטע מאכט.

— קענט איהר עס ניט אפלעגען אויף מאנטאג?

— ניין, איך האב איהר צוגעזאגט צו קומען מארגען. זיא האט זיך געכטען געפיהלט ניט גאנץ גוט.

— אלזא, ווען וועט איהר זיין צוריק?

— אום עלף אוהר.

אין דיעזע מינוט האט זיך מאדאם ראימאינד אויפגעחאפט פון איהר שלאף. זיא איז שוין געווען אזוי געוואוינט. קוים האבען דיא יונגע לייט אנגעהויבען צו רעדען, פלעגט זיא באלד אנטשלאפען ווערן.

— העדר לעפראנק, האט זיא איהם געזאגט, היינט איז דאך זאמסטאג, איהר האט דאך געוויס א פערזאמלונג היינט, וויא קומט עס וואס איהר נעהט ניט אויפין מיטינג?

דיא יונגע לייט האבען זיך אנגעקוקט. זיי האבען ביידע פערגעסען, אז זיי האבען היינט א וויכטיגען מיטינג.

— איך דאנק אייך, וואס איהר האט אונז דערמאנט אן אונזער מיטינג, האט מאדאם בערנאר געזאגט און האט א ווינק געטהאן דער ווירטהין. איך האב מיך אזוי פערעדט מיט אונזער פריינד לעפראנק, אז איך האב גאר פערגעסען אן דאס וויכטיגסטע. אבער עס איז נאך ניט שפעט. מיר וועלען נאך קומען צו דער רעכטער צייט.

זיא האט א קוק געטהאן אויף דער אלטער־וואנד אוהר אין מאדאם ראימאנד'ס צימער.

— עס איז ערשט האלב נאך ניין. קומט זשארדש! מיר וועלען מוזען געהן א ביסעל שנעלער.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען. מאדאם ראימאנד איז שלעפעריג געווען און האט געוואָלט איינשפארען קעראסין אין איהר לאָמפּ. דער אלטער און קראנקער מארטינאָ האט זיך היינט געפיהלט זעהר שלעכט און איז אויך אוועק אין זיין צימער. ווען ער האט פערשלאָסען דיא טהיר הינטער זיך, האט ער זיך אויסגעשטרעקט און האט געזאגט:

— מאדאם בערנאר איז אזא ארבייטערין, וויא איך בין א טויבער און א בלינדער.— זיא וועט מארגען אין דער פריה געהן צו איהר אלטער טאנטע, וויא איך וועל געהן צו מיין אלטער טאנטע, — איך מוז איהר נאכגעהן. — איך מוז זעהן, וואוהין זיא געהט. — זיא שפיעלט מיט דעם ארימען קוימענקעהרער א זאנדערבארעס שפיעל. — איך מוז עס וויסען. — זיא האט איהם ארויסגערופען, ער זאל פאהרען מיט איהר הינטער דער שטאדט, אין א וואלד. זיא וויל ניט רעדען מיט איהם דא אין צימער, זיא וויל ניט רעדען מיט איהם אויף דער גאס. — עס מוז זיין עפּעס וויכטיגעס. — דאס האט מען מיך געשיקט אהער!

— — — — — — — — — — — — —

עס איז זאנטאג אין דער פריה. אויף דער שטראסע לאפעוו איז היינט שטילער און רוהיגער. דיא אנגעהארעוועטע און אנגעארבייטעטע ארבייטער ערלויבען זיך צו שלאפען שפעטער, וויא אין א וואכען טאג. היינט דארף מען ניט אויפשטעהן גאנץ פריה צו דער ארבייט. היינט איז מען פריי פון דער נויט און דעם צוואנג פון דער אונאנגענעהמער ארבייט.

און דענאך איז אין דעם הויז, וואו מאדאם ראימאנד וואינט, ניט גאנץ שטיל. דער אלטער און קראנקער מארטינא איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און האט זיך אנגעטהאן יום־טובדיג. מאדאם בערנאר איז אויך אויפגעשטאנען גאנץ פריה: זיא דארף דאך געהן צו איהר טאנטע. זשארזש לעפראנק האט ניט געקענט שלאָפען און איז אויך אויפגעשטאנען גאנץ פריה. ער האט געוואלט פאָרבערייטען אייניגע זאכען פאר זייער אויספאהרט (עקסקוירש'ן).

מאדאם בערנאר האט געהאפט אויף זיך איהר אלטען שאַל און איז געלאפען צו איהר טאנטע. אויף דיא טרעפ האט זיא בעגעגענט דעם אלטען מארטינא. ער איז געגאנגען לאנגזאם און פארזיכטיג אנגעשפארט אויף א גראבען שטעקען.

— גוטען מארגען, נאכבאר! האט איהם מאדאם בערנאר געגריסט. — וואוהין געהט איהר אזוי פריה?

ער האט זיא אנגעקוקט אזוי דום, אזוי וויא אלע טויבע מהוען, ווען זיי זעהן, אז מען רעדט צו זיי און הערן ניט, וואס מען רעדט, אז מאדאם בערנאר האט געמוזט שרייען איהם לעבען אויער:

— וואוהין געהט איהר אזוי פריה?

— אין דער קירכע, מיין קינד, האט דער אלטער געענטפערט. איך בין שוין אזוי געוואינט. יעדען זונטאג אין דער פריה מוז איך געהן אין קירכע הערן דיא פריה מעסע (תפלת שחרית).

מאדאם בערנאר האט א שמייכעל געטהאן, גלייך וויא זיא האט געוואלט זאגען: וואס שלעפסט דוא זיך, אלטער נאר, אין דיא גאסען? ליעג בעסער אין דער היים. דער אלטער האט בעמערקט דעם שמייכעל און האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג.— ער האט אנגעהויבען צו קרעכצען.

— אבשייליכע טרעפ אין דיעזעם הויז, האט ער געזאגט אין דער הויך. ער פלעגט שטענדיג רעדען הויך, וויא אלע טויבע רעדען. — אבשייליכע טרעפ! איך ווער מיעד אראפגעהענדיג פון אזעלכע טרעפ. אך! — אך!

מאדאם בערנאר איז געווען אזוי פריינדליך, אז זיא האט אנגענומען דעם אלטען מאן ביי דער האנד און האט איהם אראפגעפיהרט פון דיא טרעפ. — ארימע לייט מוזען דאך העלפען איינער דעם אנדערן.

ווען זיי זיינען ארויסגעקומען אויף דער גאס, האט זיא איהם געפרעגט:

— אין וועלכער קירכע געהט איהר?

זיא האט עס געפרעגט אזוי הויך און אזוי נאהענט לעבען זיין אויער, אז ער האט באלד דערהערט.

— אין וועלכער קירכע זאל איך געהן? — איך קען ניט געהן וויים. איך מוז געהן אין דער ערשטער קירכע, וואוהין איך קען מיך צו שלעפען.

און ער האט איהר געוויעזען אויף א הויכען טורעם פון א קירכע ניט וויים. מאדאם בערנאר האט געדארפט געהן אין דער אנדערער זיים. זיא איז אויך באלד פערשוואונדען אין א זייטען גאס. קוים איז זיא פערשוואונדען פון דיא אויגען, האט דער אלטער צוגערופען א קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין דער גאס, וואו זיא איז פערשוואונדען. עס איז איהם אזוי וויים געלונגען, אז ווען זיין קארעטע איז אריינגעפאהרען אין יענע גאס, האט ער געזעהן, וויא מאדאם בערנאר זעצט זיך אויף א דראשקע און הייסט דעם קוטשער פאהרען גאנץ שנעל.

— פאהר נאך יענע דראָשקע! האט דער אלטער מארטינא געזאגט צו זיין קוטשער. לאז זיא ניט אפ פון אויג ביז פאר דעם הויז, וואו זיא וועט בלייבען שטעהן. דארט זאלסט דוא פאָהרען זעהר לאנגזאם. — דוא בעקומסט פינף פראנק טרינקגעלד!

דיא קארעטע איז נאך געפאהרען דיא דראשקע דורך פיעלע גאסען און געסליך, מארטינאָ האט ניט אראפגעלאָזען קיין אויג פון דער דראשקע. וויא עס ווייזט אויס, האט דיא זאלבע, וועלכע מאדאם ראימאנד האט איהם געגעבען, זעהר גוט געווירקט. ער האט אראפגענומען דיא גרויסע בלויע ברילען און האט זעהר גוט געזעהן מיט זיינע קראנקע אויגען.

דיא דראָשקע איז ענדליך געבליעבען שטעהן. מאדאם בערנאר איז ארויסגע־נאנגען, האט בעצאהלט דעם קוטשער און איז לאנגזאם געגאנגען צו פוס אייניגע גאסען. דאן איז זיא צוגעקומען צו א מויער פון א גארטען, האט ארויסגענומען א א שליעסעל און האט געעפענט א קליין טהירעלע אין דער מויער.

מארטינא איז ארויסגעשפרונגען פון זיין קארעטע, האט בעצאהלט דעם קוטשער און איז זיך אוועקגעגאנגען צו פוס. ער האט גוט בעמערקט דאס טהירעל, וואוהין מאדאם בערנאר איז אריינגעגאנגען און איז ארומגעגאנגען דאס גרויסע הויז, ביז ער איז געקומען צום פארטאל, צו דיא גרויסע מארמארנע טרעפ, וועלכע האבען געפיהרט צום הויפט איינגאנג. דארט האט געגלענצט, וויא גאלד, א מעשין בלעטעל מיט גרויסע שעהנע בוכשטאבען: מארקיזא פאלאנצאני.

— אזוי? דאס איז דיא ארימע טאנטע, צו וועלכער מאדאם בערנאר איז געלאפען אזוי פריה? האט מארטינא געזאגט צו זיך אליין. — מען מוז וויסען, ווער דיא מארקיזא איז! — מען דארף זיא זעהן!

ער האט צונערופען א דראשקע און האט געהייסען פאהרען צוריק אין דער שטראסע לאפעוו. — לאנגזאם, קרעכצענדיג, האט ער זיך קוים ארויפגעשלעפט אויף דיא טרעפ אין זיין צימער. מאדאם ראימאנד איז שוין גוט געשלאפען. זיא האט עפעס נערעדט מיט לעפראנק.

— וואו זיינט איהר עס נעוועזען אזוי פריה? האט זיא איהם געפרעגט.

— אין דער קירכע, מאדאם, האט ער נעענטפערט.

— דאס איז שעהן פון אייך, האט מאדאם ראימאנד איהם געלויבט.

— דאס איז מיין פפליכט. יעדער מענש דארף דאנקען אן גאט און דארף איהם לויבען דערפאר, וואס ער שענקט איהם דאס לעבען.

— יעצט ווילט איהר געוויס עפעס עסען?

— אה, יא, מאדאם, ווען איהר האט נור עפעס צו עסען. איך פיהל מיך היינט זעהר גוט און האב נעראדע אן אפעטיט עפעס צו עסען.

— ווילט איהר עסען אין אייער צימער?

— אה, ניין! עס איז היינט זונטאג, איך וויל זיין צווישען מענשען, איך וויל עסען ביי אייך אין צימער.

לעפראנק איז שוין נעוועזען אנגעטהאן און פערפוצט, וויא א פירסט. ער האט געבראכט א קערבעלע מיט עסענווארג און האט זיך יעדעס מאל בעראטהען מיט מאדאם ראימאנד, וואס ער זאל מיטנעהמען אויפ'ן וועג. ער און מאדאם בערנאר פאהרען אויס אויף א גאנצען טאג, דארף מען מיטנעהמען עסען. ער האט איבערגע־קוקט יעדע זאך, האט אלעס פערפאקט און צונויפגעלעגט. ער איז געוועזען זעהר אונ־רוהיג און אויפגערעגט. ער האט ערווארטעט זעהר פיעל פון דיעזער אויספאהרט מיט זיין געליעבטער. ער האט נעפיהלט, אז ער ליעבט זיא, אז ער קען ניט לעבען אהן איהר און האט געהאפט אויף אן ערקלערונג.

ער איז געוועזען זעהר אונרוהיג, וואס זיא איז אוועקגעגאנגען.

— מעגליך, אז איהר טאנטע איז וויעדער קראנק געווארען און זיא וועט ניט

קענען קומען, האט ער געטראכט און דאס הערץ האט איהם געקלאפט שטארקער.

ענדליך, פונקט עלף אוהר איז מאדאם בערנאר אנגעקומען. אויף לעפראנק'ס געזיכט האט זיך געוויעזען א גליקליכער שמייכעל.

— אה! איהר זייט פינקטליך, געגאסין לואיזא! האט ער אויסגערופען, ווען ער האט זיא דערזעהן.

— איך בין שוין געוואינט צו זיין פינקטליך. אן ארבייטערין מוז זיין פינקטליך. מען מוז קומען פינקטליך צו דער ארבייט. מען מוז עסען פינקטליך אויפ'ן זייגער, מען מוז אלעס טהאן פינקטליך. וויא זאל איך ניט זיין פונקטליך, ווען עס האנדעלט זיך אום א פערגניגען, וועלבעס איך האב שוין אזא לאנגע צייט ניט געהאט און אויף וועלבעס איך האב שוין אזוי לאנג ארויסגעקוקט?

— אלזא, טהוט אייך אן און לאמיר געהן, ה:זט לעפראנק געזאגט. איך האב שוין אלעס פארבערייטעט.

מאדאם בערנאר איז אריינגעגאנגען אין איהר צימער, האט זיך אנגעטהאן און איז באלד ארויסגעקומען, איהר געזיכט איז געווען פערהאנגען מיט א געדיכטען וואואל.

— צו וואס טויג אייך דער וואואל? האט מאדאם ראימאנד געפרעגט.

עס איז איהר פארגעקומען עטוואס זאנדערבאר, אז אן איינפאכע ארבייטערין זאל זיך פארדעקען דאס געזיכט מיט א געדיכטען וואואל.

— עס איז ביי מיר א געוואהנהייט, האט מאדאם בערנאר געענטפערט. פון קינדוויים אן בין איך געוואינט צו טראגען א וואואל. ווען איך געה אויף דער ארבייט, קען איך עס ניט אויספיהרען, יעצט אבער ווען איך פאהר אויס צום פערגניגען, וויים איך ניט, פאר וואס איך זאל מיך אפזאגען פון מיין געוואנהייט?

— לאמיר געהן! עס ווערט שפעט! האט לעפראנק געבעטען.

איהם האט ווייניג געקימערט, וואס זיינע פריינדין טראגט א שלייער.

— אלזא, אויף וויעדערזעהן! ווינשע פיעל פערגניגען! האט מאדאם ראימאנד געזאגט.

— פיעל פערגניגען! האט מארטינא וויעדערהאלט.

ביידע יונגע לייט זיינען אראפגעגאנגען דיא טרעפ.

שטאלץ, וויא א קייסער, און גליקליך, וויא א געליעבטער, איז לעפראנק געגאנגען לעבען מאדאם בערנאר איבער דיא גאסען פון פאריז. ער האט איהר אנגעבאטען זיין ארים און זיא האט איהם אנגענומען. — ער האט בעשטעלט א דראשקע און וואלט געקענט באלד זיך אויפזעצען. עס איז ביי איהם אבער געווען א בעזאנדערעס פערגניגען צו געהן מיט איהר ביי טאג איבער דיא גאסען.

— וואוהין וועלען מיר פאהרען? האט זיא פלוצלונג געפרעגט. — אין בוא דע בולאן איז ניטא וואס צו זעהן. דיא קאפיטאליסטען האבען פערפעסטעט דעם גרויס־ארטיגען פארק מיט זייער קונסט. זיי האבען פערצוימט און פערשטעלט יעדעס שעהנע שטיק פעלד בעדעקט מיט בלומען און גראזען. ווען ארימע לייט, וועלכע זיצען א גאנצע וואך אין ענגע שמוציגע און פערשטונקענע פאבריקען, ווילען זיך זונטאג אנטהאן א פערגניגען און זיך זעצען אונטער א בוים אדער זיך אניעדערלעגען אויפ'ן גראז, קומט

א גראָבער, אָפּגעפרעסענער פּאָליסמאַן און טרייבט זיי אוועק, אדער ער ארעסטירט זיי גאָר. — ניין, מיין פריינד, איך וויל ניט פאהרען אין בוא דע בולאָן, ער איז מיר פערהאסט. ער איז נור פאר קאַפּיטאַליסטען.

— איך האב אויך פיינט דעם בוא דע בולאָן, האט זשארש לעפראַנק גענענט־פערט. מיר וועלען נעהמען א דראשקע ביז צום באהנהאף. דאָרט וועלען מיר זיך אויפזעצען און פאהרען קיין איוורי, א דאָרף ניט ווייט פון פּאריז. דארט האבען מיר אן עבטען וואלד מיט עכטע בלומען, אהן א צוים, אהן אייזערנע פלעקער ארום און אהן א פּאָליסמאַן.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו א פּלאַץ, וואו עס האט געווארט אויף זיי א דראָשקע. זיי זיינען צוגעפאהרען צום באהנהאף און זיינען אנגעקומען פּינקטליך צום צוג. דער לאָקאָמאטיוו האט געקרעכצט און געפייפט, באלד איז דאס גרויסע מעער פון הייזער, וועלכעס מען רופט פּאריז, פערשוואונדען. אין אייניגע מינוטען ארום זיינען זיי ארויסגעגאנגען אויפ׳ן קליינעם באהנהאף פון׳ם דארף איוורי.

— וועלען מיר פיעללייכט פריהער פריהשטיקען און דער נאך געהן שפּאציערן? האט לעפראַנק געפרעגט.

— אך, ניין, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט. עס איז ביי מיר אזא זעלטענעס פערגניגען צו אטהעמען דיא פרישע לופט, אז איך וויל גאר ניט עסען. קומט, לאמיר בעסער געהן אין וואלד, לאמיר שלינגען דיא ריינע, געזונדע, פרישע, ערקוויקענדע לופט פון דיא טענענבוימער (סאָסנעס).

מיט דיעזע ווערטער האט זיא אראפּגענומען פון איהר געזיכט דעם געדיכטען שלייער, וועלכען זיא האט ביז אהער געטראגען און האט איהם ארומגעוויקעלט ארום איהר הוט.

— דא, אין דארף, אין דער פרייער נאטור, דארף איך ניט דעם שלייער. דא ווירקט דיא גרינע פארב פון דיא גראזען און בלעטער זעהר גוט אויף דיא אויגען.

זיא האט איהם אוועקגעשלעפּט פון׳ם באהנהאף און פון׳ם קליינעם רעסטאראַן, וועלכער איז געוועזן לעבען באהנהאף. זיי זיינען באלד ארויסגעגאנגען פון׳ם דארף אין א שעהנעם גרינעם וואלד. מאדאם בערנאר איז געווארען פרעהליך און ווילד, וויא א קינד. זיא איז ארומגעלאפען אין וואלד, האט געטאנצט, געשפּרונגען, געזונגען, געלאַכט און געריסען בלומען.

לעפראַנק האט זיא פערשלונגען מיט דיא אויגען. זיא איז געוועזן אזוי שעהן, אזוי רייצענד, אזוי קינדיש גליקליך אין דיעזען וואלד! זיא האט פערגעסען, וואו זיא איז, זיא איז געלאפען אלץ טיעפער אין וואלד, וואו זיא האט יעדעס מאל געפונען נייערע, שעהנערע און פרישערע בלומען. זיא האט אנגעריסען אזא גרויסען בונט בלומען, אז זיא האט איהם מעהר ניט געקענט דערטראָגען און האט עס איהם איבערגעגעבען. דערביי איז זיא געוועזן אזוי אונגעשיקט, אז זיא איז אויף איהם שיער ניט ארויפגעפאלען.

ער האט זיא געטמטם אונגטערהאלטען און צופעליגער ווייזע האט ער זיא צוגער

פרעסט צו זיין ברוסט. זייערע אויגען האבען זיך בעגע:ענט. זיא איז רויט געווארען און האט א שמייכעל געטהאן.

— אך! האט זיא אויסגערופען. מיר זיינען פערגאנגען אזוי טיעף אין וואלד, אז מיר זיינען יעצט ווייט פון מענשען.

— זיינען מיר דען געקומען אהער צו זיין נאהענט לעבען מענשען? האט לעפראנק געזאגט. — מיר זיינען אנטלאפען פון דיא מענשען, וועלכע נעהמען ביי אונז אלעס צו און פערביטערען אונז נאך דאס לעבען. — מיר זיינען געקומען אהער צו געניסען דאס לעבען אין גרויסען, ריינעם און פרייען טעמפעל פון דער נאטור.

— איהר האט רעכט, מיין פריינד, האט דיא יונגע פרוי געזאגט פערטראכט. — דא איז זעהר א גוטער פלאץ. הויכע, שטארקע, אלטעביימער שפרייטען אויס זייער גרינעם שאטען איבער אונז. שטילע, רוהע און פריעדען הערשען ארום און ארום. — אך! וואלטען ביי דיא מענשען אויך געהערשט אזא רוהע און פריעדען, וויא אין טעמפעל פון דער נאטור!

זיא האט אויסגעזוכט א דיקען בוים, אונטער וועלכען עס איז געוואקסען הויכעס ווייכעס גראָז, האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אריינגעלעגט אין איהר שויס דיא בלומען, וועלכע זיא האט אנגעריסען.

— זעצט אייך לעבען מיר, זשארזש! האט זיא איהם געבעטען. — לאמיר אויסזארטירען דיא בלומען און מאכען פון זיי קרענצלעך אלס אנדענקען אן דיעזען הערליכען טאג, וועלכען מיר האבען פערבראכט אזוי גליקליך.

ער האט זיך געזעצט לעבען איהר און האט אנגעהויבען צו סארטירען דיא בלומען און איהר דערלאנגען. ער איז אבער געווען פערטראכט און צערשטרייט. ער האט אפט געמאכט פעהלער און זיא האט איהם בעשטראפט מיט א לייכטען זעץ איבער דער האנד. — ענדליך, האט ער זיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען:

— פריינדין לואיזא, האט ער איהר פלוצלונג געזאגט מיט א ביטענדער, ציטערענדער שטימע. — פיעללייכט וואלט דיעזער שטילער טעמפעל פון דער הייליגער נאטור געווארען פאר מיר א טעמפעל פון — זיסע האפנונגען? —

זיא האט אוועקגעוואָרפען דיא בלומען און האט ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ.

— לואיזא! האט ווייטער געזאגט דער ארמער לעפראנק, עס איז וואהר, אז מיר קענען זיך ערשט גאר ניט לאנג. פון דער ערשטער מינוט אן אבער, וואס איך האב אייך דערזעהן, האב איך געפיהלט, אז עפּעס וועט זיך ענדערין אין מיין לעבען. — פון דער ערשטער מינוט, וואס איך בין מיט אייך בעקאנט געוואָרען, האב איך מיך געפיהלט צוגעצויגען צו אייך — איך ווייס ניט, וואס מיר איז געשעהן. — איך קען ניט לעבען אהן אייך. — איך מוז זעהן אייער ליעבעס געזיכט. איך מוז הערן אייער זיסע שטימע. — איך ציטער ביי דעם געדאנקען, אז עס קען קומען א צייט, ווען איך זאל אייך ניט זעהן. איך וועל עס ניט אויסהאלטען! — איך וועל עס ניט איבערלעבען! —

— פאר וואס זאל קומען אזא צייט? האט זיא געזאגט גאנץ שטיל און האט אראפּגעלאזען דעם קאָפּ.

— פאר וואס אזא צייט זאל קומען? האט ער אויסגערופען. דאס לעבען, דאס

לעבען, דאס שווערע, בימערע ארבייטער לעבען רייסט פערנאנדער דיא בעסטע בעי־קאנטע און דיא טרייעסטע פריינד — נור איין זאך איז אימשטאנד פעסטצוהאלטען צוויי מענשען — דאס היילינע באנד דער ליעבע! —

ער האט אויפגעאטהעמט א פאר מינוטען, גלייך וויא ער האט ערווארטעט אן אנטווארט. אזוי וויא דיא יונגע פרוי האט אבער געשוויעגען, האט ער וויימער געזאגט ערנסט און פייערליך.

— לואיזא! זעהסט דוא דען ניט, פיהלסט דוא דען ניט, אז איך ליעב דיך מיט מיין גאנצעם לעבען, מיט מיין גאנצער זעעלע — אלע מיינע געדאנקען ציהען מיך צו דיר מיט אזא מאכט, אז איך קען עס ניט ווידערשטעהן. — איך בין געוועזן עלענד, איך בין געוועזן אונגליקליך — איך האב געקענט נור האס, צאָרן און פעראכטונג געגען דיא רייכע, נעגען דיא גרויסע — מיין הערץ איז געוועזן פינסטער, וויא דיא נאַכט, קאַלט וויא דער פראָסט און שרעקליך, וויא דער שטורמווינד. — דוא ביסט געקומען און א ווארעמער העלער שטראהל פון ליעבע און האפנונג האט מיך בעלייכטעט. — פערלאז מיך ניט, לואיזא! — ציה דיך ניט צוריק פון מיר! — פערשטויס מיך ניט! — ווארף מיך ניט צוריק אין דאס שרעקליכע פינסטערניס, פון וועלכער דוא האסט מיך ארויסגעפיהרט! — מיט דיר איז לעבען און גליק — אהן דיר איז פינסטערניס און טויט! —

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען. זיינע באקען האבען געפלאַמט, זיינע אויגען האבען געפונקעלט. זיין אטהעם איז דערשטיקט געוואָרען אין זיין ברוסט און ער האט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער, וויא אין א שרעקליכער פיעבער היץ. — ער האט גע־האלטען איהר האנד פעסט אין דיא זייניגע און האט געווארט אויף אן אנטווארט.

— ליעבער פריינד, האט זיא ענדליך געזאגט, — איך פערשטעה און שעצע אייערע געפיהלע. איך האב ערווארטעט פון אייך דיעזע ווערטער, דיעזע ערקלערונג און בין אומיסטען געקומען. —

— אזוי? איז ער אויפגעשפרונגען פול פרייד. — איהר האט פערשטאנען, וואס אין מיר געהט פאָר און זייט געקומען —

— איך בין געקומען אום זיך מיט אייך אויסצורעדען און צווישען אונז אלעס קלאר און דייטליך צו ערקלערן, האט זיא געזאגט מיט א בעוועגטער שטימע.

— אך, וויא דאנקבאר וועל איך אייך זיין! — וויא גליקליך וועט איהר מיך מאכען! —

— איך מוז אייך אבער דערצעהלען דיא גאנצע וואהרהייט, האט דיא יונגע פרוי אנגעהויבען מיט א שוואכער, ציטערענדער שטימע, אין וועלכער מען האט געקענט הערן טרויער און דיא גרעסטע פערצווייפלונג. — איך מוז אייך דערצעהלען דיא געשיכטע פון מיין לעבען. —

לעפראנק האט זיא אנגעקוקט דערשראָקען און געריהרט. ער האט געזעהן, אז זיא וויל איהם ענטדעקען א געהיימניס.

— דיא געשיכטע פֿון אייער לעבען? האט ער געפֿרעגט פֿערוואונדערט. — איהר האט זיא דאך מיר שוין דערצעהלט?

— איך האב אייך ניט דערצעהלט דיא וואהרהייט, האט דיא יונגע פֿרוי געזאגט און האט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען צו דער ערד. — איך בין קיין ווימווע, וויא איך האב געזאגט אייך און מאדאם ראימאָנד — פֿאר פֿרעמדע וויל איך אזוי זאגען. — יעצט אבער — פֿאר אייך — מוז איך זאגען דיא וואהרהייט — דיא גאנצע, פֿולע, טרויעריגע וואָרהייט. —

דער ארימער קוימענקעהרער האט א ציטער געטהאן. ער האט ערווארטעט עטוואס שרעקליכעס.

— איך בין אליין פֿון דייטשלאנד, פֿון א קליין שטעדטעל לעבען דער רוסישער גרענעץ. מיינע עלטערן זיינען געשטאָרבען, ווען איך בין געוועזען נאך גאר א קינד, און האבען מיר איבערגעלאזען א שעהנעס פֿערמעגען. אזוי וויא איך בין געוועזען נאך גאר א קינד, האט מיינער אן אָנקעל מיך גענומען צו זיך. ער איז געוועזען א שטרענגער מענש און מיר איז געוועזען ניט אנגענעהם צו לעבען ביי איהם. — זא לאנג איך בין געוועזען א קינד, האב איך אלעס געמוזט איבערטראגען פֿון איהם. — ווען איך בין עלטער געוואָרען, פֿלעג איך זוכען איהם אויסצו וויכען.

איך האב געהאט א פֿריינדין אין א רוסיש שטעדטעל ביי דער גרענעץ. מיר פֿלעגען זיך אָפֿט זעהן. זיא האט געוואוינט ביי איהרע עלטערן אין א דאָרף הארט ביי דער גרענעץ. איך פֿלעג אָפֿט קומען צו איהר און פֿערברענגען ביי איהר עטליכע טעג. — מיר פֿלעגען ארומגעהן שפּאַציערען צוזאמען, פֿאהרען אויף א שיפֿעל צוזאמען און פֿערברענגען דיא צייט זעהר גוט צוזאמען.

איין מאל איז צו זיי געקומען צופֿאהרען א גאסט, א יונגער מאן פֿון אן אריס־טאָקראַטישער פֿאַמיליע. ער איז געוועזען שעהן, עלעגאנט און האט געוואוסט צו דער־צעהלען אינטערעסאנטע געשיכטען. — זייט ער איז געקומען, האט ער מיך צוגעצויגען, וויא א מאגנעט. — מיר פֿלעגען זעהר אָפֿט רעדען, זעהר אָפֿט געהן צוזאמען שפּאַציערען אין דיא פֿעלדער. —

לעפֿראנק האט אראָפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. זיא האט ארויפֿגעלעגט זעהר לייכט איהר האנד אויף זיינע פּלייצעס.

— איך וועל אייך דערצעהלען אלעס אין קורצען, האט זיא ווייטער געזאגט. — איך בין געוועזען יונג, אונערפֿאהרען, איך האב דאמאלס זעהר וועניג געקענט דיא וועלט און האב ניט געוואוסט, וויא פֿאלש, וויא פֿערדאָרבען דיא אריסטקראטען זיינען. — ער האט מיך ענדליך ערקלערט זיין ליעבע אין הייסע, פֿייערינגע ווערטער, וועלכע זיינען מיר אריין אין הארצען, און האט מיר אנגעבאטען זיין האנד — איך זאל איהם הייראטהען. — וואס זאל איך זאגען? מיין הערץ האט געפֿיהלט א וואהרע ליעבע צו איהם. —

דערביי אבער האט ער מיר דערצעהלט א גאנצע געשיכטע, אז ער קען מיך ניט הייראטהען עפֿענטליך, אין א גרויסע שטאדט אין רוסלאנד. זיינע עלטערן ווילען

איהם פערהייראטהען מיט דער טאָכטער פון א רייכען רוסישען גוטסבעזיצער (פּאָמיעס־משיק) ער ליעבט זי אבער ניט און קען זי ניט ליעבען. זי איז אלט און העסליך, אבער זעהר רייך. זיינע עלטערן נעפינען, אז דאס איז די בעסטע פּארטיע פאר איהם, ווייל זיי האבען פערלאָרען זייער פערמעגען דורך די בעפרייאונג פון די בויערן אין רוסלאַנד.—

ער האט אזוי לאנג נערעדט און דערצעהלט אזוי פיעל. וויא ער ליידעט פון׳ם דעספּאטיזמוס פון זיינע עלטערן, אז איך האב ענדליך נעגלויבט. — וויא גלויבט מען עס ניט דעם מענשען, וואס מען ליעבט? — ער האט מיר פאָרגעלעגט, מיר זאלען אונז פערהייראטהען שטילערהיים. ער וועט שוין אלעס בעזאָרגען. ער איז בעקאנט מיט א גייסטליכען פון א דאָרף, וועלכער וועט אונז פערהייראטהען לויט דיא רוסישע געזעצע.

אזוי וויא איך בין שוין דאמאלס געוועזען פאליעהריג, האב איך געקענט נעהמען דיא ערבשאפט פון מיינע עלטערן און טהאן דערמיט, וואס איך האב געוואלט.— איך האב מיך נאך אומיסטען צוקריעגט מיט מיין אָנקעל און האב איהם געבראַכט אזוי וויט, אז ער איז בייז געווארען און האט מיר נעווארפען דיא ערבשאפט פון מיינע עלטערן אינס געזיכט און האט מיר געזאגט: — „דוא מעגסט דיר געהן, וואוהין דוא ווילסט! איך וויל דיך ניט קענען“.

איך בין געוויס געוועזען אונגערעכט געגען איהם, אבער וואס טהוט מען ניט, ווען מען ליעבט? דיא ליעבע איז שטארקער פון אונז. דיא ליעבע בעהערשט אונז און צווינגט אונז צו טהאן זאכען, וועלכע מיר בערייען שפּעטער.—און איך האב דאמאלס געליעבט.

איך האב גענומען דאס פערמעגען פון מיינע עלטערן — א באנקבוך פון עטליכע מויזענד מארק — און בין צוריקגעפאהרען צו מיין פריינדין. דארט האט מיין געליעבטער אויף מיר געווארט. ער האט שוין אלעס איינגעריכטעט. אז מיר זאָלען אונז פערהיי־ראטהען שטילערהיים. — איך האב געוואוסט, אז מיין אנקעל וועט זיך באלד איבער־לעגען, אז ער האט שלעכט געטהאן, וואס ער האט ארויסגעגעבען א יונגעס מעדכען אזא פערמעגען און וועט מיך געוויס זוכען. איך האב דאהער געשריעבען א בריעף, אז איך בין ביי מיין פריינדין — א זעהר אנשטענדיגע פאמיליע, וועלכע ער האט גוט געקענט. — דאס האט דעם אלטען מאן בערוהיגט. — ער איז געוועזען זיכער, אז איך וועל באלד צוריקקומען א היים. — ליידער, האט זיך עס אנדערש אויסגעלאזט.

מיין געליעבטער האט אונטערדעסען אלעס פּאָרבערייטעט. ער האט געדונגען א הויז אין א שטעדטעל ניט וויים, האט עס זעהר שעהן אויסמעבלירט — פאר מיין געלד. איך האב איהם געגעבען מיין באנקבוך מיט א פאָלמאכט דאס געלד צו ציעהען פון דער באַנק.

ווען אלעס איז געוועזען איינגעריכטעט, האב איך געזאגט מיין פריינדין, אז איך פאהר א היים, צו מיין אנקעל, אין דער וואהרהייט אבער בין איך געפאהרען מיט מיין געליעבטען אין דאס דארף, וואו מיר האבען אפגערעדט, אז מיר זאלען הייראטהען.

עס איז שוין געוועזען פינסטער, ווען מיר זיינען געקומען אין דאָרף. אין קירכע האבען געברענט נור א פּאָר ליכט. דעם גייסטליכען האב איך ניט געקענט, איך האב

ניט פערשטאנען, וואס ער האט גערעדט און וואס פאר א צערעמאניע ער האט געמאכט. ביי מיר איז אלעס געווען גוט און רעכט. איך האב אבער מורא געהאט פאר מיין אנקעל, טאמער וועט ער מיך געפינען און מיר מאכען פארווירפע, וואס איך לעב מיט א פרעמדען מאן, און האב דאהער געפאדערט, אז מען זאל מיר געבען א דאָקומענט, א בעשייניגונג, אז איך בין געזעצליך פערהייראטהעט. מיט אזא דאקר מענט האב איך פאר איהם קיין מורא ניט. — איך בין פאליעהריג און מעג הייראט־הען, ווען איך וויל.

נאך דער צערעמאניע זיינען מיר געפאהרען א היים, אין דעם שטילען, ווארעמען נעסט, וועלכען מיין מאן האט פאר אונז געמאכט. — איך בין געווען גליקליך, איבער־גליקליך אין מיין ליעבע. צוואר פלעגט מיין מאן אפט אוועקפאהרען און פלעגט זיך זאמען עטליכע טעג. דאס האט מיך אבער ניט געהארט.

— איך מוז זיין ביי מיינע עלטערן, פלעגט ער מיר ערקלערן, און זעהן זיי צו בעוועגען, זיי זאלען זיך ענדליך אפזאגען פון זייער פלאן, מיך צו פערהייראטהען מיט דער אלטער און העסליכער גוטסבעזיצערס טאָכטער.

איך בין דערמיט געווען צופריעדען. ווען ער איז ניט געווען אין דער היים פלעגט ער מיר שרייבען טעגליך בריעף, אין וועלכע ער פלעגט מיך פערזיכערן, אז עס וועט איהם שוין באלד געלינגען, צו בעוועגען זיינע עלטערן, זיי זאלען פערגעסען אן זייער רייכע בראוט; באלד וועלען מיר ביידע קומען צו זיי און זיי ערקלערן אונזער ליעבע און אז מיר זיינען געזעצליך פערהייראטהעט.

אזוי איז פערגאנגען א געוויסע צייט. איך בין געווען גליקליך און נאך אנאנדער גליק האט מיך ערווארטעט — איך האב געפיהלט, אז איך וועל אין א קורצע צייט ווערן א מוטער. מיין מאן האט זיך אויך זעהר געפרעהט, ווען איך האב עס איהם דערצעהלט און האט מיר געזאגט, אז יעצט מוז עס אן ענדע נעהמען, ער מוז איין מאל פאר אלע מאל ערקלערן זיינע עלטערן, אז ער איז פערהייראטהעט און זיי מוזען מיך אנערקענען אלס זיין פרוי.

ער איז אוועקגעפאהרען און האט זיך געזאמט לענגער, וויא ביז אהער. ער פלעגט מיר אבער יעדען טאג שרייבען בריעף, אין וועלכע ער פלעגט מיך בערוהיגען און יעדעס מאל דערצעהלען אנאנדער געשיכטע. ער איז צוריקגעקומען, האט מיר דערצעהלט, אז ער האט שוין זיינע עלטערן אלעס דערצעהלט. זיי זיינען זעהר בייז אויף איהם און ווילען פון מיר ניט וויסען.

ער איז געווען טרויעריג און אויפגערעגט. איך האב מיך בעמיהט איהם צו בערוהיגען און איהם אויסצורעדען.

— מיר קענען ערגעץ אוועקפאהרען, האב איך איהם געזאגט, און רוהיג אפוואר־טען, ביז זיינע עלטערן וועלען זיך מיט איהם איבערבעטען.

ער האט זיך פערשטעלט, אז ער איז בערוהיגט, איז געבליעבען ביי מיר אפּאָר טאג, דאן האט ער' געזאגט, אז ער פאהרט צו אן אנקעל. ער וויל איהם בעטען, ער זאל איבעררעדען מיט זיינע עלטערן, זיי זאלען מיך אויפנעהמען אלס זייער שוויעגער

טאָכטער. ער מוז עס טהאָן, ווייל עס איז שוין געווען גאַנץ נאָהענט דיא צייט, ווען איך האָב געדאַרפט ווערן מוטער.

איך אַליין בין אויך געווען זעהר אונרוהיג. יעדע יונגע פרוי איז אונרוהיג אין אַזאַ צייט, בעזאָנדערס ווען זיא איז גאַנץ אַליין און האָט אַרום זיך קיינעם ניט וועל־ בער זאָל אַרום איהר אַרומגעהן.

לעפראַנק איז געזעסען, וויא אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע און האָט אַלעס אויסגעהערט גאַנץ אויפמערקזאַם. ער האָט אַלץ געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען און נור פון צייט צו צייט פלעגט ער אויף איהר וואַרפען אַ בליק פון נייגיערדע און שטוינען, גלייך וויא ער האָט געוואָלט פרעגען: — צו וואָס דערצעהלט זיא מיר דאָס אַלעס?

דיא יונגע פרוי האָט איהם פערשטאַנען.

— ענטשולדיגט מיר, גוטע פריינד, האָט זיא געזאָגט, וואָס איך לאַנגווייל אייך מיט מיין אונגליקס געשיכטע. איהר וועט באַלד איינזעהן, צו וואָס איך דערצ[illegible]ל אייך אַלעס אַזוי אויספיהרליך.

מיין מאַן איז אַוועקגעפאָהרען און איז שוין ניט צוריקגעקומען. — איך קען אייך ניט בעשרייבען מיט ווערטער, וואָס איך האָב דאַמאַלס איבערגעליטען, וואָס פאַר טרויעריגע, שרעקליכע נעכט און טעג איך האָב דאַמאַלס צוגעבראַכט. —

עס איז ענדליך געקומען, — פאַר אַלע יונגע פרויען דיא גליקליכע צייט. פאַר מיר אָבער — דיא שרעקליכע צייט — צו ווערן אַ מוטער. — אַליין, פערלאָזען, פערוואָרפען, עלענד און אונגליקליך האָב איך געהאַט דאָס קינד — אַ מעדכען. איך האָב נאָך געהאַט אַביסעל געלד אויף אַלע נעטהיגע אויסגאַבען אין אַזאַ פאַל. — עס איז מיר געווען זעהר שווער צו גלויבען, אַז איך בין בעטראָגען און פערפיהרט פון אַ טויגניכטס. איך האָב נאָך אַלץ געגלויבט, אַז מיין מאַן וועט קומען און וועט מיך נעהמען צו מיינע עלטערן.

ער איז אָבער ניט געקומען. — דאָס ביסעל געלד, וואָס איך האָב געהאַט, האָט זיך באַלד אויסגעלאָזען. — דיא שרעקליכע, שוואַרצע נויט מיט איהרע דאַרע, אייזערנע פינגער איז געשטאַנען פאַר מיר און האָט מיר געוויעזען איהר אַבשייליכעס געזיכט.

איך האָב אָנגעהויבען נאָכצופרעגען און נאָכצופאָרשען, ווער מיין מאַן איז און וואָס ער איז און בין געוואָהר געוואָרען דאָס שרעקליכסטע. ער איז גאָר דער זוהן פון אַ רוסישען פירסט און איז אַן אָפיציער אין דער רוסישער אַרמעע. זיין רעגימענט איז געשטאַנען אין דער געגענד, וואו מיין פריינדין האָט געוואוינט, און — צו מיין אונגליק — האָט ער זיך מיט מיר בעקענט און האָט מיך אונגליקליך געמאַכט.

איך האָב מיך געווענדעט צום גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ און האָב איהם דערצעהלט מיין געשיכטע. ער האָט מיך אויסגעלאַכט.

— אין רוסלאַנד קומען אַזעלכע זאַכען זעהר אָפט פאָר, האָט ער מיר געזאָגט, מען קען פאַר אַזאַ זאַך קיינעם ניט פערקלאָגען. — האָסט זיך ניט געזאָלט לאָזען נאַרען.

איך האָב פערקויפט אַלעס, וואָס איך האָב געהאַט, און בין געפאָהרען צו דיא עלטערן פון דעם מענשען, וועלכער האָט מיך אַזוי אונגליקליך געמאַכט. איך בין גע־ קומען צו זיי מיט מיין קינד אויף דער האַנד און מיט טרערין אין דיא אויגען האָב

איך זיי דערצעהלט מיין ליידענס געשיכטע און האב געבעטען, זיי זאלען וועניגסטענס מיטלייד האבען מיט מיין אונגליקליכעס קינד, וועלכעס איז דאך נעביך נאר ניט שולדיג, וואס זיין פאטער איז א ניעדערטרעכטיגער טויגעניכטס. — מען האט מיך ארויסגעיאָגט, וויא א פערוואָרפענע פרוי און מען האט מיר געזאגט, אז קוים וועל איך מיך אונטערשטעלען צו רעדען נאך א ווארט, וועט מען מיך פערשיקען קיין סיביר.

לעפראנק איז אויפגעשטאנען, גלייך וויא א שלאנג וואלט איהם א ביס געטהאן.

— דיא ווילדע מענשען! דיא רויבער! דיא מערדער! — דיא אריסטאָקראטען! האט ער אויסגערופען און האט צונויפגעלעגט זיינעביידע הענד אין שרעקליכע פויסטען. טויט דיא אריסטאקראטען! — פערניכטונג! מיט באמבעס, מיט דינאמיט דארף מען זיי אלע צורייסען אויף שטיקער!

דיא יונגע פרוי האט געגעבען א טיעפען זיפץ.

— איך וויל אייך ניט טרויעריג מאכען מיט א לאנגע דערצעהלונג פון נויט, ליידען און עלענד, האט דיא יונגע פרוי ווייטער געזאגט און טרערין האבען זיך געוויעזען אויף איהרע שעהנע אויגען. — איהר קענט אייך לייכט דענקען מיין לאגע אין א פרעמד לאנד מיט א קליין קינד אויף דיא הענד, אהן א פריינד און אהן א בעקאנטען. — וואס זאל איך טהאן? וואו זאל איך מיך אהינטהאן? — קומען צו מיין בעזען, שטרענגען אנקעל און איהם אלעס דערצעהלען, האב איך ניט געקענט. — איך האב מיך געשעהמט. — עס איז ביי מיר געבליבען, איך זאל בלייבען אין רוסלאנד, ניט ווייט פון דיא עלטערן פון דעם מענשען, וועלכער האט מיך אזוי בעטראגען.

איך האב גערעכענט, אז ער וועט געוויס קומען א היים און איך וועל איהם קענען זעהן, קענען מיט איהם רעדען, קענען מיך רעכען אן איהם. ווען ער וועט אזוי גיך ניט קומען א היים, וועל איך וועניגסטענס געוואהר ווערן, וואו ער איז. איך וועל איהם קענען שרייבען א בריעף, ער זאל וועניגסטענס זארגען פאר זיין קינד.

איך בין איינגעטרעטען אלס דיענסט ביי א גוטסבעזיצער ניט ווייט פון'ם דארף וואו דער פירסט האט געוואינט. דארט בין איך געוועזען עטליכע מאנאטע און בין געוואהר געווארען, אז דער מאן, וועלכער האט מיך אזוי ניעדערטרעכטיג בעטראגען, איז ערנאנט געווארען צום ערשטען סעקרעטער פון'ם רוסישען געזאנדטען אין פאריז.

דיעזע נאכריכט האט מיך ניי בעלעבט. — פאריז, פראנקרייך! דא זיינען שוין געבילדעטע, ציוויליזירטע מענשען, דא וועל איך שוין געפינען גערעכטיגקייט. — דא בין איך שוין ניט אין ווילדען רוסלאנד, וואו פאר יעדעס ווארט קומט סיביר.

— גערעכטיגקייט ביי רויבער, באנדיטען! האט זיך ניט געקענט איינהאלטען לעפראנק. — ציוויליזירטע מענשען! פערדאמט זאל זיין אזא ציוויליזאציאן, וואו איינער פרעסט אויף דעם אנדערן, זויגט אויס דעם אנדערן און שרייט נאך, אז ער איז ציוויליזירט! — גערעכטיגקייט קען מען געפינען ביי אריסטאקראטען, ביי קאפיטאליסטען! —

— יא, איהר האט רעכט, מיין פריינד! איך האב אבער דאמאלס נאך וועניג געקענט דיא וועלט. איך האב געמיינט, אז נור אין דעם ווילדען, פערגרעבטען רוסלאנד

איז דא א סיביר, איך בין באלד געוואהר געווארען, אז אין דעם פרייען פראנקרייך איז דא א ציוויליזאציאן, וועלכע איז טויזענד מאל ערגער פון סיביר.

איך האב געשפּאָרט, איך האב געדארבט, איך האב געהונגערט און האב מיר צונויפגעלעגט גראשען צו גראשען, ביז איך האב מיר צונויפגעלעגט געלד אויף רייזע קאסטען קיין פּאריז.—איך וויל אייך ניט לאנגוויילען מיט דער טרויעריגער בעשרייבונג פון מיין רייזע.—גענוג, איך בין געקומען קיין פּאריז און האב איהם געפונען.—

ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז פּאריז איז ניט רוסלאנד, אז דא קען מען מיך ניט פערשיקען קיין סיביר און האט געוואלט שפּילען מיט מיר אנאנדער פּאָליטיק. ער האט מיר ערקלערט, אז ער ליעבט מיך נאך ביז יעצט, אז ער איז געווען געצוואונגען אוועקצופאהרען, אז זיינע עלטערן האבען זיך דערוואוסט פון אונזער הייראטה און האבען איהם געדראָהט מיט סיביר. ער האט מיך געבעטען, מיר זאלען ווייטער צוזאמען לעבען. ער וועט אלעס גוט מאכען.—יעצט אבער האב איך שוין ניט געוואָלט וויסען פון איהם. איך האב פערלאנגט, אז ער זאל עפענטליך אנערקענען מיין קינד, ער זאל איהר געבען זיין נאמען און דאן זאלען מיר זיך עפענטליך שיידען. איך האב ניט געוואָלט, אז מיין קינד זאל הייסען אן אוננאטירליכעס (א ממזר).—איהר וועט לאכען פון מיר מיין פריינד—איך קען אייך אבער ניט איבערגעבען דיא געפיהלע, וועלכע האבען מיך דאמאלס בעהערשט. יעצט האב איך אנדערע אידעען און אנדערע איבערציינגונגען—דאמאלס אבער—

— איך וועל ניט לאכען פון אייך, האט לעפראנק געזאגט טרויעריג. איך פערשטעה אייך. איך פערשטעה, וואס איהר האט איבערגעליטען און איבערגעטראָגען. פארן אונגליק מוז מען רעספּעקט האבען און ניט לאכען.

דיא יונגע פרוי האט א זיפץ געטהאָן און האט צוגעלעגט איהר טאשענטוך צו דיא אויגען. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט אין פּיינליכעס שווייגען.

— איך האב מיך אנגעהויבען צו בעראטהען מיט אדוואקאטען, וואס איך זאָל טהאָן. זיי האבען מיר ערקלערט, אז אזוי ווי דער פירסט איז א רוסע, קען א פראנצויזישער ריכטער איהם גאר ניט טהאָן. מען קען געגען איהם זאגאר קיין פּראָצעס ניט אנהויבען, ווייל ער איז סעקרעטער פון דער רוסישער געזאנדשאפט. אויף אזא מענשען האט נור רוסלאנד צו זאגען, אבער ניט פראנקרייך.—דאס איינציגע, וואס מען קען טהאָן, איז זיך צו ווענדען צום געזאנדטען. ער האט אויף איהם צו זאגען. ער קען איהם צווינגען צו זיין גערעכט געגען א פרוי, וועלכע ער האט בעטראָגען און אונגליקליך געמאכט.

עס איז ביי מיר געבליעבען איך זאל געהן צום געזאנדטען, זאל איהם אלעס דערצעהלען און זאל ביי איהם בעטען שוץ און הילף.—איך וויל אייך ניט דערצעהלען וואס פאר א שוועריגקייטען איך האב געהאט, איידער איך בין צוגעקומען צו דיעזען שטאלצען אריסטאָקראט, וויא פיעל עס האט געדויערט, ביז איך בין צו איהם צוגעקומען.—גענוג, איך בין ענדליך צו איהם צוגעקומען און האב איהם אלעס דערצעהלט.

ער האט מיך אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און האט זיך פערשטעלט, אז

ער האט מיטלייד מיט מיר. איך בין נאך דאמאלס געווען אזוי קינדיש אונערפאהרען, אז איך האב ניט בעמערקט, אז ער פארשט מיך נור אויס אום צו וויסען, וויא אזוי מיך צו בעשווינדלען.

— האט איהר דען בעוויזע, אז ער האט מיט אייך געזעצליך געהייראטהעט? האט ער מיך געפרעגט. ווען איך האב איהם אלעס אויסדערצעהלט. — וויא קען איך אייך גלויבען אויפ'ן ווארט?

איך האב ארויסגענומען מיינע דאקומענטען: דיא בעשיינונג פון'ם גייסטליכען, וועלכער האט אונז פערהייראטהעט און אלע בריעף, וועלכע מיין מאן האט מיר געשריעבען, ווען ער פלעגט אוועקפאהרען. — אה, הלואי וואלט איך זיי איהם ניט געגעבען! — דער געזאנדעטער איז געווארען בלייך, ווען ער האט זיי דורכגעלעזען. — איך האב עס איינגעזעהן, אבער צו שפעט, אז איך האב דיעזע דאקומענטען ניט גע־טארט ארויסגעבען פון דער האנד. —

זיא האט ווידער פארדעקט איהרע אויגען מיט איהר טאשענטוך און האט געשוויגען איניגע מינוט, גלייך וויא דער שמערץ וואלט איהר גערויבט דיא שפראכע.

— ער האט ביי מיר צוגענומען מיינע דאקומענטען, האט זיי פערשלאסען אין א קאסעטע (שקאטולקע) אויף זיין שרייב טיש און האט מיר פערשפראָכען צו טהאָן פאר מיר אלעס מעגליכע. — ער האט מיר געהייסען קומען אין אכט טאג ארום. — איך בין געקומען. ער האט מיר דערצעהלט, אז ער האט מיט איהם גערעדט און ער האפט אויסצואווירקען ביי איהם אלעס צו מיין גונסטען. — איך זאל קומען אין א פאר וואכען ארום. — איך בין געקומען אין א פאר וואכען ארום. — ער האט מיר געהייסען קומען מיט א פאר וואכען שפעטער. — אזוי האט ער מיך געפיהרט פון וואך צו וואך, ביז עס זיינען פערגאנגען מאנאטע —

— אך, דיא טויגעניכטסע! דיא אריסטאָקראטען! דיא בלוטזויגער! האט לעפראנק אויסגערופען און זיינע אויגען האבען געפונקעלט פון האס און צארן. — זיי פערייניגען זיך, דיא הינט, ווען עס קומט זיי אויס צו טרעטען מיט דיא פיס אן עלענדען און ארימען מענשען! — זיי האלטען פעסט איינער פארן אנדערן, אונטערשטי־צען איינער דעם אנדערן און העלפען איינער דעם אנדערן אונז צו אונטערדריקען און אונז צו פערניכטען! — דיא טייפעל! דיא מערדער! —

— יא, פריינד! אזוי זיינען זיי דיא נידערטרעכטיגע בעטריגער! — אך! איך וועל מיינע דאקומענטען שוין קיין מאל ניט קריעגען צוריק! — איך האב יעצט קיין וואפע געגען איהם. ער איז רייך, אנגעזעהן, געעהרט און איך מיט מיין אונגליקליכעם קינד ליידען הונגער און נויט! — איך האב אייך דערצעהלט, אז איך געה צו א טאנטע, דאס איז ניט וואהר. — איך געה צומאל זעהן מיין קינד. — וואס זאל איך טהאן? — איך בין דאך א מוטער און ליעב מיין קינד, — מיין פלייש און בלוט. איהר פאטער איז א שלעכטער מענש, דאס ארימע קינד איז דאך אבער אונשולדיג. — יעדעס מאל, ווען איך קום צו איהר און קוק אויף איהר, שעפ איך נייעם האס, נייעם צארן און פרישע קרעפטע צו קעמפפען און מיך ניקס צו זיין אן דעם מענשען, וועלכער האט מיך מיט מיין קינד געמאכט אזוי אונגליקליך.

זיא האט אנגעהויבען צו וויינען שטילערהייט.

— שענדליך! שרעקליך! האט לעפראנק אויסגערופען און האט זיך בעמיהט זיא צו טרייסטען און צו בערוהיגען.

עס איז איהם ענדליך געלונגען. זיא האט אויפגעהערט צו וויינען און א שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפען, וויא א שטראהל פון דער זון נאך א שטארקען רעגען.

— יעצט, מיין ליעבער פריינד, האט זיא געזאגט מיט א ווייכער מילדער שטימע, פערשטעהט איהר שוין, פאר וואס איך האב אויף אייערע גוטע ווערטער פון א וואהר־יען, טרייען פריינד ניט געקענט ענטפערן מיט דער זעלבער ליעבע, וויא זיי פערדיענען עס. — איך בין אונגליקליך, איך בין בעטראגען און בעשווינדעלט. איך פיהל ערשט יעצט, אז איך דארף האבען א טרייען פריינד, איך וויים ערשט יעצט, וויא צו שעצען דיא ליעבע און טרייע פון א גוטען, עהרליכען ארבייטער. — מיין הערץ איז נאך ניט געשטארבען. איך —

— איך דאנק אייך זעהר, האט לעפראנק געזאגט און האט גענומען איהר האנד. — איך דאנק אייך און שעץ אייך יעצט, ווען איך וויים אייער לעבענסגעשיכטע, נאך פיעל מעהר, וויא פריהער.

זיא האט איהם געלאזען איהר האנד, האט זיך צוגעבויגען צו איהם נאך נעהנטער.

— און דאך, האט זיא ווייטער געזאגט מיט א זיפץ, וויא קען איך געבען מיין האנד צו א גוטען, עדעלען מענשען, איידער דיעזע האנד איז גערייניגט פון דיא פלעקען, מיט וועלכע דער ניעדערטרעכטיגער אריסטאקראט האט זיא בעשמוצט? — וויא קען איך דענקען פון ליעבע און גליק, איידער איך האב מיך נוקם געווען אן דיעזען מענשען? — איך זאל האבען מיינע דאקומענטען, וואלט איך וועניגסטענס אנגעמאכט אזא סקאנדאל איבער גאנץ פאריז, אז דיא גאנצע וועלט זאל וויסען, פאר וואס מיר, ארימע ארבייטער, זיינען אזוי בייז אויף דיא אריסטאקראטען. — לאז דיא וועלט וועניגסטענס וויסען, וויא שלעכט און וויא ניעדערטרעכטיג זיי בעהאנדלען אונז! וויא קען איך מיך פעראייניגען מיט אן עדעלען, עהרליכען ארבייטער, ווען עס זיינען נאך דא דאקומענטען, וועלכע בעווייזען, אז איך בין פערהייראטהעט? —

— איך מיין, אז דער רוסישער געזאנדטער האט פערניכטעט דיעזע דאקומענטען, האט לעפראנק געזאגט גאנץ שטיל. ער האט זיי געוויס שוין פערברענט אדער צער־ריסען. — צו וואס זאל ער זיי האלטען? ער איז אויך אן אריסטאקראט און א טויגעניכטס.

— ליידער, האט ער עס ניט געטהאן, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט. איך וויים ניט, פאר וואס ער האט עס ניט געטהאן. וואהרשיינליך, האט ער אן אורזאכע, עס ניט צו טהאן. איך בין אבער זיכער, אז דיא דאקומענטען זיינען נאך ביי איהם. —

— וויא קענט איהר עס וויסען? האט לעפראנק געפרעגט.

— ערשט מיט א מאנאט צוריק בין איך ביי איהם געווען און האב איהם אנגעהויבען צו מאכען פארווירפע. איך האב איהם געדראהט, אז איך וועל מאכען א סקאנדאל און האב עס אזוי ווייט געבראכט, אז ער האט געעפענט דיא שווארצע

קאסטע, וועלכע שטעהט ביי איהםאויפ'ן שרייב־טיש און האט מיר געוויעזען, אז מיינע דאקומענטען זיינען דא אין גאנצען.

איך האב געפאָרדערט, ער זאל זיי מיר אפּגעבען. ער האט מיר פערזיכערט, אז ער איז נאך אלץ בעמיהט צו בעוועגען זיין סעקרעטער, ער זאל זיך שיידען פוּן מיר עפענטליך און זאל פערזאָרגען זיין קינד. ער מוז האלטען דיא דאקומענטען אלס בעוויז.— איך האב געוואוסט, אז ער זאגט א ליגען, איך האב אבער גאר ניט געקענט העלפען.

מיר איינפאכע ארבייטער, זאגען, וואס מיר פיהלען, רעדען וואס מיר טראכטען און טהוען, וואס מיר ווילען פרייע און אָפען. ביי דיא אריסטאקראטען איז עס אנדערש. זיי פערדעקען, פערשטעלען און פערגלעטען אלעס אונטער א שמייכעל, אונטער שעהנע רעד און הייליגע פערשפּרעכונגען. פערשפּרעכען, צו זאגען, פערפיהרען, בעטריעגען און בעשווינדלען—דאס איז זייער קונסט. דאס לערנען זיי פוּן קינדוויים אן, דאס שטודירען זיי אין זייער יוגענד און איבען אויס אין זייערע עלטערע יאהרען.— שפּעט, זעהר שפּעט האב איך געלערנט דיעזע טרויערינע וואהרהייט. שפּעט, זעהר שפּעט האב איך געלערנט, אז אונטער דיעזער מאסקע פון פריינדליכקייט און מענשליכקייט ליעגט א גיפטיגע שלאנג.

— אך! האט זיא אויסגערופען מיט אייסערסטער פערצווייפלונג. — ווען איך האב געזעהן, וויא ער לעגט אריין מיינע דאקומענטען צוריק אין דער קאסטע (שקאטולקע) האב איך געוואָלט צולויפען צום טיש, זיא ארויסחאפּען און אנטלויפען — וואָלט עס דען געוועז אן אונרעכט? — ווען איך זאל קענען ביי נאכט אריינקומען און שטילערהייט ארויסנעהמען דיא קאסטע, אין וועלכע עס געפינען זיך דיא וואפען, מיט וועלכע איך וואָלט געקענט בייקומען מיינע פיינד, זיי פערניכטען, ווייזען דער וועלט, וויא מען טרעט אונז, ארימע לייט, מיט דיא פיס,— וואָלט דען דאס געוועז אן אונרעכט? — געוויס ניט! — זיי וואָלטען דאך אבער מיך ארעטירט און מיך פערקלאגט אלס דיעבין— דיא הינט, דיא קאפּיטאליסטען, דיא אריסטאקראטען!

— אך! ווען איך זאל נור קענען אנפאלען אויף דאס הויז פוּ'ם געזאנדעטען, אונטערלעגען דינאמיט און צורייסען עס אויף שטיקלעך! אדער ווען איך זאל קענען שטילערהייט אריינקריעכען און ארויסגנבענען דיא קאסטע! — איך בין אבער נור א שוואכע פרוי. וואס קען טהאן א שוואכע פרוי? — איך בין קראפּטלאָז, איך בין אונגליקליך! דער קאָפּ ווערט מיר פערדרעהט אין דיעזער קעסעל גרוב פון שלעכטינקייט און פערדאָרבענהייט! —

זיא איז אויפגעשטאנען פון דער ערד און האט זיך אוועקגעקעהרט פון איהם. איהר גאנצער קערפּער האט געציטערט און זיא האט געמוזט זיך אנשפּארען אן בוים, זיא זאל ניט אומפאלען.

— לואיזא, האט דער יונגער ארבייטער געבעטען, איך האב אייך צו שטעלען א פראגע. — ווילט איהר מיר אנטוואָרטען אפענהערציג און עהרליך, וויא איהר האט מיר דערצעהלט אפענהערציג און עהרליך אייער לעבענסגעשיכטע?

— ליעבער, גוטער פריינד! וואס איז דאס פאר א פראגע? האב איך דען געהיימניסע פאר אזא פריינד, וויא איהר? האב איך דען ניט דערצעהלט אייך אלעס

אפענהערציג? — פרענט פריינד! איך וועל אייך אלעס — אלעס ערקלערן!

— לואיזא, האט אנגעהויבען דער יונגער קוימענקעהרער און זיין שטימע האט געציטערט פאר אויפרעגונג. — לואיזא, אייער ערשטע ליעבע האט געהערט א ניעדער־טרעכטיגען, פערדאָרבענעם מענשען. ער איז אבער געוועזן אן אריסטאָקראט, א געבילדעטער מענש מיט פיינע מאַנערן.—איהר אליין האט געזאגט, אז ער האט געקענט דערצעהלען שעהנע געשיכטען און האט אייך בעצויבערט מיט זיינע גלאטע רעד. — וועט איהר זיין אימשטאנד צו פערגעסען יענעם זיסען טרוים? — וועט איהר קענען פעראייניגען אייער לעבען, אייער שיקזאל מיט אן איינפאכען ארבייטער, וועלכער קען אייך אנביעטען נור זיין טרייעס, עהרליכעס הערץ און וויטער גאר ניט? — יענער איז געוועזן שלעכט און פערדאָרבען, אבער פיין, פּאָלירט און עלעגאנט. איך אבער בין נור אן ארימער מענש, וועלכער שטרעבט צו ליכט, צו פרייהייט און צו אויפקלערונג. —

— וואס רערט איהר, גוטער פריינד? האט דיא יונגע פרוי אויסגערופען. — מיינט איהר, אז איך ליעב איהם נאך? אז איך דענק נאך אן איהם? — יא, איך דענק נאך אן איהם אבער מיט עקעל, מיט פעראכטונג! — דאס איז געוועזן א געשלי־פענעס און פּאָלירטעס שטיקעל גלאז. — וויא קען איך עס פערגלייבען מיט אן עכטען דיאמאנט? — אך! וויא גליקליך וואָלט איך געוועזן, ווען מיין ערשטע ליעבע וואָלט געפונען אזא גוטעס, עדעלעס הערץ, וויא דאס אייערע! — וויפיעל שמערצען, וויפיעל ליידען וואָלט איך געוועזן אויסגעמיעדען! — יעצט אבער — יעצט בין איך עלענד און אונגליקליך! זא לאנג איך וועל ניט האבען יענע דאקומענטען, מיט וועלכע איך קען בעווייזען, אז איך בין אן אָפּפער פון א שורקען. —

— לואיזא! האט אויסגערופען דער קוימענקעהרער פול פרייד און גליק. — לואיזא ווען איהר זאלט האבען יענע דאקומענטע, ווען איהר זאָלט האבען אין דיא הענד דיא שרעקליכע וואפען צו פערניכטען אייער פיינד — דארף איך דאמאלס האָפען? —

— דאן, מיין פריינד, וועל איך זיין גליקליך און וועל דענקען פון גליק און פון ליעבע, האט זיא געזאגט מיט א זאָנדערבארען שמייכעל. — דאן בין איך פריי, דאן האב איך בעוויזע, וויא ניעדערטרעכטיג מען האט געגען מיר געהאנדעלט, דאן — אבער, אך! — עס איז נאך וויים דערצו. —

— ווילט איהר מיר ערלויבען, איך זאל עפּעס טהאן פון אייערט וועגען? האט ער זיא געפרעגט ענטשלאָסען. — איך בין אן איינפאכער קוימענקעהרער, אבער איך בין געשיקט און פעהיג. — איך מוז טראכטען — איך מוז מיך איבערלעגען — אבער איך וועל זיך אויסגעפינען א וועג צום רוסישען געזאנדעטען. — איך האב פריינד און בעקאנטע, וועלכע וועלען מיר העלפען און ראטהען. —

— איהר מיינט געוויס דיא מיטגליעדער פון אייער רעוואָלוציאָנערן קלוב? האט דיא יונגע פרוי געפרעגט. — אך, איך בין נאך מיט זיי ניט פיעל בעקאנט, אבער.... זיי געפעלען מיר ניט אין גאנצען.

— פאר וואס, לואיזא? וואס האט איהר געפונען אין זיי שלעכטעס?

— שלעכטעס? — ניין, פריינד! זיי זיינען אלע גוט און עדעל. זיי רעדען אבער

זעהר פיעל אַן טהוען גאר ניט. — ווען מען הערט זיי רעדען, וואלט מען געמיינט, אַז אַט, אַט קעהרען זיי איבער דיא וועלט, — ווען עס קומט אבער עפּעס צו טהאָן שווייגען זיי — טהוען גאר ניט — זיי שרייען נור: סאָציאַל רעוואָלוציאָן! און ווען עס קומט צו עפּעס, אַנטלויפען זיי, וויא א שעפּס פאר א וואָלף.

— איהר זייט אונגערעכט געגען זיי, לואיזא. — זיי זיינען גוטע, פעהיגע מענשען און פלוידערן ניט אין דער לופט. מיר מוזען אבער וואַרטען, מיר מוזען פּאָרבערייטען דאס פאלק צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. ניט יעדער ווייס, וואס עס הייסט א סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. איך וועל נאך ווייטער געהן און זאגען, אַז ניט יעדער ארבייטער פערשטעהט דיא נאָטהווענדיגקייט פון א סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. — אבער לאָמיר זיי יעצט לאזען צו רוה — איך רעד יעצט ניט פון מיינע פריינדע פון אונזער קלוב. — איך רעד יעצט פון אנדערע פריינד, — ארבייטער, וועלכע מיר העלפען. — ווען איהר וועט מיר נור ערלויבען, איך זאל עפּעס טהאָן פון אייערט וועגען — וועל איך אייך אין איינינע טעג ארום זאגען, וואס איך וויל טהאָן. —

— איהר פרעגט, אויב איך וועל אייך ערלויבען? האט זיא אויסגערופען. — ועמען אנדערש קען איך מיך פערטרויען אלס אייך? — אויף וועמען אנדערש קען איך מיך פערלאזען אלס אויף אייך? — וואלט איך דען אייך פערטרויט מיין לעבענס געשיכטע, מיין געהיימנים, מיין אונגליק, מיינע שאנדע, ווען איך זאל ניט האבען צו אייך פאלעס צוטרויען? —

— אלזא, גוט! איהר וועט זעהן, וויא אַן ארימער, ניעדעריגער ארבייטער שטעהט העכער פון דיא שטאלצע, פערדאָרבענע אַריסטאָקראַטען! איהר וועט זיך איבערצייגען, אַז ליעבע און טרייע קען מען געפינען נור צווישען ארימע און ערניעדריגטע! — יעצט אבער גענוג דערפון! — איך בין געקומען אהער מיט דער האפנונג צו הערען פון אייך א וואָרט, וועלכעס זאל מיך גליקליך מאכען אויף מיין גאנצעס לעבען. איך האב דאס וואָרט געהערט און איך בין גליקליך. — איך וועל מיך ראנגלען, איך וועל קעמפּפען פיר מיין ליעבע, פיר מיין גליק! —

— גוטער, עדעלער פריינד! האט דיא יונגע פרוי אויסגערופען, האט גענומען זיין האנד און האט זיא צוגעלעגט צו איהר הארצען.

ער האט זיך צוגעבויגען צו איהר, זייערע געזיכטער האבען זיך בעריהרט און א לאנגער, הייסער קוש האט פעראייניגט זייערע ליפּען.

— יעצט, האט ער אויסגערופען פול פרייד און גליק, לאמיר ענדיגען דעם קראנץ פון דיא בלומען! לאז ער זיין א צייכען, אַז מיר זיינען פעראייניגט אויף אייביג מיט דעם הייליגען בונד פון ליעבע און טרייע. — לאז ער זיין א טהייערעס אנדענקען אן דיעזען גליקליכען טאג!

זיי האבען זיך וויעדער אניעדער געזעצט אויף דער ערד אונטערן בוים און האבען געענדיגט דעם בלומען קראנץ, וועלכע דיא יונגע פרוי האט אויסגעפלאכטען אזוי געשיקט און אזוי קונסטפאל. זעהר אפט האבען זיינע ליפּען בעריהרט איהר האנד און האבען זיא בעדעקט מיט הייסע קושען.

ענדליך איז דער בלומען קראנץ פערטיג געוואָרען. זיא האט איהם גענומען

אונטערן ארים און זיי זיינען צוריקגעגאנגען צום קליינעם רעסטאראן לעבען דער באהנ־סטאציאָן. דארט האבען זיי געגעסען מיטאג און האבען פערטרונקען מיט א פלאש וויין אויף גליק און אייבינע ליעבע.

נאכ'ן עסען האבען זיי נאך אביסעל שפאציערט. זיי האבען אבער ווייניג גערעדט איינער מיט'ן אנדערן.

עס איז ניט געווען וואס צו רעדען. זיי האבען זיך שוין יעצט פערשטאנען אויפ'ן ווינק.

דער טאָג איז באלד פאַראיבער. עס איז געוואָרען שפעט און זיי זיינען צוריק־געפאהרען קיין פאריז. ווען זיי זיינען געקומען א היים, איז שוין געווען פינסטער. זיי האבען דערצעהלט מאדאם ראימאנד, אז זיי האבען זעהר גוט פערבראכט דעם טאָג, זיי זיינען אבער זעהר מיעד און ווילען זיך לעגען באלד שלאפען.

זיי זיינען היינט לאנג ניט געזעסען. יעדער איז געגאנגען אין זיין צימער. נור דער אלטער מארטינא איז נאך געבליעבען זיצען ביי מאדאם ראימאנד. זיא האט גענומען א שטיקעל פאפיער און האט אנגעשריעבען.

— איך בין זיכער, אז דיא יונגע לייט זיינען פערליעבט און האבען זיך היינט ערקלערט זייער ליעבע. לאזען זיי גליקליך זיין!

דאס שטיקעל פאפיער האט זיא דערלאנגט דעם טויבען מארטינא. זיא האט ניט געוואלט שרייען צו איהם, זיא זאל דיא יונגע לייט ניט אויפוועקען. דער טויבער האט געשמייבעלט, וויא זיין שטייגער איז געווען און האט געזאָגט מיט א פרומער מינע:

— גאט זאל זיי העלפען און זאל זיי געבען גליק און פריעדען! — דאס וועט זיין א שעהנעס פאַריל. זיי זיינען ביידע פלייסיגע ארבייטער און גוטע מענשען. — לעפראנק איז גאר א דימענט.

מאדאם ראימאנד האט אומזיסט מורא געהאט צו שרייען צום טויבען. דיא יונגע לייט זיינען נאך ניט געשלאפען.

לעפראנק האט זיך גאר ניט אויסגעטהאן. ער איז אריינגעקומען אין זיין צימער האט זיך אניעדערגעזעצט אויף זיין געלעגער און האט זיך פערטיעפט אין זיינע געד־דאנקען. ער האט געטראכט, וויא אזוי צו קומען צום רוסישען געזאנדטען און ארויס־צוקריגען דיא דאָקומענטען פון מאדאם בערנאר, אדער פון זיין לואיזא, וויא ער האט זיא יעצט גערופען. — ער האט געטראכט, געקלערט און זיך געבראכען דעם קאפ א גאנצע נאכט. ענדליך, ערשט פאר טאג, האט ער עפעס אויסגעטראכט. ער האט זיך אויסגעטהאן און האט זיך ארויפגעווארפען אויף זיין געלעגער מיט דיא ווערטער:

— גוטע נאכט, מיין ליעבע, טהייערע לואיזא! — דוא וועסט זיין מיט מיר צו פריעדען. איך וועל דיר ווייזען דעם אונטערשיעד צווישען אן עהרליכען ארבייטער און א שורקע אן אריסטאָקראט.

מאדאם בערנאר איז אריינגעגאנגען אין איהר צימער, האט אנגעצונדען א ליכט און האט זיך אנגעקוקט אין שפיעגעל. איהרע אויגען האבען געברענט און א

טייפלישער שמייבעל האט געקרייזעלט איהרע ליפען. זיא האט גענומען דעם בלומען קראנץ, וועלכען זיא האט מיטגעבראכט פון איווריִ, און האט איהם אניעדערגעלעגט אויף איהר קליינעם טישעלע.

— דאס שווערסטע האב איך שוין דורכגעמאכט, האט זיא געזאָגט צו זיך אליין. — ער וועט מיר שוין ברענגען דאס שווארצע קעסטעלע מיט דיא דאָקומענטען פון'ם שרייב־טיש פון'ם רוסישען געזאנדטען. — וויא אזוי ער וועט צוקומען צו זיי? דאס איז זיין זאך. — דער גראף וועט מיט מיר צופריעדען זיין. — איך וועל שוין באלד לויז ווערן פון דיעזע ניעדעריגע געזעלשאפט. — אנפאנגס האט עס מיך אמוזירט. — יעצט לאנגווײלט עס מיך שוין. — עס איז דאך ניט אזוי אנגענעהם צו וואינען מיט דיעזע גראבע, ניעדעריגע און אונוויסענדע מענשען. — דאס וועט שוין אבער לאנג ניט דויערן. — איך בין צו פריעדען אזוי פיעל, וואס דער שטאלצער גראף וועט זיך איבער־צייגען, אז איך קען זעהר פיעל. — מעגליך, אז ער וועט זיך ענדליך אויך אנביינען פאר מיר — מעגליך, אז ער וועט ענדליך דאך ווייזען א געפיהל פון א מענשען — ער וועט אויפהערן צו זיין אן אייז קאלטע מאַשין. —

מארטינא איז היינט אויך ניט שפעט געזעסען ביי מאדאם ראימאנד. זיא איז באלד שלעפריג געוואָרען און ער איז אויך אוועגעגאנגען אין זיין צימער. ער האט אבער אויך ניט געקענט שלאפען. ער האט זיך געזעצט לעבען זיין טישעל און האט אנגעהויבען צו שרייבען.

— וואוהין האט זיא געפיהרט דעם איינפאכען און דומען לעפראנק? האט ער געזאגט צו זיך אליין. — זיי האבען פערבראכט א גאנצען טאג צוזאמען; זיי האבען עפּעס אפּגערעדט. — וואס? דאס איז דיא פראגע. דאס מוז מען געוואהר ווערן. — איך מוז יעצט אויף ביידען אכטונג געבען. צו ערשט אבער מוז איך וויסען, וואו דיא שעהנע מאדאם בערנאר ארבייט און ווער זיא איז. — דער נארישער לעפראנק וועט פיעללייכט עפּעס אויספּלוידערן — פון דער קלוגער און דורכגעטריעבענער מאדאם בערנאר וועל איך גאר ניט ארויסקריעגען.

36טעם קאפּיטעל.

## דיא גרויסע אַרטיסטין.

יוליא האט צוגעבראכט אן אונרוהיגע נאכט. וואס מעהר זיא האט זיך דער־מאנט אן דיא געסט פון דער גרעפין די פלאנקעטא, אן זייערע רעדע, אן זייערע געפּארבטע און אנגעמאלטע געזיכטער, אלץ עקעלהאפטער און אבשייליכער זיינען זיי איהר פארגעקומען. זיא האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר א הויז דאס איז און צו וואס פאר א צוועק דיא געסט קומען זיך אהין צונויף. עס האט זיא נאך מעהר פערקלעמט ביים הארצען, ווען זיא האט אנגעהויבען צו דענקען, אז איהר איינענע מוטער האט זיא אהין געפיהרט.

נור איין העלער שטערן האט איהר געשיינט אין דיעזער שרעקליכער פינסטער־ניס — דיא דראמאטיסטין, מאדעמואזעל שרה בערנהארד. — זיא האט פערצייהט איהר מוטער, וואס זיא האט זיא געבראכט אין אזא הויז; זיא האט פערצייהט דיא

נעסט, וועלכע האבען זיך אזוי אונאנשטענדיג אויפגעפיהרט. זיא האט אן זיי פערגע־סען. פאר איהרע אויגען איז געשטאנען דאס בילד פון דער דראמאטיסטין, דיא קינסטלערין, וויא זיא האט פארגעלעזען א שטיק פון א דראמא. זיא האט געהערט יעדעס וואָרט, וואס דיא קינסטלערין האט געזאגט און זיא האט פערשטאנען דעם זינען פון יעדעס ווארט.

יוליא האט שוין עטליכע מאל געלעזען דאס שטיק, וואס שרה בערנהארד האט פארגעטראגען. עס האט זיך איהר געוויעזען, אז זיא פערשטעהט עס. וויא אנדערש אבער האט זיא עס יעצט פערשטאנען, ווען זיא האט עס געהערט פון דער גרויסער דראמאטיסטין!

— דאס הייסט קונסט! האט זיא געזאגט צו זיך אליין. דאס הייסט זיין א גרויסע דראמאטיסטין! דאס הייסט פערשטעהן, וואס דער דיכטער האט אנגעשריע־בען! איך וויים נים, אויב מען ווערט געבארען מיט אזא טאלאנט, אדער מען קען עס אויסלערנען—אדער מען מוז האבעןביידע זאכען: מען מוז געבארען ווערן מיט א טאלאנט און מען מוז דערנאך ערשט לערנען.—אך! וויא גרויס, וויא שעהן, וויא ערהאבען איז דיעזע קונסט! עס איז גאר קיין וואונדער, וואס מענשען גיעבען אוועק זייערע לעצטע סאנטימען אום צו הערן און צו זעהן א גרויסע קינסטלערין, א בעריהמטע אקטריסע. דאס איז אזא עדעלעס און ערהאבענעס פערגניגען, וועלכעס מען קען נים ערקלערן, מען קען נים בעשרייבען און מען קען עס יענעם נים אויסמאלען! דער מענש ווערט געריהרט פון דיא ווערטער פון'ם גרויסען קינסטלער, ער ווערט ווייכער, עדעלער און בעסער.—אך! וויא ערלערענט מען דיעזע קונסט?

זיא האט זיך געקייקעלט אויף איהר געלעגער, האט זיך געווארפען א גאנצע נאכט און האט קיין אויג נים צוגעמאכט. דאס בילד פון שרה בערנהארד איז איהר אלץ געשטאנען פאר דיא אויגען, האט צו איהר גערעדט. האט זיא גערופען צו זיך האט זיא גערייצט און האט זיא געצויגען צו זיך, וויא א מאגנעט ציהט אייזען.

זיא האט זיך פעסט ענטשלאסען שוין מארגען איז דער פריה צו געהן צו דער גרויסער דראמאטיסטין. מיט דיעזען בעשלוס איז זיא אנטשלאפען געווארען און שעהנע, זיסע טריימע האבען זיא געוויעגט דיא פאר שטונדען, וואס זיא איז געשלאפען.

אום ניין אוהר איז אריינגעקומען איהר מוטער און האט זיא אויפגעוועקט פונקט אין דער מינוט, ווען זיא האט געטריימט, אז שרה בערנהארד לערנט זיא און וויזט איהר, וויא אזוי עפּעס פארצוטראגען.

— איך דאנק אייך! איך דאנק אייך! האט יוליא אויסגערופען און האט גע־עפענט דיא אויגען.

— דוא דאנקסט מיר געווים פאר דאס פערגניגען, וואס איך האב דיר פער־שאפט נעכטען ביי נאכט, האט דיא מוטער געזאגט. דאס איז שעהן פון דיר! דאס צייגט מיר, אז דוא ביסט א גוטעס קינד.

יוליא האט א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער, גלייך וויא א שלאנג וואלט זיא אנגעריהרט.

— איך האב געהאט א גוטען טרוים, מוטער, האט זיא געזאגט, און איך האב

נעדאנקט דעם מענשען, וועלכער איז געווען דיא אורזאכע פון דיעזען זיסען טרוים.

— נעווים דעם אונגארישען גראף, האט מאדאם לוקרעציא ערקלערט. ער האט דיר נעבטען געשענקט א רינג מיט א דיאמאנט, וועלכער איז ווערטה עטליכע טויזענד פראנק.

— איך האב דאך איהם ניט גענומען! האט יוליא אויסגערופען פערוואונדערט.

— נארריש קינד, וואס דוא ביסט! — וויא אזוי נעהמט מען ניט אזא שעהנעם פרעזענט? — איך האב איהם גענומען פאר דיר. אט איז ער! בעטראכט איהם נור, וויא שעהן ער פינקעלט און בליצט אין דער זון! דאס איז א בריליאנט פון ריינעם, עכטען וואסער.

יוליא האט איהם זאגאר ניט געוואלט אנקוקען. זיא האט איהם זאגאר ניט געוואלט בעטראכטען.

— לאז מיך, מוטער! האט זיא געבעטען. איך דארף ניט דעם רינג! — עס זיינען דא בעסערע און שעהנערע זאכען, וויא דיעזער רינג.

— איך פערשטעה דיך ניט, טאכטער, האט מאדאם לוקרעציא געזאגט מיט א פארוואורף. פון וועלכע שעהנערע און בעסערע זאכען רעדסט דוא?

— פון דער קונסט, מוטער! — אך, דיא קונסט! זיא קען מען ניט קויפען מיט בריליאנטען.

— ליעבע טאכטער, דאס האב איך דיר דאך געזאגט. דוא זאלסט אריינטרעטען אין טהעאטער, וועלען זיך דיא בריליאנטען שיטען, וויא א רעגען אויף דיין קאפ. דוא האסט נעבטען ביי נאכט געוויעזען נור א קליינע פראבע פון דיין טאלאנט און דער אונגארישער גראף האט דיר שוין געשענקט אזא טהייערן רינג. דוא קענסט זיך שוין פארשטעלען, וויאפיעל בריליאנטען דוא וועסט בעקומען, ווען דוא וועסט איינטרעטען אין טהעאטער און דוא וועסט אויפטרעטען אויף דער סצענע. גאנץ פאריז וועט לויפען דיך זעהן, דיך הערן און דיר בעוואונדערן.

— דוא האסט מיר אויסגעמאלט א שעהנעס, העררליכעס בילד, מוטער, האט יוליא געזאגט מיט א זיפץ. וויא וויט אבער איז דיעזעס שעהנע בילד נאך פון מיר?

— עס איז גאר ניט אזוי וויט, וויא דוא מיינסט, האט מאדאם לוקרעציא גע-ענטפערט. — פאלג נור מיר, געה נור מיט מיר אין דיא הייזער און געזעלשאפטען, וואוהין איך וועל דיך פיהרען, און דוא וועסט באלד דערגרייכען דאס שעהנע בילד, וואס איך האב דיר נור וואס אויסגעמאלט. — הייטע אבענד גיט דער אונגארישער גראף, נאגי, א טהעע פארטיע אין זיין רייכען פאלאץ. ער האט אונז בעעהרט מיט אן איינלאדונג. מיר מוזען געהן אהין, מען קען זיך ניט אפזאגען פון אזא עהרע. ביי איהם וועלען געוויס זיין דיא גרעסטע קינסטלער און דיא בעריהמטעסטע מענער פון פאריז. דוא וועסט זיך דארט בעקענען מיט מענשען. מיר מוזען אבער מאכען איינינע פארבערייטונגען. אין אזא רייך הויז קען מען ניט געהן אנגעטהאן, וויא עס איז. — איך בין אומיסטען געקומען דיך אויפוועקען, מיר זאלען געהן איינקויפען איינינע זאכען.

— איך וויים ניט, אויב איך וועל קענען געהן הייטע אבענד, האט יוליא געענטפערט.

— דוא מוזט געהן! דוא דארפסט מיך ניט מאכען צו שאנדען! וויא אזוי זאגט מען זיך אָפּ פון אזא איינלאדונג?

— גוט! איך וועל געהן, האט יוליא געענטפערט אום לויז צו ווערן פון איהר מוטער. איך וויל אבער ניט געהן מאכען איינקויפע. איך וועל געהן אין דיעזעלבע קליידער, וואס איך האב נעכטען געטראגען.

— ווילסט דוא יעצט ניט געהן מיט מיר?

— ניין! איך וויל בלייבען אין דער היים!

— געה צום טייפעל! דוא דומעס, ווילדעס מעדכען! האט מאדאם לוקרעציא אויסגערופען מיט כעס און איז ארויסגעלאָפען פון צימער.

קוים איז יוליא געבליעבען אליין, האט זיא זיך שנעל אנגעטהאן און פערקעמט, האט זאגאר קיין קאפע ניט געטרונקען און האט זיך פערטיג געמאכט ארויסצוגעהן.

— איך מוז געהן צו איהר — צו שרה בערנאהרד! האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — זיא אליין קען מיך רעטען און וועט מיך רעטען. זיא האט נעכטען גערעדט מיט מיר אזוי פריינדליך און האט מיר אנגעבאטען איהר הילף און איהר ביישטאנד.— צו איהר! צו דער גרויסער קינסטלערין!

זיא האט אויף זיך געחאפט א מאנטעל און איז ארויסגעלאָפען אויף דער גאס. דאָרט האט זיא געחאפט א דראָשקע און איז געפאהרען צו שרה בערנארד'ס וואוינונג.

שרה בערנהארד האט געוואוינט אין א גרויסען און רייכען פאלאץ. אדער וויא מען רופט עס אין פאריז, אין א גרויסארטיגען האָטעל, אין איינער פון דיא רייכסטע און שעהנסטע גאסען. צוקומען צו איהר איז געווען פיעל שווערער, וויא צו צו קומען צו א פראנצויזישען מיניסטער. נור איהרע גאנץ נאָהענטע פריינד און בעקאנטע האבען געהאט א פרייען צוטריט צו איהר.

יוליא איז צוגעקומען צו דער טהיר און האט אנגעקלונגען. א הויכער, שטארקער לאקיי האט געעפענט דיא טהיר און האט זיא געפרעגט, וואס זיא דאַרף. יוליא האט געענטפערט, אז מאדעמואזעל שרה בערנהארד האט איהר געהייסען קומען צו איהר.

דער לאקיי האט זיא בעטראכט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס און האט איהר ניט געגלויבט. יוליא האט געמוזט בעטען, אז ער זאל וועניגסטענס זיא מעלדען, זאגען דער גרויסען דראמאטיסטין, אז יוליא ראמאנא, וועלבע האט נעכטען ביי נאכט געזונגען פאר איהר ביי דער גרעפין די פלאנקעטא, בעט, זיא זאל זיא אויפנעהמען.

ענדליך נאך לאנגען בעטען און ווארטען האט מען זיא אריינגעפיהרט אין דיא וואוינונג פון שרה בערנהארד. מען האט זיא דורכגעפיהרט דורך פיעלע רייך פערציערטע זאלען מיט דיא טהייערסטע מעבעל, מיט בילדער, מיט סטאטוען, ביז מען האט זיא צוגעפיהרט צו דעם שטודיר־צימער פון דער גרויסער דראמאטיסטין. דארט האט זיא דער דיענער געלאָזען שטעהן.

אין איינינע מינוט ארום איז דיא בעריהמטע קינסטלערין אליין ארויסגעגאנגען צו איהר. זיא האט זיא באלד דערקענט, האט איהר געזאגט:

— גוט מאָרגען! און האט זיא אריינגעפיהרט צו זיך אין שטודיר־צימער.

שרה בערנהארד איז געגאנגען אנגעטהאן אין א גאנץ איינפאכעס מאָרגען-קלייד אהן יעדע פערציערונג, אהן דיאמאנטען, אהן ברילליאנטען. איהרע לאנגע בלאנדע האר זיינען געווען צולאָזט און זיינען אראָפּגעהאנגען אויף איהרע פּלייצעס.

דאס ארבייטס צימער איז געווען גאנץ איינפאך. אין דער מיט צימער איז גע־שטאנען א גרויסער שרייב טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען ביכער, בריעף, פּאַ־פּיערען, צייטונגען, שריפטען אין א שרעקליכע אונארדנונג. לעבען שרייב טיש זיינען געשטאנען אייניגע געפלאָכטענע שטוהלען. אין א ווינקעל איז געשטאנען א גרויסער דיוואַן. אויף איין וואנד איז געהאנגען א גרויסער שפּיעגעל פון דער ערד ביז דער דעקע. לעבען אנאנדער וואנט איז געשטאנען א גרויסע שאפע מיט ביכער.

דאס איז געווען דאס שטודיר צימער פון דער גרויסער דראמאטיסטין, דאָרט האט זיא געלערנט, דארט האט זיא שטודירט איהרע ראָלען, דאָרט האט זיא געלע־זען דראמאטישע ווערק און קריטיקען איבער זיי.

יוליא איז געווען ערשטוינט, ווען זיא האט דערזעהן דאס איינפאכע מעבעל פון דיעזען צימער. זיא האט גערעכענט, אז אין שרה בערנהארד'ס שטודיר צימער וועט זיא געפינען גאלד, דיאמאנטען און ברילליאנטען, צום סוף געפינט זי א גאנץ איינפאכעס צימער מיט הילצערנע שטוהלען.

דיא גרויסע קינסטלערין און קענערין פון'ם מענשען האט עס בעמערק און האט פערשטאנען, וואס דאס יונגע מעדכען וואונדערט זיך אזוי. זיא האט זיא געזעצט לעבען זיך, האט גענומען איהר האנד און האט איהר געזאגט מיט איהר מילדער, פריינדליכער שטימע:

— איהר וואונדערט אייך געוויס, וואס מיין שטודיר צימער איז אזוי איינפאך מעבלירט. וואס זאל מען טהאן? דער מענשליכער גייסט ענטוויקעלט זיך זעהר שלעכט אויף סאמעטענע קישענס און אין פערגאלדעטע פאלאצען. לערנען, פאָרשען, קלערן, שטודירען מוז מען נור אויף הארטע הילצערנע בענק.

דיא דראמאטישע קונסט איז א וויסענשאפט, וויא יעדע אנדערע. מען מוז זיא שטודירען, מען מוז זיא לערנען. עס קאסט מיך פיעל מיה, איידער איך שטודיר איין א נייע ראלע. איך לערן זיא אויס, איך שטודיר זיא אויס. א מאל בין איך איינפער־שטאנדען מיט'ן פערפאסער און שפּיעל זיא, וויא ער האט געמיינט, אָפט אבער שאף איך מיין ראלע אליין. איך שפּיעל דעם כאראקטער פון'ם שטיק, וויא איך פערשטעה איהם, ניט וויא דער פערפאסער האט מיר אנגעשריעבען.

יוליא האט געעפענט דיא אויגען און האט געקוקט שרה בערנהארד גלייך אין מויל אריין. זיא האט ניט פערשטאנען, וואס דיא גרויסע קינסטלערין האט געזאָגט. זיא האט געמיינט, אז שפּיעלען א ראָלע פון א טהעאטער שטיק איז זעהר לייכט. מען דאַרף נור אויסלערנען דיא ראָלע אויסענוועניג, שרייען, קוויטשען אויף דער סצענע, נאכמאכען א געוויין, א געלעכטער, א בייזער און דאס הייסט געשפּיעלט. יעצט זאָגט איהר גאר שרה בערנהארד, אז דאס איז גאר א וויסענשאפט, א קונסט, אז מען דאַרף גאָר לערנען און שטודירען.—דאס איז איהר פאָרגעקומען זאָנדערבאַר.

— איך פּלעג שטענדיג מיינען, אז א דראמאטישער קינסטלער דאַרף נור קענען

אויסנעוועניג דיא ראָלע, וועלכע ער וויל שפּיעלען, האט זיא גע זאָגט לאנגזאם און פּער־שעהמט. מען דאַרף נור קענען זיך נאכקרימען, נאָכמאַכען יענעם. איך וואלט מיר קיין מאל ניט פאַרגעשטעלט, אז מען דאָרף עס נאָר לערנען. איך האב געמיינט, אז עס איז א געבאָרענער טאלאנט.

— אזוי דענקען פיעלע, האט שרה בערנהאַרד געענטפערט, און עס איז אין איינינע בעציהונגען ריכטיג. מען מוז געבאָרען ווערן מיט געוויסע פעהיגקייטען אום צו זיין א דראַמאַטישע קינסטלערין דיא געבאָרענע פעהיגקייטען אליין זיינען אבער ניט גענוג. מען מוז זיי ענטוויקלען, מען מוז זיי אויסבילדען. — יעדער מענש ווערט געבאָרען מיט געוויסע פעהיגקייטען, וועלכע ער קען אויסבילדען צום העכסטען פונקט פון פאָל־קאָמענהייט. ווען זיינע עלטערן ווייסען, וויא אזוי איהם צו ערציהען, אדער ווען ער קומט אין אזעלכע אומשטענדע, וועלכע פּאסען צו זיינע פעהיגקייטען, בילדעט ער זיי אויס און ווערט א גרויסער קינסטלער, א גרויסער שרייבער, א בעריהמטער דאָקטאָר, א פילאָזאָף, א דענקער אדער א בעריהמטער אקטער. האבען זיינע עלטערן ניט געוואוסט, וויא אזוי איהם צו ערציהען אָדער ער האָט געלעבט אין אזעלכע אומשטענדע, וואו ער האט ניט געקענט אויסבילדען זיינע געבאָרענע פעהיגקייטען און ער איז געוואָרען עפּעס אנדערש, בלייבט ער א קריפּעל (א קאַליקע). — איינער איז געבאָרען צו זיין אן אקטער, ער האט אבער זיינע פעהיגקייטען ניט געקענט אויסבילדען און איז געוואָרען א שוסטער. דער וועט שטענדיג זיין א שלעכטער שוסטער. ער האט פערפעהלט זיין בערוף. —

— איך פערשטעה אלץ ניט, האט יוליא געשטאַמעלט, וויא אזוי קען מען שטודירען צו זיין א דראַמאַטישע קינסטלערין. — א דאָקטאָר, א שרייבער דאַרף לער־נען, דאַרף עפּעס קענען, אבער אן אקטער, א קינסטלער —

— דאַרף לערנען און קענען מעהר פון א דאָקטאָר, האט איהר שרה בערנ־האַרד אונטערבראכען. — זעהט איהר פריילין ראָמאנא, איהר האט דיעזעלבע בעגריפע פון דער דראַמאַטישער קונסט, וויא פיעלע אייער גלייכען, וועלכע קומען אין טהעאַ־טער נור אום צו זעהן מענשען און געזעהן צו ווערן פון מענשען. דאס טהעאַטער איז ביי זיי אן ארט, וואו מען קען וויזען, אז מען געהט שעהן אנגעטהאָן, מען האָט ברי־ליאַנטען און מען קען מאַכען בעקאַנטשאַפטען, — העכסטענס אום שפּאַס צו האָבען, זיך אנצולאַכען, ווען מען שפּיעלט א קאָמישע שטיק. — דאס טהעאטער אבער אין וואָהרען זינן פון'ם וואָרט האט א גאַנץ אנדערע בעדייטונג. דאס טהעאַטער איז א בילדונגס אנשטאַלט. דאס טהעאטער איז דער שפּיעגעל פון אונזער לעבען. דער וואָהרער קינסלער שטעלט אונז פאר א טרייעס בילד פון אונזער לעבען. ער שטעלט פאר דעם מענשען פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער לעבט, אזוי טריי און אזוי ריכטיג, אין זיינע גוטע, וויא אין זיינע שלעכטע זייטען, אז דעם צושויער הויבט אן צו עקלען דיא שלעכטע זייטען און ער היט זיך פון זיי. ער הייבט אן זיך צוצוקוקען צו זיך אליין, — פיעללייכט האב איך אין מיר איינע פון דיעזע שלעכטע זייטען און היט זיך פון זיי. דאס טהעאַטער דיענט צו פערעדלען און פערפיינערן דעם צושויער.

דער גוטער אקטער מוז שטודירען דאס שווערסטע פון אלע וויסענשאפטען — דעם מענשליכען כאראקטער, אום ער זאָל זיין אים שטאנד איהם פארצושטעלען טריי און ריכטיג, וויא ער איז. וויא פיעל מאל בין איך אוועקגעזעסען שטונדען לאנג אין האָספיטעלער ביים בעט פון א קראַנקען אדער שטערבענדען אום אויסצולערנען זיינע מינען, דיא בעוועגונגען און דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט, אום איך זאל דערנאך זיין אים שטאנד, עס איבערצונעבען ריכטיג אויף דער סצענע? — וויא פיעל מאל האב איך מאנאטע לאנג געוואָינט אין דיא וואינונגען פון ניעדעריגסטע מענשען אום זיי אויסצולערנען, זיי אויסצושטודירען, וויא זיי זיינען אין פרייד אדער אין לייד? — יעדע ראָלע, וואָס איך נעהם איבער, שטודיר איך פריהער גוט אויס. איך שטעל זיא ניט פאַר אויף דער סצענע, ביז איך איבערצייג מיך, אז איך בין אים שטאנד זיא פאר־צושטעלען ריכטיג, וויא זיא איז אין ווירקליכען לעבען. —

יוליא איז געזעסען, וויא פערשטיינערט. זיא האָט געהערט עטוואָס גאנץ נייעס.

— איך האָב מיך אזוי פערטיעפט אין דער דראַמאַטישער קונסט, אז איך האָב גאָר פארגעסען צו פרעגען אייך, צו וואס איהר זייט געקומען צו מיר, פרייליין ראמאנא האט פלוצלונג דיא קינסטלערין געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל.

— אייער פאָרטראַג געסטערן אבענד ביי דער גרעפין די פלאנקעטא האט מיך אזוי בעצויבערט, אז איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און בין געקומען אייך בעטען, איהר זאלט מיך לערנען און מיר ווייזען דעם וועג, וויא צו דערגרייכען דיעזע קונסט, האט יוליא געזאגט אום נור עפּעס צו זאגען.

זיא האט ניט געוואוסט, וויא אזוי זיא זאל אנהויבען צו דערצעהלען שרה בער־נאהרד איהר טרויעריגע לאגע און זאל זיא בעטען, אז זיא זאל זיא רעטען פון איהר מוטער.

— אלזא, זייט איהר פעסט ענטשלאסען ארייננצוטרעטען אין טהעאטער?

— איך וויים אליין ניט, וואס איך זאל טהאן. מיין מוטער צווינגט מיך אריינ־צוטרעטען אין טהעאטער. איך וויים ניט, אויב איך בין פעהיג דערצו.

שרה בערנהארד האט געווארפען א פארשענדען בליק אויף דאס יונגע מעדכען.

— האט אייך אייער מוטער איינגעפיהרט צו דער גרעפין די פלאנקעטא? האט זיא איהר געפרעגט.

— מיין מוטער האט מיך אהין געפיהרט און זיא וויל, אז איך זאל הייטע אבענד געהן ערגעץ צו אן אונגארישען גראף, וואו עס וועלען זיך צונויפקומען פיעלע קינסטלער.

— צום גראף נאגי? האט דיא דראַמאַטיסטין געפרעגט.

— צו דעמזועלבען, האט דאס יונגע מעדכען געענטפערט און איז רויט געוואָרען.

— דערצעהלט מיר אלעס, האט שרה בערנהארד אויסגערופען און האט אנגע־נומען דאס יונגע מעדכען ביי ביידע הענד.

יוליא האט איהר דערצעהלט איהר לעבענס געשיכטע, וויא וויים זיא האט געקענט געדענקען. שרה בערנאארד האט זיא אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם.

ווען יוליא איז צוגעקומען צו דער לעצטער צייט פון איהר לעבען, ווען אייער

איינענע מוטער האט זיא געטריעבען אויפ'ן וועג פון שאנדע און פערברעכען, האט זיא זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— גוט! איך פערשטעהע אלעס, האט איהר דיא קינסטלערין געזאָגט. איך האָב אייך אנגעבאָטען מיין הילף און האב אייך געזאָגט, איהר זאלט קומען צו מיר, ווען איהר וועט זיין אין א נויט. — איך האב דאמאלס ניט געוואוסט ווער איהר זייט און אין וואס פאר א לאגע איהר געפינט זיך, יעצט ווייס איך אלעס. — בלייבט ביי מיר דערווייל. איך וועל זעהן, וואס איך וועל קענען טהאָן פאר אייך. — איך וועל פראָבירען. ווען איהר האט ווירקליך פעהיגקייטען צום טהעאטער, וועל איך ניט שפּאָרען קיין מיה אויסצובילדען אין אייך דיעזע פעהיגקייטען. — ווען ניט, וועל איך זעהן, וויא אזוי אייך צו ענטרייסען פון אייער אונגאטירליכער מוטער.

יוליא איז געוועזן גליקליך. זיא בלייבט ביי דער גרויסער קינסטלערין, זיא האט נעהאָפּט שרה בערנהארד'ס הענד און האט זיי אנגעהויבען צו קושען.

— נור רוהיג, מיין יונגע פריינדין, האט דיא קינסטלערין געבעטען. עס וועט זיך אלעס איינאָרדענען צום בעסטען. יעצט לאמיר מאכען א פּראָבע. איך שטודיר יעצט איין א נייע ראלע פון א שטיק, וועלכעס מען האט געשריעבען אומיסטען פון מיינעט וועגען. — א יונגעס מעדכען ליעבט א מאן, וועלכער שטעהט פיעל העכער פון איהר און וועט זיא קיין מאל ניט הייראטהען. — זיא איז פערצווייפעלט, שטעהט אין איהר צימער און רעדט צו זיך אליין. — פּראָבירט נאר פּאָרטראגען פאר מיר דיא רעדע פון'ם מעדכען.

מיט דיעזע ווערטער האט איהר שרה בערנהארא דערלאנגט דאס געדרוקטע בוך און האט איהר געהייסען זיך שטעלען נעגען איהר און פּאָרטראגען דיא רעדע.

יוליא'ן האט עס געגעבען א שטאך אין הארצען. דאס איז גראָדע איהר לאגע. זיא ליעבט אויך א פירסט און ווייס, אז ער וועט זיא ניט הייראטהען. ער וועט באלד אוועקפאָהרען און זיא פערגעסען.

זיא האט גענומען דאס בוך, האט דורכגעלעזען מיט דיא אויגען א פּאר מאל דיא ווערטער, וועלכע דיא גרויסע קינסטלערין האט איהר אנגעוויעזען, און האט אנ־געהויבען פּארצוטראגען דיא רעדע (מאָנאָלאָג). אנפאנגס האט זיא עס פארגעטראָ־גען לאנגזאם און שטיל, וואס ווייטער אבער זיא האט געלעזען און האט אנגעהויבען צו פיהלען, וויא יעדעס ווארט פּאסט צו איהר, האט זיא אנגעהויבען פארצוטראגען העכער, פייערינער און געפיהלפאלער, ביז זיא איז געקומען צו דיא לעצטע צייל[ען]. דא איז איהר שטימע געווארען שארפער, פולער און הינרייסענדער. אין איהר האט גע־קלונגען נויט, עלענד און פערצווייפלונג. דיא לעצטע ווערטער האט זיא ניט געקענט ארויסזאגען, דיא טרערין האבען זיא געווארגען, דאס בוך איז ארויסגעפאלען פון איהרע הענד און זיא אליין האט זיך געמוזט אנהאלטען אן טיש, זיא זאל ניט אומפאלען.

שרה בערנהארד איז געוועזן ענטציקט. זיא אליין וואָלט עס ניט געקענט בעסער פּאָרטראגען.

— בראוואָ! זעהר גוט! האט זיא אויסגערופען און האט אניעדער געזעצט יוליא ארפ'ן דיוואן לעבען זיך.

שרה בערנהארד האט זעהר גוט פערשטאנען, אז צופעלינער ווייזע האט זיא געטראָפען אויף א סצענע, וועלכע פאסט פאר איהר יונגע פריינדין. זיא האט זיך אבער געוואלט איבערצייגען, אויב זיא האט ריכטיג דערראטהען. ווען יוליא האט זיך אביסעל אפגערוהט און האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, האט זיא איהר געגעבען אן אנדערע סצענע פארצוטראגען. דאס איז געווען א סצענע, וואו א פרוי איז געפלאגט פון אייפערזוכט. עס ווייזט איהר אוים, אז איהר מאן ליעבט אן אנדערע און איהר הארץ ווערט צוריסען פון האס, צאָרן און פערצווייפלונג.

יוליא האט פאָרגעטראגען דיעזע סצענע זעהר געפיהל פאל, עס האט שוין אבער געפעהלט דיא בעגייסטערונג און דער פייער, מיט וועלכען זיא האט פאָרגעטראגען דיא ערשטע סצענע. זיא האט עס אליין געפיהלט. זיא האט אליין געוואוסט, אז עפּעס פעהלט. אז עס קלינגט ניט, וויא עס דארף צו זיין. זיא אליין איז געבליעבען קאלט ביי דיא ווערטער וואס זיא האט געזאגט. — זיא האט זיי ניט געפיהלט.

— דא ליעגט דיא קונסט, מיין ליעבעס פריילין, האט שרה בערנהארר געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל. עס קומט זעהר אָפט פאָר, אז עס געלינגט אן אקטריסע א סצענע, ניט ווייל זיא איז א קינסטלערין, זאָנדערן ווייל, ווען זיא זאגט אויף דער סצענע דיא ווערטער פון'ם פערפאסער, זאגט זיא אין דערזעלבער צייט ארוים איהרע אייגענע ליידען. זיא וויינט ניט מיט פאלשע טרערין איבער דיא נויט פון דער פּערזאָן, וועלכע זיא שפּיעלט,— זיא וויינט מיט וואהרע, הייסע טרעהרין איבער איהר אייגענע נויט. — דאס איז נאטור. אזא סצענע ווירקט אויפין פּובליקום און קען עס הינרייסען צום גרעסטען ענטהוזיאזמוס. — דאס איז אבער ניט דיא קונסט. — דיא וואָהרע קינסטלערין שטעלט פאר אלע איהרע ראָלען, — נאטור טריי. — דאס איז אבער ניט אזוי לייכט. דאס מוז מען לערנען. —

אבער גענוג! איך זעה, אז איהר האט געבאָרענע פעהיגקייטען און פון אייך וועט קענען עפּעס ווערן. בלייבט דא און מיר וועלען זעהן.

— איך מוז אבער נאך זעהן מיין מוטער, האט זיך יוליא אפּגערופען. איך בין אוועקגעגאנגען פון דער היים און האב קיינעם ניט געזאגט, וואוהין איך געה.

עס איז געבליעבען, אז זיא זאל געהן אהיים און זאגען איהר מוטער, אז זיא האט זיך ענטשלאָסען אריינצוטרעטען אין טהעאטער און אז דיא גרויסע דראמאטיסטין נעהמט זיך אונטער זיא צו לערנען. דאן זאל זיא טעגליך קומען. זיא וועט זעהן און הערן, וויא שרה בערנהארד שטודירט איהרע ראָלען און וויא זיא שטעלט זיי פאָר אויף דער ביהנע.

מאדאם לוקרעציא איז געווען זעהר אונצופריעדען, ווען יוליא איז געקומען אהיים און האט איהר דערצעהלט, וואס פאר א גליק עס האט זיא געטראָפען

— אלזא, ווערסט דוא היינט ניט געהן צום אונגארישען גראף?

— ניין, מוטער, היינט וועל איך אין ערגעץ ניט געהן. אין אייניגע טעג ארום אבער וועט שרה בערנהארד שפּיעלען און איך וועל געהן אין איהר לאזשע. זיא האט געבעטען, אז דוא זאלסט אויך קומען.

וויא אונצופריעדען מאדאם לוקרעציא איז געווען, וואס יוליא געהט ניט מיט

איהר צום אונגארישען גראף, האט זיא דאך געפונען, אז עס איז זעהר אנגענעהם צו זיצען אין דער לאזשע פון דער גרויסער קינסטלערין. דארט קומען זיך געוויס צונויף דיא גרעסטע און רייכסטע מענער און עס איז זעהר מעגליך, אז דארט וועט זיא נאך גיכער קענען אויספיהרען איהר פּלאן — צו פערשאכערן איהר טאָכטער צו א רייכען מאן.

יעצט ערשט האט זיא אנגעהויבען צו מאכען פאָרבערייטונגען און איינקויפע. דער טהייערער רינג, וואס דער אונגארישער גראף האט געשענקט יוליא'ן איז אוועקגעקראכען צו א דיאמאנטען הענדלער און האט געבראכט געלד גענוג, ביז אנאנדערע געלעגענהייט וועט זיך פארשטעלען, וועלכע וועט איינברענגען נאך עטליכע פראנק.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. יוליא איז געוועזען גליקליך. זיא האט אנגעהויבען צו לערנען און האט אנגעהויבען צו פערשטעהן דיא דראמאטישע קונסט.

אין אלע גאסען און אויף אלע וועגד האט מען געזעהן גרויסע טהעאטער אפישען, וועלכע האבען געמעלדעט, אז דיא בעריהמטע דראמאטיסטין, שרה בערנהארד וועט אויפטרעטען אין א נייַ שטיק. אלע טהעאטער פריינד און אלע פרעמדע געסט אין פאריז זיינען געלאפען זיך פערזארגען מיט בילעטען.

מיר האבען פאָרגעשטעלט איינינע שלעכטע זייטען, אדער שאטען זייטען, פון פאריזער לעבען, אבער וואו עס איז דא א שאטען, דארט איז דא ליכט. ווען עס זיינען דא שלעכטע זייטען, מוזען זיין גוטע אויך. אין פאריז האטווירקליך זעהר פיעל גוטע זייטען. אין קיין שטאדט אין דער וועלט איז מען ניט אזוי נייגיעריג צו זעהן א שעהנעם בילד, א שעהנעם טהעאטער שטיק, צו לעזען א נייעס בוך, וויא אין פאריז. אין קיין שטאדט אין דער וועלט האבען דיא מענשען ניט אזוי פיעל געפיהל צו קונסט און וויסענשאפט, וויא אין פאריז. ניט אומזיסט האט א גרויסער מענשענקענער געזאָגט:

— דיא דייטשען וויסען זעהר פיעל און קענען זעהר וועניג; דיא ענגלענדער קענען פיעל און וויסען וועניג; דיא פראנצויזען וויסען זעהר פיעל און קענען זעהר פיעל.

דיא פראנצויזען, בעזאנדערס דיא פאריזער פראנצויזען, זיינען זעהר געבילדעט און זעהר געלערנט. יעדע נייע זאך רעגט זיי אויף. לאז מען נור מעלדען א נייעס שטיק פון א בעריהמטען פערפאסער און מען קען זיכער זיין, אז דאס ערשטע מאל וועט דאס טהעאטער זיין פול. וועט דאס שטיק געפעלען דעם פובליקום, וועט מען עס קענען געבען הונדערטער מאל נאכאנאנד און דאס טהעאטער וועט שטענדיג זיין פול.

דיא גרעסטע קינסטלער, דיא בעריהמטעסטע זינגער און פיאנא שפּיעלער האבען זיך געמאכט א גרויסען נאמען דורך זייערע פארשטעלונגען אין פאריז, אין אנאנדער גרויסער שטאָדט האט מען ניט געוואוסט זיי צו שעצען. מען האט זייער טאלאנט ניט פערשטאנען. דער בעריהמטער מאיערבעער, א געבאָרענער פון בערלין, האט זיינע בעריהמטע אָפּערן פאָרגעשטעלט אין פאריז, ניט אין בערלין.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דיא אַפישען, אז שרה בערנהארד וועט אויפטרעטען אין א נייע ראלע, האבען געמאכט אזא רעש אין פאריז. דיא גרעסטע מענער האבען עס געהאלטען פאר א שאנדע, זיי זאלען ניט זיין אויף דיא ערשטע פארשטעלונג פון א נייַ שטיק, אין וועלכע שרה בערנהארד וועט שפּיעלען דיא הויפּטראָלע.

א טאג פאר דער פאָרשטעלונג זיינען שוין אלע בילעטען געווען פערקויפט. מען האט געצאהלט אונגעהייערע פרייזען פארן ערנסטען זיץ. דיא רייכע דיא גרויסע האבען זיך פערזאָרגט מיט לאָזשען.

ענדליך איז געקומען דער טאג פון דער פאָרשטעלונג. מאדאם לוקרעציא האט זיך שוין אין גאנצען איבערגעבעטען מיט איהר טאָכטער. — זיא וועט יעצט זיצען אין איינע פון דיא בעסטע לאָזשען לעבען דער סצענע. וויא האט זיא געקענט דענקען פון אזא עהרע מיט עטליכע טאג צוריק ? יוליא איז אויך געווען צופריעדען, זיא זאל זיך היינט אנטהאן שעהנער, וויא געוועהנליך. זיא האט געוואוסט, אז דיא גרעסטע מענער וועלען אריינקומען אין דער לאָזשע בעגריסען דיא קינסטלערין.

עס איז געוואָרען נאכט. דאס טהעאטער איז העל בעלייכטעט. אלע זיצע זיינען פערנומען. פון דיא אייבערשטע גאלעריעען ביז אונטען צום פארקעט איז אלעס בעזעצט, אלעס פול געפּאקט. נור דיא לאָזשען שטעהן נאך לעדיג. דיא, וועלכע האבען גענומען לאָזשען, האבען זיך ניט וואס צו איילען. קיינער וועט זייערע פּלעצער ניט פערנעהמען

באלד אבער האבען דיא לאָזשען אויך אנגעהויבען פול צו ווערן מיט מענשען. דאמען אין שעהנסטע און רייכסטע טואלעטען מיט טהייערע פעכער אין דיא הענד, מיט אפּערא גלעזער, בינאָקלס און מאנאקלס, מיט בלומען אין דיא האר און אויף דער ברוסט, מיט פונקעלענדע ברילאנטען אויפ'ן קאָפּ, אויפ'ן האלז, אויף דיא הענד און אויף דיא פינגער, האבען זיך אויסגעזעצט דיא ערשטע רייהען. ווער עס האט געוואָלט וויזען איהרע ברילאנטען ; ווער עס האט געוואָלט גלענצען מיט'ן טואלעט, ווער עס האט געוואָלט, אז מען זאל קוקען אויף איהר שעהנעם געזיכט, — דיא זיינען געקומען פריהער, האבען זיך אויסגעזעצט פון פאָרנט, האבען געגריסט בעקאנטע און האבע נעענטפערט אויף גריסע פון בעקאנטע.

פעכער, אפּערא גלעזער און שעהנע הענד האבען זיך אנגעהויבען צו בעוועגען אין דער לופט, צו ווינקען און צו רעדען דיא געהיימניספאָלע טהעאטער שפּראך.

עס איז נאך געווען פריה, דיא מוזיק האט נאך ניט געשפּיעלט און דיא צושויער האבען געהאט צייט זיך צו בעשעפטיגען מיט אנדערע זאכען אלס מיט'ן טהעאטער.

א רייך געקליידעטער, פערפּוצטער און פערציערטער לאקיי האט געעפענט דיא טהיר פון איינע פון דיא בעסטע לאזשען און האט אריינגעלאזען א יונגען מאן מיט א יונגער פרוי — אונזערע אלטע בעקאנטע, דיא מארקיזא פּאלאַנצאָני מיט'ן עקס אפיציער ווענדענשטיין.

דיא מארקיזא איז היינט געגאנגען בעזאנדערס רייך אנגעטהאן. זיא איז געווען בעהאנגען מיט ברילאנטען און האט געפונקעלט און געגלענצט, וויא א פענסטער פון א ברילאנטען הענדלער. זאנאר איהר פעכער און איהר אפּערא גלאז זיינען געווען אנגעזעצט מיט ברילאנטען. איהרע קליידער זיינען געווען זעהר רייך און נאך דער לעצטער מאָדע. — זיא איז אריינגעקומען מיט'ן קאָפּ אין דער הויך, שטאָלץ, וויא א קעניגין, האט געוואָרפען א שנעלען בליק איפ'ן פּארקעט און אויף דיא לאָזשען און

האט זיך אניעדערגעזעצט אויפ'ן ווייכען, סאמעטענם שטוהל ביי דער פארענטשע פון דער לאזשע.

דער עקס אפיציער וועגדענשטיין האט געטראגען א שווארצען ראָק און אויף דער ברוסט האט געגלענצט דער אָרדען פון האנאָווער, וועלכען קעניג געאָרג האט צוגעשיקט קיין פאריז. ער איז געווען בלייך און פערטראַכט. ער איז נאכגעגאנגען דער מארקיזא, וויא איהר שאָטען, און האט געווארט, ביז זיא האט איהם געגעבען א ווינק, ער זאל זיך זעצען אויף א שטוהל הינטער איהר. דער אנדערער שטוהל ביי דער פארענטשע איז געבליעבען לעדיג.

יעצט האט דיא מארקיזא גענומען איהר אָפּערא גלאז און האט אנגעהויבען צו קוקען אויף דיא ווייטערע לאָזשען און א צופריעדענער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפען. — זיא גלענצט מעהר פון אלע און געהט אנגעטהאן שעהנער פון אלעמען.

באלד האט זיך געעפענט דיא טהיר פון אנאנדער לאָזשע אין דער אנדערער זייט פונ'ם טהעאַטער, איהר נעגענאיבער, איז דיא רייכע קעראסין הענדלערין, מאַדאַם מושאַר אריינגעקומען מיט צוויי הערךן. — א דונקעלער שאטען האט זיך געוויעזען אויף דער מארקיזא'ס געזיכט. — האט עס זיא פערדראָסען, וואס דיא קעראסין הענדלערן איז געווען רייכער אנגעטהאן פון איהר, אדער האט עס זיא געקרענקט, וואס זיא האט דערקענט אין איינעם פון דיא הערךן, וועלכע זיינען געקומען מיט מאַדאַם מושאַר, דעם ערשטען סעקרעטער פון דער ענגלישען געזאַנדשאפט, דעם הערצאָג האמילטאן? — דאס קענען מיר ניט זאגען. אבער דאס געזיכט פון דער שעהנער מארקיזא פאלאַנצאני איז פלוצלונג געווארען אונפריינדליך, וויא א נאָוועמבער טאָג.

וועגדענשטיין, וועלכער האט קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזען פון דער מארקיזא, האט עס בעמערקט און האט געוואָלט זיא צערשטרייען.

— זייט איהר צום ערשטען מאל אין א פאריזער טהעאַטער? האט ער זיא געפרעגט.

— איך בין שוין געווען עטליכע מאל אין טהעאַטער, זייט איך בין אין פאריז, האט דיא מארקיזא געענטפערט מיט א שמייכעל. — עס איז אבער דאס ערשטע מאל, וואס איך בין געקומען זעהן שרה בערנהארד. — דאס איז א פאריזער בערימט־הייט. ביי אונז אין איטאַליען, קען מען אנדערע קינסטלער, אנדערע בעריהמטע דראַמאַטישע אַרטיסטען; — ביי אונז הערט מען מיט פערגניגען א סאלוויני, א דע ראָסי, א ביאַנקאָ בילּיני — דיא פראנצויזען האבען צופויקט אויף דער וועלט דעם נאמען פון שרה בערנהארד.

— אלזא, האט איהר אזא שלעכטע מיינונג פון שרה בערנהארד? האט דער יונגער מאן געפרעגט.

— איך זאג ניט, אז איך האב א שלעכטע מיינונג פון איהר, האט זיך דיא מארקיזא וויא פערטהיידיגט. — איך זאג נור, אז דיא פראנצויזען האבען ליעב צו מאַכען פון יעדער זאך א בער. קוים האט נור איינער פון זיי א שטיקעלע טאלאנט,

מאַכען זיי שוין פון איהם דעם גרעסטען קינסטלער אין דער וועלט. — האט איהר אמאל געזעהן שפּיעלען שרה בערנהארד ? האט זיא זיך פלוצלונג געווענדעט צום יונגען מאן מיט א שמייכעל.

— איך בין אויפגעוואקסען געוואָרען אין א קליין אָרט, האט ווענדעני־שטיין געענטפערט און האט זיך פערשעהמט. איך קען ניט אורטהיילען איבער קיין גרויסע קינסטלער, ווייל איך האב קיין מאל נאך ניט געזעהן קיין גרויסען קינסטלער. איך האב נור געלעזען אין דיא צייטונגען פון דיא בעריהמטע דראמאטישע קינסטלער, וויא סאלוויני, דע ראַססי און שרה בערנהארד. איך קען איבער זיי ניט אורטהיילען. דיא קונסט איז אַ זאנדערבאַרער ארטיקעל. ער לאזט זיך ניט קויפען, ער לאזט זיך ניט פערקויפען דורך א בריעף. מען מוז זעהן, הערן און דער נאך ערשט וויסען, וואס צו אורטהיילען און וויא אזוי צו אורטהיילען —

ער האט ניט געקענט ענדיגען, וואס ער האט געוואלט זאגען, ווייל אין דיעזע מינוט איז געוואָרען אן אויפרוהר אין טהעאטער. אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער, אלע אויגען האבען זיך געווענדעט אין איין זייט, אלע האבען געוואָרט, אלע זיינען געוואָרען נייגיעריג.

— דיא קייזערין! האט מען געהערט פון אלע זייטען.

אלע זיינען געוואָרען שטיל און דאך האט יעדער וויעדערהאָלט פאר זיך:

— דיא קייזערין!

ווען עטליכע טויזענד גארגלען זאגען ארויס א וואָרט גאנץ שטיל, ווערט שוין א רעש. — באלד איז אבער אלעס ווירקליך שטיל געוואָרען. דיא קייזערין אייזשעניע איז אריינגעקומען מיט איהרע האף דאמען אין דער קייזערליכער לאזשע.

— עס לעבע דיא קייזערין דער פראנצאזען! האט דיא מעננע אויסגעשריען מיט א מאל.

דיא קייזערין אייזשעניע האט זיך העפליך פערנייגט און האט געדאנקט פאר דעם פריינדליכען עמפּפאנג.

קוים האט זיך דיא קייזערין אניעדערגעזעצט אונטער דעם געצעלט פון רויטען סאמעט מיטן קייזערליכען אדלער פון אויבען, האט דיא מוזיק אנגעהויבען צו שפּיעלען צו ערשט דיא מארסאליעזע, דאן דיא אָוועֶרטיורע.

יעצט איז אין טהעאטער ווירקליך געוואָרען שטיל. דיא דאמען האבען אלע געקוקט אויף דער קייזערין און האבען אויסשטודירט איהר נייעם קלייד. דיא מעננער האבען געקוקט אויף דיא דאמען אדער האבען זיך צוגעהערט צו דער מוזיק.

ווענדענשטיין איז געזעסען נאהענט לעבען דער מארקיזא. זייט ער האט זיא צום ערשטען מאל געזעהן, האט זיא געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. ער איז געווען געבלענדעט פון איהר שעהנהייט און פון איהרע אריסטאקראטישע מאניערן. זיא האט גערעדט אזוי פיין, אזוי קלוג, אזוי וויציג און אזוי נייסטפאל, אז דער יונגער דייטשער אפיציער איז געווען איבערראשט און ענטציקט. — אזעלכעס האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן און קיין מאל ניט געהערט.

ער איז געווען העכסט גליקליך, ווען זיא האט איהם אייגגעלאַדען צו קומען

אפפ צו איהר און צו פלוידערן מיט איהר פון דערפער, פעלדער און וועלדער. ער איז געוואָרען ביי איהר אַן אָפּטער גאסט, זאגאר אַ צו אָפּטער גאסט. ער איז שוין מיט איהר אַ פּאר מאל געפּאהרען אין פּארק בוא דע בולאָן.

אנפאנגס האט ער זיך אליין ניט געוואָלט גלויבען, אַז ער ליעבט זיא. ער האט נור געוואוסט, אַז עס איז איהם אנגענעהם צו זיין לעבען איהר, צו רעדען מיט איהר, צו קוקען אויף איהר און צו הערען איהרע פריינדליכע בעמערקונגען. באלד אבער האט ער איינגעזעהן, אַז אין איהם האט זיך ערוואכט אַ גאנץ אנדערעס געפיהל צו דיעזע פרוי. ער האט מורא געהאט דאראן צו דענקען. ער האט זיך געשעהמט עס ארויס־צוזאגען, אבער ער האט געפיהלט, אַז דאס איז — ליעבע.

אין דער ערשטער צייט, וואס ער איז געקומען קיין פּאריז, פלעגט ער ערוואר־טען מיט אונגעדולד אַ בריעף פון זיין געליעבטע, פון זיין בראוט, העלענא. ער פלעגט ציטערן, ווען ער פלעגט דערהאלטען אַ בריעף פון איהר, פלעגט איהם קושען, פלעגט איהם איבערלעזען הונדערט מאל, פלעגט איהם טראגען אויף דער ברוסט און פלעגט באלד ענטפערן מיט טויזענדער ליעבעס פערזיכערונג.

זייט ער האט זיך בעקענט מיט דער מארקיזא, האט זיך אלעס געענדערט. עס איז איהם געוואָרען אונאנגענעהם, ווען ער האט דערהאלטען אַ בריעף פון העלענאַן. ער פלעגט איהם שנעל דורכלעזען און אוועקלעגען אין אַ זייט. ער פלעגט ענטפערן אויף איהם נאכלעססיג און קאלט. ענדליך, האט ער אנגעהויבען צו ענטפערן אויף איין בריעף פון צוויי — פון דריי. — יעצט האט ער גאר אויפגעהערט צו שרייבען צו „זיין“ העלענא. ער האט זיך ענדליך איבערציינגט, אַז ער ליעבט ווירקליך דיא מארקיזא פּאלאנצאָני מיט זיין גאנצער זעעלע, מיט זיין גאנצעס לעבען. — און העלענא? — דיא גוטע, שטילע, טרייע, ערגעבענע העלענא?

אויף דיעזע פראגע האט ער זיך אלייז קיין אנטווארט ניט געקענט געבען. ער האט שוין אייניגע מאל געפּאסט אַ בעשלוס, ער זאל מעהר ניט געהן צו דער מארקיזא, ער זאל זיא מעהר ניט זעהן, ער זאל מיט איהר מעהר ניט רעדען. — ער האט נאך מעהר געטהאן, ער האט אנגעשריעבען צו העלענא אַ בריעף פול מיט אויסדריקע פון ליעבע און טרייע און האט איהר זאגאר געשטעלט אין אויסזיכט, אַז זיא זאל אין אַ קורצע צייט קומען קיין פּאריז און זאל זיך מיט איהם פעראייניגען.

דיעזער בריעף האט איהם בערוהיגט, ער איז דיעזען אבענד ניט געווען ביי דער מארקיזא און האט זיך געלעגט פריה שלאפען. דעם אנדערן טאג אום צוועלף אוהר — אין דער צייט, ווען מען האט געקענט טרעפען דיא מארקיזא אין דער היים — איז ער ווידער געשטאנען פאר דער טהיר און האט אנגעקלונגען.

דיא דיענער פון דער מארקיזא האבען געהאט אַ בעפעהל, אַז זיי זאָלען איהם ארייננלאזען יעדעס מאל, ווען דיא מארקיזא וועט נור זיין אין דער היים, און זאָלען איהם זאגאר ניט מעלדען. ער איז אריינגעקומען, האט זיא געזעהן — און האט ווייטער פערגעסען אַן העלענא, אַן זיין היים און אַן אלעס אין דער וועלט.

— שרה בערנהארד טרעט היינט אויף אין אַ ניי שטיק, האט איהם דיא מארקיזא געזאגט. איך האב גענומען אַ לאָזשע. — ווען איהר האט צייט, קומט מיט מיר. איך

האב אזוי וועניג טרייע פריינד היער און פיהל מיך אזוי איינזאם, אזוי אליין, אז עס וועט מיר מאכען פיעל פערגניגען צו זיצען אין מיין לאזשע מיט איינעם פון מיינע בעסטע און טרייעסטע פריינד.

ווענדענשטיין האט זיך פערנייגט און האט געדאנקט דיא מארקיזא פאר איהר פריינדליכקייט. ער האט געוואלט איהר ערקלערן, אז ער ליעבט זיא. ער האט עס אבער ניט געקענט. ער האט עס ניט געוואָלט. דיא מארקיזא איז געשטאנען אין זיינע אויגען אזוי הויך, אז ער האט קוים געוואגט ארויפצוקוקען צו איהר. ביי איהם איז זיא געוועזן א געטין, צו וועלכער מען דארף בעטען, פאר וועלכער מען דארף קניעען, מען טאר זיא אבער ניט בעריהרען מיט קיין ניעדעריגע, געוועהנליכע ליעבע פון א מענשען.

מיר זעהן איהם יעצט זיצען אין איהר לאזשע נאהענט לעבען איהר. זיא האט זיך צוגעבויגען צו איהם אזוי נאהענט, אז ער האט געפיהלט דיא ווארימקייט פון איהר קערפער, איהר הויך האט בעריהרט זיינע באקען. דאס בלוט איז איהם געקומען אין געזיכט. — ער האט געוואלט עפּעס רעדען, ער האט אבער ניט געקענט.

דיא מוזיק איז שטיל געבליעבען און אלעס אין טהעאטער איז געווארען שטיל. מען האט ערווארטעט, אז דער פארהאנג זאל זיך אויפהויבען. מען האט ערווארטעט עטוואס נייעס, עטוואס גרויסארטיגעס.

באלד האט זיך אויפגעהויבען דער פארהאנג. אין דיא ערשטע סצענע זיינען פארגעקומען אנדערע אקטערען. זיי האבען געשפיעלט זייערע ראלען גאנץ גוט, קיינער אבער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. — וואס פאר א ווערטה האט איין גאז רעהריל נעגען אן עלעקטרישען לאמפּ? — דאס פובליקום האט זיך זאגאר געלאנג־ווייל‍ט. מען האט געהערט שטילע, פערשטיקטע גענעצען. ערשט אין דער דריטער סצענע איז ארויסגעקומען דיא גרויסע קינסטלערין, שרה בערנהארד. זיא האט געשפּ־עלט דיא ראלע פון א קייזערין און איז געגאנגען אנגעטהאן, וויא א קייזערין מיט א קרוין אויפ'ן קאפּ.

זיא איז ארויסגעקומען שטאָלץ, מאַיעסטעטיש און האט געווארפען א פארשענ־דען בליק אין זאל אויפ'ן פובליקום. ווען זיא האט דערזעהן, אז דיא קייזערין אייזשעניע זיצט אין דער קייזערליכער לאזשע, האט זיא אזוי קינסטליך, אזוי געשיקט און אזוי מייסטערהאפט זיך פערנייגט פאר דער קייזערין אייזשעני, אז דיא, וועלכע זיינען גע־זעסען אין דיא ערשטע לאזשען און האבען עס בעמערקט, האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און האבען אנגעהויבען צו אפּלאָדירען. — דיא קייזערין האט געגריסט מיט דער האנד.

— בראווא! בראווא! האבען געדאָנערט דיא גאלעריען און דער פארקעט.

זיי האָבען גאר ניט געוואוסט, וואס דא איז פארגעקומען. זיי האבען נור געזעהן, אז דיא ערשטע לאזשען פאטשען בראווא, וואהרשיינליך, האט דיא גרויסע דראמא־טיסטין פערדיענט, אז מען זאל איהם אפּלאָדירען.

דיא מארקיזא פאלאנצאָני איז געוועזן בעשעפטיגט מיט אנדערע זאכען און

האָט זיך וועניג צוגעקוקט, וואָס שרה בערנהארד זאגט אָדער טהוט. עס איז איהר דאהער געווען א וואונדער, וואס דאס פובליקום ליארעמט אזוי שטארק.

— וואס שרייען זיי דארט אזוי שטארק? האָט זיא געפרעגט איהר בעגלייטער. — שרה בערנהארד האט דאך נאך קיין ווארט ארויסגעזאָגט?

— זיי בעגריעסען זייער בעריהמטע קינסטלערין, האט װענדערנשטיין געענטפערט. אזוי זיינען זיי דיא פראנצויזען. זיי וויסען ניט זיך איינצוהאלטען. געפעלט זיי איינער, וועלען זיי איהם אויפהויבען ביז אין הימעל אריין. — געפעלט זיי איינער ניט, וועלען זיי —

אין דיעזע מינוט האט שרה בערנהארד אנגעהויבען צו האלטען איהר רעדע. זיא האט געשפּיעלט, וויא זיא האט עס ערקלערט יוליאַן, ריכטיג און טריי נאכגעמאכט דיא נאטור. זיא האט געפּיהלט, וואס זיא האט גערעדט, איז ארומגעגאנגען אויף דער סצענע, וויא ביי זיך אין דער היים און האט אויסגעטהיילט בעפעהלע, גלייך וויא זיא וואָלט ווירקליך געווען א קייזערין.

אין טהעאטער איז געווען שטיל, אז מען האט געקענט הערן, וויא דאס הערץ קלאפּט ביי א מענשען. אלע אויגען האבען זיך געווענדעט אויף דער סצענע. אלע זיינען געווען פעראינטערעסירט אין דער פאָרשטעלונג. זאנאר וועגדערנשטיין האט זיך אריבערגעבויגען איבער דעם ראנד פון דער לאָזשע און האט זיך צוגעקוקט, וויא שרה בערנהארד שפּיעלט. דערביי האט זיין האנד בעריהרט דיא האנד פון דער מארקיזא. אן עלעקטרישער שטראהל האט דורכגעציטערט זיין גאנצען קערפּער. זיא האט איהם אנגענומען ביי דער האנד, האט זיא איהם געדריקט ווייך אוןווארם און האט איהם געפרעגט:

— וואס איז אייך, מיין פריינד? געפעלט אייך אזוי שטארק דאס שפּיעל? — איך מוז אויסזאגען דיא וואהרהייט: איך בין ניט אזוי שטארק געבילדעט, איך זאל פערשטעהן, וואס דיא פראנצויזען פערגעטערן אזוי שטארק. יעדע געוועהנליכע איטאַליענישע אקטריסע, וואלט דיעזע ראָל בעסער געשפּיעלט פון דער בעריהמטער שרה בערנהארד.

וועגדענשטיין האט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אין דיעזע מינוט אבער האט זיך דער פארהאנג אראפּגעלאזען. דאס טהעאַטער האט אנגעהויבען צו ציטערן פון דיא אפּלאָדיסמענטען. מען האט ארויסגערופען דיא קינסטלערין, זיא איז אבער ניט ארויס־געקומען, ערשט ווען דיא קייזערין אייזשעניע האט געגעבען א צייכען, אז זיא וויל זיא זעהן, איז זיא ארויסגעקומען. זיא האט שוין אויסגעטהאן דיא קרוין פון איהר קאפּ און איז געשטאנען יעצט פארן פובליקום אלס קייזערין דער קונסט.

יוליא מיט איהר מוטער זיינען געזעסען אין שרה בערנהארד'ס לאָזשע, אין וועלכער עס זיינען געזעסען נאך אייניגע הערדען און דאמען, שרה בערנהארד'ס נאָ־הענסטע פריינד און בעקאנטע. — יוליא האט ניט אראפּגעלאזען דיא אויגען פון דער קינסטלערין, זיא האט זיא געהערט איינשטודירען דיעזעלבע ראלע אין דערהיים און האט זיך יעצט צוגעקוקט, וויא זיא שפּיעלט עס אויף דער ביהנע.

מאדאם לוקרעציא האט געזוכט עטוואס אנדערש, זיא האט דערזעהן אין א לאָזשע דעם אונגארישען גראף, האט איהם געגריסט און האט איהם געמאכט צייכענס,

ער זאל קומען צו איהר. דער גראף אבער האט זיא ניט פערשטאנען אדער האט ניט געקענט אוועקגעהן פון זיינע פריינד. ער איז ניט געקומען און מאדאם לוקרעציא האט זיך אנגעבלאזען. זיא האט געמיינט, אז אין שרה בערנהארד'ס לאזשע וועט זיא מאכען נייע בעקאנטשאפטען און צום סוף זיינען נאר געזעסען פערטראכטע הערען און ערנסטע דאמען און האבען נאר גערעדט פון זאכען, וועלכע זיא האט ווייניג פערשטאנען און וועלכע האבען זיא ניט אינטערעסירט.

דער צווישען אקט האט געדויערט. עס איז געווען א נייע שטיק און דער מאשיניסט האט פראבירט נאך אמאל אלע מאשינען, אויב זיי ארבייטען ריכטיג. אין דיעזע צייט זיינען צוגעקומען פיעלע נייע צושויער. אייניגע זיינען געגאנגען פון איין לאזשע אין דער אנדערער בעגריסען זייערע פריינד און רעדען מיט זיי.—אזוי איז שוין איינגעפיהרט אין פאריזער טהעאטער. ווען עס ענדיגט זיך דאס שפיעל אויף דער סצענע, הייבט זיך אן דאס שפיעל אין לעבען.

אין דער לאזשע פון דער מארקיזא איז אריינגעקומען דער גראף דע ריווערא. ער איז געבליעבען שטעהן א פאר מינוטען ביי דער טהיר און האט מיט זיין שארפעם אויג איבערגעקוקט דעם זאל. דאן איז ער צוגעגאנגען צו דער מארקיזא און צו וועג־דענשטיינען און האט זיי בעגריעסט. דיא מארקיזא האט איהם זעהר פריינדליך איינ־געלאדען צו זעצען זיך אויפ'ן לעדיגען שטוהל ביים ראנד פון דער לאזשע. ער איז געזעסען א גאנץ קורצע צייט, האט גערעדט פונ'ם וועטער און פון שרה בערנהארד'ם שפיעלען, זיינע אויגען אבער האבען ניט גערוהט. זיי האבען עפעס געזוכט. באלד איז זיין געזיכט לעבעדיגער געווארען, זיינע אויגען האבען א פונקעל געטהאן און ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט.

— ווען איהר וועט מיר ערלויבען, האט ער געזאגט צו דער מארקיזא, וועל איך אריינקומען נאכ'ן דריטען אקט. איך האב דא דערזעהן א בעקאנטען, וועלכען איך האב שוין לאנג ניט געזעהן.

— איהר זייט מיר שטענדיג ווילקאמען, גראף, האט דיא מארקיזא געענטפערט מיט א פיינעם שמייכעל, וויא אלע מיינע פריינדע זיינען מיר ווילקאמען.

דער גראף האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען מיט זיין געוועהנליכען, רוהיגען שריט.

אונטערדעסען האט זיך דער אנטראקט געענדיגט. דיא מוזיק האט וויעדער אנגעהויבען צו שפיעלען. באלד האט זיך אויפגעהויבען דער פארהאנג—דיא פאר־שטעלונג האט זיך וויעדער אנגעהויבען. דיא מארקיזא און וועגדענשטיין האבען געזעהן דעם גראף זיצען אין א לאזשע נעגען איבער זיי. וועגדענשטיין האט זיך ווייניג צוגע־קוקט צו איהם. דיא מארקיזא אבער איז מיט יעדע מינוטע געווארען אויפמערקזאמער. צום ערשטען מאל, זייט זיא קען דעם גראף דע ריווערא, האט זיא איהם אזוי געזעהן.

ער איז געזעסען אויף איין ארט, וויא א מארמארנע סטאטוע. זיינע אויגען האבען געקוקט אויף איין פונקט. דיא פארב פון זיין געזיכט האט זיך ניט געענדערט, אבער יעדער אדער אין זיין געזיכט האט געציטערט און אויף זיין שטערן האבען זיך אויסגעלעגט, טיעפע קנייטשען. זיא האט איהם גוט געקענט, זיא האט געוואוסט.

אז דאס איז ניט אומזיסט. זיא האט פערשטאנען, אז אין דיעזע מינוט קומט עפעס פאַר, וועלכעס רעגט אויף דיעזען אייזערנעם כאראקטער און בייגט איהם צו דער ערד.

איהר גרויסעס, רייכעס, אפערא גלאז האט פערשטעלט איהרע אויגען און א טהייל פון איהר געזיכט. זיא האט זיך מיט איהם געשפיעלט און האט עס אויסגע־דרעהט אין דער זייט, וואוהין דער גראף האט געקוקט אזוי אויפמערקזאם. זיא האט דערזעהן אין א לאזשע זיצען צוויי דאמען אן עלטערע און א איינגערע.ביידע זיינען איהר געוועזען אונבעקאנט.

— וואס האט ער מיט דיעזע דאמען? האט זיך דיא מארקיזא געוואונדערט. דיעזער אייזערנער מענש קען ניט זיין פערליעבט. ער ווייס ניט פון קיין ליעבע. —

קוים האט זיך דער פארהאנג אראפגעלאזען, איז דער גראף פערשוואונדען. מען האט אָפגעשפיעלט דעם דריטען אקט, דער גראף האט צוגעזאגט צו קומען נאכ'ן דריטען אקט, ער איז אבער ניט געקומען. דיא מארקיזא איז געווארען אונרוהיג. זיא האט געבעטען װענדענשטיין, ער זאל געהן ערגעץ זוכען דעם גראף דע ריווערא, זיא דארף איהם עפעס פרעגען. װענדענשטיין איז ארומגעגאנגען אין טהעאטער און ארום טהעאטער און האט איהם ניט געפונען. ער איז אריינגעגאנגען אין בופעט, אבער אויך דארט איז דער גראף ניט געווען.

וואו דען איז געווען דער גראף? וואס איז מיט איהם געשעהן?

ער איז געקומען אין טהעאטער זיך זעהן מיט אייניגע מענשען, וואס ער האט געדארפט. ער איז געקומען עטוואס שפעטער, איהם האט ווייניג נעקימערט דאס שפיעל'ען פון שרה בערנהארד. ווען ער איז געזעסען אין דער לאזשע פון'ם עסטערריי־כישען געזאנדטען האט ער פלוצלונג א קוק געטהאן אין דער לאזשע געגענאיבער און האט דערזעהן יוליא'ן מיט איהר מוטער. לעבען יוליא'ן איז געזעסען דער פירסט מעשטשערסקי. וואלט עס געווען אנאנדער מענש ניט גראף דע ריווערא, וואלט ער געווארען בלייך, וואלט אנגעהויבען צו ציטערן און וואלט ארויסגעלאפען. גראף דע ריווערא אבער האט געוואוסט זיך צו בעהערשען. קיינער האט ניט דערקענט, וואס אין איהם געהט פאר. נור איין מארקיזא פאלאנצאני האט בעמערקט, אז ער איז שרעקליך אויפגערעגט.

ער איז אויסגעזעסען דעם אקט און איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען אויף דער פרייער לופט.

— זאל דא ליעגען דאס געהיימניס פון מיין לעבען? האט ער געזאגט צו זיך אליין. — זאל איך ענדליך האבען געפונען דאס, וואס איך האב געזוכט אזוי לאנג און האָב ניט געקענט געפינען? — זאל דאס זיין מיין טאכטער — דיא געליעבטע פון א לייכטזיניגען רוסישען פירסט? — שרעקליך, שוידערהאפט! — איך מוז ליכט האבען! איך מוז אלעס וויסען!

ער האט אויסגעזוכט זיין קוטשער און האט איהם געהייסען זיין בערייט אין א געוויסען ארט, ווען דאס טאעאטער וועט זיך ענדיגען. דאן איז ער צוריקגעגאנגען אין טהעאטער און האט זיך געשטעלט פאר דעם אריינגאנג פון דער לאזשע, וואו יוליא מיט איהר מוטער זיינען געזעסען.

דאס שטיק האט זיך באלד געענדיגט. מען האט אפלאָדירט, מען האט גע־קלאפט, מען האט געליארמט. דער גראף האט זיך ניט געריהרט. פאר איהם איז קיין טהעאטער ניט געווען און קיין מענשען ניט געווען. וויא צוגעשמידט צו זיין ארט, איז ער געשטאנען, ביז יוליא און איהר מוטער זיינען ארויסגעגאנגען פון זייער לאזשע. יוליא איז געגאנגען אונטערן ארים מיטן פירסט מעשטשערסקי. זיי האבען גערעדט אין דער הויך איבער דאס שפיעל און איבער דיא קינסטלערין. שטילערהייט איז זיי דער גראף נאכגעגאנגען.

דער פירסט האט אריינגעזעצט יוליאַן און איהר מוטער אין זיין קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין א בעריהמטען רעסטאראן, קאפע "איטאליאן".

דער גראף האט צוגערופען זיין קוטשער און האט איהם געהייסען נאכפאהרען.

— זיא איז עס! האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך האב זיא דערקענט אן איהר שטימע.—איז זיא אזוי טיעף געפאלען? — וואו איז מיין ברודער?

דיא מארקיזא האט רעכט געהאט. עפּעס איז פאָרגעקומען, וועלכעס האט צו־בויגען און צובראכען דעם אייזערנעם כאראקטער. גראף דע ריווערא האט זיך איינ־געהאלטען, אין איהם אבער האט עס געקאכט און געזאטען, וויא אין א קעסעל. — ער איז דאך געווען ניט מעהר, וויא א מענש!

35טעס קאפיטעל.

לעפראַנק און מאַרטינאָ.

אין דער וואָינונג פון מאדאם ראימאָנד אין דער שטראסע לאפעוו איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. דער טויבער און בלינדער מאַרטינאָ האט זיך צוואר געפיהלט זעהר שלעכט און האט געמוזט אלע מאל נעהן אין אן אפטהעק קויפען מעדיצין. ער האט זיך געקלאגט פאר מאדאם ראימאָנד, אז אין דיא לעצטע טעג האט זיך איהם אפגערופען דער רהעמאטיזמוס אין א פלייצע. זיא האט איהם צוואר געגעבען מיטלען, איהרע מיטלען האבען אבער דאס מאל ווייניג געהאָלפען און דער אונגליקליכער קראנקער האט אלע מאל געמוזט זיך שלעפען אין אן אפטהעק אדער צו א דאקטאר. זעהר אָפט איז איהם דיא קראנקהייט אנגעפאלען ביי נאכט און ער האט געמוזט ביי נאכט געהן אין זיין אפטהעק. דער הויזקיפּער איז געווען זעהר אונצופרידען, וואס מען שטערט איהם. — דער אלטער מאן פלעגט קרעכצען זעהר הויך — מאדאם ראימאָנד האט איהם געמוזט געבען א פאר פראנקען, ער זאָל דעם קראנקען ניט בעאונרוהיגען.

זשארזש לעפראנק איז אין דער לעצטער צייט געווען זעהר אויפגערעגט. ער פלעגט ווייניג רעדען, מען פלעגט איהם זעהר זעלטען זעהן. — זייט דעם טאג, וואס ער איז ארויסגעפאהרען מיט מאדאם בערנאר, האט ער זיך אין גאנצען פערענדערט. זיין פרעהליכקייט, זיין לעבעדיגקייט און זיין פריינדליכקייט זיינען פערשוואונדען. ער פלעגט קומען שפּעט אהיים, צומאל פלעגט ער אויסען בלייבען א גאנצע נאכט. מאדאם ראימאָנד האט גאר ניט געקענט פערשטעהן, וואס מיט דעם מענשען איז געוואָרען. זיא וואלט איהם געוויס געווען געפרעגט און וואָלט ביי איהם אויסגעפאָרשט, וואס עס איז מיט איהם. — זיא האט אבער געזעהן, אז ער פלעגט אפהיטען, ווען מאדאם בערנאר פלעגט קומען, און פלעגט מיט איהר רעדען שטילערהייט.

— זיי האבען עפּעס א געהיימניס צווישען זיך, האט זיא זיך געטראכט, און זיי ווילען נים, איך זאל עס וויסען. — נוט! וואס געהט מיך אן א געהיימניס פון צווי פערליעבטע?

מאדאם בערנאר איז געבליעבען דיעזעלבע. זיא איז געוועזען פריינדליך געגען יעדען, האט מיט יעדען גערעדט, צו יעדען געשמייכעלט און פאר יעדען געטהאן יעדע געפעלינקייט, וואס זיא האט נור געקענט. זיא איז א פּאר מאל געגאנגען ברענגען מעדיצין פאר'ן קראנקען מארטינאַ, ווען דער רהעמאטיזמוס האט איהם שטארק געפּלאגט. בעזאָנדערס גוט און פריינדליך איז זיא געוועזען געגען מאדאם ראַימאָנד. זיא פלעגט זיך זעלטען מיט איהר רעכענען, פלעגט איהר געבען מיט א מאל עטליכע פראנק. — זעלבסטפערשטענדליך, ווען זיא האט פערדיענט — און פלעגט פערגעסען זיך אפּצורעכענען מיט איהר און צו פרעגען, אויב עס קומט איהר עפּעס ארויס.

עס איז שוין געוועזען שפּעט אין דער נאכט. אלע זיינען שוין געשלאָפען אין דעם ארימען הויז אין דער שטראסע לאַפּעזו. דער טויבער איז שוין לאנג געשלאפען. עס האט נאך צוואר געברענט א ליכט אין זיין צימער, ער האט דאך אבער שוין לאנג ערקלערט, אז ער איז אזוי געוואָינט, ביי איהם מוז א גאנצע נאכט ברענען א ליכט. מאדאם ראַימאָנד האט זיך אנגעארבייט א גאנצען טאג און איז געשלאָפען געשמאַק. — מאדאם בערנאר איז געשלאָפען אין איהר צימערל.

לאנגזאַם און שטיל, וויא א קאַץ, איז איינער ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפּ צום דריטען שטאָק. ער האט זיך קוים אנגעהאלטען אן דיא פּאַרענטשעס. אונטערן ארים האט ער עפּעס געטראָגען. ער האט עס געהאלטען אזוי פּאָרזיכטיג, גלייך וויא עס וואלט געוועזען פון גלאָז.

ווען ער איז אריינגעקומען אין'ם קליינעם קארידאר, וואו עס האבען זיך געפונען דיא פיער טהירען: אין צימער פון מאדאם ראַימאָנד, אין צימער פון'ם קראנקען און טויבען מארטינאַ און אין צימער פון'ם קוימענקעהרער לעפּראַנק, איז ער געבליעבען שטעהן און האט זיך צוגעהערט. — אלעס איז געוועזען שטיל און רוהיג. אלע זיינען געשלאָפען געשמאַק. — דאס איז אבער פאר איהם ניט געוועזען גענוג. ער האט צוגע־לעגט דעם אויער צו יעדער טהיר און האט זיך אייניגע מינוטען צוגעהערט. — אלעס איז געוועזען שטיל און רוהיג.

ער איז דאן צוגעגאנגען צו דער טהיר פון מאדאם בערנאר'ס צימעריל און האט אנגעהויבען גאנץ שטיל צו קראַצען אין דער טהיר. ווען דאס האט ניט געהאלפען, האט ער אנגעהויבען צו דרעהען דעם שלאָס. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער וויל אויפ־וועקען דיא פרוי, וועלכע איז געשלאָפען אין צימעריל, ער האט עס אבער געוואָלט טהאן אזוי שטיל, אז קיינער זאָל עס ניט דערהערען.

ענדליך האט ער געהערט, וויא עפּעס האט זיך געריהרט אין א צימעריל. א צינדהעלצעל האט געקנאַקט, מען האט אנגעצונדען א ליכט. צו גלייכער צייט האט א בעקאנטע שטימע געזאגט:

— באלד, מאדאם ראַימאָנד! איך וויל נור אויף מיר עפּעס געהמען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און מאדאם בערנאר האט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל.

— אך! איהר זייט עס, זשארדש! האט דיא יונגע פרוי אויסגערופען ער־שטוינט. — איך האב געמיינט, אז אונזער נאכבאר פיהלט זיך ווידער זעהר שלעכט און מען דארף—

זיא האט ניט געענדיגט, וואס זיא האט געוואלט זאגען. דאס אויסזעהן פון זשארזש לעפראנק האט זיא איבערראשט. — ער איז געווען אין גאנצען אויסגעשמיערט מיט סאזשע (קאהלען רוס) זיינע קליידער זיינען שווארץ און אין א שרעקליכער אונ־ארדנונג. זיין געזיכט איז געווען שווארץ, זיינע הענד זיינען געווען שווארץ, אלעס אויף איהם איז געווען איינגעטונקט אין סאזשע. אונטערן ארים האט ער געהאלטען איינ־געוויקעלט אין א גראבע, שווארצע שמאטע עפעס א פעקעל.

ער האט ארויפגעלעגט א פינגער אויפ'ן מויל און איז אריינגעגאנגען צו מאדאם בערנאר אין צימער. זיא האט באלד פערשלאסען דיא טהיר.

— לואיזא! האט ער געזאגט מיט אן אויפגערעגטער, ציטערענדער שטימע, ווען זיא האט פערשלאסען דיא טהיר הינטער איהם. — לואיזא! איך האב געהאלטען מיין ווארט. איהר קענט יעצט זעהן, וויא הייס איך ליעב אייך!

מיט דיעזע ווערטער האט ער צונומען דאס פעקעל, וואס ער האט געהאלטען אונטערן ארים — עס איז געווען א קאסעטע (שקאטולקע) פון עבענענהאלץ—א סארט שווארץ האלץ — מיט א ראנד פון פערילמוטער פון דער פיינסטער ארבייט.

א בליץ האט זיך געוויעזען אין דיא אויגען פון דער יונגער פרוי און זיא האט ארויסגעלאזען א שטילען געשריי פון פרייד און איבערראשונג. — באלד אבער איז זיא שטיל געבליעבען און האט אנגעחאפט דיא קאסעטע מיטביידע הענד. א הונגעריגער טיגער ווארפט זיך ניט ארויף אויף א שטיק פלייש מיט אזא בעגיערדע, וויא מאדאם בערנאר האט זיך ארויפגעווארפען אויף דער קאסעטע. — באלד האט זיא ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף דער ברוסט, האט טיעף אויפגעאטהעמט, האט אפגעלאזען דיא קאסעטע און איז צוגעלאפען צום יונגען מאן. זיא האט זיך געשטעלט לעבען איהם האט ארויפגעלעגט איהר שעהנעם קאפ אויף זיין ברוסט און האט געזאגט מיט א בעוועגטע שטימע:

— גוטער, עדעלער פריינד! איך האב קיין מאל ניט געצווייפעלט, אז איהר ליעבט מיך. איהר האט מיר יעצט נור בעוויעזען, אויף וואס איהר זייט פעהיג. איהר זייט עדעל, גראסמוטהיג און נאך געשיקט דערצו. — וויא זאל איך אייך דאנקען? מיט וואס זאל איך אייך דאנקען? — איהר האט דאך מיר געבראכט מיין לעבען, מיינע עהרע און מיין ראבע!

זיא האט צוגעלעגט איהר קאפ צו זיינע באקען און האט איהם ארומגענומען.

— לואיזא! האט געזאגט דער יונגער מאן און האט זיך געוואלט אביסעל דער־ווייטערן פון איהר. בעטראכט נור מיינע קליידער, איך בין אין גאנצען אויסגעשמיערט, דוא וועסט פערשמיערען דיין וויסעס נאכט קלייד.

זיא האט איהם ניט געענטפערט, האט זיך צו געפרעסט נאך נעהנטער און

נאך ענגער צו איהם. זייערע ליפּען האבען זיך בעריהרט און א לאנגער הייסער קוש האט געברענט אויף זיינע מיט סאַזשע אויסגעשמיערטע באַקען.

איינינע מינוטען זיינעןביידע געשטאַנען ארומגענומען, דאן האט זיך דיא יונגע פרוי לאנגזאם ארויסגעדרעהט פון איהם, איז צוגעגאנגען צו דער קאַסעטע, האט זיא בעטראַכט און האט איהם געפרעגט:

— אבער וויא אזוי זייט איהר געקומען צו דיעזער קאַסעטע, טהייערער פריינד? — איהר האט געוויס זעהר פיעל ריסקירט. מעגליך, אז איהר האָט זאגאר ריסקירט אייער לעבען? — אה! דאס האב איך גאר ניט געוואָלט! איך זאל געוועו וויסען, אז איהר וועט זיך אזוי איינשטעלען, וואָלט איך אייך עס ניט געלאָזען טהאָן. — וויא אזוי האט איהר זיא בעקומען?

— פרעגט ניט, ליעבע פריינדין, וויא אזוי איך בין געקומען צו דיעזעם קעסטעלע, האט ער געענטפערט עטוואס לאנגזאם און האט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען צו דער ערד. דיא הערשער און דיא קאַפּיטאַליסטען געברויכען אלע מעגליכע מיטעל אום אונס אונטערצודריקען און אונס אויסצוזויגען, פאר וואס זאלען מיר נוט געברויכען אלערליי מיטעל אום זיי צו בעקעמפּפען? — האט דען דער ניעדערטרעכטיגער אריסטאָקראַט ניט אויסגענאַרט ביי אייך אייערע דאקומענטען? האט ער זיי דען ניט צוגענומען ביי אייך דורך שווינדעלאון בעטרוג? — אַן אויג פאר אן אויג! א צאָהן פאר אַ צאָהן! —

ער האט צוזיפגעלעגט זיינע שווארצע הענד אין שרעקליכע פויסטען, גלייך וויא ער האט געוואָלט פערניכטען אלע אריסטאָקראַטען מיט איין מאל. דיא יונגע פרוי האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג. ער איז געשטאַנען פאר איהר, וויא אַ בילד פון האַס, צאָרן און שרעקליכע ראַכע.

— עס וועט נאך קומען א צייט, ווען מיר וועלען זיך נוקם זיין פאר אלע בעליי־דיגונגען, וואס מיר האבען געליטען פון זיי! האט ער אויסגערופען. — דערווייל האב איך געבראַכט אייך דיא קאַסעטע מיט אייערע דאָקומענטען. — פרעגט ניט, וויא אזוי איך בין געקומען צו איהר.

— זייט איהר אבער זיכער, אז מען וועט ניט געוואָהר ווערן, ווער עס האט גענומען דיא קאַסעטע? האט דיא יינגע פרוי געפרעגט אונרוהיג. — דערווייל האבען נאך דיא קאַפּיטאַליסטען און דיא אריסטאָקראַטען א פּאָליציי מיט פּאָליסלייטע, מיט שפּיאָנען, מיט געהיימע אַגענטען, וועלכע וועלען געוויס נאכפּאָרשען און נאכשפּיערען, וויא אזוי דיא קאַסעטע איז פערשוואונדען און וואוהין עס איז פערשוואונדען. — איך האב אזוי מורא, איהר זאלט עפּעס ניט האבען קיין אונאַנגעהמליכקייטען דאריבער, אז עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב אייך דערצעהלט מיין אונגליקס געשיכטע. —

— זייט רוהיג, ליעבע לואיזא, האט דער יונגער מאן געענטפערט. אויף דעם וועג, וואס איך בין געקומען צום רוטישען געזאַנדטען אין שטוב אריין, וועלען זיי מיר ניט נאכגעהן. — קיינער וועט ניט זיין אים שטאַנד אויסצוגעפינען, וויא אזוי דיא קאַסעטע איז פערשוואונדען. דאס מאל וועלען זיך דיא שפּיאָנען און דיא אַגענטען פון ז'ער געהיים־פּאָליציי צוברעכען דיא קעפּ אומזיסט. זיי וועלען גאר ניט אויסגעפינען. — קיין פויגעל קען ניט קומען אויף דעם וועג, וואס איך בין געקומען. —

ער האט געשוויעגען א פאר מינוט. דאן האט ער ווייטער געזאגט:

— לאמיר זעהן צוערשט, אויב אייערע דאָקומענטען ליעגען נאך אין דער קאסעטע.—איך האב אלץ מורא, אויב דער אריסטאָקראט האט זיי ניט פערברענט.

דיא יונגע פרוי האט גענומען דיא קאסעטע אין דיא הענד. — זיא איז געווען פערשלאָסען מיט א גאנץ פיינעם און קינסטליכען בלאָט־שלאָס.

— האט איהר ניט א העקעל, א שטארקעס מעסער אדער אזוי אן אייזערנעס אינסטרומענט? האט דער יונגער מאן געפרעגט.

זיא האָט זיך ארומגעקוקט אין צימער און האט געפונען א ברוט מעסער, וועלכעס מאדאם ראימאָנד האט ביי איהר פערגעסען.

ער האט גענומען דאס מעסער, האט עס אריינגעשטעלט אין דיא שפאלטען פון דער קאסעטע, דאן האט ער דיא קאסעטע ווידער ארומגעוויעקעלט מיט'ן טוך, אין וועלכען ער האט עס געבראכט. דאס האט ער געטהאן, אום מען זאָל ניט הערן דעם רעש, וואס ער וועט מאכען, ווען ער וועט זיא אויפברעכען.

א שטארקען דריק מיט זיין שטארקער האנד, א בייג, א קוועטש — דאס צינגעל פון'ם פיינעם בלאָט־שלאָס האט זיך אפגעבראכען. — דיא קאסעטע האט זיך געעפענט.

ער האט אראָפגענומען דאס טוך און האט אניעדערגעשטעלט דאס אפענע קעסטעלע אויפ'ן טיש. — אינווענינ זיינען געלעגען פאפיערען.

זיא איז צוגע[illegible] צו איהם, האט איהם גענומען ביי דער האנד און האט געזאגט מיט טרעהרי[illegible] דיא אויגען:

— אך, פריינד! וויא זאל איך אייך דאנקען פאר אלעס, וואס איהר האט געטהאן פאר מיר? — עס איז מיר אלץ איינס, אויב איך וועל עס יא געפינען, אדער איך וועל עס ניט געפינען. איהר האט מיר געגעבען א בעוויז פון טרייע און ליעבע, וועלכעס איז ווערטה, מען זאל עס בעוואונדערן. — פון היינטיגען טאג אן וועט דיא אויפגאבע פון מיין לעבען זיין אייך גליקליך צו מאכען. אלע מיינע געדאנקען געהערן פון היינט אן — צו אייך.

זיא האט געשוויעגען א פאר מינוט, גלייך וויא זיא לעגט זיך עפּעס איבער. פלוצלונג האט זיא איהם געזאגט:

— אבער ליעבער, טהייערער פריינד, איך מיין, אז מיר זיינען שוין צו לאנג ביי׳זאמען. מיר האבען גערעדט צו הויך — דוא האסט געעפענט דאס קעסטעלע — מאדאם ראימאָנד קען זיך אויפחאפּען — ארויסגעהן אין קארידאר — צולעגען אן אויער צו דער טהיר — לאז מיך אליין — מאָרגען וועלען מיר ערגעץ ארויסגעהן און אלעס איבעררעדען. —

— איהר האט רעכט, האט לעפראנק געענטפערט, מען מוז זיין פאָרזיכטיג.— אלזא גוט! איך געה. גוטע נאכט, געליעבטע! — מאָרגען וועט איהר מיר דערצעהלען, אויב איהר האט געפונען, וואס איהר זוכט.

ער האט אנגענומען דעם שליעסעל פון דער טהיר און האט איהם געוואָלט אומדרעהען.

— נאך איינס האב איך אייך געוואָלט זאגען, האט איהם מאדאם בערנאר צוריק געהאלטען. — נעהמט מיט דיא קאסעטע — איך האב אלץ מורא, איהר זאלט

נים האבען קיין אונאנגעהמליכקייטען. — מאַרען פריה זאלט איהר צוברעכען דיא קאסעטע אויף שטיקלעך און זיא פערברענגען, אדער זיא אריינוואַרפען ערגעץ אין וואסער אריין. — מיר מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג. — מיר מוזען פערניכטען יעדע שפור.

זיא האט געחאפט דאס קעסטעלע, האט זיא שנעל איבערגעקעהרט אויפ'ן טיש און האט פערדעקט מיט א טוך. דיא לעדיגע קאסעטע האט זיא דערלאַנגט דעם יונגען מאַן.

— אלזא, גוטע נאכט, ליעבער זשאַרזש! האט זיא געזאגט און האט ווידער צו געלעגט איהרע באקען צו זיינע ליפען.

דער יונגער מאַן האט זיא ארומגענומען, האט זיא צוגעפרעסט צו זיין ברוסט און האט בעדעקט איהר געזיכט מיט פייערינע קושען. א פייערינער שטראָם האט זיך אויסגעגאסען איבער זיין גאנצען קערפער. ער האט געציטערט פאר ליידענשאַפט און גליק.

— גוטע נאכט, געליעבטע!

— גוטע נאכט געליעבטער!

ער איז ארויסגעגאנגען פון איהר צימער און איז געבליעבען שטעהן איינינע מינוטען אין קארידאָר. דארט איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. אלע זיינען געשלאָ־פען געשמאק. ער האט זיך צוגעשלעפט צו זיין צימעריל, האט שטילערהייט געעפענט דיא טהיר און איז אריינגעגאנגען.

מאדאם בערנאר איז געשטאנען ביי איהר טהיר און האט זיך צוגעהערט, ביז זשארזש איז אריין אין זיין צימער. דאן האט זיא פערשלאסען דיא טהיר און האט זיך געזעצט לעבען איהר טישעל זעהן, וואס עס האט זיך געפונען אין דער קאסעטע. איהר געזיכט האט זיך אין גאנצען פערענדערט, איהרע אויגען האבען געפונקעלט און האבען אויסגעדריקט שטאָלץ און צופריעדענהייט.

זיא האט אפּגעדעקט דאס טוך און האט אנגעהויבען איבערצוקלויבען איין פּאפּיער נאכ'ן אנדערן. פון אויבען אויף דיא פּאפּיערען זיינען געלעגען עטליכע פעקלעך געלד.

— דאס שאַדעט קיין מאל ניט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — געלד איז שטענדיג א גוטע זאך.

זיא האט געוואלט אריינלעגען דאס געלד אין דער קעשענע. פּלוצלונג האט זיא זיך עפּעס איבערלעגט.

— דער ארימער מענש האט געווים געהאט זעהר פיעל מיה, איידער ער איז געקומען דערצו, האט זיא געזאָגט פערטראַכט. — ער ליעבט מיך ווירקליך. — איך האָב מיטלייד מיט איהם — לאז ער וועניגסטענס האבען עפּעס פאר זיין מיה. — לאז ער נים האבען אומזיסט געארבייט און איינגעשטעלט זיין לעבען.

זיא האט גענומען דאס געלד און האט עס אריינגעלעגט צו זיך אין קאסטען. דאן האט זיא אנגעהויבען צו עפענען איין פּאפּיער נאכ'ן אנדערן.

— נוּ, גראף דע ריווערא, יעצט וועט איהר מיט מיר צופריעדען זיין, האט זיא געזאגט, ווען זיא האט דורכגעלעזען איינינע פּאפּיערען. — איהר וועט וויסען, ווער איך בין און וואס איך קען. — איך מוז אבער אויך א ביסעל שטודירען אייערע געהיימניסע,

מיין ליעבער נראף. — ווען דיעזע פאפיערען האבען פאר אייך אן אינטערעסע, וועלען זיי פאר מיר אויך האבען אן אינטערעסע. — וויסען איז א מאכט, זאגט אן אלטעס שפריכווארט. — וויסען יענעמס געהיימניסע שאדעט קיין מאל ניט.

זיא האט אנגעהויבען צו לעזען איין דאקומענט נאכ׳ן אנדערן און האט וואהר־שיינליך געפונען דארט פיעלע אינטערעסאנטע זאכען, ווייל זיא האט באלד ארויסגע־נומען פון איהר קאסטען פאפיער און שרייבצייג און האט אנגעהויבען איבערצושרייבען אייניגע פאפיערען.

זיא איז געווען אזוי פערטיעפט אין איהר ארבייט, אז זיא האט ניט בעמערקט, אז אין דרויסען איז שוין ווייסער טאג. ווען זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהן, אז עס איז שוין ליכטיג, איז זיא אויפגעשפרונגען און האט פערלאשען דאס ליכט.

— מיין ארבייט איז געענדיגט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — גענוג געלעבט אין דער פינסטער צווישען דיעזע ארימע און אונגליקליכע מענשען! — איך האב אבער עס ניט געטהאן אומזיסט. איך בין יעצט רייכער מיט געהיימניסע, וועלכע זיינען ווערטה מיליאנען, נאך מעהר אלס מיליאנען — דורך זיי וועל איך קענען הערשען! —

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך געווארפען אויף איהר בעט. פון שלאפען איז קיין רעדע ניט געווען. זיא איז געווען צו שטארק אויפגערעגט אום צו קענען שלאפען. זיא וועט זיך שוין הייט אויסשלאפען אין פאלאץ פון דער מארקיזא פאלאנצאני.

לעפראנק איז אויך דיעזע נאכט וועניג געשלאפען. ער איז אויפגעשטאנען אום זיעבען אוהר און איז ארויסגעקומען אין קארידאר. קוים איז ער געקומען צו דער טהיר פון מאדאם בערנאר, האט זיך דיא טהיר געעפענט גאנץ שטיל און מאדאם בערנאר האט איהם געווינקען, ער זאל ארייגעהן אין איהר צימער.

— איך האב געפונען, וואס איך האב געזוכט, האט זיא איהם געזאגט. — עס שטעלט זיך מיר אבער פאר א נייע שוועריגקייט. — וויא אזוי וועל איך קענען בענר צען מיינע דאקומענטען? ווען איך וועל זיי איינעם ווייזען, וועט מען דאך געוואהר ווערן, אז דיא קאסעטע איז געווען ביי מיר? — דאן דיא פאליציי, דאס געריכט —

דער יונגער מאן איז געבליעבען שטעהן, וויא פון א דאנער דערשלאגען.

— איז אלזא זיין מיה, זיין ארבייט, דאס איינשטעלען פון זיין לעבען — אלעס געווען אומזיסט? —

זיא האט איהם אבער ניט געלאזט לאנג טראכטען.

— וואס געהט מיך אן דיא וועלט מיט דיא אריסטאקראטען? האט זיא אויס־גערופען. עס איז גענוג, אז איהר זאלט וויסען מיינע פערגאנגענהייט. עס איז ביי מיר ווערטה, אז איהר זאלט וויסען, אז איך בין אונשולדיג.

— איך? האט דער יונגער מאן געפרעגט פערוואונדערט. — איך האב אייך שטענדיג געגלויבט, וואס איהר האט מיר געזאגט. איך וואלט ביי אייך קיין מאל ניט געפאדערט קיינע בעווייזע, אז איהר זייט אונשולדיג. איך ווייס, אז דיא אריס־טאקראטען זיינען שטענדיג שולדיג געגען דיא ארימע ארבייטער.

— איך האב עס אבער געדארפט פאר זיך אליין און פאר מיין קינד. —

אנאנדער מאל וועלען מיר דעריבער רעדען און איך וועל אייך ערקלערן, וואס איך וועל טהאן מיט דיא דאקומענטען. — מיר וועלען שוין עפּעס אויסטראכטען. — יעצט מיין פריינד, מוזען מיר זעהן פאר אַלעס, וואס מיר וועלען טהאן, פערניכטען דיא קאסעטע. — זיא מוז פערשוואונדען ווערן. — האט איהר שוין בעטראכט, וואס איהר זאלט טהאן מיט איהר?

— איך האב זיא געוואלט פערברענען. עס איז אבער זומער און איך קען ניט מאכען קיין פייער ביי מיר, מאדאם ראימאָנד וועט פערשטעהן, אז דא איז עפּעס. — איך האב דאהער בעשלאסען, איך זאל ארויספּאָהרען הינטער דער שטאדט, זאל זיא אנשיטען מיט זאמד און זיא ארייננוואַרפען אין וואסער.

— איהר האט רעכט, מיין פריינד, האט זיא איהם געזאגט. דאס איז ווירקליך דער בעסטער וועג פון איהר לויז צו ווערן. — לאז מיט דיעזער קאסעטע פערשווינדען מיין פערנאנגענהייט און לאז זיך אנהויבען פאר מיר א גליקליבע פרעהליכע צוקונפט! מיר וועלען זיין גליקליך! איך בין זיכער, אז מיר וועלעןביידע גליקליך זיין!

זיא האט איהם ארומגענומען, האט איהם געגעבען א הייסען קוש און האט איהם געזאגט:

— יעצט געה, מיין פריינד! עס ווערט שפּעט.

ער איז ארויסגעגאנגען פון איהר צימער. זיא האט איהם בעגלייט אויפ'ן קאָרי־דאָר. אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און מאדאם ראימאָנד איז ארויס־געגאנגען פון איהר צימער. זיא האט דערזעהן דאס פּאר פאלק און האט זיך געוואונ־דערט, וואס זיי זיינען אויפגעשטאנען אזוי פריה.

— אך! איך בין שוין אלט און שוואך, האט זיא געזאגט איך מוז מיך שעהמען פאר אייך יונגע לייט. — איהר, זשארזש, האט מיר נעכטען געזאגט, אז איהר וועט קומען שפּעט א היים, ווייל איהר האט א נאכט ארבייט, און היינט זייט איהר שוין אזוי פריה אויפגעשטאנען?

— איך האב יעצט זעהר א נעטהינגען גאנג צו געהן, האט לעפראנק געזאגט א ביסעל צומישט. — איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איך האב יעצט קיין צייט ניט. הייטע אבענד וועלען מיר א ביסעל זיצען ביי אייך.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען מיט א פּעקעל אונטערן ארים. אין פּעקעל איז געווען דיא קאסעטע.

— א גוטער און פלייסיגער ארבייטער, האט מאדאם ריימאָנד געזאָגט צו דער יונגער פרוי. עס וועט זיין א גליק פאר דער פרוי, וועלכע וועט איהם הייראטהען. ער טרינקט ניט, שפּיעלט ניט אין קארטען, איז עהרליך און פלייסיג. — וואס קען נאך אן ארימע פרוי פערלאנגען פון איהר מאן? —

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט, וויא דער טויבער מארטינאַ האט אנגע־הויבען שטאַרק צו קרעכצען אין זיין צימער. מאדאם ראימאנד איז געגאנגען זעהן, וואס ער מאכט. זיא האט זעהר מיטלייד געהאט מיט דיעזען ארימען און קראנקען מענשען. — מאדאם בערנאר איז אויך צוגעגאנגען זעהן, וואס עס איז היינט מיט איהם.

— אך! איך פיהל מיך היינט זעהר שלעכט, האט ער געקרעכצט, ווען מאדאם

ראימאָנד איז אריינגעקומען צו איהם אין צימער. אלע מיינע ווייטאגען האבען זיך היינט דערמאנט. איך האב נאך איין רעצעפט פון א גרויסען דאקטאר, וועלכער העלפט מיר שטענדיג. מען קען איהם אבער נים מאכען אין יעדער אפטהעק. נור אין דער גרויסער אפטהעק פון בלאנקאר עם קאמפ. קען מען איהם מאכען. — איהר זאלט וועלען זיין אזוי גוט, מאדאם ראימאָנד, און געהן אהין, מען זאל איהם דארט מאכען, וואלט איהר מיך דערהאלטען ביים לעבען.

דער אלטער האט אזוי געקרעכצט און אזוי געשריען, אז עס האט געריסען דאס הארץ.

— איהר זאלט וועלען בלייבען, ביז וואנען איך וועל קומען, האט מאדאם ראי־מאָנד געזאגט צו איהר קווארטיראנטין, וואלט איך געגאנגען איהם ברענגען דאס רעצעפט. — איך קען נים לאזען דיא שטוב אליין!

— געהט, געהט, מאדאם ראימאָנד! האט דיא יונגע פרוי געבעטען. וואס פרעגט איהר נאך, אויב איך וועל ווארטען? איך וועל געוויס ווארטען אויף אייך. מיר, ארימע לייט, מוזען העלפען און שטיצען איינער דעם אנדערן. — איך וועל זאגאר א גאנצען טאג פערליערען אום נור אן ארימען, קראנקען מענשען צו העלפען.

— אלזא, נים מיר אייער רעצעפט, הערר מאנטינא, האט מאדאם ראימאנד געזאגט.

דער טויבער מאטינאָ האט נים געהערט, וואס זיא האט געזאגט. זיא האט געמחט צו איהם שרייען גאנץ הויך. ענדליך האט ער דאך דערהערט, האט זיך קוים אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און האט אויסגעזוכט א שטיקעל פאפיער, וועלכעס ער האט דערלאנגט מאדאם ראימאָנד.

מאדאם בערנאר האט דערביי בעמערקט, אז דער קראנקער ליעגט אנגעטהאן אין זיינע קליידער

— ער האט זיך זאגאר נים געקענט אויסטהאן, דער ארימער מענש, האט זיא געזאגט צו מאדאם ראימאָנד.

מאדאם ראימאָנד האט אנגעטהאן איהר הוט, האט געחאפט אויף זיך א שאל און האט זיך פערטיג געמאכט צו געהן אין דער אפטהעק. זיא האט גענומען איהר קערבעלע אויך מיט זיך.

— צו וואס טויג אייך אייער קערבעלע? האט זיא מאדאם בערנאר געפרעגט.

— איך וויל שוין אין איין וועג איינקויפען שפייז פאר מיר און פארן קראנקען, האט מאדאם ראימאנד געענטפערט און איז אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ.

אין קארידאר איז געווארען שטיל. מאדאם בערנאר איז אריין אין איהר צימע־ריל און האט אנגעהויבען צונויפצולעגען איהרע זאכען. זיא האט געוואָלט מיטנעהמען מיט זיך אלעס, וואס קען פיהרען, אז מען זאל זיא דערקענען, אלעס, וואס טראגט אויף זיך א צייכען, אז זיא איז דיא מארקיזא פאלאנצאָני. זיא האט דאהער צונויפ־געפאקט איהרע זאכען און האט געמאכט פון זיי א קליין בינטעל. דאן האט זיא זיך געוואָלט נעהמען צו דיא דאקומענטען, וועלכע זיא האט געפונען אין דער קאסעטע און זיי צונויפלעגען. אין דיעזע מינוט האט מען גאנץ שטיל אָנגעקלאפט אין דער

טהיר און איידער זיא האט נאך צייט געהאט צו זאגען: העררין! האט זיך דיא טהיר גאנץ שטיל געעפענט און דער טויבער און קראנקער מארטינאָ איז אריין אין צימער.

זיא האט איהם אנגעקוקט עפּעס פערוואונדערט: ער איז דאך ערשט געווען אזוי קראנק, אז ער האט זיך גאָר ניט געקענט ריהרען און פּלוצלונג — דענאך האט זיא זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און האט איהם געפרעגט מיט א פריינדליכען שמייכעל.

— מיט וואס קען איך אייך בעהילפליך זיין, הערר מארטינאָ?

דער אלטער קראנקער מאן האט שנעל פערשלאסען דיא טהיר, האט אריינ־געלעגט דעם שליסעל צו זיך אין קעשענע און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען.

מאדאם בערנאר איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס דא קומט פאָר. — באלד אבער איז זיא געוואהר געווארען, וואס מען וויל פון איהר.

— מאדאם! האט געזאגט מארטינאָ מיט א העלער, פעסטער שטימע פון א געזונדען מענשען פון א יאהר עטליכע און דרייסיג. — מאדאם! איך בעט אייך, איהר זאלט מיר באלד איבערגעבען דיא פּאפּיערן, וועלכע דער קוימענקעהרער לעפראנק האט אייך געבראכט נעכטען ביי נאכט. איך וויל זיי איבערקוקען.

מאדאם בערנאר איז געבליעבען איינינע מינוטען זיצען, וויא פערשטיינערט אויף איהר ארט, אזוי איבערראשט איז זיא געווען פון דעם שטאלצען, בעפעהלענדען טאָן פון דיעזען מענשען. זיא איז אבער באלד געקומען צו זיך און האט געענטפערט עבענ־פאלס שטאלץ:

— מיין הערר! איך פערשטעה ניט, וואס איהר זאגט — איך וויים גאר ניט, פון וועלכע פּאפּיערן איהר רעדט — איך —

— מיר האבען א שטונדע צייט, האט מארטינאָ ווייטער געזאגט מיט זיין פעסטער שטימע. — ביז מאדאם ראימאנד וועט צוריקקומען פון דער אפּטהעק, וואוהין איך האב זיא געשיקט, וועט געוויס געדויערן א שטונדע — דיעזע צייט וועט פאר מיר גענוג זיין איבערצוקוקען דיא פּאפּיערן און מיר אראפּצונעהמען קאָפּיעען פון איינינע, ווען איך וועל עס געפינען פאר נעטהיג. —

ער האט ניט געוואַרט אויף קיין אנטווארט, איז צוגעגאנגען צום טישעל, וואו עס זיינען געלעגען דיא דאָקומענטען און דיא קאָפּיעען, וועלכע מאדאם בערנאר האט זיך אפּגעשריעבען פון זיי.

— גוט! האט ער געזאגט. — אָט זיינען טאקע דיא פּאפּיערן. —

וויא א גערייצטע טיגערין, איז מאדאם בערנאר צוגעלאָפען צו איהם, האט איהם אנגעהאפּט ביי דיא הענד און האט געוואלט אויסרייסען פון איהם דיא פּאפּיערן.

— מיין הערר! האט זיא געשריען, איהר פערגעסט, וואו איהר זייט! איהר זייט אין א פרעמדעס צימער — אין מיין צימער — אין א צימער פון א פרוי, וואוהין איהר זייט אריינגעקומען מיט געוואלד.

— איך וויים, וואו איך בין האט געזאגט מארטינאָ און האט אויסגעטהאן דיא

גרויסע בלויע ברילען. — איך האב דיא גרויסע עהרע צו זיין אין צימער פון דער מארקיזא פאלאנצאָני!

ביי דיעזע ווערטער האט ער איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען מיט א פּאָר ריינע, קלארע אויגען. — אין א מינוט איז ער געוואָרען הערענדיג און זעהנדיג.

מאדאם בערנאר האט איהם אפגעלאָזען. זיא איז געשטאנען און האט איהם בעוואונדערט. זיא איז געווען פעליג איבערציינגט, אז ער איז אן אלטער, קראנקער מענש. זיא האט אליין אמאל געזעהן, אז ער האט רויטע, קראנקע אויגען. — וויא אזוי האט זיך דער מענש אזוי פלוצלונג געענדערט? — זיא האט אבער אויף קיין פאל ניט געוואלט נאָכגעבען.

— מיין הערר! האָט זיא איהם געזאגט מיט א שארפען, שניידענדען טאָן. — ווען עס מאכט אייך פערגניגען זיך צו פערשטעלען אלס קראנק, בלינד און טויב, געהט עס מיך ניט אן. איך קען אויך אמאָל האבען א פאנטאזיע צו געהן אויף א מאסקענבאל. — אין מיין צימער אָבער האט איהר ניט וואָס צו טהאן. — איך היים אייך, איהר זאָלט באַלד ארויס פון מיין צימער! — שנעל!

— עס טהוט מיר זעהר לייד, פרוי מארקיזא פאלאנצאָני, אָדער מאדאם אננא באלצער, וויא איהר האט אמאָל געהייסען אין וויען, — עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך קען אייך ניט פאָלגען. — ווען דיא מארקיזא פאלאנצאָני האט דאס רעכט איבערצולעזען דאָקומענטען, וועלכע מען האט ארויסגעגנבעט פון'ם רוסישען געזאנדעטען, האב איך אויך דאס רעכט דיעזעלבע דאָקומענטען צו לעזען. — ווען דיא מארקיזא פאלאנצאָני וועט וועלען מיך פערקלאָגען דערפאר, וואס איך בין אריינגעקרמען אין איהר צימער אהן ערלויבניס, וועל איך געפינען מיטעל און וועגע זיא צו פערקלאגען, אז זיא האט אנטהייל גענומען אין א גניבה. — מיר זיינען ביידע גערעכט, אדער ביידע אונגערעכט. —

מאדאם בערנאר אָדער דיא מארקיזא פאלאנצאָני איז געוואָרען בלייך, וויא קאַלך. זיא האט זיך געמוזט אנהאלטען אן איהר בעט, זיא זאל ניט אומפאלען. — דער מאַן, וועלכער האט געזאגט, אז ער הייסט מארטינאָ, איז געווען אזוי העפליך, אז ער האט צוגערוקט א שטוהל און האט זיא געבעטען זיך זעצען. זיא האט געציטערט און איז אניעדערגעפאלען אויפ'ן שטוהל.

ער האט גענומען א צווייטען שטוהל און האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען טישעלע, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען דיא דאקומענטען.

— בערוהיגט אייך, מאדאם, האט ער געזאגט, ווען ער האט געזעהן, אז זיא איז שרעקליך דערשראָקען און זיא קען פאלען אין אהנמאכט. — בערוהיגט אייך! איך וויל דיא פאפיערן ביי אייך ניט צונעהמען. איך פערשטעה, אז זיי האבען ביי אייך א גרויסען ווערטה און איך וויל אייך ניט בערויבען. — איך וויל זיי נור דורכלעזען און ווען איך וועל געפינען אייניגע, וועלכע האבען פאר מיר אן אינטערעס, וועל איך זיי איבערשרייבען; איך וועל מיר נעהמען א קאָפּיע פון זיי.

ער האט אנגעהויבען גאנץ רוהיג צונויפצולעגען דיא פאפיערען אין א געוויסע ארדנונג און זיי לעזען. מאדאם בערנאר איז געזעסען אויף שפּילקעס. זיא איז נאך

אלץ געווען בלייך און האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר צאָרן און פאר פערדרוס. ביי זיינע לעצטע ווערטער אבער האט זיא אויפגעאטהעמט עטוואָס פרייער. — זיא איז געווען גענוג דורכגעטריעבען צו פערשטעהן, אז דער אונבעקאנטער וויל ניט מאַכען קיין סקאַנדאַל.

— מעגליך, אז ער האט אויך מורא פאר דער עפענטליכקייט, האט זיא זיך געטראַכט. ער וויל זיך נור בענוצען מיט דער געלעגענהייט צו וויסען א געהיימניס, וועלבעס האט איהר געקאָסט אזוי פיעל מיה.

זיא האט זיך ענטשלאָסען מיט איהם צו רעדען אין אנאנדער טאן און זעהן, וואס ער וועט איהר ענטפערן.

אין דיעזע מינוט האט דער מאן געענדיגט דורכצובלעטערן דאס פעקעל פאַפיערן, וואס ער האט געהאַלטען אין דער האנד און האט גענומען דיא אנדערע פאַפיערן, וועלכע זיינען געלעגען אויפ'ן טישעל. — דאס זיינען געווען דיא קאָפּיעען, וועלכע מאַדאַם בערנאַר האט אפגעשריעבען פאר זיך.

— אזוי? האט געזאָגט דער אונבעקאנטער מיט א צופריעדענעם שמייכעל. איהר האט שוין אָפגעשריעבען א קאָפּיע פון דיא פאַפיערן? — אה, איך דאנק אייך! איהר האט מיר פערשפאָרט אן ארבייט.

ער האט פערגלייכט אייניגע קאפיעען מיטן אָריגינאַל און האט געפונען, אז זיי זיינען גאנץ ריכטיג אפגעשריעבען.

— דאס איז שעהן פון אייך, האט ער געזאגט און האט זיך העפליך פערנייגט. אייערע קאָפּיעען זיינען גאנץ ריכטיג. איהר וועט מיר ערלויבען, איך זאל זיי מיטנעהמען. — עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב אייך אנגעמאכט ארבייט. — איהר וועט זיי מוזען נאך אמאל איבערשרייבען, דערפאר אבער וועלען מיר שנעלער אפמאַכען אונזער געשעפט און איהר וועט שנעלער קענען פריי זיין אוועקצוגעהן פון אן ארט, וואו איהר אמוזירט זיך אזוי ווייניג.

אננא באַלצער האָט זיך פאַלשטענדיג בערוהיגט. זיא האט יעצט בעטראַכט מיט בעוואונדערונג דעם מאן, וועלכער האט אזוי קלוג, אזוי געשיקט און אזוי געשייט איהר נאַכגעשפיערט און האט זיא בייגעקומען. זיא האט יעצט זעהר גוט געזעהן, אז ער טראגט א פאַריק און אז זיין געזיכט איז זעהר קינסטליך בעדעקט מיט פארב.

— ווער זייט איהר, מיין הערר? האט זיא פלוצלונג געפרעגט. איז עס ניט מעגליך, איך זאל זעהן אייער וואהרעס געזיכט?

— יעצט ניט, האט דער מאן געענטפערט רוהיג. עס איז אבער מעגליך, אז מיר זאלען זיך קענען. — דערווייל האבען מיר געמאכט דאס ערשטע געשעפט. עס איז זעהר גוט געגאנגען. — מעגליך, אז מיר וועלען מאכען נאך אנדערע געשעפטען.

ער האט עס געזאגט אזוי רוהיג און מיט אזא טאן פון א געשעפטס מאן, אז דיא יונגע פרוי איז געוואָרען פאַלשטענדיג רוהיג, זאגאר פרעהליך.

— וואס פאר א געשעפטען קענט איהר מיט מיר מאַכען? האט זיא געפרעגט מיט א שמייכעל.

— איהר בעשעפטיגט זיך מיט פאָליטיק, האט דער אונבעקאנטער געענטפערט.

איך און מיינע פריינד האבען אויך ליעב צו בעשעפטיגען זיך מיט פאָליטיק, מיר ווילען אמאל אויך וויסען, וואס א קייסער שרייבט צו זיין געזאנדטען, — אייך איז עס אָבער פיעל לייבטער אלס אונז. — איהר זייט בעקאנט מיט א גראף דע ריווערא, וועלכער איז בעקאנט אין קייזערליכען הויף; צו אייך קומט דער ערשטער סעקרעטער פון דער ענגלישען געזאנדשאפט, דער הערצאָג האמילטאן. — איהר זייט בעקאנט מיט א געוויסער מאדאם מושאר. — איהר קענט אונז ערצייגען פיעלע געפעליגקייטען. מיר וויסען, אז יעדע געפעליגקייט דארף בעלוינט ווערן. — מיר פערלאנגען ניט, אז מען זאל פאר אונז עפּעס טהאן אומזיסט. —

זיא האט זיך צוגעהערט צו יעדעס וואָרט, וואס ער האט געזאגט; ווען ער האט געענדיגט, האט זיא א שמייכעל געטהאן און האט געפרעגט:

— איך קען דאך אייך אבער גאר ניט? — איך וויים דאך גאר ניט, וואוהין איך זאל מיך ווענדען, ווען איך זאל וועלען מיט אייך רעדען?

דער אונבעקאנטער האט ארויסגענומען א בלאט צייטונג און האט איהר געוויזען אן אנצייגע. מיט גרויסע ווערטער איז געווען געדרוקט:

„מאדעמואזעל אדעלע שאמבאָר, שניידערין. מאכט דיא בעסטע קליידער נאך דער נייעסטער מאָדע צו בילינע פרייזען“.

„בולוואר די טאמפל, נומער 15“.

ער האט איהר געגעבען דיא צייטונג.

— איהר קענט אייך נעהמען דיא צייטונג, האט ער געזאגט, אדער איהר קענט אייך אויסשניידען דיא אנצייגע. זיא וועט אייך צוניץ קומען. — זייט איהר וויליג צו מאכען מיט אונז געשעפטען?

מאדאם בערנאר האט געטראכט א פּאר מינוט, האט צוגענומען דיא צייטונג און האט א שאָקעל געטהאן מיט׳ן קאָפּ. — א צייכען, אז זיא ווילינט איין.

— מיינט ניט, אז מיר פערלאנגען נור פון אייך, איהר זאלט נור ארבייטען פאר אונז, האט דער אונבעקאנטער געזאָגט מיט א וויכער, מילדער שטימע. — יעדעס מאל, ווען איהר וועט דארפען א ראטה, ווען איהר וועט זיין אין א פערלעגענהייט און וועט דארפען א פריינד — קומט צו אונז. לאזט איבער ביי דער שניידערין שאמבאָר א צעטעלע, אז איהר דארפט אונז זעהן, דאן וועל איך אָדער אנאנדער קומען צו דעם ארט, וואו איהר וועט אונז בעשטימען. — ווען איהר וועט זיין עהרליך געגען אונז און וועט אונז ווירקליך ברענגען נוצען, וועט איהר ניט בערייען, וואס איהר האט זיך מיט אונז פערבונדען; וועלען מיר אבער געוואהר ווערן, אז איהר זייט אונז פאַלש געווען און האט אונז פערראטהען, וועט איהר זיך פון אונזערע הענד ניט אויסגעהן.

שנעל, וויא א בליץ האט ער ארויסגעחאפּט א סטילעט פון איינער פון זיינע טיעפע קעשענעס און האט איהם א פּאר מאָל ארומגעדרעהט ארום איהר קאָפּ.

זיא האט ווידער א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, א צייכען, אז זיא איז מיט אלעמען, וואָס ער האט געזאגט, איינפערשטאנען. ער האט בעהאלטען דעם סטילעט, האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געזאגט מיט א טאָן פון א גאנץ העפליכען קאוואליר:

— יעצט האב איך דיא עהרע מיך צו עמפפעהלען דער מארקיזא פאלאנצאני!

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך פאר איהר גאנץ טיעף פערניינט, האט ארויסגענומען דעם שליעסעל פון דער טהיר און האט זיא אויפגעשלאָסען.

אין א מינוט האט ער זיך אין גאנצען פערענדערט. ער האט זיך צתויפגעקאָרטשעט, האט אנגעהויבען צו קרעכצען און האט זיך קוים, קוים דערשלעפט צו זיך צימער.

אננא באלצער איז געבליעבען אליין. אייניגע מינוטען נאך זיין אוועקגעהן איז זיא געבליעבען זיצען אויף איהר שטוהל פערטראכט און טרויעריג. ענדליך האט זיא זיך אויפגעהויבען און איז זיך דורכגעגאנגען א פאָר מאָל אין איהר צימער.

— איך האב געמיינט, אז איך וועל אויסשפרייטען דיא פליעגעל און וועל ארויפקלעטערן הויך, הויך אויפ'ן אייבערשטען שטאפעל פון דער געזעלשאפט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין טרויעריג. — דיא פערגאנגענהייט אָבער האלט מיך מיט איהרע שווערע קייטען און שלעפט מיך צוריק. — עפעס א געהיימע קראפט האט זיך אריינגעמישט און וויל צערשטערן אלע מיינע פלענער, אלע מיינע האפנונגען. — ווער איז דיעזע געהיימע קראפט? — איך ווייס ניט. — איך זעה נור, אז זיא איז גרעסער, שטארקער, מעכטיגער פון מיר.

איך האב, דאכט זיך, געפיהרט דיעזע אינטריגע אזוי קלוג, אזוי געשיקט, אז דער טייפעל אליין וואלט זיא ניט געקענט אויסגעפינען — און דאך האבען זיך געפונען קליגערע און געשיקטערע פון מיר, וועלכע האבען מיך אפגעקלערט, מיך אויסגעלאכט און ביי מיר צוגענומען דיא פריכטע פון מיין ארבייט. —

טרערין האבען זיך געוויעזען אויף איהרע שעהנע אויגען. זיא האט זיך געביסען דיא ליפען ביז אין בלוט פאר פערדרוס. — זיא איז ווידער ארומגעגאנגען אייניגע מאָל אין צימער הין און צוריק. פלוצלונג איז געבליעבען שטעהן פאר איהר קליינעם שפיעגעל און האט זיך פערטראכט. — א נייער געדאנק איז איהר געקומען אין קאָפּ. — זיא איז פלוצלונג פרעהליכער געוואָרען.

— עס קען דאָך אָבער זיין, אז דיעזע נייע, געהיימע קראפט וועט מיך גאָר פיהרען צום ציעל, האט זיא ווייטער געזאָגט. — ווער קען עס וויסען? — ווען זיא זאָל מיך זאָגאר ניט פיהרען צום ציעל, וועט זיא פיעללייכט זיין אים שטאנד צו צורייסען דיא קייטען, וועלכע בינדען מיך יעצט? — פיעללייכט וועל איך קענען בעפרייט ווערן פון דער אייזערנער האנד, מיט וועלכער דיעזער שטאָלצער גראף דע ריווערא האלט מיך? — עס איז שטענדיג בעסער צו האבען אין דיא הענד צוויי קרעפטע, וועלכע קעמפפען איינע געגען דיא אנדערע. — איך בין נאך קלוג גענוג און געשיקט גענוג ביידע אויסצוניצען. — ערשט יעצט וועט זיך אנהויבען פאר מיר א לעבען! —

זיא האט שנעל צונויפגעלעגט דיא פאפיערען און דיא זאכען, וועלכע זיא האט געפונען פאר נעטהיג מיט צונעהמען. זיא האט ניט פערגעסען ארויסצונעהמען פון'ם קאסטען דאס געלד, וואס זיא האט געפונען אין דער קאסעטע פון'ם רוסישען געזאנדטען.

זיא האט אויסגעשניטען דיא אדרעסע פון דער שניידערין שאמבאָר פון דער

ציטונג און האט זיא ארייגעלעגט אין איהר פאַרטמאַנע. דאן האט זיא איינינע אויגענבליקע בעטראכט דאס אָרימע צימעריל, אין וועלכען זיא האט געוואוינט און געוויעזען איהר קונסט און געשיקליכקייט און איז לאַנגזאם ארויסגעגאנגען אויפ'ן קאָרידאָר און רוהיג אראפגעגאנגען דיא טרעפ.

אין דרויסען איז זיא אוועקגעגאנגען א פּאָר גאסען, האט צוגערופען א דראָשקע און איז אוועקגעפאָהרען צום פּאלאץ פון דער מארקיזא פּאלאנצאני.

מאדאם ראַימאָנד האָט זיך געזאמט פיעל מעהר פון א שטונדע. עס האט זעהר לאַנג געדויערט, איידער מען האט געמאכט דעם רעצעפט אין דער אפּטהעק. דאן האט זיא נאָך געדארפט איינקויפען עסען אויף א גאנצען טאָג. ווען זיא איז גע־קומען א היים, האט זיא געפונען דעם קראנקען מארטינאָ אין זיין צימער. ער האט נאָך אלץ געקרעכצט. מאדאם בערנאר אָבער איז שוין ניט געווען אין דער היים.

— איך האב זיא איבערגעלאזען, זיא זאָל מיר אָפּהיטען דיא שטוב, האט זיא געזאגט מיט א פאָרוואורף און זיא איז זיך אוועקגעגאנגען?

דער קראַנקער האט זיא פערענטפערט. זיא איז דאָך ניט מעהר, וויא אן אָרימע ארבייטערין. זיא קען ניט פערליערן א טאָג.

— איך אליין האָב איהר געהייסען געהן, האָט ער געזאָגט צו מאדאם ראַימאָנד. איך וויל ניט, אז אן אָרימע ארבייטערין זאָל דורך מיר פערליערן איהר צייט.

ער האט זעהר געדאנקט מאדאם ראַימאָנד דערפאַר, וואָס זיא האט איהם געבראכט דעם רעצעפט און האט איהם באלד איינגענומען.

דער רעצעפּט האָט ווירקליך געווירקט וואונדערבאַר. שוין אום צוועלף אוהר האט זיך דער קראנקער געפיהלט אזוי גוט, אז ער האט זיך ענטשלאָסען צו געהן אביסעל שפּאַציערן.

— דיא פרישע לופט וועט מיך שוין אין גאנצען שטאַרקען, האט ער געזאגט צו מאדאם ראַימאָנד, וועלבע האט איהם ניט געוואָלט לאָזען געהן. — נאָך דעם רעצעפּט מוז מען האבען דיא פרישע לופט.

ער האט זיך צוואר ניט לאַנג געזאמט. אין א פּאָר שטונדען ארום איז ער ווידער געווען אין דער היים.

דער טאָג איז פאַראיבער שטיל און רוהיג. לעפראנק איז ערשט פאר נאכט געקומען א היים. ער האָט א קוק געטהאָן אין מאדאם ראַימאָנד'ס צימער — מאַדאַם בערנאר איז דארט ניט געווען. ער איז צוגעגאנגען צו מאדאם בערנאר'ס צימער און האט שטילערהייט א קלאַפּ געטהאן אין דער טהיר — קיינער האט ניט געענטפערט. ער האט געפרעגט מאדאם ראַימאָנד, אריב איהר קווארטיראנטין איז נאָך ניט גע־קומען און זיא האט איהם געענטפערט, אז זיא איז נאָך ניט געקומען.

עס איז געוואָרען שפּעט. מאדאם בערנאר איז נאָך אלץ ניט געקומען. לעפראנק איז געוואָרען אונרוהיג. — היינט, ווען זיי האבען אזוי פיעל צו רעדען, — היינט, ווען זיי האבען זיך צו בעראטהען איבער אזוי פיעל זאכען — זאָל זיא קומען אזוי שפּעט? דאס האט ער אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן.

שטיל, רוהיג און טרויעריג איז פערגאנגען דער אבענד. מאדאם ראַימאָנד האט

געשוויעגען. דער אלטער מארטינאַ איז געזעסען אויף זיין אָרט און האט געשוויעגען, וויא זיין שטיינער איז געוועזן. ער האָט דאך ניט געהערט, וואס מען רעדט. מאדאם ראימאנד האט אויך דיעזען אבענד ניט פיעל גערעדט.

— איך מוז געהן זיא זוכען! האט אויסגערופען לעפראַנק, ווען עס איז געוואָרען שטאַרק שפּעט.

— וואוהין ווענט איהר געהן? האט מאדאם ראימאַנד איהם געענטפערט. — געהן זוכען א מענשען אין פּאַריז? — זוכען א נאדעל אין א וואגען היי?

ענדליך איז מאדאם ראימאנד שלעפעריג געוואָרען. דער קראנקער מארטינא איז געגאנגען אין צימער. לעפראַנק האט אויך געמוזט געהן צו זיך. ער איז ניט געשלאָפען א גאנצע נאַכט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען זיך וויעדער אלע דריי צוזאַמענגעקומען צו מאדאם ראימאנד. עס איז געוואָרען אכט אוהר — ניין אוהר — מאדאם בערנאר איז אלץ נימא.

לעפראנק איז געוועזן אויסער זיך. — האלב נאך ניין אוהר איז אריינגעקומען א קאָמיססיאָנער — א מעסענדשער — מיט דעם צייכען פון זיין אמט און האט געפרעגט:

— וואוינט דא א מאן מיט'ן נאמען זשאַרזש לעפראנק און איינע, מאדאם ראימאנד?

— איך בין זשאָרזש לעפראנק, האט דער אריסטער קוימענקעהרער אויסגערופען.

— און איך בין מאדאם ראימאנד, האט זיך דיא ווירטהין פאָרגעשטעלט.

— א דאַמע האט מיר איבערגעגעבען דיעזעס פּעקעל, איך זאל עס איבערגעבען הערין זשאָרזש לעפראנק אין דיא הענד. — איך האב אויך א בריעף פאר מאדאם ראימאנד.

מיט דיעזע ווערטער האט ער דערלאַנגט דעם ארבייטער לעפראנק א קליין פּעקעלע און מאדאם ראימאנד א בריעף. — זשארזש לעפראנק האט אנגעהויבען צו ציטערן און איז געוואָרען בלייך, וויא קאַלך.

— ווער האט אייך געגעבען דיעזעס פּעקעל? האט ער געפרעגט דעם קאָמיס-סיאָנער.

— א דאמע האט עס מיר געגעבען און אנגעזאגט, איך זאל עס באלד איבער געבען דעם ארבייטער זשארזש לעפראנק.

— וואו האט זיא אייך געטראָפען?

— אין דער שטראַסע ריוואָלי.

— קענט איהר ניט מיר זאגען, וויא אזוי זיא זעהט אויס? וויא אזוי זיא איז געגאנגען אנגעטהאן?

— מיין ליעבער הערר, איך בין א קאמיסיאנער — א מעסענדשער — ווען מען גיט מיר עפּעס, איך זאל עס אוועקטראגען, מוז איך עס טהאן. איך טאר ניט פרעגען, ווער עס איז און דאַרף מיך ניט צוקוקען. איך מוז איבערגעבען פינקטליך, וואס מען גיט מיר און וועמען, מען הייסט מיר. ווייטער וויים איך גאר ניט.

ער האט זיך פערניינט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

ושארזש לעפראנק האט געזעהן, אז פון׳ם קאָמיסיאָנער וועט ער גאר ניט וויסען. ער איז אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער און האט אויפגעבונדען דאס פעקעלע, וואס דער קאמיסיאָנער האט איהם געבראכט. — עס איז דאָרט געווען געלד און א בריעף. דאס געלד האט ער ניט אנגעריהרט. ער האט געעפענט דעם בריעף און האט געלעזען פאָלגענדעס:

„מיין טהייערער פריינד!

„ווען איך בין היינט ארויסגעגאנגען פון דער היים אין דיא פאבריק, וואו „איך ארבייט, האב איך געטראפען מיין אָנקעל. איך וויים ניט, וויא אזוי ער „איז געוואהר געווארען, וואו איך געפין מיך. ער האט מיך אבער אויסגעפונען „און האט געפאָדערט, איך זאל מיט איהם פאהרען א היים, קיין דייטשלאנד. „ער קען שוין מיין גאנצע געשיכטע. ער וויים, אז א רוסישער פירסט האט מיך „פערפיהרט און וויא אזוי מען האט מיך בעטראגען. — איך האב ניט געוואלט „געהן מיט איהם. איך דארף דיר ניט זאגען פאר וואס. ער האט זיך אבער „געווענדעט צום דייטשען קאנסול און ער זאגט, אז ווען איך וועל ניט פאָהרען „מיט איהם מיט גוטען, וועט ער מיך אהיים נעהמען מיט געוואלד. איך בין „פערצווייפעלט. איך וויים ניט, וואס צו טהאן. איך האב געוואלט לויפען צו דיר, „מען לאזט מיך אבער ניט.“

„מיט שווערע מיה איז עס מיר געלונגען אנצושרייבען דיעזען בריעף. — „מיינע פאַפּיערען האב איך צוגענומען. צווישען דיא פאפּיערען האב איך געפונען „דיעזעס געלד. — נעהם עס, טהייערער פריינד, און פערווענד עס צו א גוטען צוועק.“

„ווען עס וועט מיר געלינגען זיך אויסצודרעהן פון מיין שטרענגען אנקעל, „וועל איך געוויס קומען צו דיר, מיין טהייערער פריינד.“

„אויף וויעדערזעהן!

„דיין אונגליקליכע פריינדין.

לואיזא.“

וויא א דאָנערשלאָג פון א קלארען, וואָלקענלאָזען הימעל, האט דיעזע נאכריכט געטראפען דעם ארימען ארבייטער. ער האט איבערגעלעזען דעם בריעף דריי מאל און האט איהם ניט געקענט גלויבען, ניט געקענט פערשטעהן.

— פאַר וואס איז דאס געשעהן געראדע היינט? געראדע אין דעם טאָג, ווען זיא האט בעקומען איהרע דאקומענטען? —

ער איז ארומגעלאפען אין זיין צימעריל, וויא א וואהנזיניגער און האט זיך גע־ריסען ביים קאָפּ.

— א ווארימער שטראהל פון דער העלער זון האט אויף א מינוט בעלייכטעט מיין פינסטערעס לעבען, האט ער געקרעכצט. — עס איז אבער באַלד פערשוואונדען. אך! איך ליעב זיא! איך קען ניט לעבען אהן איהר! — וועלכער טייפעל האט אנגע־טראגען דעם אנקעל!

ער האט זיך באלד געפאסט און אנדערע, בערוהיגענדע געדאנקען זיינען געקר־
מען איהם אין קאפ.

— זיא ליעבט מיך — זיא מוז מיך ליעבען — האט ער געזאגט צו זיך אליין.—
האב איך איהר דען ניט געגעבען דיא בעסטע בעווייזע פון מיין טרייע, פון מיין ער־
געבענהייט? — האב איך דען ניט ריסקירט פון איהרעט וועגען מיט מיין לעבען, מיט
מיין פרייהייט? — זיא ליעבט מיך און וועט געוויס זיך אויסדרעהען פון איהר אנקעל
און קומען צו מיר.

דיעזע געדאנקען האבען איהם אזוי וויית בערוהיגט, אז ער איז געגאנגען אין
מאדאם ראימאָנד'ס צימער, זיא פרעגען, וואָס „זיין" לואיזא שרייבט צו איהר.

דער בריעף צו מאדאם ראימאָנד איז געווען קורץ. אין בריעף איז געשטאנען,
אז זיא מוז אויף א קורצע צייט אוועקפאהרען פון פאריז. זיא וועט אבער באלד צור
ריקקומען. זיא בעט ווייטער, אז מאדאם ראימאָנד זאָל אכטונג געבען אויף איהרע
זאכען.

— איך ווייס ניט, וואָס עס איז געשעהן מיט איהר, האט מאדאם ראימאנד
געזאגט, עס מאכט אבער ניט אויס. זיא פאהרט אוועק נור אויף א קורצע צייט.
זיא וועט באלד צוריקקומען און מיר וועלען ווידער לעבען פריינדליך און פרעהליך,
ווי ביז אהער.

דער טויבער מארטינאָ איז געזעסען און האט געקוקט יעדען אין דיא אויגען.
ער האט גאר ניט געוואוסט, וואס דא טהוט זיך. ענדליך, האט ער זיך ניט געקענט
איינהאלטען און האט געזאָגט:

— איך האף, אז מאדאם בערנאר איז געזונד און איז אין קיין געפאהר.

מאדאם ראימאָנד האט איהם אנגעשריעבען אויף א שטיקעל פאפיער, וואס
דא איז פארגעקומען. ער האט עס איבערגעלעזען און האט געשמייכעלט.

— איך וואלט זעהר געוואלט זיא זעהן, דיא גוטע און שטילע מאדאם בערנאר!
האט ער געזאגט.

היינט האט ער זיך געפיהלט פיעל בעסער און האט ווידער געמוזט געהן אויף
דער פרישער לופט. היינט האט איהם שוין קיינער ניט צוריקגעהאלטען. לעפראנק
איז געווען טרויעריג און פערטראכט. מאדאם ראימאָנד האט אויך געפיהלט, אז עפעס
איז דא פארגעקומען, וועלכעס וועט אזוי גלאט ניט אפלויפען.

## 36טעם קאפיטעל.

## דיא אויסשטעלונג.

עס קאכט און זיעדעט אין דער הויפט שטאדט פון פראנקרייך. מאסען מענשען
געהן, לויפען, פאָהרען און רייטען. דיא באהנסטאנציאנען זיינען געפאקט מיט מענשען.
ארום דעם גרויסען נאָרד באהנהאָף שטעהן טעגליך אונגעהייערע מאסען. — א גאנצעס
מעער פון מענשען קעפּ. דארט קומען אן אלע גרויסע.

מען ערוואַרטעט דעם קעניג פון פרייסען און זיין ערשטען מיניסטער, גראף

ביסמארק. דיא דייטשען, וועלבע וואינען אין פאריז האבען זיך בעזאנדערס פארבע־
רייטעט צו עמפפאנגען זייער הערשער און זייער „אייזערנעם קאנצלער", — אזוי רופט
מען דעם גראף ביסמארק. — דעם מענשען פון אייזען און בלוט.

זיט פריהמארגען שטעהן דיא קארעטעס פון דער דייטשער געזאנדשאפט, פער־
ציערט מיט דיא דייטשע פארבען — שווארץ, רויט און ווייס — און ערווארטען אויפ׳ן
קעניג און באלדיגען קייזער, ווילהעלם I. דיא איינפאכע דייטשען אין זייערע בעסטע
קליידער דרענגען זיך צום באהנהאף. עס געפינען זיך אבער אויך פיעלע נייגיעריגע
פראנצויזען, וועלבע ווילען זעהן א פרעמדען הערשער.

דיא מענגע שטעהט ניט לעדיג. מען רעדט, מען לאכט, מען דערצעהלט און
מען עסט. יעדער זאגט זיינע מיינונג, יעדער פערשטעהט פאליטיק, יעדער איז א
פאליטיקער און וויל געבען צו פערשטעהן, אז דער אנדערער פערשטעהט ניט.

עס זיינען אבער געווען גאנץ ערנסטע מענשען, וועלבע האבען געוואוסט, וואס
זיי רעדען און עס איז געווען איבער וואס צו רעדען. עס איז געווען א פראגע אויב דער
עסטעררייבישער קייזער פראנץ יאזעף וועט קומען אויף דער אויסשטעלונג. קייזער
נאפאלעאן האט איהם איינגעלאדען און געבעטען, ער זאל קומען. — וועט ער אבער
קומען? —

אלע האבען געוואוסט, וואס עס טהוט זיך אין מעקסיקא. דארט האט אויס־
געבראכען א רעוואלוציאן און נאפאלעאן האט זיך בעשלאסען צו שיקען קיין מעקסיקא
אן ארמעע און דארט איינצוזעצען דעם קייזער פראנץ יאזעף׳ס ברודער, מאקסימיליאן,
אלס קייסער פון מעקסיקא.

מאקסימיליאן האט זיך געלאזען איינרעדען און איז געפאהרען מיט זיין פרוי,
דיא פרינצעסין שארלאטע, דיא טאכטער פון קעניג לעאפאלד פון בעלגיען. אנפאנגס
האט דאס פאלק אין מעקסיקא זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך און מאקסימיליאן
האט זיך געלאזט קריינען אלס קייסער פון מעקסיקא מיט גרויס פאראד. עס איז
געווען א פרייד אין מעקסיקא און אין עסטעררייך.

דיא פרייד אבער האט ניט לאנג געדויערט. אמעריקא איז א שלעכט לאנד
פאר קיסריים און קעניגע. אין אמעריקא קענען זיי ניט וואקסען און ניט געדייהען. זיי
געראטהען ניט אין אמעריקא! מאקסימיליאן איז ניט לאנג געווען קייזער. דיא רעוואָ־
לוציאנערן האבען פערזאמעלט אלע זייערע קרעפטע און האבען זיך געשטעלט געגען
מאקסימיליאנ׳ס ארמעע. עס זיינען פארגעקומען איינינע שלאכטען. דיא רעוואלוציאנערן
האבען געזיעגט.

ענדליך, ביי דער גרויסען שלאכט לעבען דער שטאדט קווערעטארא האבען דיא
רעוואלוציאנערן איהם געגומען געפאנגען. דער גענעראל פון דיא רעוואלוציאנערן, דער
דאמאליגער פרעזידענט פון דער מעקסיקאנישען רעפובליק, חוארעז, האט געוואלט
איהם אפלאזען, ער זאל זיך פאהרען א היים. זיין ארמעע אבער האט געפאָרדערט,
אז מען זאל איין מאל פאר אלע מאל ווייזען א ביישפיעל, אז קיין פרעמדער קייסער
אדער קעניג זאל זיך ניט אונטערשטעלען קומען קיין אמעריקא הערשען — און מען

זאָל קייסער מאַקסימיליאַן שיעסען אלס קריענס געפאנגענעם און טיראַן.

חוארעז האט געמוזט נאכגעבען און דעם 19טען יוני 1867 האט מען דערשאָסען עפענטליך אין דער שטאדט מעקסיקא דעם קייסער מאַקסימיליאַן מיט צוויי פון זיינע גענעראלען.

ווען דער קריעג האט זיך נור וואס אנגעהייבען, איז די מעקסיקאַנישע קייזערין שאַרלאָטע געפאָהרען קיין איירָאפּא בעטען הילף פאר איהר מאַן. זיא איז געווען אין וויען ביים קייזער פראנץ יאזעף. ער האט איהר אבער ניט געקענט העלפען, ווייל ער האט אליין זיך פארבערייטעט צום קריעג מיט פרייסען. זיא איז געווען ביי איהר פאטער, קעניג לעאָפּאָלד. ער האט איהר אבער אויך ניט געקענט העלפען. בעלגיען איז א קליין לאנד און עס האט א קאָנסטיטוציאָן. דער קעניג האט קיין רעכט ניט צו שיקען אן ארמעע. ער מוז זיך אנפרעגען אין פארלאמענט.

דיא אונגליקליכע פרינצעסין, אדער קייזערין פון מעקסיקא, איז ענדליך געקומען בעטען הילף צו נאפאלעאן דעם דריטען. עס איז דאך געווען זיין שולד, ער האט אויפגעגעבען דעם פלאַן, אז מאַקסימיליאַן זאָל פאהרען קיין מעקסיקא. ער מוז איהר העלפען. נאפאָלעאָן האט זיא געטרייסט און האט איהר צוגעזאגט צו טהאן אלעס מעגליכע אום צו ערהאלטען פאר איהר מאן דעם קייזער טראהן פון מעקסיקא.

„פערשפרעכען און האלטען ווארט זיינען צוויי פערשיעדענע זאכען", זאגט א פראנצויזיש שפריכוואָרט. נאפאלעאן האט נאר ניט געדענקט צו האלטען ווארט. ער האט נור אפּגענארט דיא אונגליקליכע שאַרלאטע.

ווען זיא איז געוואהר געווארען, אז איהר מאן האט פערלארען דיא שלאכטען און איז געפאנגען ביי דיא רעוואָלוציאָנערען, איז זיא אראָפּ פון זינען. זיא איז געלאָפען צום קייזער נאפּאָלעאָן. מען האט נאך ניט געוואוסט, אז זיא איז וואהנזיניג און מען האט זיא צוגעלאזען צו איהם. זיא האט אנגעמאכט ביי איהם אין קאבינעט א שרעקליכען סקאַנדאַל. אין דיא צייטונגען האט מען דערפון ניט געשריעבען, אבער גאנץ פאריז האט דערפון געוואוסט און גאנץ פאריז האט דערפון גערעדט, זעלבסטפערשטענדליך, שטילערהייט. נאפּאָלעאָן האט געהאט א בעסערע געהיים פּאָליציי, וויא אין רוסלאנד און פלעגט ארעסטירען אפטער און בעשטראָפען שטרענגער נאך וויא אין רוסלאנד. הויך רעדען האט מען אין זיין צייט ניט געטארט אין פראנקרייך.

דער אונטערשיעד איז נור געווען, וואס אין רוסלאנד איז מען זעהר גראָב און ווילד, אין פראנקרייך אבער איז מען ציוויליזירט און פערפיינערט, אָפּלאַקירט. אלעס איז פערדעקט און פערשטעלט.

אלזא, עס איז געווען איבער וואס צו רעדען. מען האט זיך אינטערעסירט צו וויסען, אויב דער קייזער פראנץ יאזעף וועט קומען און אויב ער וועט וועלען זעהן זיין אונגליקליכע שוועגערין, דיא וואהנזיניגע שאַרלאָטע.

אויף דיא טרעפּ פון א גרויס הויז ניט ווייט פון׳ם נארד באַהנהאָף זיינען געשטאנען צוויי מענשען און האבען גערעדט צווישען זיך גאנץ שטיל. איינער איז געווען א הויבער מאן מיט א שווארצער באָרד, מיט א פארברענטעס געזיכט פון אן איטאַ־

ליענער. דער אנדערער א׳ז געווען פיעל עלטער פון איהם מיט א שארף געשניטענעם געזיכט, וועלכעם האט אויסגעדריקט מוטה און ענערגיע. זיין שטעהן, זיין רעדען, זיין גאנצעס בענעהמען האט געוויעזען, אז ער איז געווען א סאלדאט. דאס איז ווירקליך געווען א מערקווירדיגער מענש, איינער פון דיא זעלטענסטע מענשען פון אונזער צייט. דאס איז געווען דער אירלענדער אגיטאטאר, גענעראל א׳ראסס.

ער האט געקעמפפט אונטער גאריבאלאי פיר דיא בעפרייאונג פון איטאליען, ער האט געקעמפפט אין אמעריקא אונטער גענעראל גראנט צו בעפרייען דיא נעגרען. ער האט געמאכט א פלאן, וויא איינצונעהמען לאנדאן, פערניכטען דיא ענגלישע פלאטע און ערקלערן אירלאנד פאר א רעפובליק און איז יעצט געווען אין פאריז, וואו עס האבען זיך פערזאמעלט דיא רעוואלוציאנערן פון אלע לענדער צו פערהאנדלען, וויא אזוי מען זאל ארויסרופען אן אלגעמיינע רעוואלוציאן און מען זאל בעפרייען אלע פעלקער.

ער איז יעצט געשטאנען גלייך, זיינע שטארקע הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, זיינע שארפע, פייעריגע אויגען האבען בעטראכט דאס מעער פון מענשענקעפ ארום זיך.

— אך, וואס פאר אן אבשייליכע, ניעדערטרעכטיגע געזעלשאפט דאס איז! האט ער געזאגט, וויא צו זיך אליין. אט שטעהן זיי אלע, וויא א הערדע שעפסען און זיינען גליקליך, ווען עס וועט זיי געראטהען א קוק צו טהאן אויף זייערע טיראנען, וועלכע וועלען באלד אנקומען מיט א גלענצענדען פאראד. ווייסען זיי דען ניט, אדער פערשטעהן זיי ניט, אז זיי מוזען אוועקגעבען זייער פלייש און זייער וואל אום דיא אפגעפרעסענע טיראנען זאלען קענען קומען מיט אזא פאראד? — ווילען זיי עס גאר ניט פערשטעהן, אז דיעזע אפגעפרעסענע און דאך שטענדיג הונגעריגע וועלף שינדען פון זיי אפ דיא הויט, רייסען פון זיי שטיקער פלייש און צוקייען זייערע ביינער אום צו שטאלצירען פאר זיי מיט זייערע פליטערלעך? — ווייסען זיי דען ניט, אז זיי וועלען מוזען בעצאהלען — און זעהר טהייער בעצאהלען — פאר יעדעס פערגניגען פון דיעזע טיראנען! טפיו, איבער אזא געזעלשאפט! — האט ער אויסגערופען אין דער הויך און האט אויסגעשפיען.

דאס אירלענדישע בלוט האט אנגעהויבען צו קאכען אין איהם, ער האט זיך ניט געקענט מעהר איינהאלטען.

— איך האב זיי פערגליכט מיט א הערדע שעפסען! — ניין! זיי זיינען ערגער פון דיא שעפסען! זיי זיינען ערגער פון דיא שפראכלאזע טהיערע. — דיא שעפסען דריקען זיך צוזאמען, ציטערן און מעקען, ווען זיי דערהערן דעם וואלף פון דערווייטען, — דיעזע אבער — ער האט געוויעזען אויף דער מענגע — דיעזע אבער פרעהן זיך, פוצען זיך אויס און קווענען אן, וואס באלד וועט קומען דער טיראן מיט א גאנצע באנדע פרעסער זיי אפצושינדען. — זיי וועלען גליקליך זיין, ווען דער וואלף וועט אויף זיי א קוק טהאן, אדער וועט צו זיי א שמייכעל טהאן. — שאנדע פאר דיא מענשהייט! — איך שעהם מיך, וואס איך הייס מענש!

— וואס ווילט איהר, גענעראל? האט דער אנדערער געענטפערט. מען קען ניט

אלעס מיט א מאל. וויא פיעל טויזענדער יאהרען האבען דיא קעניגע און פירסטען דערצווינגען דאס פאלק, אז עס זאל זיין אזוי, וויא עס איז יעצט! — מען האט זיי דרעד סירט, וויא מען דרעסירט א הונד, ער זאל אריינשפּרינגען אין וואסער, זאל ריסקירען זיין לעבען, אום ארויסצופישען א שטעקעלע, וועלכעס זיין העררר האט אומיסטען אריינ־געווארפען. מען האט זיי ערצויגען, מען האט זיי דרעסירט, זיי זאלען מורא האבען פאר זייער קעניג, זיי זאלען איהם פארגעטערן, זיי זאלען איהם פאלגען, וואס ער וועט זיי הייסען, זיי זאלען זיך אפּפערן פאר זיי — און מען האט זיי אויסגעלערנט, אויסדרעד־סירט! — אונזער אויפגאבע איז יעצט צו מאכען זיי צוריק פאר מענשען. מיר מוזען זיי בילדען, אויפקלערן און געבען זיי צו פערשטעהן, אז זיי זיינען נור דרעסירטע הינד, א מענש דארף זיך ניט בייגען פארן אנדערן, דארף ניט אפּפערן זיין לעבען פאר א קאפּריז פון א־אנדער מענשען. —

— אויפקלערן! בילדען! עפענען דיא אויגען! האט דער אירלענדער זיך נאכ־געקרימט. — נעה, לערן דיעזע אונוויסענדע, דרעסירטע מאסע, וועלכע איז בערייט יעדע מינוט זיך צו אפּפערן פאר א שמייכעל פון א טויגעניכטס, וויא נאפּאלעאָן דער דריטער אדער פאר א בייג מיט׳ן קאפּ פון א טיראן, וויא אלכסנדר דער צווייטער. — איך האב מיך אפּגענארט אין דיעזע פראנצויזען. מען האט מיר געזאגט, אז אין פּאריז איז דא א שטארקע ארגאניזאציאָן פון ארבייטער, וועלכע פערשטעהן זייער לאגע און זיינען בערייט יעדע מינוט אראפּצושאָקלען פון זיך דעם שווערן יאך פון זייערע העררר־שער. — איך בין געקומען און האב געפונען א באנדע קריעכער, וועלכע ציטערן פאר א פליג אויף דער וואנד! — נייז, מאדזיני! מיט אזא מאטעריאל וועט איהר קיין רעוואלוציאָן ניט מאכען! — וואס טהוען אייערע ארבייטער? זיי מארשירען אין דיא גאסען, מאכען דעמאנסטראציאָנען און אנטלויפען, ווען א פּאָליסמאן שטעלט זיך זיי אין וועג? —

— איהר זייט דאך ערשט געקומען, גענעראל, האט מאדזיני געענטפערט. איהר ווייסט נאך גאר ניט, וואס פאר א מאטעריאל מיר האבען. — קומט פריהער אויף אונזערע פערזאמלונגען, הערט פריהער אונזערע בעשליעסע, ווייסט, וויא ווייט מיר האבען עס געבראכט, וויא ווייט מיר זיינען פאָרבערייטעט דאן וועט איהר אורטהייר־לען. דיא ארבייטער דעמאנסטראציאן, וועלכע איהר האט געזעהן היינט אין דער פריה, געהער זיך מיט אונז גאר ניט אן. זיי זיינען גאר קיינע רעוואָלוציאָנערן. זיי זיינען דיא בלינדע אינסטרומענטען אין דיא הענד פון א מיניסטער, א פּאָליטיקער, וועלכער זוכט צו בעקומען דורך זיי א הויכע שטעלע. —

אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען צו זיי א דריטער. ער האט געגעבען מאדזיני דיא האנד און האט זיא אייניגע מינוטען געדריקט, אין דיעזע צייט האט ער איהם אריינגעלעגט א קליין צעטעלע צווישען דיא פינגער. פארן אירלענדער האט דער פרעמ־דער זיך פערנייגט. ער האט איהם נאך ניט געקענט.

מאדזיני האט זיך אנגעבויגען נעהנטער צום אירלענדער און האט איהם געזאגט אויפ׳ן אויער.

— דא האט איהר א מאן, וועלכער האט דיעזעלבע מיינונג, וואס איהר. ער

האפט אויך זעהר ווייניג הילף פוןם פאָלק, פון דער מאסע. ער מיינט אויך, אז אייניגע טיכטיגע מענשען קענען ניכער מאכען אן איבערקעהרעניש, א רעוואָלוציאָן.

— ווער איז דיעזער מאן? האט דער אירלענדער געפרעגט.

— מיכאאיל באקונין.

דעם אירלענדערס געזיכט איז לעבעדיגער געווארען, ווען ער האט דערהערט דיעזען נאמען. זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען און צו שפריצען פייער. ער האט ניט געווארט, אז מען זאל איהם פארשטעלען און בעקאנט מאכען מיט באקונין. ער האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געזאָגט:

— איך גריס אייך, באקונין, אים נאמען דער אונטערדריקטער מענשהייט! איך קען אייך פון דער ווייטען, איך פערשטעהע אייך, אבוואהל איך האב אייך קיין מאל ניט געזעהן.

באקונין האט איהם געגעבען דיא האנד, האט אבער דערביי געמאכט א צייכען, אז ניט דא איז דער אָרט צו רעדען.

— וואס זעהט איהר דא? האט ער געפרעגט. וואס פאר אן אינטערעס האט ע פאר אייך צו זעהן נאך א גאלדענע קארעטע, נאך א פאר גלענצענדע אפיציערען און נאך עטליכע טויזענד אונגליקליכע שקלאפען? —

אין דיעזע מינוט איז געווארען א שטארקע בעוועגונג אין דער מענגע. עס איז אנגעקומען א באטאליאן לייב-גווארדיע אין זייערע גלענצענדע אוניפארמען מיט זייערע פאהנען אין דער הויך. הינטער זיי איז אנגעקומען א רייכע, מיט גאלד און זילבער פערפוצטע קארעטע. אין איהר איז געזעסען דער קייסער נאפאָלעאָן דער דריטער, לעבען איהם איז געזעסען דער קראנפרינץ. הינטער זיין קארעטע האט זיך געצויגען א גאנצע רייהע עקיפאזשען פון קייזערליכען הויף.

דער אירלענדער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט זיך געריעבען דיא הענד און איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט.

— געוואלד! זאָלען זיך ניט געפינען א פאר טיכטיגע מענשען, וועלכע זאלען יעצט מיט א מאל מאכען אן ענדע פון דיעזע וועלף אין מענשען געשטאלט! האט ער אויסגערופען.

— רוהיג, גענעראל! האט מאדזיני געבעטען. פערגעסט ניט, אז מיר זיינען ארומגערינגעלט פון שפיאָנען.

— זיי זיינען יעצט צופיעל בעשעפטיגט מיט זייער אבגאט, האט דער אירלענ-דער געענטפערט, און האבען יעצט קיין צייט ניט אויפצופאסען אויף אונז. — יעצט זיינען מיר זיכערער, וויא אין יעדער אנדערע צייט.

— אבער, גענעראל, האט מאדזיני געזאגט רוהיג, פערגעסט ניט, אז ניט דיא קעניגע אליין זיינען דיא פיינד פון דיא מענשהייט. עס זיינען דא זייערע אינסטרומענ-טען, וועלכע זיינען פיעל געפעהרליכער אלס דיא קעניגע אליין. זייערע גענעראלען, זייערע מיניסטארען, אלע אריסטאקראטען, וועלכע האלטען דיא רעגיערונג אין דיא הענד. וואס ווילען מיר האבען דערפון, וואס מיר ווילען טייטען א פאר קעניגע? זייערע גענעראלען ווילען באלד מאכען אנדערע. ווען מען זאל קענען פערניכטען מיט

א מאל דיא גאנצע באנדע? — ניין, גענעראל, מיר מוזען אנהויבען פון פונדאמענט; מיר מוזען צוערשט צערשטערען דעם פונדאמענט פון דער אלטער, אפגעלעבטער און פערפוילטער געזעלשאפט. מיר מוזען פערניכטען דיא רעליגיאן, ווייל דיא פריעסטער און דיא גייסטליכע זיינען דיא שטארקסטע זיילען, אויף וועלכע דיא טיראנען שטיצען זיך. מיר מוזען אגיטירען אין דער ארמעע, ווייל דיא ארמעע איז דיא מאכט פון דיא טיראנען: דיא ארמעע איז דיא בייטש, מיט וועלכע זיי טרייבען דיא פעלקער צו דער שלאכט באנק, וויא דער בוטשער טרייבט זיינע שעפסען. —

— איהר וועט מיט אייער אגיטירען נאר ניט מאכען, האט באקונין זיך אריינגעמישט. הענד דארפען מיר האבען! ענטשלאסענע מענער, וועלכע זאלען מיט איין שלאג אומווארפען דיא גאנצע אלטע געביידע. — דער גענעראל האט רעכט. ניט דורך אגיטירען, ניט דורך לאנגזאמע מיטעל קענען דיא פעלקער בעפרייעט ווערן. זיי מוזען בעפרייט ווערן דורך א שנעלע, בלוטיגע אפעראציאן!

— אבער וואו נעהמט מען דעם געשיקטען דאקטאר, וועלכער זאל מאכען דיעזע אפעראציאן? האט דער אירלענדער אויסגערופען. וואו נעהמט מען דיא אייניגע ווענינע ענטשלאסענע מענשען, וועלכע זאלען מיט איין מאל מאכען אן ענדע פון דיעזע פערפוילטע און פערדארבענע געזעלשאפט?

— זיי זיינען דא, האט באקונין געענטפערט רוהיג, און זיי וועלען זיך געפינען צו יעדער צייט. עס זיינען דא גענוג יונגע לייט, וועלכע זיינען בערייט צו אפפערן זייער לעבען פאר דיא פרייהייט. מען מוז זיי אבער אויסגעפינען, מען מוז זיי זוכען, מען מוז זיי צונויפנעהמען, זיי ארגאניזירען, אויסארבייטען א געוויסען פלאן, נאך וועלכען זיי זאלען ארבייטען. — דאס איז קיינע לייכטע אויפגאבע. אבער מען קען זיא דאך אויספיהרען. — דאס שלעכטע איז נור, וואס יעדער וויל עס טהאן אין זיין לאנד און קימערט זיך ניט, וואס עס קומט פאר אין אנדערע לענדער. — וואס וועט עס העלפען, ווען מען וועט איין טיראן פערניכטען, ווען דיא אנדערע טיראנען וועלען קומען איהם צו הילף? — מען מוז בילדען אן ארגאניזאציאן פון אלע פעלקער און אויספיהרען דעם לעצטען שלאג מיט איין מאל. —

ער האט ניט געקענט ווייטער רעדען, ווייל אין דיעזע מינוט האט זיך אנגעהויבען א שטארקע בעוועגונג אין דער מאסע. היטע און טאשענטיכער האבען זיך בעוועגט אין דער לופט. — קעניג ווילהעלם איז ארויס פון׳ם וואגאן. נאפאלעאן איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געגעבען ביידע הענד. דיא מוזיק האט אנגעהויבען צו שפיעלען דיא פרייסישע הימנע — (דאס ליעד פון׳ם פרייסישען קעניג) ווען דיא מוזיק האט אויפגעהערט, האבען הונדערטער טויזענדער גארגלען מיט אמאל געשריען:

— עס לעבע דער קייזער! עס לעבע דער קעניג!

דיעזעס געשריי האט ניט אויפגעהערט, ביז ביידע הערשער האבען זיך אריינגעזעצט אין קייזער נאפאלעאנ׳ס קארעטע און זיינען אוועקגעפאהרען אין קייזערליכען פאלאץ, דיא טיולעריען. דיא מענגע איז זיי נאכגעגאנגען. דער נארדבאהנהאף האט אנגעהויבען צו ווערן לעדיג. דיא נאמען זיינען געווארען שטילער. דיא דריי מענער

אבער זיינען נאך אלץ געשטאנען אויף זייער ארט און האבען שווייגענד בעטראכט, וויא דיזע לעבערליכע קאָמעדיע האט זיך אָפּגעשפּיעלט.

— נו, וויא קען מען זיך איינהאלטען און רוהיג צוזעהן, וויא אזא מענגע מענ־שען — זיינען זיי דען ווערטה דעם נאמען מענשען? — אזא מענגע איז זיך צונויפגע־קומען, האט זיך געריסען דעם גאָרגעל, געקוקט אויף זיינע טיראנען און זיך רוהיג צוגאנגען שלעפען אויף זיך דעם יאך, וועלכען א טויזענדיעהריגע שקלאפעריי האט אויף זיי ארויפגעלעגט? — האט זיך געהיצט דער אירלענדער.

— זייט רוהיג, האט באקונין געענטפערט, דיעזעלבע מענגע וועט זיך רייסען דעם גארגעל, וועט שרייען און פּאטשען בראוואָ, ווען מען וועט פערניכטען דיא טיראַ־נען. — דיא וועלט געשיכטע האט אונז שוין געצייגט אזא ביישפּיעל. דיעזעלבע פראנ־צויזען, וועלכע האבען געשריען: — „עס לעבע דער קעניג!" און זיינען געקראָכען אויף דיא קניע פאר לודוויג דעם זעכצעהנטען, — דיעזעלבע פראנצויזען האבען געשריען: — „עס לעבע דאס פאָלק!" „עס לעבע דיא פרייהייט!" ווען דער הענקער (תליון) האט זיי געוויעזען דעם פריש אָפּגעשניטענעם, בלוטיגען קאָפּ פון דעמזעלבען לודוויג דעם זעכצעהנטען.

אין דער צייט, וואס באקונין האט גערעדט מיטן אירלענדער, האט מאדזיני איבערגעלעזען דאס צעטעלע, וואָס באקונין האט איהם דערלאנגט, און איז געוואָרען בלייך.

— זייט איהר זיכער, אז גראף דע ריווערא ווייס אלע אונזערע געהיימניסע? האט ער געפרעגט.

— גאנץ זיכער, האט באקונין געענטפערט. איך ווייס נאך מעהר. איך ווייס פון וואס פאר א קוועלע ער שעפּט אלעס, וואס ער ווייס. איך ווייס, וואס פאר א מיטעל ער בענוצט אלעס צו ערפאהרען.

— און איהר שווייגט? איהר האט גאר ניט געטהאן? איהר האט ניט געשיקט איינעם פון אונזערע מיט א סטילעט, אזא אונגעהייער פיינד צו פערניכטען

— ניין, און ניין!

מאדזיני האט איהם אנגעקוקט גאנץ פערוואונדערט.

— מיינע פריינדע, האט פּלוצלונג באקונין געזאָגט. וואס שטעהן מיר דאָ? מיר האבען שוין גענוג געזעהן און האבען דא מעהר ניט וואס צו טהאן. קומט, לאָמיר אויך געהן אין שטאָדט אריין.

זיי זיינען אראָפּגעגאנגען פון דיא עטליכע טרעפּ און זיינען לאנגזאם געגאנגען אין דיא פרעהליכע, רוישענדע גאסען, ביז זיי זיינען געקומען צום בולוואר דעז איטאַליען.

— לאָמיר אריינגעהן אין קאפע מאדריד, האט מאדזיני געזאגט, דארטען קענען מיר שטענדיג געפינען אן ארט, וואו מען קען רוהיג רעדען.

זיי זיינען אריבערגעגאנגען דיא גאס און האבען געוואלט אריינגעהן אין קאפע הויז, ווען צוויי מענשען זיינען אנגעקומען זיי ענטגעגען. דאס איז געווען גראף דע ריווערא און דער פירסט מעשטשערסקי, וועלכע זיינען געגאנגען און האבען רוהיג גערעדט צווישען זיך.

באקונינ'ס שארפעס אויג האט באלד דערקענט דעם יעזואיטען. דער יעזואיט האט איהם אויך דערקענט און זאָנדערבארע בליצען זיינען געפלויגען פון זייערעביידע אויגען. דיא צוויי גענגער האבען זיך בעגעגענט, דיא צוויי גרעסטע פיינד זיינען גע־שטאנען איינער נעגען אנדערן. דאס האט אבער געדויערט נור א פּאָר אויגענבליקע. גראף דע ריווערא האט געוואָרפען א פינסטערן בליק אויף אלע דריי און איז אריבער דיא גאס.

— האט איהר בעמערקט דיא דריי מענער, וועלבע זיינען אריינגעגאנגען אין קאפע מאדריד? האט ער געפרעגט דעם פירסט מעשטשערסקי.

— איך האב זיי געזעהן, האט דער פירסט געענטפערט, איך האָב זיי אבער ניט בעטראכט. זיי וויזען מיר אויס גאנץ געוועהנליבע מענשען. איך האב ניט געפר נען פאר נייטיג זיי צו בעטראכטען.

— שאדע! האט דער גראף געזאָגט.—דאס איז דיא שווארצע מאכט. דאָס זיינען דיא לעהרער פון יענער נייען, שרעקליבען און בלוטינער רעליגיאָן, וועלבע שרייט מיט איין קול: „קיין גאָט און קיין הערשער!“ — דאס זיינען דיא אנפיהרער פון דער שרעקליבער מאבט, וועלבע בעדעקט זיך מיט פינסטערנים און גראָבט אונטער דער ערד. זיי האבען אייער רוסלאנד צושרויפט און צודרעהט. זיי זיינען אבער דערמיט נאך ניט צופריעדען. זיי ווילען יעצט בילדען א בונד פון אלע פעלקער, אן אינטערנאַ־ציאָנאלען בונד, אום אלע הערשער צו פערניבטען.

— זיינען זיי ניהיליסטען? האט דער פירסט געפרעגט.

— נאך ערגער! זיי זיינען אנארכיסטען! האט דער גראף געענטפערט.— ווארט אָבער, מיינע ליעבע אנארכיסטען! האט ער ווייטער געזאגט, וויא צו זיך אליין. איהר זייט נאך ניט פערטיג! זאָ לאנגע עס לעבט דער ארדען יעזוס, וועט איהר גאָר ניט אויספיהרען. דער אָרדען איז שטארקער פון אייך. ער קען אלע אייערע פלענע און וויים, וויא זיי צו פערניבטען.—

— ווען איהר קענט זיי אזוי גוט, פאר וואס זאלט איהר ניט אנווייזען אויף זיי דער געהיים־פּאָליציי? האט דער פירסט געפרעגט.—דאס וואָלט דאך געווען דער בעסטער וועג פון זיי לויז צו ווערן.

— עס איז נאך ניט דיא צייט, האט דער גראף געענטפערט רוהיג און האָט אנגעהויבען צו רעדען עפּעס אנדערש.

ער האט שוין צופיעל ארויסגעזאָגט פאר'ן רוסישען פירסט, וועלבען ער האט געהאלטען פאר לייבטזיניג און צו יונג אום ער זאל קענגען מיט איהם רעדען איבער וויכטיגע זאכען.

אין קאפע מאדריד זיינען דערוויל געזעסען דיא דריי מענער און האבען גערעדט צווישען זיך. זיי זיינען געזעסען אין אַ ווינקעל לעבען א טישעל, וואו קיינער האט זיי ניט געשטערט.

— פאר וואס האלט איהר מיך צוריק? האט מאדזיני געפרעגט.—פאר וואָס לאזט איהר מיך ניט צוקוועטשען דעם קאָפּ פון דיעזער שלאנג?—דיעזער יעזואיט, וועלבער רופט זיך גראף דע ריווערא, צערשטערט אלע אונזערע פלענער. ער שפּירט

אונז נאך אין ווערט געוואהר פון אלע אונזערע געהיימניסע. איך האב מורא, אז ער האט יעצט וויעדער אמאל אנגעגעבען דער פאליציי, וואו מיר פערזאמלען זיך.

— איילט אייך ניט, מאדזיני, האט באקונין געענטפערט. איך האב שטודירט מעדיצין און האב געלערנט, אז עס איז ניט קיין גרויסע קונסט אויסצורייסען ניפטיגע גראזען און זיי צו פערברענען. דיא גרויסע קונסט ליעגט דארין, מען זאל זייען גיפטיגע גראזען, מען זאל זיי בעגיעסען און זיך געבען אלע מיהע, זיי זאלען גוט אויסוואקסען, זיי זאלען געראטהען, דאן זאל מען פון זיי ארויסציעהען דעם עסענץ און דערפון מאַכען א מעדיצין, וועלכעס זאל היילען קראנקהייטען און ברענגען נוצען דער וועלט. — דער גראף ווייס נאך ניט, וואס פאר א גרויסע געפעלינקייט ער האט מיר געטהאן מיט דעם, וואס ער האט געזוכט צו בעקומען געוויסע פאפיערן. דיעזע דאקומענטען זיינען מיר פיעל ניצליכער אלס איהם. — מיר וועלען ביידע בענוצען דיעזע דאקומענטען, יעדער פיר זיין צוועק. —

— פון וועלכע פאפיערען רעדט איהר? האט מאדזיני נעפענט פערוואונדערט.

ער האט נים אנגעהויבען צו וויסען פון קיינע פאפיערן און וויא אזוי דיא פאַפיערן זיינען נעקומען צו באקונין.

— דיא געשיכטע פון דיעזע פאפיערען איז זעהר אינטערעסאנט, האט באקונין געזאגט, איך קען זיא אייך אבער דא ניט דערצעהלען. זיא איז צו אינטערעסאנט זיא צו דערצעהלען אין א קאפע הויז. מיר וועלען דאריבער רעדען אנאנדער מאל. מיר האבען אבער נאך עפעס געוואונען. — איך האב געוואונען דיא אינסטרומענטען, מיט וועלכע דיעזער גראף ארבייט. דאס איז ביי מיר וויכטינער פון אלעס.

— איך פערשטעה אייך ניט, האט מאדזיני געזאגט.

— איהר ווילט מיך פערשטעהן? — גוט! קומט מארגען אום צוועלף אוהר צו אונזער שניידעריין, מאדעמואזעל שאמבאר, וועט איהר מיך פערשטעהן.

דער אירלענדער האט זיי ביידען בעטראכט מיט שטוינען. ער איז ערשט ניט לאנג געקומען קיין פאריז און איז נאך ווייניג געווען בעקאנט מיט דיא געהיימניסע פון דיא רעוואלוציאנערן. ער האט אלץ געלעבט אין לענדער, וואו מען בעוועגט זיך פרייער, וואו מען מעג וועניגסטענס רעדען, וואס מען וויל, וואו מען מעג זיך פערזאמלען, ווען מען וויל; וואו מען איז ניט אזוי ארומגערינגעלט מיט שפיאנען, אז מען דארף מורא האבען ארויסצורעדען א ווארט. ער איז געווען געוואינט צו פרייהייט. ער האט זיך געפיהלט אין פאריז צופיעל איינגעענגט, צופיעל צונויפגעפרעסט; ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס זיינע קאמעראדען האבען אזוי פיעל געהיימניסע. אין א פרייער לאנד לעבט יעדער פריי, דארף זיך ניט היטען פארן אנדערן און האט ניט קיינע געהיימניסע. נור דיא טיראניי און שקלאפעריי צווינגט א מענשען צו האבען געהיימניסע.

— וואו וועלען מיר הייטע אבענד זיך צונויפקומען? האט ער פלוצלונג געפרעגט. איך וואלט זעהר געוואלט זעהן אייערע א פערזאמלונג און הערן, וועלכע מיטעל איהר האט אויסגעפונען צו פעראייניגען אלע רעוואלוציאנערן.

מאדזיני האט איהם געגעבען דיא אדרעסע פון'ם הויז [illegible]

— ניין! האט באקונין געזאגט. היינט איז עס אונמעגליך זיך דארט צו פער־זאמלען.

— וויא קומט עס? מיר זיינען דאך דארט זיכער געווען? האט מאדזיני געפרעגט ערשטוינט.

— היינט ניט מעהר.

— האט איהר געוויסע נאכריכטען, אז מיר זיינען דארט ניט זיכער? — פון וואנען האט איהר זיי?

— גראף דע ריווערא האט מיר פערשאפט דיעזע נאכריכטען.

— איז עס מעגליך, אז גראף דע ריווערא זאל אייך פערשאפען נאכריכטען?

— ניט ער אליין, — זיין ווערקצייג, האט באקונין געענטפערט רוהיג.

37טעס קאפיטעל.

## דער גרויסער פאראד.

רוהיג, שטיל און טרויעריג איז געווארען אויפ'ן דריטען שטאק אין דעם הויז אויף דער שטראסע לאפעו, וואו מאדאם ראימאנד האט געוואוינט מיט איהרע קווארטיראנטען. זייט מאדאם בערנאר איז אוועקגעגאנגען און איז ניט צוריקגעקומען, איז פערשוואונדען אלעס לעבען און אלע פרעהליכקייט פון יענעם הויז.

מאדאם ראימאנד איז אויך געווען זעהר ניט פרעהליך. ניט גענוג, וואס מאדאם בערנאר איז ארויס פון איהר, האט זיא נאך געדארפט פערליערן אנאנדער קווארטי־ראנט. דער אלטער און קראנקער מארטינא האט ערהאלטען א בריעף פון זיינעם א פערוואנדטען, אין וועלכען ער האט איהם איינגעלאדען צו זיך איבערן זומער. ער וואינט אין א דארף און האט אלעס נעהטיגע פאר איהם.

דער אלטער מאן איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער וועט קענען פערברענ־גען דעם זומער אויף דער פרישער לופט. ער האט זעהר געדאנקט מאדאם ראימאנד פאר איהר פריינדליכקייט, האט איהר בעצאהלט, וואס עס איז איהר געקומען און האט צוגעזאגט, אז ווען ער וועט צוריקקומען קיין פאריז, וועט ער זיך קיין אנדערע קווארטיר ניט זוכען. ער איז נאך אליין געווען קראנק און האט זיך קוים ארומגעשלעפט.

זשארזש לעפראנק און מאדאם ראימאנד האבען איהם געהאלפען צונויפלעגען זיינע זאכען. לעפראנק איז מיט איהם צוגעפאהרען צום באהנהאף און האט איהם אריינגעזעצט אין וואגאן.

יעצט איז מאדאם ראימאנד ווידער געבליעבען אליין מיט איהר איינציגען קווארטיראנט, זשארזש לעפראנק. ער האט זיך אבער אין גאנצען פערענדערט. ער איז געווארען טרויעריג און נאכלעסיג. ער האט זאגאר פערנאכלעסיגט זיין ארבייט. ער האט ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט גערעדט. שטונדען לאנג פלעגט ער אוועקזיצען אין צימער, וואו מאדאם בערנאר האט געוואוינט.

ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז „זיין" לואיזא ליעבט איהם, אז וואס זיא האט איהם געזאגט און דערצעהלט, איז דיא ריינע וואהרהייט. עס איז איהם גאר אין קאפ נ ט איינגעפאלען, אז דיעזע פרוי האט געשפיעלט מיט איהם אזא שענדליכע

און ניעדערטרעכטיגע קאמעדיע. דער איינפאכער, עהרליכער און אפענהערציגער ארבייטער האט אזוי וועניג געקענט דיא וועלט, אז ער האט זיך עס ניט געקענט פארשטעלען, אז עס קען נאר זיין אזא פאלשקייט. — ער האט געווארט יעדען טאג, יעדע שטונדע אויף א בריעף, א נאכריכט פון זיין געליעבטער.

— וויא קען זיא זיך איינהאלטען און מיר ניט שרייבען? האט ער גערעדט צו זיך אליין. — פיהלט זיא דען ניט, וויא איך לייד? ווייס זיא דען ניט, אז איך קען ניט לעבען אהן איהר? — זיא וועט מיר געוויס שרייבען. — זיא וועט מיר געוויס געבען א צייכען, וואו זיא איז יעצט און ווען איך וועל זיא ווידער זעהן.

אבער איין שטונדע נאך דער אנדערער זיינען פערגאנגען, איין טאג נאכ'ן אנ־דערן זיינען פערשוואונדען און — קיין בריעף, קיינע נאכריכט פון איהר! —

עס איז ניטא קיין ערגערעס אויף דער וועלט פון האפען און ווארטען אויף א אונזיכערעס, אונגעוויסעס. יעדער גערויש אויף דיא טרעפ, יעדער טריט האט איהם אויפגערעגט. — אט קומט דער פאסטיליאָן מיט א בריעף! אט קומט א קאָמיסיאנער מיט א צעטעל! — אלעס אבער איז געווען אומזיסט. — קיינער איז ניט געקומען און דער ארימער לעפראנק האט געליטען שרעקליך. שווארצע, פינסטערע געדאנקען זיינען געקראכען צו איהם אין קאָפּ און האבען געשאטען זאלץ אויף זיין ברענדע וואונד.

— פיעללייכט וועט זיא שוין נאר ניט קומען? פיעללייכט צווינגט זיא איהר שטרענגער אנקעל, זיא זאל הייראטהען אנאנדערן? וואלט איך געוואוסט ווענינגסטענס, וואו דיעזער אנקעל וואינט? — פאר וואס האב איך זיא ניט געפרעגט דעם נאמען פון'ם שטעדטעל, וואו ער וואינט? —

מאדאם ראימאָנד האט פערשטאנען זיין שמערץ און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיהע איהם צו טרייסטען. לעפראנק איז אבער ניט געווען פון דיא מענשען, וועלכע ליעבען צו שטאלצירען מיט זייערע ליידען. צו רעדען פון זיי און צו ווייזען דער גאנצער וועלט: — זעהט! אט דאָ טהוט מיר וועה. — ער האט געשוויעגען און ווען מאדאם ראימאָנד פלעגט אנהויבען מיט איהם צו רעדען, פלעגט ער ארויסגעהן צו זיך אין צימער, אדער נאך בעסער אין צימער, וואו זיין געליעבטע לואיזא האט גע־וואינט און פלעגט זיך אניעדערזעצען טראכטען און זארגען.

מאדאם ראימאָנד האט איינגעזעהן, אז דער מענש וועט קראנק ווערן פאר שמערץ. ער קען אראפּ פון זינען. זיא איז געווען אן עלטערע פרוי, וועלכע האט שוין איבערגעזעהן פאר זיך א וועלט. זיא האט זיך ענטשלאסען זיא זאל איהם דאך ארויס־טרייבען פון שטוב, ער זאל זיך א ביסעל צערשטרייען, ער זאל א ביסעל פערגעסען. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז מען געהט אויף דער גאס און מען זעהט פאר זיך א וועלט מיט מענשען, פערגעסט מען אן זיך און א מאל אן דיא צרות אויך. זיא האט געוואוסט, אז אין פאריז איז יעצט דיא אויסשטעלונג און פיעלע קעניגע און פירסטען זיינען זיך צוזאמענגעקומען.

— געהט זשארז, האט זיא איהם געבעטען, — געהט צום נארד באהנהאף. עס דארף היינט אנקומען דער רוסישער קייסער. גאנץ פאריז לויפט איהם אנקוקען. פאר וואס זאלט איהר ניט געהן?

לעפראנק האט ניט געענטפערט. זיין שמערץ איז געווען צו גרויס אום צו געהן קוקען אויף א פאראד.

עס זיינען פערגאנגען א פאר טעג. פאריז האט גלעבט, וויא אין א רויש. נאפאלעאן דער דריטער האט פעראנשטאלטעט גרויסע רעוויאוען און מאנעווערעס צור עהרע פון זיינע געסט. אלע זיינען געלאפען קוקען, אלע זיינען געלאפען זעהן, וויא דיא גרעסטע הערשער פון אייראפא וועלען צוזאמען קומען און זעהן, וויא דיא פראנצויזישע ארמעע וועט מארשירען.

אלכסנדר דער צווייטער איז געקומען קיין פאריז מיט אזא פאראד און מיט אזא פראכט, אז דיא פראנצויזען זיינען געווען איבערראשט. ער האט מיטגעבראכט זיין לייב גווארדיע, אן עסקאדראן קאזאקען מיט זייערע פיקעס און מיט זייערע פעהנדליך. אזא שוישפיעל האט נאך פאריז קיין מאל ניט געזעהן. זיין לייב גווארדיע איז ארויסגעגאנגען פון קייזערליכען וואגאן פאר איהם ווען ער איז ארויסגעקומען פון וואגאן איז ער געשטאנען אין דער מיט פון זיין לייב גווארדיע.

ווען ער מיט'ן קייזער נאפאלעאן זיינען געפאהרען אין פאלאץ, עליזעע, וועלכען נאפאלעאן האט געהייסען פארבערייטען פון זיינעט וועגען, איז נאפאלעאנס לייב גווארדיע געריטען פאר דער קארעטע און זיינע קאזאקען זיינען געריטען הינטער דער קארעטע און ארום איהר.

— עס לעבע דער קייזער פון אלע רוסען! האט מען געשריען פון פיעלע זייטען.

אלכסנדר II האט געגריסט און זיך העפליך פערנייגט. אין דיעזע מינוט אבער האט מען געהערט א געשריי פון טויזענדער מענשען:

— עס לעבע פאלען! — פאלען מוז פריי זיין!

אלכסנדר II איז בלייך געווארען. נאפאלעאן האט זיך געוואלט פארענטפערן און פארגלעטען דעם שווערען, אונאנגענעהמען איינדרוק, וואס דיעזע געשרייען האבען געמאכט אויפ'ן הערשער פון אלע רוסען.

— מיינע פראנצויזען זיינען א וואונדערבארעס פאלק, האט ער געזאגט מיט א שמייכעל. זיי קענען ניט דיא וועלט געשיכטע. זיי ווייסען ניט, אז פוילען איז שוין לאנג אויף דער וועלט ניטא. זיי זעהן, אז אייער מיטאל איז קייזער פון רוסלאנד און קעניג פון פאלען, מיינען זיי, אז פאלען איז נאך א בעזונדער לאנד.

אין דער וואהרהייט אבער איז עס געווען גאנץ אנדערש. דיא פוילישע עמיגראנטען מיט'ן פירסט טשארטאריסקי אן דער שפיצע האבען בעשלאסען צו מאכען א דעמאנסטראציאן, ווען קייסער אלכסנדר וועט קומען קיין פאריז. אייניגע פראנצויזישע דעפוטאטען, וויא דיא אדוואקאטען פלאקע און אראגא, האבען זיי אונטערשטיצט. זיי האבען געוואלט מאכען דערמיט נאפאלעאנען אונאנגענעהמליכקייטען מען האט בעשלאסען, אז וואו אלכסנדר דער צווייטער וועט זיך ווייזען, זאל מען פון אלע זייטען שרייען:

— עס לעבע פאלען! — פאלען מוז פריי זיין!

צום אונגליק אבער, איז דיא פראנצויזישע געהיים־פאליציי דערפון געוואהר געווארען און האט עס פערהיט. זיא האט צוטריעבען דיא מענגע און האט געטהיילט

נעלד אונטערן פאָלק, אז מען זאל שרייען: — „עס לעבע דער קייזער פון אלע רוסען״!

זייט אלכסנדר דער צווייטער איז אָנגעקומען קיין פאריז, פלעגט ארום זיין פאלאץ שטענדיג שטעהן א גרויסע מענגע פאָלק. גאנץ פאריז האט גערעדט נור פון׳ם רוסישען קייסער און פון זיין רייכקייט. יעדער האט געוואָלט זעהן דעם הערשער פון א האלבער וועלט; יעדער האט געוואָלט בעטראכטען דעם מענשען, פון וועלכען מען האט אזוי פיעל געשריעבען אין דיא צייטונגען.

נאפאָלעאָן האט פעראנשטאַלטעט גרויסע מאנעו הונדערט טויזענד פראנצויזישע סאָלדאטען, קאוואלעריע, ארטילעריע און אינפאנטעריע האבען געדארפט פארביי מארשירען פאר איהם און פאר׳ן רוסישען קייסער. פאריז איז געוועזען אויפגע־רעגט. יעדער האט געוואָלט זעהן דעם גרויסען פאראד. מען האט גערעדט נור פון׳ם פאראד. ארבייטער זיינען ניט געגאנגען אויף דער ארבייט און זיינען געלאָפען קוקען אויפ׳ן פאראד. קויפלייטע האבען פערשלאסען זייערע מאגאזינען און זיינען געגאנגען זעהן דעם פאראד.

זאגאר דיא אלטע און ארימע מאדאם ראימאָנד האט געזאָגט, אז זיא וויל אויך געהן זעהן דעם פאראד.

זיא האט אויפגעפאָדערט דעם אונגליקליכען לעפראנק, ער זאָל אויך געהן זעהן דעם פאראד. ער האט אנפאנגס ניט געוואָלט, זיא האט אבער אזוי לאנג גע־רעדט און איהם אזוי לאנג געבעטען, ביז ער האט געמוזט נאכגעבען.

עס איז געבליעבען, אז מאָרגען גאנץ פריה זאלען זיי עפעס איבערבייסען און ארויספאהרען אין בוא דע בולאָן, וואו דער פאראד האט געדארפט פאָראיבערגעהן.

קוים האט נור וואס אנגעהויבען צו טאָגען דעם אנדערן טאָג, איז גאנץ פאריז שוין געוועזען וואך, אנגעטהאן און איז געלאפען און געפאהרען קיין לאנגשאמפ, וואו דער פאראד האט זיך געדארפט אנהויבען. אום זיעבען אוהר האט מען שוין געהערט דיא פויקען און טרומייטען פון דער ארמעע. איין באטאליאָן נאכ׳ן אנדערן, איין רעגימענט נאכ׳ן אנדער׳ן האט זיך געצויגען אויפ׳ן גרויסען פלאץ אין לאנגשאמפ.

אום אכט אוהר אין דער פריה איז דער קייזער פון פראנקרייך געזעסען אליין אין זיין קאבינעט. ער איז געוועזען אנגעטהאן, וויא א רוסישער גענעראל — דאס האט ער געטהאָן צו עהרען דעם רוסישען קייסער — און האט געהאלטען אין דיא הענד א פאפיער, דעם פלאן פון דעם פאראד. — ער איז געוועזען בלייך און מיעד. זיינע אויגען זיינען געוועזען האלב געשלאסען. ער האט ניט געלעזען דאס פאפיער, וואס ער האט געהאלטען אין דיא הענד.

— אך! וואס איז דיעזע גאנצע פראכט, דיעזע גאנצע קייזערליכע הערליכקייט? האט ער געזאגט צו זיך אליין. — מיר שפיעלען זיך אין סאָלדאטען, וויא דיא קליינע קינדער, מהוען זיך אן פאר גענעראלען און פאר הערשער פון דער וועלט. — איין קוי־געל, איין קליינע באָמבע און פון׳ם גרויסען און מעכטיגען קייזער ווערט אביסעל לעהם, מיט וועלכעם מען וועט מארגען פערשמיערען א לאָך אין א וואנד. — וואָס בלייבט דאן פון אונזער מאכט, פון אונזער פראכט?

איך בין קראנק, האט ער ווייטער געזאגט. איך פיהל, אז עטוואָס שרעקליכעס,

עטוואס פינסטערעס און שוידערהאפטעס וועט באלד אן ענדע מאכען פון מיין לעבען. איך קען ניט פערגעסען, וואס דיא וואהנזיניגע, שארלאָטע, דיא געוועזענע קייזערין פון מעקסיקא, האט מיר געזאגט, ווען זיא איז געוועזען ביי מיר. — זיא ווייס נאך ניט פון איהר אונגליק. זיא ווייס נאך ניט, אז דער קייזער פון מעקסיקא ליעגט יעצט אין א הילצערנעם קאסטען און פוילט אין דער ערד, וועלכע ער האט געוואָלט בעהעררשען.

וואס האב איך דען געקענט העלפען? — איך האב געשריעבען קיין וואשינגטאָן און האב געבעטען דעם פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ער זאל זיך אננעהמען פארן אונגליקליכען מאקסימיליאן. מען האט מיר געענטפערט העפליך אָבער קאלט. — וואס קען מען ערווארטען פון דער רעפובליקאנישען אמעריקא? — קען מען דען ערווארטען, אז דיא פרייע אמעריקאנער זאלען העלפען, אז אין אמעריקא זאָל ווערן אַ קייזערטהום? — ניין! זיי האבען רוהיג צוגעזעהן, וויא מען האט דערשאסען דעם אונגליקליכען מאקסימיליאן. מעגליך, אז זיי האבען זיך נאר געפרעהט שטילער הייט, וואס מען האט דערשאָסען א קייזער, א העררשער? — דאס פרייע אַמעריקא האט געגעבען אן אנטוואָרט דעם מאנארכיסטישען אייראפא און דיעזע אנטווארט איז געוועזען געשריעבען מיט'ן בלוט פון'ם קייזער מאקסימיליאַן, דעם אייניקעל פון קארל דעם פינפטען, וועלכער האט אמאל אפגענומען מעקסיקא און האט געטוידט דעם מעקסיקאנישען קייזער, מאנטעזומא. — ניין! אין אמעריקא קען קיין קייזער ניט זיין. עס האלט זיך נאך איין איינציגער. קייזער אין גאנץ אמעריקא, דאָם פעדרא II, קייזער פון בראזיליען. ער איז אבער נור דער שאטען פון א קייזער. — ער וועט אויך נים שטאַרבען אויף זיין טראהן.

ער האט זיך צוריקגעלעגט אויף זיין ווייכען שטוהל און איז פערזונקען אין זיינע טרויעריגע געדאנקען. ער איזווירקליך געוועזען מיעד — און דא דארף מען נאך באלד זיך זעצען אויף א פערד און רייטען צום פאראד.

— איך האב געהאפט זעהר פיעל אויף רוסלאנד. איך האב גערעכענט, אז ווען קייסער אלכסנדר וועט זיין אין פאריז, וועט עס מיר געלינגען צו שליעסען א בונד מיט איהם. צום אונגליק, האט זיך ארייגעמישט דיא טרויעריגע געשיכטע מיט דיא דאָקומענטען, וועלכע זיינען פערשוואונדען אויף אזא וואונדערבארע ארט פון'ם שרייב טיש פון'ם רוסישען געזאנדטען. מיין פאָליציי האט זיך געגעבען אלע מיה צו ערקלערן, אז דאס איז א גאנץ געוועהנליכע גניבה, אז דער גנב האט גאר געזוכט געלד. דער רוסע גלייבט עס אָבער נים. ער זאגט, אז מען האט געזוכט נור דיא דאָקומענטען און דאס איז געטהאן געוואָרען מיט א פאָליטישען צוועק. — איך האב פערבאָטען, מען זאל נים שרייבען דאריבער אין דיא צייטונגען, אבער אלע ווייסען עס, אלע רעדען דערפון. יעדער לעגט צו אנאנדער ליגען. קייסער אלכסנדר איז מיסטרויאיש. ער ציטערט פאר דיא ניהיליסטען. ער וועט מיינען, אז דאס האבען דיא ניהיליסטען געטהאן און פראנצויזען האבען זיי געהאלפען. — טרויעריג! זעהר טרויעריג!

אין דיעזע מינוטע האט זיך אויפגעהויבען דער שווערער פארהאנג און גענעראל פאווע, דעם קייזערס האָף מארשאל, איז אריינגעקומען.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט ער געמעלדעט, אלעס איז פארטיג צום פאר

ראד. קייזער אלכסנדר׳ס פליגעל אדיוטאנט איז נור וואס דא געווען און געמעלדעט, אז זיין קייזער איז שוין פערטיג אויסצופאהרען.

— איז דיא קייזערין שוין אנגעקליידעט? האט נאפאלעאן געפרעגט.

— איהרע מאיעסטעט, דיא קייזערין, האט געהייסען מעלדען, ווען דיא קארעטע וועט שטעהן פאר דער טהיר.

נאפאלעאן האט זיך אויפגעהויבען און איז לאנגזאם אריינגעגאנגען אין דיא צימער פון דער קייזערין. איינינע מינוט שפעטער איז קייזער נאפאלעאן און דיא קייזערין אייזשעניע געפאהרען אין זייער פערגאלדעטער קארעטע צום פאלאץ עליזעע, וואו קייסער אלכסנדר האט געוואינט, ווען ער איז געווען אין פאריז. ווען דיא קארעטע איז צוגעקומען צום פאלאץ, איז נאפאלעאן ארויסגעגאנגען פון זיין קארעטע און האט זיך געזעצט מיט קייזער אלכסנדר. אלע זיינען יעצט געפאהרען צום פאלאץ פון׳ם פריישישען געזאנדטען, וואו קעניג ווילהעלם האט געהאט זיין קווארטיר. נאפאלעאן האט עס אזוי איינגעארדענט, אז מען האט געמוזט דורכפאהרען דורך דיעזען פאלאץ. קעניג ווילהעלם האט זיך געזעצט אין דער קארעטע מיט דער קייזערין אייזשעני.

דיא רוסישע לייב גווארדיע און דיא פראנצייזישע לייב גווארדיע, אלע רייך געקליידעט און מיט גאלד און זילבער בעהאנגען, זיינען געפאהרען ארום דיא קארעטעס פון דיא הערשער. צו זיי האבען זיך איינגעשלאסען כ״עלע גענעראלען, דיפלאמאטען און געזאנדטע פון אלע לענדער. דער צוג איז געווען א גרויסארטיגער. אזא פראכט האט קיין שטאדט אין דער וועלט קיין מאל ניט געזעהן.

וויא דער פלאן פון׳ם פאראד איז געווען געמאכט, האבען דיא הערשער גע־דארפט פאהרען אין זייערע קארעטעס ביז צום ענדע פון בוא דע בולאן. דארט האבען זיי געדארפט ארויסגעהן פון דיא קארעטעס, זיך זעצען אויף זייערע פערד און ארומפאהרען ארום דיא לאנגע רייהען פון דיא אויסגעשטעלטע רעגימענטער סאלדאטען.

אין דעם ארט, וואו דיא הערשער האבען זיך געדארפט זעצען אויף זייערע פערד, האט מען אויסגעבויט א גרויסען סטענד (טריבונע) מיט צעהנער טויזענדער זיצען פאר דיא דאמען, מיניסטארען, סענאטארען און אלע גרויסע, וועלכע געהערן ניט צו דער ארמעע.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פאר א מאסע מענשען עס האבען זיך גע־דרענגט ארום דיעזען סטענד, וואו דיא גרעסטע מענשען פון דער גאנצער וועלט זיינען זיך צונויפגעקומען.

וויט, וויט פון דער מעננע אין א זייטען אלעע האט זיך געשלעפט זשארזש לעפראנק. ער איז געגאנגען מיט׳ן קאפ אראפגעלאזען, טרויעריג און פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. זיינע באקען זיינען געווען איינגעפאלען, זיינע ליפען בלייך, זאגאר זיינע אויגען האבען פערלארען זייער גלאנץ. איהם האט ווייניג געקימערט דער גלאנץ און דיא פראכט פון דיא הערשער, איהם האט ווייניג אינטערעסירט דיא גרויסע מעננע מענשען, איהם האט ווייניג געווארמט דיא העלע זון מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען. ארום איהם איז געווען נאכט און פראסט.

ער האט זיך צוגעשלעפט ביז צום גרויסען סטענד. וויא אזוי ער האט זיך אהין

צונעשלעפט, האט ער אליין ניט געוואוסט. דא אבער האט ער זיך אנגעשטויסען אויף א מויער פון מענשענקערפער און איז נעגאנגען א ביסעל צוריק, וואו ער האט געפונען א ליידיגען בוים, אונטער וועלכען ער האט זיך געקענט צושפארען. אבער דא האט ער אויך ניט געקענט בלייבען לאנג שטעהן, עס האבען זיך געפונען אזעלכע געשיקטע צושויער, וועלכע האבען ארויפגעקלעטערט אויף דיא ביימער, ביז דיא העכסטע צווייגען אום פון דארט צו זעהן דאס גראסארטיגע שוישפיעל, וועלכע דיא הערשער פון דער וועלט האבען געגעבען דער וועלט־שטאדט פאריז.

זשארזש לעפראנק האט געמוזט ווייטער געהן און זיך אויסזוכען ערגעץ א בוים, וואו ער האט געקענט שטעהן רוהיג און זיך פערטיפען אין זיינע טרויעריגע געדאנקען.

דיא מענשען מעננע איז געווארען געדיכטער און געדיכטער. אלע ביימער זיינען געווארען בעהאנגען מיט מענשען. נאהענט צום סטענד איז געווען אונמעגליך צוצוקר מען. שנעל, פערסאפעט און בעשעפטיגט איז געלאפען א קליינער מאן מיט א ברויי נעם געזיכט. ער האט געוואלט ארומגעהן דיא מעננע און ארויסקומען אויף לאנגשאמפ וואו דיא ארמעע איז געשטאנען. פלוצלונג האט זיך א שווערע האנד איהם ארויפ געלעגט אויף דער פלייצע. דער קליינער מאן האט א ציטער געטהאן און איז געבליעבע שטעהן.

— האסט דוא געזעהן באקונין? האט איהם דער שטארקער מאן געפרעגט נאנץ שטיל.

— ער שטעהט לעבען סטענד, האט דער קליינער מאן געענטפערט.

— קען מען יעצט צו קומען צום סטענד? האט ער ווייטער געפרעגט.

— מען מוז האבען א בילעט פוּן פערפעקט פון פאריז, דאן וועט אייך יעדער פאליסמאן צופיהרען.

— האסט דוא ניט ביי זיך אזא בילעט?

— איך האב נור איינעם. איך קען איהם ניט אוועקגעבען. איך מוז אויך זיין ביים סטענד.

דער שטארקער מאן האט אנגענומען דעם ניעדעריגען ביי דער האנד און האט איהם אוועקגעפיהרט אין א זייט, וואו עס איז קיין מענש ניט געווען. דארט האט ער זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און, ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז קיינער קען זיי ניט הערען, האט ער איהם געפרעגט:

— זיינען דיא באמבעס גוט געמאכט, ארסיני? וויט איהר זיכער, אז זיי וועלען ווירקען? — איך האב היינט געוואלט איבערערעדען נאך א מאל מיט באקונין און מיט דיא אנדערע איבערן פלאן און האב געוואלט אייניגע זאכען ענדערן. אום זיעבען אוהר אין דער פריה בין איך געווען ביי איהם. איך האב איהם שוין אבער ניט געטראפען אין דער היים. יעצט איז עס מיר אונמעגליך צוצוקומען צו איהם, איך האב ניט קיין בילעט.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, גענעראל, וואס איך קען אייך מיין בילעט ניט געבען. איך מוז זיין ביים סטענד און איינינע זאכען נאך טהאן.

— ווען איהר קענט מיר אייער בילעט ניט געבען, האט דער אידלענדער געזאגט,

ווען איך אליין קען קיין אנטהייל ניט נעהמען אין דיעזען גרויסען טאָג, זאגט ווענינס־טענס באקונינען פון מיין נאמען, אז עס זאל געשעהן, ווען דער פאראד וועט זיך ענ־דיגען; ווען דיא טיראנען וועלען זיך צונויפקומען צו דער טריבונע, וואו דיא קייזעריִ אייזשעני זיצט. דאמאלס וועט זיין דיא בעסטע צייט.

— דאס האבען מיר אויך פערשטאנען. מיר האבען שוין אזוי אפגערעדט. מיר ווייסען אויך, ווען צו טרעפען.

דער אירלענדער איז געשטאנען איינינע מינוטען פערטראכט. פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו זיין קאמעראד.

— קענט איהר מיר ניט ווייזען דיא באָמבעס? איך בין א ספעציאליסט אין דיעזער זאכע. איך וויל זיי זעהן.

— זיי זיינען שוין אלע אויסגעטהיילט, האט ארסיני געענטפערט. ביי מיר האב איך נור צוויי.

ער האט ארויסגענומען צוויי קוגלען ניט גרעסער פון קליינע הינערשע אייער און האט זיי איהם דערלאנגט. דער אירלענדער האט זיי בעטראכט מיט אן אויג פון א קענער און האט זיי איהם צוריקגעגעבען.

— זיי זיינען גוט געמאכט, האט ער געזאגט. מען קען זיי האלטען זיכער אין א קעשענע. ווען זיי וועלען אבער פלאצען, וועלען דיא שטיקלעך זיך צופליעהען אויף א ווייטע שטרעקע און וועלען טייטען אונשולדיגע מענשען.

— דאס קען מען ניט אויסמיידען, האט ארסיני געענטפערט רוהיג. נאפאלעאָן דער ערשטער האט געזאגט: „איך צעהל קיין מאל ניט דיא טויטע.“

— שאדע, וואס איך בין געקומען אזוי שפעט און קען קיין אנטהייל ניט נעה־מען אין דיעזען וויכטיגען טאג, האט דער אירלענדער געזאגט טרויעריג. נאך מעהר אבער פערדריעסט מיך, וואס דיא קעניגין וויקטאריא איז דא ניטא. איך וואלט געווען גליקליך, ווען זיא וואלט שוין מיט איין מאל אויך געפלויגען אין דער לופט מיט דיא איבעריגע טיראנען.

— אדיע! אויף בעסערע צייטען! האט ארסיני געזאגט און איז אוועקגעלאָפען.

— אלזא, האבען זיי דאך עפעס געטהאן, האט אָ'ראסס געזאָגט צו זיך אליין. איך האב זיי אומזיסט געמאכט פארווירפע. באקונין איז דאך א טיכטיגער און טהע־טיגער מענש. נור מיינע אירלענדער שווייגען. זיי טהוען גאר נישט. — איך מוז ארומ־געהן דיא גאנצע מאסע און מוז מיך צושלאגען צו אן ארט, פון וואנען איך זאל קענען זעהן דיא טראגעדיע, וועלכע וועט זיך דא באלד אפשפיעלען.

ער איז צוגעקומען צו דער מאסע און האט געזוכט אן ארט, וואו זיך צו שטע־לען. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען — אלעס איז בעזעצט. ער האט אויפ־געהויבען דיא אויגען און האט בעטראכט דיא מענשען, וועלכע זיינען געזעסען אויף דיא צווייגען פון דיא ביימער.

אויף איין צווייג, וועלכער האט ארויסגעשטרעקט ווייט און איז אויסגעקומען גאנץ נאהענט צום המענד איז געזעסען א בלייכער יונגער מאן. דער אירלענדער האט

איהם בעמערקט און איז געווען איבערראשט פון דעם זאנדערבארען אויסזעהן פון דעם מענשען.

— דאס איז קיין צושויער, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דיעזער מענש איז ניט געקומען קוקען אויפ'ן פאראד. וויא קומט עס אבער, וואס ער איז ארויפגעקלערט אויף א בוים? וואס וויל ער?

דאס איז ווירקליך געווען א זעלטענע ערשיינונג. דער יונגער מאן האט געדארפט אלט זיין א יאהר פיער־פינף און צוואנציג. זיינע לאנגע, בלאנדע האר זיינען איהם אראפגעפאלען אויף דיא פלייצעס. ער האט אויסגעזעהען, וויא א קינסטלער. זיין געזיכט איז געווען עדעל און שעהן, זיין ווייסע האנד, מיט וועלכע ער האט געהאלטען ארומגענומען דעם צווייג, האט געוויזען, אז ער איז קיין ארבייטער. זיינע אויגען האבען געפונקעלט און א ביטערער, שפעטישער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף זיינע ליפען יעדעס מאל, ווען ער האט דערזעהן א גלענצענדע קארעטע. ער איז געגאנגען ארים געקליידעט, אבער גאנץ ריין און זויבער. זיין שנעע ווייסער פאפיערענער קראגען האט געוויזען, אז ער וועט ניכער ניט עסען און וועט פארן לעצטען סאנטים קויפען א ווייסען קראגען.

— ווער איז דיעזער מאן? האט זיך דער אירלענדער געפרעגט. — איך מוז פראבירען מיך צודרענגען צו איהם. איך מוז וויסען, ווער ער איז, ער אינטערעסירט מיך. —

אין דיעזע מינוטע אבער האט זיך אנגעהויבען א שטארקע בעוועגונג אין דער מאסע. עס האבען זיך געוויזען א באטאליען זשאנדארען אויף פערד, וועלכע האבען אנגעהויבען צו דרענגען דאס פאלק און צו טרייבען עס אין ביידע זייטען גאס. הינטער דיא זשאנדארמען האט מען געזעהן דיא פעהנדליך אויף דיא פיקעס פון דער לייב גווארדיע, אדער וויא זיא האט דאמאלס געהייסען, דיא הונדערט גווארדיע, וויל עס זיינען געווען געצעהלטע הונדערט מענשען, וועלכע פלעגען אפהיטען דיא פערזאן פון'ם פראנצייזישען קייזער. דאס זיינען אבער געווען געקליעבענע מענשען. אלע הויך, שטארק און שעהן.

קוים האט מען דערזעהן דיא פעהנדליך פון'ם קייזערס לייב גווארדיע, האט זיך אנגעהויבען א געשריי: — „עס לעבע דער קייזער!" אז דיא ערד האט געציטערט. באלד איז אנגעפאהרען דיא קארעטע, אין וועלכער עס זיינען געזעסען קייסער נאפא־לעאן מיט קייזער אלכסנדר. זיא איז אבער ניט צוגעפאהרען צום סטענד, זאנדערן איז ארומגעפאהרען דיא מעננע און איז גלייך ארויסגעפאהרען אויפ'ן גרויסען פלאץ פון לאנג שאמפ, וואו דאס מיליטער איז געשטאנען אויסגעשטעלט.

נאך דער ערשטער קארעטע איז געקומען דיא צווייטע, אין וועלכער עס איז געזעסען דיא קייזערין אייזשעניע מיט'ן קעניג ווילהעלם. דיעזע קארעטע איז צוגעפאה־רען צום סטענד. קעניג ווילהעלם איז אראפגעשפרונגען און האט געהאלפען דיא קייזערין ארויסגעהן פון דער קארעטע. דאן האט ער זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד און איז געלאפען צום קייזער נאפאלעאן.

ווען דיא מעננע האט דערזעהן, וויא העפליך דער אלטער ווילהעלם איז געזעסען נעגען דער קייזערין, האט זיך ווייטער אויפגעהויבען אן אונגעהיירער געשריי און א ליארם:

— עס לעבע דער קייזער ווילהעלם.

דער אירלענדער איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט און האט אלץ געקוקט אויף דעם בלייכען יונגען מאן. ער האט געזעהן, וויא דער יונגער מאן האט א ציטער געטהאן, וויא אלכסנדר דער צווייטער איז פארביי געפאהרען; ער האט ווידער בעמערקט, ווען דער יונגער מאן איז געבליעבען גלייכגילטיג און האט זאגאר ניט געוואלט אויפהייבען דיא אויגען, ווען דיא קייזערין איז אנגעקומען מיט'ן קעניג ווילהעלם.

— עפּעס איז מיט איהם, האט דער אירלענדער געזאגט צו זיך אליין. ער איז קיין דייטשער, איהם קימערט וועניג קעניג ווילהעלם. — ער האט עפּעס צו נאפּאלעאן דעם דריטען אדער צו אלכסנדר דעם צווייטען. — איך מוז אויף איהם אכטונג געבען. וואלט איך געקענט געבען איהם אונזער צייכען, וואלט איך שוין געוואוסט, ווער ער איז. — עס איז אבער אונמעגליך אין דיעזער מאסע.

אונטערדעסען איז דער פּאראד געגאנגען זיין גאנג. קוים איז קייסער אלכסנדר צוגעקומען צום מיליטער, האט דיא מוזיק אנגעהויבען צו שפּיעלען דיא מעלאדיע פון דער בעקאנטער רוסישער הימנע: „באָזשע צאַריא חראַני". שפּעטער, ווען קעניג ווילהעלם איז צוגעקומען, האט זיא געשפּיעלט דיא דייטשע הימנע.

דיא מוזיק האט געשפּיעלט, דאס פאלק האט געשריען און דיא דריי הערר־שער פון אייראָפּא האבען אנגעהויבען ארומצורייטען דיא לאנגע רייהען פון דיא אויס־געשטעלטע רעגימענטער. נאפּאלעאן איז געווען ערנסט און האט בעטראכט דעם פּא־ראד. אלכסנדר דער צווייטער האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. זיינע אויגען האבען געזוכט דיא שעהנע קייזערין דער פראנצויזען. קעניג ווילהעלם האט בעטראכט דיא פראנצויזישע סאלדאטען, וויא זיי מארשירען, וויא זיי ריהרען זיך און וואס מען קען פון זיי ערווארטען. ער האט זיך צוגעקוקט צו יעדע קלייניגקייט, וויא דיא פראנ־צייזישע ארמעע איז איינגעריכטעט. איהם האט וועניג געהארט דיא מוזיק, דער פּא־ראד און דיא שעהנע קייזערין. ער האט אין זינען געהאט דיא פראנצויזישע ארמעע.

דיא קייזערין מיט א גאנצען קראנץ פון דאמען ארום זיך איז געזעסען גאנץ הויך אויפ'ן סטענד און האט צוגעזעהן, וויא דאס מיליטער מארשירט. ווען דאס מי־ליטער האט מארשירט פארן סטענד, האבען זיך אלע דריי מאנארכען געווענדעט און האבען זיא געגריסט. דיא מעננע האט זיך געריסען פון הויט.

— הורראה! הורראה! האט עס געדאנערט פון אלע זייטען.

דער מארש האט זיך ענדליך געענדיגט. דיא רעגימענטער אינפאנטעריע האבען זיך צוריקגעצויגען אין איין זייט און דיא קאוואלעריע האט זיך אויסגעשטעלט אין א לאנגער ליניע פארן סטענד. קעניג ווילהעלם האט גענומען זיין אפּערא גלאז און האט בעטראכט דיא לאנגע ליניע רייטער. קייזער אלכסנדר האט געוואלט צופאהרען צום סטענד און ארויפגעהן צו דער שעהנער קייזערין. נאפּאלעאן איז געריטען לעבען איהם און פון ביידע זייטען זיינען געריטען צוויי האף מארשאלען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען נאהענט צום סטענד, האט מען פלוצלונג געהערט
דעם שוואכען קנאק פון א שאָס פון א פּיסטאָלעט. דער האף־מארשאל ראמבאָ האט
דער ערשטער דערהערט דעם קנאק און האט געגעבען זיין פערד דיא שפּאָרען.—
באלד האט מען געהערט א צווייטען שאָס. פון׳ם האלז פון׳ם פערד, אויף וועלכען
ראמבאָ איז געזעסען, האט זיך א גאָס געטהאן א שטראָם שווארצעס בלוט און האט
בעשפּריצט דעם קייזער נאפּאָלעאָן מיט זיין גאַסט אלכסנדר דעם צווייטען. דאס
פערד איז אומגעפאלען און דער האף־מארשאל ראמבאָ איז אראפּגעפאלען פאר דיא
פיס פון זיין קייזער.

דאס אלעס איז געשעהן אזוי שנעל, אז קיינער האט ניט געוואוסט, וואס דא
איז געשעהן. באלד אבער איז געוואָרען א ליארם און הונדערטער הענד האבען גע־
האלטען דעם בלייכען יונגען מאן, וועלכען דער אירלענדער אַראסס האט געזעהן
זיצען אויפ׳ן בוים.

קייזער אלכסנדר איז געוואָרען בלייך, איז אבער געבליעבען זיצען פעסט אויף
זיין פערד. נאפּאָלעאָן האט געציטערט און האט זיך קוים איינגעהאלטען אין זאטעל.

— איך ווינש אייך גליק, מאַיעסטעט! האט קייזער אלכסנדר געזאגט צו נאַ־
פּאָלעאָנען. איך האב געמיינט, אז נור אין רוסלאנד קומען אזעלכע זאכען פאָר.

— אך! וואס פאר א שרעקליכער פאל, האט נאפּאָלעאָן געזאָגט.

ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער האט זאגאר פערגעסען צו דאנקען
קייזער אלכסנדר פאר זיין גליקס וואונש. ער האט א ווינק געטהאן צו זיין לייב־
גוואַרדיע, אז זיי זאלען זיך ארומשטעלען ארום זיי און איז אוועקגעריטען פון׳ם אונ־
גליקס אָרט.

— ווייס מען וועניגסטענס, ווער עס האט עס געטהאן? האט נאפּאָלעאָן
געפרעגט דעם מיניסטער פון דער פּאָליציי, הערצאָג מאַרגי, וועלכער איז אונטערדע־
סען צוגעקומען צו איהם.

— דער מאן, וועלכער האט געשאסען, זאגט, אז ער הייסט בערעזאָווסקי. ער
איז א פּאָליאַק.

קייסער אלכסנדר איז געוואָרען בלייך און האט גאנץ לייכט א ציטער געטהאן.

— אזוי? האט מען עס מיך געמיינט! האט ער געזאגט טרויעריג.—עס טהוט
מיר לייד, וואס איך האב געבראכט דאס לעבען פון אייער קייזערליכען מאַיעסטעט
אין אזא געפאהר.

נאפּאָלעאָן איז געוואָרען רוהיגער, ווען ער האט דערהערט, אז דאס האט
מען ניט איהם געמיינט. ער האט זעהר ניט געוואלט, אז אין פראנקרייך זאלען זיך
וויעדערהאלען דיא זעלבע געשיכטען, וואס אין רוסלאנד. עס איז געוויס זעהר אונ־
אנגענעהם, ווען א הערשער דארף מורא האבען פאר זיין לעבען און וויסען, אז
מענשען פון זיין אייגענעם פאָלק ווילען איהם טוידטען.

ער האט זיך דאהער באלד בערוהיגט און האט געזאגט צו קייזער אלכסנדר
מיט א שמייכעל:

— מיר זיינען ביידע געווען אין פייער. — מיר זיינען אלזא פערבינדעטע.

קייזער אלכסנדר האט א נייג געטהאן מיט'ן קאפ און האט ניט געענטפערט. ער איז געווארען זעהר טרויעריג. אין דער היים, אין רוסלאנד האט ער עס געקענט ערווארטען. דא אבער אין פראנקרייך, אין פאריז האט ער זיך געהאלטען פאר זיכער.

נאפאלעאן האט עס פערשטאנען. ער האט דאהער שוין געלאזען דעם פלאן פון דעם פאראד און האט געהייסען פאהרען א היים.

אונטערדעסען האט מען דעם פערברעכער געבונדען, איהם אריינגעזעצט אין א קארעטע און איהם אוועקגעפיהרט אין געפענגניס. דיא מענגע האט געשריען:

— עס לעבע דער קייזער נאפאלעאן! עס לעבע דער קייסער אלכסנדר דער צווייטער!

דער גאנצער פאראד איז געשטערט געווארען דורך דיזען פאל מיט בערעזאווסקי. קייזערין אייזשעניע האט ערווארטעט, אז דיא מאנארכען זאלען צוקומען צו איהר און זאלען זיך זעצען אונטערן געצעלט, וועלכען מען האט פאר זיי געמאכט. זיא האט געהייסען מאכען א פריהשטיק און האט זיי געוואלט אויפנעהמען און בעווירטהען קייזערליך.

מיט אייניגע מינוטען שפעטער איז קעניג ווילהעלם ארויפגעגאנגען צו איהר אויף דער טריבונע. ער האט איהר העפליך געקושט דיא האנד און האט אויסגעלויבט דיא פראנצויזישע ארמעע. זיא האט זיך אומגעקוקט מיט שטוינען און האט געזעהן, וויא איהר מאן מיט קייזער אלכסנדר פאהרען אוועק אין אנאנדער זייט. זיא איז געווארען אונרוהיג און האט געוואלט פרעגען א האף־מארשאל, וואס איז דיא אורזאכע, וואס ביידע קיסריים זיינען זאגאר ניט ארויפגעגאנגען אויפ'ן סטענד. זיא האט עס אבער ניט געקענט טהאן אין דער געגענווארט פון קעניג ווילהעלם.

ענדליך האט זיא בעמערקט, אז דיא מענגע הייבט אן שיטערער צו ווערן און זיא האט געגעבען א צייכען, אז איהר קארעטע זאל ארויספאהרען. ווען זיא איז מיט אייניגע מינוטען שפעטער פאראיבערגעפאהרען דעם ארט, וואו בערעזאווסקי האט געשאסען אויף קייסער אלכסנדר, זיינען געשטאנען זשאנדארען אויף פערד אויף דיזען ארט און קיינעם וואלט ניט איינגעפאלען אין קאפ, אז דא וואלט זיך געקענט אפשפיעלען א טרויער שפיעל, וועלכעס וואלט פערענדערט גאנץ אייראפא און מעגליך אויך דיא גאנצע וועלט.

דער אירלענדער א'ראסס איז געשטאנען אויף זיין ארט און האט צוגעזעהן דיא גאנצע סצענע פון'ם אנהויב ביז צו ענדע. ער האט פערשטאנען, אז בערעזאווסקי געהערט ניט צו באקונינ'ס פארטיי און האט געשאסען אויף קייסער אלכסנדר ניט אלס ניהיליסט, ניט אלס אנארכיסט, זאנדערן אלס פאליאק. ער האט געוויס געהאט זיינע אייגענע רעכנונג מיט אלכסנדר דעם צווייטען. ער האט גאנץ ריכטיג דערראטהען, וויא עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, אז בערעזאווסקי האט זיך געוואלט רעכען פאר א בעליידיגונג פון דעם פוילישען אויפשטאנד (מיאטעזש) אין 1862.

— פערדאמט! האט דער אירלענדער אויסגערופען און האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר פערדרוס. — פערדאמט! ווען עס איז שוין יא געווען דיא גוטע געלעגענהייט; ווען אלעס איז שוין געווען אזוי גוט איינגעארדענט, אזוי גוט אפגערעדט

אן אזוי גוט פאַרבעררייטעט — קומט א האלב וואהנזיניגער אונפעהיגער מענש מיט זיין קליינליכע, פערזענליכע ראכע און פערניכטעט אלעס! — אך! וויא ריכטיג איז דאס אלטע שפריכוואָרט: „גאָט! היט מיך אפּ פון מיינע גוטע פריינד, פון מיינע פיינד וועל איך מיך שוין אליין היטען.“ — דיעזער גוטער פריינד האט אונז מעהר שלעכטעס געטהאן, וויא דיא געהיים-פּאָליציי. — וואו נעהמט מען אזא גוטע געלעגענהייט? — ווען קען זיא זיך ווידערהאָלען?

ער איז געווען אויסער זיך און איז אוועקגעלאָפען זוכען באקונין און ארסיני׳ן.

דיא מענגע האט אנגעהויבען זיך צוגעהן און צו פאהרען. עס איז שוין ניט געוועזען וואס צו זעהן. בערעזאווסקי׳ס פּיסטאָלען שוס האט זיי פערדאָרבען זייער פערגניגען.

זשארזש לעפראנק איז געשטאנען נעראָדע אונטער דעם בוים, פון וועלכען בערעזאווסקי האט געשאָסען. — וויא ער איז געקומען אהין, האט ער אליין ניט געקענט זאָגען. דיא מענגע האט איהם געדרענגט, מען האט איהם צוגעשטופּט אהין. ער וואָלט געקענט אלעס זעהן, ער האט אבער גאר ניט געזעהן. זיינע געדאנקען זיינען געווען ערגעץ אנדערש.

ווען בערעזאווסקי האט אויסגעשאָסען דאס ערשטע מאל און האט געטראָפען דאס פערד פון א האָף-מארשאל, האט ער זיך ניט געריהרט פון׳ם ארט; ווען ער האט אבער אויסגעשאָסען צום צווייטען מאָל און אלע ארום איהם האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען, האט ער זיך ארומגעקוקט ארום זיך, וויא איינער, וואס חאפּט זיך אויף פון א טיעפען שלאף. ער האט געזעהן, וויא מען שלעפּט אראפּ א מענשען פון׳ם בוים; ער האט געהערט, וויא דיא מענגע ליארמט, וויא זיא בייזערט זיך; ער האט געזעהן וויא אנדערע הענד האבען זיך אויפגעהויבען איהם צו פערטהיידיגען און ער איז לעבעדיגער געוואָרען. דער פאל האט איהם פעראינטערעסירט און איהם אויפגעוועקט פון זיינע פינסטערע געדאנקען. אין איהם האט זיך אויפגעחאפּט דער רעוואָלוציאָנער. — וויאפיעל מאל האט ער אליין געשריען, אז מען דארף אויסרייסען מיט׳ן וואָרצעל אלע אריסטאָקראטען? — א ביטערער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף זיינע בלייכע ליפּען. זיינע אויגען האבען צוריק בעקומען זייער גלאנץ און אויף זיין געזיכט האט זיך ווידער געוויזען פארב.

— אך! פאר וואס האט ער ניט געטראָפען? האט ער אויסגערופען אין דער הויך. — וואס פאר א בעוועגונג וואָלט געוואָרען אין דער גאנצער וועלט, ווען דיא קוגעל זאל געווען טרעפען ניט אין האלז פון׳ם פערד, זאנדערן אין דעם האלז פון דעם, אויף וועלכען מען האט געציעלט? —

באַלד אבער זיינען זיינע שווארצע געדאנקען צוריקגעקומען צו איהם.

— וואס וואָלט איך דען געהאט דער פון? האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. — פאר מיר איז אלעס אויס, אלעס איז אפּגעשטארבען. — מיין גליק איז פערלאָרען אויף אייביג. — וואו איז זיא יעצט? — איהרע ווערטער קלינגען אין מיינע אויערן — ווערטער פון ליעבע, טרייע און גליק. זיי שניידען מיר דאס הערץ און רייסען אויף מיינע וואונדען. — איהר בילד שטעהט פאר מיינע אויגען, וויא לעבעדיג. — אך!

וואו איז זיא? פאר וואס קומט זיא נים? פאר וואס שרייבט זיא נים?—

ביי דיא לעצטע ווערטער האט ער זיך עפּעס איבערלעגט.

— איז דען נים מעגליך, אז אין דער צייט וואס איך בין דא געשטאנען, איז, דארט, אין דער היים, אנגעקומען א בריעף פון איהר?— פיללייכט איז אונטערדעסען געקומען א קאמיסיאנער מיט א צעטעל אדער א פּעקעל פון איהר?—

דיעזער נייער געדאנק האט איהם אויפגערעגט און האט איהם געגעבען א נייע קראפט זיך דורכצושלאגען דורך דער מענגע און צו געהן א היים.

— איך מוז געהן א היים! האט ער ווייטער געזאגט. איך מוז געהן שנעל. מעגליך, אז....

ער האט אנגעהויבען צו ארבייטען מיט דיא עלענבויגענס דורכצוברעכען דיא וואנד מענשען, וועלכע האט איהם ארומגערינגעלט. מיט שווערער מיה איז עס איהם נאך א גרויסער צייט געלונגען ארויסצוגעהן אויפן ברייטען וועג, אויף וועלכען דיא קייזערין אייזשעניע מיטין קעניג ווילהעלם זיינען נור וואס פאראיבערגעפאהרען.

מען האט שוין אנגעהויבען זיך צו צוגעהן און צו פאהרען. אין דער מיט גאס זיינען געפאהרען צוויי רייהען עקיפּאַזשען. דיא זשאַנדארמען האבען זיך געגעבען אלע מיה צו האלטען ארדנונג און דיא עקיפּאזשען זיינען געפאהרען לאנגזאם איינער נאכן אנדערן.

פּלוצלונג האט זיך ביי איין עקיפּאזש איבערגעריסען א פּאָסטאָראָנאָק (דיא ווייטען רימען פון'ם געשיר). דער עקיפּאזש איז געבליעבען שטעהן און אלע עקיפּאזשען נאך איהם האבען געמוזט בלייבען שטעהן. די פוסגעהער זיינען געבליעבען שטעהן קוקען וואס דארט איז געשעהן.

זשארזש לעפּראנק האט נים געקענט ווייטער געהן: א וואנד פון מענשען קער-פּער האט איהם פערשטעלט דעם וועג. ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען זעהן, פאר וואס מען איז פּלוצלונג געבליעבען שטעהן. גאנץ נאהענט לעבען איהם האט ער דער-הערט א שטימע, וועלכע איז איהם אריינגעדרונגען אין הארצען. — א שטימע, וועלכע ער וואלט דערקענט צווישען טויזענד; א שטימע, וועלכע האט געמאכט קאכען זיין בלוט.

— איז דאס מעגליך? האט ער אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו זוכען מיט דיא אויגען.

אין א רייכער, מיט גאלד און זילבער פערציערטער קארעטע, איז געזעסען א דאמע, רייך געקליידעט ווי א קייזעריען, שוין בעפוצט און בעהאנגען מיט בריליאנטען, וועלכע האבען געגלענצט און געפינקעלט אין דער זון. פון ביידע זייטען קארעטע זיינען געריטען צוויי עלעגאנטע העררען אויף טהייערע פערד.

דיא דאמע האט גערעדט און געלאכט מיט דיא צוויי העררען און האט זיך ווייניג געקימערט, וואס דער צוג איז געבליעבען שטעהן. זיא איז געוועזען אזוי פערטיעפט אין איהר געשפּרעך מיט איהרע קאוואלירען, אז זיא האט זיך נים אומגעקוקט אויף דיא פוסגעהר.— און דיעזע דאמע איז געוועזען לואיזא בערנאר, דיא ארימע ארבייטערין, וועלכע האט געוואָינט אין א קליין צימערל אויפ'ן דריטען שטאק אין אן ארעם הויז אין דער שטראסע לאַפּעוו! — דאס איז געוועזען דיא פריינדין, דיא געליעבטע פון'ם ארימען קוימענקעהרער, זשארזש לעפּראנק! דאס איז געוועזען דיא גוטע, שטילע, אונגליקליכע

פרוי, וועלכע ער האט אזוי שטארק געליעבט און פון וועלכע ער האט ערווארטעט א בריעף אדער א נאכריכט.

זשארזש לעפראנק איז געבליעבען שטעהן, וויא פארשטיינערט, זיין בלוט איז אין איהם פערקיהלט געווארען אין זיינע אדערן און עס איז איהם פינסטער געווארען אין דיא אויגען. ער האט געוואלט שרייען, ער האט אבער ניט געקענט. ער האט נור א ברום געטהאן, וויא א ווילדעס טהיער, וועלכעס דער יעגער האט געטראפען מיט זיין קוגעל פונקט אין הארצען. א קאלטער שוויים האט איהם בעדעקט און ער וואלט געוויס אומגעפאלען, ווען ער זאל ניט געווען זיין ארומגערינגעלט פון מענשען פון אלע זייטען.

דיא דאמע אין דער גלענצענדער קארעטע האט איהם ניט געזעהן און עס איז איהר געוויס גאר ניט איינגעפאלען, אז ער שטעהט אזוי נאהענט פון איהר. זיא האט גערעדט אין געשפאסט מיט איהרע קאוואלירען. באלד האט מען צורעכט געמאכט דיא ערשטע קארעטע און דער צוג האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען. יעצט זיינען דיא קארעטעס געפאהרען שנעלער. באלד האבען זיי זיך צוטהיילט און דיא גלענצענדע קארעטע מיט דער מארקיזא פאלאנצאני איז פערשוואונדען ערגעץ אין דיא שעהנע און רייכע גאסען פון פאריז.

וויא אזוי זשארזש לעפראנק איז געקומען אהיים, וויא אזוי ער האט געטראפען דעם וועג, וויא לאנג דער וועג האט ביי איהם געדויערט, קענען מיר ניט וויסען.

נעגען פיער אוהר פארנאכט איז ער ווידער געזעסען אין זיין צימער, פאר זיין קליין טישעלע, אויף וועלכען עס איז געלעגען אויסגעשפרייט דער בריעף, וועלכען דער קאמיסיאנער האט איהם געבראכט פון זיין פריינדין, לואיזא. ער האט דעם בריעף ניט געלעזען, ער האט ניט געטראכט, ער האט ניט גערעדט, ער האט ניט געקרעכצעט. וויא א בילד פון אונגליק און טרויער איז ער געזעסען לעבען זיין טישעל, דעם קאפ אונטערגעשפארט מיטביידע הענד, שטום און פערצווייפעלט.

איין שטונדע נאך דער אנדערער זיינען פערגאנגען, ער האט זיך אלעס ניט געריהרט פון זיין ארט. דיא זון איז אונטערגעגאנגען. דיא שווארצע נאכט האט געוואלט פערדעקען דיא וועלטשטאדט פאריז, דיא מענשען אבער האבען עס ניט דערלאזען: זיי האבען אילומינירט דיא שטאט און האבען געוואלט פערטרייבען דיא פינסטערניס. אין דיא גאסען האט עס גערוישט און געקאכט. מיליאנען מענשען זיינען ארומגעגאנגען זעהן דיא גרויסארטיגע בעלייכטונג און דאס פייערווערק.

דער אונגליקליכער זשארזש לעפראנק האט דערפון ניט געוואוסט. פאר איהם איז ניט געווען קיין טאג און קיין נאכט. ער איז געזעסען ביז שפעט, שפעט אין דער נאכט, ביז אלעס, וואס איז אנגעקוואלען און אנגעשוואלען אין זיין קראנקען הערצען, האט ענדליך אויסגעבראכען אין העלע, קלארע, ווארעמע טרערין.

היילינעס געשענק פון דער נאטור! — טרערין! ווען דיא נאטור האט בעשטימט דעם מענשען צו ליידען און שמערצען, האט זיא אויסגעזוכט דיעזע געזאלצענע רפואה. ווען דיא ליידען פרעסען אונזער ברוסט און קוועטשען אונזערע געהירען מיט אייזערנע צוואנגען, בלייבט אונז נאך איבער איינע ערלייכטערונג — טרערין. מיט דיא געזאל־

צענע טרעין רינט ארויס דער ביטערער שמערץ, דאס געחירען הייבט אן צו טראכ־
טען און דיא צונג ווערט פריי.

— עס איז אויס! האט ער געזאגט צו זיך אליין. — דאס זיינען געוועזן זיינע ער־
שטע ווערטער, זייט ער האט דערזעהן דיא מארקיזא פאלאנצאני. — אויס גליק! — און
ענדע פון אלע מיינע האפנונגען! — אלעס — אלעס איז צו ענדע — וויא דער טויט —
ניין, ערגער וויא דער טויט — דער טויט מאכט אלעס פערגעסען, אלעס פערשווינדען
— קיין עראינערונג, קיין ליעבען! — מיך ברענט אבער דיא עראינערונג — מיך מאר־
טערט דיא ליעבע. —

ער איז אויפגעשטאנען און איז א פאר מאל דורכגעגאנגען זיין קליינעם צימעריל.

— אלזא, אלעס פאלשקייט — אלעס בעטרוג — אלעס שווינדעל! — איך האב
געמיינט, אז איך קעמפף פאר דיא אונשולד — אז איך וויל בעשטראפען א ניעדער־
טרעכטיגען אריסטאקראט — איך בין געווארען א גנב. — איך האב מיך אריינגעלאזען
דורכ'ן קוימען — האב הונדערט מאל ריסקירט מיט מיין לעבען — פאר ועמען? —
איך וויים ניט! — איך פערשטעה אבער, אז מען האט מיך בענוצט אלס ווערקצייג, —
אלס אינסטרומענט. — איך האב אפגעטהאן מיין ארבייט — און מען האט מיך אוועק־
געשליידערט אין א ווינקעל. — בעטראגען — פערראטהען פון דיא אריסטאקראטען,
וועלכע איך האב אזוי פיינט —

פלוצלונג איז ער געבליעבען שטיל. — א נייער געדאנק האט א ציטער געטהאן
אין זיין קראנקעס געהירן. — ער האט זיך איבערלעגט. — ער האט געפאסט א בעשלוס.

ער איז צוגעגאנגען צום קאמאָד, וואו ער פלעגט האלטען זיינע זאכען, האט
איהם האסטיג געעפענט און האט ארויסגענומען דאס פעקעל געלד, וועלכעס דער
קאמיסיאָנער האט איהם איבערגעגעבען צוזאמען מיט'ן בריעף פון מאדאם בערנאר.

— יעצט פערשטעה איך, — האט ער ווייטער געזאגט — דאס האט זיא מיר
געשיקט א בעלוינונג דערפאר, וואס איך האב פון איהרענטוועגען געגנבעט. — דאס
איז דיא בעלוינונג פאר מיין געבראכענעם הערץ. — זיא האט מיר געוואלט בעצאָהלען
מיט'ן שמוציגען געלט — אוועק דערמיט! — אך! איך זאל קענען עס איהר ווארפען
אין געזיכט! — איך קען עס אבער ניט! — איך וועל עס דאהער אוועקלעגען אין אן
ארט, וואו קיין מענשליכעס אויג וועט עס שוין קיין מאל ניט זעהן. —

מיט ציטערענדע הענד האט ער גענומען דאס פעקעל געלד און האט עס אריינ־
געלעגט אין זיין קעשענע. דאן האט ער אנגעטהאן זיין הוט, האט זיך איינינע סעקונ־
דען ארומגעקוקט אין זיין ארימעם צימעריל און איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר.

מאדאם ראימאנד איז צוריקגעקומען פון דעם פאראד און האט קיינעם ניט
געפונען אין דער היים. עס איז איהר געווען א וואונדער, וואס לעפראנק איז נאך
ניטאָ, זיא איז צוגעקומען אייניגע מאל צו זיין צימער, האט אנגעקלאפט — קיינער
האט איהר ניט געענטפערט. עס איז געווארען שפעט, זשאראש איז נאך אלץ ניט
געקומען. זיא איז געווען זעהר מיעד, זיא האט זיך אבער ניט געוואלט גיהן לעגען
שלאפען, ביז זשאראש וועט קומען.

וויא ערפרעהט איז זיא געווארען, ווען זיא האט דערהערט, אז ער עפענט דיא

טהיר פון זיין צימער. ער איז ארויסגעלאפען אין קארידאר מיט א ליכט אין דער האנד, האט איהם דערזעהן און האט זיך דערשראקען. אזוי בלייך און אזוי אויפגערעגט האט זיא איהם קיין מאל נאך ניט געזעהן.

— האט איהר ערהאלטען עפּעס א נאכריכט פון אונזער פריינדין, מאדאם בערנאר? האט זיא געפרעגט. זיא האט זיך אנדערש ניט געקענט ערקלערן, וואס ער איז אזוי טרויעריג.

— ניין, האט ער געענטפערט גאנץ שטיל.

— אלזא, קומט אריין צו מיר אביסעל, איך האב געמאכט טהעע. מיר וועלען זיצען אביסעל און מיר וועלען פּלוידערן.— קומט זשארזש! א מענש טאָר זיך ניט אזוי נעהמען צום הארצען. זיא וועט נאך קומען, זיא וועט נאך וואינען מיט אונז צוזאמען. מיר וועלען נאך ווידער פערברענגען אנגענעהמע אבענדע.— קומט זשארזש!— וואוהין ווילט איהר געהן אזוי שפּעט ביי נאכט?

— איך האב אגאנץ געטהיגען גאנג צו מאכען, מאדאם ראימאנד, האט זשארזש געזאגט גראב. ענטשולדיגט מיר. איך האב קיין צייט ניט. פיעללייכט וועל איך שפּע־טער קומען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער שנעל אראָפּ פון דיא טרעפּ און איז פערשוואונדען אין דער דונקעלער נאכט. מאדאם ראימאנד האט איהם נאכגעקוקט איינינע מינוטען.

— איך ווייס ניט, וואס מיט איהם איז געווארען? האט זיא געזאגט טרויעריג. ער איז שטענדיג געוועזען אזא גוטער, שטילער מענש, פּלוצלונג האט ער זיך אזוי גע־ענדערט. זאל עס זיין דיא ליעבע?—

זשארזש לעפּראנק איז אונטערדעסען געגאנגען דורך דיא פרעהליכע רוישענדע גאסען פון פּאריז. ארום איהם האט דאס לעבען גערוישט און געקאכט; ארום איהם זיינען געגאנגען לוסטיגע, פרעהליכע מענשען; ארום איהם האט מען געטאנצט, געלאכט, געזונגען און זיך געפרעהט; ארום איהם האבען מענשען גענאסען דאס לעבען און הא־בען געטרונקען פון פולען בעכער פון פרייד און גליק — אין איהם אבער איז אלעס געוועזען קאלט, פינסטער און — טויט. פאר איהם איז ניט געוועזען קיין פרייד, קיין גליק און קיין — ליעבע.

— דעם קאָפּ אראָפּגעלאזען און מיט האסטיגע שריט איז ער געגאנגען צו דער סיינע, דעם גרויסען טייך אין פּאריז, וועלכער האט מיט זיינע שמוציגע וואסערן שוין ניט איין געהיימניס פערדעקט. ער איז געגאנגען א לאנגע צייט. ער האט געוואלט אויסזוכען אזא ארט, וואו עס געהן ווענינ מענשען. ער איז דורכגעגאנגען דעם פּארק בוא דע בולאָן, און איז ארויסגעקומען אויפ'ן „פּאָן נעף," דיא נייע בריק איבער דער סיינע. דארט איז אלעס געוועזען שטיל און רוהיג. דארט האט מען ניט געהערט דעם רעש און דעם ליארם פון דער גרויסער שטאדט. דיא ארימע זיינען געשלאפען און האבען אין דיעזע שטילע שטונדען דער נאכט געזאמעלט קרעפטען אויף מארגען. דיא רייכע האבען געלעבט און זיינען געוועזען אין טהעאטערע אדער אויף בעללער אין דער גרויסער שטאדט.

אויף דער בריק איז אלעס געוועזען שטיל, זאגאר דיא לאנטערנען האבען געבו[illegible]

דונקעל אין דיא פּאָליסלייטע, דיא וועכטער פון דעם בריק, האבען געפונען, אז זיי האבען ניט, וואס צו בעוואכען, און זיינען געגאנגען זוכען פרעהליכערע ערטער.

זשארזש לעפראנק איז צוגעקומען צו דער בריק. דיא שווארצע וועלען (כוואַליעס) האבען געגלנצט אין שיין פון דיא לאנטערנען און האבען גערוישט אזוי שטיל, אזוי פריינדליך, גלייך וויא זיי וואלטען איהם געוואונקען און גערופען צו זיך.

— איז עס דען ניט בעסער צו ליגען דארט אונטען, אין דיא ווייכע נאסע וועללען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, אלס ארומצוגעהן פון אויבען, זיך ראנגלען און קעמפּפען מיט נויט און שמערץ? — דער טויט איז רוהע, דער טויט איז פריעדען; — דאס לעבען איז ליידען, דאס לעבען איז א קאמפּף. —

ער איז לאנגזאם אריבערגעקראכען דיא אייזערנע פּאַרענטשע פון דער בריק און האט זיך געשטעלט אויפ'ן ראנד. זיין ברוסט האט זיך שטארק געהויבען און ער האט שווער געאטהעמט, וויא איינער אין א שווערן קאמפּף. — ער האט געקמפּפט מיט זיך אליין.

— זיך אונטערגעבען? האט ער געפרעגט. — ווייכען? אפּטרעטען? — פאר וואס ניט קעמפּפען? — פאר וואס ניט אויפהויבען הויך דעם קאפּ און זאָגען: — איך הער אייך ניט, איהר שוואַרצע ליידען! איך טראץ אייך, איהר פינסטערע זארגען! פאר וואס ניט איינשטעלען דאס לעבען אום צו בעפרייען דער וועלט פון אַזעלכע שווארצע גייסטער, וועלכע נעהמען אן דאס געשטאלט פון אן ענגעל אום צו פערביטערן דאס לעבען פון ארימע מענשען? לעבען! האט ער פלוצלונג אויסגערופען. — לעבען און ליידען! לעבען און קעמפּפען! — לעבען און טראגען אין הארצען א ביטערן האס צו אלעס, וואס איז פאלש, ניעדערטרעכטיג און בעטריגעריש!

ער האט זיך אנגעחאפּט מיטביידע הענד אן דיא קאלטע אייזערנע שטאנגען פון דער פּאַרענטשע. איינינע מינוטען האט ער נאך בעטראכט דעם הימעל איבער זיך און דיא שווארצע וואסערן פון דער סיינע אונטער זיך.

— עס איז דא א גאט דער ליעבע און פערצייהונג, לערנען אונז דיא פּריעסטער, האט ער געזאגט מיט א ביטערן געלעכטער. וואו איז דער גאט דער ליעבע, ווען דיא ליעבע איז אניעדעריגעס ווערקצייג אין דיא הענד פון נידעריגע מענשען? — ווען דיא בעסטע, דיא עדעלסטע געפיהלע פון'ם מענשליכען הערצען ווערן בענוצט צו קליינליכע, נידעריגע צוועקע? —

ער האט זיך געחאפּט צו דער קעשינע, האט ארויסגענומען דאס פּעקעל געלד, וואס זיין געליעבטע לואיזא האט איהם געשיקט, און האט עס א שליידער געטהאן ווייט, ווייט אין דיא וואסערן פון דער סיינע. ער האט עס א וואָרף געטהאן מיט אזא קראַפט און מיט אזא צאָרן, אז ער האט פערלארען זיין גלייכגעוויכט. זיין האנד האט אפּגעלאָזען דיא אייזערנע שטאנג, וועלכע זיא האט געהאלטען — איין קרעכץ און ער איז אראָפּ געפאלען אין דיא קאלטע וואסערן פון דער סיינע. — באלד האט זיך זיין קאָפּ געוויזען אויפ'ן וואסער. זיינע הענד האבען זיך נאך אפּאָר מינוטען געראנגעלט — דאס האט געדויערט נור אפּאָר מינוטען, דאן איז ער פערשוואונדען — אויף אייביג.

רוהיג האט דיא סיינע ווייטער געקייקעלט איהר שווארצע, שמוציגע וואסערן,

רוהיג האבען דיא לאנטערנען ווייטער געברענט און רוהיג האבען דיא שטערן געפֿונ־
קעלט פֿון בלויען הימעל.

האט זשארזש לעפראנק אויך געפֿונען דיא רוהע, וואָס ער האט געזוכט? —

38טעס קאפיטעל.

## צערשטערטע פלענע.

עס איז צעהן אוהר אין דער פריה. קייזער נאפאָלעאָן זיצט אליין אין זיין קא־
בינעט. ער רויכט א טהייערע האוואנא ציגאר, פון וועלכער עס געהט ארויס א בלויער
רויך און פילט אן דאס גאנצע צימער מיט זיין אראָמאטישען גערוך. נאפאָלעאָן זיצט
פערטראכט און טרויעריג.

— אָבערמאלס ניט געלונגען, האבען זיינע ליפען קוים ארויסגערעדט. אלע
מיינע פלענע זיינען ווידער צערשטערט און פערניכטעט פון דער האנד פֿון שיקזאל.
וויא פריינדליך איז געוועזן קייזער אלכסנדר, ווען ער איז געקומען אהער! — וויא האט
ער מיר געדאנקט דערפאר, וואס איך האב איהם ענטדעקט, וואס דיא ניהיליסטען
טהוען אין פאריז און וויא איך האלט זיי אלע אין דיא הענד! — איך בין געוועזן זיכער,
אז ער וועט מיט מיר שליעסען א פעסטען בונד און מירביידע צוזאמען וועלען בע־
הערשען דיא וועלט. מיר וועלען האלטען דאס שטאלצע פרייסען אין אייזערנע
צוואנגען. — וויא קאלט אבער האט זיך דיזער רוסישער בער געוויעזען, ווען ער איז
אוועקגעפאָהרען! — ער איז געוועזן העפליך, זעהר העפליך, אבער קאלט, וויא זיין
סיביר. — דער פיסטאלען שאס פון א וואהנזיניגען פאליאק האט עס אלעס געמאכט.
קייזער אלכסנדר האט זאגאר ניט געוואָלט בלייבען אין פאריז דיא אכט טאג, וואס
ער האט מיר פערשפראכען, ווען מיר האבען זיך דאס ערשטע מאל געזעהן. — ער
איז אנטלאפען! — מיינע פלענע ווערן צערשטערט און פערניכטעט. —

ער האט אנגעהויבען שטארק צו רויכען זיין האוואנא ציגאר, אז זיין גאנצעס
געזיכט איז געוואָרען פערדעקט מיט א וואלקען פון בלויען רויך.

— קייזער! קייזער! — מען רופט מיך קייזער דער פראנצויזען. — מיט וואס
אבער בין איך א קייזער? דערמיט וואס מען זאגט מיר: קייזערליכע מאיעסטעט? —
בין איך דערפאר א קייזער, ווייל מיינע וואכען גיבען מיר אפ דיא מיליטערישע עהרע
ווען איך געה פאראיבער? — בין איך דערמיט א קייזער, וואס מיינע מיניסטאָרען
קומען זיך בעראטהען מיט מיר און טהוען, וואס זיי ווילען? — ווייל זיי טהוען אלעס
אין מיין נאמען? —

ניין! ניין! א וואהרער קייזער איז געוועזן מיין אנקעל, נאפאָלעאָן דער ערשטער.
ער איז געוועזן א קייזער. ער איז געוועזן דער ערשטער אין גאנץ אייראפא. ער האט
ניט געזוכט צו שליעסען א בונד מיט אנדערע — ער האט זיי געצוואונגען מיט דעם
שווערד אין דער האנד. דער רוסישער קייסער, אלכסנדר דער ערשטער, האט איהם
געזוכט און איז געוועזן גליקליך, ווען דער אנקעל האט איהם געזאגט א פריינדליכעס
ווארט. — יעצט מוז איך מיך בעטען ביי דיעזען רוסישען בער, איהם גלעטען איבערן
קאפ און דאן ערשט פאהרט ער אוועק ברונז און אונצופריעדען. —

אין דיעזע מינוט האט זיך דער שווערער זיידענער פארהאנג אויפגעהויבען און דיא שעהנע הויכע געשטאלט פון דער קייזערין אייזשעניע האט זיך געוויעזען אויף דער טהיר. איין בליק אויף איהר מאן האט איהר געזאגט, וואס ער טראכט יעצט. זיא איז צוגעגאנגען שטילערהייט צו איהם און האט ארויפגעלעגט איהר ווייסע האנד אויף זיינע פלייצעס. נאפאָלעאָן האט זיך אומגעקוקט.

— אך, דוא ביסט עס? האט ער אויסגערופען און האט איהר א קוש געטהאן אין שטערן. — אזוי פריה ביסט דוא שוין אויף? —

— ער איז אוועקגעפאהרען, דער בער, האט זיא געזאגט און האט ניט געענט־פערט אויף זיין פראגע. — ער איז אוועקגעפאהרען אונצופריעדען; ער איז אוועקגע־פאהרען פאר דער צייט, וואָס ער האט בעשטימט צו בלייבען אין פּאַריז. איך האב קיין מאל ניט געהאפט זעהר פיעל אויף רוסלאנד און זעה יעצט, אז איך האב רעכט געהאט. נור דיא רעליגיאָן האלט פעלקער צוזאמען און צווינגט זיי זיך צו פעראייני־גען. דער היילינגער גלויבען האט שטענדיג געווירקט וואונדער. דאס איז געווען דער קיט, וועלכער האט צונויפגעקלעפּט פיעלע פעלקער און האט זיי צוזאמענגעהאלטען.— דער קלוגער איטאַליענישער גראף דע ריווערא האט רעכט, ווען ער זאגט: אויף רוסלאנד קען מען זיך נור דאן פערלאזען, ווען אין רוסלאנד וועט הערשען א קייסער, וועלכער וועט זיין ערגעבען דער רעליגיאָן און וועט וועלען קעמפּפען פארן היילינגען גלויבען. אלכסנדר דער צווייטער איז קאלט געגען אלעמען. ער האלט פון דער רע־ליגיאָן נור אלס א שטיצע פון זיין טראהן. קעמפּפען אבער פאר דיא רעליגיאָן, זיין בעגייסטערט פאר דיא רעליגיאָן, וועט ער קיין מאל ניט. ער וועט פאר קיין זאך ניט זיין בעגייסטערט און קען ניט זיין בעגייסטערט. — דאס איז א שוואכער הערשער, וועלכער וויס נור צו לעבען און צו געניעסען דאס לעבען, פון קיין עדעלערעס, העכע־רעס וויל ער ניט וויסען און וועט ניט וויסען.

זעה נור, וויא ער האט זיך דערשראקען פאר א פּיסטאָלען שוס און איז אנטלאפען, וויא אן אפּגעבריהטער!

— וואו נעהמט מען אבער א קייסער פון רוסלאנד, וועלכער זאל זיין בעגייס־טערט פאר דיא רעליגיאָן און זאל פיינד האבען פרייסען פון'ם גאנצען הארצען, וויא איך האב עס פיינד? האט נאפּאָלעאָן געפרעגט.

— מען האט מיר דערצעהלט זעהר פיעל פון'ם רוסישען קראָנפּרינץ. מען זאגט, אז דאס איז גאר אנאנדערער מענש, אז פון איהם קען מען זעהר פיעל ערוואַרטען.

— ערוואַרטען? האט נאפּאָלעאָן געפרעגט, וויא צו זיך אליין. — ערוואַרטען? דערווייל לעבט נאך קייזער אלכסנדר דער צווייטער און איז שטארק, וויא אן אייכענ־בוים (דוב). — ערוואַרטען? — ווען קען מען עס ערוואַרטען? —

— עס קען זיך דאך געפינען נאך א בערעזאָווסקי, וועלכער וועט זיין געשיקטער און גליקליכער, אלס דער פּאַריזער בערעזאָווסקי. —

אין דיעזע מינוטען האט מען געהערט קלינגען דיא גלאקען פון דער האף־קירכע. זיי האבען גערופען צום גאטעס דיענסט. נאפּאָלעאָן האט זיך אומגעקוקט און האט געפרעגט מיט דיא אויגען, וויא עס קומט, וואס מען קלינגט אין דער קירכע? —

פעראנשטאלטען אן עפענטליכען גאטעס דיענסט אין דער האף־קירכע האט געקענט נור דער קייזער אדער דיא קייזערין. ער האט אבער ניט געהייסען מאכען קיין עפענט־ליכעס געבעט.

— איך האב עס געהייסען, האט דיא קייזערין ערקלערט. איך האב געהייסען, אז אין אלע קירכען פון פאריז זאל מען היינט אפּהאלטען אן עפענטליכען גאטעס דיענסט און דאנקען גאט דערפאר, וואס ער האט גערעטעט דאס לעבען פון קייזער אלכסנדר דעם צווייטען. — איך האב געבעטען דעם קארדינאל באנאפּארטע, דעם ערץ בישאָף פון פאריז, ער זאל אליין אָפּהאלטען דעם גאטעס דיענסט אין דער קירכע נאָטרדאם. (דיא קירכע נאטרדאם איז דיא הויפּט קירכע פון פאריז און איז איינע פון דיא שעהנסטע און זעלטענסטע געביידען אין דער וועלט).

— איך האב גערעכענט, אז קייסער אלכסנדר וועט פאהרען מיט אונז אין קירכע און האב געהייסען אריינלאזען נור דיא מענשען, וועלכע וועלען האבען בילעטען פון'ם קייזערליכען האף. אונטערדעסען איז קייסער אלכסנדר אוועקגעפאהרען. דער גאטעס דיענסט אבער געהט זיין וועג. איך האב קיין צייט ניט געהאט איהם צוריק־צורופען. גאנץ פאריז וויים דערפון. ארום דער קירכע נאטרדאם שטעהט שוין פער־זאמעלט אן אונגעהייערע מענגע מענשען. — מיר מוזען פאהרען. מיר טארען ניט ווייזען דער וועלט, אז אונזער גאסט איז אוועקגעפאהרען פון אונז אונצופריעדען.

נאפּאלעאן האט געטראכט איינינע אויגענבליקע. דיא לאגע איז ווירקליך געוועזען א זאנדערבארע. געהן אין קירכע און דאנקען גאָט דערפאר, וואס ער האט גערעטעט דאס לעבען פון א פרעמדען מאָנארכען אין דער צייט, ווען דער פרעמדער איז אוועק־געפאהרען פון פאריז, קומט אויס זעהר זאנדערבאר. ניט געהן, איז ווידער אונמעג־ליך. דער הויף האט פעראנשטאלטעט א גאָטעס דיענסט און ער זאל ניט זיין דערביי, איז זעהר ניט שעהן.

— פאהר דוא מיט דיינע האפדאמען, האט ער געזאגט צו דער קייזערין. דאס וועט זיין גענוג. דאס וועט הייסען א חניפה געגען רוסלאנד. איך וועל ניט פאהרען. ווען קייסער אלכסנדר איז דערביי ניטאָ, קען איך אויך ניט זיין.

— דוא האסט רעכט, מיין קייזער, וויא אימער, האט דיא קייזערין געזאָגט און האט ארומגענומען איהר מאן.

אין איינינע מינוטען ארום זיינען עטליכע קייזערליכע עקיפּאזשען ארויסגעפאה־רען פון'ם קייזערליכען הויף, דיא טוילעריען און האבען זיך געצויגען צו דער קירכע נאָטרדאם.

שטיל און רוהיג איז עס געוועזען אין דער קירכע נאטרדאם. בלויע רויכוואָלקענס האבען אנגעפילט דיא גאנצע גרויסע געביידע. דיא קאטוילישע גייסטליכע אין זייערע ווייסע העמדער זייגען ארומגעגאנגען און האבען געריי כערט מיט ווייהרויך און מיט אנדערע פערפיומען. — מען האט ערווארט דיא קייזערליכע פאַמיליע.

אין דער קירכע זיינען געוועזען ניט פיעל מענשען. היינט האט ניט יעדער געקענט אריינקומען אין דיא הייליגע מויערן, וועלכע זיינען בעשטימט נור פאר געבעט און

הייליגע גענדאנקען. היינט האט מען געמוזט ווייזען א קליינע ווייסע קארטע, ווען מען האט געוואלט אריינגעהן אין קירכע בעטען גאָט.

נור דיא רייכסטע און עלעגאנטעסטע דאמען פון פאריז זיינען היינט געווען אין דער קירכע. עס זיינען זאגאר געווען אזעלכע, וועלכע מען פלעגט קיין מאל ניט זעהן אין קירכע. היינט איז מען ניט געקומען בעטען גאָט, מען איז געקומען זעהן א שוי־שפיעל, א טהעאטער שטיק. דיא קייזערין וועט זיין און מען וועט קענען בעטראכטען איהרע נייע קליידער — דיא נייעסטע מאדע. — עס זיינען אבער אויך געווען פיעלע מענער, בעזאנדערס דיפלאָמאטען און געזאנדטעטע פון פרעמדע לענדער.

לעבען איינעם פון דיא גרויסע זיילען איז געשטאנען גראף דע ריווערא און האט געקוקט, וויא דער קארדינאל האט זיך פארבערייטעט צו גאטעס דיענסט. אין דער גרויסער קירכע האט דורכגעציטערט א הויך:

— דיא קייזערין קומט!

אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער. יעדער האט געוואלט זעהן דיא שעהנע קייזערין און בעטראכטען איהר טואלעט. דיא קייזערין איז צוגעגאנגען צו איהר זיץ און איז געפאלען אויף דיא קניע פאר א גרויס בילד פון יעזוס קריסטוס דער ארגעל האט אנגעהויבען צו שפיעלען. דיא פריעסטער האבען געמאכט נאָך א גרעסערען רויך מיט זייערע ווייהרויך פאנען. דער קארדינאל באנאפארטע האט אנגעהויבען צו זאגען זיין געבעט.

גראף דע ריווערא איז געשטאנען אויף זיין ארט, וויא א צוגעשמידעטער און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון׳ם קארדינאל און פון דער קייזערין. ער האט אלעס פערשטאנען. ער האט פערשטאנען, פאר וואס נאפאלעאן איז ניט געקומען, ער האט פערשטאנען, פאר וואס קיין פרינץ און קיינע פרינצעסין איז ניט געקומען. ער האט נור געוואלט אויסשטודירען דיא מינען פון׳ם קארדינאל און פון דער קייזערין.

ער האט ניט בעמערקט, וויא שפעטער נאָך דער קייזערין איז אנגעקומען אין דער קירכע דיא מארקיזא פאלאנצאָני אָנגעטהאָן אין ווייסען, א בילד פון רייגהייט און אונשולד. זיא איז דורכגעגאנגען אלע רייהען בענק און איז ארויפגעגאנגען אויבען, ניט ווייט פון דער קייזערין מיט איהרע האפדאמען. דארט איז זיא אויך געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו בעטען.

דער גאטעס דיענסט איז היינט געראדע געווען זעהר שלעפעריג און דער קאר־דינאל האט איהם געזוכט צו פערקירצען. וויא באלד, אז דיא קיסריים זיינען ניט געקומען, האט ער פערלארען זיין גאנצעס אינטערעסע. דיא מארקיזא האט אויך ניט לאנג געבעטען. זיא האט זיך באלד אויפגעהויבען און האט געזוכט א פלאץ, וואו זיך צו זעצען. פלוצלונג האט זיא דערזעהן דעם גראף שטעהן לעבען א זייל. זיא איז צר געגאנגען לאנגזאם צו דעם ארט, וואו ער איז געשטאנען און האט זיך דארט אניעדער־געזעצט.

ווען זיא איז פארבייגעגאנגען פאר איהם, האט זיך אין איהרע אויגען געוויזען א בליץ פון האס און צארן. ער איז אבער באלד פערשוואונדען און זיא האט זיך רוהיג אניערערגעזעצט ניט ווייט פון איהם. יעצט האט ער זיא אויך בעמערקט. ער איז

אבער געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט, ביז דיא צערעמאניע האט זיך געענדיגט.

דיא קייזערין האט זיך היינט אויך געאיילט שנעלער צו ענדיגען איהר געבעט. דער אָרגעל האט אנגעהויבען צו רוישען צום לעצטען מאל. אלע האבען אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון דער קירכע. דיא מארקיזא האט זיך אויך אויפגעהויבען און איז געגאנגען צו דער טהיר. גראף דע ריווערא איז איהר נאכגעגאנגען. ווען ער האט זיא דערגרייכט, האט ער איהר געזאגט גאנץ שטיל:

— קענט איהר מיר ניט ערלויבען צו זעצען זיך אין אייער קארעטע? — איך בין געקומען צו פוס און וויל יעצט ניט געהן דעם ווייטען וועג צו פוס.

דיא מארקיזא האט זיך שטאלץ פערנייגט, א צייכען, אז זיא ווילינגט איין. דער גראף האט איהר אנגעבאטען זיין האנד און זיי זיינען ביידע ארויסגעגאנגען פון דער קירכע ארים אין ארים. קיינער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. אין דער קירכע זיינען היינט געווען שעהנערע און עלעגאנטערע דאמען פון דער מארקיזא. זיי זיינען צוגעקומען צו דער קארעטע. א לאקיי האט געעפענט דאס טהירעל, דער גראף האט זעהר העפליך געהאלפען דיא מארקיזא זיך אריינזעצען, און האט זיך געזעצט לעבען איהר.

— זאל איך הייסען פאהרען א היים? האט זיא איהם געפרעגט.

— ניין, לאמיר פאהרען א ביסעל שפאציערען אין בוא דע בולאָן.

דיא מארקיזא האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין בוא דע בולאָן. ווען זיי זיינען אוועקגעפאהרען א געוויסע שטרעקע און זיינען אנגעקומען אין אן ארט, וואו עס איז געווען רוהיגער, האט דער גראף געזאגט קאלט און רוהיג, וויא זיין שטייגער איז געווען.

— איך בין אין דער לעצטער צייט געווען זעהר בעשעפטיגט און האב ניט געקענט זיין ביי אייך. איך האב זאגאר ניט געהאט דיא געלעגענהייט אייך צו פרעג־גען, אויף וועלכער ארט האט איהר אויסגעפיהרט דיא אויפגאבע, וועלכע איך האב אייך געגעבען. — עס האט געמאכט מעהר רעש, וויא איך האב גערעכענט. — איך האף, אז מיר וועלען דערפון קיינע אונאנגענעהמליכקייטען ניט האבען. —

— זייט רוהיג, הערר גראף, האט זיא געענטפערט. ווען איך טהו עס, טהו איך עס, וויא דיא ווילדע אינדיאנער. זיי ווישען אפ יעדע שפור. — איך האב עס אזוי גע־מאכט, אז קיינער אין דער וועלט וועט ניט פאלען, וואוהין איך בין אהין געקומען. — איך האב —

— איהר וועט מיר דערצעהלען אנאנדער מאל, האט איהר דער גראף אונטער־בראכען. — היינט האב איך אייך נור געוואלט פרעגען, וויא שטעהט עס מיט דעם דייטשען אפיציער?

— אויך אין דיעזער בעציעהונג וועט איהר מיט מיר צופריעדען זיין, האט זיא געענטפערט. איהר האט שוין, דאכט זיך, גענוג בעווייזע, אז איך קען עפעס טהאן, ווען איך וויל נור.

זיא האט אנגעריהרט דעם קוטשער מיט איהר זאנענשירם און האט איהם געהייסען פאהרען צו דער סיינע (דער טייך, וואס געהט אין דערמיט פאריז).

-- וואס פאלט אייך איין צו פאהרען צו דער סיינע? האט דער גראף געפרעגט פערוואונדערט.

— עס לאנגווייליט מיך שוין דער פארק בוא דע בולאָן, האט זיא געענטפערט גלייכגילטיג. אימער דאס זעלבע, אימער דאס זעלבע! לאמיר זוכען אנדערע פלעצער, וואו מען קען רוהיג פלוידערן. איך מיין, אז אויף דיא דאקס פון דער סיינע קען מען אזוי רוהיג רעדען, וויא אין בוא דע בולאָן.

דער גראף האט געשוויעגען. ער האט פערשטאנען, אז דאס איז ניט אומזיסט, אז דאס איז קיין פאנטאזיע פון זיין שעהנער בעגלייטערין, אז זיא מיינט עפעס דערמיט. ער האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג און האט גערעדט פון גלייכגילטיגע זאכען.

דיא קארעטע איז אונטערדעסען געפאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. דיא מארקיזא האט אפט געקוקט אין פענסטער, ביז זיא האט דערזעהן א גרויסע, פינ־סטערע געביידע און האט דעם קוטשער געהייסען בלייבען שטעהן.

דיא גרויסע געביידע איז געוועזען דיא מאָרג, אדער דאס הויז, וואו מען נעהמט אויף דיא טוידטע, וועלכע מען געפינט אויף דער גאס אדער מען שלעפט ארויס פון טייך און מען ווייס ניט, ווער זיי זיינען. מען האלט זיי דארט אויף אייז און מען צייגט אן אין דיא צייטונגען, אז פריינד און בעקאנטע זאלען קומען און זיי דערקענען. — אזא מאָרג, אדער אזא סאָרט הויז געפינט זיך אין יעדער גרויסער שטאָדט, וואו עס קומט אפט פאר, אז מען געפינט טוידטע אויף דער גאס און מען ווייס ניט, ווער זיי זיינען. דיא קאסטענס, אין וועלכע מען האלט דיא טוידטע זיינען נומערירט. יעדער קאסטען האט זיין נומער. לעבען יעדען קאסטען ליעגען דיא זאכען, וועלכע מען האט געפונען ביים טוידטען.

— ווילט איהר לוסט געהאט, הערר גראף, אריינצוגעהן אין דער מאָרג? האט דיא מארקיזא פלוצלונג געפרעגט. איך האב שוין לאנג געוואָלט אמאל געהן זעהן דיעזעס זאנדערבארע, שרעקליכע געביידע, פון וועלכער מען רעדט אזוי פיעל און וועלכע מען האט אזוי פיעל מאל בעשריעבען. איך האב אבער ניט געוואגט צו געהן אהין איינע אליין. עס איז צו שרעקליך. — א שטוב פון טוידטע!

— ווען איהר ווינשט עס, וועל איך געהן מיט אייך. האט דער גראף געענט־פערט. דיא מאָרג איז אָפען פאר יעדען, ווער עס האט נור שטארקע נערווען אהין אריינצוגעהן און אנצוקוקען דיא געזיכטער פון מענשען, וועלכע זיינען ניט געשטאָרבען מיט זייער נאטירליכען טוידט. — דא קען מען האבען דיא געלעגענהייט צו זעהן צו וואס פאר אן ענדע עס פיהרט א שלעכטעס, אונארדענטליכעס לעבען, האט דער גראף געזאגט מיט א פרומער מינע.

פון דיא אויגען דער מארקיזא האט ווידער אמאל געשפריצט פייער און בליקען פון האס און צארן זיינען ווידער געפלויגען אויפ'ן גראף. אבער אויך יעצט זיינען זיי באלד פערשוואונדען און זיא האט געזאגט פריינדליך און מיט א שמייכעל:

— איך דאנק אייך, וואס איהר טהוט מיר צוליעב און געהט מיט מיר אין דיעזען שרעקענסארט. עס איז ניט בלויז נייגיערדע, וועלכע פיהרט מיך אהער. — אזוי וויא איהר האט מיך געשטעלט גאנץ הויך אין דער געזעלשאפט און פאָרדערט פון

מיר געוויסע דיענסטע, דארפט איהר אויך מיט מיר זיך אראפלאזען אין פינסטערן אבגרונד, וואו דאס מענשליכע לעבען הערט אויף.

דער גראף האט איהר אויסגעהערט רוהיג. קיין מוסקעל פון זיין געזיכט האט זיך ניט געריהרט. זיין געזיכטס פארבע האט זיך ניט געענדערט. ער איז אראפגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט איהר גאנץ העפליך געהאלפען ארויסגעהן. דאן האט ער איהר געגעבען זיין ארים און זיי זיינען ביידע אריינגעגאנגען אין דער מארג.

היינט זיינען געלעגען אין דער מארג נור פינף לייכען. זיי זיינען געלעגען אין קאסטענס מיט גלעזערנע דעקלעך. דאס געזיכט פון יעדער לייכע איז געווען פריי. לעבען יעדען קאסטען זיינען געלעגען אויף א שטוהל דיא זאכען, וואס מען האט געפונען ביי דיא לייכען.

דער גראף איז געווען ערנסט און האט געקוקט אויף דיעזע איבעררעסטע פון מענשען מיט טיעפען טרויער. דיא מארקיזא האט זיי בעטראכט מיט א בעזאנדערער נייגיערדע. עס איז געווען דייטליך, אז זיא זוכט עפעס, אז ניט אלע לייכען אינטערעסירען זיא.

אין ערשטען קאסטען איז געלעגען דער טוידטער קערפער פון א קינד פון צוויי—דריי יאהר. אין זיין שטערן האט מען געזעהן א טיעפע וואונד. דאס מויל האט עס געהאלטען אפען, דיא אויגען זיינען געווען וויא גלעזערנע און דאס גאנצע געזיכט האט געוויעזען שרעקליכע ליידען. דיא קליידער, וועלכע זיינען געלעגען לעבען קאסטען אויף א הילצערנע באנק, זיינען געווען ארים און צוריסען.

דער גראף האט בעטראכט דיא לייכע פון דיעזעס קינד, וועלכעס איז אזוי פלוצלונג און אויף אזא אוננאטירליכער ארט ענטריסען געווארען פון לעבען. דיא מארקיזא דאגעגען האט נור געווארפען א בליק אויף דיעזע לייכע און איז וויטער געגאנגען צום צווייטען קאסטען.

אין צווייטען קאסטען איז געלעגען דיא לייכע פון אן אלטען מאן פון א יאהר עטליכע און זעכציג. זיינע האר און דער בארד זיינען געווען גרוי און צונויפגעקלעפט. זיין געזיכט איז געווען געקארטשעט און האט דייטליך געוויעזען, אז ער האט אין זיין לעבען שרעקליך געליטען. אויפ'ן קערפער איז קיין וואונד ניט געווען. וויא עס האט אויסגעוויעזען, האט מען איהם ארויסגעשלעפט פון'ם וואסער ערגעץ. ער איז געלעגען אין וואסער זעהר לאנג, ווייל זיינע קליידער, וועלכע זיינען געלעגען לעבען איהם, האבען אנגעווארען יעדע פארב און עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען, פון וואס פאר א פארב זיי זיינען אמאל געווען.

— זאנדערבאר! האט דער גראף געזאגט ערנסט. דא ליעגט א קינד, וועלכעס האט נור וואס אנגעהויבען צו לעבען און עס האט שוין געפונען דעם טוידט אויף אזא שרעקליכער ארט! — זאלען מיר עס בעדויערן, וואס עס האט נאך גאר ניט געלעבט, אדער זאלען מיר עס בעניידען (מקנה זיין) וואס עס האט אזוי וועניג געליטען? — דא, וויטער, ליעגט דיא לייכען פון אן אלטען מענשען, וועלכען דיא נויט און דיא ליידען האבען אזוי שטארק צוגעדריקט, אז ער האט ניט געקענט אפווארטען דיא עטליכע יאהרען, וואס זיינען איהם נאך געבליעבען צו לעבען און האט אליין מיט

געוואלד איבערגעשניטען זיין לעבענ'ס פאדים ! — איהם דארפען מיר געוויס בעדויערן. ער האט געוויס געגוג געליטען אין זיין לעבען. דיא ליידען אבער זיינען צולעצט געווארען אזוי גרויס, אז ער האט ניט געקענט ווארטען, ביז דער טוידט וועט איהם בעפרייען — ער האט זיך אליין בעפרייט !

ער האט זיך אייגגעבויגען איבער דיא לייכע פון'ם אלטען מאן און זיינע ליפען האבען עפעס געמורמעלט. דיא מארקיזא האט זיך ניט צוגעהערט צו דיא ווערטער, וואס ער האט געזאגט. זיא האט וועניג בעטראכט דיא לייכע. זיא איז ווייטער געגאנגען צום דריטען קאסטען.

אין דריטען קאסטען איז געלעגען דיא לייכע פון א יונגע פרוי. איהר געזיכט איז געווען רוהיג, גלייך וויא זיא וואלט געשלאפען. איהרע לאנגע שווארצע האר זיינען געווען אויסגעפלאכטען אין צוויי לאנגע צעפ און זיינען געלעגען אויף איהר ברוסט. איהרע קליידער זיינען געווען זויבער און אין גוטער ארדנונג. עס איז געווען דייטליך, אז זיא איז ניט לאנג געלעגען אין וואסער. מען האט זיא באלד געפונען און ארויס־געשלעפט.

— ארימעס קינד! האט דער גראף געזאגט. דיר האט געוויס דיא ליעבע געבראכט דעם פריהען טוידט. — דיא ליעבע, וועלכע מענשען בעטראכטען אלס דאס העכסטע גליק, איז פאר דיר געוואָרען אן אונגליק און האט דיך געצוואונגען צו זוכען רוהע און פריעדען אין דיא קאלטע וואסערן פון דער סיינע.

דיא מארקיזא איז ווייטער געגאנגען און איז געבליעבען שטעהן פארן פערטען קאסטען. זיא איז געוואָרען בלייך און האט א ציטער געטהאן, ווען זיא האט דערזעהן דיא לייכע אין דיעזען קאסטען.

דאס איז געווען דיא לייכע פון א יונגען מאן פון א יאהר עטליכע און צוואנציג. זיין געזיכט איז געווען גאנץ רוהיג. זיינע ליפען זיינען געווען געשלאסען. ער איז געלעגען אויסגעשטרעקט מיט דיא הענד אויף דער ברוסט, גלייך וויא ער וואלט געשלאפען. זיינע הענד האבען געוויעזען שטארקע מוסקעלן. און זיינע קליידער האט מען געקענט דערקענען, אז דאס איז געווען אן ארבייטער.

דיא מארקיזא פאלאנצאָני האט דערקענט דעם אונגליקליכען זשארזש לעפראנק. דיעזע אויגען האבען ערשט ניט לאנג געקוקט אויף איהר מיט הייסער ליעבע. — דיעזע ליפען האבען גערעדט צו איהר פון ליעבע און עוויגע טרייע. דיעזעס הערץ האט געשלאגען פאר איהר אזוי שטארק, אזוי הייס. — יעצט איז אלעס שטיל. דיעזע אויגען זעהן ניט. דיעזע ליפען זיינען פערשטומט אויף אייביג. דיעזעס הערץ שלאגט ניט מעהר, עס איז פערקיהלט און פערגליווערט אין טאדעס שלאף! --

איהרע בליקע זיינען געפאלען אויף זיין שעהנעם, געזונדען קערפער און זיא האט ארויסגעלאזען א שטילען אָבער טיעפען זיפץ.

דער גראף האט אלעס בעמערקט. ער האט געזעהן, אז דיעזע לייכע האט שטארק פעראינטערעסירט דיא מארקיזא און האט פערשטאנען, אז זיא האט איהם אומיסטען געפיהרט אהער אום איהם צו וויזען דיעזען טוידטען קערפער. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט בעטראכט דיא לייכע.

— לאמיר געהן, האט דיא מארקיזא פלוצלונג זיך געווענדעט צו איהם. — איך האב געמיינט, אז איך האב שטארקע נערווען און וועל קענען זעהן דיעזע שרעקענס סצענען. — איך קען ניט! איך קען עס ניט זעהן!

זיא האט זיך געלאזט געהן צו דער טהיר. דער גראף איז געבליעבען שטעהן נאך א פאר סעקונדען און האט בעטראכט דיא לייבע פון'ם יונגען ארבייטער. דאן האט ער געמאכט א קרייץ איבער איהם און האט געזאגט א שטילעס געבעט. — ער איז באלד נאכגעגאנגען נאך דער מארקיזא. זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון'ם שרעקענס הויז און זיינען צוגעגאנגען צו דער קארעטע. דער גראף האט איהר געהאלפען אריינ־געהן אין קארעטע און האט זיך געזעצט לעבען איהר.

— א היים! האט דיא מארקיזא געזאגט צום קוטשער.

דיא קארעטע האט געריהרט. דיא שטארקע פערד זיינען געלאפען שנעל איבערן גלאטען שטראסען פלאסטער פון פאריז. אייניגע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען.

— ווער איז געווען יענע לייבע פון'ם יונגען מאן? האט דער גראף פלוצלונג א פרעג געטהאן.

דיא מארקיזא האט אנפאנגס א ציטער געטהאן און האט ניט אזוי באלד גע־ענטפערט, גלייך וויא זיא האט זיך געוואלט איבערלעגען וואס צו ענטפערן. באלד אבער האט זיא זיך אומגעקעהרט מיט איהר געזיכט צום גראף. אין איהרע אויגען האט זיך אנגעצונדען דאס אונהיימליכע פייער, וועלכעס מיר האבען שוין היינט צוויי מאל בעמערקט אין איהר. זיא האט געענטפערט מיט א פעסטער, רוהיגער שטימע, גלייך וויא זיא וואלט גערעדט פון א געשעפט.

— דאס איז געווען דאס אינסטרומענט, דורך וועלכען איך האב אפגעטהאן דיא ארבייט, וואס איהר האט מיר געהייסען. — ער האט מיך געליעבט מיט דער גאנצער קראפט פון זיין טרייער און עהרליכער זעעלע. — דיעזע ליעבע האט איהם געבראכט אהער, וואו מיר האבען איהם יעצט געטראפען. — זיין שיקזאל האט מיך שטארק געריהרט. מיינע נערוועו האבען עס ניט געקענט אויסהאלטען — פיעללייכט איז עס בעסער פאר איהם. — צו וואס האט איהם געטויגט דאס לעבען? וואס האט ער געקענט ערווארטען פון'ם לעבען? — זיין גייסט האט איהם געצויגען אין דער הויך, ער איז אבער געבארען געווארען זעהר ניעדעריג און זיינע פערנאכגנהייט האט איהם געשלעפט צוריק, אין דער טיעפעניש. —

דער גראף האט וויעדער געשוויעגען אייניגע מינוט. דאן האט ער געזאגט ערנסט:

— איך וועל זארגען, אז מען זאל דעם יונגען מאן אנשטענדיג בעערדיגען און מען זאל איהם ניט איבערשיקען אין אנאטאמישען טהעאטער, דיא דאקטוירים זאלען איהם צו שניידען, וויא מען טהוט מיט דיא לייבען, וועלכע קיינער דערקענט ניט און פארדערט זיי ניט. —

ער האט וויעדער געשוויעגען א פאר אויגענבליקע, אין וועלכע ער האט זיך איבערלעגט וואס צו זאגען.

— איהר אבער, האט ער ווייטער געזאגט, איהר, וואס האט פערפיהרט דיעזען יונגען מענשען, איהר דארפט זיך בייגען פאר גאט, וויינען פאר איהם און איהם

בעטען, ער זאל אייך פערצייהען. ער איז דער גאט דער ליעבע, נור ער קען פערצייהען אזא זינד, וועלכע איז בעגאנגען געוואָרען דורך ליעבע.

ביי דיעזע ווערטער האט זיך דער קערפּער פון דער מארקיזא אויסגעצויגען. איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פלאַמען, איהר געזיכט איז רויט געוואָרען און זיא האט געזאגט מיט א הארטער, בייזער, שארפע שטימע:

— ווען איך האב יעצט דערזעהן דעם טויטען קערפּער פוּם ארימען ארבייטער, וועלכען איך האב געטריעבען צום טויט, האב איך געפיהלט שרעקליכע שמערצען און בעדויערן. — ווען איך זאל גלויבען, אז עס איז דא אויף דער וועלט א העכערע מאַכט, וועלכע קען פערצייהען, וואלט איך געוויס געוויינט און געבעטען, אז זיא זאל מיר פערצייהען. — ליידער, גלויב איך נאך דערווייל ניט אין אזא מאַכט. — איהר אבער, פרומער גראף, איהר, וועלכער טהוט אלעס נור פון גאטעס וועגען און פון זיין הייליגען גלויבען וועגען; איהר וועלכער טראגט אויפ'ן הארצען דעם הייליגען צייכען פון אייער רעליגיאָן, דעם קרייץ, אויף וועלכען א י י ע ר גאט דער ליעבע איז געשטארבען — איהר דארפט וויינען און בעטען אייער גאָט אום פערצייהונג! דיעזעס מאל האט ניט חוה פערפיהרט אדם'ן און האט איהם געגעבען צו עסען פוּם עץ הדעת, זאנדערן — דער מאן האט פערפיהרט דיא פרוי!

— וואס איז דאס פאר א שפּראַכע? האט דער גראף געפרעגט ערשטוינט.

ער האט נאר ניט געקענט פערשטעהן וויא עס קומט, וואס דיעזע פרוי, וועלכע האט ביז אהער פאר איהם געציטערט און האט ניט געוואגט אַרויסצוזאגען א ווארט געגען זיינע בעפעהלע, זאל פּלוצלונג זיך ערלויבען צו רעדען מיט איהם מיט אזא שטאָלצען טאָן.

— וואס איז דאס פאר א שפּראַכע? האט ער געפרעגט נאך א מאל — איהר פערגעסט —

— איך פערגעס גאר נישט, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט מיט דעמזעלבען שארפען און הארטען טאָן. — איך פערגעס גאר נישט און רעד דיא שפּראַכע, וועלכע איך האב דאס רעכט צו רעדען. — איך וויים, אז איך האב בעגאנגען אין מיין לעבען זעהר פיעל זינד. — איך בין פעראנטוואָרטליך פאר דיעזע זינד. — אין דעם טויט אבער פון יענעם ארבייטער בין איך ניט שולדיג. איך וואלט איהם קיין מאל ניט געטריעבען צום טויט פון מיינעט וועגען. — איהר, הערר גראף, האט עס מיר געהייסען טהאן; איהר האט מיר געזאגט, אז איהר נעהמט מיך אויף אין דער געזעלשאפט פון יעזוס קריסטוס; איהר האט מיר געזאגט, אז איך וועל דיענען גאט און זיין הייליגע קירכע, ווען איך וועל אויספאלגען אייערע בעפעהלע; איהר האט מיר ערקלערט, אז אייערע בעפעהלע דיענען צום בעסטען פון דער גאנצער מענשהייט; איהר האט מיר געוויעזען דעם וועג, וועלכער פיהרט צום הימעל — דעם וועג, אויף וועלכען אלע פרומע און אלע הייליגע זיינען געגאנגען. — וואס פאר א רעכט האט איהר יעצט מיר צו זאגען, איך זאל מיך בייגען פאר גאט, פאר איהם וויינען און איהם בעטען, ער זאל מיר פערצייהען?

עס איז געפאלען אן אפּפער, א יונגעס און קרעפטיגעס מענשענלעבען איז צער־שטערט געווארען דורך מיר. — בין איך אבער שולדיג? איהר האט עס מיר געהייסען

טהאן! ער איז געוועזן ניט מיין ווערקצייג, זאנדערן דאס ווערקצייג פון א ייערע פלענער; איך בעדויער דיעזען אונגליקליכען, ווייל איך האב א ווייכעס הארץ און ער טהוט מיר לייד. — איהר אבער, הערר גראף, האט קיין רעכט מיר צו מאכען פארווירפע פאר זיין טויט.

דער גראף האט זיא געלאזט אויסרעדען ביז צו ענדע. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויעזען א העלע רויטקייט. ער האט זיך אומגעקעהרט צו איהר און האט זיא דורכגעשטאָכען מיט זיינע פייעריגע בליקען. דאן האט ער געזאגט מיט אן אייז קאלטען טאן:

— איהר רעדט מיט מיר א שפראכע, וועלכע פאסט ניט פאר אייך. — איך בעט אייך, איהר זאלט קיין מאל ניט פערגעסען, אז איהר זייט ניט מעהר, וויא אן אינסטרומענט, א ווערקצייג, אין מיינע הענד. — ווען איך וועל נור וועלען, קען איך צוברעכען דיעזעס אינסטרומענט אויף שטיקלעך און עס אוועקווארפען אויפ'ן מיסט.

— הערר גראף! האט דיא יונגע פרוי געזאָגט שטאָלץ. — איהר זאגט אלץ מיר, איך זאל ניט פערגעסען, וואס איך בין. יעצט וועל איך אייך זאגען, איהר זאלט ניט פערגעסען, אז דעם גאנצען נוצען פון מיין פערברעכען האט איהר, ניט איך. ביי אייך אין דיא הענד ליגען דיא דאקומענטען, פאר וועלכע יענער אונגליקליכער ליעגט יעצט דארט, אין דער מארג. — איך שטעל מיר פאר, ווען אזא פראצעס קומט פאר א ריכטער, אדער נאך בעסער, פאר א געשווארענע געריכט — איך זאג נור אלס ביידשפיעל — וואס וואלט דער ריכטער געזאָגט? — וואס פאר אן אורטהייל וואלטען דיא געשווארענע ארויסגעבראכט? —

דער גראף איז אויפגעשפרונגען פון'ם ווייכען זיץ פון דער קארעטע, זיינע אויגען האבען געגליהט, זיינע באקען האבען זיך אנגעצונדען, זיינע ליפּען זיינען געוואָרען בלוי אן ער האט געוואלט ארויסזאגען א ווארט, וועלכעס זאל פערניכטען דיעזע פרוי, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם און האט מיט איהם גערעדט מיט אזא טאן, צו וועלכען ער איז ניט געוועזן געוואינט.

איידער אבער ער האט נאך צייט געהאט ארויסצורעדען א ווארט, האט זיך דאס געזיכט פון דער יונגער פרוי אין גאנצען פערענדערט. זיא האט אנגעבויגען דעם קאפּ, האט צונויפגעלעגט דיא הענד, וויא אין א געבעט און האט געזאגט מיט א שוואכער, ווייכער שטימע:

— פערצייהט מיר, הערר גראף, וואס איך האב אייך געקרענקט. דער אנבליק פון דיא לייכען אין דער מארג האט מיך אזוי אויפגערעגט, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס איך רעד. — אך! איהר, הערר גראף, ווייסט, אז מיין פערגאנגענהייט איז זעהר שווארץ. עס איז גאר קיין וואונדער ניט, ווען איך וויל שוין מעהר קיין שולד אויף מיר ניט נעהמען. — ענטשולדיגט מיר פאר דיעזע הארטע שפּראכע, וועלכע איך האב געזאגט געגען אייך. — איהר וועט מעהר פון מיר ניט הערן אזא שפּראכע. — איך בין און וועל בלייבען אייער טרייע און ערגעבענע דיענערין. — וואס קימערט מיך דער ארבייטער? — ער איז אליין שולדיג אין זיין טויט. — האב איך איהם דען געהייסען גנבענען די דאקומענטען? — איך האב איהם נור געזאגט, אז זיי זיינען פאר מיר וויכטיג. —

ער איז געקראכען אין פייער — דער נאר! — און האט זיך פערברענט. — ווער איז דא שולדיג? —

דער גראף האט געקוקט אויף איהר דיא גאנצע צייט, וואס זיא האט גערעדט. זיין געזיכט איז געווארען רוהיג, אבער טרויעריג און פערטראכט. ער האט פערשטאַנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט, אז דיא יונגע פרוי, וועלכע ער האט ביז אהער גע־מיינט, אז ער האלט זיא אזוי שטארק אין דיא הענד, איז ערגעץ געקומען אין א בע־ריהרונג מיט אנאנדער קראפט. — מעגליך, אז יענע קראַפט איז שטארקער אלס זיינע. איהם איז שווער געווען אפצונאהרען. ער האט זיא בעסער געקענט, וויא זיא האט גערעכענט. ער האט דאהער קיין ווארט ניט געענטפערט, ווען זיא האט זיך פאר איהם אזוי ענטשולדיגט. ער האט ניט געזאגט, אז ער נעהמט אן דיא ענטשולדיגונג אדער ער נעהמט זיא ניט אן.

אונטערדעסען איז דיא קארעטע אנגעקומען אין דיא רוישענדע גאסען פון פּאַריז. דער גראף האט ארויסגעקוקט פון׳ם פענסטער און האט געזעהן, אז זיי זיינען שוין ניט וויים פון׳ם פּאַלאַץ, וואו דיא מארקיזא האט געוואינט.

— און וויא שטעהט עס מיט דעם דייטשען אפיציער, מיט דעם וואנדענשטיין? האט ער געפרעגט. — ער קריעכט אויך אין פייער. וועט ער זיך אויך פערברענען דיא פליגעל, וויא יענער ארבייטער?

— ניין! האט זיא געענטפערט. איהר האט מיר א מאל געזאגט, אז איך קען איהם פערבייטען פאר יענעם אפיציער אין וויען. איך וויל עס טהאן. ער געפעלט מיר. — איהר ערלויבט עס מיר, הערר גראף? האט זיא געפרעגט מיט א ביטענדען טאן.

— איך וועל מיך איבערלעגען, האט ער געזאגט גאנץ שטיל און וויא צו זיך אליין.

דיא מארקיזא אבער האט עס בעמערקט און א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפּען.

דיא קארעטע איז צוגעפאהרען צום פּאַלאַץ פון דער מארקיזא און איז געבליע־בען שטעהן.

— זאל איך הייסען דעם קוטשער אייך אפּפיהרען א היים? האט זיא איהם געפרעגט.

— איך דאנקע! האט ער געענטפערט. עס איז ניט וויים, איך וועל געהן צו פוס.

ער איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט איהר געהאלפען ארויס־געהן. זיי זיינען ביידע געשטאנען פאר דיא טרעפּ פון איהר פּאַלאַץ און דער גראף האט זיך פערנייגט און געוואלט אוועקגעהן, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און וואנדענשטיין איז ארויסגעקומען פון׳ם פּאַלאַץ.

— ענטשולדיגט מיר, הערר וואנדענשטיין, האט זיך דיא מארקיזא צו איהם געווענדעט — ענטשולדיגט מיר, וואס איך האב אייך געלאזט אזוי לאנג ווארטען. איך וואלט שוין לאנג געקומען א היים, איך האב אבער בעגעגענט דער גראף דע ריווערא און ער האט מיך אביסעל פערהאלטען.

וואנדענשטיין איז אראפּ פון דיא טרעפּ, האט געגעבען גראף דע ריווערא דיא האנד און האט זיך פערנייגט פאר דער מארקיזא.

— איך בין יעצט מיעד, האט דיא מארקיזא געזאגט צום יונגען אפיציער, און דארף מיך איבערטהאן.— הייטע אבענד ערווארט איך אייך, העדר װענדענשטיין.— יעצט אלזא: אויף װיעדערזעהן, מיינע העררען!

זיא האט דערלאנגט דעם גראף איהר האנד. ער האט א לייכטען ציטער געטהאן, װען ער האט זיא גענומען. דאן האט זיא געגעבען איהר האנד דעם יונגען אפיציער און האט איהם א לייכטען דריק געטהאן. ער האט זיא פערשטאנען. איהם האט אויסגעװיעזען, אז זיא װיל ניט, דער גראף זאל װיסען, װיא נאהענט זיי זיינען איינער צום אנדערן.

לייכט, װיא א זומער־פייגעלע איז זיא ארויפגעשפרונגען אויף דיא עטליכע טרעפ צוא איהר טהיר און איז באלד פערשװאונדען.

— אין װאס פאר א זייט געהט איהר, העדר גראף? האט װענדענשטיין געפרעגט.— איך האב געװאלט געהן אביסעל זעהען דיא אויסשטעלונג און װאלט זעהר געװאלט געהען מיט נאך איינעם.

— איך געה יעצט אהיים. איך האב דארט איינינע זאכען צו בעזארגען, האט דער גראף געענטפערט. איך ראטהע אייך אבער צו געהן יעצט אויף דער אויס־שטעלונג. איהר װעט דארט יעצט טרעפען דעם װיצע־קעניג פון עגיפּטען. ער איז ערשט נעכטין געקומען און װעט זיך היינט װייזען פאר גאנץ פאריז אין זיין גאנצער אריענטאלישער העררלכקייט.— געהט אהין! עס איז װערטה אנצוקוקען דיעזען אפריקאנישען פירסט.— איך װינש אייך פיעל פערגעניגען!

מיט דיעזע װערטער האט ער זיך לייכט פערנייגט און איז אװעקגעגאנגען. װענדענשטיין האט צוגערופען א דראשקע און איז אװעקגעפאהרען אויף דער אויס־שטעלונג. גראף דע ריװערא איז געגאנגען לאנגזאם און פערטראכט.

— זיי װילען מיך אפנארען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. עס איז שוין געקר מען צװישען זיי זעהר װייט. איך האב עס דערקענט אין זיינע אויגען.— זאל איך איהם אויך אויפאפפערן?— ער װייזט אויס צו זיין אזוי גוט און אזי אונשולדיג, װיא א קינד. — זיא װעט איהם פערפיהרען. װאס װעט דאס ענדע זיין?— איך טאר ניט דערלאזען, אז עס זאל זיך װיעדער איינער נעמען דאס לעבען צו ליעב דיעזע פרױ!

ער איז געגאנגען האסטיג צו זיין קװארטיר. װען ער איז אריינגעקומען אין זיין זאל, האט ער געפונען עטליכע בריעף ביי זיך אויפ'ן טישעל. ער האט זיי געעפענט, האט זיי דורך געלעזען מיט דיא אויגען און האט זיי אװעק געװארפען. דאן איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער, האט זיך אנידערגעזעצט און האט זיך פערטראכט.

— זיא האט מיר היינט געװיזען איהר װאהרעס געזיכט, האט ער געזאגט צו זיך אליין.— מיין מאכט װערט איהר צו שװער, זיא װיל זיך ארויסרייסען פון דיא ציגעל.— זיא איז א טייפעל, װעלכער װעט קיין מאל ניט פארשטעהן דיא הויכע און עדעלע צװעקע, צו װעלכע איך שטרעב.— עס װעט איהר אבער ניט העלפען. זיא מעג זיך רייסען און שפרינגען פון דער הויט — זיא װעט מוזען אייביינגען דעם קאפ און געהן אויף דעם װעג, װאוהין איך װעל זיא פיהרען.— איהר קימערט װעניג דער

ארימער ארבייטער, וועלכען זיא האט געטריעבען צום טויט. — זיא האט נור געוואלט מיר ווייזען, וואס זיא האט געטהאן און מיר זאגען, אז איך בין איהר מיטשולדיגער. — זיא האט מיך געוואלט איבערשרעקען. — נו! דוא האסט א טעות, מיין טהייערע! — ניט איך בין דער מאן, וועלכער זאל זיך אזוי גיך איבערשרעקען. — איך מוז קומען צו מיין ציעל, ווען אויך איך זאל דארפען געהן איבער טויזענדער טויטע קערפער! — מיט פייער און מיט שווערד מוז מען בעקעמפפען דעם אונגלויבען און דיעזע נייע אידעען פון פרייהייט! — נאך איז דער ארדער יעזו — דער יעזואיטען ארדען — ניט געשטארבען. מיר לעבען נאך אום אלער שרייער פון פרייהייט צו פערניכטען. —

ער איז זיך דורכגעגאנגען אפּאָר מאל זיין צימער און האט זיך ווידער פערטראכט — דעם יונגען וועגדענשטיין מוז איך רעטען פון דיעזער פרוי. ער קען מיר נוצען אין אנאנדער פאל. באראָן שטילאָוו איז יעצטאיינער פון דיא טרייסטע אנהענגער פון׳ם הייליגען פאטער. ער האט געשענקט א גאנצעס פערמעגען אונזער ארדען. — וועגדענשטיין איז צוואר ניט רייך. פון איהם קאן איך אזוי פיעל ניט ערווארטען. — ער איז אבער יונג און טהעטיג. — ווען ער ווערט געוואהר, ווער דיעזע מארקיזא איז, וועט ער שוידערן. עס וועט מיר לייכט זיין איהם צו צוציהען צו אונזער ארדען. — מיר דארפען אזעלכע יונגע, פעהיגע טהעטיגע מענשען. —

ער האט אנגעקלונגען און האט געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע.

— — — — — — — — — — — — — —

אין גרויסען און העלען זאל פון דער שניידערין, מאדעמואזעל שאמבאָר, איז היינט שטיל. עס זיצען צוואר מיידלעך און ארבייטען, עס זיינען אבער היינט געקומען ווייניג קונדען. אלע האבען זיך אנגעגרייט קליידער פאר דער אויסשטעלונג און דארפען יעצט קיינע קליידער מעהר ניט. דיא שניידערין אליין זיצט היינט לאנגווייליג און קוקט ארויס פון׳ם פענסטער. זיא ווארט אויף קונדען. זיא קוקט זיך ווייניג צו, וואס איהרע ארבייטערינען טהוען. זיא איז בעשעפטיגט מיט עפּעס אנדערש.

א רייכע און עלעגאנטע קארעטער איז צוגעפאהרען צום מאגאזין. דיא שניידערין האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר עמפּפאנגען דעם גאסט.

פון דער קארעטע איז ארויסגעגאנגען דיא מארקיזא פּאלאנצאני און איז אריין גלייך אין מאגאזין. דיא שניידערין האט איהר בעטראכט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס. זיא האט זיא געזעהן צום ערשטען מאל. זיא האט צוואר געהאט רייכע קונדען אויך, אבער אזא רייכע קארעטע מיט אזא טהייערע פּאָר פערד איז צום ערשטען מאל געבליבען שטעהן פאר איהר טהיר.

מאדעמואזעל שאמבאָר האט אויפגענומען דעם נייעם גאסט מיט דער גאנצער פראנצייזישער העפליכקייט און האט איהר געפרעגט, מיט וואס זיא קען איהר דיענען.

— איך קום צו אייך דאס ערשטע מאל, האט דיא מארקיזא געזאָגט. איינער פון מיינע פריינד האט אייך רעקאָמאנדירט צו מיר. איך וויל מיר מאַכען א נייעס באל קלייד.

— איך וועל מיר געבען אלע מעגליכע מיה, איהר זאָלט צופריעדען זיין מיט

מיין ארבייט, האט דיא שניידערין געענטפערט און האט איהר אנגעהויבען צו ווייזען פערשיעדענע שטאפען און מוסטערן פון קליידער.

עס האט געדויערט א גרוימע צייט, ביז דיא מארקיזא האט זיך אויסגעקליבען א שטאף און א מוסטער אויף א קלייד. ווען זיא האט זיך שוין אויסגעקליבען און דיא שניידערין האט איהר אראפּגענומען א מאס, האט דיא מארקיזא איהר געזאגט:

— איך וואלט אייך נאך געבעטען א געפעליגקייט. איך האב איבערצושיקען א בריעף צו מיינע א פריינדין און איך האב גראדע פערגעסען איהר אדרעס. זיא קומט אבער אָפּט צו אייך און איהר ווייסט געוויס, וואו זיא וואינט. איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און איהר איבערגעבען דיעזען בריעף.

— מיט פערגעניגען! האט געזאגט דיא שניידערין און האט צו גענומען דעם בריעף.

איהר געזיכט האט זיך דער ביי ניט פערענדערט. עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען, אז דיא ביידע פרויען רעדען פון עפּעס אנדערש אלס פון א גאנץ געוועהנ־ליכע געפעליגקייט.

דיא מארקיזא האט איהר געגעבען האנדגעלט פאר דאס קלייד, וואס זיא האט בעשטעלט און האט נאך געבעטען, אז דאס קלייד זאל זיין גוט געמאכט.

— זייט זיכער, אז דאס קלייד וועט זיין גוט, האט דיא שניידערין זיא נאך אמאל פערזיכערט און האט זיא בעגלייט ביז צו דער קארעטע.

דער לאקיי איז אראָפּגעשפּרונגען און האט געעפענט דאס טהירעל. דיא מאר־קיזא האט זיך אריינגעזעצט און געהייסען פאהרען א היים.

— איך וויל איהם ווייזען דעם שטאלצען גראף, אז איך קען אראָפּוואַרפען זיין יאך פון מיר, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, ווען דיא קארעטע האט גערוישט איבער דעם הארטען פלאסטער פון פאריזער גאסען. — איך האב איהם שוין היינט געוויעזען מיינע נעגעל. — איך האב זיי באלד צוריקגעצויגען. איך האב מיך ענטשולדיגט, וויל איך קען נאך ניט מיינע נייע פערבינדעטע. — איך ווייס נאך ניט, מיט וועמען איך האב צו טהאן. — איך האב יעצט צום ערשטען מאל בענוצט דיא אדרעסע, וואס דער מאן, וואס האט זיך געהייסען רופען מארטינא, האט מיר געגעבען.— איך מוז זיי קע־נען.— ווען זיי זיינען נור געגוג שטארק; ווען זיי וועלען נור אויסהאלטען דיא פּראָבע, אויף וועלכע איך וועל זיי שטעלען — דאן, הערר גראף, אדיע אייער הערשאַפט איבער מיר! — גענוג מיט מיר קאָמאנדירען! — איך וויל הערשען, איך וויל האבען רייכקייט און מאכט — איך וויל אבער נים, מען זאל מיט מיר שפּיעלען, וויא מיט א שפּיעל־ציינ, וויא איהר האט זיך היינט ערלויבט מיר צו זאגען, הערר גראף. — אך! איהר פרומע יעזואיטען! איהר האלט שטענדיג גאט אין מויל, איהר ווילט גליקליך מאכען דיא מענשהייט און זיא ארויפפיהרען אין הימעל און איהר אליין ווילט אייך צו נעהמען דיא ערד — איהר ווילט בעהערשען דיא וועלט אין נאמען פון גאָט, אין נאמען פון'ם הייליגען גלויבען.— טפוי, איבער אייך! איהר ליגנער! —

אין דער צייט וואס דיא מארקיזא איז געפאהרען א היים, איז מאדאמואזעל

שאמבאַר געזעסען און האט בעטראכט דעם בריעף, וועלכען דיא מארקיזא האט איהר איבערגעלאזען.

— וויא קומט דיעזע פרוי צו אונז? האט זיא געפרעגט זיך אליין. — וויא קען אזא רייכע און שטאלצע אריסטאקראטין ווערן א מיטגליעד פון׳ם אינטערנאציאנאלען געהיים בונד?

עס איז איהר פארגעקומען אזוי זאנדערבאר, אז זיא האט זיך ניט געקענט איינ־האלטען.

— איך מוז זעהן צו וועמען זיא שרייבט, האט זיא ווייטער געזאגט. דאס איז אזוי אינטערעסאנט, אז איך קען מיך ניט איינהאלטען, ביז מען וועט קומען פרעגען אויף א בריעף. — איך מוז איהם לעזען!

זיא האט ניט געקענט איבערוועלטיגען איהר פרויען נייגיערדע.

דער בריעף, וועלכען דיא מארקיזא האט איהר געגעבען איז געוועזען אהן אן אדרעס. ער איז געוועזען צוגעקלעפט, אבער ניט פערזיעגעלט. מאדעמואזעל שאמבאַר איז געוועזען א מייסטערין. זיא האט געוואוסט, וויא אזוי צו עפענען אזעלכע בריעף.

זיא איז באלד אריינגעגאנגען אין איהר קיך, האט אנגעגאסען א גלאז הייסעס וואסער און האט געהאלטען דעם בריעף איינינגע מינוטען אויפ׳ן דאמפף פון׳ם הייסען וואסער. דער קאנווערט האט זיך באלד אפגעקלעפט, זיא האט איהם געעפענט און האט איבערגעלעזען פאלגענדעס:

אונבעקאנטער!

„איך וויל בענוצען יעצט אונזער אבמאכונג אין דער שטראסע לאפעוו. קומט „הייטע אבענד אין טהעאטער אמביגו. איך וועל אייך ערווארטען אין לאזשע נומער 5“.

מ. פ.

— אזוי? קען זיא נאך ניט דעם נאמען פון דעם, צו וועמען זיא שרייבט? האט דיא שניידערין געזאגט. אלזא, מאכט עס ניט אויס, וועמען איך וועל עס איבערגע־בען. — עס איז א נייע. זיא ווייס נאך ניט, צו וועמען צו שרייבען, — גוט! איך וועל עס באלד צו שיקען צו מאדזיני.

זיא האט ווידער פערקלעפט דעם בריעף, האט אויף איהם אנגעשריעבען אן אדרעסע און איז ארויסגעגאנגען אויף דער גאס. דארט האט זיא צוגערופען א קאמיסיאנער און האט איהם געהייסען באלד אפטראגען דעם בריעף אין א הויז, וועלכעס זיא האט איהם אנגעוויעזען.

## 39טעם קאפיטעל.

## פאטער און טאכטער.

יוליא ראמאנא איז געשלאפען זעהר שפעט נאך דער נעכטיגער פארשטעלונג פון שרה בערנהארד. זיא מיט איהר מוטער, מיט פירסט מעשטשערסקי זיינען נאך געזעסען זעהר שפעט אין א רעסטאראן, וואו דער פירסט האט געהייסען מאכען פון וויערט וועגען א גראנדארטיגען סאפער.

דיא שעהנע וואנד אוהר האט אויסגעשלאגען צעהן אוהר און יוליא איז נאך

געלעגען אין בעט. זיא איז שוין אבער ניט געשלאפען. א גאַנצע נאכט האט זיא געטרוימט פון שרה בערנהארד, פון׳ם טהעאטער, פון דער קונסט, פון׳ם פובליקום. שעהנע, ליכטיגע געשטאלטען האבען ארום איהר געשוועבט א גאנצע נאכט און זיא האט געטרוימט אזוי זיס, אזוי ליעבליך, אז זיא האט געוואלט, עס זאל דויערן אייביג.

וואונדערבאר! אין איהרע טריימע האט זיא געזעהן דעם גראף דע ריווערא, דעמזעלבען, וועלכען זיא האט איין מאל בעגעגענט, ווען זיא איז געפאהרען מיט איהר געליעבטען. — עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז ער רעדט צו איהר, רופט זיא און פיהרט זיא ערגעץ צווישען בלומען און ביימער.

— גראף דע ריווערא! האט זיא אויסגערופען אין טרוים — וואס געהער זיך אן מיט מיר דיעזער גראף? — איך האב איהם נור איין מאל געזעהן — ער האט מיך דורכגעדרונגען מיט זיין בליק — מיין געליעבטער האט מיר געזאגט, אז גראף דע ריווערא איז א זעלטענער מענש. ער מאכט אויף יעדען א גוטען איינדרוק. — דאס קען זיין. — וויא קומט אבער דיעזער גראף צו מיר? — מיר דאכט אז איך האב איהם נעכטען געזעהן אין טהעאטער. — מיר דאכט, אז ער האט געקוקט אויף מיר — איז ער דען אויך פון דעם סאָרט מענשען, וויא דער אונגארישער גראף נאגי? — ניין, ניין! גראף דע ריווערא איז גוט און עדעל —

באַלד איז דיעזער טרוים פערשוואונדען און זיא האט וויעדער געזעהן שרה בערנהארד, וויא זיא שפיעלט איהר ראָלע. הינטער איהר איז געשטאנען גראף דע ריווערא און האט איהר עפעס אונטערגעזאגט און געלערנט, וויא אזוי צו שפיעלען. דיא גרויסע קינסטלערין האט איהם אויסגעהערט און האט איהם געדאנקט פאר זיין ־אטה.

באַלד איז דיעזעס בילד וויעדער פערשוואונדען און זיא האט געזעהן, וויא זיא אליין שטעהט אויף דער ביהנע און שפיעלט א שווערע ראָליע. הינטער איהר שטעהט שרה בערנהארד און לערנט זיא און וויזט איהר, וויא אזוי צו שפיעלען. אלע זיינען ענטציקט. מען פאטשט בראַוואָ, מען וויל גאר ניט אויפהערן. מען רופט זיא ארויס, מען בעווארפט זיא מיט בלומען, — זיא איז גליקליך.

אזוי זיס, אזוי אנגענעהם האט זיא געטרייםט א גאנצע נאכט. ווען זיא האט געעפענט דיא אויגען, האט זיך איהר אויסגעוויעזען. אז זיא טרייםט נאך.

— דאס הייסט דיא קונסט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — יעצט פערשטעה איך, פארוואס דאס טהעאטער האט אזא ווירקונג אויף מענשען און ציהט איהם אזוי אן. — ווען דער מענש איז ניט הונגעריג, ווען דער קערפער איז בעפריעדיגט, פאָדערט דער גייסט זיין שפייז. דיא אויגען ווילען עפעס זעהן, דיא אויערן ווילען עפעס הערן, דאס הערץ וויל פיהלען.

ווען דיא מענשען זיינען געווען גראב און ווילד, איז פאר זיי גענוג געווען צו זעהן, וויא צוויי מענשען שלאגען זיך און איינער טוידטעט דעם אנדערן אדער וויא מענשען שלאגען זיך מיט ווילדע טהיערע. אזעלכע שוישפיעלע פלעגט מען אמאל געבען אין רוים און אין גריעכענלאנד, אזעלכע טהעאטער שטיקע ניט מען נאך היינט אין שפאניען און אין ווייטען אמעריקא, וואו דיא מענשען זיינען נאך האלב ווילד און

מען מוז זיי קראצען איבער דיא פוס זאָהלען, זיי זאלען עפּעס פיהלען. — אין ציוויליזירטע לענדער, פאר געבילדעטע מענשען גיבט עס אַן אנדערעס, העכערעס און עדעלערעס פערגניגען — דיא דראמאטישע קונסט, וואו דאס הערץ פיהלט און דער פערשטאנד ווערט בעפריעדיגט.

זיא איז מעהר ניט געווען ביין אויף איהר מוטער, פאר וואס זיא האט זיא געטריעבען אויף דער ביהנע. — זיא האט צוואַר אנדערע אויסזיכטען מיט מיר, אבער עס קען דאך פיהרען צום גוטען.

— איך ווייס ניט, פון וואנען עס נעהמט זיך, וואס מען בעטראכט דיא אקטערע און אקטריסעס אלס פערדאָרבענע מענשען, האט זיא ווייטער געזאגט צו זיך אליין. דיא קונסט קען ניט מאכען דעם מענשען פאר שלעכט און פערדאָרבען. דיא קונסט מאכט דעם מענשען וויכער, בעסער און עדעלער. דער וואהרער אקטער דער וואהרער קינסטלער, דער, וואס פיהלט אין זיך דאס הייליגע פייער פון דער קונסט — דער מוז זיין א גוטער מענש. — שלעכט און פערדאָרבען זיינען אויף דער סצענע, וויא אין דער וועלט, נור דיעזע אקטערע, וועלכע פערשטעהן ניט דיא קונסט, ווייסען ניט, וואס דאס טהעאטער איז און זיינען אריינגעטריעטען אויף דער ביהנע צו דעמזעלבען צוועק, צו וועלכען מיין מוטער האט מיך געטריעבען אויף דער סצענע.

אזוי געהט עס אין טהעאטער, אזוי געהט עס אין דער וועלט. ווען איינער האט פעהיגקייטען צו זיין א גוטער גענעראל, ער לעבט אבער אין אזעלכע אומשטענדע, אז ער קען קיין גענעראל ניט ווערן — ווערט ער א רויבערהויפּטמאן, דער אנפיהרער פון א באנדע קעשענע גנבים. —

אויף דיא טרעפּ פון איהר וואוינונג האבען זיך געהערט שווערע טריט. אין איהר שלאף־צימער איז יעצט אריינגעקומען איהר קאמער־מעדכען און האט איהר געזאגט, אז עס איז שוין גאנץ שפּעט. איהר מוטער איז שוין לאנג אויפגעשטאנען.

יוליא איז אויפגעשטאנען און האט זיך אנגעהויבען אנצוטהאן.

— איך פיהל אין מיר דיא קראפט און דעם בערוף צו ווערן א גוטע אקטריסע, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, ווען זיא האט זיך געשטעלט פארן שפּיעגעל און האט פּראבירט נאכצומאכען א פּאָזע, וועלכע זיא האט געכטען געזעהן פון שרה בערנהארד.

עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז דיא פּאָזע איז איהר געלונגען און זיא האט גוט נאכגעמאכט דער גרויסער קינסטלערין.

— עס ציהט מיך אויף דער סצענע, האט זיא ווייטער געזאגט. איך בין זיכער, אז ביי דער גרויסער דראמאטיסטין וועל איך מיך אויסבילדען און פון מיר וועט עפּעס ווערן. — איך מוז געהן צו איהר! פּלוצלונג איז זיא געבליעבען שטיל. א טרויעריגער געדאנק איז איהר געקומען אין קאָפּ.

— אבער מיין פּאָטער? וויא קען איך לאזען דעם אונגליקליכען מאן אליין? — וויא קען איך איהם איבערלאזען מיט דער מוטער, וועלכע פעראכטעט איהם? — וואס וועט פון איהם ווערן? —

זיא האט זיך שנעל אנגעטהאן און איז געגאנגען זעהן, וואס ער מאכט. זיא איז דורכגעגאנגען דיא לעדיגע צימער, אין וועלכע איהר מוטער פלעגט אויפנעהמען

איהרע געסט, האט בעטראכט דיא שרעקליכע אונארדנונג, וואס דארט האט געהערשט, און עס האט איהר פערקלעמט ביים הארצען.

— וויא קען איך לאזען דעם אונגליקליכען מענשען אליין מיט מיין מוטער? האט זיא געמורמעלט און איז אריינגעקומען אין איהר פאטערס צימער.

דער מאלער ראָמאנא איז געזעסען פאר א בילד, וועלכעס ער האט אנגעהויבען צו מאלען מיט עטליכע יאהר צוריק און האט עס נאך ניט געענדיגט. ער איז געוועזען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און איז געזעסען מיט'ן קאפּ אראפּגעלאזען, פערטראכט און טרויעריג. ער האט ניט געהערט, וויא זיא איז אריינגעקומען, האט זיך ניט אומגעקוקט און האט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

שטילערהייט איז זיא צוגעגאנגען צום שוואכען, קראנקען מאַן, האט איהם ארומגענומען מיט קינדערליכער ליעבע און האט אנגעהויבען צו קושען זיינע קאַלטע, בלויע ליפּען.

דער מאלער האט זיך אויפגעחאפּט, וויא פון א שווערען טרוים, און האט זיך ארומגעקוקט, וואו ער איז. זיין געזיכט איז געוואָרען פרעהליכער, זיינע אויגען האבען צוריק בעקומען זייער גלאנץ, ווען ער האט דערזעהן דאס יונגע מעדכען פאר זיך.

— וויא געהט עס היינט מיין טטען, ליעבען פּאָטער? האט יוליא געפרעגט מיט א קינדיש ליעבליכער שטימע.

— ווען מיינע ליעבע יוליא איז ביי מיר, געהט עס מיר שטענדיג גוט, האט ער געענטפערט און האט אנגעהויבען צו גלעטען איהרע האר. — ווען דוא קומסט צו מיר, מיין גוטעס, ליעבעס קינד, בין איך גליקליך און פערגעס דאס עלענד פון דיעזער וועלט.

ער האט צוגערוקט א קינדער שטוהל, אויף וועלכען יוליא פלעגט זיצען, ווען זיא איז געוועזען א קינד, און וועלכען ער פלעגט שטענדיג האלטען ביי זיך אין צימער, וויא א הייליגטהום, און האט איהר געזאגט:

— זעץ זיך מיין קינד. זעץ זיך דא אויפ'ן שטול, וואו דוא האסט זיך געשפּיעלט אלס קינד. ווען איך זעה דיך זיצען אין דיעזען קינדער שטול, דערמאן איך מיך אן דיא פערגאנגענע יאהרען. מיר דאכט זיך דאן, אז אַלע צוריסענע פעדים פון מיין לעבען פעראייניגען זיך ווידער, אלע שעהנע פאַרבען, וועלכע האבען אפּגעבלאקעוועט, ווערן ווידער פריש. — און פאר מיר שטעהט ווידער א שעהנעס, הערליכעס בילד — א בילד פון א גוטען, געארדענטען מענשענלעבען.—

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט שווערע טריט אין זאַל פון מאדאם לוקרעציא. דער מאַלער האט א ציטער געטהאן. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז זיין ליעבע פרוי געהט און וועט איהם שוין מאכען אן אונאנגענעהמע סצענע דערפאַר, וואס ער האט דיעזע וואך זעהר וועניג פערדיענט.

ער איז געווארען זעהר אונרוהיג און האט געקוקט צו דער טהיר, וועלכע האט זיך אין דיעזע מינוט געעפענט. פּלוצלונג איז ער געווארען בלייך, וויא קאַלך. זיינע אויגען האבען זיך געעפענט און זיינען געווארען זעהר גרויס. אן אויסדרוק פון שרעק און ענטזעצען האט זיך געוויזען אויף זיין געזיכט און ער האט אנגעהויבען צו מאכען מיט דיא הענד, גלייך וויא ער וואלט זיך געשוועהרט געגען וועמעס.

יוליא האט געזעהן, וויא איהר פאטער האט זיך אזוי ־לוצלונג פערענדערט און האט זיך אויך דערשראקען. זיא האט ניט געקענט פערשטעהן דיא אורזאכע פון זיין שרעק אין פערצווייפלונג. אונגערן האט זיא א קוק געטהאן צו דער טהיר — און האט געגעבען א לייכטען געשריי פון פערוואונדערונג און שטוינען און איז אויך געבּ ליעבען זיצען אויף איהר קינדער שטול, וויא פון בליץ געטראפען.

אין דעם האלב געעפענטען טהיר, האלב פערשטעלט אין שאטען פון דעם אנּ דערן צימער, איז געשטאנען גראף דע ריווערא, וויא א מארמאָר זייל.

זיין געזיכט איז געוועזן בלאס און שטרענג. זיינע אויגען האבען געקוקט אין איין זייט — אויפ'ן מאלער און אויף דאס יונגע מעדכען. — עס זיינען פערגאנגען עטליכע שווערע מינוטען פאר אלעמען. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט. — עס האט זיך אפגעשפיעלט איינע פון דיא שרעקליכע, שטומע דראמען, וועלכע עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען מיט ווערטער.

— גאעטאנאָ! האט ענדליך געזאגט גראף דע ריווערא שטיל, אבער מיט אן אייז קאלטער שטימע. — גאעטאנאָ! איך בין געקומען פאדערן ביי דיר רעכענשאפט. — וואס האסט דוא געמאכט מיט דעם גליק, מיט דעם פריעדען, מיט דעם צוטרויען פון דיין ברודער? — וואס איז געווארען פון זיין פרוי — און פון זיין קינד?

דער מאלער האט איינינע מינוטען ניט געקענט ענטפערן. ער האט זיך אראפּ־ געקייקעלט פון דיוואן, האט זיך צוגעשלעפט צו דער טהיר, וואו גראף דע ריווערא איז געשטאנען, איז געפאלען פאר איהם אויף דיא קניע, און האט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל.

— ברודער! האט ער ענדליך אויסגערופען מיט אן אונמענשליכער שטימע. — ברודער! מיין פערברעכען איז שווארץ, וויא דיא נאכט. — מיין שולד איז שרעקליך, וויא דיא העללע — איך שווער דיר אבער ביים אייביגען הימעל, וועלכער שיקט אונז דונער און בליצען, אז וויא גרויס מיין פערברעכען זאל ניט זיין — נאך גרעסער זיינען מיינע שמערצען און מיינע ליידען! — אך, ברודער! דוא האסט גאר קיין בעגריף ניט וויפיעל איך האבע געליטען אין דיעזע לאנגע, לאנגע יאהרען. דוא קענסט דיר גאר ניט פאָרשטעלען, וויא מיין ארימעס הערץ איז געוועזן געפייניגט און געריסען אין דיעזע לאנגע יאהרען. — ווען עס איז דא ערגעץ א העללע, א גיהנם, האָב איך אויף דער וועלט איבערגעליטען אלע פייניגונגען און אלע ליידען, וועלכע קענען נור פארקומען אין דער העללע. — מיין איינציגע האפנונג איז געוועזן — א מאל נאך צו זעהן מיין ברודער, ארומנעהמען זיינע קניע און בעטען, ער זאל מיך בעשטראָפען, ער זאל אויף מיר אויסגיסען זיין גאנצען צארן. — איך קען עס מעהר ניט אויסהאלטען. — מיין שווארצע, שרעקליכע שולד פרעסט מיך צו דער ערד! — ער שטעהט יעצט פאר מיר — שטרענג, וויא דער ענגעל פון ראכע, אונערביטליך, וויא דיא גערעכטיגקייט — שטראָף מיך, ברודער! — איך האָב עס פערדיענט — בעפרייע מיך פון א לעבען, וועלּ כער איז פאר מיר ערגער, וויא דער טויט! —

ער איז געבליעבען ליעגען פאר איהם אויף דער ערד מיט'ן געזיכט, דעם קאָפּ לעבען דעם גראף'ס פיס.

יוליא האט ניט פערשטאנען וואס פאר אן שרעקליכע דראמע דא שפיעלט זיך אָפּ. זיא איז צוגעלאפען צום מאלער, האט איהם ארומגענומען און האט איהם געוואלט אויפהייבען.

— מיין פאטער! האט זיא געשריען. שטעה אויף ליעבער, טהייערער פאטער!

— דיין טאכטער איז ביי דיר! דיין טאכטער וועט ניט דערלאזען, אז מען זאל דיך בעליידיגען! —

ער האט איהר ניט געענטפערט. זיא האט זיך געווענדעט צום גראף דע ריווערא און האט איהם געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— מיין הערר, האט מיטלייד מיט מיין ארימען פאטער! — איך ווייס ניט, וואס איהר ווילט פון איהם. ער איז מיין גוטער, ליעבער פאטער. — שוינט איהם! — שוינט מיין פאָטער! —

— מיין פאטער? האט דער גראף געזאגט מיט זיין ביטער שניידענדער שטימע.

— מיין פאטער? — אלזא האסט דוא ביי מיר אוועקגערויבט ניט נור מיין קינד, מיין גליק, זאנדערן אויך דיא ליעבע פון דיעזעס אונשולדיגען קינד? — דוא האסט ביי מיר אוועקגערויבט זאגאר דעם זיסען נאמען פאטער? — האסט דוא געקענט הערן, וויא דיעזעס קינד האט דיך גערופען פאטער? — ביסט דוא ניט איינגעזונקען אין דער ערד, ווען עס האט דיך גערופען פאטער? — איז נאך ווענינ געוועזען, וואס דוא האסט ביי מיר אלעס צוגענומען, האסט דוא נאך צוגענומען ביי מיר דאס רעכט, וואס נור דיא הייליגע נאטור גיט א מענשען? — אנטווארטע!

א שרעקליכעס קרעכצען, א ברומען, וויא פון א פערוואונדעטעס טהיער, איז געווען דיא איינציגע אנטווארט, וואס דער אונגליקליכער מאלער האט געגעבען אויף גראף דע ריווערא'ס פראגען.

יוליא איז געשטאנען און האט שטילערהייט געוויינט. זיא האט נאך ניט פער־שטאנען, וואס דא קומט פאר. זיא איז געווען אזוי איבערראשט און אזוי דערשראקען, אז זיא האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, וואס ביידע מענשען ריידען דא און פאר וואס איהר פאטער איז אזוי ניעדערגעשלאגען און קרעכצעט אזוי.

— נאעטאנאָ! האט וויטער געזאגט דער גראף. — נאעטאנאָ! ווען דוא האסט ביי מיר צוגענומען דאס קינד, איז עס געווען ריין און אונשולדיג, וויא אן ענגעל, — איך פרעג דיך יעצט, נאעטאנאָ, וויא אזוי גיסט דוא מיר מיין טאָכטער צוריק?

יעצט האט יוליא אנגעהויבען עפּעס צו פערשטעהן. זיא האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז זיא איז ניט דיא טאכטער פון'ם מאלער. זיא האט אבער נאך ניט פערשטאנען אלעס. זיא האט זיך אומגעקוקט באלד צום מאלער, וועלכער איז נאך אלץ געלעגען אויף דער ערד, באלד צו גראף דע ריווערא, וועלכער איז נאך אלץ געשטאנען אין דער טהיר שטאלץ און שטרענג, וויא דיא ראכע.

ווען דער גראף האט איהם געשטעלט זיינע לעצטע פראגע, האט דער מאלער א ציטער געטהאן מיט זיין גאנצען קערפּער און האט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען און אניעדערגעשטעלט געגען גראף גלייך, מיט'ן קאפּ אויפגעהויבען אין דער הויך, אז דער

גראף איז געוועזן ערשטוינט. — מיט א שטילער, אָבער פעסטער שטימע האט ער דאן געזאגט:

— ברודער! ריכטע מיך — פערניכטע מיך — שטראף מיך — איך וועל דיר דאנקען — ווארף אבער ניט ארויף קיינע אונגערעכטע בעשולדיגונגען אויף מיין קאָפּ. איך האב געטהאן אלעס, וואס א מענש קען נור טהאן, אום דיעזעס קינד אפצוהיטען, עס צו לערנען, עס צו בילדען, עס צו ערציעהן. — איך האב געטהאן, וואס איך האב געקענט, איך זאל זיא האלטען ווייט פון יענע פרוי, וועלכע האט מיך אראפּגעריסען אין דעם שרעקליכען אבגרונד, אין וועלכען איך געפין מיך יעצט. — איך האב זיא אפּגעהיט, וויא מיין אויגאפּפעל. — איהר צוליעב בין איך געבליעבען צוגעבונדען צו יענער, וועלכע איז דיא איינציגע אורזאכע פון מיין אונגליקליכעס לעבען — איך האב געמוזט בלייבען מיט איהר, ווייל איך האב געוואָלט שיצען דיין קינד.

ער האט צוגעצויגען יוליאן צו זיך, האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף איהר קאפּ און האט געזאגט מיט א פייערליכער שטימע:

— איך שווער דיר, ברודער, ביי דיעזען פאר אונזביידען טהייערן קאפּ, אז איך האב זיא אפּגעהיט און האב זיא בעשיצט! זיא ליעבט — האט ער ווייטער געזאגט שטילער — דיא וועלט וועט דיעזע ליעבע געוויס פערארורטהיילען, זיא איז אבער דאך ריין און אונשולדיג, וויא דיא טראפּען טוי, וועלכע גלענצען אין דער פריה אויף דער פרישער ראזע! — איך האב געטהאן, וואס א מענש קען נור טהאן. — איך גיב זיא דיר צוריק ריין און אונשולדיג, וויא איך האב זיא ביי דיר גענומען.

יוליא האט יעצט אלעס פערשטאנען. אין איהרע געדאנקען זיינען דורכגעפלויגען איהרע קינדער יאהרען און דיא שפּעטערע צייט, ווען זיא איז געקומען צום פערשטאנד און האט געזעהן, מיט וואס פאר א ליעבע, מיט וואס פאר א טרייע דער מאלער האט זיא אפּגעהיט און האט געזוכט זיא צו בעשיצען און זיא צו פערטהיידיגען. — זיא האט יעצט פערשטאנען דיא סצענען, וועלכע פלעגען אפט פארקומען צווישען דעם מאלער און איהר מוטער, ווען דער מאלער פלעגט אוועקגעבען דעם לעצטען פראנק, וואס ער האט געהאט, איהר מוזיק לעהרער אדער דעם שפּראכען לעהרער; זיא האט יעצט פערשטאנען, פאר וואס ער האט זיך צו מאל ניט געקענט שטעלען געגען איהר מוטער; זיא האט פערשטאנען, פאר וואס ער פלעגט ציטערן, ווען ער פלעגט זיא דערזעהן.

דאס גאנצע רעטעניש פון איהר לעבען איז איהר יעצט געווארען אויפגעלעזט. זיא האט פערשטאנען, וויא שטארק דער מאלער האט זיא געליעבט.

זיא איז דאהער צוגעגאנגען צו איהם, האט גענומען זיין האנד און האט צוגעלעגט צו איהרע ליפּען.

גראף דע ריווערא איז געווען גערירט. ער האט געזעהן אז זיין ברודער האט געגענסטענס אפּגעהיט זיין קינד. אין דיא ווערטער פון אונגליקליכען מאלער האט געקלונגען תארהייט, ריינע ווארהייט.

דער אונגליקליכער מאלער איז געווארען עטוואס רוהיגער, זיין געזיכט איז געווארען לעבעדיגער און זיינע אויגען האבען צוריק בעקומען זייער גלאנץ. — ער האט

זיך וועניגסטענס אויסגערעדט; ער האט וועניגסטענס אויסגעגאסען זיין הארץ און האט אראָפּגעווארפען דיא שווערע לאסט, וועלכע האט איהם אזוי לאנג געפּרעסט.

מילדער און מילדער איז געווארען דער אויסדרוק פון גראף דע ריוועראס געזיכט: פריינדליכער און פריינדליכער האבען אנגעהויבען צו לייכטען זיינע אויגען. — דאס אייז, וועלכעס איז געלעגען ארום זיין הארץ, האט אנגעהויבען צו שמעלצען, עס איז דער פון געווארען וואסער, וועלכעס איז געלאפען צו דיא אויגען. — ער האט לאנגזאם אויפגעהויבען זיינע הענד און האט געזאגט מיט א וויינער, מילדער שטימע:

— גאעטאנאָ! — מיין ברודער!

דער ארימער מאלער האט אציטער געטהאן ביי דיעזע ווערטער און איז שיער ניט אומגעפאלען. און האט דאך צונויפגענומען זיינע לעצטע קרעפטען, איז צו געגאנגען צו זיין ברודער און איז איהם געפאלען אויפ'ן האלדז. דער גראף האט איהם ארומגענומען.

יעצט ערשט איז דאס אייז אין גאנצען צושמאלצען געווארען און פיעלע הייסע טרער'ן האבען זיך געגאסען פון'ם מאלערס אויגען. ער האט געוויינט, וויא א קינד, ער האט געוויינט אהן אן אויפהער. ער האט אליין ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט א ברודער, וועלכער האט געקענט אזוי פערצייהען.

אויך יוליא איז געוועזען גערירהרט, זיא איז צוגעלאפען צום גראף, האט איהם ארומגענומען און האט געוויינט.

— פאטער! מיין פאטער!

דער גראף האט גענומען איהר קאפּ אין זיינעביידע הענד, האט אויפגעדרוקט א לאנגען, הייסען קוש אויף איהר שטערן און האט זיא צוגעדרקיט צו זיין ברוסט.

— זיס איז דיא ראכע, האט ער געזאגט, נאך זיסער אבער איז צו פערצייהען און צו טרייסטען אונגליקליכע און פערפיהרטע. — שטראפען, פערניכטען — מען מוז עס א מאל, עס איז אבער זעהער שווער. — קען מען דען שטראפען און פערניכטען יעדען? — עס איז דא א גאט פון ליעבע, א גאט פון פערצייהונג.

ער האט אנגענומען זיין ברודער און זיין טאכטער און האט זיי צוגעפּרעסט צו זיין ברוסט.

איינינע צייט זיינען זיי אלע דרייא אזוי געשטאנען, קיינער האט זיך ניט גערירהרט, קיינער האט ניט גערעדט קיין ווארט. ענדליך איז דער מאלער מיעד געווארען. פאר איהם איז דאס געוועזען צו פיעל. ער האט דיעזע סצענע ניט געקענט איבערטראגען. ער איז אזוי אויך געוועזען שוואך און קראנק. יעצט איז נאך צוגעקומען אזא שווערע שרעקליכע סצענע. ער איז שיער ניט אומגעפאלען.

דער גראף האט איהם צוגעפיהרט צום דיוואן, אויף וועלכען ער פלעגט שטענדיג זיצען, און האט איהם לאנגזאם אנידער געזעצט. ער האט זיך געזעצט לעבען איהם. יוליא האט גענומען איהר קינדער שטול און האט זיך געזעצט צווישעןביידען.

יעצט האט דער מאלער אנגעהויבען צו דערצעהלען זיין טרויעריגע געשיכטע. ער האט דערצעהלט, וויא מאדאם לוקערציא האט זיך בעמיהט, אז ער זאל זיך אין איהר פערליעבען, וויא זיא האט איהם אנגערעדט, זיי זאלען צוזאמען אנטלויפען;

וויא זיי האבען דורכגעוואנדערט א האלבע וועלט; וויא זיי האבען זיך ענדליך בעזעצט אין פאריז און וואס פאר א לעבען זיי האבען געפיהרט אין פאריז. ער האט דערצעהלט אלעס, וואס האט מיט זיי פאסירט פון דעם טאג, וואס זיי זיינען אנטלאפען פון רוים ביז אין היינטיגען טאג.

דער גראף האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם און רוהיג.

יוליא האט זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס דער מאלער האט געזאגט. ער האט דאך איהר ענטדעקט דאס געהיימניס פון איהר לעבען.

ווען דער מאלער האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האט יוליא געמוזט דערצעה־לען, וואס עס האט מיט איהר פאסירט, זייט זיא איז געקומען צו איהר פערשטאנד ביז אויף היינטיגען טאג. זיא האט דערצעהלט, וויא זיא האט זיך בעקענט מיט'ן פירסט מעשטשערסקי, וויא זיי האבען זיך פערליעבט; וויא איהר מוטער האט געוואלט, אז זיא זאל אריינטרעטען אין טהעאטער און אויף וועלכער ארט זיא האט זיך בעקענט מיט שרה בערנהארד.

גראף דע ריווערא האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם און ערנסט.

— דיינע פערגאנגענהייט מוז פערשווינדען, האט ער פלוצלונג געזאגט צו זיין טאכטער. זיא מוז פערשווינדען שנעל, פערשווינדען און פערגעסען ווערן.

יוליא האט איהם ניט רעכט פערשטאנען. זיא האט זיך צוגערוקט צו איהם און האט אניעדערגעלעגט איהר קאפּ אויף זיין ברוסט.

— דוא געהסט מיט מיר זאגלייך, האט דער גראף ווייטער געזאגט. איך וועל דיך פיהרען אין א מאנאסטיר. דוא וועסט דארט בלייבען, ביז מיר וועלען אלע דריי אוועקפאהרען פון פאריז. — דער נאמען יוליא ראמאנא מוז פערשווינדען. דוא מוזט פארקומען פאר דער וועלט אלס גראף דע ריווערא'ס טאכטער.

דאן האט ער זיך געווענדעט צום מאלער.

— דוא וועסט אויך פאהרען מיט מיר. איך וועל פאר דיר אויסזוכען אן ארט, וואו דוא וועסט קענען רוהיג פערברענגען דיא לעצטע עטליכע יאהר פון דיין לעבען.

דער מאלער האט געוואלט נעהמען זיין האנד און זיא קושען.

— וואוהין דוא וועסט מיך פיהרען, ברודער, אהין וועל איך געהן. מיין לעבען איז געהאנגען אן א גאנץ דינעם פאדים — אן דיעזעס קינד. — דער פאדים האט זיך צוריסען. וואס טויג מיר דאס לעבען?

— און ער, מיין געליעבטער? האט יוליא ארויסגערעדט גאנץ שטיל. — דארף איך איהם ניט זעהן פאר מיין אוועקפאהרען? דארף איך פון איהם קיין אבשיעד ניט נעהמען?

— ניין! דוא טארסט איהם ניט זעהן, האט דער גראף געענטפערט הארט. אלס יוליא ראמאנא דארף דיך קיינער מעהר ניט זעהן און מיט דיר ניט רעדען. —

ער האט געטראכט אפּאר אויגענבליקע און האט ווייטער געזאגט:

— דוא מעגסט איהם שרייבען. — שרייב איהם, אז דוא פאהרסט אוועק אויף קיין איטאליען, אז דוא ביסט געוואהר געווארען דאס געהיימניס פון דיין געבורט

שרייב איהם, וואס דוא ווילסט, נור ניט, וויא אזוי איך בין געוואהר געווארען, וואו דוא ביסט. מיין נאמען דערמאן ניט אין דיין בריעף.

יוליא האט א קוק געטהאן צו איהר פאטער מיט טרערין אין דיא אויגען.

— שנעל! האט דער גראף ווייטער געזאגט. טהו דיך אן און קום! — דוא דארפסט קיין מינוט ניט בלייבען אין דיעזעם הויז. — איך וועל נאך אהער צוריק־קומען. — איך מוז נאך רעדען מיט — איהר. איך האב נאך פיעלעס צו בעזארגען.

יוליא איז אוועקגעלאפען אין איהר צימער, האט זיך אנגעטהאן און איז באלד צוריקגעקומען. דער גראף האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און איז מיט איהר ארויסגעגאנגען. ער האט צוגערופען א דראשקע און איז מיט איהר אוועקגעפאהרען אין א מאנאסטיר אין א פארשטאָדט פון פאריז.

ער האט אנגעקלונגען און ווען דער טהיר היטער האט איהם געפרעגט, וואס ער דארף און ווען ער וויל זעהן, האט ער איהם דערלאנגט א קליינע קארטע.

— גיב עס איבער דער אבטעסין, האט ער איהם געזאגט.

אין א פאָר מינוטען ארום איז דיא אבטעסין אליין געקומען צו לויפען און האט איהם געבעטען צו זיך. ער האט איהר געזאגט נור א פאָר ווערטער. דיא אב־טעסין האט באלד גענומען, יוליאן צו זיך און האט איהר אפגעגעבען א צימער לעבען איהרען.

— זיי רוהיג, מיין טאָכטער, האט דער גראף געזאגט צו יוליאן אין איינינע טעג ארום וועל איך קומען דיך אפנעהמען. מיר וועלען דאן אוועקפאהרען פון דיעזער גרויסער, רוישענדער שטאדט אין אנדערע, רוהיגערע געגענדען.

מיט א שטונדע שפעטער געפינען מיר איהם אין זיין פאלאץ. ער זיצט אין זיין שרייב צימער לעבען פענסטער טרויעריג און פערטראכט. אין דעם שטרענגען, קאל־טען, אייזערנעם מענשען זיינען ערוואכט אַנדערע געפיהלע, — מענשליכע געפיהלע. ער האט יעצט א טאָכטער, ער מוז זארגען פאר איהר, ער מוז לעבען, וויא אלע אנדערע מענשען — און זיין אויפגאבע? זיין ציעל? — דער פאפסט — דער הייליגער גלויבען? זאל ער יעצט זיך אפזאגען פון זיין שטרעבען, פון זיין ארבייט? זאל ער זיך אין גאנ־צען אפגעבען מיט זיין קינד און זאל זיך דערווייטערן פון דעם יעזואיטען ארדען? — דאס איז אונמעגליך: ווער עס האט איינמאל איינגעטרעטען אין דיעזען ארדען, דער מוז שוין בלייבען א יעזואיט זיין לעבען לאנג. ער קען זיך ניט צוריקציעהען.

— דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען געפין איך מיך אין אזא קריטישע לאגע, האט ער געזאגט צו זיך אליין. פון אלע זייטען דרענגט מיך דאס שיקזאל. אננא באלצער האט מיר מיט איינינע טעג צוריק געוויעזען, אז זיא האט פאר מיר מעהר קיין מורא ניט, אז זיא וויל זיך אויסרייסען פון מיינע הענד. איך האב בעשלאסען זיא נאכצושפיערן. עס איז מיר ניט געלונגען. איך האב דערוויל דערזעהן אנאנדער פינגער פון'ם שיקזאל — דאס שווארצע געהיימניס פון מיין לעבען. מיינע פלענע אין פראנצויזישען הויף זיינען אויך ניט געלונגען. דער רוסישער בער איז אנטלאפען פון פאריז. — זאל איך מיך אונטערגעבען? — זאל איך איינבייגען דעם קאפ און זאגען: איך בין בעזיעגט? — ניין! איך טאר עס ניט, איך דארף עס ניט!

ער האט געשוויעגען איינינע מינוט, אבער נור זיין מויל האט געשוויעגען. דיא געדאנקען אין זיין קאָפּ האבען געארבייט און געקעמפּפט. — ענדליך האט ער זיך אויפגעהויבען שטאלץ און פעסט, וויא מיר האבען איהם געזעהן ביז אהער. — דער יעזואיט האט געזיעגט.

— איך בין אמאל געפאהרען אין א וואלד אים ווינטער, האט ער געזאגט פעסט און ענטשלאסען. — דיא ביימער זיינען געשטאנען נאקעט. דער ווינטער האט פון זיי אראָפּגעריסען זייער גרינעס קלייד. איין בוים האט בעזאנדערס געצויגען אויף זיך מיינע אויפמערקזאמקייט. דאס איז געווען א זאנדערבארער בוים. ער האט גע-האט נור צוויי אדער דריי צווייגען. ער איז געווען איינגעבויגען און צונויפגעדרעהט אין דרייען. עס איז אין איהם ניט געווען קיין גאנץ שטיקעל. ער איז געווען בעדעקט מיט וואונדען, פון אויבען ביז אראָפּ איז ער געווען פערשוואלען און פערדראלען, צו ריסען און צוביסען, צובראכען און צושטאכען, צוקניימש און צודרעהט, — א בילד פון נויט, עלענד און פערצווייפלונג. איך האב געהייסען מיין קוטשער בלייבען שטעהן און איך האב בעטראכט דיעזען זאנדערבארען בוים. אויף איהם האט זיך אויסגעגאסען דער צארן פון'ם שיקזאל, אויף איהם האבען זיך געשאטען מכות און צרות פון אלע זייטען. עס האט זיך ניט געפונען קיינער, ווער עס זאל מיטלייד האבען מיט איהם און זאל איהם אויסהאקען.

דאס בילד פון דיעזען זאנדערבארען בוים איז מיר א לאנגע צייט ניט ארויס פון זינען. איך וויים ניט, פאר וואס ער האט מיך אזוי אינטערעסירט, פאר וואס ער האט מיך אזוי אנגעצויגען. ענדליך האב איך אן איהם פערגעסען.

דער צופאל האט געוואלט, אז איך זאל דורכפאהרען דורך דעמזעלבען וואלד אום זומער. איך האב מיך דערמאנט אן מיין עלענדען, אונגליקליכען בוים. איך האב געהייסען פאהרען לאנגזאם און בין געבליעבען שטעהן לעבען דעם ארט, וואו איך האב געלאזען מיין בוים. — אָה, וואונדער! איך האב איהם ניט דערקענט! זיינע דריי איינציגע צווייגען זיינען געווען בעדעקט מיט פרישע גרינע בלעטער. פון זיינע שפּאלטען און קנייטשען האבען זיך ארויסגעוויעזען נייע צווייגעלעך, נייעס, פרישעס, יונגעס לעבען! יונגער, פרישער, גרינער מאָאָס (מאָך) האט בעדעקט זיינע וואונדען און ער האט אין גאנצען געגרינט און געבליהט, וויא א יונג בײמעלע.

איך האב דאמאלס ניט געוואוסט, צו וואס גאטס פינגער האט מיר געוויעזען דיעזען בוים. יעצט פערשטעה איך עס, יעצט וויים איך עס. אין דיין לעבען ועט אויך אמאָל איינטרעטען אזא צייט — האט דער שטומער בוים צו מיר געזאגט — וואונדען, וויטאגען פון אלע זייטען. פערצווייפלע ניט! פערליער ניט דעם מוטה! הער ניט אויף דיין טהעטיגקייט, דיינע ארבייט! — לאז דער זאפט רינען אין דיינע אָדערן. ווירק, ארבייט און דערגרייך דיין ציעל!

איך מוז דערגרייכען מיין ציעל! דיעזע טאָכטער, וועלכע איך האב אזוי אונער-ווארטעט געפונען, דארף מיר העלפען אין מיין שווערער אויפגאבע. זיא מוז זיין א מיטעל צו קומען צו מיין ציעל. — דער פירסט מעשטשערסקי וואלט געוויס קיין מאל

ניט געהייראטהעט דיא מאָכטער פון אן ארימען מאלער, ראָמאנאָ. וועט ער זיך אבער שעהמען צו הייראטהען דיא גרעפין דע ריווערא? — אלס שוויעגער פאָטער פון פירסט מעשטשערסקי וועל איך קענען פיעל מעהר ווירקען אין רוסלאנד, וואו דיא רעליגיאָן הערשט נאך און דיא מענשען האבען נאך מורא פאר גאט, אלס אין דיעזען שוין צופיעל ציוויליזירטען און פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן שוין אין גאנצען פערדאָרבענעם פראנקרייך. — דער אלטער איינגעבויגענער בוים וועט וויעדער אנהויבען צו בליעהען און צו גרינען. נייע צווייגען, נייע בלעטער און נייע גאָלדענע פריכטע! —

יעצט צור ארבייט! ענדיגען אלע געשעפטען היע און זוכען א נייעס פעלד פון טהעטיגקייט פאר גאָט און פאר זיין הייליגער קירכע!

ער איז צוגעגאנגען צום שפיעגעל, האט בעטראכט, אויב זיין טואלעט איז אין ארדנונג און איז ארויס אויף דער גאס.

זיין ערשטע גאנג איז געווען צו זיין אונגליקליכען ברודער. איהם מוז ער צוערשט פערזארגען. אין דער קורצער צייט, וואס ער האט מיט איהם היינט גערעדט, האט ער איינגעזעהן, וויא אונגליקליך און צובראָכען ער איז. — זאל מיין זאנדערבארער בוים ניט דיענען אלס ביישפיעל פאר איהם אויך?

ער האט גענומען דיא ערשטע דראשקע, וואס ער האט בעגעגענט און איז געלאפען צו איהם.

יעצט האט ער שוין ניט געקלונגען. ער איז גלייך אריינגעגאנגען אין שטוב, וויא אן אלטער בעקאנטער און איז געגאנגען גלייך אין צימער פון זיין ברודער.

מאדאם לוקרעציא איז היינט אויפגעשטאנען שפעט, זיא איז אבער צום מאלער ניט געגאנגען. זיא האט געוואוסט, אז ער האט קיין געלד ניט און האט איהם זאגאר ניט געוואלט זעהן. זיא האט זיך אנגעטהאן און איז אוועקגעגאנגען מאַכען איהרע איינקייפע. דאס קאמער מעדכען האט איהר צוואר דערצעהלט, אז איינער איז היינט געווען ביים מאלער. זיא האט זיך אבער גאר ניט אינטערעסירט צו וויסען, ווער עס איז געווען.

ווען גראף דע ריווערא איז געקומען, איז זיא ניט געווען אין דער היים. ער איז דורכגעגאנגען אלע צימער און איז גלייך אריינגעגאנגען אין צימער פון זיין ברודער. — ער איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט פאר דעם בילד, וואס האט זיך איהם פארגעשטעלט.

דער מאלער איז נאך אלץ געזעסען אויפ'ן דיוואן, וואו ער האט איהם געלאָזען. זיין קאפ איז געווען אנגעשפאַרט אן דער וואנד, זיינע הענד זיינען געווען צוזאַמענגעלעגט אויפ'ן הארצען. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער שלאפט. נור דאס שארפע קענער אויג פון גראף דע ריווערא'ס האט איהם געזאָגט, אז דאס איז ניט דער שלאף, זאנדערן דעם שלאפ'ס עלטערער ברודער — דער טויט.

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויפ'ן מאלערס שטערן. — דער שטערן איז אייז קאלט.

— ארימער, אונגליקליכער ברודער! האט גראף דע ריווערא געזאגט. ענדליך

האט דער טוידט געענדיגט דיינע ליידען. דיא היינטיגע סצענע האט דיך געטייטעט.

ער האט איהם געעפענט אן אויג און האט זיך צוגעקוקט צום שווארצאפּעל.

— טויט! — קיינע מעגליכקייט איהם צו רעטען! — איך האב דיך ווידער געפונען, אום איך זאל דיך באלד פערליערען. — אבער בעסער אזוי. פאר דיר האט דאס לעבען קיין ווערטה ניט געהאט, ווייל עס האט קיין צוועק ניט געהאט. — דארט, אויבען, וועסט דוא געפינען דיא אייביגע רוהע.

ער איז געשטאנען אייניגע מינוט און האט איהם בעטראכט. דאן האט ער ארויסגענומען פון בחים זיין גאלדענעם קרייץ, האט איהם צוגעלעגט צום טויטען און זיינע ליפּען האבען אנגעהויבען צו מורמלען א שטילעם געבעט.

אין'ם אנדערן צימער האבען זיך געהערט לייכטע שריט און דאס רוישען פון א פרויען קלייד. דעם גראפס אויגען האבען זיך געווענדעט צו דער טהיר און ער האט זיך אנגעהאלטען אן דעם שטוהל, וועלכער איז געשטאנען פארן דיוואן.

דיא טהיר האט זיך געעפענט — מאדאם לוקרעציא איז אריינגעקומען אויסגעפוצט און אנגעבלאזען, וויא א טהעאטער קעניגין. זיא איז נור וואס צוריקגעקומען פון דיא מאגאזינען און דאס קאמערמעדכען האט איהר געזאגט, אז דער הערר, וועלכער איז געוועזען היינט אין דער פריה, איז נאך א מאל געקומען. דאס האט זיא פעראינטערעסירט. און זיא איז געגאנגען זעהן, ווער דער הערר איז. ווען זיא האט געעפענט דיא טהיר און האט דערזעהן, ווער עס איז דא, האט זיא זיך אנגעהאפּט אן דעם הענטעל פון דער טהיר, זיא זאל ניט אומפאלען, און איז געבליעבען שטעהן, בלייך, וויא קאלך.

אייניגע מינוטען זיינען מאן און פרוי געשטאנען איינער געגען אנדערן. קיינער איז ניט געוועזען אים שטאנד ארויסצורעדען אווארט. ענדליך איז דער גראף געקומען צו זיך און האט געזאגט מיט א שארפער, אייז קאלטער שטימע:

— דוא שטעהסט יעצט פאר דיא לייכע פון א מענשען, וועלכען דוא האסט געטייטעט גייסטיג און קערפּערליך. דוא האסט פערניכטעט זיין לעבען, צערשטערט זיין גליק און אוועקגערויבט ביי איהם דעם הייליגען פייער פון דער קונסט. —

זיא האט געשוויעגען. זיא האט אראפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד און האט ניט געוואלט קוקען אויף איהם.

— איך האב געפונען מיין טאכטער און האב זיא צוגענומען, האט ער ווייטער געזאגט. דוא וועסט זיא שוין אייביג ניט זעהן. זיא וועט פערגעסען דאס ווארט „מוטער".

ביי דיא לעצטע ווערטער האט מאדאם לוקרעציא א ציטער געטהאן. זיא האט אבער גאר ניט געענטפערט.

— איך וועל דיר געבען פון וואנען צו לעבען, האט דער גראף ווייטער געזאגט שטרענג. — איך וויל ניט, אז א פרוי, וועלכע האט א מאל געטראגען מיין נאמען, זאל שטארבען אויף דער גאס פאר הונגער. — דאס איז אלעס, וואס איך האב דיר צו זאגען. — געה!

איהר געזיכט האט זיך פערענדערט, זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן און האט געוואלט מאכען א שריט צו איהם. — ער האט אויסגעשטרעקט דיא האנד, גלייך וויא ער האט זיך פון עפּעס געוואלט וועהרען און האט געזאגט:

— נעה דיר דיין וועג! דוא קענסט שוין ניט צוריק קומען. — נעה! נאם זאל דיר פערצייהען!

זיא האט זיך אומגעקעהט און איז פערשוואונדען אין איהר שלאף צימער.

מיט אייניגע מינוטען שפעטער איז דער גראף אוועקגעגאנגען פון דיעזען שרעק־ליכען הויז.

## 89טעס קאפיטעל.

## דאס לעצטע פראבע.

דיא אויסשטעלונג איז געשלאסען. זיא איז געווען איינגעריכטעט גראסארטיג. זיא האט איופגעריהרט דיא וועלט. אלע האבען פון איהר עפעס ערווארטעט, עפעס געהאפט — זיא האט אבער קיינעם ניט געבראכט אויף א שריט נעהנטער צו זיין ציעל. זיא איז געווען ניט מעהר, וויא א שעהנעס פייער ווערק, וועלכעס הייבט זיך אויף מיט א שרעקליכען גערויש, וויא א פייערדיגער שלאנג צום הימעל, דרעהט זיך, קעהרט זיך, רינגעלט זיך אין אלע זייטען, ווערט צופלאצט אויף הונדערטער שטערן פון אלערליי פארבען—נאך א קנאק, פייעריגע פונקען שוועבען נאך אייניגע אויגענבליקע אין דער לופט און ווערן פערלאשען. — דער הימעל בלייבט וויעדער דונקעל. דיא העלע שטערן גלענצען און פונקלען וויעדער, גלייך וויא זיי וואלטען געלאכט פון דיא נארישע מענשען, וועלכע רעדען זיך איין, אז זיי קענען זיי נאכמאכען. אין זייער שטומער הי־מעל שפראכע זאגען זיי:

— נארישע, איינגעבילדעטע מענשען! אייערע בינעזישע זונען, אייערע יאפא־ניעזישע מאנדען (לבנה׳ס), אייערע שעהנע, קנאקענדיגע שטערן פון דיא שעהנסטע און העלסטע פארבען, זיינען געגליכען צו אייך, זיי גלענצען אויף א סעקונדע, בעלייכטען דעם הימעל און פערשווינדען אין רויך אין שוועפעל גערוך. אזוי זיינען אייערע ווערקע, אזוי זיים איהר אליין. אייערע אויסשטעלונגען, אייערע פאראדען און אייער לעבען פערשווינדען, וויא דיא שטערן פון אייער פייער ווערק. אייביג זיינען מיר, אייביג זיינען נור דיא אייזערנע געזעצע דער נאטור!

וויא פיעל האט גראף דע ריווערא ערווארטעט פון דיעזער אויסשטעלונג! — וויא פיעל האט דער קייזער נאפאלעאן פון איהר ערווארטעט! וויא פיעל האבען דיא רעוואלוציאנערן פון איהר ערווארטעט! יעדער האט געהאפט, אז דיעזע אויסשטעלונג, דיעזעס צוזאמענקומען פון מיליאנען מענשען וועט איהם ברענגען נעהנטער צו זיין ציעל. — וואס האט זיך אויסגעלאזען פון אלע דיעזע האפנונגען, פון אלע דיעזע ער־ווארטונגען? — דאס זעלבע, וואס עס לאזט זיך אויס פון פייער ווערק: ערשטיקענדער רויך און שוועפעל גערוך.

עס איז אכט אוהר אבענדס. פון אלע זייטען געהן און לויפען ארבייטער אין דער ארימען שטראסע גראוויליע. אלע ציעהען זיך צום הויז נומער 44. היינט איז דארט א גרויסע מאסענפערזאמלונג. עס האנדעלט זיך אום זעהר א וויכטיגע פראגע. דיא פראנצייזישע רעגיערונג האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל צונויפרופען דיא רעזערווען. זיא וויל שיקען אן ארמעע קיין רוים בעשיצען דעם פאפסט. דיעזער בעפעהל האט בעריהרט דיא ארבייטער מעהר פון אלעמען. מענשען ווערן אפגעריסען פון זייער

היים, פון זייער בעשעפטיגונג, פון זייערע פרויען און קינדער און מוזען איינטרעטען אין דער ארמעע אויף אן אונבעשטימטע צייט.

דאס איז א אונרעכט, אונטער וועלכען דאס ציוויליזירטע אייראפא ליידעט שוין לאנג און עס ווערט פון טאג צו טאג ערגער און שווערער. מיר זיינען גליקליך אין אמעריקא, וואו מען ווייס ניט, וואס וועהר פפליכט (וואאינסקאיא פאווינאסט) איז. מיר האבען שוין פערגעסען, וויא שווער דאס האט אונז געדריקט אין רוסלאנד. וויא פיעל געלד און וויא פיעל מיה עס האט איינעם געקאסט זיך אויסצודרעהן פון׳ם פערדאמטען זשערעב (לאאז). ווען מיר זאלען זיך א ביסעל דערמאנען אן יענע צייטען, וועלען מיר פערשטעהן, פאר וואס דיא פאריזער ארבייטער זיינען געווארען אזוי אויפ־גערעגט, ווען זיי האבען דערהערט דיעזען בעפעהל און האבען געטהאן אלעס מעגליכע, אז דיא רעגיערונג זאל צוריקרופען דיעזען בעפעהל.

דאס איז געווען דער צוועק פון דער מאסענפערזאמלונג, אויף וועלבע מיר ווילען יעצט פיהרען אונזערע לעזער.

דיא פאריזער ארבייטער זיינען זיך צונויפגעקומען אין מאסען. איינציגע ארביי־טער און גאנצע גרופען זיינען זיך צונויפגעקומען אין דעם גרויסען זאל אין הינטער הויז. ביים איינגאנג אין הויף איז געשטאנען א קאמיטע פון דריי מענשען. דארונטער איז געווען ווארלען, דער בעריהמטער אגיטאטאר און פאלקס רעדנער. ער האט גע־פאדערט ביי יעדען, וואס איז אריינגעגאנגען אין קארידאר, ער זאל איהם ווייזען זיין ארבייטער קארטע.

דער גרויסער זאל איז געווארען פול געפאקט מיט מענשען. אלע זיינען געווען פערזארגט, אלע זיינען געווען אונרוהיג, אלע זיינען געווען אויפגערעגט און אונגעדולדיג.

אין א פאריגער פערזאמלונג האט מען בעשלאסען צו שיקען א קאמיטע צו זשול פאוור, דעם דעפוטאט פון׳ם ארבייטער קווארטאל אין פאריז, סאנט אנטואן. מען האט פון איהם געפאדערט, ער זאל זיך שטעלען און פאדערן, אז דיא רעגיע־רונג זאל צוריקרופען דיעזען בעפעהל. ער איז געווען א בעריהמטער רעדנער און מען האט געהאפט, אז קוים וועט ער זיך שטעלען געגען דיא רעגיערונג, וועט זיא מוזען נאכגעבען.

ווען דיא אוהר האט געשלאגען האלב ניין, האט דער פארזיצענדער גערופען דיא פערזאמלונג צו ארדנונג. אלע זיינען געווארען שטיל.

— מיינע פריינדע! האט געזאגט דער פארזיצענדער, א הויכער שטארקער אר־בייטער, טאלען. מיר האבען געשיקט א קאמיטע צו זשול פאוור, ער זאל זיך שטעלען פאר אונז ביי דער רעגיערונג. ער האט אויפגענומען דאס קאמיטע זעהר פריינדליך, האט פיעלעס פערשפראכען, דאביי אבער האט ער געמאכט דיא בעמערקונג, אז ער איז נור איינער און — איינער איז קיינער. דאס איז אלעס וואס איך האב אייך מיט־צוטהיילען.

— דאס איז קיין אנטווארט! האט מען געשריען פון אלע זייטען. — דאס איז אן אנטווארט פון אן אדוואקאט! דאס הייסט אזוי פיעל ניין, וויא יא! האט מען געשריען פון אנאנדער זייט. — מיר ווילען ניט אזא אנטווארט! לאמיר מאכען

א דעמאָנסטראַציאָן! לאָמיר זיי וויזען, דיא אדוואָקאטען, אז דיא ארבייטער זיינען א מאכט! לאָמיר זיי וויזען, אז מיר ועחלען זיי, מיר מאכען זיי פאר דעפּוטאטען, פאר מיניסטאָרען. לאָמיר,—לאָמיר—לאָמיר!—

דיא פערזאמלונג איז געוואָרען אונרוהיג. יעדער האָט געשריען און געליאַרמט. יעדער האָט געוואָלט האָבען דאָס וואָרט; יעדער האָט געוואָלט מאכען א פאָרשלאָג, וויא אזוי מען זאל צווינגען דיא דעפּוטאטען, זיי זאלען זיך שטעלען געגען דיעזען בע־פעהל. (דיא דעפּוטאטען אין פראַנקרייך זיינען דאָס זעלבע, וואָס דיא קאָנגרעססמענער אין אמעריקא.)

וואָרלען האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צום שטוהל פון פאָרזיצענ־דען. ער האָט א מאך געטהאָן מיט דער האַנד און האָט געהייסען, עס זאָל זיין שטיל. זיין הויכע פיגור, זיין בלייכעס און עדעלעס געזיכט און זיין גאַנצעס געשטאַלט האָט געהאַט אין זיך עטוואָס ערהאַבענעס.

— רוהיג, מיינע פריינדע! האָט ער געזאָגט מיט א הויכער, פעסטער שטימע. הערט מיך אויס!

דיא פערזאמלונג איז געוואָרען שטיל און רוהיג. אלע האָבען אויסגעשטרעקט זייערע קעפּ און אויפגעשטעלט זייערע אויערן.

— מיינע פריינדע! האָט וואָרלען אנגעהויבען מיט א שאַרפער, העלער שטי־מע.— דיא ערפאַהרונג האָט אונז געלערנט, אז אלע דעמאָנסטראַציאָנען, אלע צייכענס דער אונצופריעדענהייט, וויא מאַרשירען אין דיא גאַסען, פראָטעסט פערזאַמלונגען און דערגלייכען האָבען קיין שום ווערטה ניט. דיא איצטיגע קאפּיטאַליסטישע געזעל־שאַפט אין פראַנקרייך איז פיעל ערגער און פיעל שטאַרקער אלס דיא דעספּאָטיע און מאָנאַרכיע אין אנדערע לענדער. א דעספּאָטישען קייזער קען מען פערניכטען מיט א באָמבע, מיט א רעוואָלוציאָן. א מיליאָן דעספּאָטען, וויא אונזערע קאפּיטאַליסטען זיינען, קענען מיר אזוי גיך ניט בייקומען. מיר מוזען זיי איינציגווייז בעקעמפּפען און בעזיעגען. — געוויס מוזען מיר פריהער אויסאַרבייטען א פּלאַן, וויא אזוי עס צו טהאָן, נאָך ריכטיגער, דער פּלאַן איז שוין אויסגעאַרבייט. מען קען איהם אויספיהרען, ווען אלע ארבייטער זאָלען האַלטען פעסט צוזאַמען; ווען אלע ארבייטער זאלען שטעהן שולטער אן שולטער און געהן האַנד אין האַנד.

ליידער, האַלטען מיר נאָך ניט דערביי. דיא ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען אליין לעבען ניט פריעדליך איינע מיט דער אנדערער. דאָס איז דאָס אונגליק. מיר מוזען שטרעבען צו פעראייניגען אלע ארבייטער אין א פעסטען בונד, דאַן וועלען מיר קענען עפּעס טהאָן. דערוועיל דאַרף אונזער לאָזונגס וואָרט זיין: „שווייגען און האַנדלען.—

— וואָרלען האָט רעכט! האָט מען געשריען פון אלע זייטען. דיא דעמאָנ־סטראַציאָנען, דאָס מאַרשירען אין דיא גאַסען פיהרט צו גאַר נישט. לאָמיר אָבוואַר־טען, ביז דיא גינסטיגע מינוט וועט קומען און מיר וועלען מיט איין מאָל פערניכטען דיא גאַנצע בורזשואזיע מיט אלע שווינדלער.

— מיינע פריינדע! האָט ווידער אנגעהויבען צו רעדען וואָרלען, ווען אלעס

אין שטיל געווארען. עס פרעהט מיך זעהר צו הערן, אז איהר פערשטעהט מיך, אז איהר זעהט איין, פאר וואס איך האלט אייך אפ פון דעמאָנסטראציאנען. — מיר מוזען קעמפפען געגען דיא קאפיטאליסטען; מיר מוזען זיי ערקלערן א קריעג אויף טויט און לעבען. מיר מוזען אבער האבען א פעסטען קריעגס פלאן און האנדלען נאך דיעזען פלאן. איך האף, אז איהר וועט געוויס וועלען אויסהערן א בעריהמטען קעמפפער פאר אונזער היילינע זאכע. ער איז צוואר קיין פראנצויז, ער איז אבער א וועלט בירנער און א וועלט קעמפפער.

— לאָז ער קומען! לאָז ער רעדען! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

— מיינע פריינדע, דיעזער מאן געהערט צו קיין ארבייטער אָרגאַניזאציאָן. ער איז א פרעמדער און איך מוז בעטען אונזער פארזיצענדען אום ערלויבניס איהם אהער איינצופיהרען.

דער פארזיצענדער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. איהם האט עס פערדראסען, וואס ווארלען האט איהם פריהער ניט געזאגט, אז ער וויל פארשטעלען א פרעמדען רעדנער. איידער אבער ער האט צייט געהאט איבערצופרעגען, ווער דער פרעמדער איז און וואס דער פרעמדער איז, האט ווארלען געזאגט הויך און דייטליך:

— איך בעט אונזער פארזיצענדען אום ערלויבניס אריינצופיהרען אין אונזער פערזאמלונג דעם בירגער מיכאאיל באקונין, א מענש, וועלכער האט דורכגערייזט דיא וועלט און האט אויסגעלערנט גרינדליך דיא סיסטעמע פון דער איצטיגער געזעלשאפט. ער איז א פייערינער פערטהיידינער פון אונזער היילינער זאך. איך מוז אייך זאגען, אז ער איז אנטלאפען פון דיא גאָלד גרובען פון סיביר און דיא פראנצויזישע פאָליציי זוכט איהם אזוי שטארק, וויא דיא רוסישע. — איך בין זיכער, אז אין אונזער מיטע איז קיין פעררעטהער דא. מיר האסען אלע דיא געוואלט, וועלכע דיא פאליציי שטעלט פאר.

דער פאָרזיצענדער איז געווארען אונרוהיג. איהם האט עס פערדראסען, וואס ווארלען ערלויבט זיך צו רעדען אין זיין נאמען.

— אונזערע פערזאמלונג בעשטעהט אויסשליעסליך פון פאריזער ארבייטער, האט ער געזאגט. מיר געהערן צו דעם אינטערנאציאָנאלען ארבייטער בונד. איך קען ניט ערלויבען אריינצופיהרען אין אונזער פערזאמלונג א מענשען, וועלכער איז קיין ארבייטער און געהערט ניט צו אונזער ארבייטער ארגאניזאציאן, ניט צו אנאנדער ארבייטער יוניאן, מיט וועלכער מיר געפינען זיך אין פערבינדונג. ער איז א פרעמדער און האט דא ניט וואס צו טהאן.

— דאס פערשטעה איך ניט, האט ווארלען אויסגערופען, אז ארבייטער, וועלכע קעמפפען פאר זייער פרייהייט און פאר זייערע מענשענרעכט, זאלען זיך האלטען ביי אזעלכע קינדישע צערעמאָניען און פאָרמאליטעטען, וויא עס איז א מאָל געווען אין דיא גאנץ אלטע יאהרען, ווען עס האבען געהערשט דיא צעכען און ארבייטער נילדען. מיר ווילען אפשאפען אלעס אלטע, מיר זוכען צו בעשאפען א נייע, פרישע און

געזונדע געזעלשאפט, ניט זיא פערשמיעדען אין דיא אלטע קייטען און אין דיא אלטע פארמאליטעטען.

ער האט זיך אומגעקעהרט צו דער פערזאמלונג און האט געפרעגט אין דער הויך:

— ארבייטער! ווילט איהר הערן רעדען מיכאאיל באקונין אדער ניט?

— לאז ער קומען! מיר ווילען איהם הערן! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

ווארלען האט נעגעבען איינעם א צייכען און אין א פאר מינוט ארום איז אריינגעקומען אין זאל מיכאאיל באקונין. ער איז גלייך צוגעגאנגען צו דער טריבונע און האט זיך געשטעלט לעבען פארזיצענדען. אלע אויגען האבען זיך געווענדעט צו איהם. יעדער האט געוואלט זעהן דיעזען זאנדערבארען מענשען, וועלכער האט געווייהעט זיין גאנצעס לעבען דעם קאמפף פאר דיא פרייהייט.

זיין גרויסער קאפ בעדעקט מיט א וואלד פון לאנגע שווארצע האר, האט געהאט דאס אויסזעהן פון א לייב, ווען ער הערט, אז מען קומט איהם שטערן אין זיין קעניגרייך. ער האט אויסגעשטרעקט זיינע שטארקע הענד געגען דער פערזאמלונג און האט אנגעהויבען צו רעדען מיט זיין פעסטער ברוסט שטימע:

— פריינדע און ברידער! איך בעגרים אייך אים נאמען דער פרייהייט! איהר ווילט זיך בעפרייען פון דיא קייטען, וועלכע קעניגע, פריעסטער און קאפיטאל האבען אייך איינגעשמידט. זיי האבען אייך ארומגעוויקעלט מיט א נעץ פון ליגען, שווינדעל און בעטרוג. — דאס מוזען מיר צוערשט פערניכטען. מיר מוזען צורייסען דיא קייטען פון פאלשקייט און ליגענן. דער ערשטער, דער גרעסטער ליגען, וועלכער איז דיא אורזאכע פון יעדער קנעכטשאפט — איז גאט.

דערביי האט ער א קלאפ געטהאן מיט זיינע ביידע שטארקע הענד אן דער טריבונע, אז זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן. דיא פערזאמלונג איז געווען שטיל, אז מען האט געקענט הערן, וויא עס קלאפט דאס הערץ ביי יעדען. אזא שפראכע האבען דיא פאריזער ארבייטער געהערט נור אין דער צייט פון דער פראנצייזישער רעוואלוציאן.

— דיא קעניגע און דיא פריעסטער האבען בענוצט זייער אויסגעטראכטען גאט אלס זשאנדארם, וועלכער האט בעשיצט זייער מאכט און האט נאך קיין געהאלט אויך ניט גענומען. דורך דיעזען גאט האט איין מענש בעהערשט מיליאנען און זיי געמאכט פאר זיינע קנעכט. ווען עס זאל זיין א גאט, וויא דיא גייסטליכע מאלען איהם אויס, וואלט ער געדארפט ארא‍פשיקען זיינע דונער און זיינע בליצען אויף דיעזע קעניגע, אויף דיעזע פירסטען און אויף דיעזע גייסטליכע, וועלכע לעבען אין רייכקייט און אין איבערפלוס און לאכען פון דעמזעלבען גאט, וועלכען זיי ניצען אויס אזוי קלוג און אזוי דורכגעטריעבען. — פערניכטעט דיעזען אבערגלויבען! זאלאנג איהר גלויבט נאך אין דיעזען גאט פון דיא קעניגע און פריעסטער, קענט איהר ניט פריי זיין.

אלזא, דער ערשטער ליעגען, וועלכער מאכט אייך פאר קנעכט איז גאט. — דער צווייטער איז — דאס געזעץ.

דעספאטיזמוס, טיראנייא און דער וואונש זיך אלעס צוצונעהמען און יענער זאל גאר נישט האבען — האבען בעשאפען א נייע בייטש, מיט וועלכער זיי האלטען אייך געפאנגען. — דיעזע בייטש הייסט געזעץ. דיא מאכט, מיינע פריינד, הייסט ביי זיי

געזעץ. זיי מאַכען א געזעץ, וועו עס פאַסט זיי און שאַפען אָפּ דאס געזעץ, ווען עס פאַסט זיי ניט. — דיא מאַכט אבער איז ביי אונז אין דיא הענד. מיר זיינען דיא מאַיאָריטעט — זיי זיינען נור אייניגע. — פערניכטעט זייער געזעץ. פערניכטעט, צוברעכט דעם אייזערנעם צוים, וועלכען זיי האבען ארום אייך ארומגעשטעלט.

איך פאָרדער ניט פון אייך, איהר זאָלט עפּעס טהאן אדער עפּעס בעשליעסען — איך פאָרדער אייך אויף, איהר זאָלט פערניכטען און צערשטערען דיא אלטע קנעכט־שאַפט, דיא אלטע קייטען.

בילדעט זיך, לערנט, ערציהעט זיך אליין, ערציהעט אייערע קינדער, לערנט זיי דיא וואהרהייט. קיין ליגען, קיין פאַלשקייט, קיין בעטרוג! — דאן, ווען עס וועט קומען דיא שטונדע דער בעפרייאונג, וועט איהר אלע זיין פאָרבערייטעט, דאן —

אין דיעזע מינוט האט א מאַן ארויפגעלעגט זיין האנד אויף באַקונין'ס פּלייצע און האט איהם געזאגט גאַנץ שטיל, אויפ'ן אויער.

— אין דרויסען שטעהט א דאַמע און ווארט אויף אייך. זיא מוז אייך באַלד זעהן. זיא האט אייך עטוואס וויכטיגעס צו זאָגען.

באַקונין איז געבליעבען אויף א מינוט איבערראַשט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, ווער עס ווארט דארט אויף איהם. ער האט געוואָלט ווייטער רעדען, דער מאַן אבער האט איהם ניט געלאָזען.

— דיא דאַמע בעט, איהר זאָלט ארויסקומען נור אויף איין איינציגע מינוט. איהר וועט שפּעטער קענען צוריקגעהן און ענדיגען אייער רעדע.

באַקונין האט זיך געווענדעט צו דער פערזאַמלונג און האט געבעטען אום ענטשולדיגונג, וואס ער מוז אויף א קורצע צייט אונטערברעכען זיין רעדע. ער מוז אויף איין סעקונדע ארויסגעהן צו איינעם אין דרויסען.

אלע אנוועזענדע האבען אויסגעדריקט זייער ערשטוינונג. זיי האבען ניט פערשטאַנען, וואס דא קומט פאָר. וואָרלען איז געוואָרען בלייך. ער האט פערשטאַנען, אז עס מוז זיין עטוואס אויסער אָרדענטליכעס, ווען באַקונין האט אונטערבראָכען זיין רעדע. אין זאַל איז געוואָרען א ליאַרם, א געשריי.

באַקונין איז ארויסגעגאַנגען אין דרויסען. פאַרן הויז איז געשטאַנען א פרוי מיט א געדיכטען שלייער איבערן געזיכט.

— אנטלויפט שנעל! צוויי אגענטען פון דער געהיימ־פּאָליציי געפינען זיך אין דער פערזאַמלונג. זיי האבען א בעפעהל אייך צו אַרעסטירען, האט דיא פרוי געזאגט שנעל. — ווען איהר ווילט, קענט איהר נעהמען מיין קאַרעטע, זיא שטעהט דארט אין דער עקע פון דער אנדערער גאַס.

דאס איז געווען דיא מאַרקיזא פּאַלאַנצאַני. באַקונין איז געוואָרען איבערראַשט. ער האט אבער געוואוסט, אז דיא מאַרקיזא זאָגט קיין ליגען ניט, אז ווען זיא איז גע־קומען איהם וואָרענען, איז עס דיא העכסטע צייט.

דיא מאַרקיזא האט איהם ניט געלאָזען לאַנג טראַכטען. זיא האט איהם גע־נומען אונטערן ארים און האט איהם צוגעפיהרט צו איהר קאַרעטע.

— פיר דיעזע נאַכט וועט איהר מוזען צופריעדען זיין מיט מיין וואוינונג, האט

דיא מארקיזא געזאגט, ווען דיא קארעטע איז געלאפען שנעל איבער דיא גאסען פון פאריז.

— ציילט מען נור אויף מיר, אדער וויל מען אלע רעוואָלוציאָנערן ארעסטירען? האט באקונין געפרעגט.

— נור אויף אייך. עס איז געווען עטוואס ווידער געשעהן אין רוסלאנד און מען זוכט נור אייך.

— נון, מיך וועלען זיי אזוי גיך ניט קריגען. איך וועל אלענפאלס באלד אוועקפאהרען פון פאריז.

מעהר האט ער ניט גערעדט. ער האט זיך צוריקגעווארפען אין דער קארעטע און האט זיך פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ער איז געווען זעהר טרויעריג. פאריז האט איהם געגעבען א שווערע לעקציאן. ער האט געוואוסט, אז מען האט איהם ניט געוואלט אריינלאזען אויף היינטיגער פערזאמלונג. דיא פאריזער ארבייטער זיינען געווען צופיעל פערפלאָנטערט אין זייערע אייגענע, פערזענליכע אינטערעסען און האבען איהם נאך ניט פערשטאנען, אָדער — וואס נאך ערגער — זיי האבען איהם ניט גע־וואלט פערשטעהן.

— דיא פאָרמען, דיא צערעמאָניען, דיא אלטע, שמוציגע, אויסגעטרעטענע ווענעלעך פרעסען זיי אויף, האט ער געברומט צו זיך אליין. זיי ווילען ניט וויסען פון קיין נייעס. זיי קענען זיך ניט ארויסרייסען פון דיא אלטע געוואהנהייטען, פון דיא אלטע געברייכע (מנהגים). זיי בעטראכטען זיך אלס א צעך, א צונפט, וועלכע דארף נור זיך שיצען, זיך היטען, זיך פערטהיידיגען, ווייטער ווילען זיי פון קיין זאך ניט וויסען.

דיא מארקיזא פאלאנצאָני האט געקענט איהר נאסט און האט איהם ניט גע־וואלט שטערן אין זיינע געדאנקען.

— דאס איז זייער אומגליק, האט ווייטער געברומט באקונין פאר זיך, — אנ־שטאט זיך צו פעראייניגען און בילדען א מאכט; אנשטאט זיך צו פעראייניגען און שטרעבען צו א געוויסען ציעל, צושפאלטען זיי זיך אין קליינע ארגאניזאציאָנען: צעכען, יוניאָנס און גילדען, און יעדע אָרגאניזאציאן זארגט נור פאר איהרע אינטערעסען. זיא וויל נור פערטהיידיגען איהרע מיטגליעדער, זארגען זיך נור פאר זיך און דערמיט שאדען זיי זיך.

איך האב געמאכט דיא לעצטע פראָבע. איך האב מיך בעמיהט צו פעראייני־גען אלע ארבייטער פון פראנקרייך. — עס איז ניט געלונגען. דיא דייטשען האבען מיך שוין בעסער פערשטאנען. אויף דיא דייטשען קען מען שוין גיכער זיך פערלאזען. — אין פראנקרייך געפינט זיך נור א קליין הייפעלע רעוואלוציאנערן, וועלכע דענקען אן דער גאנצער מענשהייט.

אונטערדעסען איז דיא קארעטע צוגעפאהרען צום פאלאץ, וואו דיא מארקיזא האט געוואוינט. זיא איז ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע און האט געזאגט דעם קוטשער א פאר ווערטער. באקונין האט אויך געוואלט ארויסגעהן פון דער קארעטע, דיא מארקיזא האט איהם ניט געלאזען.

זיא איז אריינגעגאנגען צו זיך דורך דיא גרויסע העל בעלייכטעטע טהיר. דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען, איז אויסגעפאהרען עטליכע גאסען און האט זיך אויסגעדרעהט צום טהירעל פון׳ם גארטען. דורך וועלכע דיא ארימע ארבייטערין לואיזא בערנאד פלעגט אריינגעהן אין הויז, ווען זיא פלעגט קומען פון איהר וואינונג אויפ׳ן דריטען שטאק ביי מאדאם ראימאָנד. דער קוטשער האט געזאגט באקונינען, אז ער זאל דא ארויסגעהן.

דיא מארקיזא האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז דיא אגענטען פון דער געהיים פּאָליציי האבען פיעללייכט נאכשפּיאָנירט, וואוהין באקונין איז פערשוואונדען געווארען. זיא האט מורא געהאט, זיי זאלען ניט קומען ביי נאכט צו איהר אין הויז איהם זוכען. זיא האט זיי געוואלט אפּנארען. זיא האט געהייסען דעם קוטשער ארומפאהרען אין עטליכע גאסען, בלייבען שטעהן לעבען עטליכע רעסטאראנס און האטעלס. דיא געהיים פּאָליציי וועט מיינען, אז ער איז ערגעץ ארויסגעגאנגען אין א רעסטאראן און וועט איהם דארט זוכען.

ווען באקונין איז ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע, האט ער געפונען דאס טהירעל פון׳ם גארטען אפען. אין טהירעל איז געשטאנען דיא מארקיזא. זיא האט איהם אנגענומען ביי דער האנד, האט איהם אריינגעפיהרט אין גארטען און האט פערשלאסען דאס טהירעל הינטער זיך. זיא איז געווען גאנץ זיכער, אז קיינער זעהט זיא ניט און קיינער ווייס ניט, וואס דא איז פארגעקומען. זיא האט ארויפגעפיהרט באקונינען אין א צימער אויפ׳ן צווייטען שטאק און האט איהם געזאגט מיט א שמייכעל:

— היער, גרויסער פערשווערער, מוזט איהר צוברענגען דיא נאכט. מיין געזעלשאפט וועט אייך געוויס ווייניג אינטערעסירען, איך מוז אייך לאזען אליין.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אראפּגעלאפען צו זיך, וואו וועגדענשטיין האט אויף איהר געווארט.

דיא מארקיזא איז געוויס געווען זעהר קלוג און איז געווען פעסט איבערצייגט, אז קיינער קוקט איהר ניט נאך און קיינער ווייס ניט, וואס זיא האט דא אפּגעטהאן. זיא האט זיך אבער אפּגענארט. צוויי פּאָר אויגען האבען אלעס געזעהן און זיא ניט אראפּגעלאזען פון אויג פון דער מינוט, וואס זיא איז ארויסגעגאנגען פון פּאלאץ, ביז איהר קארעטע איז צוגעקומען צום טהירעל. צוויי דראשקעס זיינען איהר נאכגעפּאָהרען און צוויי פּאָר שאַרפע אויגען האָבען אלעס געזעהן און אלעס פערשטאנען.

איין פּאר אויגען האט געהערט צו גראף דע ריווערא. קוים האט ער פערזאָרגט זיין טאכטער און האט געלאזט בעערדיגען זיין ברודער, האט ער אנגעהויבען נאכצושפּירען דיא מארקיזא. ער האט געזעהן, אז מיט יעדען טאג ווערט זיא אלץ ווייטער פון איהם און ווייזט איהם אלץ מעהר, אז זיא האט פאר איהם קיין מורא ניט. עס האט איהם זאגאר אנגעהויבען צו פערדריעסען, וואס זיא איז געגען איהם געווארען אזוי שטאלץ. זיא האט צוואר געזוכט עס צו פערדעקען. מיט׳ן מויל פלעגט זיא איהם נאך אלץ זאגען, אז זיא איז זיין געטרייע דינערין. אנאנדערן וואלט זיא געוויס אפּגענארט, אבער ניט דעם גראף דע ריווערא. ער האט זיא בעסער געקענט, וויא זיא האט געמיינט. ער האט פערשטאנען איהרע בליקען, איהרע מינען און יעדע בעוועגונג פון

איהר קערפער. און קוים האט ער נור צייט געהאט, האט ער זיך ענטשלאסען איהר נאָכצופאָהרען און איהר נאָכצושפירען אויף יעדען שריט און טריט.

ער איז איהר נאכגעפאָהרען, ווען זיא איז געפאהרען צו דער שניידעריין, מאדע־מאזעל דע שאמבאָר. ער איז איהר נאכגעפאהרען יעדעס מאל, ווען זיא פלעגט אויס־פאהרען אין פארק בוא דע בולאָן מיט'ן אפיציער וועגדענשטיין. ער האט געזעהן, אז זיא האט איהם שוין געפאנגען אין איהר נעץ, אז וועגדענשטיין איז שוין אין איהר פערליעבט ביז איבער דיא אויערן. ער האט נאכגעשפירט און געזעהן, וויא וועגדענ־שטיין פערברענגט ביי איהר יעדען אבענד.

ער האט געזוכט א מיטעל, וויא צו רעטען דיעזען יונגען מאן פון דיעזער ניעדער־טרעכטיגער פרוי, ער האט עס אבער ביז אהער נאך ניט געפונען. — ער אליין האט איהם בעקאנט געמאכט מיט דער מארקיזא; ער אליין האט איהר געהייסען, אז זיא זאל איהם צוציעהען צו זיך; ער אליין האט צוגעלעגט דעם פונק צום פאס פולווער און האט ניט געקענט אפוועהרען, אז עס זאל זיך ניט אנציינדען.

דאס זיינען געוועזען דיא אורזאכען, וואס האבען בעוואגען גראף דע ריווערא, ער זאל אזוי נאכשפיערן דיא מארקיזא.

ווען ער האט דערזעהן, אז זיא איז געפאהרען צום נומער 44 פון דער שטראסע גראווילע, איז זיין נייגיערדע נאך מעהר געשטיעגען. ער האט ניט געוואוסט, אז דארט איז היינט א מאסען פערזאמלונג פון ארבייטער. ער האט נור געוואוסט, אז דאס איז אן ארימעס, פערוואָרפענעס געסעל. ער איז איהר נאכגעפאהרען און האט געזעהן, מיט וועמען זיא האט גערעדט און וועמען זיא האט ארויפגענומען צו זיך אויף דער קארעטע.

— אזוי? האט ער אויסגערופען, ווען ער האט דערזעהן דעם גרויסען קאפ באַ־קונינ'ס מיט זיינע לאנגע האר. — אזוי? דאס איז דיא מאכט, וועלכע האט זיך גע־שטעלט געגען מיר? — דיא שרעקליכע, מאכט, וועלכע גראבט אין דער פינסטערם און וויל אלעס צערשטערן און אלעס פערניכטען. — גוט! געגען דיעזע מאכט קעמפף איך בעשטענדיג און זיא האט זיך אנגעשלאסען אן זיי! — ווארט נור, אננא באלצער! איך וועל מיך שוין מיט דיר אפרעכענען, איך וועל דיר שוין ווייזען, וואס עס הייסט פאלש זיין דיא יעוואיטען!

א נייער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפ. זיין געזיכט איז געוואָרען לעבע־דינער און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו גליהען.

— איך מוז נור וויסען, אויב זיא ליעבט דעם דייטשען אפיציער, דאן וועל איך זיא ארומפיהרען אויפ'ן שטריקעלע פון איהר ליעבע. דאן וויים איך שוין, וויא זיא צו בייגען.

אין דערזעלבער צייט, ווען גראף דע ריווערא האט נאכגעשפירט דיא מאר־קיזא פון איין זייט און איז איהר נאכגעפאהרען אויף שריט און טריט, איז פון אנאנ־דער זייט אנאנדער מענש איהר נאכגעפאהרען און האט זיך אויך צוגעקוקט צו אלע־מען, וואס זיא האט געטהאן דיעזען אבענד.

ווען ער האט געזעהן, אז דאס טהירעל פון'ם גארטען האט זיך פערשלאסען

און דער פאלאץ, וואו דיא מארקיזא האט געוואינט, איז געווארען דונקעל און שטיל. איז ער זיך לאנגזאם אוועקגעגאנגען אויפ'ן טראטואר, ביז ער איז צוגעקומען צו א בולוואר און האט זיך געזעצט אויף א לעדיגע באנק.

אין בולוואר זיינען געווען וועניג מענשען. אין דעם ארט, וואו ער האט זיך געזעצט, איז קיינער ניט געווען. ער האט זיך אנגעשפארט אויף דער באנק און האט זיך פערטראכט.

אייניגע מינוטען האט ער געשוויגען. דאן האט ער געזאגט צו זיך אליין:

— אזוי, מיין טהייערע פרוי? — דערמיט בעשעפטיגסט דוא זיך? — דאס האב איך פון דיר ניט ערווארטעט! — עס האט מיך זעהר געפרעהט צו הערן, אז דוא ביסט געשטיעגען אזוי הויך, אז דוא ביסט געווארען א מארקיזא, אז דוא האסט דיא בעסטע פערד און דיא טהייערסטע עקיפאזשען אין פאריז. עס איז מיר געוויס געווען אנגענעהם צו זעהן, אז צו דיר קומען דיא גרעסטע מענער. — דאס איז געוויס זעהר שעהן.

איך האב דיך ניט בעשולדיגט, וואס דוא האסט מיך פערשיקט אין דעם פערפלוכטען אמעריקא, וואו איך האב געמוזט בעטען גאט אדער ארבייטען אין א פאבריק. אזוי האט דיין בעשיצער, דיין יעזואיט, דער גראף דע ריווערא געוואלט. נאטירליך, האב איך עס ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט מיך געשיקט צו זיינע יעזואיטען אין ניו יארק. זיי האבען מיך פערשפארט אין א מאנאסטיר און האבען מיר געהייסען בעטען גאט. פאר זיי איז דאס א גאנץ גוטע פראפעסיאן. זיי צאהלט מען פאר זייער גאט בעטען מיט דיא שווערע אמעריקאנישע דאלארס. פאר מיר אבער איז דאס געווען זעהר א לאנגווייליגע בעשעפטיגונג, וועלבע האט זיך זעהר שלעכט בעצאהלט. איך בין פון זיי אנטלאפען. — דאס געלד, וואס איך האב געהאט איז באלד ביי מיר אוועקגעגאנגען אין'ם לוסטיגען ניו יארק. — איך האב מיר געמוזט זוכען אן ארבייט — ווידער א בעשעפטיגונג, וואס פאסט ניט פאר מיר. ארבייטען אין ניו יארק איז קיין גרויס פערגניגען. — איך בין ווייטער געקומען צו מיינע יעזואיטען, האב געוויינט פאר זיי און האב אויסגענארט ביי זיי עטליכע דאלאר. מיט דיעזעם געלד בין איך געקומען קיין פאריז זעהן דיא אויסשטעלונג. —

פאריז איז דער בעסטער ארט פאר מיר, אין פאריז קען אזא מענש, וויא איך, זיך זעהר לייכט דורכשלאגען. — מיר אבער איז בעשערט אנאנדער גליק אין פאריז — איך האב דא געטראפען מיין ליעבע פרוי. מיין געליעבטע אננא. זיא איז געווארען א מארקיזא — וואו זיא האט גענומען אזא הויכען טיטול, וויים איך דערווייל ניט — זיא איז אבער רייך. זיא האט שעהנע פערד און טהייערע עקיפאזשען. — דאס איז מיר אליין רעכט, וויא קומט זיא אבער צו דיא ארבייטער? ווער איז דער מאן, וועלכען זיא האט געפיהרט מיט זיך אין דער קארעטע? פאר וואס האט זיא איהם אריינגענומען אין איהר הויז דורך א הינטער טהירעל? — דאס מוז איך וויסען, איידער איך וועל זיא בעעהרען מיט מיין בעזוך. — איך מוז איהר מאכען א בעזוך. מיין קאסע ווערט לעדיג. דאס לעבען אין פאריז קאסט טהייער. זיא מוז מיך אונטערשטיצען. — איך בין זיכער, אז אין פאריז וועט איהר גראף דע ריווערא זיך ניט קענען שטעלען געגען מיר אזוי שטאלץ, וויא ער האט עס געטהאן אין וויען. — איך דארף נור געוואהר

ווערען נאך א פאר פון איהרע געהיימניסע און דאן קומען צו איהר, אלס איהר ליעבער, געטרייער מאן. —

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען אין דעם נעכסטען רעסטאראן.

## 40טעם קאפיטעל.

## ליעבע און טרייע.

וואנדענשטיין איז גליקליך. ער ליעבט און ער ווערט געליעבט. עס איז געווען אין דער צייט פון דער אויסשטעלונג, ווען עס איז צוזאמענגעקומען אין א געזעלשאפט מיט דער מארקיזא. מען איז געזעסען שפעט, מען האט געגעסען, געטרונקען און זיך פארטרעפליך אמוזירט ביז שפעט אין דער נאכט. ווען מען איז זיך צוגאנגען, האט איהם דיא מארקיזא געזאגט גאנץ שטילערהייט:

— איך האב מורא צו פאהרען אליין אזוי שפעט ביי נאכט. ווילט איהר מיך בעגלייטען?

וואנדענשטיין האט ניט געענטפערט. ער האט איהר געגעבען דיא האנד האט זיא ארויסגעפיהרט פון זאל. ווען זיי זיינען געקומען צו איהר פאלאץ; האט זיא איהם ארייננעפיהרט צו זיך אין זאל און האט איהם געהייסען ווארטען א פאר מינוט. זיא אליין איז ארויסגעגאנגען צו איהר קאמער מעדכען און האט איהר געזאגט:

— א פלאש אליקאנטע וויין און איינינע פריכטע אין מיין צימער. מעהר דארף איך דיך ניט.

אין איינינע מינוטען ארום איז זיא ארויסגעקומען אין אן אבענד קלייד און האט איהם ארייננערופען צו זיך אין בודואר. אויפ'ן טיש איז געשטאנען דער וויין. זיא האט אנגעגאסען צוויי גלעזער, האט צוגעלענט דיא ליפען צו איינער און האט איהם דערלאנגט.

— אויף גליק און פרייד! האט זיא איהם געזאגט.

וואנדענשטיין האט אויסגעטרונגען דאס גלאז מיט א מאל. זיינע אויגען האבען געגליהט און ער האט געציטערט פאר ליידענשאפט.

— ווארום זא שטיל, מיין ליעבענדער ריטער? האט דיא מארקיזא געפרעגט מיט א שמייכעל.

וואנדענשטיין איז געפאלען פאר איהר אויף דיא קניע, האט געחאפט איהרע הענד און האט זיי בעדעקט מיט פייערינע קושען. זיא האט איינגעבויגען איהר קאפ, האט איהם ארומגענומען און זייערע ליפען זיינען צונויפגעוואקסען געווארען אין א לאנגען, הייסען, ברענענדען קוש. פלוצלונג איז דיא מארקיזא אפגעשפרונגען.

— וואס איז דאס? האט זיא אויסגערופען.

זיא האט אראפגענומען פון וואנדענשטיינס האלז א דינע גאלדענע קייטעלע מיט א מעדאליאן און, איידער וואנדענשטיין האט צייט געהאט ארויסצורעדען א ווארט, האט זיא געעפענט דעם מעדאליאן און האט דארט דערזעהן א בילד, א פרויען בילד. דאס איז געווען העלענא'ס בילד.

— ווער איז דאס בילד? האט זיא געפרעגט.

— דאס איז א בילד פון א פריינדין, האט װענדענשטיין קוים ארויסגערעדט.

— װער עס איז מיין פריינד, דער טאר קיין אנדערע פריינדין ניט האבען! האט דיא מארקיזא געזאגט שטאלץ.

זיא האט אויפגעריסען דאס ריימעל, האט ארויסגענומען דיא קליינע פאטאגראפישע קארטע, האט עס צוריעסען און צװאװארפען. װענדענשטיין האט עס א שטאך געטהאן אין הארצען, װען ער האט געזעהן װיא זיא צורייסט דאס בילד פון זיין יוגענד פריינדין, װעלכע ער האט צװאר ניט געליעבט, אבער דאך האט ער זיא געשעצט אלס גוטע, עדעלע און טרייע פריינדין און עס האט איהם געקרענקט צו זעהן, װיא איהר בילד װערט אזוי פערניכטעט.

דאס האט אבער געדויערט נור איין אויגענבליק. באלד איז אלעס פערשװאונדען. ער איז געלעגען אין איהרע ארימס.

זייט דיעזען אבענד איז ער ניט אפגעטרעטען פון איהר. ער פלעגט אפט פאהרען מיט איהר צוזאמען שפאציערן, זיי פלעגען געהן צוזאמען אין טהעאטערע און געזעלשאפטען. ער איז געװארען איהר געליעבטער עפענטליך פאר דער גאנצער װעלט. עס איז געגאנגען אזוי װייט, אז ער האט זיך מיט איהר געלאזט פאטאגראפירען, אזא בילד איז געשטאנען אין זיין קאבינעט אויף זיין שרייב טיש. ער האט פערגעסען אן אלעמען. ער האט פערגעסען, צו װאס ער איז געקומען קיין פאריז און װאס ער טהוט דא; ער האט פערגעסען אן דעם קעניג פון האנאװער; ער האט פערגעסען זאגאר זיינע עלטערן.— זייערע בריעף פלעגען אװעקליעגען ביי איהם אויפן טיש װאכען לאנג און ער האט זיי זאגאר ניט געענטפערט. זיין ליעבע האט פערנומען זיין הערץ, זיינע געדאנקען און זיינע געפיהלע.

דאס איז שוין ניט געװען קיין ליעבע, דאס איז געװען—ליידענשאפט. ליעבע מאכט דעם מענשען בעסער, עדעלער און װייכער. ליידענשאפט מאכט דעם מענשען װילד און גרויזאם. ער האט קיין געפיהל צו קיין זאך אין דער װעלט, אויסער צו זיין ליידענשאפט. ליעבע װעקט אויף דעם מענשען, רעגט איהם אויף, ער זאל טהאן, װירקען, שאפען; ליידענשאפט דערשטיקט אין איהם יעדע לוסט צו ארבייט, צו א טהעטיגקייט. ליעבע איז א גליק, ליידענשאפט איז אן אונגליק. ניט אומזיסט הייסט עס ליידענשאפט — דער מענש ליידעט אונטער איהר שװערע לאסט. דער מענש איז װיא בערוישט, ער פערליערט זיין פערשטאנד—ער איז װאהנזיניג.

איין מאל זיינען געזעסען איינעגע אפיציערן פון האנאװער אויף דער קװארטיר פון איינעם פון זייערע קאמעראדען און האבען געפלוידערט צװישען זיך. צװישען דיא אפיציערן זיינען געװען אונזערע גאנץ אלטע בעקאנטע: פאן הארטװיג און פאן קליינענשטיין. אונזערע לעזער װעלען זיך געװיס ערינערן, װיא זיי זיינען אנטלאפען פון האנאװער אין דער זעלבער נאכט, װאס מען האט ארעסטירט דעם יונגען װענדענשטיין.

זיי האבען אין פאריז אויך ניט געהאט פיעל װאס צו טהאן און האבען פערבראכט דיא צייט, יעדער װיא ער האט געקענט.

— אויס לאנגװיילע בין איך נעכטען געגאנגען צו א מאדעמואזעל לענארמאן, האט פאן הארטװיג געזאגט. זיא איז א בעריהמטע קארטענװארפערין, צױבערין און

זאגט, וואס עס האט א מענשען פאסירט, זייט ער איז געבאָרען געווארען און וואס עס וועט מיט איהם פאסירען ביז ער וועט שטארבען.

— נו? וואס האט זיא דיר געזאגט? האט פאָן קלינגענשטיין געפרעגט נייגיעריג.

— איך האב אונגליק, ליעבער פריינד, האט הארטוויג געענטפערט. דיא גייסטער זיינען אויף מיר ברוגז, זיי האָבען זיך ניט געוואלט בעווייזען. דיא ארימע מאדעמואזעל האט זיי גערופען, געבעטען, האט זיי צוגעזאגט דאס גוטעס פון דער וועלט — זיי האבען זיך ניט געוואלט בעווייזען. — מעגליך, אז פראנצייזישע גייסטער האבען מורא פאר דייטשע אפיציערן. איך האב געמוזט בעצאָהלען א פינף פראנק שטיק און האב דאך ניט געהאט דיא עהרע צו זעהן אן אנשטענדיגען גייסט.

— פאר וואס האסט דוא ניט געפאָדערט דיין געלד צוריק? האט פאָן קלינגענשטיין געלאכט.

— דיא ענגלענדער זיינען שוין גרעסערע קינסטלער אין דיעזער בעציעהונג, האט זיך אנגערופען א יונגער אפיציער, וועלכער איז ערשט ניט לאנג געקומען פון ענגלאנד. אין לאנדאן האב איך בייגעוואינט א זיצונג פון ספּירישואליסטען. דארט האב איך געזעהן ריכטיגע גייסטער.

דיא יונגע לייט האבען ארויסגעלאזען א געלעכטער.

— וואס לאכט איהר מיינע העררן? האט זיך דער אפיציער געבייזערט. איך זאג אייך, אז איך האב געזעהןווירקליכע גייסטער.

— פון פלייש און בלוט? האט פאָן הארטוויג געפרעגט.

— איך וויים ניט, האט דער אפיציער געענטפערט ערנסט. איך האב געזעהן, וויא א האנד האט געשריעבען.

— וואו עס איז דא א האנד, דארט מוז זיין א קערפער, האט הארטוויג געענטפערט.

— שווינדעל און בעטרוג! האט זיך אריינגעמישט פאָן קלינגענשטיין. דאס איינציגע, וואס האט מיך אינטערעסירט, זייט איך בין אין פאריז, איז דיא וויסענשאפט פון דער האנד. איך האב געלעזען דאריבער א פאָרטרעפליכען בוך. — איך גלויב ניט, אז דאס שיקזאל פוּ'ם מענשען איז אנגעשריעבען אין דיא ליניען פון זיין האנד, אבער דיא פארם פון דער האנד איז געוויס פערשיעדען ביי יעדען מענשען און איך גלויב, אז מען קען דערקענען דעם כאראקטער פו'ם מענשען נאך זיין האנד.

— איך האב אין ענגלאנד אויך געלעזען א גאנצען ארטיקעל איבער דיא מענשליכע האנד, האט געזאגט דער אפיציער, וועלכער איז ניט לאנג געקומען פון ענגלאנד. דיא מענשליכע האנד ווערט דארט איינגעטהיילט אין א פיזישע האנד, — א בריימע מיט קורצע, גראבע, וויא אבגעהאקטע פינגער. דאס איז דיא ניעדעריגסטע שטופע פון א האנד. זיא בעוועגט זיך געוועהנליך אינוועניג און דיא פינגער קרימען זיך אויס, גלייך וויא זיי וואלטען עפּעס בעטען. דאס איז דיא האנד פון א בויער, פון א מענשען, וועלכער האט שטענדיג געארבייט א שווערע פהיזישע ארבייט.

דיא צווייטע האנד הייסט דיא פסיכישע. דיא פינגער זיינען לאנג, אבער

פארמלאז. דיא האנד אליין איז ווייך, אבער ניט שעהן. דיא לאנגע פינגער זיינען שטענדיג אויסגעשטרעקט גלייך, וויא לאנגע שטעקענס. זיא בעוועגט זיך זעהר שעהן און מיט א בעזאנדערן חן (אנמוטה) דאס איז געוועהנליך א פרויען האנד, א האנד, יועלכע איז ניט געוואינט צו קיין ארבייט.

דיא דריטע האנד הייסט דיא מאטאר האנד אדער דיא בעוועגענדע האנד. דיא פינגער זיינען לאנג אבער געוועלבט, קרעפטיג און נערוועז. ווען זיא שטרעקט זיך אויס, בעפעהלט זיא; ווען זיא חאפט עפעס, טהוט זיא עס קרעפטיגט און מיט דער מינע פון א הערשער. דאס איז דיא האנד פון דיא גרויסע מעכאניקער פון דיא גרויסע ערפינדער און פון דיא בערייהמטע גענעראלען. —

יעדער האט אנגעהויבען צו קוקען אויף זיין האנד. יעדער האט אויסגעשטרעקט דיא פינגער און האט בעטראכט וואס פאר א סארט האנד ער האט.

— א זאנדערבארע האנד האט אונזער לאנדסמאן וועגדענשטיין, האט פלוצלונג פאן הארטוויג געזאגט. זיין האנד פאסט ניט צו אלע דרייא קלאסען, וועלכע אהיר האט נור וואס אויסגערעכענט.

— ער האט א גליקליכע האנד, האט זיך אפגערופען קלינגענשטיין. מיר זיינען אלע אין פאריז פריהער פין איהם. מיר שלאנדערן ארום אין דיא גאסען און לעבען, וויא דיא בערן, יעדער אין זיין הייל. ער איז געקומען שפעטער און האט אויסגעחאפט דאס בעסטע.

— דוא מיינסט זיין געליבטע, דיא מארקיזא? האט א דריטער געפרעגט. — זיא איז ווירקליך א זעלטענע שעהנהייט און איז, וויא מען זאגט, זעהר רייך.

— מיר וועלען נאך א מאל האבען דיא עהרע צו זעהן אונזערן א קאמעראד אלס איטאליענישען מארקעזא, האט פאן הארטוויג ווייטער געשפאסט.

— דאס גלויב איך ניט, האט קלינגענשטיין געענטפערט. דיא מארקיזא האט א מאן, ער איז אלט און קראנק, אבער ער לעבט נאך, ער קען נאך אוועקלעבען דרייסיג יאהר.

אין דיעזע מינוט האט פאן הארטוויג ארויסגעקוקט פון פענסטער.

— ווער איז דארט? האט ער פלוצלונג אויסגערופען. — עפעס א מאן איז אריינגעגאנגען אין הויף — ער פרעגט זיך ביים הויז קיפער — ער איז מיר בעקאנט — איך האב איהם ערגעץ געזעהן. ער איז א דייטש. —

אלע זיינען צוגעגאנגען צום פענסטער.

— דאס איז א יונגער גייסטליבער פון עמענטהאל, האט פאן קלינגעשטיין אויסגערופען. — איהר געדענקט ניט, הארטוויג? — מיר האבען איהם א מאל געטראפען ביים אלטען וועגדענשטיין אין שטוב. דאס איז געוועזען צווייא טאג פאר אונזער אוועקפארען. — דער הויז קיפער וויזט איהם צו אונז. — ער וועט אונז געוויס ברענגען נייעס פון דער היים.

אין איינינע מינוטען ארום איז אריינגעקומען דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן. ער האט אראפגענומען דעם הוט און האט זיך פערנייגט פאר דיא אפיציערן.

— מיינע העררען, האט ער געזאגט מיט א פרומע מינע. איהר וועט זיך פיעללייכט

עראינערן, אז איך האב אמאל געהאט דיא עהרע צו מאכען אייער בעקאנטשאפט. דאס איז געווען ביים אלטען וועגדענשטיין אין שטוב.

— אה, איך געדענק זעהר גוט, הערר בעהרמאן, האט דער פייערינער הארט־וויג געזאגט. זייט אונז וויל־קאמען אין פאריז! — איך וויים, איהר זייט א פאטריאָט און זייט טריי געבליעבען אונזער קעניג.

— איך בעט שטענדיג גאט, ער זאל איינריכטען אלעס צום גוטען אין אונזער פאטערלאנד און זאל אלעס פיהרען צו א גוטער ענדע. — איך בין א גייסטליכער און קען אויף קיין אנדער ארט ניט טהיילנעמען אין דעם קאמפף פון אונזער אונגליקליכען קעניג.—

ביי דיעזע ווערטער האט ער זיך אומגעקוקט און האט געווארפען א שארפען בליעק אויף אלע אפיציערן.

— איך האב שטענדיג געזארגט פאר מיינע לאנדסלייט, האט ער ווייטער געזאגט און פערגלאצט דיא אויגען צו דער דעק. — איך וויים אז אונזערע יונגע קריעגער געפינען זיך אין א לאנד פון קאטאָליקען, וואו מען וועט געוויס זיך געבען אלע מיה זיי אראָפּצופיהרען פון'ם רעכטען וועג. איך האב דאהער אונטערנומען דיעזע לאנגע רייזע אין א פרעמד לאנד אום מיינע לאנדסלייט צו שטארקען אין אונזער הייליגען גלויבען און זיי צו בעקרעפטיגען אין דער האפנונג אויף גאט, וועלכער זארגט זיך פאר אונז אלע. — איך האף, אז איהר וועט מיר ערלויבען צו קומען אפט צו אייך און אייך פרעדיגען פון הייליגען גלויבען. —

ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. פאן הארטוויג, אלס דער עלטערער פון זיי אלע, האט געענטפערט:

— עס איז געוויס זעהר שעהן פון א גייסטליכען, וועלכער ליעבט זיינע גלויבענסגענאסען, אז ער ענטשליעסט זיך צו קומען אין א פרעמד לאנד זיי צו טרעסטען און זיי איינפלייסען מוטה. איך וועל אייך געבען א מענשען, וועלכער וועט אייך ארומפיהרען צו אלע עמיגראנטען פון האנאווער. ווען איהר וועט פעראנשטאלטען אן עפענטליכען גאטעס־דיענסט, וועלען מיר געוויס אלע קומען.

הארטוויג איז ניט געווען אזוי פרום, וויא ער האט זיך געמאכט פארן יונגען גייסטליכען. ער האט געהאט א גאנץ אנדערן צוועק, פאר וואס ער האט איהם געוואלט ארומפיהרען אין דיא וואוינונגען פון אלע עמיגראנטען פון האנאווער.

— איך האף, האט ער ווייטער געזאגט, אז איהר גלויבט ניט אלעס, וואס מען דערצעהלט פון אונז אין האנאווער. איך האב געלעזען בריעף, אין וועלכע מען שרייבט, אז מיר זיינען אין פאריז געווארען אויסגעלאסען און מיר פיהרען דא זעהר א ווילדעס לעבען. מען האט אונז אזוי שלעכט בעשריעבען, אז פיעלע לאנדסלייט שעהמען זיך זאָגאר מיט אונזער בעקאנטשאפט. — איך בין זיכער, אז איהר, הערר בעהרמאן, וועט זיך א ליין איבערצייגען, אז מיר זיינען נאך דיעזעלבע, וואס מיר זיינען געווען אין דער היים, און געהן נאך יעצט זעהר גערן אויסאיבען אונזער גאטעס־דיענסט.— איך האף, אז איהר וועט אונז פערטהיידיגען פאר אונזערע פריינד און בעקאנטע און וועט זיי זאגען, אז מען האט אונז פערלייםדעט.

א זאנדערבארעס פייער האט אויף א סעקונדע אויפגעפלאקערט אין דעם גייסטליכענס אויגען, עס איז אבער באלד פערשוואונדען. ער האט זיך פערנייגט פאר אלעמען און האט געזאגט מיט זיין העלער שטימע.

— איך בין העכסט גליקליך צו הערן, אז אלעס שלעכטע, וואס מען רעדט פון אייך, איז א ליגען. איך אליין האב א געוויסע צייט געמיינט, אז יונגע לייט ווערן פערדארבען אין פאריז, דיעזע שטאדט, וועלכע איז בעריהמט אלס ניט פרום און אויסגעלאסען. איך זעה אבער יעצט, אז אלעס וואס מען האט דערצעהלט פון אייך, האבען שלעכטע מענשען אויסגעטראכט. עס וועט מיך זעהר פרעהן, ווען איך וועל קענענען אלעמען אויסרייסען דיא אויגען אין זאגען אז מען האט אייך פערליימדעט,— עס איז אלעס ליגען.

ער האט זיך אומגעקוקט א פאר מינוט און האט ווייטער געזאגט:

— איך האב א פאר בריעף צום ליטענאנט וואנדענשטיין. קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו איך קען איהם זעהן?

— ער האט היינט געדארפט זיין ביי אונז, מיר האבען איהם ערווארטעט. ער איז אבער נאך ניט געקומען. ער איז געוויס ביי זיך אין דער היים.

— ווען ער איז ניט ביי זיין שעהנער איטאליענערין, האט איינער א לאך גע־טהאן. געסטערן האב איך איהם געזעהן מיט איהר אין בוא דע בולאן.

אין דיא אויגען פון׳ם יונגען גייסטליכען האט זיך אבערמאלס אנגעצונדען דאס־זעלבע זאנדערבארע פייער, וועלכעס מיר האבען פריער בעמערקט, באלד אבער איז עס פערשוואונדען.

— איך וואלט זעהר געוואלט איהם באלד זעהן. ער וועט געוויס זיין העכסט צופריעדען צו הערן נאכריכטען פון דער היים.

— ער וואינט אין דער שטראסע לאזאר, נומער 140. עס איז ניט ווייט פון דאנען, האט פאן הארטוויג געזאגט. דאן האט ער זיך געווענדעט צו איינעם פון זיי:

— יאהאן, פיהר צו הערן בעהרמאן צו וואנדענשטיינ׳ס וואינונג.

— איך דאנק! עס איז ניט נעטהיג, האט דער גייסטליכער געענטפערט. ווען עס איז ניט ווייט, וועל איך שוין אליין טרעפען. זאגט מיר נור אין וואס פאר א זייט איך דארף געהן.

מען האט איהם געזאגט, וויא אזוי ער קען קומען צו וואנדענשטיינ׳ס וואינונג. ער האט אלעמען געגריסט, האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

ווען ער איז געווען אין דער גאס, האט זיך זיין מינע פערענדערט. א בייזער, ווילדער, פערביסענער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט אויף זיינע ליפען.

— דיא רעגירונג וועט זיין צופריעדען מיט מיר, האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיי האבען צו מיר צוטרויען און איך וועל געוואהר ווערן אלע זייערע געהיימניסע. — דיא טויגעניכטסע! — דיא רעבעלען! זיי ווילען זיך שטעלען געגען פרייסען, — דיא אינגלעך! פרייסען איז קלינער פון זיי. זיא וועט זיי באלד ארויסיאגען פון פאריז, וויא דיא הינד. — מיין ארבייט וועט ניט זיין אומזיסט. יעצט האב איך שוין אויף א בע־סערע שטעלע, וויא צו זיין א פאסטאר אין א דארף, פיא עמענטהאל. מען וועט מיר

געבען א שטעלע אין בערלין. איך מוז שטיינען. איך מוז דערגרייכען דיא העכסטע שטופע, וואס א גייסטליכער קען נור דערגרייכען. ביסמארק אליין האט עס מיר געזאגט.

ער האט זיך ניט שטארק געאיילט צו געהן צו וועגדענשטיינען. ער האט נאך געהאט אויפ'ן וועג עפעס צו בעזארגען. ער איז אריינגעגאנגען אין א קאפע-סאלון, האט זיך געהייסען געבען א טאסע קאפע און שרייבגעצייג. ער האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א בייגעלע פאפיער, האט עס צונויפגעלעגט און אריינגעלעגט אין א קאנווערט.

ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון קאפע סאלון, האט ער זיין בריעף אריינגעווארפען אין א פאסט קעסטעל.

וועגדענשטיין איז געזעסען אליין אין זיין צימער. פאר איהם אויף זיין שרייב טיש איז געשטאנען אין א גאלדענע ריימעל א פאטאגראפישעס בילד פון איהם און דיא מארקיזא פאלאנצאני. דאס בילד איז געוועזען זעהר ריכטיג און וואהר. זיי זיינען ביידע געזעסען און זיא האט ארויפגעלעגט דיא האנד אויף זיין פלייצע. ער האט בעטראכט דאס בילד מיט ענטציקען. אויפ'ן בילד האט מען געקענט לעזען אין איהרע בליקען ליעבע און גליק.

— איך בין גליקליך, האט ער געזאגט צו זיך אליין, זיא ליעבט מיך. — מיינע פערגאנגענהייט פערשווינדעט פון מיר. מיין גאנצעס לעבען ביז אהער ווערט פערדעקט מיט א דונקעלען שאטען. — פאר מיר איז אויפגעגאנגען א נייעס ליכט, א נייעס לעבען — א לעבען פון גליק און ליעבע. —

אך דיעזע פרוי! האט ער אויסגערופען מיט ענטציקען. — זיא איז אן ענגעל — אדער א טייפעל! — זיא איז שעהן און ליעבליך, וויא אן ענגעל, דער ביי איז זיא קלוג און וויציג, וויא דער טייפעל אליין. — איך פיהל מיך שטאלץ, איך פיהל מיך גרויס, ווען אזא פרוי ליעבט מיך. —

אין דיעזע מינוט האט מען געקלאפט אן דער טהיר.

— העריין! האט וועגדענשטיין געזאגט.

ער האט געמיינט, אז דאס איז דיא ווירטהין פון זיין וואינונג, וועלכע איז געקומען איהם עפעס פרעגען. פאר איהר האט ער זיך ניט וואס צו בעהאלטען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דיא פרומע, איינגעבויגענע געשטאלט פון'ם גייסטליכען בעהרמאן האט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל. ער האט שוין ארומגענומען דאס גאנצע צימער מיט זיין שארפען בליק. ער האט שוין אלעס געזעהן. —

וועגדענשטיין איז אויפגעשפרונגען, וויא פון א בליץ געטראפען. אונגערן האט ער געהאפט זיין טאשענטוך און האט עס ארויפגעווארפען אויפ'ן בילד. דער גייסט־ליכער האט עס זעהר גוט בעמערקט. ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און איז צוגעגאנגען נעהנטער, האט אויסגעשטרעקט וועגדענשטיינען דיא האנד און האט געזאגט אין דער הויך:

— גוטען מארגען, אלטער פריינד!

— גומען מארגען, הערר בעהרמאן! האט ווענדענשטיין געענטפערט. — ווילי קאָמען אין פאריז!

ער האט געשווינגען א פאר מינוטען און האט געווארט, אז דער גייסטליכער זאל איהם עפּעס זאגען. אזוי וויא אבער דער גייסטליכער האט געשוויגען, האט ער איהם געפרעגט:

— וויא קומט איהר קיין פאריז, הערר בעהרמאן? — וואס הערט זיך עפּעס אין עמענטהאל? — וואס מאכען מיינע עלטערן? — אך! איך האב אייך פערגעסען צו בעטען זיצען. — זעצט אייך, הערר בעהרמאן.

ער האט איהם צוגערוקט א שטוהל צום שרייב־טיש און האט איהם נאך א מאל געבעטען זיצען. דער יונגער גייסטליכער האט זיך אניעדער געזעצט.

— צוערשט ברענג איך אייך פיעלע גריסע פון אייער פאטער, פון אייער מוטער און פון אייערע שועסטער, האט דער גייסטליכער געזאגט רוהיג. דאן האב איך נאך פיעלע גריסע פון מיין אנקעל און — פון זיין טאכטער — און דיעזע בריעפע.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון בוזעם קעשענע צוויא בריעף און האט איהם דערלאנגט.

ווענדענשטיין האט גענומעןביידע בריעף און האט בעטראכט זייערע אדרעסען. איינער איז געווען פון העלענאן. ער האט דערקענט איהר האנדשריפט. ער האט איהם זאגאר ניט געעפענט. ער האט איהם באלד אנידערגעלעגט אויפ'ן טיש. דער אנדערער בריעף איז געווען פון זיין פאטער. דיעזען בריעף האט ער באלד געעפענט און האט איהם דורכגעלעזען. ווען ער האט איהם איבערגעלעזען, האט ער געזאגט דעם גייסטליכען:

— עס פרעהט מיך זעהר צו הערן, אז גאט זיי דאנק, אלעס איז אין ארדנונג ביי אונז אין דער היים. איך האף, אז אין עמענטהאל איז אויך אלעס אין ארדנונג.

דער גייסטליכער האט דיא גאנצע צייט פון איהם קיין אויג ניט אראָפּגענומען.

— מיין אנקעל איז געזונד און נאך גאנץ קרעפטיג, האט ער געזאגט.

— און העלענא? האט ווענדענשטיין געפרעגט מיט אן אונזיכערער שטימע.

— מיין קוזינע איז ליידער ניט מיט אלעמען, האט דער גייסטליכער געענטפערט און געקוקט ווענדענשטיינען גלייך אין דיא אויגען. — נאך ווען זיא איז געווען אין האנאווער, האט זיא עפּעס אנגעהויבען צו הוסטען. — דיא דאקטוירים האבען געפונען, אז דיא שטאדט לופט שאדעט איהר און האבען איהר געהייסען פאהרען אין א דאָרף. — זיא איז געקומען צוריק צו איהר פאטער קיין עמענטהאל, וואו זיא לעבט שטיל און רוהיג אין אונזער קליינעם פאמיליען קרייז. — ליידער, האט דוא פרישע דארפס לופט אויף איהר וועניג געווירקט. עס איז איהר ניט בעסער געווארען. — זיא הוסט נאך אלץ, און איז געווארען בלויך און מאָגער — איהרע קרעפטע שווינדען — זיא איז קראנק. —

ווענדענשטיין האט אלעס אויסגעהערט רוהיג און גלייכגילטיג, גלייך וויא מען וואלט איהם דערצעהלט פון א וויטען בעקאנטען. אין זיינע מינען האט מען זאגאר קיין מיטלייד ניט געקענט לעזען. — ער האט דאך גשמוזט עפּעס זאגען.

— אָרימע העלענא! האט ער געזאגט, נור אום עפּעס צו זאגען.

— מיין קוזינע איז זעהר קראַנק, האט דער גייסטליכער ווייטער געזאגט. זיא ווערט מיט יעדען טאג שוואכער און מאטער. — מען קען גאר ניט פערשטעהן, וואס עס איז איהר. ערשט מיט א יאָהר צוריק איז זיא געוועזן אזוי שעהן, אזוי געזונד און אזוי פריש, וויא א יונגע ראָזע. היינט איז זיא בלייך. איהרע באקען זיינען איינגעפאלען, איהר בליק איז טריב און — איהרע קרעפטען שווינדען.

ווענדענשטיין האט א זיפץ געטהאן און האט געוואָרפען א בליק אויפ'ן בילד פון דער מארקיזא, וועלכעס איז נאך אלץ געלעגען אונטערן טאשענטוך.

— ארימע העלענא! שאדע אום איהר! האט ער ווידער געזאגט קאלט און גלייכגילטיג.

— ווען איהר וועט נאך בלייבען וויט פון דער היים א לאנגע צייט, האט דער גייסטליכער ווייטער געזאגט, ווייס איך ניט, אויב איהר וועט זיא ווען הייראטהען. זיא וועט אלט ווערן פאר דער צייט. זיא האט שוין אבגעבליהט. איהר שעהנהייט איז שוין פערשוואונדען.

ווענדענשטיין האט געשוויגען. עס איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס דער גייסטליכער האט איהם אלץ געשטאכען מיט העלענאַ'ן. ער האט געוואלט ענדערן דעם געגענשטאנד פון זייער געשפּרעך.

— וואו זייט איהר אפגעשטיגען, הערר בעהרמאַן? האט ער איהם פלוצלונג געפרעגט.

— איך בין דערוויל אפּגעשטיגען אין האטעל ד'איטאַליע, האט דער גייסט-ליכער געענטפערט. ער איז אבער פאר מיר צו טהייער. מיינע מיטעל ערלויבען מיר ניט צו וואינען אין אזא רייכען האָטעל. איך וויל זוכען א מעבלירטעס צימער.

— איך קען אייך רעקאָמענדירען א גאנץ גוטעס און ביליגעס צימער דא, אין דער נאכבארשאפט. — ווען איהר ווילט, קענען מיר שוין געהן עס אנקוקען. ווען עס וועט אייך געפעלען, קענט איהר נאך היינט זיך אהין איבערקלויבען.

עס איז געוועזן דייטליך, אז ער וויל לויז ווערן פון'ם גייסטליכען.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר ווענדענשטיין, האט דער גייסטליכער געזאגט. עס וועט מיר געוויס זיין אנגענעהם צו וואינען לעבען אזא פריינדליכען לאנדסמאן. מיר זיינען דאך מעהר אלס לאנדסלייט — מיר זיינען אלטע בעקאנטע.

— אלזא, ערלויבען זיא מיר א ביסעל צורעכט מאכען מיין טואלעט און איך געה מיט אייך, האט ווענדענשטיין געזאגט. — אין פינף מינוטען בין איך פערטיג.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, איז געבליעבען א פּאָר סעקונדען שטעהן און האט געקוקט אויף זיין טאשענטוך. ער האט זיך איבערלעגט, אויב ער זאל עס צונעהמען פון'ם טיש אדער ניט. דאן איז ער אריינגעגאנגען אין אנדערן צימער זיך אנטהאן.

דער גייסטליכער האט איהם נאכגעשיקט א בייזען, ווילדען בליק.

— ער האט זאגאר איהר בריעף ניט געעפענט, האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער. — איך דערצעהל איהם, אז זיא איז קראנק, געפעהרליך קראנק —

האט דיא שווינדזוכט — און ער הערט עס אויס גלייכגילטיג און זאגט נור געוועהנליכע העפליכקייטס ווערטער. — ער ליעבט זיא ניט — ער האט זיא פערגעסען — ער האט היע אן איטאליענערין. — אונגליקליכע העלענא! וויא אזוי זאל איך דיר איבערציינגען, אז דיין אפיציער איז דיר פאלש? זיא וועט מיר ניט גלויבען, ווען איך זאל עס איהר דערצעהלען. זיא איז פעסט איבערצייגט, אז ער ליעבט זיא, אז ער בענקט נאך איהר. —

— ווען איך זאל עס איהר אבער בעווייזען? — ווען איך זאל איהר אויסזאגען דיא גאנצע וואהרהייט און זאל איהר ברענגען אזעלכע בעווייזע, אז זיא וועט מיר מוזען גלויבען? — וואס וועט דאמאלס זיין? וועט זיא ענדליך איינזעהן, וויא פאלש דיא אפיציערן זיינען? —

ער האט א קוק געטהאן אויפן טאשען טוך.

— ער האט ארויפגעווארפען זיין טאשענטוך אויף א בילד, ווען איך בין אריינגעקומען צו איהם אין צימער. דא מוז עפּעס זיין. — מען דארף עס זעהן.

ער האט א קוק געטהאן צו דער טהיר, וואוהין וועגדענשטיין איז פערשוואונדען געווארען. דאן האט ער שנעל אויפגעהויבען דאס טאשענטוך און האט דערזעהן דאס בילד פון דער מארקיזא מיט וועגדענשטיינען.

— אהא! דאס איז עס! — דאס וואלט געוועזען א גוטער בעוויז. — זיא וואלט זיך שוין איבערצייגט, ווער ער איז.

ער האט גענומען דאס בילד און האט עס געוואלט אריינלעגען אין קעשענע. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט.

— ניין! דאס טויג ניט. ער וועט באלד געוואהר ווערן און וועט מיך האלטען פאר א גנב. — דאס געהט ניט.

ער האט געטראכט א פּאָר מינוט. — ער האט אויסגעפונען! — ער האט איבערגעקעהרט דאס בילד און האט געלעזען אויף דער אנדערער זייט:

„מולניע, בולוואר מאלזערב, נומער 189“.

— שוין גוט! — איך וויים אבער ניט, אויב דער פאָטאָגראף וועט מיר וועלען געבען אזא בילד. אן אנשטענדיגער פאָטאָגראף טהוט עס ניט.

ער האט זיך אומגעקוקט אויפן שרייב טיש און האט דערזעהן א פעקעלע וועגדענשטיינס וויזיט קארטעס. ער האט ארויסגענומען איינע און האט זיא אריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע.

— יעצט וועט דער פאָטאָגראף מיר שוין געבען א בילד, האט ער ווייטער געמורמעלט. — ווען איך וועל איהם ווייזען דאס בילד, וועט זיא מיר שוין גלויבען. —

ער האט געשוויגען אייניגע מינוט. אנדערע געדאנקען זיינען איהם געקומען אין קאפּ און האבען איהם בעאונרוהיגט.

— וואס וועט אבער דערפון ווערן? — וועט זיא עס אויסהאלטען? — וועט זיא עס איבערטראגען? — זיא וואלט געמעגט שטארבען, אבער ניט פריהער אלס, ווען זיא וועט הייסען מיין פרוי. — איך דארף דאס געלד פון מיין אנקעל. — ער איז רייך. — ער האט געמאכט א גרויס פערמעגען אין עמענטהאל. — מיט זיין געלד וואלט עס

מיר לייכט געווען צו דערגרייכען דיא העכסטע שטעלע אין בערלין. — געלד איז דאך דיא איינציגע מאכט, פאר וועלכע אלע מוזען זיך בייגען. —

אין דיעזע מינוט איז וועגדענשטיין ארויסגעקומען. אנגעטהאן און אויסגעפוצט, וויא א פראנט.

— נו, הערר בעהרמאן, האט ער געזאגט צום גייסטליכען, קוםט אנקוקען דאס מעבלירטע צימער.

זיי זיינען ביידע ארויסגעגאנגען. דאס צימער איז געפעלען דעם גייסטליכען און ער האט זיך אהין איבערגעצויגען נאך אין דעם זעלבען טאג.

דער גייסטליכער האט פערבראכט איינינע וואכען אין פאריז. ער פלעגט בעזוכען אלע אפיציערן, וועלכע האבען געהערט צו דעם האנאווערישען לעגיאן — אלע, וועלכע האבען נור געווארט אויף א בעפעהל, אז זיי זאלען קומען קיין האנאווער און מאכען דארט א רעוואלוציאן צו גונסטען פוּ׳ם קעניג געארג. ער פלעגט מיט זיי רעדען איבער זייערע פלענער, פלעגט בעטען גאָט, אז עס זאל זיי געלינגען און דער קעניג זאל צוריק אפּנעהמען זיין לאנד.

דיא אפיציערן האבען איהם אזוי ווייט געגלויבט, אז זיי האבען געשריעבען דעם קעניג געארג קיין היצינג, ער זאל דעם גייסטליכען בעהרמאן בעשטימען א געהאלט פון עטליכע טויזענד מארק א יאהר. ער איז עס ווערטה. ער איז א גוטער פאטריאָט און האסט פרייסען פון גאנצען הערצען. דער קעניג האט זיי צוליעב געטהאן און האט געשיקט דעם יונגען גייסטליכען צוויי טויזענד מארק.

דער גייסטליכער איז געווען גליקליך. ער האט זעהר געדאנקט אלע אפיציערן פאר זייער פריינדשאפט און דעמזעלבען אבענד האט ער געשריעבען קיין בערלין, אז קעניג געארג שיט מיט געלד און איז פעסט ענטשלאסען ארויסצורופען א רעוואלוציאן אין האנאווער.

## 41טעם קאפּיטעל.

### טריי ביז אין טויט.

טרויעריג איז עס אין דער איינפאכער וואינונג פוּ׳ם פאסטאָר בערגער אין עמענטהאל. אין דרויסען שיינט דיא זון, דיא פייגעלעך זינגען, דיא ראזען בליהען, דיא פעלדער זיינען גרין, דיא וועלדער זיינען לעבעדיג. אין שטוב אבער ביים פאסטאר איז אלעס שטיל און טרויעריג. נור פון צייט צו צייט הערט מען א טרוקענעם, לאנגען, הייזעריגען הוסטען פון א שווינדזיכטיגען.

דאס הוסט העלענא.

מיר ווייסען, אז דיא דאקטוירים האבען איהר געהייסען זיין אין א דארף, אויף דער פרישער לופט. נאך וועגדענשטיינ׳ס אנטלויפען פון האנאווער איז זיא א געוויסע צייט נאך געבליעבען ביי דער פאמיליע וועגדענשטיין. דער אלטער און דיא אלטע וועגדענשטיין האבען זיא ליעב געהאט, וויא זייער אייגען קינד און האבען זיא ניט געוואלט לאזען פון זיך. זיא אליין האט אויך ניט געוואלט פון זיי אוועקגעהן. ביי זיי האט זיא געהאט זעהר אפט בריעף און נאכריכטע פון איהר געליעבטען.

עס איז אוועקגעגאנגען א געווימע צייט. ווענדענשטיינ׳ס בריעף האבען אנגע־
הויבען צו ווערן זעלטענער און קאלטער. דיא איינפאכע, גוטע, אבער גאנץ קלוגע
העלענא האט פערשטאנען זיינע בריעף בעסער, וויא זיינע עלטערן. איהר ליעבענדעס
אויג האט בעסער געלעזען פון זיי. זיא האט געזעהן, אז עפעס איז דא פארגעקומען,
אז איהר קארל האט זיך געענדערט, אז מיט איהם איז עפעס. עס האט געשניטען
איהר הארץ, וויא מיט מעסערס יעדעס מאל, ווען עס פלעגט אנקומען פון איהם א
בריעף מיט העפליכע קאלטע גריסע. נאך טרויעריגער איז זיא געווען, ווען עס פלעגען
פערגעהן וואכען און עס פלעגט פון איהם גאר קיין בריעף ניט אנקומען.

זיא איז געווארען בלייך. איהרע רויטע באקען, איהר פרעהליכקייט, איהר לוסט
צו לעבען און צור ארבייט זיינען ביסלעכוויים פערשוואונדען. זיא איז געווארען בלייך,
מאגער, אויסגעדארט און נאכלעסיג. זיא האט זיך ניט בעקלאגט, זיא האט ניט גע־
וויינט, זיא האט זאגאר ניט גערעדט. שטונדען לאנג פלעגט זיא אוועקזיצען ביים
פענסטער און קוקען אויף דער גאס. איהרע אויגען האבען ארומגעאיררט ערגעץ ווייט,
ווייט אויפ׳ן בלויען הימעל. איהרע געדאנקען פלעגען זיין מיט עפעס בעשעפטיגט.
איהרע ליפען אבער פלעגען בלייבען געשלאסען.

דיא אלטע ווענדענשטיין האט זיא פערשטאנען. דיא פרויען האבען א שארפעס
אויג, ווען זיי בעטראכטען זייער גלייכען. זיא האט געפיהלט העלענא׳ס ליידען. זיא
האט געזעהן, וויא דאס אונגליקליכע מעדכען לאזט זיך אויס, וויא א ליכט. איהר
לעבענס פייער האט געברענט אלע מאל שוואכער און שוואכער. אין א קורצע צייט
ארום האט זיא אנגעהויבען צו הוסטען. אנפאנגס האט מען גערעכענט, אז זיא האט
זיך עפעס צוגעקיהלט און מען האט זיך ניט אומגעקוקט. דער הוסט אבער האט זיך
ניט איבערגענומען. ער איז געווארען ערגער. זיא האט אין גאנצען אויפגעהערט צו
עסען — פון איהר איז געבליעבען נור איהר שאטען.

דיא ווענדענשטיינ׳ס זיינען געווארען אונרוהיג. זיי האבען געשיקט רופען א
דאקטאר, וועלכער האט ניט געוואוסט דיא געשיכטע פון׳ם אונגליקליכען מעדכען.
ער האט זיא בעטראכט און האט געפונען, אז איהר שאדעט דיא לופט פון א גרויסער
שטאדט. זיא מוז פאהרען אין א דארף.

זיא איז אוועקגעפאהרען קיין עמענטהאל צו איהר פאטער. דארט האט זיא
זיך ווייטער גענומען צו איהר ווירטהשאפט, צו איהרע בלומען און אין דער ערשטער
צייט איז איהר ווירקליך געווארען עטוואס בעסער. דאס האט אבער לאנג ניט גע־
דויערט. דער זומער איז פאראיבער. דיא בלומען זיינען פערשוואונדען, פון איהר
געליעבטען האט זיא אלץ קיין בריעף ניט געהאט, נור זעלטען, זעהר זעלטען פלעגט
איהר אנקומען א גרוס, וועלכען דיא ווענדענשטיינ׳ס פלעגען איהר צושיקען.

איהר הוסטען איז געווארען ערגער. זיא איז געווארען אלץ בלייכער און שוואכער.
איהר אלטער פאטער האט זיך אין דער לעצטער צייט אויך שטארק געעלטערט.
דיא פריישישע רעגיערונג האט איהם שוין געהאט אפגעזאגט פון זיין שטעלע אלס
פאסטאר אין דארף. מען האט איהם געזאגט, אז ער איז שוין צו אלט און דארף זיך
אפרוהען. דאס האבען אבער דיא איינוואינער ניט דערלאזען. זיי האבען זיך פערזא־

מעלט און בעשלאָסען צו שיקען א דעפוטאציאָן קיין האנאווער בעטען, אז מען זאל זיי לאזען זייער אלטען פאסטאָר. מען האט זיי געמוזט צוליעב טהאן. דער אלטער מאן איז געבליעבען אין זיין אלטען נעסט, וואו ער איז אויפגעוואקסען און וואו ער האט איבערגעלעבט אזוי פיעל פרייד און לייד.

ער האט געזעהן, אז העלענא איז קראנק. ער האט פיעללייכט געוואוסט דיא אורזאכע פון איהר קראנקהייט. ער איז אבער געווען ווירקליך פרום, פאנאטיש פרום, און האט געהאָפט, אז גאט וועט איהר צו שיקען דיא רפואה.

דעם יונגען בעהרמאן האט דיא רעגיערונג בעשטעטיגט אלס געהילפען פון'ם אלטען בערגער און האט איהם נאך געגעבען א בעשעפטיגונג אין שטאָדט. ער האט צוויי מאל אין דער וואך געמוזט זיין אין שטאָדט — איבערשרייבען פאַפיערן, פלעגט ער זאגען.

ער פלעגט זיין זעהר פריינדליך און הערצליך געגען אלטען און געגען העלענאַ'ן. ער פלעגט מיט איהר רעדען איבער פערשיעדענע זאכען, אבער קיין מאָל ניט דערמאָנען דעם נאמען וועגדענשטיין. העלענא פלעגט איהם זיין זעהר דאנקבאר, וואָס ער פלעגט קיין מאל צו איהר ניט רעדען פון איהר ליעבע, פון איהרע פלענע פיר דיא צוקונפט און פון איהר קראנקהייט.

איין מאל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון האנאָווער, האט ער פלוצלונג ערקלערט, אז ער וויל פאהרען קיין פאריז בעזוכען זיינע לאנדסלייט, זיי טרייסטען און זיי בע-קרעפטיגען אין גלויבען. דער אלטער בערגער האט איהם געלויבט פאר אזא גוטע אידעע. העלענא איז געווען זעהר צופריעדען. זיא האט געהאָפט, אז ער וועט איהר ברענגען גוטע נאכריכטען פון איהר געליעבטען. זיא איז געווארען לעבעדיגער, פרעה-ליכער און האט איהם אנגעגרייט אלעס נעטהיגע אויף דיא רייזע.

ער האט זיך געזאמט אין פאריז עטליכע וואָכען. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ער אין דער ערשטער צייט געווען זעהר בעשעפטיגט. ער פלעגט פערברייגגען גאנצע טעג אין האנאווער.

— וואס טהוסט דוא דאָרט ביי דיא פרייסען? האט איהם אמאל דער אלטער געפרעגט.

— איך ארבייט, אז איינינע פון דיא עמיגראנטען זאלען מעגען קומען א היים, האט ער געענטפערט. איך האף אויסצו-ווירקען ביי דער פרייסישער רעגיערונג, אז זיא זאל בעגנאדיגען פיעלע עמיגראנטען.

— דאס איז א גוטע זאך, מיין זוהן, האט דער אלטער געזאָגט.

ווען ער האט איהם געפרעגט, וואָס וועגדענשטיין מאכט דאָרט, האט ער געענטפערט קורץ: עס געהט איהם דארט זעהר גוט.

העלענא האט איהם ניט געפרעגט, וואָס וועגדענשטיין מאכט אין פאריז. ער האט איהר געבראכט פון איהם א בריעף. — וואָס אין בריעף איז געשטאנען, האט קיינער ניט געוואוסט. זיא האט קיינעם ניט געזאגט און קיינער האט זיא ניט געפרעגט.

ווען ער האט ענדליך געענדיגט זיין בעשעפטיגונג אין האנאָווער און פלעגט זיין אפט אין דער היים, פלעגען זיי אפט זיצען אלע דריי צוזאמען און דער יונגער נייעמליכער

פלעגט דערצעהלען לאנגע געשיכטען, וואס ער האט געזעהן אין פאריז, וויא דיא אפיציערן לעבען דארט, מיט וואס זיי בעשעפטיגען זיך און וויא זיי פערברענגען זייער צייט. אין דיעזע ערצעהלונגען פלעגט ער קיין מאל ניט דערמאנען דעם נאמען וועני־דענשטיין און ווען דער אלטער פלעגט איהם פרעגען, וויא אזוי וועגדענשטיין לעבט דארט, פלעגט בעהרמאן זיך אויסדרעהן און אנהויבען צו רעדען פון עפעס אנדערש.

העלענא פלעגט אלעס אויסהערן זעהר אויפמערקזאם. אין איהרע אויגען האט מען געקענט לעזען א ביטע, ער זאל איהר עפעס מעהר דערצעהלען פון איהר געליעב־טען. דער גייסטליכער אבער איז געבליעבען שטום, וויא א פיש.

אזוי איז פערגאנגען א געוויסע צייט. מען האט שוין אנגעהויבען צו פערגעסען אן זיין רייזע קיין פאריז.

איין מאל איז העלענא געזעסען אליין ביים פענסטער. דער אלטער איז ערגעץ אוועקגעגאנגען און האט געזאגט, אז ער וועט אזוי גיך ניט קומען. העלענא האט געהאלטען אין דער האנד אן ארבייט, זיא האט אבער ניט גענעהט. איהרע גרויסע אויגען, ארום וועלכע מען האט יעצט געקענט זעהן גרויסע בלויע רעדער, האבען ערגעץ געקוקט. זיי האבען געקוקט אויף דיעזע גאסען, אויף דיעזע הייזער, וואו זיא איז אמאל געווען אזוי פריש, אזוי פרעהליך, אזוי גליקליך. — יעצט איז אלעס אויס־געשטארבען, אלעס טוידט. איהר גליק איז פערשוואונדען און מיט איהם פערשווינדעט איהר לעבען.

פלוצלונג האט זיא זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, איז צוגעגאנגען צו איהר קאמאד, האט ארויסגענומען א בריעף און האט איהם אנגעהויבען צו לעזען. דאס פאפיער איז שוין ניט געווען גאנץ וויים. עס איז געווען דייטליך, אז זיא האט איהם שוין ניט איינמאל געהאלטען אין דיא הענד.

— אך, גאט! האט זיא אויסגערופען, פאר וואס האסט דוא עס אזוי געמאכט? — וואס האב איך צו טהאן מיט העררשער און קעניגע? — און דאך האט דיעזעלבע האנד, וועלכע האט אראפגעריסען דיא קרוין פון קאפ פון אונזער קעניג, צערשטערט און פערניכטעט מיין גליק, מיין לעבען! פאר וואס האט דער בליץ, וועלכער האט נעטראפען דעם שטארקען בוים, פערניכטעט דיא שטילע בלומע, וועלכע האט גע־בליהט אזוי גליקליך לעבען איהם אין ניעדעריגען גראז? — מיין פאטער זאגט, אז גאט וויל אזוי. ער הייסט אזוי. פאר וואס אבער זאל ער אזוי וועלען? — פאר וואס האט ער מיר געוויעזען, אז עס איז דא אויף דער וועלט גליק, נור אום איך זאל דער נאך שרעקליכער פיהלען דעם אונגליק? — טהוט עס אזוי א גוטעס פאטער?

זיא האט אראפגעלאזען איהר קאפ אויף דער ברוסט און לאנגזאם זיינען גע־פלאסען שטילע, רוהיגע, אבער ביטערע, ברענענדיגע טרערין אויף איהרע בלייכע איינגעפאלענע באקען. — באלד האט זיא אנגעהויבען צו הוסטען. זיא האט געמוזט צולעגען איהר טאשענטוך צום מויל.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט גאנץ שטיל און דער יונגער גייסטליכער איז אריינגעקומען אין צימער. — העלענא האט איהם בעטראכט מיט

שטוינען. — זיא האט זיך אויפגעהויבען, א בלאסער, שוואכער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף איהרע טוידטע ליפען.

— דוא ביסט אין דער היים? האט זיא איהם געפרעגט. איך האב געמיינט, אז דוא ביסט געגאנגען מיטן פאָטער.

— ער איז געגאנגען אליין, וואהרשיינליך, דארף ער מיך ניט, האט דער יונגער מאן געענטפערט פריינדליך. —

ער האט גענומען א שטוהל און האט איהם צוגערוקט צום פענסטער. לאנג־זאם און רוהיג האט ער זיך געזעצט לעבען איהר. העלענא האט איהם בעטראכט מיט שטוינען. ביז אהער פלעגט ער זיא אויסווייכען און פלעגט קיין מאל ניט זוכען צו רעדען מיט איהר אליין. — זיא האט ווידער גענומען איהר ארבייט און האט אנגע־הויבען צו שטעכען מיט דער נאדעל, נור אום עפּעס צו טהאן.

— איך האב שוין לאנג געוואָלט רעדען מיט דיר, האט דער יונגער מאן גע־זאגט ערנסט. — איך האב מיט דיר צו רעדען איבער פיעלע זאכען. דוא וועסט באלד איינזעהן, אז איך מוז מיט דיר רעדען און מוז דיר אלעס ארויסזאגען. —

העלענא האט געקוקט אויף איהם און האט איהם ניט געענטפערט.

— העלענא! האט ער ווייטער געזאגט ווייך און מילד. — דוא ביסט אונגליק־ליך. דוא ליידעסט. — דאס קרענקט מיך. איך ווייס, אז דוא בענקסט אומזיסט און דוא ליידעסט אומזיסט.

זיא האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט אויף איהם געווארפען א בייזען בליק, פול פעראכטונג.

— איך האב מיט דיר ביז אהער ניט גערעדט, האט ער ווייטער געזאגט. איך פלעג זאגאר אויסווייכען צו בלייבען אליין מיט דיר אין צימער, ווייל איך האב גע־וואוסט, אז דיין הערץ, דיינע געפיהלע געהערען צו אנאנדערען. איך האב מיך געפרעהט, וואס דוא ביסט געוועזען גליקליך און האב דיר פון גאנצען הערצען געווינשט גליק.

— איך דאנק דיר דערפאר, האבען העלענא׳ס ליפען קוים ארויסגערעדט.

— דיין גליק, העלענא, איז ביי מיר טהייער. איך האב אמאל געהאפט, אז איך וועל זיין אים שטאנד דיך גליקליך צו מאכען. —

— ליידער, קען עס ניט זיין, האט העלענא איהם אונטערבראָכען.

— איך זארג מיך אבער פאר דיר, העלענא, האט דער יונגער מאן אנגעהויבען צו רעדען ווארעמער. איך בעאָבאכטע דיך, עס קרענקט מיך, וואס דוא ביסט אונ־גליקליך. איך לייד מעהר פון דיר. איך לייד שרעקליך, ווייל איך ווייס מעהר פון דיר. איך ווייס, אז דוא ליידעסט, ווייל דוא גלויבסט ניט מעהר אן דער ליעבע פון דיין ברייטינאַם. —

העלענא איז אויפגעשפרונגען. איהרע אויגען האבען געגליהט און איהרע באַקען זיינען רויט געווארען.

— וואס פאר א רעכט האסט דוא? — האט זיא אויסגערופען.

— איך האב דאס רעכט פון יעדען טרייען פריינד, וועלכער איז בערייט זיך אויפצואפּפערן פאר דיר, האט ער איהר אונטערבראכען. — איך ווייס, אז עס זיינען

דא נעוויסע געפיהלע, וועלכע דער מענש קען ניט אזוי לייכט אוועקגעבען; דיעזע גע־פיהלע אבער זיינען טהייער און הייליג און מען דארף זיי ניט געבען א מענשען, וועל־כער איז זיי ניט ווערטה. — איך מוז עס דיר זאגען, ווייל איך בין דיין פריינד. איך מוז דיר עפענען דיא אויגען. נאך איז דא צייט. דוא קענסט זיך נאך צוריקהאלטען. דוא מוזט ארויסרייסען פון דיין הערץ דיעזע געפיהלע, וועלכע וועלען דיך פערניכטען. עס איז נור א שאדע צו האבען אזעלכע געפיהלע צו אזא פערדארבענעם מענשען.

— דוא בעשולדינסט איינעם, וועלכער קען זיך ניכט פערטהיידיגען, האט העל־ענא געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע. ער איז ניטא היע, ער קען זיך ניט ערקלערן. דאס איז ניעדעריג פון דיר! אנפאלען אויף א מענשען פון דער וויטען, איהם אנגריי־פען מיט וואפען, וועלכע ער קען ניט בענוצען, איז זעהר געמיין. — איז דאס דיין פריינדשאפט, וואס דוא קומסט מיר ארייננגיעסען גאל אין מיין געבראכענעם האר־צען? — שעהם דיך?

ער האט געשוויעגען איינינע אויגענבליקען, גלייך וויא ער האט זיך איבערלעגט, וואס צו זאגען. דאן האט ער אנגעהויבען מיט א פרומער מינע:

— איך בין דער דיענער פון גאָט און וויים זעהר גוט, אז ווען איך בעשולדיג איינעם, מוז איך האבען וויכטינע בעווייזע. — איך האב שוין לאנג בעמערקט, וואס עס קומט פאר אין דיר, איך האב געזעהן, וויא דוא ליידעסט, וויא דוא ביסט קראַנק. איך האב מיך געוואלט איבערצייגען, אויב דוא דארפסט עס טהאן. איך בין געפאָה־רען און האב מיך איבערצייגט —

זיא האט ארויפגעלעגט איהר האנד אויפ'ן טיש, גלייך וויא זיך האט זיך גע־וואלט אנהאלטען, זיא זאל ניט אומפאלען.

— דאס איז א ליעגען! האט זיא אויסגערופען. — דאס איז א פערלײמדונג!

דער יונגער גייסטליכער האט געשוויעגען א מינוט. אויף זיינע דינע, בלייכע ליפען האט זיך געוויזען א זאנדערבארער שמייכעל.

— איך פערצייהע דיר, העלענא, האט ער געזאגט וויך און מילד. — גלויב מיר, עס איז מיר אויך זעהר שווער געווען, ווען איך בין געוואהר געווארען, וויא שרעקליך מען שפּיעלט מיט דיין ליעבע, מיט דיין גליק. — איך האב זעהר לאנג געקעמפפט מיט מיר אליין, אויב איך זאל עס דיר זאגען. — איך מוז עס דיר אבער זאגען. — דוא מוזט וויסען דיא וואהרהייט.

— דיא וואהרהייט איז, אז דארט, וואו יענער קען זיך ניט פערטהיידיגען, טאָר מען איהם ניט בעשולדיגען! האט העלענא געזאגט שארף.

— וואס ווערסט דוא יעצט זאגען? האט געפרעגט דער יונגער גייסטליכער און האט ארויסגענומען פון דער בוזעם קעשענע א פאטאגראפיע פון וועגדענשטיין און דיא מארקיזא פּאלאַנצאַני.

ער האט לאנגזאם אניעדערגעלעגט דאס בילד אויפ'ן טיש פאר איהרע אויגען.

העלענא האט אויסגעגלאָצט א שרעקליכע פּאָר אויגען און האט בעטראכט דאס בילד איינינע מינוטען שטיל, שטום און פערצווייפעלט. פּלוצלונג האט זיך אויס־געגאסען אויף איהר געזיכט א בעזאנדערס דונקעלע רויטקייט. איהרע באַקען האבען

נעגליהט, גלייך וויא זיא וואלט נעשטאנען א לאנגע צייט לעבען אן אויוען. — באלד איז דיא רויטקייט פערשוואונדען. זיא איז געווארען בלייך. — זיא האט נעחאפט דיא פאָטאָגראפיע מיט א פעסטער האנד, האט עס צוגעלעגט צו דיא אויגען — און האט עס א ווארף געטהאן פון זיך מיט אן אונמענשליכער קראפט. איהרע ליפען האבען זיך געעפענט — זיא האט געוואלט עפעס רעדען — זיא האט אבער ניט געקענט. — פון איהר מויל זיינען ארויסגעגאנגען אונמענשליכע טענער. — באלד האט זיך איהר געזיכט ווידער געענדערט — עס איז נעווארען געל. — זיא האט זיך געחאפט מיטביידע הענד צום הארצען. — אויף איהרע ליפען האט זיך געוויעזען א רויטליכער שוים — אין א מינוט ארום האט זיך א נאס געטהאן בלוט פון איהר מויל און זיא איז געפאלען אין אהנמאכט.

דער יונגער נייסטליכער איז אויפגעשפרונגען, האט א פאר מינוטען בעטראכט זנץ רוהיג דאס טויטענבלייכע געזיכט העלענא׳ס. דאן האט ער זיא אויפגעהויבען • האט זיא פארזיכטיג אריינגעטראגען אין איהר שלאף צימער און האט זיא לאנג־ ם אניערערגעלעגט אויף איהר בעט.

ער איז נאך געבליעבען שטעהן פאר איהר איינינע אויגענבליקע.

— זאל זיא שוין זיין טויט? האט ער געפרעגט זיך אליין.

ער איז ארויסגעגאנגען אין זאל, האט אויפגעהויבען דאס פאָטאָגראפישע בילד פון דער ערד און האט זיא אריינגעלעגט אין קעשענע. דאן איז ער אריינגעגאנגען אין קיך, וואו אן אלטע פרוי האט געדיענט ביים פאסטאָר אלס קעכין און האט זיא אריינגערופען.

— מיין קוזינע איז פלוצלונג שלעכט געווארען, האט ער איהר געזאגט. עס האט זיך איהר געלאזט בלוט פון האלז. — בלייבט ביי איהר. איך וועל געהן זוכען מיין אנקעל. — מען מוז שיקען אין שטאדט אריין ברענגען א דאקטאר.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען. דיא אלטע קעכין איז אריינגע־ גאנגען אין שלאף צימער און האט געפונען העלענ׳ן ליעגען בעוואוסטלאז. זיא האט איהר אויפגעהויבען דעם קאפ, האט איהר צוגעלעגט קאלטע וואסער צום הארצען און האט אפגעווישט מיט א נאסען האנדטוך דאס בלוט פון מויל. — וואס נאך האט געקענט טהאן דיא איינפאכע, אלטע פרוי?

איינינע צייט איז העלענא געלעגען, וויא טויט. פלוצלונג האט איהר קערפער א ציטער געטהאן. איהרע ליפען האבען זיך געעפענט, און האבען שווער אויפגעאט־ העמט. באלד האבען זיך געעפענט איהרע אויגען און זיא האט זיך אומגעקוקט ווילד און דערשראקען.

— זיא לעבט! זיא לעבט! האט דיא אלטע פרוי אויסגערופען מיט פרייד. גאט יי דאנק, זיא לעבט נאך!

זיא האט זיא אנגענומען ביי דיא הענד און האט אנגעהויבען צו הויבען אויף גלייך וויא זיא האט געוואלט אין זיי אריינהויכען איהר לעבען, איהר קראפט.

העלענא האט געקוקט אויף איהר מיט איהרע גרויסע, אבער טריבע אויגען

איינינע מינוט. פלוצלונג האבען זיך איהרע טויטע ליפען אנגעהויבען צו ריהרען און האבען, וויא אונגערן געזאגט:

— יא, איך לעב נאך, אבער ווארום לעב איך נאך? — ווארום בין איך ניט געשטארבען מיט מיין גליק, מיט מיין האפנונג? — יעצט וואס טויג מיר דאס לעבען?

דיא אלטע האט ניט געהערט, וואס זיא האט געזאגט. זיא איז געווען אזוי איבעראשט, אזוי גליקליך, וואס פרייליין העלענא האט געעפענט דיא אויגען, אז זיא האט אויסגערופען:

— אך, פרייליין העלענא! איהר האט מיך אזוי איבערגעשראקען! — וואס וואלט דער אלטער פאסטאר געזאגט, ווען ער וואלט אייך געזעהן ליעגען אין אהנמאכט און בעוואוסטלאָז? —

— בעוואוסטלאָז? האט העלענא געזאגט מיט א טאָנלאָזער שטימע. — גליקליך איז נור דער, וועלכער איז בעוואוסטלאָז; ווער עס ווייס ניט, קען ניט און פערשטעהט ניט זיינע ליידען.

„נור דער אירטהום איז דאס לעבען און דאס וויסען איז דער טויט", האט געזאגט דער גרויסער דיכטער שיללער.

— איך וועל געהן אייך ברענגען א גלאז ווארעמע מילך, האט דיא אלטע קעכין געזאגט. דער פאטער האט מיר אנגעזאגט, איך זאל עס אייך געבען יעדעס מאל, ווען איהר וועט אנהויבען צו הוסטען. — איך האף, אז איך קען אייך לאזען אויף א פאר מינוט אליין. — איך קום באלד צוריק.

מיט דיעזע ווערטער איז דיא אלטע ארויסגעלאפען אין קיך.

— מילך? — זיא איז געלאפען מיר ברענגען מילך? האט העלענא געזאגט טרויעריג. אמאל פלעג איך וועלען קעמפפען נעגען מיינע קראנקהייט — איך האב געוואלט לעבען. — וואס טויג מיר יעצט מיין לעבען? — וואצו זאל איך יעצט טהאן עפּעס אום איך זאל לעבען? — עס איז אן אונגליקליכע קראנקהייט, דיא שווינדזוכט. זיא ווירקט זעהר לאנגזאם. — איך וואלט יעצט צופריעדען געווען מיט א קראנקהייט, וועלכע ווירקט שנעל, וועלכע זאל מיט א מאל מאכען אן ענדע פון מיין לעבען און מיין ליידען. —

דיא טהיר האט זיך שנעל געעפענט און דער אלטער פאסטאר איז אריינגעקומען. ער איז געווען פערסאָפּעט, איז גלייך צוגעלאפען צום בעט, וואו העלענא איז געלעגען און האט זיא אנגענומען ביי דיא הענד.

— מיין קינד, מיין ליעבעס טהייערעס קינד! האט ער אויסגערופען. — וואס איז דא געווען? — וויא קומט עס אזוי פלוצלונג?

יעצט ערשט האט ער בעטראכט איהר געזיכט און האט דערזעהן, וויא בלייך זיא איז, וויא טויט עס זיינען איהרע ליפען. ער האט צונויפגעלעגט דיא הענד, וויא צום געבעט און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל. העלענא האט זיך געצוואונגען א שמייכעל צו טהאן. באלד אבער האט זיא דערזעהן דעם יונגען גייסטליכען שטעהן הינטער איהר פאטער און דער שמייכעל איז פערשוואונדען פון איהרע ליפען.

— עס איז גאר נישט, האט זיא קוים ארויסגעזאגט. — עס איז מיר שוין בעסער.

דיא אלטע קעכין האט איהר געבראכט מילך. העלענא האט זיך געשטארקט און האט אביסעל אפגעטרונקען.

דער אלטער פאטער איז נאך אלץ געשטאנען אנגעבויגען איבער זיין קראנקע טאכטער. ער האט ניט געקענט זיך אוועקרייסען פון איהר.

— אך, וויא וועט עס דער ליעטענאנט אויסהאלטען? האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער.

— איך וועל זיא אויסטהאן, האט דיא אלטע קעכין געזאגט. — געהט אריין אין זאל. איך וועל בלייבען ביי איהר, ביז דער דאָקטאר וועט קומען.

דער אלטער האט זיך איינגעבויגען, האט א קוש געטהאן זיין טאכטער אויפ'ן קאלטען שטערן און איז ארויסגעגאנגען אין זאל.

— אך גאט! וויא שווער האסט דוא ארויפגעלעגט דיין האנד אויף מיר! האט ער געזאגט, ווען ער איז געבליעבען אליין אין זאל, און הייסע טרערין זיינען גע-פלאסען איבער זיינע אלטע, געקנייטשטע באקען.

דער יונגער נייסטליכער איז אין דיעזער צייט געזעסען אין זיין צימער און האט געלערנט אויסענווענינ, וואס ער זאל פרעדיגען נעכסטען זונטאג אין קירכע.

42טעס קאפיטעל.

## וויא דער מאן, אזוי דיא פרוי.

דיא מארקיזא פאלאנצאני ליעגט אויף איהר ווייכען דיוואן פון גרינעם סאמעט. לעבען איהר שטעהט א קליין טישעלע, אויף וועלכען עס ליעגען אנגעלעגט וויזיט קארטען און בריעף. דיא שווערע זיידענע פארהאנגע זיינען אראפגעלאזען און פאר-שטעלען דאס פענסטער. אין צימער איז האלב דונקעל. עס איז שוין צוועלף אוהר און זיא האט זיך נאך ניט אנגעטהאן. זיא האט זיך ניט וואס צו איילען. היינט האט זיא א פרייען טאג.

אין גאנצען הויז איז שטיל און רוהיג. איהרע לאקייען, איהרע קוטשער, איהרע קאמערמעדכען וויסען, אז דיא מארקיזא האט ליעב, אז ביי איהר אין שטוב זאל אלעס זיין שטיל. קיינער וואגט ניט איהר צו שטערן.

דענאך האט זיך דער שווערע זיידענע פארהאנג, וועלכע העננט פאר דער טהיר פון איהר שלאף צימער לאנגזאם און פארזיכטיג אויפגעהויבען. איהר פערטרוי-טעס קאמער מעדכען איז אריינגעקומען אויף דיא שפּיץ פינגער. אין דיא הענד האט זיא געהאלטען א גאלדען טעצעל, אויף וועלכען עס איז געלעגען א בריעף.

שטיל, אהנע צו רעדען א ווארט האט זיא דערלאנגט דאס גאלדענע טעצעל דער מארקיזא. שטיל, אהנע צו רעדען א ווארט, האט דיא מארקיזא גענומען דעם בריעף און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, — א צייכען, אז דאס קאמער מעד-כען זאל געהן, זיא דארף זיא מעהר ניט.

דיא שעהנע, ווייסע, קלארע וויא פערלמוטער, פינגער פון דער מארקיזא הא-בען לאנגזאם אויפגעריסען דעם קאנווערט פונ'ם בריעף. זיא האט איהם דורכגעלעזען און אוועקגעלעגט אויפ'ן טישעלע לעבען זיך.

— אלעס נעהט פארטרעפליך! האט זיא געזאגט צו זיך אליין. מיט יעדען טאג, זאגאר מיט יעדער שטונדע ווער איך געוואהר אלץ מעהר נייע און וויכטיגע זאבען. — אין מיינע הענד פעראייניגען זיך אלץ מעהר און מעהר פעדים און געהיימ-ניסע פון פערשיעדענע זייטען. — איך פערדרעה זיי, פערוויקעל זיי, פערפלאָנטער זיי און פלעכט מיר אוים א נעץ, מיט וועלכע איך פאנג גאלדענע פישעלעך. — וואס הארט עס מיך, וואס דיא פישעלעך קומען פון גאנץ אנדערע טייכען. זיי גלענצען, שיינען, גליצערן און פונקלען. — וויסען איז מאכט. וואס מעהר מען וויים, אלץ בעסטר, אלץ לייכטער קען מען בעהערשען דיא וועלט. וואס מעהר מען וויים, אלץ פרייער איז מען. — איך האף, אז איך וועל באלד זיין אים שטאנד מיך אין גאנצען צו בע-פרייען פון דעם מענשען, וועלבער מיינט, אז ער האט מיך אפגעקויפט, אז ער האלט מיך געפאנגען, אז איך בין זיין שקלאפין.

איך האב פון איהם זעהר פיעל געלערנט. — דיא יעזואיטען זיינען דיא בעסטע לעהרערס אין דער וועלט. —איך דארף שוין אבער דעם לעהרער ניט. — ער קען צוואר טהאן זעהר פיעל. זיין אויג דורכדרינגט אין אלע טיעפעניששען פון'ם לעבען. ער שטעלט פאר א גרויסע מאכט. איך מוז מיך האלטען אן איהם, איך מוז איהם אויסניצען. איך וויל אבער מעהר ניט זיין אבהענגיג פון איהם. איך וויל ניט, ער זאל מיך בע-טראכטען אלס זיין ווערקציינג. — יעצט האב איך דיא בעסטע געלעגענהייט דערצו. דיענען דעם איינעם, דעם אנדערן און זיי בײדע בעהערשען. — איך קען יעצט זיי ביידען פערדרעהן, פערפלאנטערן, אז זיי זאלען ביידע זיך ברעכען דיא קעפ. — עס איז אבער נאך צו פריה. — איך מוז נאך אבווארטען. — עס איז א שווערע אויפגאבע, איך וועל זיא אבער אויספיהרען.

זיא איז אויפגעשטאנען פון איהר געלעגער, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט פערשארט דעם פארהאנג.

— דרויסען קאכט און זיעדעט דאס לעבען. יעדער לויפט ערגעץ, יעדער געהט ערגעץ. יעדער פלאנט זיך, ארבייט מיט'ן ביטערן שוויים אום זיך צו ערהאלטען א פלאץ אין לעבען. איך ארבייט אויך, אבער אויף א גאנץ אנדערע ארט. איך וויל שטעהן העכער פון אלעמען.

זיא האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן אויף איהר קאמאד דיא פאָטאָ-גראפישע קארטע, אויף וועלבע זיא איז געשטאנען מיט וועגדענשטיין.

— ער איז שעהן, ער איז יונג, האט זיא געזאגט און האט זיך בעסער צוגעקוקט צו זיין געזיכט. ער איז פערליעבט אין מיר איבער דיא אויערן. — דאס שאדעט ניט, דאס איז א צייט פערטרייב. ווען מען ווערט מיעד פון דער שווערער ארבייט צווישען צוויי אזעלכע פערשיעדענע קרעפטע, מיט וועלכע איך האב יעצט צו טהאן, איז עס אנגענעהם צו פערברענגען איינינע שטונדען מיט דיעזען יונגען מאן.

צוואר איז ער נאך אביסעל ווילד. ער האלט זיך נאך אן א געוויסער אלט מאָדישער עהרליכקייט, וועלבע איך האב פיינט, וויא א שפין אין דיא אויגען. — מיר שיינט, אז ער האט נאך עפעס אין דער היים, וועלבעס ער קען ניט פערגעסען. ער איז נאך אזוי אונשולדיג, אזוי פריש, אז ער האלט זיך נאך פעסט אן דער היים,

אן זיינע עלטערן, אן דעם מעדכען, וועלכעס ער האט אמאל געליעבט. — איהר פאר־טרעט האב איך ביי איהם צוגענומען און צוריעסען פאר זיינע אויגען. — אז עס מאכט מיר פערגניגען צו שפאסען מיט איהם, צו שפיעלען מיט איהם.

ליעב איך איהם? — איך ווייס ניט — ניין! — עס איז נור א צייט פערטרייב, א שפיעל. — איך וויל איהם פעסט האלטען, נור דערפאר, וואס זיין מאראל, זיין עהרליכקייט רייסט איהם אוועק פון מיר. — איך האב איין מאל ערקלערט קריעג דער וועלט מיט איהר אלטע, פערשימעלטע עהרליכקייט. — איך האב איין מאל ערקלערט קריעג אלעמען און יעדען, וועלכער שטאלצירט מיט זיין עהרליכקייט, מיט זיין עדעל־קייט. — נור צוויי זאכען הערשען און רעגיערען דיא וועלט: קראפט, דער שטארקער פויסט, און שלויהייט, קלוגהייט רוף איך עס.

זיא איז צוריקגעגאנגען צו איהר דיוואן און האט זיך ווידער אניידערגעלעגט.

— מיר איז א וואונדער, וואס ער איז נאך ניטא. מיר האבען אפגערעדט, מיר זאלען היינט פאהרען אביסעל קיין ווערסייל אנקוקען דעם אלטען מוזעאום. — ער איז שטענדיג פינקטליך. וויא קומט עס, וואס ער איז נאך ניטא?

אין דיעזע מינוט האט זיך דער שווערער זיידענער פארהאנג ווידער אויפגע־הויבען, איהר קאמער־מעדכען איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— א הערר שטעהט אין דרויסען און זאגט, אז ער פערלאנגט צו שפרעכען מיט דער מארקיזא.

— ווער איז ער? האט ער דיר געגעבען זיין וויזיט קארטע? האט ער דיר געזאגט, וויא ער הייסט?

— ניין, ער האט מיר ניט געזאגט, וויא ער הייסט; ער האט מיר קיין וויזיט קארטע ניט געגעבען; ער האט מיר נור געזאגט, אז ער האט אן אויפטראג פון הערר וועדענשטיין און ער מוז איהם באלד אויספיהרען.

דיא מארקיזא האט זיך אניעדערגעזעצט אויף איהר דיוואן און האט זיך אומ־געקוקט פערוואונדערט.

— וואס זאל דא זיין? זאל וועדענשטיין קראנק זיין? אדער איז איהם עפעס געשעהן?

זיא האט געטראכט א פאר מינוט און האט געזאגט צום קאמער־מעדכען:

— פיהר אריין דעם הערר אין גרויסען זאל.

דאס קאמער־מעדכען איז ארויסגעגאנגען. באלד האט דיא מארקיזא געהערט, וויא דיא טהיר פון'ם גרויסען זאל האט זיך געעפענט און איינער איז אריינגעגאנגען אין זאל. זיא איז צוגעגאנגען צום שפיעגעל, האט זיך שנעל צורעכט געמאכט דיא האר, האט אויף זיך ארויפגעווארפען א טהייערן פערזישען שאל און האט געעפענט דיא טהיר פון איהר בודואר אין זאל אריין.

אין דערמיט זאל איז געשטאנען א שעהן געקליידעטער מאן מיט א צילינדער הוט אין דיא הענד. ער איז געשטאנען מיט'ן געזיכט צום פענסטער און האט בע־טראכט א גרויסעס בילד, וועלכעס איז געהאנגען אויף דער וואנד צווישען דיא צוויי גרויסע פענסטער פון'ם זאל.

דיא מארקיזא איז אריינגעגאנגען גאנץ שטיל און האט געוואָרפען א גלייכגיל־טיגען בליק אויפ'ן פרעמדען. יעצט האט זיך דער פרעמדער אומגעקעהרט מיט זיין געזיכט צו דער מארקיזא און זיא האט דערזעהן זיין געזיכט. — איהרע אויגען האבען זיך געעפענט שטארק ווייט, איהר געזיכט האט אנגעהויבען צו גליהען, וויא ברענענ־דיגע קוילען. זיא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערגליווערט, אויף איין ארט. — איהרע ליפען האבען זיך געעפענט. זיא האט געוואָלט עפּעס זאגען, זיא האט אבער ניט געקענט און האט נור אויפגעהויבען דיא הענד, גלייך וויא זיא האט זיך געוואלט וועהרן געגען א פיינד, וועלכער איז פּלוצלונג אויף איהר אנגעפאלען. באלד האט זיא אנגעכאפּט דיא טהיר מיט ביידע הענד, אום זיא זאָל ניט אומפאלען.

דער פרעמדער איז געשטאנען גאנץ רוהיג און האט זיא שארף בעאָבאכטעט.

— דיא מארקיזא פּאלאנצאני האט מיך געוויס שוין פערגעסען, האט דער פרעמדער געזאגט מיט א בייזען, ביטערן שפּאָט. דאס איז ניט זעהר שעהן! — וויא קען מען פערגעסען א מענשען, וועלכער איז אונז אמאל געוועזן גאנץ נאהענט?

דיא מארקיזא האט ניט געענטפערט. זיא איז נאך אלץ געשטאנען ביי דער טהיר און האט זיך פעסט אנגעהאלטען אן דעם שווערן פּאָרהאנג. זיא האט ניט געגלויבט איהרע אייגענע אויגען. זיא האט אליין ניט געוואוסט, אויב פאר איהר שטעהט א לעבעדיגער מענש, אדער א גייסט פון אן אלטער, פערשטאָרבענער וועלט. דיא רוהיגע, איבערלעגטע, דורכגעטריעבענע פרוי, וועלכע האט געלאכט פון דער גאנצער וועלט און האט געזאגט, אז זיא האט פאר קיינעם קיין מורא ניט, האט יעצט געציטערט, וויא א קינד, ווען עס דערזעהט עפּעס אונגעוועהנליכעס. זיא איז ניט געוועזן אים שטאַנד ארויסצורעדען א וואָרט, גלייך וויא עס וואָלט איהר אפּגע־נומען דאס לשון.

דער פרעמדער איז געבליעבען רוהיג. ער האט גוט געזעהן, וואס פאר אן איינ־דרוק ער האט געמאכט אויף דער מארקיזא און ער איז געוועזן דערמיט צופריעדען. עס האט יאהם געמאכט פערגניגען, וואס זיא איז געוועזן אזוי אונרוהיג.

ער איז צוגעגאנגען צו איהר א פּאָר שריט נעהנטער און האט ווייטער געזאגט:

— ניין, איך האב א טעות, דיא מארקיזא פּאלאנצאני האט מיך גאר ניט פערגעסען. זיא האט נאך גאר ניט פערגעסען דיא גליקליכע פערגאנגענהייט, ווען מיר זיינען געוועזן אזוי נאהענט איינער צום אנדערן. איך זעה אין איהרע אויגען, אז זיא האט באלד דערקענט איהר טרייען און געליעבטען מאן, וועלכען זיא האט געהאלטען פאר טוידט און וועלכען זיא האט געוויס שטארק בעוויינט און בעקלאגט. ווען זיא זאָל ניט געוועזן זיין זיכער, אז איך בין טוידט, וואלט זיא ניט געוועזן אראפּגעוואָרפען פון זיך מיין גוטען, עהרליכען נאמען — באלצער — און זיך פערהייראטהעט מיט'ן אלטען, קראנקען און האלב וואהנזיניגען מארקיז פּאלאנצאני פון רוים. — איך וואלט מיך געשעצט גליקליך צו זעהן דיעזען מארקיז פּאלאנצאַני און איהם ווינשען גליק, וואס ער האט אזא שעהנע און אזא קלוגע פרוי.

דיא שטימע פון העררן באלצער, זיין ביטערער, בייסענדער געלעכטער האבען ענדליך אויפגעמונטערט דיא מארקיזא. זיא האט זיך איבערצייגט, אז זיא האט פאר

זיך קיין שאָטען, קיין גייסט, אז פאר איהר שטעהט ווירקליך איהר געוועזענער מאַן, הערר באַלצער, דער בירזען אַגענט פון וויען. — זיא האט געפאסט מוטה, האט אפגעלאָזען דיא טהיר, און וועלכע זיא האט זיך ביז אהער געהאלטען. איהר געזיכט האט ווידער בעקומען זיין געוועהנליכע פארב. אין איהרע אויגען האבען זיך אנגע-צונדען צוויי פלאמען פון האס און צאָרן.

זיא האט געמאכט אייניגע שריטע פאָרווערטס, האט זיך אניעדערגעשטעלט אין דערמיט זאל, גלייך געגען איהם און האט געזאגט מיט א שארפער, שניידענדער שטימע:

— איך האב עס געקענט ערווארטען, אז דער טויגעניכטס, פון וועלכען איך האב אמאל געהאט דאס אונגליק צו טראגען זיין נאמען — דיעזער טויגעניכטס וועט אפנארען דעם טוידט, אזוי וויא ער האט אָפּגענארט דאס לעבען. — בעסער געזאגט, דער טוידט האט אויך ניט געוואלט צונעהמען אזא טויגעניכטס. —

איך האב מיך אין דער ערשטער מינוט דערשראקען, האט זיא ווייטער געזאָגט, ווייל מיך האט איבערראשט דיעזע פּלוצלינגע ערשיינען פון א מענשען, פון וועמען איך האב בעווייזע, אז ער איז טוידט. דאס געריכט אין וויען האט איהם ערקלערט פאר טוידט. — עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה פאר מיר א טוירטען און האב מיך דערשראָקען. — יעצט אבער וויס איך, אז פאר מיר שטעהט א לעבע-דיגער שווינדלער און טויגעניכטס.

זיא איז צוגעקומען צום פענסטער, האט אוועקגערוקט דעם פאָרהאַנג און האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א שטוהל ניט ווייט פון איהם.

הערר באַלצער האט זיך ניט בעליידיגט. ער איז געוועזען געוואוינט צו הערן אזעלכע העפליכקייטען פון זיין טהייערע, ליעבע פרוי און עס האט איהם זעהר ווייניג געהארט, וואס זיא האט איהם געגעבען אזעלכע שעהנע טיטולען. ער האט צונויפגע-לעגט דיא הענד אויף דער ברוסט און האט זיך געשטעלט שטאָלץ פאר איהר.

— ווייסט דוא, אז דוא ביסט זעהר שעהן געוואָרען, זייט מיר האבען זיך ניט געזעהן, האט ער געזאָגט מיט א שמייכעל. עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך האב דיך ניט געטראָפען אין טרויער איבער דיין פערשטאָרבענעם מאן. איך וואָלט מיך דאן בעמיהט דיך צו טרייסטען און דיך גליקליך צו מאכען. אין דערזעלבער צייט אבער פרעה איך מיך, ווען איך זעה, אז דוא קענסט דיין שטעדטעל אליין בעשטעהן און ווייסט, וויא אזוי צו פיהרען א שעהנעס, ארדענטליכעס הויז. איך בין גליקליך צו זעהן, אז מיין טהייערע, ליעבע פרוי וואוינט אין א גרויסארטיגען פּאלאַץ, האט לאַ-קייען, דיענער און טהייערע עקיפּאַזשען.

ער האט דאביי געלאכט מיט אזא ביטערן שפּאט, אז דיא מארקיזא איז אויפגעשפּרונגען.

— איך פערשטעה ניט, האט זיא אויסגערופען, צו וואס זייט איהר ווידער געקומען אהער, מיין הערר? צו וועלכעס צוועק דרענגט איהר זיך אין קרייז פון מיין לעבען, וואו איהר האט מעהר קיין פּלאץ ניט? — איך בין ניט אויפגעלעגט צו פיהרען מיט אייך געשפּרעכע. איך האב קיין מאל ניט געוואלט מיט אייך פיעל רעדען און

וויל עס יעצט אויך ניט. — איך מיין, אז איהר האט אויך ניט פיעל פערגניגען מיט מיר צו רעדען.

אזוי וויא אבער איהר זייט שוין דא, מוז איך אייך זאגען, אז איהר זייט ווירקליך טווידט. אייערע געשעפטען זיינען געגאנגען אין וויען זעהר שלעכט. איהר האט נאכגעמאכט פאלשע וועקסלען. מען איז דערפון געוואהר געווארען און איהר האט זיך אליין געטווידטעט אום ניט צו זיצען יאהרענלאנג אין געפענגניס.

אויף דעם אלעמען האב איך בעוויזען. ניט נור בריעף אין צייטונגען. איך האב דאָקומענטען פון'ם אבערגעריכטס־האף אין וויען. דער געריכטס־האף האט מיר ארויסגעגעבען פאפיערען, אז איך מעג הייראטהען. אויף גרונד פון דיעזע דאָקומענטען האב איך געהייראטהעט מיין איצטיגען מאן, דעם מארקיז פאלאנצאני. וואס קענט איהר טהאן געגען א בעשלוס פון א געריכט? וואס וועט אייך העלפען, וואס איהר וועט יעצט בעווייזען, אז איך בין אמאל געוועזען אייער פרוי? — מיט געוואלד קענט איהר גאר ניט מאכען.

הערר באלצער איז געשטאנען גאנץ רוהיג, האט אלעס אויסגעהערט און האט געשמייכעלט. זיא האט ניט געקוקט אויף איהם און האט ווייטער געזאגט:

— איך האב א הויכע און פעסטע שטעלע אין דער געזעלשאפט. איהר קענט אויף קיין פאל מיך ניט אראפוואַרפען פון דיעזער שטעלע. — וואס פערלאנגט איהר אלזא פון מיר? — איהר זייט געוועזען מאראליש טויט. אלס מענש, אלס בירגער זייט איהר געוועזען בעגראבען. — אין עסטעררייך האט איהר געהייסען מאראליש בעגראבען. פאר וואס זייט איהר ארויסגעקראָכען פון דיעזען מאראלישען גראב? — פאר וואס האט איהר אויפגעוועקט דעם טויטען און זייט געקומען זיך שטעלען פאר מיר אלס שרעקענס בילד? איהר ווייסט דאך, אז איך האב פאר אייך קיין מורא ניט?

— עס איז גאנץ איינפאך, האט הערר באלצער געזאגט מיט זיין געוועהנליכען שמייכעל. — עס איז גאנץ נאטירליך, אז א מענש, וועלכער ליעבט זיין פרוי אזוי שטארק, אזוי הייס, וויא איך ליעב דיך, האט זיך ניט געקענט איינהאלטען אין זיין מאראלישען גראב. ער איז אויפגעשטאנען און איז געלאפען זעהן, וואס זיין ליעבע, טהייערע אננא מאכט. — דוא קענסט זיך פארשטעלען מיין פרייד, מיין גליק, ווען איך בין געוואָה־ געוואָרען, אז מיין ליעבע אננא איז געוואָרען א פארנעהמע דאמע, א מארקיזא, און וואָינט ··· א רייכען פאלאץ מיט דיענער, מיט לאקייען, מיט טהייערע פערד און עקיפאַזשען.

ער האט זיך א ביסעל אומגעקוקט און האט ·· ־ויכען לאך געטהאן.

— איך בין געוועזען זיכער, אז מיין טהייערע פרוי ה·ט מיך ניט פערגעסען און וועט מיר אויך אפטהיילען עפעס, א שטיקעלע, א טהייל פון איהר פערמעגען. — איך בין זיכער, אז מיינע פרוי וועט מיר דאנקבאר זיין, וואס איך בין געפאלען אויף א פארטרעפליכען פלאן צו שטארבען מאראליש. דער מארקיז פאלאנצאני וועט מיר געוויס אויך דאנקען, וואס איך האב איהם געגעבען דיא מעגליכקייט צו הייראטהען אזא קלוגע, אזא פרומע און אזא ·עהנע פרוי. — אלזא, ביידע, דער מארקיז ··· דיא מארקיזא האבען מיר צו פערדאנקען זייער גליק. ווען זיי זיינען נור אנשטענדיגע

מענשען, דארפען זיי מיר בעווייזען זייער דאנקבארקייט. זיי דארפען מיך ניט פערשטויסען פון זיך. — זיי דארפען מיך אונטערשטיצען, מיט וויא פיעל זיי קענען.

— איהר האט א גרויסען טעות, מיין העררע, און איהר האט געמאכט אן אומזיסטען גאנג, האט זיא געענטפערט שטרענג און קאלט. — איך וועל אייך ניט געבען א סאנטים. — א מאל, מיט איינינע יאהר צוריק, האב איך אייך אויסגעהאלטען און אונטערשטיצט. איך האב דאמאלס געטראגען אייער נאמען און האב ניט געוואלט, אז דיעזער נאמען זאל ווערן צו שאנדע. — דאס איז אבער א מאל געוועזן. היינט האט זיך אלעס געענדערט. — איך טראג ניט מעהר אייער נאמען. — איהר אליין טראגט ניט מעהר אייער נאמען. איך בין זיכער, אז איהר הייסט ניט באלצער. — קוים הייסט איהר באלצער, וועט זיך פאר אייך עפענען דיא טהיר פון א פאריזער געפעננגיס, אזוי גוט, וויא פון א וויענער.

איהר האט אלעס צו פירכטען. איך האב גאר ניט צו פירכטען. איך בין גענצליך, פאר גאט און פאר מענשען, דיא פרוי פון'ם מארקיז פאלאנצאני. — איך בין דיא מארקיזא פאלאנצאני! דאס איז אלעס, וואס איך האב אייך צו זאגען.

יעצט בעט איך אייך נאך, איהר זאלט ארויסגעהן פון מיין הויז אזוי שנעל, וויא נור מעגליך. וועט איהר עס ניט טהאן, וועל איך רופען מיינע לאקייען און מען וועט אייך אראפוואַרפען פון אלע טרעפ. וועט איהר דערמיט אויך ניט צופריעדען זיין, וועט דיא מארקיזא פאלאנצאני שיקען רופען דיא פאליציי און הייסען ארעסטירען אן אונפערשעהמטען, וועלכער קומט אריין אין פרעמדע הייזער בעאונרוהיגען דיא שטילע איינוואינער.

זיא האט זיך געשטעלט נעגען איהם און האט איהם געוויעזען אויף דער טהיר מיט אזא שטאלץ און מיט אזא בעפעהלענדער מינע, גלייך וויא זיא וואלט געוועזן א קעניגין און ער א פערברעכער. איהם אבער האט עס גאנץ ווענינ געקימערט. ער האט זיך צוגערוקט צו דעם ארט, וואו עס איז געהאנגען דיא שנור פון'ם גלאק. זיא האט עס בעמערקט און האט איהם געזאגט:

— איך דארף ניט ציהען דעם גלאק. איך דארף נור זאגען א הויך ווארט און מיינע לאקייען וועלען באלד אריינקומען. — איין ווינק פון מיר — און איהר ליעגט פון יענער זייט נאס.

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהר און האט איהר געזאגט גאנץ שטילערהייט, גלייך וויא ער וואלט איהר אויסזאגען עפּעס א געהיימניס.

— עס וועט מיר געווים זיין זעהר אונאנגענעהם, איך זאל מיך דארפען ערקלערן מיט אייך פאר אייערע דיענער. — עס איז וואהר, אז איך הייס היע לענואר, אין וויען האב איך געהייסען באלצער. — דאס וועט איהר זאגען. איהר וועט מעגען דערצעהלען, אז באלצער האט נאָכגעמאכט פאלשע וועקסלען. וואס קימערט עס לענואר, וואס באלצער האט פערבראכען אין וויען? קענט איהר דען בעווייזען, אז לענואר האט א מאל געהייסען באלצער? — באלצער איז טויט, פאר דער מארקיזא פאלאנצאני שטעהט יעצט א פראנצויז, לענואר. — דיעזער לענואר אבער קען דערצעהלען פון דער מארקיזא גאנץ שעהנע זאכען.

ער האט געשוויעגען א פאר מינוט און האט זיא בעטראכטעט. ער האט גע־וואלט זעהן, וואס פאר א מינע זיא וועט יעצט מאכען. דאן האט ער ווייטער געזאגט מיט א ווילדען, בייזען געלעכטער:

— לענואר קען דערצעהלען, וויא צוריק מיט אייניגע וואכען איז געווען א פער־זאמלונג פון ארבייטער אין דער שטראסע גראוויליע נומער 44. דארט האט געהאל־טען א רעוואלוציאנערע רעדע א רוסישער ניהיליסט, אן אנטלאפענער פון סיביר, מיט'ן נאמען באקונין. דיא פאליציי האט געהאט א בעפעהל איהם צו ארעסטירען, ווען דיא פערזאמלונג וועט זיך ענדיגען און מען וועט זיך צוגעהן א היים. דיא גוטע, פרומע און עדעלע מארקיזא פאלאנצאני האט זיך אנגעטהאן, וויא אן איינפאכע ארבייטערין, איז געקומען צופאהרען צו דער פערזאמלונג און האט געשיקט ארויסרופען דעם ארעסטאנט און רעוואלוציאנער באקונין.

דיא איז געווען אזוי עדעל, אז זיא האט איהם אריינגענומען צו זיך אין קארעטע, האט געהייסען דעם קוטשער ארומפאהרען עטליכע גאסען און דאן האט זיא איהם אריינגענומען דורך א הינטער טהירעל צו זיך אין שטוב.

וואס וועט דער גוטער מארקיז פאלאנצאני זאגען, ווען ער וועט געוואהר ווערן, וואס פאר א גוטע און עדעלע פרוי ער האט? —

ער איז ווידער געבליעבען שטיל און האט געווארט אויף אנטווארט. זיא האט אבער ניט געענטפערט.

— איך וואלט איהם נאך געקענט דערצעהלען, וויא פרום זיין פרוי איז, אז זיא קען ניט לעבען א טאג אהן א גייסטליכען און צוואר א יעזואיט מיט'ן הויכען נאמען, גראף דע ריווערא.

ביי דיא לעצטע ווערטער האט זיא א ציטער געטהאן און איז ווידער געוואָ־רען בלייך. ער האט עס בעמערקט, איז אפגעטרעטען פונ'ם שנור פון דער גלאק און האט זיך געלאזען צו דער טהיר.

— ביטע, מארקיזא, ביטע! האט ער געזאגט מיט א געלעכטער, — ציהט דעם גלאק, רופט צונויף אייערע לאקייען, אייערע דיענער, אייערע קאמער מעדכען! עס וועט זיך אנהויבען דער ערשטער אקט פון דער קאמעדיע, וועלכע קען זיך פאר אייך ענדיגען מיט אן אונאנגענעהמע טראגעדיע.

זיא איז געבליעבען שטעהן פערטראכט. דיא לעצטע ווערטער פון איהר טהייר־ערן מאן האבען זיא איבערראשט. זיא האט זיך איבערלעגט וואס איהם צו ענטפערן. ענדליך האט זיא אויסגעפונען אן אנטווארט.

— מיין הערר, איך האב פאר אייך קיין מורא ניט. וואס איהר זאגט, קענט איהר ניט בעווייזען. דאס וועט הייסען א ליגען פון א פרעכען מענשען. דיא מארקיזא פאלאנצאני שטעהט צו הויך אין דער אריסטאקראטישער געזעלשאפט, אז מען זאל פון איהר גלויבען, וואס א טויגעניכטס, וועלכער האט גאר קיין נאמען ניט, וועט פון איהר דערצעהלען.

איך אבער קען בעווייזען, ווער איהר זייט און וואס איהר האט געטהאן אין וויען. איהר ווייסט גאנץ גוט, אין וועמעס הענד עס געפינען זיך דיא בעווייזע פון

אייער פערברעכען. איהר ווייסט געוויס, אז דיא הענדי, אין וועלכע עס געפינען זיך יענע בעוויזע, זיינען שטארק גענוג אום צו צערברעכען אזא שארבען, וויא הער באלצער.

— דאס איז גאנץ איבעריג, מאדאם, האָט באלצער געענטפערט. איך ווייס גאנץ גוט, אז דיא פאלשע וועקסלען, וועלכע איך האב נאָכגעמאכט, געפינען זיך אין דיא הענד פון יענעם יעזואיט, וועלכער הייסט זיך רופען גראף דע ריווערא. — איך קען פון איהם אויך דערצעהלען אייניגע געשיכטען. — איך האב דיך אזוי ליעב, אז איך האב מיך איבער אלעם ערקונדיגט. — ערשטענס אבער, איז דער גראף יעצט ניט אין פאריז. — ער איז געפאָהרען קיין רוים. — איך ווייס, צו וואס ער איז אהין געפאהרען. — צווייטענס, גלויב איך ניט, אז דער גראף זאל זיך אזוי שטארק שטע-לען און זיך אננעהמען פאר א דאמע, וועלכע איז פערליעבט אין א רוסישען ניהיליסט, אן אנטלאפענעם פון סיביר, וועלכען דיא רוסישע און פראנצייזישע פאָליציי זוכען.

חא! חא! חא! האט ער געלאכט אין דער הויך. גראף דע ריווערא און בא-קונין! — גראף דע ריווערא זאל זיך אננעהמען פאר באקונין'ס געליעבטע! איז עס ניט א געלעכטער?

פלוצלונג איז ער שטיל געווארען, האט גענומען א שטוהל, האט זיך אניעדער געזעצט און האט זיא אויך געבעטען זיצען לעבען זיך. — דיא מארקיזא האט זיך געזעצט.

— אבער ליעבע אננא, האט ער פלוצלונג געזאגט מיט א ווייכער, מילדער שטימע, וויא א מאן רעדט צו זיין געליעבטער פרוי. — ליעבע אננא, איך ווייס גאר ניט, צו וואס מיר זאלען זיך קריעגען און זיך זיעדלען. דוא ביסט א נארר, וואָס דוא ווילסט זיך מיט מיר קריעגען. איך וויל דיר קיין שלעכטעס ניט טהאָן. איך בין ניט געקומען דיר צו דראהען און דיר צו זאָגען עטוואָס בייזעס. איך בין געקומען דיך בעטען, דוא זאלסט מיר אויך עפּעס געבען פון דער רייכקייט, וואס דוא האסט דיר אזוי געשיקט ערוואָרבען. — איך וויל ניט צונעהמען ביי דיר אלעס. פאר מיר איז גענוג נור א קליינער טהייל, וויא פיעל עס איז. — אים געגענטהייל, איך אליין וויל, אז דוא זאָלסט בלייבען אין דער אריסטאָקראַטישער געזעלשאפט דיעזעלבע מארקיזא, וואס דוא ביסט געוועזען ביז אהער. איך אליין וויל, אז דוא זאָלסט שעפּען מיט ביידע הענד פון דיא קוועלען, פון וועלכע דוא שעפּסט ביז אהער, נור איך וויל האבען מיין טהייל.

ווייסט דוא נאך וואס, מיין ליעבע אננא, ווען מיר זאלען זיך צונויפרעדען, ווען מיר זאלען זיין ווידער גוטע פריינד, וואלט איך געקענט זיין דיר זעהר ניצליך, איך זאג דיר, ז ע ה ר  נ י צ ל י ך. איך ווייס, אז דער גראף לאָזט דיך ניט לעבען אזוי פריי, וויא דוא ווילסט. צוואר ערלויבט ער דיר זיך ארומצופיהרען מיט א יונגען מאן, א דייטש, מיטן נאמען וועגדענשטיין. איך קען איהם אויך.

דוא זעהסט, ליעבע אננא, אז איך ווייס פון פיעלע, זעהר פיעלע זאכען. דאס האט דאך אויך עפּעס א ווערטה. — שטעל דיר פאר, ווען איך קום צו דעם יונגען דייטש און דערצעהל איהם, ווער דיא מארקיזא פּאלאנצאָני איז. וואס פאר א זויערע מינע וועט ער דאן מאכען?

ווייסט דוא, אננא, צו וואס איך זאג דיר דאס אלעס? — דוא זאלסט איינ-זעהן, אז עס איז פיעל גלייכער פאר אונז ביידען צו בלייבען גוטע פריינד און צו לעבען

פריעדליך און גליקליך. — דוא ביסט א געשיקטע פרוי. דוא ווייסט, וויא אזוי זיך צו פערשאפען רייכטהימער און צו לעבען אין דיא בעסטע אריסטאקראטישע געזעלשאפטען. — איך בין שוין אויך ניט מעהר יענער באלצער פון וויען, וועלכער איז געוועזען אזוי נארריש נאכצומאכען וועקסלען. איך וויים היינט שוין אנדערע מיטעל, וויא צו פערשאפען מיר געלד. דוא ווייסט גאר ניט, וואס איך קען. פאריז איז א גוטע שטאדט. אין פאריז איז זעהר לייכט צו שארען געלד מיט לאפעטעס. — ביידע צוזאמען וואלטען מיר עס געקענט טהאן. מיר פאסען זעהר איינער צום אנדערן.

זיא האט אויסגעהערט זיין לאנגע רעדע גאנץ אויפמערקזאם. ביז אהער האט זיא געקוקט אויף איהם מיט צארן און פעראכטונג. יעצט איז דער פיינדליכער אויסדרוק אין גאנצען פערשוואונדען פון איהר געזיכט. זיא איז געווארען רוהיג און פריינדליך, וויא זיא פלעגט שטענדיג זיין. זיא האט איינגעזעהן, אז ער האט עפעס א געהיימניס פון איהר. זיא איז אבער געוועזען צו קלוג, זיא זאל עס איהם ארויסווייזען. זיא האט געענטפערט רוהיג און קאלט:

— איך האב אמאל געטראגען אייער נאמען און האב ניט געוואלט, אז דיעזער נאמען זאל צו שאנדע ווערן. איך האב אמאל געטהאן אלעס מעגליכע אום דיעזער נאמען זאל ניט בעשמוצט ווערן. — איך האב עס געטהאן, ווייל איך האב אזוי געוואלט, ניט ווייל איך האב פאר אייך מורא געהאט. — יעצט געפין איך מיך אין דערזעלבער לאגע. — איך האב פאר אייך גאר קיין מורא ניט. דיא מארקיזא פאלאנצאני איז געשעצט און געאכטעט פון דער גאנצער וועלט. — איך האב אבער מיטלייד מיט אייך. איך פערשטעה, אז איהר געפינט זיך אין א שלעכטע לאגע. איהר דארפט געלד. — זאגט מיר ארויס דייטליך, וואס איהר ווילט. ווען עס וועט נור זיין ניט צו שווער פאר מיר, וועל איך עס טהאן. —

— איך האב געוואוסט, אז מיין גוטע און קלוגע פרוי וועט מיך ניט לאזען פאלען און וועט מיך געוויס אונטערשטיצען, ווען זיא וועט מיך נור דערקענען, האט ער געזאגט גאנץ ערנסט, גלייך וויא זיי וואלטען זיך קיין מאל אין זייער לעבען ניט געקריעגט. — וואס מיינסט דוא, ליעבע אננא, איך זאל בעטען ביי דיר אן אונטערשטיצונג פון טויזענד פראנק א מאנאט? — דאס איז זעהר וועניג. אין פאריז איז דאס לעבען אזוי טהייער, אז מיט טויזענד פראנק א מאנאט קען מען גאר ניט מאכען. — וואס זאל איך אבער טהאן? איך וועל מוזען לעבען קארג, איך וועל מוזען לעבען עקאנאמיש. איך וועל מוזען טהאן אלעס מעגליכע אום אויסצוקומען מיט טויזענד פראנק א מאנאט. — געוויס, ווען איך וועל זיין גאר אין א גרויסער פערלעגענהייט; ווען איך וועל שוין זיין גאר אין א נויט, וועל איך מוזען אנקומען צו מיין גוטער, טהייערער אננא און איך וויים, אז זיא וועט מיך געוויס ניט לאזען פאלען. —

— גוט. איך וועל דיר געבען טויזענד פראנק א מאנאט, האט זיא געזאגט רוהיג.

— אה, דאנק! טויזענד דאנק פאר דיין לוטסקייט! האט ער אויסגערופען מיט פרייד און האט געוואגט אנגעהמען איהר האנד.

אבער שנעל, וויא א בליץ, האט זיא בעהאלטען איהרע הענד אונטערן שאל.

— אלזא, האבען מיר אפגעמאכט, האט ער געזאגט מיט א שטרעננערן טאָן.— זאלאנג דוא וועסט האלטען דיין וואָרט, וועל איך זיין דיין טרייער פריינד און וועל דיר דיענען און זיך בעמיהען דיר ניצליך צו זיין און וועל דיך אויך אונטערשטיצען, וואו איך וועל קענען און וויא אזוי איך וועל קענען.

זיא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. אין דעם טאן פון זיין שטימע האט געקלונגען א בעזאנדערער שטאלץ, וועלכען זיא האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן. זיא האט אנפאנגס געמיינט, אז ער איז געקומען אויסשליעסליך אויסצורייסען ביי איהר געלד. ער האט איהר שוין אבער עטליכע מאל געגעבען א ווינק, אז אויסער דעם געלד האט ער נאך עפּעס אין זינען. זיא האט איהם דאהער געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס ער מיינט דערמיט, וואס ער זאגט, אז ער קען זיא אונטערשטיצען. ער האט פערשטאנען איהר בליק און האט געזאגט מיט א בעזאנדערן שטאלץ.

— ליעבע אננא, איך האב פון דיר זעהר פיעל געלערנט. דוא האסט זיך דורכגעבראכען א וועג צו א הויכער שטעלע אין דער געזעלשאפט דורך א געהיימע קראפט און ביסט געוואָרען מארקיזא פּאלאנצאָני. איך בין אויך ניט געזעסען לעדיג. איך האב אויך געזוכט א וועג, וויא אזוי זיך דורכצושלאגען אין לעבען. איך האב באלד איינגעזעהן, אז אויפ'ן גלייכען וועג קען מען גאר ניט מאכען. מען מוז האבען א שטארקע וואנד הינטער זיך, אויף וועלכע מען קען זיך שטיצען. איך האב ענדליך געפונען דיזע וואנד. — איך בין געוואָרען א מיטגליעד פון דער געהיימער מאכט, דורך וועלכע דיא רעגיערונג הערט אלעס און זעהט אלעס, וואו זיא דארף נור הערן און זעהן.

זיא האט איהם שארף אנגעקוקט. איהרע אויגען האבען אויסגעדריקט פרייד און צופריעדענהייט.

— אלזא, דוא ביסט געווארען א מיטגליעד פון דער געהיים=פּאָליציי? האט זיא איהם געפרעגט מיט א פריינדליכער שטימע.

— יא, ליעבע אננא, האט ער געענטפערט רוהיג און האט ארויסגענומען פון בוזים קעשענע א קליינע רויטע קאַרטע, א צייכען פון א געהיים=פּאָליציסט. איך האב געפונען, אז דאס איז גאר קיין שלעכטע פּראפעסיאָן, ווען מען וויים נור, וויא אזוי זיא צו בענוצען. איך בין נאך אביסעל ניי, אדער גרין, אין מיין נייער שטעלע, אבער עס געהט שוין. מיט דער צייט וועל איך ווערן א מענש. — זעהסט דוא שוין יעצט, ליעבע אננא, אז איך קען דיר ניצליך זיין. פאר אזא פארנעהמע דאמע, וויא דוא ביסט, וועט געוויס זיין פון גרויסע נוצען, ווען איך וועל קומען פון צייט צו צייט און מיט דיר אביסעל פּלוידערן. מיר קענען איינער דעם אנדערן דערצעהלען אייניגע זאכען, וועלכע מיר דארפעןביידע וויסען. — נו, וואס זאגסט דוא יעצט, מיין טהייערע? דארפען מיר זיך קריעגען אדער דארפען מיר זיך פעראייניגען און האלטען פעסט איינער צום אנדערן?

— דוא האסט רעכט, האט זיא איהם געזאגט פריינדליך. אויף אזא ארט קען איך מיך מיט דיר פעראייניגען. איך מיין זאגאר, אז איך וועל אין א קורצע צייט, מעגליך אין א פּאָר טאָג ארום, פון דיר פערלאנגען א געפעליגקייט. — איך מוז דיר

זאגען, אז איך פערלאנג קיין זאך ניט אומזיסט. איך ווייס, וויא אזוי צו שעצען א געפעלינקייט, וועלבעס מען ערצייגט מיר און ווייס, וויא אזוי צו בעלוינען מיינע פריינד.

מיר זיינען פון היינט אן פעראייניגט, פערבונדען. מיר וועלען צוזאממען ארביי־טען. — דאס ערשטע וואס איך פערלאנג פון דיר, איז אז ווען גראף דע ריווערא וועט קומען — ער דארף אין א פאָר טאָג ארום זיין צוריק פון רוים — זאלסט דוא איהם נאכשפירען, וואוהין ער וועט געהן און וואוהין ער וועט פאָהרען. — דוא קענסט פערשטעהן, אז איך אליין קען עס ניט טהאן. דאס מוז אנאנדערער טהאן פאר מיר. ער קען דיך ניט און איז זיכער, אז דוא ביסט טוידט. עס וועט דיר זעהר לייכט זיין אויף איהם אכטונג צו געבען. יעדען אבענד וועסט דוא קומען און מיר אפגעבען א גענויען בעריכט פון אלעס, וואס דוא האסט פון איהם געזעהן און געהערט.

— מיט פערגניגען וועל איך עס טהאן, ליעבע אננא.

זיא איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל, איז צוגעגאנגען צו א קאָמאָד און האט געעפענט א שובלאָדע מיט א קליינעם גאָלדענעם שליעסעל, וועלכען זיא האט געטראָגען אויפ'ן האלז, וויל ער האט געהאט דיא געשטאלט פון א קרייץ. קיינעם וואלט עס ניט איינגעפאלען, אז דאס איז א שליעסעל. זיא האט ארויסגענומען צוויי פעקליך געלד און האט איהם דערלאנגט.

— איך בין גליקליך, וואָס מיר פערשטעהן זיךביידע אזוי גוט, האט ער גע־זאגט און האט אריינגעלעגט דאס געלד אין קעשענע. — איך ווינש, אז דיא פריינד־שאפט, וועלכע מיר האבען היינט געשלאסען, זאל דויערן לענגער פון אונזער ליעבע.

זיא האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט געזאגט מיט א בעפעהלענדער שטימע.

— ווען איהר וועט האבען וויכטיגע נאכריכטען, זאלט איהר קומען און מיר באלד מעלדע,. איך וועל זאגען מיינע דיענער, אז מען זאל אייך יעדעס מאל ארייג־לאזען, אדער —

זיא האט זיך פערטראכט איינינע מינוט.

— ווייסט איהר וואָס? — איך וועל אייך בעסער געבען א שליעסעל צום הינטער טהירעל אין גארטען און וועל אייך ווייזען דעם וועג, וויא אזוי אריינצוקומען צו מיר. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען איהר קאמער־מעדבען און האט געמעלדעט:

— דער העדר גראף דע ריווערא!

— אזוי גיך האב איך איהם ניט ערווארטעט, האט דיא מארקיזא געזאגט גאנץ שטיל. ער האט מיר געזאגט, אז ער וועט קומען ערשט אין עטליבע טעג ארום.— דאס מוז שוין זיין עפעס נייעס.

זיא האט זיך געווענדעט צום קאמער־מעדבען און האט איהר געזאגט:

— פיהר ארויס דיעזען העררן דורך מיין שלאף־צימער. דער העדר גראף קומט פון דער רייזע און וועט געוויס ניט וועלען זעהן קיין פרעמדען העררן.

ווען העדר באלצער, אדער העדר לענואַר, וויא ער האט יעצט געהייסען, האט

אנגעהויבען ארויסצוגעהן, האט זיא זיך אנגעבויגען צו איהם און האט איהם געזאגט אויף דייטש, דאס קאמער־מעדכען זאל ניט פערשטעהן.

— קומט הייטע אבענד. איך האב אייך נאך פיעלעס צו זאגען.

לענואר איז פערשוואונדען אין דער מארקיזא'ס שלאף־צימער. דיא מארקיזא האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען פענסטער און האט גלייכגילטיג ארויסגעקוקט אויף דער גאס.

אין א פאר מינוטען ארום איז גראף דע ריווערא אריינגעקומען אין זאל. דיא מארקיזא האט איהם בעגריסט גאנץ העפליך. ער האט זיך איינגעבויגען און האט איהר א קוש געטהאן אין האנד.

— איך דאנק אייך זעהר פאר דיא נאכריכטען, וואס איהר האט מיר געשיקט קיין רום, האט ער געזאגט ערנסט. זיי זיינען פאר מיר זעהר וויכטיג, פיעל וויכטיגער, וויא איהר קענט זיך פארשטעלען.

— עס פרעהט מיך זעהר צו הערן, אז איך קען אייך ניצליך זיין, האט דיא מארקיזא געזאגט און א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפען. — איהר האט מיר געזאגט, אז אייך אינטערעסירט זעהר רוסלאנד און אלעס, וואס עס קומט פאר אין רוסלאנד. איך האב מיר געגעבען אלערליי מיה צו ערפאהרען אייניגע זאכען איבער רוסלאנד. — דער יונגער מאן, וועלכער האט געשאָסען אויף'ן גראָספירסט קאנסטאנטין, איז זיין זוהן. קייסער אלעקסאנדער האט אליין ניט געוואוסט, וואס ער זאל דא טהאן. ער האט זיך געקריגט מיט'ן קראָנפרינץ, עס איז געקומען צו זעהר אן אונאנגענעהמע סצענע צווישען פאטער און זוהן.—וויא שטיל און רוהיג עס איז יעצט אין רוסלאנד, עס איז נור א שיין, עס ווייזט זיך נור אויס אזוי פאר דיא, וואס ווייסען ניט, וואס דאַרט קאָכט זיך יעצט.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס אלעס? האט פלוצלונג דער גראף געפרעגט.— איז מאדאם מושאר אזוי פריינדליך אייך אלעס צו דערצעהלען? —

— מאדאם מושאר איז צו געשייט און צו דורכגעטריעבען. פון איהר איז שווער עפעס ארויסצוקריעגען. גאָט האט מיר בעשערט אן אנדער קוועלע, א בעסערע. איך האב מיך בעקענט מיט א יונגען רוסען מיט'ן נאמען סעמיגראדאָוו. ער אינטערעסירט זיך אויך אביסעל אין פאָליטיק. ער איז זעהר פריינדליך און א גאנץ העפליכער קאַוואליער דערצו. ער קען אונז מעהר נוצען ברענגען, אלס אייער דייטשער אפיציער מיט זיין פאָליטיק פון האנאווער.

גראף דע ריווערא האט פערשטאנען, אז זיא האט געוואָלט איהם וויזען, אז זיא פערשטעהט אויך עפעס, ער איז יעצט געווען זעהר פאָרזיכטיג. ער האט אלעס אויסגעהערט און האט איהר ניט אלעס געגלויבט. ער האט געוואוסט, אז זיא ווייס דיא נאכריכטען פון רוסלאנד ניט פון א רוסע מיט'ן נאמען סעמיגראדאָוו, זאָנדער פון א רוסע מיט'ן נאמען באקונין. דאס האט איהם אבער ווייניג געהארט. זיינע אינטערעסען, אדער ריכטיגער געזאגט, דיא אינטערעסען פון'ם יעזואיטען־אָרדען האבען געפאָדערט, אז ער זאל וויסען אלעס, וואס איז פאָרגעקומען אין רוסישען קייזערליכען הויף. פון וואנען דיא נאכריכטען קומען, איז איהם געווען גאנץ גלייך. ער האט איהר

אבער געוואלט ווייזען, אז זיא זאל זיך ניט איבערנעהמען און זאל ניט מיינען, אז זיא פערשטעהט עפּעס.

— ניט דיא נאכריכטען וועגען רוסלאנד האבען מיך אזוי שנעל צוריקגעבראכט פון רוים, האט ער געזאגט. עס איז עטוואס אנדערש, וואס האט מיך געצוואונגען אזוי שנעל צוריק קומען. — מיך אינטערעסירט יעצט דיא רעוואָלוציאָן אין שפּאניען. ווען דיא רעוואָלוציאָן אין שפּאניען וועט זיעגען; ווען אין דיעזעס לאַנד, וואו דער היילינגער גלויבען איז שטענדיג געשטאַנען פעסט, וויא אן אייזערנע וואנד, וועלען איינגעפיהרט ווערן דיא נייע אידעען פון פרייהייט און גלייכהייט; ווען אין דעם פרומען און גאָטספירכטיגען שפּאניען וועט הערשען דער ווילדער אנאַרכיזמוס — דאן איז דער היילינגער פאטער פערלארען. שפּאניען איז דיא בעסטע און דיא שטארקסטע שטיצע פון'ם פּאַפּסט. מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אז דיא רעוואָלוציאָן זאָל דאָרט זיעגען. שפּאניען איז געוועזן קאַטאָליש און מוז בלייבען קאטאליש. אין שפּאניען מוז דיא רעליגיאָן הערשען!

ער איז ארומגעגאנגען איינינע מינוטען אין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. דיא מארקיזא האט געוואָרפען אויף איהם פינסטערע בליקען. זיא האט איהם געדאַרפט. זיא האט געדארפט זיין געלד. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער האט אונגעהייער גרויסע סומען געלד אין דיא הענד. עס איז איהר אבער שוין געוועזן צו וויעדער זיין פרומקייט און זיין שטענדיגעס טראכטען פון דער היילינגער רעליגיאָן.

— דאס האב איך אייך ניט געקענט מעלדען, האט זיא געזאגט מיט א שטילער שטימע. — איהר האט מיר אנגעזאגט פאר אייער אוועקפאהרען, איך זאל מיך אינ־טערעסירען מיט רוסלאנד, מיט האנאווער און מיט אלעמען וואס קומט פאָר אין פראַנקרייך. — פון שפּאניען האט איהר מיט מיר קיין מאל ניט גערעדט.

ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער צו איהר און האט געזאגט שאַרף און ערנסט:

— פיעללייכט ווייסט איהר, אדער פיעללייכט קענט איהר וויסען, ווער עס איז היע דער פערטרעטער פון דער שפּאנישען רעוואָליציאָן? — עס מוז זיך היע געפינען א קאמיטעט פון זיי, אדער מעגליך, אז פון היע איז עס אין גאנצען ארוים. — איך קען דעם גענעראל פרים, ער איז קלוג און פאָרזיכטיג. ער האט געוויס אגענטען אין פּאַריז. עס איז איין מאל פעסט געשטעלט, אז קוים ברעכט ערגעץ אוים א רעוואָ־לוציאָן אין אייראפּא, איז זיא פריהער אפּגערעדט געוואָרען און בעשלאסען געוואָרען אין פּאַריז.

— אין דיעזען אויגענבליק וויים איך ניט, האט דיא מארקיזא געענטפערט, איך האָף אבער אין א קורצע צייט אלעס געוואהר צו ווערן, וואס אין שפּאניען קומט יעצט פאָר. איך מוז האבען א פּאר טאג צייט. דאס קען מען ניט מאכען מיט א מאל.

נראף דע ריווערא איז ארומגעגאנגען פערטראַכט און אויפגערעגט אין זאל, עס איז געוועזן דייטליך, אז עס איז פאָרגעקומען עטוואס בעזאנדערס. פּלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו איהר.

— איך מוז ווידער אוועקפאהרען אויף א פאר טאג. איך בעט אייך, אז איהר זאלט זיך געבען אלע מעגליכע מיה געוואהר צו ווערן, ווער זיינען דיא הויפט פער-זאנען פון דער רעוואלוציאן אין שפאניען און ווער פון זיי געפינט זיך אין פאריז. עס איז פאר מיר זעהר וויכטיג צו וויסען אלעס, וואס דארט טהוט זיך.

— זאל איך פיעללייכט ווידער זוכען א נייע פאר פערד פאר מיין עקיפאזש?

האט דיא מארקיזא געפרעגט און האט געקוקט דעם גראף גלייך אין דיא אויגען.

— טהוט, וואס איהר פערשטעהט, נור גיט מיר דיא אויסקינפטע, וועלכע איך דארף, האט דער גראף געענטפערט קורץ. — איך וויים, אז איך קען מיך אויף אייך פערלאזען. איך דארף אייך ניט לערנען. איהר ווייסט שוין אליין, וואס צו טהאן. איך האב שוין געהאט אזוי פיעל בעווייזע פון אייער קונסט און פון אייער געשיקליכ-קייט און פון אייערע פעהיגקייטען, אז איך בין זיכער, איהר וועט אויסגעפינען אלעס, וואס איז מיר נעטהיג צו וויסען.

ער האט אנגעטהאן זיין הוט און האט געוואלט ארויסגעהן. ער האט ניט בעמערקט, וואס פאר א בליק פול שטאלץ און שפאט דיא מארקיזא האט אויף איהם געווארפען. ווען ער איז שוין געשטאנען ביי דער טהיר, האט זיא געזאגט, וויא צו זיך אליין:

— אום צו בייטען מיינע פערד דארף איך האבען עטליכע טויזענד פראנק.

דער גראף האט עס דערהערט, האט זיך ראש אומגעקעהרט צו איהר, האט ארויסגענומען זיין פארטמאנע און האט געפרעגט האסטיג:

— וועט גענוג זיין פופציג טויזענד פראנק?

— דערווייל וועט גענוג זיין, האט דיא מארקיזא געענטפערט גלייכגילטיג.

ער האט אויסגעשניטען א טשעק פון זיין באנק-בוך און האט איהר דערלאנגט.

— אלזא, אין צוויי טעג ארום וועל איך אלעס וויסען. ווען איהר וועט האבען בעזאנדערס וויכטיגע נייעס, טעלעגראפירט מיר קיין ביאריץ (א קליין שטעדטעל לעבען דער שפאנישער גרענעץ).

דיא מארקיזא האט צוגענומען דעם טשעק און האט זיך העפליך פערנייגט. דער גראף האט געוואלט עפענען דיא טהיר, ווען דאס קאמער-מעדכען איז ארייג-געגאנגען און האט געמעלדעט:

— ליעטענאנט וועגדענשטיין.

באלד איז וועגדענשטיין אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן פארן גראף דע ריוועראַ.ביידע מענער זיינען געבליעבען שטעהן, וויא צוגעשמידט איינער געגען אנדערן. וועגדענשטיין האט געוואוסט, אז צווישען דעם גראף דע ריוועראַ און דער מארקיזא זיינען דא געוויסע געהיימניסע. ער האט אבער קיין מאל ניט געטראכט דערפון, ער זאל זיי ערפאהרען. ער האט געליעבט דיא מארקיזא, ווייטער האט איהם קיין זאך ניט געהארט.

ער איז געוועזען העכסט צופריעדען, וואס דער גראף איז אוועקגעפארען און דיא מארקיזא האט געהאט מעהר צייט פאר איהם. ערשט נעכטען האט ער מיט איהר אפגערעדט, זיי זאלען היינט פאהרען קיין ווערסייל זעהן דעם בעריהמטען מוזעאום.

זיא האט איהם געזאגט, אז זיא וועט זיין פריי א גאנצען טאג. זיא ערוואַרטעט קיינע געסט און וויל געניעסען א רוהיגען טאג. ער איז דאהער געוועזען ער־שטוינט, ווען ער האט פלוצלונג דערזעהן פאר זיך דעם גראף.

— איהר זייט א לאנגע צייט ניט געוועזען אין פאריז, הערר גראף, האט ער געזאגט. — ער איז געוועזען דער איינגערער און האט געמאכט עפּעס זאגען. — איך ווייס, אז איהר פערטהיידיגט שטענדיג די גערעכטע זאך און איך האָף, אז איהר האט אונז געבראכט גוטע נאכריכטען, אז די גערעכטיגקייט האט געזיעגט.

דער גראף האט בעטראכט דעם יונגען מאן, דאן האט ער געוואָרפען א בליק אויף דער מארקיזא, וועלכע איז זיך געזעסען גאנץ רוהיג אין איהר ווייכען שטוהל און האט זיך געשפּיעלט מיט איהר טהייערן פערזישען שאַל. אן אויסדרוק פון מיטלייד און בעדויערן האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט. ער האט זיך אבער איינגעהאלטען און האט געענטפערט גלייכגילטיג:

— איך בין געקומען נור אויף א קורצע צייט קיין פאריז, וואו איך האב צו בעזאָרגען אייניגע געלד געשעפטע. איך האב מיך אין דער לעצטער צייט אין גאנצען צוריקגעצויגען פון דער פּאָליטיק. זיא איז יעצט ניט אינטערעסאנט און זיא איז יעצט ניט ווערטה מען זאָל זיך אפּגעבען מיט איהר.

וועגדענשטיין האט געוואָלט עפּעס ענטפערן. איידער ער האט אבער געענט־פערט, האט ער א קוק געטהאן צו דער מארקיזא און האט געזעהן, וויא זיא האט א הוסט געטהאן און ארויסגעלעגט א פינגער אויף די ליפּען. ער האט פערשטאנען דעם צייכען און האט געשוויעגען.

— איך האָף אייך וויעדער צו זעהן, האט דער גראף פלוצלונג געזאגט. אויב איהר ווילט, גיט מיר אייער אדרעס און איך וועל מיר נעהמען די עהרע אייך צו בעזוכען. — איהר און אייערע לאנדסלייט אינטערעסירען מיך זעהר. איך ווייס, אז איהר האט פערלארען אייער היים, אייערע עלטערן און אייערע פריינד אום צו בלייבען טריי צו אייער קעניג. דאס איז א גרויסע זאך. דאס צייגט אן עדעלקייט, וועלכע איז זעהר זעלטען אין אונזערע צייטען, וואו דאס געלד הערשט און געלד איז די איינציגע שפּרינגפעדער (ספּראנדזשינע) וועלכע בעוועגט אונזער גאנצעס געזעלשאפטליכעס לעבען.

פון דער מארקיזא'ס אויגען האט געשפּריצט פייער ביי די לעצטע ווערטער. — האט ער עס איהר געמיינט? האט ער עס צוליעב איהר געזאגט? — צו וואס דען? — וויל ער ווארנען וועגדענשטיין פאר איהר? — דאס האט זיא ניט געקענט וויסען.

— אייער בעזוך, הערר גראף, וועט מיר מאכען זעהר פיעל עהרע, האט וועג־דענשטיין געענטפערט העפליך.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען זיינע א וויזיט־קארטע און האט זיא דערלאנגט דעם גראף.

דער גראף האט איהם בעטראכט נאך א פּאר מינוט, האט נאך געוואָרפען א בליק אויף די מארקיזא און איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון זאַל.

קוים האט וועגדענשטיין דערהערט, אז די טהיר פון קארידאר האט זיך

פערמאכט הינטערן גראף, איז ער צוגעלאפען צו דער מארקיזא, איז געפאלען פאר איהר אויף דיא קניע און האט זיא ארומגענומען.

— ענטשולדיג מיר, זיסע געליעבטע, וואס איך בין היינט געקומען אזוי שפעט, האט ער געזאגט און האט זיא צו געפרעסט צום הארצען. איך האב אנדערש ניט געקענט. אין אונזער שטילען, רוהיגען לעבען איז געקומען אן ענדערונג. אונזער קעניג דענקט אן קריעג און מיר האבען ערהאלטען א בעפעהל, ארויסצופאהרען אין דער שווייץ.

אך, ליעבע, טהייערע אננא! האט ער געזיפצט. א מאל האב איך געווארט אויף אזא בעפעהל מיט אונגעדולד. איך האב מיך געריעסען אין קריעג. דאס לעבען אין פאריז איז מיר געוועזן לאנגווייליג און איבערדריסיג. איך האב ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט מיין צייט. איך האב געזוכט עפעס, איך האב געבענקט נאך עפעס. איך בין געוועזן בערייט אריינצוטרעטען אין יעדע ארמעע נור אום עפעס צו טהאן. — יעצט איז עס אנדערש. יעצט, ווען איך האב דיך; ווען איך בין גליקליך דורך דיין ליעבע — אה! יעצט פיהל איך מיך זעהר אונגליקליך. איך קען מיך ניט ארויסרייסען פון דיר!

זיא האט איהם צוגעפרעסט צו זיך און האט זיך אנגעהויבען צו שפיעלען מיט זיינע לאנגע, שעהנע האר.

— מיין זיסער פריינד, איך וועל דיך בעגלייטען אין קריעג מיט מיינע געדאנ־קען, מיט מיינע ווינשע. איך וועל דענקען אן דיר טאג און נאכט. דוא וועסט קעמפפען, דוא וועסט זיעגען, דוא וועסט קומען צוריק מיט עהרע, מיט מעדאליען. מיר וועלען דאן ערשט אנהויבען צו פיהרען א פרעהליכעס און גליקליכעס לעבען. מיר וועלען ארויספאהרען פון דיזען לאנגווייליגען, רוישענדען און אונרוהיגען פאריז. מיר וועלען פאהרען אין מיין ליעבעס, ווארעמעס, פרעהליכעס און גליקליכעס איטאליען.

— דוא רעדסט, וויא א ליעבענדע פרוי דארף רעדען, האט וועגדענשטיין גע־זאגט. איך וייס, אז דער געדאנקען אן דיר וועט מיר געבען מוטה צו קעמפפען און צו זיעגען. איך האב קיין מורא ניט פארן קריעג. איך וייס שוין, וואס דער קריעג איז.—מיך בעאונרוהיגט עטוואס אנדערש. גאנץ אנדערע געדאנקען פרעסען מיין הערץ און מאכען מיך טרויעריג. — דער געדאנק אן דיר קען מיך טרייסטען און געבען מוטה אין דער צייט פונ'ם קריעג. — וואס וועט אבער זיין נאכ'ן קריעג? וואס וועט זיין, ווען מיר וועלען זיעגען און מיר וועלען צוריק קומען א היים? — דאן, געליעבטע, וועל איך ערשט זיין ווייט פון דיר. איך וועל מוזען צוריק אנהייבען צו פיהרען דיזעס איינ־פאכע, לאנגווייליגע, געמיינע לעבען פון א דארפ'ס מאן. — אך, טהייערע אננא! דוא קענסט יענעס לעבען גאר ניט. זא לאנגע מען ליעגט אין שטילען זומפ, מיינט מען, אז עס איז קיין בעסערעס ניטא און מען פיהלט זיך בעקוועם. — איך זאג ניט גליק־ליך, ווייל קיינער קען ניט זיין גליקליך, ווען ער זעהט פאר זיך בעשטענדיג נור קיה, אקסען, פערד און מענשען, וועלכע שטעהן ניט העכער פון דיא אקסען מיט דיא פערד. — מען ווערט מיט דער צייט פערגרעבט און פערווילדערט און מען פיהלט זיך בעקוועם אין דיעזער ווילדקייט. — קוים רייסט מען זיך אבער ארויס אויף דער וועלט;

קוים זעהט מען פאר זיך אנדערע מענשען, אנדערע אינטערעסען, אנדערע בעדירפ־ניסע — בעסערע, עדעלערע, פיינערע — אך! דאן, דאן איז עס זעהר שווער צוריק צו געהן צו אזא לעבען!

אך, אננא! ווען איך הייב אן דאראן צו דענקען, ווערט מיין בלוט פערקיהלט אין מיינע אדערן. איך וואלט אייביג בלייבען ביי דיר און פערגעסען, ארויסרייסען פון מיין הערצען, אפמעקען פון מיין געדעכטעניס, דיא גאנצע פערגאנגענהייט, מיין גאנצע יוגענד און בלייבען ביי דיר, — ביי דיר, ליעבע, טהייערע אננא. — וויא טרויעריג שטעלט זיך מיר פאר דיא צוקונפט!

— לאמיר ניט דענקען פון דער צוקונפט, האט דיא יונגע פרוי געזאגט און האט צונעלענט איהר קאפ צו זיינע באקען. — דיא צוקונפט איז א זאנדערבארעס פיינעלע. אט, דאכט זיך, איז זיא קאלט און טרויעריג. אט זינגט זיא מעלאנכאלישע, הערצרייסענדע ליעדער, אז טרערין רייסען זיך פון דיא אויגען און אין א מינוט ארום האט זיך אלעס געענדערט. זיא שפּריננט, טאנצט און זינגט אזוי פרעהליך, אז עס גלוסט זיך צו טאנצען. — מיר זיינען יונג. דיא צוקונפט געהערט דער יוגענד. — לאמיר לאזען דיא צוקונפט און לאמיר בעסער געניעסען דיא געגענווארט. לאמיר ניט פער־ליערען דיא טהייערע צייט, וואס איז אונז געבליעבען פאר גליק און ליעבע.

זיא האט געשוויעגען אייניגע אייגענבליקע. דאן האט זיא איהם אויפגעהויבען און האט איהם געזעצט לעבען זיך.

— מיר האבען געוואלט היינט ערגעץ אויספאהרען. עס איז אונז ניט געראטהען. דוא ביסט געקומען שפּעט און איך האב געהאט אונערווארטעטע געסט, האט זיא איהם געזאגט. יעצט איז שוין שפּעט. לאמיר בלייבען אין דער היים. — האסט דוא שוין געפריהשטיקט?

— נאך ניט. מען האט אונז געשיקט רופען גאנץ פריה און מען האט אונז געמעלדעט, אז מיר מוזען ארויספאהרען פון פּאריז.

— אין דער לעצטער צייט לעזע איך זעהר אפט דיא צייטונגען, האט דיא מארקיזא געזאגט. וויא איך זעה, איז אלעס שטיל אין דער פּאָליטיק. מעגליך, אז וואס מען הייסט אייך ארויספאהרען איז נאר אויס אנאנדער אורזאכע. מעגליך, אז דאס איז נאר ניט דער קריעג.

וועגדענשטיין האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט. איהם איז נאר ניט איינגע־פאלען, אז עס קען זיין אנאנדער אורזאכע, וואס מען הייסט זיי ארויספאהרען פון פּאריז. עס איז דאך אלעס מעגליך.

— וואס פאר אנאנדער אורזאכע קען דא זיין? האט ער געפרענט.

— אין פּאריז געפינען זיך יעצט צופיעל רעוואלוציאנערן. האט דיא מארקיזא געזאגט. עס געפינען זיך רוסישע ניהיליסטען, פּאָלנישע רעוואלוציאנערן פון 1863, אונגארישע פון 1848, דאן זיינען איהרע צוגעקומען, איהרע זיינען אויך רעוואלוציאנערן גע־נען פרייסען. — יעצט, לעזע איך, האט אויסגעבראכען א רעוואלוציאן אין שפּאניען. עס געפינען זיך געוויס שפּאנישע רעוואלוציאנערן אויך אין פּאריז. —

זיא האט ניט געענדיגט איהר רעדע און האט געוואוסט, אז דער יונגער מאן זאל עפּעס זאגען.

— ווירקליך, מיין ליעבע, דוא האסט רעכט. עס לעבט יעצט אין פּאריז א געוויסער דאן ראדריגא דע מאָדענא. ער לעבט דא זעהר רייך, האט דיא בעסטע פערד.—

— אה, איך קען איהם! האט אויסגערופען דיא מארקיזא. מען האט מיר איהם געוויעזען. ער איז אן אלטער מאן און האט ליעב פערד און פערד רענען (רייסעס).

— דאס טהוט ער נור צום שיין, נור אפּצונארען דיא פראנצויזישע רעגיערונג, זיא זאל מיינען, אז ער איז געקומען אום צו לעבען אין פּאריז א גוטען טאָג. אין דער וואהרהייט אבער בעשעפטיגט ער זיך מיט עפּעס אנדערש. מיט צוויי מאנאטע צוריק האט ער געקויפט דרייסיג טויזענד ביקסען פון דעם נייען סיסטעם — שאספּאָ רופען זיי דיא פראנצויזען — ער האט זיי געהייסען צו נעהמען אויף שטיקלעך און זיי איינ־פּאקען אין קאסטענס. ער האט זיי געשיקט אלס רעהרען פאר א גאז קאמפּאני.

— פון וואנען ווייסט דוא עס, מיין פריינד? האט דיא מארקיזא געפרעגט גלייכגילטיג.

— מיין קעניג האט אויך געקויפט ביקסען ביי דעמזעלבען פאבריקאנט און האט זיי אויך געהייסען פערפּאקען אין אזעלכע קאסטענס.

וואלט וועגדענשטיין ניט געוועזען אזוי פערליעבט אין דער מארקיזא, וואלט ער געזעהן, וואס פאר א פייער עס האט זיך אנגעצונדען אין איהרע אויגען, ווען ער האט איהר דערצעהלט פון דיא ביקסען, וועלכע דער שפּאניער האט געקויפט.

וואלט דיא מארקיזא איהם געליעבט, וואלט זיא איהם געקענט דערצעהלען, פאר וואס מען הייסט אלע אפיציערן פון האנאווער ארויספאהרען פון פּאריז.

דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן, האט אזוי לאנג געפּרעדיגט פאר זיינע לאנדסלייט און האט זיי אזוי געשטארקט און בעקרעפטיגט אין היילינען גלויבען, ביז ער איז געוואהר געווארען אלע זייערע געהיימניסע און האט עס געמעלדעט אין בערלין. ביסמארק האט אנגעשריעבען א שארפען בריעף דער פראנצייזישען רעגיערונג און האט געפאָרדערט, אז מען זאל זיי ארויסשיקען פון פּאריז. דער אנפיהרער פון דיא אפיציערן האט זיך געשעהמט צו זאגען, אז דיא פּאליציי הייסט זיי ארויספאהרען מיט גוטען. ווען זיי וועלען ניט ארויספאהרען מיט גוטען, וועט מען זיי ארויסשיקען פער שוב (פּאָ־עטאפּו). ער האט זיי דערצעהלט, אז דער קעניג פון האנאווער האט זיי געהייסען ארויספאהרען קיין זשענעווא אין דער שווייץ.

דער ארימער וועגדענשטיין איז אבער געוועזען אזוי בעשעפטיגט מיט זיין ליעבע, אז ער האט פון קיין זאך ניט געוואוסט. ער האט קיין זאך ניט געזעהן און האט ניט בעמערקט, וויא דיא מארקיזא שפּיעלט מיט איהם.

— אך! האט אויסגערופען דיא מארקיזא. איך וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז דיעזער דאן ראדריגא דע מאדענא איז נאר א רעוואלוציאנער און ער בעשעפטיגט זיך אין פּאריז מיט פּאָליטיק. מען האט מיר דערצעהלט, אז מען זעהט איהם אין אלע טהעאטערע און אויף אלע בעלער. מען האט מיר געזאגט, אז ער איז זעהר א פיינער קאוואליער.

— ער האסט דיא שפאנישע קעניגין איזאבעללא און האט נעשווארען זיא אראפצואווארפען פונם שפאנישען טראהן, האט וועגדענשטיין ערקלערט. אונטער דער מאסקע פון א פיינעם קאוואליר האט ער איינגעארדענט דיא רעוואָלוציאָן. פון פאריז האט ער ארויסגעשיקט אלעס נעטהיגע. — מיר וועלען באלד האבען שעהנע נאכריכטען פון שפאניען.

— אט דאס הייסט פאָליטיק! האט דיא מארקיזא געזאגט גלייכגילטיג. מען מוז האבען אן אייזערנעם כאראקטער אום זיך צו בעשעפטיגען מיט פאָליטיק. איך וואלט עס ניט געקענט טהאן. — מיין גאט! וויאפיעל פאלשקייטען, וויא פיעל אינטריגען מוז מען אנווענדען אום צו פיהרען דיא פאָליטיק. איך האב זיא שטענדיג פיינט געהאט, נור אין דער לעצטער צייט האב איך מיך א ביסעל אינטערעסירט אין דער פאליטיק, ווייל איך דענק שטענדיג פון דיר און וויל וויסען, וויא לאנג מיר וועלען נאך קענען געניעסען דאס שטילע גליק פון אונזער ליעבע.

— אך! מיר זאלען קענען אייביג, אייביג לעבען נור פון אונזערם ווענען אין דער שעהנער און שטילער וועלט פון פאָעזיע און ליעבע! האט וועגדענשטיין אויסגערופען און האט זיא ארומגענומען פעסטער און ענגער.

— מיר האבען פערגעסען אן אונזער פריהשטיק! האט פלוצלונג דיא יונגע פרוי אויסגערופען.

זיא האט אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם קאמער-מעדכען, וועלכעס איז באלד אריינגעקומען, אנגרייטען א פריהשטיק אין איהר עס-צימער.

— איך מוז נאך מאכען מיין טואלעט, האט זיא איהם געזאגט. איך געה היינט צוואר אין ערגעץ ניט, עס קענען אבער אנקומען געסט.

— איך מוז נאך זיין היינט ביי אונזער קאָמאנדיר. ער האט אונז געהייסען קומען אום פיער אוהר צו זיך, וועט ער אונז געבען זיינע לעצטע בעפעהלע, ווען מיר זאלען ארויספאהרען און אויף וואס פאר א וועג.

— אלזא, געה, מיין געליעבטער און קום בעסער אבענדס. אום ניין אוהר וועל איך דיך ערווארטען.

וועגדענשטיין האט זיא נאך אמאל ארומגענומען און איז ארויסגעגאנגען. קוים האט זיך פערמאכט דיא טהיר הינטער איהם, איז דיא מארקיזא אויפגעשפרונגען פון איהר שטוהל.

— היינט איז ער שוין נאר געווען לאנגווייליג, דערפאר אבער האט ער מיר אויסגעפלוידערט א געהיימניס, וועלכעס איז ווערטה מיליאָנען. — דיא פראנצויזישע רעגיערונג וועט מיר שוין גוט בעצאהלען דערפאר.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב-טיש און האט זיך געזעצט שרייבען.

— דאן ראדרינא דע מאדענא, האט זיא געזאגט, איז ניט גאנץ קלוג, ווען אזעלכע קינדער, וויא וועגדענשטיין, וויסען פון זיינע געהיימניסע; ווען ער קויפט ביקסען פון א פאבריקאנט אין פאריז און לאזט זיי אזוי עפענטליך פערפאקען. — נו, ווען ער איז ניט קלוג, מוז איך אויסניצען זיין נארישקייט. — וויסען איז א מאכט.

יעדע זאך, וואס איך וויים, ברעננט מיר איין טויזענדער. פאר וואָס ניט? ווען עס זיינען דא נאראנים אויף דער וועלט, דארפען דיא קלונע זיך מיט זיי בענוצען.

זיא האט נעענדיגט איהר בריעף, האט איהם אריינגעלעגט אין א שעהנעם קאָנווערט און האט אנגעשריעבען פון אויבען.

„אן איהרע קייזערליכע מאיעסטעט, דיא קייזערין פון פראנקרייך אין ביאריץ."

פלוצלונג האט זיא זיך פערטראכט.

— וויא אזוי שיקט מען איבער דעם בריעף? מיט דער פּאָסט קען ער אנקו־מען שפעט. דיא קייזערין ערהאלט זעהר פיעל בריעף. זיא לעזט זיי נאר ניט. זיא איז גאר ניט אים שטאנד אלעס צו לעזען. — מעגליך, אז דער בריעף וועט אריינ־פאַלען אין דיא הענד פון א שרייבער, וועלכער וועט איהם וועלען בענוצען פאר זיך. ניין! מיט דער פּאָסט טויג ניט. אזא בריעף שיקט מען ניט מיט דער פּאָסט. — אט! רעכט! יעצט קען ער מיר נוצען. ער זאל פאהרען מיט אן עקסטרא צוג! — ער פאסט דערצו. — ער איז דאך אן אנגעגט פון דער געהיים פּאָליציי. — אויף איהם קען איך מיך פערלאזען. ער קען מיך ניט בעטריגען. — ווען ער וועט קומען דערצעה־לען דיעזע נייעס פון זיין אייגענעם נאמען, וועט מען איהם ניט גלויבען. — ער מוז מיך האבען. — איך בין דאך א מארקיזא!

זיא האט פערשלאסען דעם בריעף אין איהר שרייב־טיש און האט א קוק געטהאן אויף דער אוהר. עס איז שוין געוועזען באלד פינף.

— אום אכט אוהר וועט ער דא זיין. וואס טהוט מען אבער ביז אכט אוהר?

זיא האט זיך דערמאנט, אז דער פריהשטיק שטעהט אויפן טיש. זיא האט שנעל עפּעס געגעסען און האט געהייסען איינשפּאנען איהר קארעטע.

אין א האלבע שטונדע ארום האט מען זיא געזעהן פאהרען אין דיא רייכסטע גאסען פון פּאריז. פיעלע העררן און דאמען האבען זיא בעגריסט. זיא האט געענטפערט זייער גרוס העפליך. ווער עס האט זיא געזעהן, דער איז געוועזען פעסט איבערציינט, אז דיעזע שעהנע פרוי וויים נור פון פערגניגען און לעבט אין פּאריז נור דערפאר, וואס פּאריז איז א פרעהליכע שטאדט. קיינעם וואלט ניט איינגעפאלען, אז דיעזע שעהנע און גלענצענדע פרוי האלט אין דיא הענד דאס שיקזאל פון גאנצע לענדער, אז זיא פערקניפּט און פערפּלאָנטערט דיא פּאָליטיק פון גאנץ אייראפּא.

זיא איז געקומען א היים ערשט אום אכט אוהר. הערר לענואר האט שוין אויף איהר געווארט. דיא מארקיזא האט אנגעזאגט פארן ארויספאהרען איהר קא־מער־מעדכען, וואוהין זיא זאל איהם אריינפיהרען, ווען ער וועט קומען.

זיא איז ארויפגעשפרונגען אויף דיא טרעפּ לייכט, וויא א זומער פייגעלע און איז גלייך אריינגעגאנגען אין זאל. לענואר איז געזעסען רוהיג. ער איז שוין ניט געוועזען אזוי שטאָלץ און פרעך, וויא ער איז געוועזען היינט אין דער פריה.

— איך בין געקומען פּונקט צו דער צייט, וואס איהר האט מיר געהייסען, מארקיזא, האט ער געזאגט.

זיא האט זיך לייכט פערנייגט. איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב־טיש, האט

ארויסגענומען דעם בריעף, וועלכען זיא האט היינט אנגעשריעבען, און האט געזאגט מיט א בעפעהלענדער שטימע:

— קענט איהר נאך היינט פאהרען קיין ביאריץ?

— איך קען נאך היינט פאהרען.

— ווען מען אייך געבען אן עקסטרא צוג?

— ווען איך וועל בעצאהלען, וועט מען מיר געווים געבען.

זיא האט איהם געוויעזען זיין אדרעסע אויפ'ן בריעף.

— קענט איהר אפגעבען דעם בריעף אין דיא הענד, פאר וועלכע ער איז בעשטימט?

— מארגען פריה וועט דער בריעף זיין אין דיא הענד, פאר וועלכע ער איז בעשטימט.

— איך וואָרן אייך און זאג אייך, אז קוים וועט איהר זיך ערלויבען עפּעס צו טהאן מיט דיעזען בריעף, וועט עס אייך קאָסטען זייער טהייער. — געדענקט!

— וואס זאָל איך אנדערש טהאן מיט'ן בריעף אלס איהם אפגעבען אן דער ריכטיגער אדרעסע? — מיר האבען דאך עפּעס איין מאל אפגערעדט. און עהרן מאן דארף האלטען ווארט.

זיא האט איהם געגעבען דעם בריעף און האט איהם געזאגט:

— איהר וועט באלד אוועקפאהרען. גראף דע ריווערא פאהרט אויך קיין ביאריץ. איהר מוזט איבערגעבען דעם בריעף פריהער פאר איהם. עס וואלט בעסער געווען, איהר זאלט גאנץ פריה אייך מעלדען און בעטען, מען זאל אייך צולאזען. — קוים וועט איהר איבערגעבען דעם בריעף, זאלט איהר באלד פאָהרען צוריק. — איך האב פון אייערטוועגען נאך אן אויפטראג. אין דער שטראסע ריוואלי נומער 88 וואינט א שפּאניער מיט'ן נאמען דע מאדענא. איך וויל וויסען אלעס, וואס ער טהוט און וואוהין ער געהט. אויב עס איז מעגליך, בעט איינעם פון אייערע קאַמעראַדען, ער זאָל איהם נאכשפּירען. דאס איז אן אנדער אויפטראג, פאר וועלכען איהר וועט קריעגען בעצאהלט.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט מענער טריט אין קארידאר.

— אלזא שנעל און פּינקטליך! האט דיא מארקיזא געזאגט און האט איהם געוויעזען אויף דער טהיר פון איהר שלאָף־צימער.

הערר לענואר איז פערשוואונדען. דיא טהיר פון זאָל האט זיך געעפענט און וועגדענשטיין איז אריינגעקומען.

— נו, מיין געליעבטער! ווען האט מען אייך געהייסען פאָהרען?

— אין דריי טאָג ארום.

— פיעללייכט וועט מען אייך ערלויבען, איהר זאלט בלייבען לענגער אין פּאריז, האט זיא געזאגט און האט איהם ארומגענומען.

— איך וועל טהאָן אלעס מעגליכע אום צו בלייבען ביי דיר נאך עטליכע טעג, האט וועגדענשטיין געענטפערט. — אך, דוא, מיין ליעבע, מיין גליק! —

48סטעס קאפיטעל.

# פ ע ר ר א ט ה ע ן.

ביארריץ איז א גאנץ קליין שטעדטעל ביים מיטעללענדישען מעער אויף דער גרענעץ פון פראנקרייך און שפאניען. עס האט ניט קיין פארט, ווייל דאס מעער איז דארט ניט טיעף און דיא שיפען קענען ניט צוקומען צום שטעדטעל.

אין שטעדטעל האבען ביז ניט לאנג געוואוינט נור פישער און ארימע בויערן, וועלכע האבען בעארבייט זייערע פעלדער ארום. קיינער האט פון דיעזען שטעדטעל ניט געוויסט, קיינער האט פון איהר ניט געוואוסט. אבער וויא דער מענש, אזוי האט אויך א שטאדט איהרע גליקליכע שטונדען, איהר גליקליכען צופאל. מען ווייס ניט, פון וואנען, מען ווייס ניט, וויא אזוי עס איז געשעהן. גאר פלוצלונג האט דער בע-ריהמטער פראנצויזישער דאקטאר וועלפא אויסגעפונען, אז דאס מעער אין ביארריץ איז זעהר געזונד און ער האט אנגעהויבען צו שיקען אהין קראנקע, זיי זאלען זיך דארט באדען. ביארריץ האט בעקומען א נאמען. עס איז געווארען בעריהמט. עס איז געווא-רען איינע פון דיא בעסטע און בעריהמטעסטע מעער בעדער אין פראנקרייך.

ווען דאס גליק קומט, קומט עס פון אלע זייטען. דיא קייזערין אייזשעניע האט אויך אויסגעפונען, אז ביארריץ איז זעהר א גוט ארט צו פערברענגען דארט דעם הערבסט (אסען). זיא געפינט זיך דארט יעצט מיט איהר גאנצען הויף.

עס איז א שעהנער מארגען. דיא קייזערין איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז געגאנגען זיך באדען מיט א גאנצער געזעלשאפט פון פראנצויזישע און שפאנישע דאמען. אזוי וויא אין שפאניען איז אויסגעבראכען דיא רעוואלוציאן, האבען פיעלע פארנעהמע שפאנישע דאמען מורא געהאט צו בלייבען אין דער היים און האבען געזאגט, אז זיי פאהרען זיך באדען קיין ביארריץ. דיא קייזערין אייזשעניע איז אליין געוועזען א שפאניערין און האט אויפגענומען דיא שפאנישע דאמען זעהר פריינדליך.

עס איז געוועזען שעהן און ווארים. דיא געזעלשאפט איז געוועזען פרעהליך און לעבעדיג. דיא קייזערין אליין האט געשפאסט און געלאכט. נאכ'ן באדען האט דיא קייזערין געוואלט אביסעל שפאציערען ביים ברעג מעער. קיינער האט ניט געקענט בעמערקען, וויא אונרוהיג, וויא אונגעדולדיג זיא האט יעדעס מאל געריכטעט איהרע בליקען אויף דיא אייזענבאהן ליניע, וועלכע האט געפיהרט פון פראנקרייך קיין שפאניען. קיינער האט ניט בעמערקט, וויא דיעזע שטאלצע און שעהנע קייזערין גיט יעדעס מאל א ציטער, ווען זיא הערט א רעש אויף דער שפאנישער זייט.

דיא רעוואלוציאן איז דיא איינציגע בייטש, וועלכע דיא קעניגע האבען אויף זיך און פאר וועלכער זיי האבען מורא. זייט דיא גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן האט געוויעזען דער וועלט, אז דיא געקרענטע קעפ זיינען אויך נור מענשען, אז ניט יעדער קעניג האט א מלאך אין הימעל, וועלכער בעשיצט איהם, האבען דיא קעניגע אליין אנגעהויבען צו דענקען, אז זיי זיינען נור מענשען און דארפען מורא האבען פאר מענשען.

דיא קייזערין איז א פאר מאל דורכגעגאנגען דעם קאי, דעם ברעג פו'ם מעער

און האט געזאגט, אז זיא פיהלט זיך עפּעס מיעד און וויל אהיים געהן. זיא האט אבער געוואָלט פערשטעלען און פערדעקען, וואס עס האט זיא בעאונרוהיגט און האט נאך אלץ געלאכט און געשפּאסט.

קוים איז זיא אריינגעקומען אין איהר צימער, קוים האט דער קאמער־דיענער פערשלאָסען דיא טהיר הינטער איהר, האט זיך איהר געזיכט פערענדערט. דיא פרעהליכקייט איז פערשוואונדען און טיעפער ערנסט האט איבערגעצויגען, וויא א פינסטערער וואָלקען איהר שעהנעס געזיכט.

זיא האט אראָפּגעוואָרפען פון זיך דיא הוט און איהר זאָנענשירם, וועלכען זיא פלעגט בענוצען אלס שטעקען, און האט זיך אניעדער געזעצט אויף א שטוהל לעבען פענסטער.

— נאך קיינע גענויע נאכריכטען, האט זיא געזאגט טרויעריג. נאך ווייס איך גענוי ניט, וואס עס טהוט זיך דאָרט פון יענער זייט. — אך, דיעזע רעוואָלוציאָן! איך האב געמיינט, אז נור דיא פראנצויזען זיינען אן אונרוהיגעס פאָלק, נור פון דיא פראנצויזען קען מען ערווארטען א רעוואָלוציאָן. דיא פראנצויזען זיינען געבילדעט, זיי זיינען צופיעל אויפגעקלערט. איך זעה יעצט מיט שרעקען, אז אין דעם פרומען לאנד שפּאניען, וואו עס הערשען נאך דיא אלטע זיטען (מנהגים), וואו דיא מענשען ציטערן נאך פאר גאָט, וויא פאר'ן טייפעל, אויך דאָרט איז אויס־געבראָכען א רעוואָלוציאָן. אויך דאָרט וויל מען פון קיין הערשער ניט וויסען, אויך דאָרט וויל מען א רעפּובליק? — ווער וואָלט דאס געקענט גלויבען, אז אין דעם פרומען, גאָטס פירכטיגען שפּאניען זאל מען ניט וועלען זיך בייגען פאר'ן קעניג, פאר'ן געזאלבטען פון גאָט? — איך טאָר עס ניט דערלאזען! קוים ווערט אין שפּאניען א רעפּובליק, וועלען עס דיא פראנצויזען ניט אויסהאלטען — זיי וועלען אויך מאכען א רעוואָלוציאָן. —

זיא האט אנגעשפּארט איהר קאָפּ איןביידע הענד און האט זיך פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע געדאנקען. פּלוצלונג האט זיא דערהערט א גאנץ לייכטען קלאַפּ אין דער טהיר.

— הערייַן! האט זיא געזאגט.

דער האָף־מארשאל, גראף פרעבוא־קראנסע איז אריינגעקומען האט זיך טיעף פערנייגט. ער האט געווארט, אז דיא קייזערין זאל איהם פרעגען, וואס ער וויל. אזוי אין דיא האָף־עטיקעטע, דיא האָף־צערעמאָניע.

— וואס וועט איהר זאגען, ליעבער פרעבוא־קראנסע? האט דיא קייזערין גע־פרגט.

— א מאן מיטן נאמען לענואר האט מיר געגעבען דיעזען בריעף און האט מיך זעהר געבעטען, איך זאל איהם באלד איבערגעבען אייער קייזערליכען מאיעסטעט.

— פון וועמען איז דער בריעף? האט זיא געפרעגט.

— פון דער מארקיזא פּאלאנצאָני, האט דער גראף געענטפערט.

— דיא מארקיזא פּאלאנצאָני? האט דיא קייזערין געזאָגט פערטראכט. איך האב געהערט פון דיעזער מארקיזא. — מיר שיינט, אז דער גראף דע ריווערא האט

מיר אמאל דערצעהלט פון דיעזער איטאליענישען מארקיזא, וועלכע איז געקומען קיין פאריז זיך אפרוהען פון איהר שווערע מיה ארום איהר קראנקען מאן. — מען זאגט, אז זיא איז שעהן, עלעגאנט און האט געבילדעט ארום זיך א גאנצע געזעלשאפט פון פרעהליכע העררען. — וויא קומט עס, אז זיא זאל מיר שרייבען א בריעף? — זאל זיא זיך אויך בעשעפטינען מיט פאליטיק? — ניין, דאס קען ניט זיין! זיא וויזט גאר ניט אויס צו זיין פעהיג דערצו. דאס איז א יונגע פרוי, וועלכע איז געקומען קיין פאריז לעבען א גוטען טאג. —

זיא האט געטראכט א פאר מינוט. דער גראף איז דיא גאנצע צייט געשטאנען פאר איהר מיט'ן בריעף אין דער האנד. ענדליך האט זיא געפאסט א בעשלוס, זיא האט האסטיג צוגענומען דעם בריעף און האט איהם געעפענט.

— אזוי וויא אייער קייזערליכע מאיעסטעט האבען דערמאנט דעם נאמען גראף דע ריווערא, ערלויב איך מיר אייך צו מעלדען, אז דער גראף דע ריווערא איז היינט אין דער פריה אנגעקומען און האט געבעטען אום ערלויבניס צו רעדען מיט אייער קייזערליכע מאיעסטעט.

אהה, גראף דע ריווערא איז דא! זעהר גוט! ווען ער וועט קומען, פיהרט איהם באלד אריין צו מיר.

דער האף־מארשאל האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— פון גראף דע ריווערא וועל איך געוויס האבען אלע נייאיגקייטען איבער דיא רעוואלוציאן אין שפאניען, האט דיא קייזערין געזאגט, ווען זיא איז געבליעבען אליין. — ער איז דער קעמפפער פארן הייליגען גלויבען און פארן טראהן, ער ווייס געוויס אלעס, וואס טהוט זיך אין שפאניען. פון איהם וועל איך אלעס וויסען. — דאך בין איך נייגיעריג צו וויסען, וואס דיעזע שעהנע און עלעגאנטע מארקיזא שרייבט מיר. פון איהר האב איך קיין מאל קיין בריעף ניט ערווארטעט.

זיא האט ארויסגענומען דעם בריעף פון'ם קאָנווערט און האט איהם אנגעהויבען צו לעזען. אנפאנגס האט זיא געשמייכעלט. וואס ווייטער אבער זיא האט געלעזען, אלס ערנסטער איז זיא געוואָרען. זיא האט איהם געלעזען ביז צו ענדע מיט בעזאנדערער אויפמערקזאמקייט, האט איהם נאך אמאל געלעזען, האט איהם א דריטען מאל געלעזען און האט ענדליך אויסגערופען:

— דאס קען איך שוין ניט פערשטעהן. גראף דע ריווערא האט מיר אמאל דערצעהלט, אז דיא מארקיזא פאלאנצאני איז א פערברענטע קאטהאליקין. זיא איז בערייט צו אפפערן איהר פערמעגען פאר דער הייליגער קירכע און פארן קעניג. — יעצט שרייבט מיר דיא מארקיזא, אז גראף דע ריווערא האט א שטארקעס אינטערעסע אין דער רעוואלוציאן אין שפאניען. ער אונטערשטיצט זיא מיט געלד און האט געשיקט קיין שפאניען דרייסיג טויזענד ביקסען, וועלכע ער האט געקויפטביים פאבריקאנט בלאנשאר און האט זיי געהייסען פערפאקען אין קאסטענס און אנשרייבען אויף דיא קאסטענס, אז דאס זיינען גאז רעהרן פאר א גאז קאָמפאני אין מאדריד? — וואס הייסט דאס? דער גראף האט זיא אליין איינגעפיהרט אין דער נרעסטער געזעלשאפט פון פאריז. זיא וואלט איהם געדארפט דאנקבאר זיין. וויא

קומט עס, אלזא, וואס זיא זאל יעצט אויסזאגען, אז ער נעהמט אנטהייל אין דער שפאנישער רעוואָלוציאן? — דאס איז זאנדערבאר.

זיא האט געטראכט אייניגע מינוטען דאן האט זיא ווייטער געזאגט:

— דיא מארקיזא איז א פרומע. זיא איז אן איטאליענערין און איז זעהר ער־געבען דעם פאפסט. עס איז זעהר מעגליך, אז זיא ווארנט מיך אומיסטען, ווייל זיא ווייס, אז איך האלט אויך פארן פאפסט. — מעגליך, אז זיא טהוט עס אוים ליעבע און טרייע צו מיר. — דענאך מוז איך גאנץ פאָרזיכטיג זיין. איך מוז מיך גוט איבער־צייגען, אז זיא האט רעכט.

גוט, וואס דער גראף איז גערעדע דא היע און איך וועל איהם עמפפאנגען שפעטער, וויא איך האב ערהאלטען דעם בריעף. איך וועל האבען א געלעגענהייט איהם אויסצופארשען. — איך וועל זעהן, וואס פאר א מינע ער וועט מאכען, ווען איך וועל איהם זאגען אז דיא רעוואָלוציאן וועט אין שפאניען גאר ניט מאכען, אז איך וועל עס ניט דערלאזען.

דאך קען איך עס ניט פערשטעהן, וויא איז דאס מעגליך, אז גראף דע ריווערא, דער פייעריגער קאטהאליק, דער הייסער קעמפפער פארן פאפסט, זאל פלוצלונג ווערן א געגנער פון איהם און זאל אונטערשטיצען דיא רעוואָלוציאָן? — דער קאר־דינאל באנאפארטע האט מיר איהם רעקאָמאנדירט אלס א טרייען אנהענגער פון'ם פאפסט. ער אליין האט זיך מיר פאָרגעשטעלט אלס דיענער פון'ם הייליגען פאָטער זאל דאס אלעס זיין ליגען און בעטרוג? זאל דיעזער מענש זיין פאלש און זאל זוכען נור זיינע אייגענע אינטערעסען?

אך, וויא אונגליקליך זיינען דיא הערשער, וואס זיי זיינען נור מענ־שען! האט זיא אויסגערופען. אין דיעזע מינוט וואלט איך גערארפט זיין א גאָט און אלעס וויסען. עס איז אבער אומזיסט. מיר שטאלצירען נור, אז מיר בעהערשען דיא וועלט, אין דער וואהרהייט אבער בעהערשט אונז יעדער שווינדלער, יעדער בעטריגער.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א לייכטען קלאפ אין דער טהיר און באלד איז אריינגעקומען דער האף מארשאל, הינטער איהם איז געגאנגען דער גראף דע ריווערא

דער גראף איז צוגעגאנגען צו דער קייזערין און האט זיך פאר איהר טיעף פערנייגט. דיא קייזערין האט געענטפערט זיין גרוס מיט א לייכטען נייג מיט'ן קאפ. דער האף־מארשאל איז ארויסגעגאנגען.

— עס פרעהט מיך זעהר, הערר גראף, צו זעהן אייך דא אין ביארריץ. איך האב געהערט, אז איהר זייט א לאנגע צייט ניט געוועזען אין פאריז. איהר זייט געוויס געקומען אהער זיך אפרוהען פון אייער לאנגער און שווערער ארבייט.

זיא האט א ווינק געטהאן מיט דער האנד, ער זאל זיך זעצען אויף א שטוהל נעגען איהר, אום זיא זאל קענען בעטראכטען זיינע מינען, ווען ער וועט רעדען. דער גראף האט זיך אניעדערגעזעצט און האט געזאגט:

— איך בין אייגענטליך געקומען קיין פאריז נור אויף א גאנץ קורצע צייט. איך

האב אייניגע פערזענליכע געשעפטען צו ארדענען. איך האב אבער ניט געוואלט אוועקפאהרען פון פראנקרייך אהנע אייך צו זעהן, אייער קייזערליכע מאיעסטעט און איך בין העכסט גליקליך צו זעהן, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט איז אזוי מונטער און אזוי פרעהליך. דאס ווייזט מיר, אז וואס מען רעדט אין פאריז פון אונרוהען איז ניט וואהר.

— וואס רעדט מען עפעס אין פאריז? האט דיא קייזערין געפרעגט נייגיעריג. איך ווייס דא אין דארף פון גאר נישט.

— מען זאגט, אז דיא רעוואלוציאן, וואס איז אזוי פלוצלונג אויסגעבראכען אין שפאניען, ווערט מיט יעדען טאג ערנסטער און אז דיא קעניגין איזאבעללא קען זיך מעהר ניט איינהאלטען אויף איהר טראהן. — איך ווייס, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט אינטערעסירט זיך זעהר פאר דער קעניגין איזאבעללא. ווען איך זעה אייך רוהיג און מונטער, ווייס איך פאר געוויס, אז דיעזע אלע נאכריכטען זיינען ניט וואהר.

דער גראף איז געזעסען רוהיג און האט געקוקט דער קייזערין אין דיא אויגען. דיא קייזערין האט זיך געפיהלט זעהר אונאנגענעהם, גלייך וויא ער וואלט זיא דורכגעשטאכען מיט זיינע שארפע בליקען.

— אין פאריז האט מען ליעב צו מאכען א וועזען פון יעדע קליינינקייט, האט זיא געזאגט. אין שפאניען איז געוועזען ערגעץ א געשלעג און מען האט שוין דערפון געמאכט א רעוואלוציאן. דיא קעניגין איזאבעללא האט א שטארקע ארמעע און גוטע גענעראלען. זיא וועט שוין וויסען, וויא אזוי אויפצוהאלטען דיא רוהע אין איהר לאנד.

זיא האט גענומען פון'ם טיש א גרויסען פעכער און האט זיך אנגעהויבען צו פאכען, גלייך וויא עס וואלט איהר פלוצלונג היים געווארען. דערביי אבער האט זיא מיט איהם אזוי פערשטעלט איהר געזיכט, אז דער גראף זאל עס ניט קענען זעהן.

— זא ווייט האב איך געהערט, שטעהט דיא זאך אנדערש, האט דער גראף געזאגט ערנסט. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא קעניגין איזאבעלא וועט בעזיעגען דיא רעוואלוציאן. אבער אויך דאן וועט זיא מוזען אנווענדען אלע איהרע מיטעל אום דיא רוהע אין איהר לאנד איינצוהאלטען. דאס פאלק איז עטוואס אונרוהיג. מען מוז עס האלטען גוט אין דיא הענד. איך ווייס ניט, וויא אזוי עס וועלען דאן קענען אויסגעפיהרט ווערן געוויסע פלענער, וועלכע מען האט ניט לאנג געמאכט, וויא איך האב געהערט אין פאריז.

— וואס פאר א פלענער? האט דיא קייזערין געפרעגט. און האט זיך אנגעהויבען צו שפיעלען מיט'ן פאכער. איך ווייס פון גאר נישט. איך לעב דא אזוי שטיל און רוהיג, אז איך ווייס גאר ניט, וואס עס טהוט זיך אין דער פאליטיק.

— מען זאגט אז עס איז בעשלאסען געווארען, אז דיא פראנצויזישע ארמעע, וועלכע שטעהט יעצט אין רוים אום צו בעשיצען דעם הייליגען פאטער, זאל צוריקגעהן קיין פראנקרייך און אויף איהר ארט זאל קומען א שפאנישע ארמעע. — דיעזער פלאן איז געוויס קיין גוטער. דיא פראנצויזישע ארמעע בעשטעהט פון אלטע, פעהיגע סאלדאטען, וועלכע האבען שוין געדיענט אין צעהן שלאכטען און מען קען זיך אויף

זיי פערלאזען. דיא שפאנישע סאלדאטען אבער זיינען שוין לאנג אין קיין שלאכטען ניט געוועזען און זיינען מייסטענס יונגע לייט, וועלכע וואלטען אנטלאפען ביים ערשטען קאנאנען שוס. דער פלאן איז געוויס קיין גוטער. דיא פאליטיק אבער האט געפאָרדערט, מען זאל איהם אויספיהרען. וואס האט נאט געטהאן, ער האט געמאכט, אז אין שפאניען זאל אויסברעכען א רעוואָלוציאָן און דיא קעניגין איזאבעללא וועט יעצט מוזען האלטען איהר ארמעע אין שפאניען.

ווען גראף דע ריווערא זאל געוועזען קענען דורכקוקען דורך דעם פעכער, מיט וועלכען דיא קייזערין האט זיך פערשטעלט דאס געזיכט, וואלט ער געזעהן, וויא זיא איז געווארען רויט און אין איהרע אויגען האט זיך אנגעצונדען א פייער פון האס און צארן. דאס האט אבער געדויערט נור אן אויגענבליק. זיא האט זיך באלד בערוהיגט און האט געזאגט מיט א גלייכגילטיגען טאן.

— איך דאנק אייך, העררר גראף! איהר האט מיר יעצט דערצעהלט א נייעס, פון וועלכער איך האב ביז אהער ניט געוואוסט. איך זעה, אז איהר זייט בעסער בעקאנט מיט דער פאליטיק פון מיר.

— דער הייליגער גלויבען גיט מיר קראפט און מוטה מיך צו צוקוקען צו אלעמען, וואס עס קומט פאר אין דער וועלט, האט דער גראף געזאגט מיט א פרומער מינע. איך וויים, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט ווינשט אויך, אז אלע פעלקער פון אייראפא זאלען זיך אומקעהרען צום אלטען גלויבען און דיא הייליגע רעליגיאָן זאל ווידער הערשען, וויא א מאל, אין יענע גליקליכע צייטען, ווען דיא מענשען האבען ניט געוואוסט פון קיינע אידעען פון פרייהייט און פון דיא נייע וויסענשאפט. דאמאלס האט פראנקרייכ׳ס הערשער געהייסען דער ערשטער זוהן פון דער הייליגער קירכע און איז געוועזען דער ערשטער הערשער פון אייראפא.

— איך ווינשע עס געוויס, האט דיא קייזערין געענטפערט. לײדער, האבען זיך דיא צייטען געענדערט. מיט דיא צייטען האבען זיך דיא מענשען געענדערט. מיט דיא מענשען האט זיך אלעס געענדערט, זאגאר — דיא פאליטיק. א מאל פלעגט דער פאפסט אין רוים ווארפען מיט לענדער און מיט קעניגרייכע, וויא מיט שפענדליך. וועמען ער האט געוואלט, האט ער געמאכט פאר קעניג; וועמען ער האט ניט געוואלט, האט ער אראפגעווארפען פון׳ם טהראן. היינט געהט עס ניט מעהר. היינט מוזען מיר פאלגען, וואס דיא פאליטיק הייסט אונז טהאן.

דער גראף האט געענטפערט און ערקלערט, אז עס איז נאך היינט אויך מעגליך, אז דער פאפסט און דער קאטהאלישער גלויבען זאל הערשען אויף דער וועלט, ווען א פאר הערשער, וויא פראנקרייך און רוסלאנד זאלען עס נור וועלען ערנסט. דיא קייזערין האט איהם אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאם און האט איהם ענדליך געזאגט:

— עס פרעהט מיך זעהר, העררר גראף, וואס איהר זייט געקומען מיך בעזוכען און האט מיר ארויסגעזאגט אייערע מיינונגען און אייערע פלענער. איהר האט מיר היינט ערקלערט זעהר פיעל און איך בין אייך דערפאר זעהר דאנקבאר. איך בין

שטענדיג בערייט צו לערנען פון אייך, ווייל איך זעה, וויא ריכטיג און וואהר אייערע מיינונגען זיינען.

דער גראף האט זיך פערנייגט פאר דיעזען קאמפלימענט.

— פאהרט איהר צוריק קיין פאריז, הערר גראף? האט פלוצלונג דיא קייזערין געפרעגט.

— יא, קייזערליכע מאיעסטעט.

עס וועט מיר שטענדיג זיין אנגענעהם אייך וויעדער צו זעהן, האט זיא געזאגט קאלט און מיט אזא טאָן, אז דער גראף האט פערשטאנען, אז ער דארף געהן. דיא אוידיענץ האט זיך געענדיגט.

ער האט געווארפען אויף איהר אן אונרוהיגען און פארשענדען בליק. דאן האט ער זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

קוים האט זיך דיא טהיר פערשלאסען הינטער איהם, האט דיא קייזערין געזאגט:

— דיא מארקיזא פאלאנצאני האט רעכט. דיעזער גראף איז א בעטריגער. איך פערשטעה יעצט זיינע פלענע און פאר וואס ער אונטערשטיצט דיא רעוואָלוציאָן אין שפאניען. ער האט מורא, אז פראנקרייך זאל ניט צוריקציעהן איהר ארמעע פון רוים. — אך! דיעזע פרומע, דיעזע הייליגע! זיי שפיעלען זיך מיט מענשענלעבען, וויא קינדער מיט א באלל. — וואס הארט עס דעם פאפסט מיט זיינע הייליגע, וואס אין שפאניען וועט פליעסען בלוט, וואס דאס גליק פון טויזענדער מענשען וועט צערשטערט ווערן. זיי ווילען זיין געשיצט מיט א שטארקער פראנצייזישער ארמעע.

זיא איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל, איז זיך דורכגעגאנגען א פאר מאל אין צימער.

— אך! וויא מען קען זיך אפנארן אין א מענשען! איך בין געווען אזוי פערגלויבט אין דיעזען גראף דע ריווערא, אז איך וואלט איהם פערטרויט מיין קייזער קראנע. יעצט זעה איך, וואס פאר א ווערטה עס האט ביי איהם זיין פרומקייט און זיין הייליגקייט. פאר דעם קלענסטען אינטערעס פון'ם פאפסט וועט ער מיך פערקויפען מיט מיין קייזער קרוין.

זיא איז געווען שרעקליך אויפגערעגט, האט באלד אנגעקלונגען. דער האף מארשאל איז אריינגעקומען.

— איז דער קייזער אין זיין קאבינעט? האט זיא געפרעגט פינסטער.

— זיינע קייזערליכע מאיעסטעט ארבייט מיט זיין פריוואט סעקרעטער, האט דער האף מארשאל געענטפערט.

זיא האט ניט בעאבאכטעט דיא האף צערעמאניע, אז דער האף מארשאל זאל איהר עפענען דיא טהיר און זאל געהן פאראויס זיא מעלדען. זיא האט אליין געעפענט דיא טהיר און איז געגאנגען גלייך צום קאבינעט, וואו קייזער נאפאלעאן האט געארבייט. דער האף מארשאל איז געווען ערשטוינט, וואס זיא איז אזוי אויפגערעגט און איז איהר נאכגעגאנגען. זיא האט אליין געעפענט דיא טהיר פון'ם קייזערס קאבינעט, איז האסטיג אריינגעגאנגען און האט געפרעגט:

— זיינען דא עפעס זיכערע נאכריכט פון שפאניען?

— איך האב נור וואס ערהאלטען דיא לעצטע נאכריכטען. האט דער קייזער געענטפערט.

— וואס ברענגען זיי?

— זיי זיינען זעהר טרויעריג, האט דער קייזער געזאגט. דיא קעניגין איזאבעללא מוז אנטלויפען קיין פראנקרייך. דיא רעוואלוציאן פערברייטעט זיך מיט יעדען טאג אלץ ווייטער און ווייטער. זיא קען ניט בלייבען אין שפאניען. זיא וועט באלד דא זיי מיט דער גאנצער קעניגליכער פאמיליע. — איך האב שוין געהייסען אנגרייטען פאר זיי דעם שלאס פא ניט ווייט פון דאנען.

דיא קייזערין איז אניעדערגעפאלען אויף א שטוהל, וויא פון בליץ געטראפען.

— מיין גאט! וואס פאר אן אונגליק! אזוי ווייט איז עס געקומען, אז דיא ארימע איזאבעללא האט געמוזט אנטלויפען!

זיא האט ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף איהר געזיכט, מען זאל ניט זעהן, וויא זיא וויינט. אין צימער איז געווען שטיל. דעם קייזערס פריוואט סעקרעטער און דער האף מארשאל זיינען ארויסגעגאנגען, ווען דיא קייזערין איז אריינגעקומען. נאפא-לעאן איז געזעסען פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען. — איינינע מינוטען האט געהערשט א טיעפע שטילקייט. ענדליך איז דיא קייזערין געקומען צו זיך.

— איז דען ניט מעגליך צו שיקען אן ארמעע קיין שפאניען צו פערניכטען דיא רעוואלוציאן? האט זיא געפרעגט. איז דען ניט מעגליך איינצוהאלטען דיעזע רעוואלוציאן?

— עס איז אלעס פערלארען, האט נאפאלעאן געענטפערט טרויעריג. דער גייסט דער פרייהייט ברעכט זיך אויס אלע מאל נייע וועגען. איין לאנד נאכ'ן אנדערן ווערט אנגעשטעקט פון איהם. מען קען איהם ניט איינהאלטען. ער בעזיעגט ארמעען און צוברעכט טראהנען.

— זאלען מיר עס גלייכגילטיג צוזעהן און שווייגען

— ליידער, זעה איך קיין אנדער וועג ניט, האט נאפאלעאן געזאגט ערנסט. מיר קענען יעצט גאר ניט העלפען. עס איז צו שפעט. זא לאנג דיא קעניגין איז נאך געווען אין שפאניען, האב איך נאך געהאט א רעכט מיך אריינצומישען און זיא צו שטיצען. קוים איז זיא אבער ארויסגעפאהרען פון שפאניען און דאס פאלק האט ערקלערט שפאניען פאר א רעפובליק, קען איך מיך מעהר ניט אריינמישען.

דיא קייזערין האט געשוויעגען איינינע אויגענבליקע. פלוצלונג האט זיא זיך געווענדעט צום קייזער:

— מיר מוזען פאהרען צום באנהאף עמפפאנגען דיא קעניגין.

— איך האב נור וואס דערפון געטראכט, האט דער קייזער געענטפערט. עס איז געווען א שווערע אויפגאבע. ווען מיר וועלען זיא עמפפאנגען אלס קעניגין, אלס הערשערין, הייסט עס, אז מיר אנערקענען ניט דיא איצטיגע שפאנישע רעגיערונג. מיר זיינען דאהער פערפפליכטעט צו טהאן עפעס פון איהרעט וועגען. דאס איז יעצט פאר מיר אונמעגליך. עס וואלט מיר ליעבער געווען ניט צופאהרען צום באנהאף. — ליידער, האט דאס אונגליק זיינע רעכטע, זיינע פאדערונגען. מען מוז ערפילען א

פפליכט פון העפליכקייט נעגען אן אונגליקליכע קעניגס פאמיליע, וועלכע איז פער־טריעבען און פעריאגט פון איהר טראהן.

ער האט געשוויעגען א פאר מינוט און האט זיך איבערגעלעגט וואס צו טהאן.

— מיר וועלען פאהרען, האט ער ענדליך געזאגט ענטשלאסען. איך בעט דיך אבער, — קיין ווארט פון פאליטיק! מיר מוזען איבער לעגען יעדעס ווארט, וואס מיר וועלען זאגען. אונזער צוזאמענקונפט דארף זיין א צוזאמענקנופט פון אלטע בעקאנ־טע — ניט מעהר. דאן מעג דער קראנפרינץ אויך מיט אונז פאהרען.

— אך, וואס פאר אן אונגליק! האט דיא קייזערין געזיפצעט. — שווערע צייטען! טרויעריגע צייטען! קוים ווערט דאס לאנד עפּעס אונרוהיג, מוזען דיא הערשער אוועקווארפען זייערע טראהנען און אנטלויפען!

— מיר מוזען באלד פאהרען, אייזשעניע, האט דער קייזער געזאגט לאנגזאם. געה, מאך דיין טואלעט. דוא קענסט דאך ניט עמפפאנגען דיא קעניגין איזאבעללא אין באדע קליידער. דאס וועט זיא בעליידיגען.

דיא קייזערין איז ארויסגעגאנגען זיך איבערטהאן.

— און זיי האבען געוואוסט דערפון, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, און האבען נאך אונטערשטיצט דיא רעוואליציאן. דאס האבען געטהאן מענשען, וועלכע שטעלען זיך פאר אלעס פערטהיידיגער פון דער רעליגיאן און פון דיא רעכטע פון הערשער! — ער איז א געפעהרליכער מענש, דיעזער גראף דע ריווערא. איך דארף איהם אין פראנ־קרייך ניט האבען.

דער קאמערדיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז דיא קייזערליכע עקיפּאזשע שטעהט שוין אין דרויסען. דער קייזער איז געגאנגען אין אן אײנפאכען שווארצען פראק מיט אצילינדער הוט. דיא קייזערין איז אויך געווען אנגעטהאן זעהר איינפאך. נאפּאלעאן האט ניט געוואלט, אז איזאבעללא זאל קומען קיין ביאריץ, וואו עס זיינען דאמאלס געווען דיא געזאנדטע פון אלע לענדער און פיעלע געסט. ער האט געהייסען, אז דער צוג מיט דער שפּאנישער קעניגליכער פאמיליע זאל בלייבען שטעהן אויף א גאנץ קליינע סטאנציאן ניט ווייט פון ביאריץ. אהין איז ער יעצט געפאהרען.

טרויעריג און פערטיפט אין זייערע געדאנקען זיינען געזעסען דער קייזער און דיא קייזערין דעם גאנצען וועג. זיי האבען איינער צום אנדערן ניט גערעדט א ווארט. — האט זיי דאס הערץ געזאגט, אז באלד וועלען זיי אויך אזוי אנטלויפען פון פראנק־רייך, וויא דיא קעניגין איזאבעללא פון שפאניען? אדער זיינען זיי געווען געריהרט פון'ם אונגליק פון א בעקאנטער, פריינדליכער קעניגליכער פאמיליע? — ווער קען עס וויסען.

אויפ'ן פעררא'ן פון'ם קליינעם באנהאף פון דער סטאנציא'ן לא נעגרעס הא־בען שוין געווארט פיעלע מענשען. וויא מען האט געוואלס בעהאטען און ניט אויס־זאגען, אז דיא קעניגליכע פאמיליע פון שפאניען וועט באלד אנקומען, זיינען דאך פיעלע מעשען דערפון געוואהר געווארען און זיינען געקומען זיא זעהן. ווען דער קייזער

מים דער קייזערין זיינען אנגעקומען, האט מען זיי בעגריסט מים דיא געוועהנליכע געשרייען:

— עס לעבע דער קייזער! עס לעבע דיא קייזערין!

נאפאלעאן און אייזשעניע האבען געענטפערט דיא בעגריסונגען קאלט און ערנסט. ער איז ארומגעגאנגען מיט דער קייזערין אונטערן ארים איבערן פערראָן הין און צוריק, ביז עס האט זיך געוויעזען דער צוג פון שפאניען.

דער צוג איז געבליעבען שטעהן. דיא קאנדוקטארען האבען געעפענט דיא וואַגאנעס. דיא קעניגין איזאבעללא איז געווען אנגעטהאן אין שווארצען און איהר געזיכט איז געווען פערהאנגען מיט א געדיכטען שווארצען שלייער. זיא איז ארויסגעגאנגען פון וואגאן, איז גלייך צוגעגאנגען צו דער קייזערין, איז איהר געפאלען אויפ'ן האלדז און האט אנגעהויבען צו וויינען.

נאך דער קעניגין איז ארויסגעגאנגען איהר מאן, דער קעניג פראנציסק. ער איז געווען גאנץ רוהיג און אויף זיין געזיכט האט מען געקענט לעזען, אז ער איז גאר צו פריעדען, וואס ער איז ענדליך לויז געווארען פון דער שווערער לאסט צו הייסען קעניג אין א לאנד, וואו ער האט קיין מאל ניט געהעררשט. ער האט זיך גלייכגילטיג אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געשמייכעלט.

נאך איהם זיינען ארויסגעגאנגען פון וואגאן דער קראנפרינץ, א יונגע פון צוועלף יאהר, וועלכער האט נאך אויך ניט פערשטאנען, וואס עס קומט פאָר ארום איהם, און דרייא מעדכען, פרינצעסינען, פון צעהן ביז פיער יאהר. זיי האבען געלאכט און געפלוידערט צווישען זיך, וויא קינדער. זיי האבען נייגעריג בעטראכט אלס ארום זיך. זיי זיינען געווען גליקליך, וואס זיי האבען נאך גאר ניט פערשטאנען.

דיא קעניגין האט געוויינט אזוי שטארק, אז זיא האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. זיא אליין האט פערשטאנען און געפיהלט, אז זיא האט יעצט פערלארען אלעס. דיא קייזערין אייזשעניע האט אויך געוויינט. זיא האט זיך אבער בעמיהט צו בעהאלטען איהר געזיכט אונטער דעם ברייטען ראנד פון איהר הוט. — ענדליך האט זיך דיא קעניגין איזאבעללא געפאסט און האט געגעבען דעם קייזער נאפאלעאן דיא האנד. נאפאלעאן האט זיא צוגעלעגט צו דיא ליפען.

— עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך מוז בעגריסען אייערע מאיעסטעט אין פראנקרייך ביי אזא געלעגענהייט, האט ער געזאגט ערנסט. — איך האב מורא, אז דיא רעוואָלוציאן האט דערוויייל פאַלשטענדיג געזיעגט. איך בעט אייך דאהער אנצונעהמען מיין גאסטפריינדשאפט און פאהרען קיין פאָ, וואו איך האב געהייסען פערטיג מאכען פאר אייערע מאיעסטעט א פאלאץ.

דיא קעניגין איזאבעללא האט ווידער אנגעהויבען צו וויינען.

עס איז א זאנדערבארע זאך, ווען עס קומען זיך צונויף צווייא גוטע פריינד, פון וועלכע איינעם האט געטראָפען אן אונגליק. דער אונגליקליכער זוכט צו דערוועקען און ארויסצורופען מיטלייד און מיט געפיהל אין הערצען פון זיין פריינד. פאר איהם ווייגט ער זיך אויס, פאר איהם גיסט ער זיך אויס זיין הערץ. — איהם דערצעהלט

ער אלעס, וואס ער האט ביז אהער פערשלונגען און פערגראבען אין דיא טיעפסטע קעמערליך פון זיין געפלאנטער זעעלע.

דער ניט אונגליקליכע פריינד זוכט איהם צו טרייסטען, איהם ארויס צו וויזען זיין מיטלייד, זיין סימפאטהיע, זיין מיטגעפיהל. שטילער־הייט אבער, ביי זיך אין הערצען, איז ער צופריעדען, וואס יענעם האט געטראפען אן אונגליק. עס פרעהט איהם זאגאר, ער לאכט פון דין אונגליקליכען פריינד. ער קען ניט לאכען איהם פריי אינס געזיכט — ער מאכט איהם פארווירפע. — פאר וואס האסט דוא אזוי געטהאן? פאר וואס האסט דוא ניט געפאלגט מיין ראטה? פאר וואס ביסט דוא געוועזן אזוי אונפארזיכטיג? — פאר וואס? פאר ווען?

דאס איז יעצט פארגעקומען ביי דעם צוזאמענקונפט פון דיעזע מאָנארכען. נאפאלעאָן איז געווען אויף דער העכסטער שטופע פון זיין גליק. ער האט אנגעהייבען צו מאכען פארווירפע דער קעניגין איזאבעללא. פאר וואס זיא האט איהם ניט געפאלגט; פאר וואס זיא האט ניט פערזאמעלט איהר גאנצע ארמעע און איז ניט געגאנגען מיט איהר קיין מאדריד, דיא הויפטשטאדט פון שפאניען, און האט ניט פערניכטעט דיא רעוואָלוציאן. פאר וואס זיא האט ניט געזעהן צו ציהען צו זיך דיא בעליעבטע גענעראלען, וויא גענעראל פרים און סערראנא.

דיא קעניגין האט געענטפערט דיא איינציגע אנטווארט, וואס א פרוי קען געבען אין אזא פאל — זיא האט געוויינט.

— וואס וועט יעצט פון מיר ווערן? האט זיא ענדליך ארויסגעזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען.

— אין אזא שווערע צייט, וויא דיא איצטיגע, האט נאפאלעאָן געענטפערט ערנסט, און זא פיעל מיר איז בעקאנט, וואס עס טהוט זיך יעצט אין שפאניען, זעה איך קיין אנדער אויסוועג ניט, אלס איהר זאלט זיך אפזאגען פון'ם שפאנישען טראהן מיט דער בעדינגונג, אז דער קראנפרינץ זאל ווערן קעניג און אזוי וויא ער איז נאך זעהר יונג, זאלט איהר איהם איבערגעבען אין דיא הענד פון דיא מענשען, וועלכע שטעהן אן דער שפיצע פון דער רעוואלוציאן. — איהר מוזט עס טהאָן זאָ שנעל, וויא נור מעגליך. איהר מוזט באלד שיקען א נוטען דיפלאָמאט קיין שפאניען, ער זאָל אנהויבען צו פערהאנדלען מיט גענעראל פרים און דיא אנדערע מענער, וועלכע שטעהן אן דער שפיצע פון דער רעוואלוציאָן. יעצט איז נאך דא צייט. דאס פאלק פערשטעהט נאך ניט, וואס עס הייסט א רעפובליק. שפעטער וועט עס זיין אונמעגליך.

— איך זאל אונטערהאנדלען מיט דיא רעוואלוציאנערן, מיט דיא פעררעטהער, מיט דיא אנארכיסטען? ניין, ניין! איך קען זיי ניט טרויען! — איך קען זיי ניט פערטרויען מיין קינד, דעם קראנפרינץ. איך גלויב זיי ניט. איך קען זיי ניט גלויבען. איך קען זיי ניט פערטרויען.

זיא האט ווידער אנגעהויבען צו וויינען. דיא קייזערין אייזשעניע האט ניט געקענט זעהן דיעזע סצענע.

— דא, אויף דער גאס, אויפ'ן פעררא פון'ם אייזענבאהן, קענען מיר קיינע בעשליסע ניט פאסען. — פאהרט אין שלאס פאָ און בערוהיגט אייך א ביסעל, דאן

וועלען מיר זעהן, וואס מיר קענען עפּעס טהאן. — ווען אייער מאַיעסטעט וועט זיך בערוהיגען, וועט איהר זיין אים שטאנד זיך צו איבערלעגען און צו פאסען א בעשלוס. עפּעס מוז געטהאן ווערן. עס איז ניט אזוי לייכט זיך אפּצוזאגען פון א קרוין. מען מוז זיך פעסט האלטען ביז צו דער לעצטער מעגליכקייט.

— יא, אייער קייזערליכע מאַיעסטעט האט רעכט, האט דיא אונגליקליכע קע־ניגין געחליפּעט. — איך מוז מיך איבערלעגען, איך מוז עפּעס טהאן אום צו רעטען דיא קרוין פון שפּאניען פאר מיין הויז, פאר מיין זוהן. —

אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען דער שפּאנישער גראף דעספּאַלעטאַ און האט געזאגט טרויעריג.

— דער צוג שטעהט און ווארט. עס איז שוין פאראיבער מעהר אלס א פיער־טעל שטונדע איבער דער צייט, וואס דער צוג דארף דא שטעהן. דער סטאַנציאָנס שעף מעלדעט, אז עס דארף אנקומען אנאנדער צוג, וועלכען ער קען ניט לענגער אויפהאלטען.

קייזער נאפּאָלעאָן האט געגעבען דער קעניגין איזאבעללא זיין האנד און האט זיא צוגעפיהרט צום וואגאָן. דער קעניג פון שפּאניען איז געגאנגען מיט דער קייזערין. שטיל און טרויעריג האט מען גענומען אבשיעד איינער פון אנדערן. דיא קעניגין אי־זאבעלא האט נאך געוואונקען פון'ם וואגאן מיט איהר נאסען, פערוויינטען טאשענטוך. דער לאקאמאטיוו האט א פייף געטהאן, האט געריהרט און איז באלד פערשוואונדען אין גרינעם וואלד. ער האט אוועקגעפיהרט א קעניגליכע פאמיליע, וועלכע האט אויף אייביג פערלארען איהר קרוין.

דער קייזער און דיא קייזערין זיינען געבליעבען שטעהן אויפ'ן פעררא̇ן און הא־בען נאכגעקוקט דעם צוג, ביז ער איז פערשוואונדען. דאן האט ער גענומען דיא קיי־זערין ביי דער האנד און האט זיא צוגעפיהרט צו דער קארעטע. שטילערהייט האט מען זיך אריינגעזעצט, שטילערהייט איז דיא קארעטע געפאהרען צוריק קיין ביאריץ.

— מען קען גאר ניט מאכען, האט דער קייזער געזאגט טרויעריג. — דיא וועלט געשיכטע דרעהט איהרע גרויסע שטארקע רעדער. זיי צוקוועטשען און צערדריקען דיא הערשער און זייערע קרוינען, וויא א שרעקליכער שטורמווינד רייסט ארויס אלטע הונדערט יעהריגע אייכען (דוב) מיט דיא ווארצלען. מיר קענען זיך ניט ענטגעגענשטע־לען, מיר קענען זיי ניט איינהאלטען, מיר קענען זיי ניט אויפהאלטען. — אלעס ווערט צובראכען און צוקוועטשט אונטער דיעזע שווערע רעדער; ווער עס לעגט צו א פינגער צו זיי, דעם רייסען זיי אפּ דיא האנד.

ווען דאס פרומע, גאָטספירכטיגע שפּאניען איז שוין געווארען א רעפּובליק, וואס קען פון אנדערע פעלקער ווערן? דער מענשליכער גייסט שטרעבט נאך פריי־הייט. קיינער וויל ניט טראגען אויף זיך קיין יאָך. נור דיא רעליגיאָן, דיא האפנונג אויף א בעסערן, גליקליכערן לעבען נאכ'ן טויט, האבען נאך געקענט ווירקען אויפ'ן מענשען און איהם צווינגען איינצובייגען דעם קאפּ. אבער אויך דאס שווינדעט. דיא רעליגיאן ווערט אלע מאל בלאסער און בלאסער. דער גלויבען ווערט אלע מאל קיהלער און קאלטער — קיינע רעטונג פאר דיא קרוינען און הערשער! עס קומט א נייער

דור מיט אנדערע אידעען, מיט אנדערע געזינונגען. דאס אלטע מוז ווייכען, דאס נייע גרייפט אן אלעס מיט מוטה, מיט מאכט, מיט פייער....

דיא קייזערין האט דיא גאנצע צייט געשוויעגען. זיא האט ניט געהערט, וואס דער קייזער האט געזאגט. איהרע געדאנקען זיינען געווען פערטיעפט ערגעץ אנדערש.

— שטעל דיר פאר, ווער עס האט טהייל גענומען אין דער שפאנישער רעוואָ-לוציאָן, האט זיא פלוצלונג געזאגט צום קייזער.

דער קייזער האט געווארפען אויף איהר א נייגיעריגען בליק.

— גראף דע ריווערא האט געשיקט קיין שפאניען ביקסען.

— גראף דע ריווערא? האט דער קייזער אויסגערופען ערשטוינט. דאס קען ניט זיין! דער גראף קעמפפט פארן פאפסט און פאר דיא מאכט פון דיא קעניגע און פירסטען.

— איך האב אויך געהאט דעמזעלבען טעות, האט דיא קייזערין געזאגט. איך האב אויך גערעכענט, אז דער גראף איז דער פערטרעטער פון רעכט און מאכט. — ערשט היינט אין דער פריה בין איך געוואהר געווארען, אז ער איז נור דער פערטרע-טער פון'ם פאפסט. ער וועט אונז פערקויפען און פערראטהען נור אום דעם פאפסט צו דיענען. דיא פריידענקער ווארנענען אונז פאר דיא יעזואיטען. איך האב זיי קיין מאל ניט געגלויבט. איך האב גערעכענט, אז זיי טהוען עס, ווייל זיי האסען די רעלי-גיאָן. יעצט האב איך מיך איבערצייגט, אז עס איז ריכטיג, זיי האבען נור זיך אין זינען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא דערלאנגט דעם קייזער דער מארקיזא פאלאנ-צאָנ'ס בריעף. דער קייזער איז איהם דורכגעפלויגען מיט דיא אויגען. זיין געזיכט איז געווארען פינסטער.

— דאס מוז אן ענדע נעהמען! האט ער געזאגט שארף. — דער גראף זאל זיך מעהר ניט געפינען אין פראנקרייך!

דיא קארעטע איז אונטערדעסען צוגעקומען צום קייזערליכען פאלאץ אין ביאריץ.

## 44טעס קאפיטעל.

## אן אלטער פריינד.

טרויעריג האט עס אויסגעזעהן אין דעם הויז פון'ם אלטען פאסטאָר אין דאָרף עמענטהאל. דער זומער איז פאראיבער, דער קאלטער הויך פון'ם ווינטער האט ארויפגעלעגט זיין שטעמפעל אויף דיא בלומען און דיא בלעטער. דיא טעג זיינען גע-ווארען קלענער, דיא נעבעל לענגער, קעלטער און טרויעריגער. יעדער האט געזוכט דעם שוץ פון זיין הויז, וואו אלע איינוואינער האבען זיך פערזאמעלט ארום א פריינדליכעס פייער. דער מענש האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז ער איז א מענש און קען ניט לע-בען, וויא דיא טהיערע אין וואלד.

דער אלטער בערגנער איז אין דער לעצטער צייט שטענדיג געזעסען ביי זיך אין דער היים. ער פלעגט מעהר ניט געהן בעזוכען זיינע אלטע פריינד אין דאָרף און האט אלעס איבערגעלאזען און איבערגעגעבען זיין יונגען נעפען און נאכפאלגער, העררן בעהרמאן. זיין טאכטער, זיין איינציגעס קינד, זיין העלענא איז קראנק געווען.

נאך דעם בלוטשטורץ, וועלכען מיר האבען בעשריעבען אין איינעם פון דיא פאריגע קאפיטלעך, האט זיך העלענא געפיהלט זעהר שוואך. מען האט באלד געבראכט א דאקטאר, וועלכער האט גוט בעטראכט דיא קראנקע און האט געשאָקעלט מיט'ן קאפּ. ער האט געגעבען אלערליי מיטעל, וועלכע האבען אײנגעהאלטען דאס בלוט, דערביי אבער האט ער געהייסען, אז זיא זאל אין ערגעץ ניט געהן, זאל קיין ארבייט ניט טהאן און זאל זיך היטען פון יעדע אויפרעגונג. העלענא האט געמוזט זיצען אין דער היים. זיא איז גאר ניט געווען אים שטאנד צו געהן ערגעץ.

שטונדען לאנג פלעגט זיא זיצען ביים פעסטער, פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע געדאנקען. דיא קראנקהייט האט געמאכט שנעלע פארשריטע. זיא האט אנגעשריעבען אויף איהר בלייכעס געזיכט מיט בלאסע אבער דייטליכע בוכשטאבען: „איך לאז דיך שוין ניט אפּ. דוא געהערסט מיר“. — זיא איז געווארען נאך דינער, נאך מאגערער, איהרע באקען זיינען געווארען געל, פערוועלקט, נור פון צייט צו צייט האט געשפּיעלט א רויטע ראזע אויף דער לינקער באק — דיא ראזע פון דער שווינדזוכט, דער טוידט אין געשטאלט פון א רויטע ראזע.

דיא שווינדזוכט אליין איז א קראנקהייט, וועלכע ווירקט זעהר שלעכט אויפ'ן מענשען. זיא מאכט איהם בייז, אויפגערעגט און אונצופריעדען מיט זיך און מיט דער גאנצער וועלט. העלענא האט אבער געהאט נאך גענוג אורזאכען צו זיין טרויעריג. שווערע, שווארצע, וויא גאל ביטערע געדאנקען האבען זיא געפלאגט און האבען איהר ניט געלאזען רוהען. נור, ווען איהר פאטער פלעגט קומען צו איהר, פלעגט זיא זיך צווינגען א שמייכעל צו טהאן.

אין דער פאמיליע ווענדענשטיינ'ס איז מען באלד געוואהר געווארען, אז העלענא איז געפעהרליך. דיא אלטע ווענדענשטיין מיט איהרע טעכטער זיינען געקומען צופאהרען קיין עמענטהאל. זיי האבען געבראכט מיט זיך דעם גרעסטען דאקטאר פון האנאווער. ער האט בעטראכט דיא קראנקע און האט ערקלערט עהרליך און אפענהערציג, אז זיא איז געפעהרליך און אז דאס איינציגע מיטעל צו ערלייכטערן איהרע ליידען — רעטען קען ער זיא שוין ניט — איז, זיא זאל פאהרען קיין איטאליען.

מאדאם ווענדענשטיין האט ניט פערגעסען, וואס העלענא האט געטהאן פאר איהר זוהן, ווען ער איז געלעגען געפעהרליך קראנק אין גאָטהא, און האט געזאגט, אז זיא וועט פאהרען מיט איהר קיין איטאליען און וועט דארט מיט איהר פערברייננגען דעם ווינטער. העלענא אבער האט ערקלערט, אז זיא וויל אין ערגעץ ניט פאָהרען.

— ווען עס איז מיר בעשערט צו שטארבען, וויל איך בעסער שטארבען דאָ, אין מיין ליעבען עמענטהאל, וואו איך בין געבארען געווארען און וואו איך האב דורכגעלעבט אזוי פיעל פרייד און לייד; וואו יעדער בוים, יעדע בלומע, יעדעס הויז גריסט מיך און ווינקט צו מיר.

וואס איהר פאטער האט זיא געבעטען, זיא זאל פאהרען קיין איטאליען, וואס דער דאקטאר האט איהר ערקלערט, אז איהר איינציגע רפואה איז דער גוטער,ווארעמער קלימאט פון איטאליען — עס האט גאר ניט געהאלפען. העלענא פלעגט ווערן

טרויעריג, ווען מען פלענט אנהויבען צו רעדען מיט איהר פון איטאליען און פלענט אנהויבען צו וויינען. מען האט זיא געמוזט לאזען צו רוה.

זיא האט ווייטער געבעטען, אז מען זאל ניט שרייבען איהר ברייטיגאם, אז זיא איז קראנק. ער דארף דערפון ניט וויסען. נור אין אייסערסטען פאל, ווען אלעס ועט שוין זיין אויס, זאל מען עס איהם מעלדען. מאדאם וועגדענשטיין האט ענדליך געמוזט צוריק פאהרען קיין האנאווער. זיא האט ניט געהאט וואס צו טהאן אין עמענטהאל.

דער יונגער גייסטליכער איז געוועזן שטענדיג בעשעפטיגט. ער פלעגט צוואר א מאל אבענדס קומען צום טהעע און פלעגט טרייסטען העלענען. ער פלעגט ערקלערן, אז נור גאט אליין איז א דאקטאר. ער קען צושיקען דיא רפואה. ער האט אויך גע= פונען, אז זיא דארף ניט פאהרען קיין איטאליען. ווען גאט וועט וועלען, וועט זיא געהיילט ווערן אין עמענטהאל. ביי איהם איז דאך אלעס מעגליך. דאן פלעגט ער רעדען מיט זיין אנקעל איבער דיא אנגעלעגענהייטען פון דער געמיינדע.

נור איין מאל, ווען העלענא איז געזעסען אליין אין שטוב לעבען פענסטער, איז ער צו איהר צוגעקומען און האט זיא געבעטען, זיא זאל איהם פערצייהען, וואס ער האט איהר דאמאלס פעראורזאכט אזוי פיעל ליידען. ער האט ניט געמיינט קיין שלעכ= טעס, ער האט איהר נור געוואלט עפענען דיא אויגען און וויזען, אז זיא דארף זיך ניט אפלאָזען, זיא דארף לעבען פאר איהר פאטער.

העלענא האט געשוויעגען איייניגע מינוט. פלוצלונג האט זיא איהם געזאגט:

— איך האב צו דיר א ביטע, בעהרמאן. גיב מיר אָפּ יענעם בילד.

דער יונגער גייסטליכער האט ארויסגענומען דאס בילד און האט עס איהר דערלאנגט.

— איך דאנק דיר, האט זיא געזאגט און האט צוגענומען דאס בילד.

דאס איז געווען אלעס, וואס זיי האבען גערעדט צווישען זיך זייט יענעם טאָג, ווען ער האט איהר צום ערשטען מאל געזאגט, אז וועגדענשטיין ליעבט אן אנדערע.

איין שעהנעם נאכמיטאג איז דער אלטער בערגנער א היים געקומען עפּעס פרי= הער, וויא געוועהנליך, און האט געטראפען זיין טאכטער זיצען לעבען פענסטער. זיא האט היינט אויסגעוויעזען קרעפטיגער און פרעהליכער. איהר געזיכט איז געוועזן גאנץ רוהיג און א צופריעדענער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע טויטע ליפּען. זיא האט בעגריסט איהר פאטער פריינדליך און האט איהם געבעטען, ער זאל זיך זעצען לעבען איהר.

— איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען, פאטער, האט זיא געזאגט מיט איהר ווייכע שטימע, וועלכע האט אבער יעצט געקלונגען עטוואס הארט און גראב, וויא ביי אלע, וועלכע ליידען אויף א ברוסט פעהלער. — איך האף, אז דוא וועסט אויך געפינען, אז איך האב רעכט.

דער אלטער פאטער האט זיך געזעצט לעבען איהר און האט גענומען איהר ווייסע, דינע האנד, אויף וועלכע מען האט יעצט געקענט איבערצעהלען דיא בלויע, דינע אדערן.

— פאטער, האט העלענא געזאגט, איך האב לאנג געקלערט און מיך איבער=

לענט, ביז איך בין געקומען צום בעשלוס, אז איך זאל מיין ברייטיגאם צוריקגעבען זיין ווארט. איך קען גוט דעם צושטאנד פון מיין געזונדהייט. אין בעסטען פאל וועל איך בלייבען א שוואכע, קראנקע פרוי. וויא קען איך איהם האלטען צוגעבונדען צו מיר? וואס פאר א רעכט האב איך איהם צו האלטען צוגעבונדען צו מיר? — ער געפינט זיך אין א פרעמד לאנד, צווישען אנדערע מענשען און אנדערע אומשטענדע. ער מוז זיין שטארק, קרעפטיג און מוז זיך דורכשלאגען א וועג אין לעבען. איך קען אויף זיינע וועגען ניט געהן. עס פעהלט מיר דיא קראפט דערצו. — צו וואס זאל איך איהם האלטען צוגעבונדען? — איך מוז איהם צוריקגעבען זיין פרייהייט. — איך האב איהם אנגעשריעבען א בריעף, אז איך גיב איהם זיין ווארט צוריק. איך בעט דיך יעצט, פאטער, דוא זאלסט איבערלעזען דעם בריעף און צושרייבען, אז דוא ווילנסט אויך איין אין מיין בעשלוס, דאן זאלסט דוא דעם בריעף פערזארגען, אז ער זאל אנקומען גלייך אין זיינע הענד.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא צוגעגאנגען צו איהר קאמאד, האט ארויסגענומען א בעשריעבענעם בויגען פאפיער און האט איהם דערלאנגט. דער אלטער מאן האט זיא בעטראכט ערשטוינט און גערוהרט.

— אבער, ליעבעס קינד, וואס איילסט דוא זיך אזוי? האט ער ענדליך געפרעגט. — דוא מאכסט יעצט א שריט, גלייך וויא דוא זאלסט זיין געוויס, אז דיין קראנקהייט איז אונמעגליך צו היילען. — ניין, ליעבע טאכטער, עס איז נאך גאר ניט אזוי שלעכט מיט דיר. גאט קען נאך און ער וועט נאך העלפען.

— איך האב נאך אויך דיא האפנונג ניט פערלארען, ליעבער פאטער. איך האף אויך, אז גאט וועט מיר נאך העלפען און איך וועל נאך געזונד ווערן. אבער אזא קראנקהייט, וויא מיינע, לאזט איבער שווערע שפורען. עס וועט געדויערן זעהר לאנג, ביז איך וועל ווערן פאלקאמען געזונד. וואצו זאל איך איהם האלטען צוגעבונדען צו זיך אזא לאנגע צייט? — איך וויל איהם צוריקגעבען זיין ווארט, זיינע פרייהייט, ווייל איך פיהל, אז יעצט האב איך ניט דאס רעכט איהם צו האלטען צוגעבונדען צו מיר. דערווייל בין איך דאך קראנק. וויא קען א קראנקער מענש האלטען צוגעבונדען א געזונדען? — ניין, פאטער! איך האב מיך פעסט ענשלאסען, איך זאל איהם צוריקגעבען זיין ווארט און איך וויל מיין ענטשלוס ניט ענדערן.

— אבער וואס איילסט דוא זיך אזוי, קינד? האט דער אלטער מאן געזאגט טרויעריג. — עס איז דאך דערווייל גאר ניט נעטהיג, דוא זאלסט איהם צוריקגעבען זיינע פרייהייט. דערווייל געפינט איהר זיך ביידע אין אזעלכע פערהעלטניסע, אז איהר קענט ניט דענקען פון הייראטהען. ווען דיעזע פערהעלטניסע וועלען זיך ענדערן, וועסט דוא וויעדער זיין פריש און געזונד.

אויסער דעם פערגעס ניט, קינד, אז דוא מאכסט דעם ארימען מענשען אומזיסטע שמערצען. ער איז נעביך אזוי אונגליקליך. ער קען א היים ניט קומען און וואלגערט זיך ערגעץ אין א פרעמד לאנד, פלוצלונג וועט איהם אנקומען א בריעף, אז זיין בראוט ענטזאגט זיך פון איהם!

א ביטערער שמערצליכער שמייכעל האט געציטערט אויף העלענא׳ס בלייכע ליפּען. ער איז אבער באַלד פערשוואונדען.

— ניין, פאטער, עס וועט איהם ניט שטארק בעטריבען און ווען עס וועט איהם פעראורזאכען שמערצען, וועט עס ניט לאנג דויערן. ער וועט אליין אויך איינזעהן, אז עס איז גלייכער צו צורייסען אונזער פערבינדונג, אלס ארומצושלעפּען זיך מיט א פרוי, וועלכע קען נור זיין א לאסט אין זיין לעבען. — נעהם, פאטער, שרייב אונטער דעם בריעף, איך בעט דיך.

דער אלטער מאן האט גענומען דאס ביינגעלע פּאַפּיער אין דיא הענד. ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. גרויסע טראפּען טרערין האבען זיך געקייקעלט אויף זיינע אלטע, געלע און צוקנייטשטע באקען. ער האט זיך בעמיהט זיי אפּצואווישען, זיי צו בעהאלטען, אז זיין קראנקעס קינד זאל עס ניט בעמערקען. ער האט גענומען לעזען דעם בריעף, וואס העלענא האט געשריעבען.

דער בריעף איז געווען געשריעבען קינדיש איינפאך. זיא האט איהם געשריעבען, אז זיא האלט עס פאר איהר פפליכט איהם צוריקצוגעבען זיין ווארט, ווייל זיא איז ניט געזונד. זיא ווינשט איהם גליק אין לעבען, גריסט איהם און נעהמט אבשיעד פון איהם אויף אייביג. — דיא לעצטע ווערטער פון׳ם בריעף זיינען ווירקליך געווען דער גרוס פון איינעם פארן טויט, דער אבשיעד פון איינעם, וועלכער האט שוין אנגעווארען יעדע האפנונג.

דער אלטער מאן האט איבערגעלעזען דעם בריעף ביז צו ענדע, האט איהם נאך א מאל און נאך א מאל איבערגעלעזען און האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען און וואס צו ענטפערן אויף אזעלכע איינפאכע, פריינדליכע, ריהרענדע ווערטער.

— נו? האט העלענא געפרעגט. האב איך ניט רעכט? — ווילסט דוא דעם בריעף אונטערשרייבען און איהם פערזארגען? —

דער אלטער מאן האט גענומען דעם בריעף, איז אויפגעשטאנען און איז ארומגענאנגען אין צימער טרויעריג און פערטראכט. ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו איהר און האט איהר געזאגט:

— ליעבע טאכטער, איך נעהם דעם בריעף צו מיר. איך וויל מיר איבערלעגען. דיין ענטשלום איז זעהר פיין, זעהר עדעל פון דיר, איך מוז מיר אבער דאך איבערלעגען, אויב מיר זאלען אויספיהרען דיעזען בעשלוס.

ער האט צונויפגעלעגט דיא הענד, וויא צו א געבעט און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל. ער האט געבעטען גאט אין זיינע געדאנקען, ער זאל איהם אויפקלערן און זאל איהם איינגעבען אין הערצען אן עצה, וואס ער זאל טהאן. דא איז ער ארויסגעגאנגען פון צימער און האט ניט גערעדט א ווארט.

ער איז געגאנגען אין קירכע בעטען גאט, ער זאל איהם אויפקלערן. ער האט עס ניט געקענט טהאן אין דער היים פאר זיין קראנקעס קינד און איז געלאפען אין דיא שטילע מויערן פון דער קירכע, אן ארט, וואו ער האט שוין ניט איין מאל אויסגעגאסען זיין הערץ פאר גאט.

העלענא איז געבליעבען אליין. איינינע מינוטען האט זיא געשוויעגען. זיא האט

נאכגעקוקט איהר פאטער. זיא האט געוואוסט וואוהין ער איז געגאנגען. דער פאטער און דיא טאכטער האבען זיך זעהר גוט געקענט און זעהר גוט פערשטאנען איינער דעם אנדערן.

— עס וועט איהם פעאורזאכען שמערצען? האט זיא פלוצלונגט וויעדערהאלט איהר פאטערס ווערטער. ניין! ער וועט זיך פרייען, ווען ער וועט דערזעהן, אז איך גיב איהם זיין ווארט צוריק. — ער ווייס נאך ניט, וויא דיא קראנקהייט האט מיך צובראכען און ער ליעבט מיך שוין ניט. — ער ליעבט מיך שוין לאנג נים. — איך האב עס געלעזען אין זיינע בריעף. — זיי זיינען קאלט, וויא אייז. ער וויל פריינדליך זיין. ער שרייבט מיר העפליכקייטען און קאמפלימענטע — עס זיינען אבער נור טויטע, קאלטע ווערטער, אויפגעוואָרפען אויפ'ן פאפיער נור אום מיך אָפצונארען, אדער וויא מען זאגט אויף דער העפליכער שפראכע, מיך צו בערוהיגען. — נאך איידער איך האב געזעהן יענעם בילד, האב איך געוואוסט, אז יענע הייסע, פייערינע ליעבע, וועלכע מיר האבען ביידע א מאל געפיהלט און וועלכע האט מיך אזוי גליקליך געמאכט, איז אין זיין הערצען פערלאשען — וואס וואלט ער געזאגט, ווען ער זאל מיך איצטער זעהן?— וואלט ער ניט א ציטער געטהאן, ווען ער וואלט דערזעהן א קראנקע, שוואכע צובראָ־כענע פרוי? וואלט ער מיך יעצט געקענט ליעבען? — בעזאָנדערס ווען....

זיא האט ניט געענדיגט. א שווערער זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון איהר קראנקער ברוסט. זיא האט זיך אנגעחאפט מיט ביידע הענד ביים הערצען.

אייניגע מינוטען איז זיא געבליעבען אזוי זיצען. עס האט געארבייט אין איהר קראנקער ברוסט. דיא צערשטערונגס גייסטער האבען עהרליך און טריי געטהאן זעהר ארבייט. זיא האט עס געוואוסט. זיא האט עס געפיהלט. דער קאָפּ איז געבליעבען רוהיג, דיא געדאנקען זיינען געבליעבען ריין. דער גייסט האט זיך געשטארקט, ער האט געוואלט בעזיעגען דעם קערפּער.

— איך מוז שטארק זיין, האט זיא ענדליך געזאגט צו זיך אליין. מיין לעבען געהט צו גרונד. קיין זאך אין דער וועלט וועט עס שוין ניט איינהאלטען. גוט, וואָס דער קאָפּ דיענט נאך און איך ווייס נאך, וואס איך האב צו טהאן.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר קאמאד, האט ארויסגענומען א פּעקעל בריעף — זיינע בריעף — און דאס בילד, וואָס איהר נעפע האט איהר געבראכט.

— צו וואס טויגען מיר יעצט דיעזע בריעף? — זיי רייצען מיך נור. זיי וויזען מיר נור, אז עס וואלט געקענט אנדערש זיין. זיי קומען מיר יעצט פאר, וויא מען שטעהט פאר א הונגעריגען און מען ווייזט איהם א פּעטען, שמעקענדיגען בראטען.— אוועק מיט זיי! — איך דארף זיי ניט!

זיא האט זיי צונומען און האט זיי נאך בעטראכט אייניגע מינוטען. דאן האט זיא דערזעהן דאס בילד. זיא האט זיך איינגעבויגען און האט בעטראכט איהר גע־ליעבטען, וויא ער זיצט און האלט ארומגענומען א שעהנע, בליהענדע יונגע פרוי. איהרע ליפּען האבען זיך צוזאמענגעצויגען, איהר געזיכט האט אויסגעדריקט דיא העכסטע פערצווייפלונג.

פּלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט. העלענא האט זיך דערשראקען און

האט א קוק געטהאן, ווער עס איז. אין צימער איז אריין דיא געזונדע, שטארקע און קרעפטיגע געשטאלט פון איהר אלטען בעקאנטען, פראנץ דייעק. ער האט אראפגע־נומען דעם הוט און איז צוגעגאנגען צו איהר.

— גוטען טאג, פריילין העלענא! האט ער געזאגט פריינדליך. עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך זעה אייך ווידער פריש און מונטער. מען האט מיר געזאגט, אז איהר זייט געווען שטארק קראנק. איך האב מיך געריסען צו געהן אייך זעהן. עס איז מיר אבער אונמעגליך געווען. מיר האבען אראפגענומען דיא תבואה פון פעלד און איך האב מיך ניט געקענט ארויסרייסען פון דער היים.

איהר זעהט צוואר אויס זעהר בלייך, האט ער ווייטער געזאגט. דאס איז אבער גאנץ נאטירליך: נאך אזא שווערע קראנקהייט איז מען בלייך און שוואך. דאס מאכט אבער ניט. הייבט נור אן צו עסען און צו געהן אויף דיא פרישע לופט, וועט איהר שוין זיין געזונד. — ווייסט איהר וואס? — קומט אלע טאג צו אונז אין גארטען. פיעללייכט קענט איהר ניט געהן, וועל איך קומען יעדען טאג מיט מיין וואגען. איך האב זעהר א שעהנעם לייכטען וואגען. איך וועל אייך פיהרען שפאציערן אין דיא וועלדער און איהר וועט ווערן פאלקאמען געזונד.

אזוי וויא העלענא האט געשוויעגען, האט דער איינפאכער בויער ווייטער געזאגט:

— אלזא, אפגעמאכט, פריילין העלענא! איך וועל יעדען טאג קומען מיט מיין בריטשקע און מיר וועלען פאהרען שפאציערן.

— אך, וויא גוט, וויא עדעל זייט איהר אלע! האט העלענא געזאגט טרויעריג. וויא שפעט — אך, צו שפעט! — האב איך געלערנט, וואס עס הייסט פריינדשאפט, וואהרע פריינדשאפט — און וועו האב איך עס געלערנט? אין צייטען פון נויט אין שווערע זארגען —

זיא האט זיך באלד צוריקגעהאלטען. נאך וואס זאל זיא ארויסזאגען איהר שמערץ פאר דיעזען איינפאכען, גליקליכען מענשען? וואצו זאל זיא נאך איהם טרויעריג מאכען?

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען ניט אננעהמען אייער פריינדליכעס אנערביעטען, פראנץ, האט זיא פלוצלונג געזאגט. איך בין נאך דערווייל אזוי שוואך, אז איך קען ניט איבערגעהן דאס צימער. ווען איהר ווילט מיר טהאן א געפעליגקייט, שיקט מיר אייער פרוי, זיא זאל מיך אפט בעזוכען. זיא איז אזא פרעהליכע, אזא לוסטיגע, אז עס וועט מיר אנגענעהם זיין מיט איהר צו פערברייגגען א פאר שטונדען.

— יא, האט פראנץ געזאגט, איך קען מיך ניט בעקלאגען, מיין ליעבע פרוי קען פרעהליך מאכען יעדען. איך בין גליקליך, וואס פון יענער טרויעריגער צייט, וועלכע האט געבראכט אזוי פיעל לביידען און אזוי פיעל שמערצען אין אונזער לאנד, האב איך געפונען מיין גוטע, ליעבע פרוי, וועלכע איך שעץ און ליעב. — אבער פריי־ליין העלענא, פערגעסט ניט, אז יענע צייט האט אייך אויך געבראכט גליק: איהר האט זיך דאמאלס פערלאבט מיט'ן ליעטענאנט וועגדענשטיין. — אך! איך האב נאר פערגעסען אייך צו פרעגען, וואס מאכט דער ליעטענאנט? וואו איז ער יעצט? האט איהר עפעס גוטע נאכריכטען פון איהם? —

דער איינפּאכער פראנץ דייעק האט געפרענט דיזע אלע פראגען אזוי פריינד־ליך, אזוי הערצליך, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא העלענא׳ם געזיכט האט זיך פערענדערט און אַ שטראם טרערין האט אויסגעבראָכען פון איהרע האלב פערלאָ־שענע אויגען.

— מיין גאט! האט אויסגערופען דער בויער. וואס וויינט איהר, פריילין? — איהר האט דאך ניט ערהאלטען קיינע שלעכטע נאכריכטען פון ליעטענאנט? — ער איז דאך געוויס געזונד און שטארק? —

— ניין, פראנץ, האט העלענא קוים ארויסגערעדט. —

זיא האט מעהר ניט געקענט רעדען. זיא האט זיך ווידער אנגעכאפּט מיט ביידע הענד ביים הערצען און האט פערוואָרפען מיט׳ן קאָפּ.

פראנץ איז געבליעבען שטעהן, וויא צומישט. ער האט ניט געוואוסט, וואס ער זאל טהאן. זאל ער געהן רופען איינעם, אדער זאל ער ווארטען. עס האט איהם געריסען דאס הערץ צו זעהן, וואס עס איז געוואָרען פון דיזעס מעדכען, וועלכעס ער האט געקענט פון קינדוויים אן. זיא איז געוועזן אזוי שעהן, אזוי געזונד, אזוי בליהענד און יעצט זעהט ער פאר זיך — אַ לייכע.

ער האט זיך איינגעבוינגען און האט זיא געוואלט אננעהמען ביי דיא הענד, זיא אונטערשטיצען, זיינע אויגען האבען דערזעהן דאס בילד, וועלכעס העלענא האט בע־טראכט, ווען פראנץ איז אריינגעקומען, און האט עס אניעדערגעלעגט אין איהר שויס, ווען ער איז צוגעקומען צו איהר. ער האט באלד דערקענט דעם ליעטענאנט ווענדענ־שטיין. דיא פרוי אבער, מיט וועלכער ער איז געשטאנען אויפ׳ן בילד, איז ניט געוועזן העלענא. דאס איז געוועזן אנאנדערע. — זיין יונגער, אייזערנער קערפּער האט אציטער געטהאן. ער האט געכאפּט דאס בילד, האט עס צוגעטראגען נאהענט צו דיא אויגען. גלייך וויא ער האט זיך געוואלט איבערצייגען, אז דאס איז ווירקליך ווענדענשטיין און דיא פרוי איז ניט העלענא. דאן האט ער עס מיט כעס אַ וואָרף געטהאן אויפ׳ן טיש.

— אזוי? האט ער געברומט. אזוי ווייט איז עס געקומען? — דאס האב איך ניט ערווארטעט פון איהם!

העלענא איז אונטערדעסען אביסעל געקומען צו זיך.

— זעהט איהר, מיין ליעבער, גוטער פראנץ, האט זיא געזאגט מיט אַ שוואַ־כער שטימע, וועלכע מען האט קוים געהערט. — זעהט איהר, דאס איז דאס גליק, וועלכעס יענע טרויערינע טעג האבען מיר געבראכט. מיר האבען ביידע געשעפּט וואסער פון איין ברונען. אייך האט עס געבראכט ליעבע און גליק. מיר — דעם טוידט.

דער איינפאכער בויער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. אויף זיין געזונדעס, פון דער זון פערברענטעס געזיכט האבען זיך געוויזען טרערין.

— ניין! האט ער אויסגערופען. דאס איז שלעכט! אזוי האט עס ניט געדארפט זיין! — איך וואלט עס קיין מאל ניט געגלויבט פון מיין ליעטענאנט.

ער האט ווידער גענומען דאס בילד און האט עס בעטראכט, גלייך וויא ער האט זיך געוואלט איבערצייגען, אז דאס איז ריכטיג ווענדענשטיין.

— עס האט אנדערש ניט געקענט זיין, האט העלענא געזאגט. — ווייט פון דיא

אויגען, ווייט פון הערצען! — דערווייטערט, פערגעסען, פערשוואונדען, פערלארען. עס האט געמוזט אזוי זיין. עס איז אזוי.

— ווייס דער ליעטענאנט, אז איהר זייט אזוי קראנק? האט פראנץ פלוצלונג געפרעגט.

— ניין, ער ווייס עס דערווייל נאך ניט. ער וועט עס אבער וויסען. — איך האב איהם אנגעשריעבען א בריעף, אז איך גיב איהם מיין ווארט צוריק. איך האב צוריסען דאס שוואכע באנד, וועלכעס האלט מיך אן איהם.

פראנץ דייעק איז ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק און האט עפעס געמורמעלט פאר זיך. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער איז זעהר אויפגערעגט און טראכט עפעס צו טהאן.

— דאס דארף ניט זיין! דאס טאר ניט זיין! האט ער ענדליך געזאגט ענט-שלאסען. — פריילין העלענא, קענט איהר מיר ניט זאגען, וויא אזוי קומט דיעזעס בילד צו אייך? — איך קען ניט גלויבען, אז דער ליעטענאנט האט עס אייך געשיקט!

— ניין, פראנץ, ניט דער ליעטענאנט האט עס מיר געשיקט. מיין נעפע, דער יונגער בעהרמאן, איז געוועזען אין פאריז. ער איז געפאהרען בעזוכען דיא עמיגראנטען. ער האט עס מיר געבראכט. ווייטער ווייס איך גאר נישט. — איך האב נאך פריהער געוואלט צוריקגעבען דעם ליעטענאנט מיין ווארט. — יעצט מוז איך עס טהאן.

— אזוי? האט פראנץ אויסגערופען. בעהרמאן האט עס אייך געבראכט? בעהרמאן, דער יונגער גייסטליכער, וועלכער רעדט נור פון גאט און פון הייליגע פפליכטען. — בעהרמאן, וועלכער ברענגט שטענדיג אונגליק. וואו ער ריהרט זיך צו. ענטשולדיגט מיר, פריילין העלענא, וואס איך רעד אזוי פון אייער קוזען. איך קען ניט אנדערש! — ווען בעהרמאן האט עס אייך געבראכט, ווייס איך ניט פאר געוויס, אויב עס איז אזוי. מעגליך, אז דא איז עפעס א טעות, א מיספערשטענדניס, א טיישונג — א שלעכטע אבזיכט —

העלענא האט געשאקעלט מיט'ן קאפ טרויעריג. פאר איהר איז געוועזען אלעס קלאר און דייטליך.

— איך מוז עס דערגעהן, האט זיך פראנץ איינגעשפארט. איך מוז אלעס וויסען. — איך קען דעם ליעטענאנט פון קינדווייס אן. איך ווייס, אז ער איז א גוטער מענש. איך קען ניט גלויבען, אז ער האט אונז אלע שוין אזוי ווייט פערגעסען. — אמאל האב איך איהם ארויסגעשלעפט פון א גאנצען בארג טויטע אויפ'ן שלאכט פעלד. איך האב איהם דאמאלס געראטעוועט מיט אייער הילף. — איך וויל פראבירען איהם נאך אמאל צו רעטען. — זייט רוהיג, פריילין העלענא! איך וועל אלעס אויס-געפינען, איך וועל אלעס אויפקלערן. איך קען עס ניט דערלאזען. — העלענא, איהר וועט פון מיר באלד הערן.

ער האט זיך אוועקגעקעהרט פון איהר און האט געוואלט ארויסלויפען פון צימער.

— ווארט, פראנץ! האט העלענא געבעטען מיט איהר געבראכענע שטימע. וואס ווילסט דוא טהאן, פראנץ? איך בעט אייך, איך בעשווער אייך, לאזט צו רוה:

לאז אלעס געהן, וויא עס געהט. פאר מיר איז שוין אלעס איינס. איך וועל טראגען מיין שיקזאל ביז צו ענדע. — איך וויל שוין קיינע ענדערונג. איך קען עס שוין ניט ערטראגען. — לאז שוין אלעס זיין, וויא עס איז.

— איך ווייס, איך ווייס, האט פראנץ געענטפערט עטוואס ווילד. איך ווייס, איהר זייט גוט, איהר זייט עדעל. — איך טהו עס אבער ניט פון אייערטוועגען אליין.

ער האט זיך אומגעקעהרט צו איהר מיט זיין אפענעם, עהרליכעם געזיכט. העלענא האט געזעהן, וויא מוטהיג און ענטשלאסען ער איז. זיא האט געזעהן, וויא ער איז רוים פאר אויפרעגונג.

— איך טאָר עס ניט דערלאזען, איך וועל עס ניט דערלאזען! האט פראנץ ווייטער געזאגט. עס איז עפּעס געשעהן מיט מיין ליעטענאנט. ער איז פערפיהרט. ער איז בעטראגען. איך מוז איהם רעטען. ער איז א גוטער מענש. עס קען ניט זיין, אז אין אזא קורצער צייט האט ער שוין פערגעסען אלעס, וואס איז איהם אמאל געוועזען אזוי ליעב, אזוי טהייער, אזוי הייליג. — ער מוז אייך נאך ליעבען, פריילין העלענא. איך וועל איהם צווינגען.

איידער העלענא האט צייט געהאט ארויסצורעדען א ווארט, האט ער זיא אנגענומען אין זיינע צוויי גראבע, פון דער ארבייט פערהארטעוועטע, ווארעמע הענד און האט זיא צוגעפרעסט צום הערצען.

— זייט געזונד, פריילין העלענא! פאסט מוטה, שטארקט אייך. — אלעס וועט זיך נאך ענדערן, אלעס וועט נאך גוט ווערן!

ער האט זיך אוועקגעקעהרט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. אויף דער טהיר איז ער געבליעבען שטעהן א מינוט.

— פריילין העלענא! האט ער געבעטען. זאָגט קיינעם ניט, וואס מיר האבען דא גערעדט. איך וויל ניט, אז זיי זאלען וויסען אין דארף, וואוהין איך געה און וואס איך וויל טהאן. — זיי קענען מיך נאך צוריקהאלטען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געעפענט דיא טהיר און איז פערשוואונדען.

העלענא איז אויפגעשפרונגען. זיא האט איהם געוואלט נאכלויפען, איהם צוריקהאלטען. איהרע קרעפטע אבער האבען זיא פערלאזען. זיא איז צוריקגעפאלען אויף איהר שטוהל, וויא א שטיק האלץ. — זיא האט געזעהן, וויא ער געהט זעהר האסטיג אויף דער גאס גלייך צו זיך אהיים.

— אך, מיין גאט! האט זיא געזיפצט, זאלען מיינע גוטע פריינד מיר מאכען נייע ליידען? — איך בין שוין געוועזען אזוי רוהיג, אזוי ערגעבען אין מיין שיקזאל. איך האב שוין אפגעשלאסען אלע מיינע רעכנונגען מיט דיעזער וועלט. — פלוצלונג קומט א גוטער פריינד און וועקט אויף אין מיין קראנקער ברוסט נייע האפנונגען, — ער האט מיר וויעדער דערלאנגט א שטרוי, און וועלכער עס האפט זיך אן דער, וואס טרענקט זיך. ער מוז זיך אנהאפען אן א שטרוי. דיא לוסט צום לעבען, דער אינסטינקט — וויא דיא געלערנטע רופען עס — צווינגט איהם. — וואס וועט עס אבער העלפען? — מיין הערץ איז געבראכען, מיינע קרעפטע שווינדען. דאס אייל געהט אויס, דיא לאמפּע מוז זיך פערלעשען. — ניין, שטארבען! שטארבען! איך וויל יעצט

שטארבען. איך וויל מיך ניט אנהאפען אן דעם שטרוי, וואס דער גוטער פראנץ ניט מיר!

זיא האט געטראכט איינינע מינוטען. זיא האט זיך איבערלעגט, וויא אזוי דא זאל ניט דערלאזען, אז פראנץ זאל עפעס טהאן פון איהרענטוועגען.

— וויא קען איך איהם אבער ניט דערלאזען? האט זיא געפרעגט זיך אליין. דערצעהלען דעם פאטער, אויסזאגען איהם אלעס? — דערצעהלען איהם דיא געשיכטע פון'ם בילד? — דיא געשיכטע פון'ם ליעטענאנט'ס קראנקהייט אין גאטהא? — אלעס, אלעס. — דאס וועט זיין צופיעל פארן אלטען מאן. ער ליידעט אזוי אויך שרעקליך. איך זעה, וויא עס רייסט איהם זיין פאטער הערץ יעדעס מאל, ווען ער קוקט מיך אן. — זאל איך איהם נאך מאכען נייע ליידען, נייע שמערצען? — זאל איך אויפהייבען פאר איהם דעם שווארצען פארהאנג און איהם ווייזען דיא שווארצע געשטאלט פון זיין שוועסטער'ס זוהן? — ניין! איך קען עס ניט, איך וועל עס ניט טהאן. זיא האט זיך אראפגעגליטשט פון'ם שטוהל, איז געפאלען אויף דיא קניע, האט צונויפגעלעגט דיא הענד און האט זיך געווענדעט צום קלארען בלויען הימעל:

— גאט אים הימעל! דוא וואכסט איבער אונז. דוא שיקסט אונז פרייד און לייד. — דיין ווילען זאל געשעהן. פיהר דוא מיט מיר, וויא דוא פערשטעהסט!

איינינע הייסע טרערען זיינען נאך געפלאסען פון איהרע שוואכע, טריבע אויגען. דאן האט זיא זיך אויפגעהויבען, האט צונויפגעלעגט דיא בריעף און דאס בילד, האט זיי ווידער פערבונדען מיט א זיידענעם באנד און האט זיי ווידער פערשלאסען אין קאמאד.

זיא האט זיך ווידער געזעצט ביים פענסטער, האט אנגעלעהנט איהר קאפ אן דעם ווייכען שטוהל און איז רוהיג אנטשלאפען געווארען.

45טעס קאפיטעל.

## ארבייטער קאנגרעס אין בריסעל.

דיא ארבייטער פערזאמלונג אין פאריז, פון וועלכען דיא מארקיזא פאלאנצאני האט אזוי פלוצלונג ארויסגערופען מיכאאיל באקונין, האט זיך געענדיגט זעהר טרויעריג.

נאך מיכאאיל באקונין האט קיינער ניט געוואלט רעדען. מען האט ניט גע-קענט קומען צו קיין בעשלוס, וויא אזוי מען זאל צווינגען דיא רעגיערונג, זיא זאל צוריקרופען דאס געזעץ איבער דיא וועהרפפליכט (וואאינסקאיא פאווינאסט) מען האט געזעדט, געשריען, געליארמט און מען איז זיך ענדליך צוגאנגען. קוים אבער איז מען ארויסגעגאנגען פון'ם הויף, האבען אנגענטען פון דער געהיים-פאליציי ארעס-טירט דעם פארזיצענדען, טאלען, דעם רעדנער ווארלען און נאך צוויי פון דיא אנפיהרער.

שפעט ביי נאכט איז מען געקומען אין פערזאמלונגס זאל און מען האט שטר-לערהייט געעפענט דעם שרייב-טיש, וואו עס האבען זיך געפונען דיא ביכער און דיא דאקומענטען פון'ם ארבייטער פעראיין. דיא געהיים-פאליציי האט געמיינט, אז זיא האט דא געפונען א גאנצען אוצר, אז דא וועט זיא געוואהר ווערן אלעס, וואס דיא רעוואלוציאנערן ווילען טהאן. זיי האבען זיך אבער אפגענארט. מען האט גאר ניט געפונען אין דיא ביכער און פאפיערן פון'ם ארבייטער פעראיין.

דענאך האט מען טאלען און וואָרלען פעראורטהיילט צו א מאָנאט ארעסט דערפאר, וואס זיי האבען ניט געמעלדעט דער פאָליציי, אז זיי האבען בערופען א פערזאמלונג.

באקונין האט נור איבערגענעכטיגט ביי דער מארקיזא. דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז ער זיך אוועקגעגאנגען און האט זיי זאגאר ניט געזעהן. ער האט אנ־פאנגס גערעכענט צו פאהרען גלייך קיין רוסלאנד, פון וואנען ער האט ערהאלטען זעהר טרויעריגע נאכריכטען. אין אדעסא האט מען אויפגעהאנגען קאוואלעווסקי, זונדעלעוויטש און ליזאָגוב. אין קיעוו האט מען פיעלע ארעסטירט. אייניגע האט מען אויפגעהאנגען, דיא אנדערע האט מען פערשיקט קיין סיביר.

עס איז דאמאלס געווען דיא שרעקענס צייט אין רוסלאנד, ווען עס איז געווען גענוג א ווינק צו טהאן אויף איינעם, אז ער איז א ניהיליסט, און מען האט איהם באלד ארעסטירט און פערשיקט „אדמיניסטראטיוונים פאָריאדקאָם“.

באקונין האט געהאפט צו גרינדען א שטארקען פעראיין פון אלע אונטערדריק־טע פון אלע לענדער, אלע זאלען שטעהן פאר איינעם און איינער פאר אלע. ער האט אנגעהויבען פון דיא ארבייטער, ווייל זיי אונטערדריקט מען מעהר פון אלעמען. מיר האבען שוין געזעהן, וויא דיא פאריזער ארבייטער האבען איהם פערשטאנען. מען האט איהם ניט געוואלט זאגאר ארייןלאזען אויף דיא פערזאמלונג. — ער האט שוין געוואלט זיך אין גאנצען אפּלאזען פון זיין פּלאן, ווען ער האט ערהאלטען א נאכריכט, אז דיא דייטשע ארבייטער האבען בערופען א קאָנגרעס פון אלע ארבייטער אין בריסעל, דיא הויפּטשטאדט פון בעלגיען. דער צוועק פון׳ם קאָנגרעס איז געווען, ערשטענס, צו שטארקען און צו קרעפטיגען דעם בונד פון אלע ארבייטער פון דער גאנצער וועלט. צווייטענס, צו זוכען מיטעל, וויא אזוי אפּצושאפען דיא אלטע, שלעכטע פארמען פון דער געזעלשאפט, אונטער וועלכע דיא ארבייטער ליידען אזוי פיעל.

באקונין האט זיך ענטשלאסען צו פאהרען קיין בריסעל בייצו־וואוינען דעם ארבייטער קאנגרעס. אין פאריז האט ער שוין ניט געהאט וואס צו טהאן, זיינע פּלענער זיינען ניט געלונגען. מאדזיני האט געמוזט צוריק פאהרען קיין איטאליען. עס האט זיך דאמאלס געקאכט אין רוים. מען האט ערווארטעט יעדען טאג, עס זאָל ווידער אויסברעכען א רעוואָלוציאָן אין רוים. דער אירלענדער אָ׳ראסס איז אוועק־געפאָהרען פון פאריז זעהר אונצופריעדען. ער האט געמיינט, אז ער וועט געפינען אין פאריז העלדען, מענער, וועלכע זאָלען זיין בערייט יעדע מינוט ארויסצוטרעטען אָפען און צו קעמפּפען געגען דער טיראַניי. ער האָט געפונען קליינע אָרגאַניזאַציאָנען פון ארבייטער, יוניאָנס, וועלכע האבען זיך געווארגען מיט זייערע קליינליכע אינטערעסען איבער א גראָשען.

דער קאָנגרעס האט ארויסגעשיקט איינלאדונגען צו אלע ארבייטער ארגאניזא־ציאָנען און צו אלע ארבייטער פעראיינע, זיי זאלען שיקען זייערע דעלעגאטען קיין בריסעל.

מען האט זיך אנגעהויבען צוזאמענצופאָהרען. זייט אייניגע טעג זעהט מען אין דיא גאסען פון בריסעל ארומגעהן נייע געשטאלטען, פרישע מענשען מיט בלייכע,

פערטראַכטע געזיכטער. זיי געהן פאַרוויים אדער אין גרעסערע גרופּען, מאַכען מיט דיא הענד, רעדען, שטרייטען און דעבאַטירען. זיי פערזאַמלען זיך אין קליינע, אָרימע רעסטאָראַנס אום צו בעשפּרעכען, וואס פאַר א פראַגען מען זאָל פערהאַנדלען אויפ'ן קאָנגרעס, וויא אזוי מען זאָל שטעלען דיעזע פראַגען און וואס מען זאָל אנטוואָרטען אויף דיעזע פראַגען.

עס זיינען זיך צונויפגעקומען דעלעגאַטען פון פערשיעדענע לענדער, פון פערשיעדענע מיינונגען, פון פערשיעדענע אַנזיכטען און פון פערשיעדענע שטופען פון בילדונג און ענטוויקלונג. עס זיינען געקומען מענער, וועלכע זיינען בעריהמט אין דער וועלט דורך זייערע ווערקע, דורך זייערע ציימונגען און דורך זייערע טהאַטען, וויא דער בעריהמטער ראַשפּאַר און בלאַנקי. עס זיינען געקומען אלס דעלעגאַטען איינפאַכע אַרבייטער, וועלכע האָבען קוים געקענט אונטערשרייבען זייער נאָמען. זיי זיינען אבער געווען פּראַקטישע מענשען, וועלכע האָבען פערשטאַנען דיא אַרבייטער פראַגע בעסער פון'ם געלערנטען ראַשפּאַר.

ביז צור ערעפנונג פון'ם קאָנגרעס איז נאָך געווען צוויי טאָג. אין דיעזע פאַר טאָג האָבען דיא דעלעגאַטען זיך געוואָלט בעקענען איינער מיט'ן אנדערן און זיך צונויפרעדען איינער מיט'ן אנדערן.

אין א קליינעם רעסטאָראַן ניט וויים פון דער צירקוס-האַלל, וואו דער קאָנגרעס האָט זיך געדאַרפט פערזאַמלען, זיינען געזעסען ביי א טישעל דריי דעלעגאַטען צום קאָנגרעס. איינעם קענען מיר שוין, דאָס איז מאַלאָן, דערזעלבער, וועלכער איז געווען פאָרזיצענדער אין דער אַרבייטער פערזאַמלונג אין פּאַריז. דער צווייטער איז אויך א פראַנצויז פון פּאַריז. ער איז אבער קיין אַרבייטער. ער איז א ציימונגס שרייבער און הייסט לעגראַן.

פראַנסואַ לעגראַן איז א זעלטענע פּערזאָן. ער האָט א מאָל געאַרבייט אלס סעקרעטער ביי דעם בעריהמטען פּאָלנישען דיכטער אַדאַם מיצקיעוויטש, וועלכען דער קייסער ניקאָלאַי האָט פערשיקט קיין סיביר און וועלכער איז אנטלאָפען פון סיביר, האָט זיך בעזעצט אין פּאַריז און איז דאָרט געוואָרען פּראָפעסאָר אין אוניווערזיטעט. לעגראַן פלעגט איהם איבערשרייבען זיינע געדיכטע. ביידע, מיצקיעוויטש און לעגראַן, זיינען געווען דער מיינונג, אַז דיא קייזער פאַמיליע נאַפּאָלעאָנס וועלען א מאָל בעפרייען דיא וועלט און וועלען איינפיהרען אין איהר אנאַנדער אָרדנונג.

ביי דיעזער מיינונג איז לעגראַן געבליעבען זאָגאַר שפּעטער, ווען עס האָט זיך אנגעהויבען דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג און ער איז געוואָרען א פייעריגער סאָציאַליסט.

דיא דריטע פּערזאָן, וואס איז געזעסען ביים זעלבען טיש, איז געווען א דייטשער דעלעגאַט פון בייערן מיט'ן נאָמען בעקער. ער איז געווען א געטרייער שילער פון יאָהאַן מאָסט, ריכטיגער געזאָגט, א צווייטער יאָהאַן מאָסט.

דיא דריי דעלעגאַטען האָבען גערעדט איבער דאָס פּראָגראַם פון'ם קאָנגרעס.

— איך האָב א לאַנגע צייט געטראַכט איבער דער אַרבייטער פראַגע, האָט מאַלאָן געזאָגט. איך בין אליין אן אַרבייטער, קום מיך שטענדיג צונויף מיט אַרבייטער

און איך מיין, אז איך פערשטעה דיא ארבייטער פראגע. — איך בין געקומען צו דער איבערציינונג, אז מיט געוואלט וועלען דיא ארבייטער גאר ניט מאכען. קוים הייבט מען אן צו טהאן עפּעס מיט געוואלט, געברויכען אונזערע אונטערדריקער, דיא קאפּיטאליסטען, אויך געוואלט. וואס ווערט דערפון? — א קריעג, א קאמפּף, וועלכער דויערט לאנג, ווערט ערביטערט און שוואכט אפּביידע פּארטייען. אין בעסטען פאל פערליערן ביידע. מייסטענס אבער פערליערן נור דיא ארבייטער, ווייל זיי זיינען דיא שוואכערע פּארטיי. זיי האבען ניט קיין מיטעל אויסצוהאלטען דעם קריעג.

איך בין דאהער געקומען צו דער איבערציינונג, אז דער איינציגער וועג, וועלכער קען פיהרען דיא ארבייטער צו זייער ציעל, איז דער פריעדען, — דער שטילער פּאליטישער קאמפּף. מען דארף אויפקלערן דעם ארבייטער און איהם געבען צו פערשטעהן זיינע רעכטע, וועלכע ער דארף פאדערן אויף א פריעדליכען, רוהיגען, געזעצליכען וועג. דער ארבייטער דארף שטרעבען, אז דאס געזעץ זאל אנערקענען זיינע רעכטע, דאס געזעץ זאל בעשיצען זיינע רעכטע. דיא פארם פון דער רעגיערונג מאכט גאר ניט אויס. דאס געזעץ קען זיכערן דיא רעכטע פון'ם ארבייטער אונטער א רעפּובליקאנישע רעגיערונג אזוי גוט, וויא אונטער א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע אדער זאגאר אונטער א קייזערטהום.

איך מוז אייך בעמערקען, מיינע פריינדע, אז איך רעד יעצט ניט איבער דיא פראגע, וועלכע רעגיערונג איז בעסער פאר'ן ארבייטער. דאס איז א גאנץ אנדערע פראגע, וועלכע געהער זיך גאר ניט אן מיט'ן קאנגרעס. איך רעד פון דיא ארבייטער פראגע אין דיא לענדער, אין וועלכע זיי געפינען זיך יעצט.

דער דייטשער ארבייטער אונטער זיין קעניג פון בייערן אדער פון זאקסען, דער פראנצייזישער ארבייטער אונטער קייזער נאפּאלעאן און דער אמעריקאנישער ארבייטער אונטער דער רעפּובליק, — אלע קענען זיך ערקעמפּפען זייערע רעכטע אויף א גאנץ פריעדליכען און געזעצליכען וועג. מען דארף ניט קיינע רעוואלוציאנען, מען דארף קיינע באמבעס, קיינע קאנאנען, מען דארף קיין בלוט פערגיעסען — מען דארף נור שטרעבען דערצו, אז דיא ארבייטער זאלען האבען פיעלע פערטרעטער אין דער געזעצגעבונג און זאלען לאנגזאם, אבער פעסט, צו ביסלעכווייס, אבער זיכער, איינפיהרען דיא רעפארמען, וועלכע דער ארבייטער פערלאנגט. איבערמאכען דאס סיסטעם פון דער געזעלשאפט און לעזען דיא פראגע פון קאפּיטאל און ארבייט.

מיינע מיינונג איז דאהער, אז דאס דארף זיין דער איינציגער צוועק פון'ם קאנגרעס. מען זאל זיך דורכרעדען און בעשליעסען, אויף וועלכער ארט דיא ארבייטער זאלען זיך ערווערבען דעם נעטהיגען איינפלוס אויף דיא געזעצגעבונג און וויא אזוי, יעדער אין זיין לאנד און אונטער זיין רעגיערונג זאל שטרעבען צו דערגרייכען זיין ציעל.

לענגראן און בעקער האבען איהם אויסגעהערט גאנץ רוהיג. זיי האבען איהם געלאזען רעדען ביז צום ענדע.

— איהר פערגעסט, ליעבער גענאסע, האט לענגראן געזאגט, אז דערווייל האבען שוין דיא קאפּיטאליסטען דעם גרעסטען איינפלוס איבער דיא געזעצגעבונג. — וואס זאג איך איינפלוס? זיי האבען דאס געזעץ אין זייערע הענד, אזוי וויא זיי האבען

אין זייערע הענד דאס קאפּיטאל, אלע לעבענסמיטעל, קליידונג און אלע בעקוועמליכ־
קייטען אין לעבען, וועלכע זיינען אויך ניט מעהר ווי קאפּיטאל. זיי האבען אין דיא
הענד אלעס — דאס געזעץ און דאס קאפּיטאל. זיי וועלען ניט ארויסגעבען אזוי לייכט
פון זייערע הענד אזעלכע גוטע וואפען. זיי בעוואכען גוט דעם ארבייטער. קוים וועלען
זיי נור זעהן, אז דער ארבייטער קריעגט נור א שטיקעלע איינפלוס אויף דיא געזעצ־
געבונג, וועלען זיי איהם ערקלערן א קאמפּף אויף טויט און לעבען — און זיי וועלען
דעם קאמפּף געווינען, ווייל זיי זיינען שטארקער.

ניין, גענאסע! דער צוועק פון'ם קאנגרעס איז צוגעפינען מיטעל און וועגע, וויא
אזוי צו צוברעכען דיא מאכט פון'ם קאפּיטאל, צו צערשטערן זיינע פעסטונגען, צו
פערניכטען זיינע ארסענאלען, ארויסצורייסען פון זיינע הענד זיינע געפעהרליכע וואפען
און זיי צוברעכען, דאן ערשט קען מען טראכטען, וויא אזוי צו בילדען א נייע געזעל־
שאפט, א בעסערע און גליקליכערע געזעלשאפט.

מאלען האט געשאקעלט מיט'ן קאפּ, גלייך וויא ער האט געוואָלט זאגען: ניין,
ניין! מען דארף עס ניט. לעגראן האט אויסגעטרונקען מיט א מאל א גרויסע גלאָז
ביער און האט ווייטער געזאגט:

— וויא אזוי צו גרינדען דיעזע נייע געזעלשאפט זעה איך פאר אונז נור צוויי
וועגען, אדער צוויי פארמען. דער ערשטער וועג איז דיא רעוואלוציאָן. איך בין זיכער,
אז דיא רעוואָלוציאָן וועט זיעגען. דאס הייסט, ווען אלע וועלען זיך אויפהויבען מיט
א מאל, וועלען זיי געווים צוברעכען און צערשמעטערן דיא אלטע געזעלשאפט מיט
איהרע סיסטעמע, מיט איהרע קאפּיטאליסטען און מיט'ן קאפּיטאל. — וואס ווערט
אבער פון א רעוואָלוציאָן? וואס איז געווען דאס ענדע פון אלע רעוואָלוציאָנען? —
עס בייטען זיך נור דיא מענשען, דיא סיסטעמע בלייבען דיעזעלבע.

מיר האבען שוין געזעהן ביישפּיעלע, וויא דיא רעוואלוציאן אליין האט ארויס־
גערופען א געגען רעוואלוציאן און דיא נייע געזעלשאפט איז אויפגעבויט געווארען אויף
דיא אלטע פּרינציפּען נור אין אנאנדער פאָרם, אין אנאנדער געשטאלט. א לעבעדי־
גען ביישפּיעל האבען מיר פאר אונז דאס פרייע אמעריקא. אין קיין לאנד אין דער
וועלט איז דיא רעוואלוציאן אזוי גוט ניט געלונגען, וויא אין אמעריקא. אין קיין לאנד
אין דער וועלט האבען דיא רעוואָלוציאָנערן עס ניט גענומען אזוי ערנסט, וויא אין
אמעריקא. וואשינגטאָן און זיינע קאמעראדען זיינען ניט געווען קיין קאפּיטאליסטען.
זיי האבען עס גאנץ עהרליך גענומען מיט'ן פאָלק. — בעטראכט יעצט דאס פרייע
אמעריקא. דארט הערשט יעצט דאס קאפּיטאל נאך שטרענגער און הארטער, וויא
אין פראנקרייך, אדער דייטשלאנד. דער ארבייטער איז דארט דערזעלבער שקלאַף,
וואס ער איז אין פאריז און אין בערלין. — וואס האט מען אלזא געוואונען פון דער
רעוואלוציאָן?

— איהר וויעדערהאלט מיינע ווערטער, גענאָסע לעגראן, האט מאלען אויס־
גערופען. דאס האב איך דאך געזאגט, אז מיט געוואלט וועט דער ארבייטער גאר
ניט מאכען? —

— איך האב נאך ניט גערענדיגט, האט איהם לעגראן אונטערבראָכען. לאָזט

מיך אויסרעדען, וואס איך וויל זאגען, דאן וועט איהר מיר ענטפערן. איך האב געזאגט, אז עס זיינען דא צוויי וועגען און איך האב געוויעזען דעם ערשטען וועג, אז ער פיהרט ניט צום ציעל. אלזא, טויג ער ניט.

לאמיר יעצט בעטראכטען דעם אנדערן וועג. דיא קאפיטאליסטען בילדען א מאכט, א שטארקע מאכט. מיר ווילען דיעזע מאכט צוברעכען. לאמיר אויפשטעלען א מאכט געגען א מאכט. — דאס קייזערטהום געגען קאפיטאל. לאמיר זעהן, אז דער קייזער זאל זיין א סאציאליסט. —

בעקער האט ארויסגעלאזען א געלעכטער, אז אלע געסט פון'ם רעסטאראן האבען זיך אומגעקוקט. לענראן איז געווארען אויף א מינוט צומישט. ער האט זיך אבער באלד ווידער געפאסט. ער האט געלאזט זיך אויסלאכען זיין גענאסע, וויאפיעל ער האט געוואלט, דאן האט ער געזאגט:

— האט איהר אייך שוין אויסגעלאכט? — יעצט קען איך ווייטער רעדען און אייך ערקלערן, אז נור א שטארקע האנד פון א קייזער איז אים שטאנד איינצופיהרען א נייע ארדנונג אין דער געזעלשאפט. — האט ניט נאפאלעאן דער ערשטער געמאכט אן איבערקעהרעניש אין גאנץ אייראפא? האבען דען ניט פירסטען, קעניגע און קיסריים ניט איינגעבויגען זייער קאפ פאר איהם און האבען געמוזט טהאן, וואס ער האט פון זיי געפאדערט? ווען ער האט געקענט ברעכען דיא מאכט פון עסטעררייך און רוסלאנד, פאר וואס זאל ער ניט קענען ברעכען דיא מאכט פון'ם קאפיטאל?

לאזען נור דיא ארבייטער איהם אויסשטרעקען זייערע הענד, לאז דער קייזער וויסען, אז זיין איינציגע שטיצע זיינען דיא ארבייטער, ניט דיא קאפיטאליסטען; לאז נור דער קייזער פערשטעהן, אז ווען ער ברעכט דיא מאכט פון דיא קאפיטאליסטען, האט ער דאס גאנצע פאלק פאר זיך; קוים אבער איז ער געגען דיא ארבייטער, איז דאס גאנצע פאלק געגען איהם; לאז דער קייזער איינזעהן, אז דיא סאציאלע רעפארמען זיינען דיא גרונד זיילען פון זיין מאכט — און ער ווערט אליין א סאציאליסט און ער וועט מיט געוואלט איינפיהרען דיעזע רעפארמען.

דיא רעוואלוציאן קען נור פערניכטען, צערשטערן און צערשמעטערן, דער קייזער קען אויפבויען און האלטען דאס נייע געביידע אין גוטער ארדנונג.

בעקער האט נאך אלץ געלאכט. דיא אידעע פון א קייזער א סאציאליסט איז איהם פארגעקומען אזוי קאמיש, אז ער האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פאר געלעכטער און האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. טאלען, וועלכער האט געוואלט, אז דיא פראגע פון קאפיטאל און ארבייט זאל געלעזט ווערן אויף א פריעדליכען וועג, אויפ'ן וועג פון געזעצגעבונג, האט אנדערש בעטראכט דיעזע אידעע. ער האט געפונען, אז דאס איז מעגליך; אז אנשטאט צו ווארטען, ביז דיא ארבייטער וועלען לאנגזאם בעקומען איינפלוס אין דער פאליטיק און וועלען צו ביסלעכוויים איינפיהרען דיא סאציאלע רעפארמען, איז געוויס גלייכער, ווען א מאכט, וויא א קייזער זאל איינפיהרען דיעזע רעפארמען מיט אמאל, מיט געוואלד.

— דיא פראגע איז נור, אויב דער קייזער וועט וועלען ווערן אן איינפאכער דיענער פון דיא ארבייטער? האט ער געזאגט נאך איינינע מינוטען איבערלעגונג —

זאל מען ניט מורא האבען, אז דער קייזערליכע סאָציאַליסט וועט ענדליך בענוצען דיא מאכט, וועלכע דיא ארבייטער וועלען איהם געבען אום זיי אליין צו אונטערדריקען?

— ווען דער קייזער איז א סאָציאַליסט, דאס הייסט א פערטרעטער און א פערטהיידיגער פון דיא רעכטע פון דיא ארבייטער; ווען זיין גאנצע מאכט שטיצט זיך נור אויף דיא ארבייטער, וועט ער געוויס שטרעבען אויפרעכט צו ערהאלטען דיא פּרינציפּען פון סאָציאַליזמוס, האט לענראן געענטפערט. איך וועל אייך צוגעבען, אז איין מענש קען ניט צופריעדען שטעלען אלעמען. אין געוויסע פעלע וועט ער מוזען אויפטרעטען אלס קייזער, אלס מאכט געגען דיא ארבייטער. אין אלגעמיינען אבער, אין גרויסען גאנצען, דארט, וואו עס וועט זיך האנדלען וועגען דיא אינטערעסען פון אלע ארבייטער, וועט ער געוויס זיין א סאָציאַליסט און וועט שטעהן, וויא אן אייזערנע וואנד פאר דיא ארבייטער.

יעצט האט זיך שוין בעקער ניט געקענט איינהאלטען. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל, וויא א לייב, וועלכען מען וועקט אויף פון זיין שלאף, האט אנגעהויבען צו קלאפּען מיט ביידע הענד אן טיש, אז דיא גלעזער האבען אנגעהויבען צו טאנצען, און האט אויסגערופען מיט א דאָנערענדער שטימע:

— א קייזער א סאָציאַליסט? פון א קייזער ווילט איהר ערוואַרטען סאָציאַלע רעפאָרמען? פון א דעספּאָט, א טיראן ווילט איהר ערוואַרטען מענשליכע רעכטע און א מענשליכע בעהאנדלונג? — ניכער קענט איהר ערוואַרטען א קוש פון א שלאַנג, א גלעט איבערן קאפּ פון א טיגער, פריינדשאפט פון א וואָלף און מענשליכקייט פון א קראָקאָדיל! — זייט איהר בלינד? זייט איהר פערריקט? פערשטעהט איהר דען ניט, אז ווען איין מענש האט דאס רעכט אין דיא הענד, הייסט ער א דעספּאָט, א טיראן; האבען עס עטליכע מענשען אין דיא הענד, הייסט עס א מאנאָפּאָל; האבען אבער אלע מענשען דאס רעכט אין זייערע הענד, הייסט עס פרייהייט. — פאר וואָס ליידען דיא ארבייטער אין אמעריקא? — ווייל דאס רעכט געפינט זיך אין דיא הענד פון איינינע ווענינע — אין דיא הענד פון דיא מאנאפּאליסטען, קאפּיטאַליסטען און טראסטס! — גענאָסע טאלען וויל, אז אין פראנקרייך און אין גאנץ אייראפּא זאלען מיר איבערגעבען דאס רעכט אין דיא הענד פון א קליין הייפעלע מענשען, וועלכע ער רופט געזעץ געבונג. גענאָסע לענראן געהט נאך ווייטער. ער וויל, אז אלע רעכטע, אלע געזעצע זאלען זיך געפינען ביי איינעם אין דיא הענד. דיא ארבייטער זאלען אליין שמידען זייערע קייטען, זאלען זיי אליין אנטהאן און זאלען זיך אליין בינדען דיא הענד און דיא פיס.

ניין, גענאָסען! ווען דיא ארבייטער ווילען האבען מענשענרעכטע; ווען זיי ווילען, אז זיי זאלען געניעסען דיא פריכטע פון זייער ארבייט, מוזען זיי פערניכטען אלעס, וואס האט נור א שיין, אן עהנליכקייט פון מאכט און פון הערשאפט! — „קיין גאט און קיין הערשער!“ דארף זיין אונזער לאזונגס וואָרט, אונזער פּאַסיר ווארט. דיא גאנצע אלטע געביידע מוז צערשטערט ווערן, קיין שטיין, קיין גאנצער ציגעל מאָר פון איהר ניט בלייבען! — מען מוז אוועקנעהמען דעם גאנצען שמוץ פון דער אלטער

געזעלשאפט! דער פלאץ מוז בלייבען ריין פאר א נייע, געזונדע און שטארקע געזעל-
שאפט פון פאלשטענדיגע פרייהייט און גלייכהייט! —

אין דיעזע מינוט זיינען אריינגעקומען דריי פרישע מענשען אין רעסטאראן.
מאלען׳ס געזיכט איז פרעהליכער געווארען, ווען ער האט זיי דערזעהן. ער האט זיי
דערקענט. איינער פון זיי איז געוועזן ראשפאר, דער רעדאקטאר פון דער צייטונג
„לאנטערן״, א בעריהמטע צייטונג, וועלכע פלעגט אויפזוכען דיא פעהלער פון דיא
זעררשער. ער האט געשטאמט פון אן אלטע גראפען פאמיליע, האט אבער ניט
געוואלט וויסען פון׳ם טיטול גראף און האט געלעבט נור פון זיין צייטונג און פון זיין
שרייבען אין אנדערע צייטונגען.

דער צווייטער איז געוועזן דער בעריהמטער רעוואלוציאנער בלאנקי. א מאן,
וועלכער האט דיא העלפט פון זיין לעבען פערבראכט אין רעוואלוציאנען אדער אין
געפענגניס.

דער דריטער איז געוועזן א דעלעגאט פון דיא איטאליענישע ארבייטער מיט׳ן
נאמען דיפאן. ער איז אויך געוועזן אן ארבייטער א פיעדעלמאכער, צוואר ניט אזוי
געבילדעט, וויא ראשפאר און בלאנקי, אבער א פעהיגער און טיכטיגער מענש. ער
איז געוועזן גוט בעקאנט אין דיא ארבייטער קרייזען פון פאריז אלס גוטער רעדנער.
אזוי וויא ער האט גערעדט עטליכע שפראכען, האבען דיא איטאליענישע ארבייטער
פון פראנקרייך איהם געשיקט אלס זייער דעלעגאט אויפ׳ן קאנגרעס.

זיי זיינען צוגעגאנגען צום טישעל, וואו בעקער האט נור וואס געענדיגט זיין
רעדע. מאלען האט זיי געבעטען זיצען.

— איך האב אייך אומיסטען געבעטען, איהר זאלט קומען אהער, האט ער
זיי געזאגט, מיר זאלען זיך דורכרעדען איבער דעם צוועק פון׳ם קאנגרעס און מיר זא-
לען וויסען, וואס פאר א בעשליסע מיר זאלען פאסען. אזוי וויא עס וועלען זיך צונויפ-
קומען דעלעגאטען פון פערשיעדענע לענדער מיט פערשיעדענע מיינונגען, רעכען איך,
אז עס וואלט גלייך געוועזן, מיר זאלען פריהער זיך אויסרעדען און אפרעדען, וואס מיר
זאלען טהאן. אויפ׳ן קאנגרעס אליין וועט עס זיין זעהר שווער. עס וועט אונמעגליך
זיין אלעמען אויסצוהערען. עס וועלען זיין דעלעגאטען פון אלערליי נאציאנען און אלערליי
אינטערעסען.

דיא דריי מענער האבען זיך אניעדערגעזעצט. בלאנקי איז געוועזן דער ערשטער,
וועלכער האט אנגעהויבען צו רעדען.

— איך און מיין פריינד ראשפאר זיינען קיינע דעלעגאטען. מיר זיינען קיינע
פערטרעטער פון דיעזעס אדער יענעס פאלק. מיר זיינען געקומען קיין בריסעל, ווייל
מיר סימפאטיזירען מיט אלע אונגליקליכע און אונטערדריקטע. מיר קענען ניט פער-
שטעהן, וויא אזוי מען געברויכט אויף אן ארבייטער פערזאמלונג דאסווארט פאלק,
נאציאן. דיא אויפגאבע פון אן ארבייטער פערזאמלונג איז דיא בעפרייאונג פון אלע
ארימע און ליידענדע מענשען. דאס ווארט פאלק קלינגט זעהר פרעמד אין דעם מויל
פון אן ארבייטער פריינד. אלע ארבייטער בילדען איין פאמיליע, אלע ארבייטער
שטרעבען צו איין ציעל. צווישען זיי זיינען נימא קיין פערשיעדענע נאציאנען.

נאציאָן! פאָלק! האט ער געלאכט מיט א ביטערן געלעכטער. — ווער האט אויסגעטראכט דיעזעס וואָרט? דיא הערשער, דיא טיראַנען! זיי האבען אניעדערגעשטעלט זייערע סאָלדאטען מיט ביקסען און מיט שווערדען און האבען געזאגט: דאס איז דיא גרענעץ פון מיין לאנד! דאס איז מיין פאָלק! קיין פרעמדער טאר צו מיר ניט קומען און ווען ער קומט, מוז ער מיר 'צאהלען! דאס וואָרט פאָלק, דער בעגריף פון בעזונדערע נאציאנען שאדעט אזוי פיעל דעם פאָרטשריט פון דער מענשהייט, וויא דיא רעליגיאן און דיא רעגיערונג.

אוועק מיט דיעזע אלטע ווערטער! אוועק מיט דיעזע אלטע, אפּגעלעבטע און פערשימעלטע בעגריפע! עס איז דא נור איין פארמע פאר דיא מענשליכע געזעלשאפט, זיי זאלען לעבען גליקליך — דיעזע פאָרם איז — דיא קאמונע! אלעס דארף געהערן צו אלעמען. עס דארף ניט זיין קיין פּריוואט אייגענטהום. קיינער טאר ניט זאגען, דאס געהערט מיר און דאס געהערט דיר. זאגאר דיא ווערטער ארבייט און לוין פאר דער ארבייט דארפען פערשווינדען. אלע מוזען ארבייטען פאר אלעמען; יעדער, וואס ער קען און צו וואס ער איז פעהיג.

איך מיין, אז נור דאס דארף זיין דער צוועק פון'ם קאנגרעס. מיר דארפען פערגעסען, אז מיר זיינען פראנצויזען. — מיר זיינען מענשען און דארפען שטרעבען, מיר זאלען אלע זיין גלייכע מענשען. דאס איז מיינע מיינונג, איך גלויב, אז מיינע קאמעראדען האבען אויך דיעזעלבע מיינונג.

— געוויס! האט ראשפּאָר געענטפערט. דיא מענשען וועלען קענען זיין אלע גלייך נור דאן, ווען עס וועט ניט זיין קיין פּריוואט אייגענטהום. ווען איינער וועט ניט האבען מעהרער און דער אנדערע ווענינער; ווען עס וועט אויפהערן דיעזעס לויפען און שטרעבען נאכ'ן גראָשען, אום איך זאל האבען מעהר פון יענעם, זאל זיין רייכער פון יענעם. אלע מוזען זיין גלייך און פריי פון דער זארג, וואס וועל איך מאָרגען עסען?

דאס איז געוויס דער הויפּטצוועק פון'ם קאָנגרעס. איידער מען וועט אבער דערגרייכען דיעזען הויפּטצוועק, מוז מען מאכען אלערליי פארבערייטונגען. דיעזע פארבערייטונגען זיינען שוין פערשיעדען אין יעדען לאנד. מען מוז צוגעבען, אז אין דיעזער בעציעהונג זיינען דיא פעלקער און דיא לענדער פערשיעדען. מיר, פראנצויזען צום ביישפּיעל, האבען יעצט נור איין אויפגאבע — צו פערניכטען דיעזען דעספּאָט, דיעזען טיראַן, וועלכער הייסט זיך רופען נאפּאָלעאָן דער דריטער, קייזער פון פראנקרייך. ער איז שולדיג אין אלע ליידען פון'ם פראנצויזישען פאָלק, ער אונטערדריקט דאס פאלק, ער בערויבט עס, ער ערניעדריגט עס, ער טרעט עס מיט דיא פיס. אלע פריינד פון פרייהייט און גלייכהייט דארפען זיך פעראייניגען אום צו צערטרעטען דיעזע שלאנגע.

— דאס זעלבע האט אונז באַקונין געזאגט פון רוסישען קייסער, האט זיך לענראן אפּגערופען. באַקונין אבער האט רעכט. דאס רוסישע קייזערטהום שטעלט פאר דיא שרעקליכסטע טיראַניי, דיא ערגסטע דעספּאָטיע, וואס קען נור זיין אויף דער וועלט. אין רוסלאנד איז ניטא קיין רעכט און קיין געזעץ. דער קייסער טהוט, וואס ער וויל. ווען דער צוועק פון'ם קאָנגרעס זאל זיין צו פערניכטען דיא טיראַניי,

דארפען זיך אלע פעראייניגען צו פערניכטען דיא קייזערליכע פאמיליע פון רוסלאנד, ווייל זיא איז דיא קוועלע פון אלעס שלעכטע און ניעדערטרעכטיגע.

דאס פראנצייזישע קייזערטהום אבער איז גאר עטוואס אנדערש. נאפאלעאן אליין שטאמט פון'ם פאלק. ער ליעבט דאס פאלק. ווען דאס פאלק זאל נור זיין מיט איהם איינס, וואלט ער אליין איינגעפיהרט דיא בעסטע פארם פון א רעגיערונג. וואלט דאס פאלק פערלאנגט דיא קאמונע, וואלט ער איינגעפיהרט דיא קאמונע. דיא פראנצויזישע דעלעגאטען דארפען זיך נור פעסט האלטען אן זייער קייזער און זיי וועלען אלעס געווינען. נור נעגען רוסלאנד, נעגען דיעזעס לאנד פון שקלאפען און בלוט דארפען זיך אלע פעראייניגען און פערניכטען איהר טיראנישען קייזער מיט פייער און אייזען. —

ראַשפאַר האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט.

— איך ווייס ניט, ווער דא האט גערעדט, א דעלעגאט פון ארבייטער, אדער אן אגענט פון דער פראנצויזישער געהיים פאליציי, האט ראַשפאַר געזאגט קאלט.

ער איז ניט לאנג אנטלאפען געווארען פון א געפענגניס אין פראנקרייך און האט ווירקליך מורא געהאט פאר א פראנצויזישען שפיאָן.

לענראן איז בלייך געווארען, וויא קאלך. זיינע אויגען האבען געגליהט, וויא צוויי פייערינע קוילען. ער האט זיך געפיהלט שטארק בעליידיגט, וואס ראשפאר האט איהם גערופען שפיאָן.

— הערר ראשפאר זעהט ארום זיך נור שפיאָנען, ווייל ער האט אויסגעפונען פאר בעסער זיך אליין אפצורייסען פון דער קייט און צו שיעסען פון דערווייטען אויף'ן קייזער און אויף'ן פראנצייזישען פאלק, האט לענראן געזאגט רוהיג. — הערר ראשפאר קען ניט דיא ארבייטער פראגע און פערשטעהט זיא ניט. ער ווייס נור צו זידלען זיך און צו בעליידיגען. אזעלכע מענשען דארפען מיר ווירקליך האלטען אויף א קייט.

ראשפאר האט אנגעהויבען צו ציטערן און האט אויסגעשטרעקט דיא הענד. עס וואלט געקומען צווישען דיעזע צוויי מענשען צו א געשלעג, ווען דער רוהיגער טאלען זאל ניט געוועזן אויפשטעהן און זיך שטעלען צווישען זיי ביידען.

— רוהיג, מיינע פריינדע! האט טאלען אויסגערופען און האט אנגעכאפט ראשפאר ביי דיא הענד. — פאר וואס זאלען פארקומען האס, שטרייטיגקייטען און בעליידיגונגען צווישען מענשען, וועלכע שטרעבען צום זעלבען ציעל און זיינען פערשיעדען נור אין זייערע מיינונגען איבער דיא מיטעל, וויא אזוי מען זאל דערגרייכען דיעזען ציעל? — איך זעה מיט שמערץ און מיט בעדויערן, אז פון אונזער דעבאטע וועט גאר נישט ווערן. יעדער וועט בלייבען ביי זיין מיינונג און וועט זיך נור אויפרעגען אומזיסט. לאמיר שוין אפווארטען, ביז דער קאנגרעס וועט זיך עפענען. דארט וועט יעדער ארויסזאגען זיין מיינונג. פריי, אפען און עהרליך. —

דארט וועל איך פערטהיידיגען מיין מיינונג מיט דער גאנצער קראפט פון מיין פעסטער איבערצייגונג און איך האף, אז מען וועט אננעהמען מיין מיינונג, ווייל דער גרעסטער טהייל פון דיא פראנצייזישע ארבייטער זיינען איינפערשטאנדען מיט מיר.

ראשפאר האט געוואלט עפעס ענטפערן. בלאנקי האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם מיט געוואלד געוואלט ארויספיהרען פון זאל.

— איך ערוואַרט זעהר וועניג פון דיעזען קאָנגרעס, האָט ער געזאָגט צו מאַלען. איהר וועט אייך צוזאַמענקומען, וועט פלוידערן און וועט אייך צופאַהרען. שאַדע נור אום דיא רייזע קאָסטען. דאָס זיינען דאָך סאַנטימען פון אָרימע אַרבייטער. — קומט, ראַשפּאַר! מיר האָבען דאָ ניט וואָס צו טהאָן.

אַלע דריי זיינען האַסטיג אַרויסגעגאַנגען פון רעסטאָראַן. נור ביי דער טהיר האָט זיך ראַשפּאַר אומגעקוקט און האָט געוואָרפען אַ פינסטערן בליק אויף לענראַן.

— נו, זעהט איהר שוין, וואָס דאָ טהוט זיך, האָט לענראַן זיך געווענדעט צו מאַלען, ווען זיי זיינען ווידער געבליעבען אַליין. — אָט האָט איהר פאַר אייך דיא פערטרעטער פון אַ רעוואָלוציאָן. זיי ווילען אַלעס פערניכטען, אַלעס צערשטערן און דענקען גאַר ניט צו שאַפען עטוואָס נייעס — אויפצובויען. פון אַזאַ רעוואָלוציאָן וועט דער אַרבייטער ניט געהאָלפען ווערן. איז דען ניט גלייכער איבערצוגעבען דיא גאַנצע מאַכט דעם קייזער, וועלכער וועט מיט איין מאָל אַלעס אויפבויען?

מאַלען האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, געגאָסע, ניין! מיר ווילען קיינע מאַכט. מיר דאַרפען ניט דיא רעוואָלוציאָן, ווייל זיא איז אַ מאַכט; מיר דאַרפען ניט דעם קייזער, ווייל ער איז אַ מאַכט. — מיר דאַרפען נור איין מאַכט — דיא וואָהרהייט!

— אָבער דיא וואָהרהייט אַליין מוז האָבען עפּעס אַ מאַכט, וועלכע זאָל זיא אונטערשטיצען און אויפהאַלטען, האָט לענראַן אויסגערופען.

— ניין, פריינד! דיא וואָהרהייט איז אַליין אַ מאַכט. זיא ענטוויקעלט זיך אַליין, וויא אַ בוים ענטוויקעלט זיך פון אַ קליין קערענדעל, וואַקסט, ווערט גרויס און שטאַרק און בעדעקט מיט זיין קיהלען שאָטען דעם גאַנצען גאָרטען.

בעקער האָט דיא גאַנצע צייט געשוויגען. ער האָט צוגעשטימט צו בלאַנקי'ס מיינונג, אַז נור דיא קאָמונע איז אים שטאַנד צו לעזען דיא אַרבייטער פראַגע און האָט מעהר ניט געוואָלט רעדען ניט מיט'ן קייזערליכען סאָציאַליסט, ניט מיט'ן פרי-עדליכען און רוהיגען מאַלען.

אַזוי זיינען פערגאַנגען דיא צוויי טאָג ביז צום קאָנגרעס. אין יעדער ביער סאַלון, אין יעדען רעסטאָראַן זיינען געזעסען דעלעגאַטען און האָבען גערעדט, געשטריטען און דעבאַטירט. צווישען ראַשפּאַר און לענראַן איז עס נאָך אַפּגעלאָפען גאַנץ גוט. מאַלען האָט ניט דערלאָזען, עס זאָל קומען צו אַ סקאַנדאַל. אין אַנדערע ערטער האָבען זיך דיא דעבאַטען אויסגעלאָזען זעהר ניט שעהן. עס איז געקומען צו געשלעג און מען האָט זאָגאַר געמוזט רופען דיא פּאָליציי צו הילף.

ענדליך איז געקומען דער טאָג, ווען דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער קאָנ-גרעס האָט זיך געעפענט. דער גרויסער זאַל אין צירקוס-האַלל האָט אָנגעהויבען פול צו ווערן מיט מענשען. לעבען איין וואַנד איז געווען איינגעריכטעט אַ טריבונע, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש און איינינע שטוהלען פאַר פּאַרזיצענדען, סעקרעטער און רעדנער. פון ביידע זייטען טריבונע זיינען געהאָנגען צוויי גרויסע רויטע פאָהנען.

איינער נאָכ'ן אַנדערן זיינען זיך צונויפגעקומען דיא דעלעגאַטען און האָבען זיך

גנזעצט אויף דיא לאנגע בענק, וועלכע זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אין זאל. מאלען איז גנזעסען אין א ווינקעלע, פערטיעפט אין זיינע גדאנקען, וואס ער זאל טהאן און וואס ער זאל רעדען. ער איז געווען אן איינפאכער, אבער עהרליכער אר־בייטער, ער האט עס געמיינט גאנץ ערנסט. ער האט אבער געוואוסט, אז ער איז קיין רעדנער, אז צווישען דיא דעלעגאטען געפינען זיך געאיבטע רעדנער מיט שארפע צינגעלעך, מיט פערטיגע וויצען אין קעשענע, מיט א גאנצען פאק אנעקדאָטען און פרעהליכע געשיכטען אנגעגרייט פאר דעם פאל. ער האט געפיהלט, אז ער איז שוואך געגען זיי. ער וועט גאר ניט קענען מאכען געגען זיי. דערפאר איז ער געווען אזוי פערטראכט.

לעגראן איז גנזעסען נאהענט לעבען דער טריבונע. ער האט זיך צוגעהערט צו אלעמען, וואס מען האט גערעדט און האט זיך צוגעקוקט צו יעדען דעלעגאטען.

דער זאל איז ענדליך פול געפאקט. עס איז צייט געווען צו עפענען דיא פער־זאמלונג. איינער פון דיא דעלעגאטען איז ארויפגעגאנגען אויף דער טריבונע, האט א קלאפ געטהאן אן טיש און האט געזאגט:

— מיינע פריינד! דאס ערשטע, וואס מיר האבען נעטהיג צו טהאן, איז צו וועהלען א פארזיצענדען. אין אזא פערזאמלונג איז דאס קיינע לייכטע אויפגאבע. עס זיינען פערזאמעלט דעלעגאטען פון פערשיעדענע לענדער און פערשיעדענע שפראכען. יעדער וועט רעדען אין זיין שפראכע. דער פארזיצענדער מוז קענען עטליכע שפרא־כען, אום ער זאל קענען איבערגעבען, וואס איינער וועט רעדען אין אן אנדערע שפראכע, אלע זאלען פערשטעהן. מיר האבען דא א דעלעגאט פון ענגלאנד. ער רעדט זעהר גוט דייטש, פראנצייזיש און ענגליש. איך שלאג פאר, אז מיר זאלען איהם וועהלען פאר א פארזיצענדען.

דער ענגלישער דעלעגאט הערמאן יונג איז איינשטימיג געוועהלט געווארען אלס פרעזידענט. ער איז ארויפגעגאנגען אויף דער טריבונדע און האט אין קורצע ווערטער ערקלערט, אז דער קאנגרעס איז געעפענט און האט געפאדערט, אז יעדער, וואס וויל רעדען זאל פערשרייבען זיין נאמען. דער ערשטער אויף דער ליסטע איז געווען לעגראן.

— מיינע פריינדע! האט ער אנגעהויבען זיין רעדע. יעדער פון אונז ווייס דעם צוועק פון אונזער פערזאמלונג. מיר ווילען בעפרייען דיא ארבייט פון קאפיטאל. דיא פראגע איז נור, וועלכע מיטעל מיר זאלען געברויכען אום דיעזע בעפרייאונג אויסצו־פיהרען. אונזער בונד איז געווים זעהר שטארק, עס פעהלט איהם אבער דער פיהרער, דער וועגווייזער, דיא קראפט, וועלכע זאל זיין אים שטאנד עס צו טהאן.— מיר האבען אזא אנפיהרער, אזא מאכט — דאס איז נאפּאָלעאָן דער דריטער, דער קייזער פון פראנקרייך. ער איז א דעמאָקראטישער מאָנארך. —

מעהר האט ער ניט געקענט רעדען. עס איז געווארען א ליארם און א געשריי, אז מען האט געקענט פערטויבט ווערן.

— ניעדער מיטן טיראן! טויט אלע טיראנען! — שפיאָנען! אגענטען פון דער געהיים פּאליציי! — רייסט איהם אראפּ פון דער טריבונע! — ווארפט איהם ארויס!

דער פארזיצענדער האט געקלאפט מיטן האמער און האט געבעטען, עס זאל

זיין שטיל. קיינער האט איהם אבער ניט געהערט. עס האבען זיך אויסגעשטרעקט הענד מיט שטארקע פויסטען, ארום לעגראן האט זיך געבילדעט א קרייז מענשען. איינינע האבען איהם געוואלט פערטהיידיגען, אנדערע האבען איהם געוואלט שלאגען.

פּלוצלונג האט זיך א הויכער שטאַרעקר מאן דורכגעדרענגט דורך דער מעננע און אז צוגעקומען צו דער טריבונע. דאס איז געווען בעקער, וועלכען מיר האבען געזעהן מיט א פּאר טאג צוריק אין רעסטאראן.

— האלט איין! וואס טהוט איהר! האט ער געשריעען מיט א דאנערענדער שטימע. אים נאמען פון דער הייליגער זאך, פאר וועלכע מיר קעמפּפען אלע, פאָרדער איך אייך אויף, זך רוהיג צו פערהאלטען! — ארדנונג, רוהע! — לאזט יעדען זיך אויסרעדען! לאז יעטער ארויסזאגען זיין מיינונג, דאן וועלען מיר בעשליעסען, וואס מיר זאלען טהאָן.

ער האט גערעדט אויף דייטש. דער פּאָרזיצענדער האט זיי ווידערהאָלט אויף פראנצייזיש. מען האט זיך אביסעל בערוהיגט. יעדער האט זיך ווידער געזעצט אויף זיין ארט.

— פריינדע און גענאָסען! האט יעצט בעקער אנגעהויבען מיט זיין שטארקער שטימע. איך בין א פערטרעטער פון דייטשע ארבייטער ארגאניזאציאָנען. איך וויל ערקלערן דיא פּרינציפּען פון דיא ארגאניזאציאנען, וועלכע האבען מיך געשיקט אהער.

דאס לאנד געהערט אלעמען. דיא וועלדער, דיא טייכען, דיא בריקען, דיא קאהלענגרובען און אלע מעטאלען געהערן צו אלעמען גלייך. דיא אייזענבאהנען, טעלעגראפען און אלע מאשינען געהערן צו אונז אלעמען. מיר האבען זיי געמאכט. מיר האבען זיי פּראָדוצירט. זיי געהערן אונז אלעמען גלייך. מיט דיעזער ערקלערונג פאלט אוועק דאס פּריוואט אייגענטהום.

מיר ווילען אפּשאפּען דיא רעליגיאן, ווייל זיא לערנט, אז איין מענש איז אנדערש געבארען, וויא דער אנדערער. זיא זאגט, אז איינער איז געבארען, ער זאל זיין א הערשער און דער אנדערער איז געבארען, ער זאל זיין א שקלאף.

מיר ווילען ניט אנערקענען אלע פאלשע אידעען, אז עס זיינען דא אויף דער וועלט פערשיעדענע פעלקער, פערשיעדענע נאציאנען; אז א מענש דארף זיין געטריי נור זיין פאלק און דארף זיך זארגען נור פאר זיין נאציאָן. זיי רופען עס פּאטריאָטיזמוס. דאס איז פאלש! דאס איז א ליעגען. מיר זיינען אלע גלייכע מענשען.

דאס זיינען אונזערע פּרינציפּען, דערצו שטרעבען מיר און ווילען, אז דיעזע פּרינציפּען זאלען איינגעפיהרט ווערן און אנגענומען ווערן. איך בעט דעם פּארזיצענדען, ער זאל פרעגען דיא פערזאמלונג, אויב זיא נעהמט אן אונזערע פּרינציפּען. ווען אלע נעהמען זיי אן, בעט איך, אז מען זאל וועהלען א קאמיטע, וועלכע זאל פּאהרען קיין בערן, וואו עס זיינען יעצט פערזאמעלט אלע מיטגליעדער פון'ם געהיימען בונד פון אלע לענדער, אלע פעלקער און אלע נאציאָנען.

— מיר נעהמען אן דעם פּאָרשלאג! אונטערשטיצט! בעשלאסען! קיינער איז דאנעגען! האט מען געשריען און געליארמט פון אלע זייטען.

— איך וויל האבען דאס וואָרט! האט טאלען געשריען. — גענאָסע פּאָרזיצענדער! קען איך האבען דאס ווארט?

עס איז ווידער געוואָרען אַ שרעקליכער ליאַרם. קיינער האָט ניט בעמערקט, וויא איינינע אונבעקאַנטע מענשען זיינען אריינגעקומען און האָבען ארויסגערופען איינינע מענשען פון דער פערזאַמלונג. דאָס זיינען געווען אַגענטען פון דער פראַנצויזישער געהיים-פּאָליציי. זיי האָבען ארעסטירט ראַשפּאַר, בלאַנקי און איינינע אַנדערע.

באַלד איז מען דערפון געוואָהר געוואָרען. דער פּאָרזיצענדער האָט עפּוֹנען פאַר נעטהיג צו שליעסען דיא פערזאַמלונג און זיא אַפּצולעגען אויף ביי נאַכט.

דאָס איז געווען דער ערשטער אַרבייטער קאָנגרעס אין בריסעל. מען האָט נאָך ניט איינגעפיהרט קיינע אָרדנונג, מען איז נאָך ניט געווען פּאָרזיכטיג.

## 46טעם קאַפּיטעל.

# אין 24 שטונדען.

גראַף דע ריווערא איז ארויסגעפאָהרען פון ביאַריץ זעהר אונצופריעדען. איהם איז שטאַרק ניט געפעלען, וויא דיא קייזערין אייזשעניע האָט איהם היינט אויפגענומען. זיין שאַרפעס אויג האָט באַלד געזעהן, אַז זיא איז אויפגערעגט און רעדט מיט איהם ניט אַזוי פריינדליך, וויא זיא האָט גערעדט מיט איהם אין פּאַריז. ער האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ עפּעס אויסצוגעפינען, וואָס דאָ איז. ער האָט אָבער דערווייל נאָר ניט געקענט אויסטראַכטען.

ער איז געקומען קיין פּאַריז אין זיין וואוינונג, האָט זיך איבערגעטהאָן און איז געפאָהרען צו דער מאַרקיזא. ער איז ארויפגעגאַנגען אויף דיא טרעפּ, האָט אָנגעקלונגען און איז גלייך אריינגעגאַנגען צו איהר אין זאַל. מען האָט שוין געוואוסט, אַז איהם דאַרף מען ניט מעלדען.

דיא מאַרקיזא איז שוין געווען אָנגעטהאָן ארויסצופאָהרען און האָט נאָך עפּעס צו רעכטגעמאַכט אין איהר טואַלעט. ווען זיא האָט דערזעהן דעם גראַף, האָט זיא זיך אומגעקעהרט צו איהם און האָט איהם בעגריסט פריינדליך. דער גראַף האָט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען און האָט זיא עפּעס געפרעגט מיט זיינע בליקען.

— איך האָב אויסגעפאַלגט אייער אויפטראַג, הערר גראַף, האָט דיא יונגע פרוי געזאָגט און האָט צוגערוקט דעם גראַף אַ שטוהל. — איך קען אייך זאָגען איינינע זאַכען, וועלכע וועלען אייך געוויס אינטערעסירען.

— וואָס האָט איהר מיר צו זאָגען ? האָט דער גראַף געפרעגט ערנסט.

— איהר האָט געוואָלט וויסען, אויב עס געפינען זיך אין פּאַריז איינינע פערטרעטער פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציאָן. — איך האָב עס אויסגעפונען און איך קען אייך דאַריבער מיטטהיילען איינינע זאַכען.

דער גראַף האָט זיך לייכט פערנייגט.

— עס געפינט זיך היע אַ גאַנצער קאָמיטעט פון דיא שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן. דער אָנפיהרער פון זיי איז איינער מיט'ן נאָמען דאָן ראַדריגא דע מאַדענא. — ליידער האָב איך נאָך ניט געהאַט דיא געלעגענהייט מיך מיט איהם צו בעקענען. איך וויים נור, אַז ער האָט געשיקט ביקסען קיין שפּאַניען. — איך מיין אָבער, אַז ביי איהם וועט איהר גיכער קענען עפּעס ארויסקריעגען, אַלס איך.

דער גראף האט ארויסגענומען זיין נאָטיץ־בוך און האט זיך עפּעס נאָטירט.

— איך קען דעם מאן. ער איז אַמאָל געווען אַ קאַמער־הערר ביי דער קעניגין איזאבעללא. ער וואוינט שוין אין פאריז זייט צוויי יאהר און האט שטארק ליעב שענע פערד.

— דאָס איז ער. איך זעה, אז איהר ווייסט אלעס. פאר אייך איז קיין נייעס ניטא. איהר ווייסט אלעס.

— דענאך, זאגט, וואס איהר ווייסט, האט דער גראף געזאגט ערנסט און קאלט.

מען זאגט, אז דיא רעוואָלוציאָן וועט געווים זיעגען, האט דיא מארקיזא ווייטער אפּגעגעבען איהר ראפּאָרט. דאס מאכט זעהר אַ שרעקליכען איינדרוק אויפ'ן קייזער־ליכען הויף פון פראנקרייך. דער קייזער האט מורא פאר זיין טראהן. בעזאנדערס איז דיא קייזערין אונרוהיג איבער דיעזען טרויעריגען פאַל. — דאס איז אלעס, וואס איך וויים דערווייל. איך בין זיכער, אז פאר אייך איז דאס גענוג. אייך דארף מען דאך געבען נור אַ ווינק און איהר פערשטעהט שוין אלעס.

— איך דאנק אייך דערווייל פאר דיעזע מיטטהיילונגען. צוואר זיינען זיי אבי־סעל צו שפּעט, ווייל איך האב שוין אזעלכע מיטהיילונגען ערהאלטען פון אנאנדער ארט. דאס מאכט אבער ניט אויס. איך בעט אייך, איהר זאלט זיך ווייטער געבען דיא מיה אלעס אויסצופאָרשען און וואָס איהר וועט נור געוואָהר ווערן, מיר גלייך מיטצוטהיילען.

אין דיא אויגען פון דער מארקיזא האט עס אויפגעבליצט. אַ זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהר ליפּען. דער גראף האט עס בעמערקט און האט פערביסען דיא ליפּען.

— איהר ווילט יעצט אויספאהרען? האט ער זיא געפרעגט. — וועל איך נאך היינט פיעללייכט קענען האבען איינינע נאכריכטען?

— היינט וויים איך ניט, אויף היינט קען איך אייך ניט פערשפּרעכען. איך בין היינט איינגעלאדען אויף אן אבענד צו דער גראפין האלבאך. איך האף, אז איך וועל דארט עפּעס ערפאהרען. צו דער גראפין קומען זיך צונויף פיעלע דיפּלאָמאטען.

— אלזאָ, אויף מארגען, האט ער געזאגט רוהיג און האט גענומען זיין הוט.

— מאָרגען פריה ערווארט איך אייך, הערר גראף.

דער גראף האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

קוים האט זיך פערמאכט דיא טהיר הינטער איהם, האט דיא מארקיזא אויפ־געהויבען איהר פויסט און האט איהם נאכגעוויעזען.

— עס איז געלונגען. מיין בריעף איז אנגעקומען צו דער קייזערין ריכטיג אין דער בעסטער צייט. זיא האט איהם שלעכט אויפגענומען. איך זעה עס אן איהם. ער איז אונרוהיג. ער איז אויפגערעגט. — גוט אזוי! — גענוג! איך קען שוין מעהר ניט דערטראגען זיין יאך. — לאמיך זעהן, וועך עס בעצאהלט בעסער, דיא יעזואיטען אדער דער פראנצויזישער קייזער. —

זיא האט אנגעקלונגען און האט געהייסען איינשפּאנען איהר עקיפּאַזש.

גראף דע ריגוערא האט זעהר גוט בעמערקט, אז דיא מארקיזא האט זיך אין

גאנצען פערענדערט; ער האט געזעהן, וואס פאר א בייזען בליק זיא האט אויף איהם געוואָרפען און האט זיך געוואונדערט, פון וואנען עס קומט און וואס עס איז מיט איהר פאָרגעקומען. ער האט צוואר געוואוסט, אז זיא שטעהט אין פערבינדונג מיט דיא רעוואָלוציאָנערן און ניהיליסטען. ער האט אבער וויעדער געוואוסט, אז זיי זיינען יעצט אין פאריז ניטאָ. זיי זיינען זיך צופאהרען. ער האט געוואוסט פון'ם ארבייטער קאָנגרעס אין בריסעל.

— איך מוז געוואהר ווערן, אויב זיא פאהרט ווירקליך הייטע אבענד צו דער גרעפין האלבאך, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאנט. ער האט ארויסגענומען זיין פּארטפעל און האט אנגעהויבען צו זוכען. ער האט געפונען וועגדענשטיינ'ס וויזיט קארטע.

— פאר מיין אוועקפאהרען פון דאנען, מוז איך נאך רעטען דיעזען יונגען מאָן פון דיעזער פרוי, האט ער געזאגט ענטשלאסען. איך האב איהם בעקענט מיט איהר. מיינע אינטערעסען האבען עס דאמאלס געפאָדערט. יעצט דארף איך עס מעהר ניט. איך וויל ניט, ער זאל זיך נעהמען דאס לעבען צוליעב איהר.

ער האט צוגערופען זיין עקיפּאזש און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען צו וועגדענשטיינ'ס קווארטיר.

— — — — — — — — — — — — —

וועגדענשטיין איז געכטען געקומען זעהר שפּעט. ער איז נור וואס אויפגע-שטאנען, האט אנגעטהאן א לאַנגען שלאפראק און האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב-טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען א פּאָר בריעף, וואס זיינען אנגעקומען אין דער פריה.

ער האט שוין ערהאלטען אן אויספיהרליכען בעפעהל, אז אין דריי טאָג ארום זאלען אלע אָפיציערן פון האנאווער ארויספאָהרען פון פאריז. ער איז שוין געוואָהר געווארען, אז זיי טארען לענגער ניט בלייבען, ווייל דיא פראנצויזישע פּאָליציי הייסט זיי ארויספאָהרען. דא העלפט שוין קיין בעטען און קיין רעדען — מען מוז פאהרען. ער האט זעהר ניט געוואָלט אַוועקפאָהרען פון פאריז. ער האט זיך דא געפיהלט אזוי גוט און אזוי גליקליך. — פלוצלונג מוז ער פאהרען. — וואוהין? — אין א אונבעקאנ-טער געגענד, אין דער שווייץ.

— ווייטער פאָהרען, ווייטער וואלגערן זיך, האט ער געזאגט צו זיך אליין. — אט דאס הייסט זיין פערטריעבען פון זיין היים, דאס הייסט לעבען אין פערבאנונג (אין גלות) וואו מען טאָגט, דארט דארף מען ניט געכטיגען. קוים מאכט מען זיך א נעסט און מען ווארעמט זיך אן, מוז מען שוין ווייטער געהן, ווייטער פאהרען אין אנאנדער לאנד, צווישען פרישע מענשען, צווישען פרעמדע געזיכטער —

ער האט א קוק געטהאן אויפ'ן שרייב טיש און האט דערזעהן א קליין שאכ-טעל איינגעפאסט אין גרינעם סאַמעט. ער האט געוואוסט, וואס אין שאכטעל געפינט זיך. דאך האט ער עס געעפענט. דארט איז געלעגען א קלייגער פּאָרטרעט פון דער מארקיזא פּאלאנצאָני געמאלען נאטור טריי אויף פּארצעלאַי.

עס איז דאמאלס נור וואָס ארויסגעקומען אין פאריז דיא מאדע צו מאלען

בילדער אויף פּארצעלאַי. עס איז נאך געווען א נייעס און האט נאך געקאָסט זעהר טהייער. נור גאנץ רייכע מענשען האבען זיך געקענט ערלויבען אזא פערגניגען. — דיא מארקיזא האט איהם ערשט נעכטען געשענקט דיעזעס בילד.

ער האט גענעפענט דאס שאכטעל און האט בעטראכט דאס בילד. עס איז געווען זעהר ריכטיג. דיא מארקיזא האט אויסגעוויעזען, וויא א לעבעדיגע, האט גע־קוקט אויף איהם מיט איהרע קלוגע אויגען און האט געשמייכעלט.

— וואונדערבאר! האט ער אויסגערופען, קוים זעה איך ניט דיעזע פרוי, קוים דערוויטער איך מיך פון איהר און פערגעס א קורצע צייט אן איהר, דערמאן איך מיך אן אנאנדער ארט לעבען, אן אנדערע מענשען אין אן אנדערע געגענדען. עס פערקלעמט מיר מיין הארץ. עס ציהט מיך צוריק א היים — אהין, וואו איך האב פערבראכט מיינע קינדער יאהרען און וואו איך בין אמאל געווען אזוי פרעהליך און אזוי גליקליך. — דערמאן מיך אן מיינע עלטערן — אן אלעס, וואס איז מיר אמאל געווען טהייער —

אך, וויא גליקליך בין איך אמאל דארט געווען! האט ער אויסגערופען און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער הין און צוריק. — ליעבע, טהייערע, אלטע געשטאלטען! צווישען אייך האב איך דאס ערשטע מאל דערזעהן דיא העלע, ליעבע זון; צווישען אייך האב איך פערבראכט מיינע בעסטע יאהרען, — מיינע קינדער יאה־רען. איך האב ניט געוואוסט פון קיינעם, איך האב ניט געקענט קיינעם. איהר זייט געווען פאר מיר אלעס, מיין וועלט און מיין הימעל. — פאר וואס האט מיך דאס שיקזאל פערוואָרפען אין דיעזע נייע וועלט, וואו איך בין גליקליך און דאך ניט צו־פריעדען מיט זיך אליין? —

ער איז ארומגעגאנגען איינינע מינוטען האסטיג אין זיין צימער און האט זיך ווידער געזעצט צו זיין שרייב־טיש.

— און דאך וויים איך ניט, אויב איך וואלט שוין יעצט געקענט לעבען דארט, איינגעשפּארט, איינגעענגט צווישען קליינע זארגען איבער שעהנעס וועטער, רעגען, אקערן, זייען און אראפּנעהמען דיא תבואה פון׳ם פעלד. זא לאנג איך האב מיך ניט בעקענט מיט דער גרויסער וועלט, מיט אנדערע אויפגאבען, איז ביי מיר אלעס רעכט געווען. יעצט קען איך עס ניט מעהר. — איך קען מיך ניט אוועקרייסען פון דיעזער פרוי! — זיא האט מיך בעצויבערט, זיא האלט מיך געפאנגען, עס ציהט מיך צו איהר, עס רייסט מיך, עס לאזט מיך ניט רוהען. איהר סוש גיעסט פייער אין מיין הערצען. — איך פיהל, אז עס ווערט פערברענט און איך בין גליקליך. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען זיין דיענער און האט איהם געמעלדעט:

— פראנץ דייעק פון עמענטהאל שטעהט אין פּארצימער און וויל מיט אייך רעדען.

וועגדענשטיין איז געבליעבען זיצען, וויא פון דונער געטראפען. ער איז געווען איבערראשט. עס האט איהם זעהר געפרעהט צו זעהן זיין יוגענד פריינד, דעם מענ־שען, וועלכער האט איהם געראטען דאס לעבען אין לאנגענזאלצא, און דערזעלבער צייט

אבער איז עס איהם פאַרגעקומען זאנדערבאר, וויא קומט פראנץ קיין פאריז? וואס האט דער בויער פון עמענטהאל צו טהאן אין פאריז?

איינינע אויגענבליקע איז ער גענעסען צומישט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. באלד אבער האט ער זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט ארויסגעהן צו איהם.

עס איז שוין געווען צו שפעט. פראנץ האט ניט געוואלט וויסען פון דער פראנצויזישער העפליכקיים. ער איז גלייך אריינגעגאנגען אין צימער צו זיין אלטען פריינד און האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד.

— אך, וואס מאכסט דוא, גוטער, אלטער פריינד, פראַנץ? האט וועגדענשטיין אויסגערופען און האט איהם געדריקט דיא האנד. — וואס מאכסט דוא, פראנץ? — וואס מאכט דיין פרוי? האסט דוא שוין עפעס א קינד?

פראנץ האט געשוויעגען. ער האט נאך אלץ געהאלטען וועגדענשטיינס האנד און האט איהם בעטראכט, וויא ער געהט אין זיין לאנגען שלאפראק און וויא ער זעהט אויס אין דער גרויסער שטאדט פאריז.

— נו, וואס שווייגסט דוא, פראנץ? האט וועגדענשטיין ווייטער געפרעגט. דוא ביסט געווארען א מענש, דוא וויזט אויס אזוי פריש, אזוי קרעפטיג, אזוי שטארק. דוא וועסט שוין באלד ווערן בירגערמייסטער אין עמענטהאל.

פראנץ איז אנפאנגס געווען זעהר ערנסט, זאגאר פינסטער. ווען ער האט אבער געזעהן, וויא פריינדליך וועגדענשטיין האט איהם אויפגענומען, איז ער געווארען ווייכער און פריינדליכער.

— איך בין צופריעדען, הערר ליעטענאנט, האט ער ענדליך געזאגט. איך האב א פרוי, וועלכע איך ליעב, וויא מיין לעבען. איך האב א קינד, א קליינעם יונגע, וועלכער איז ביי מיר טהייער, וויא מיינע אויגען אין קאָפּ. מיין הויז בליהט, מיינע פעלדער זיינען גוט בעארבייט. פאר וואס זאל איך ניט זיין געזונד און שטארק? — דער הערר ליעטענאנט אבער וויזט מיר אויס בלייך און צוטראגען. — איך מיין, אז דיא לופט אין עמענטהאל איז פיעל בעסער און געזונדער, וויא דא אין פאריז. איך וואלט דא ניט געקענט לעבען. איך וואלט ניט געקענט אויסהאלטען דיעזען ליארם, דיעזען רעש, דיעזען שטויב אין דיא גאסען און דיעזע שווערע, פערשטיקטע לופט.

וועגדענשטיין האט א שטילען זיפץ געטהאן. ער האט אנגענומען זיין אלטען פריינד ביי דער האנד, האט איהם צוגעפיהרט צו זיין עס טיש און האט געהייסען יעם דיענער ברענגען א פריהשטיק.

דער בויער האט צוואר ניט געוואלט עסען.

— איך האב שוין געפריהשטיקט צוויי מאל, האט ער געזאגט.

וועגדענשטיין אבער האט איהם ניט אפגעלאזען. ער האט איהם אניעדערגעזעצט אויף א שטוהל, האט אליין גענומען עסען און האט איהם געצוואונגען, ער זאל אויך עפעס עסען.

— מיר האבען זיך אזוי לאנג ניט געזעהן, האט ער איהם געזאגט, דוא ביסט ביי מיר אזא טהייערער נאכט און דוא וואלסט ביי מיר זאגאר ניט פריהשטיקען? דאס

וועל איך דיר ניט ערלויבען! פערגעס ניט, אז איך בין דאך דיין ליעטענאנט — א מאל געוועזען, — האט ער צוגעזעצט און האט ווידער א זיפץ געטהאן.

פראנץ האט איהם געמוזט צוליעב טהאן. עס איז איהם צוואר זעהר ווייניג געפעלען דאס פאריזער לעבען און דאס פאריזער עסען, ער איז אבער ניט געקומען צו לעבען אין פאריז און צו עסען אין פאריז. ער האט געוואלט נאך אין דעמזעלבען טאג אוועקפאהרען, ווען ער וועט נור אפמאכען דאס געשעפט, צוליעב וועלכען ער איז אייגענטליך געקומען אהער.

ווען מען האט אפגעגעסען, האט איהם וועגדענשטיין געגעבען א גוטע האוואנא ציגארע, האט אליין פערויכט איינע און האט איהם געזאגט:

— יעצט, מיין פריינד, לאמיר א ביסעל פלוידערן. — דערצעהל מיר, צו וואס ביסט דוא אזוי פלוצלונג און אזוי אונערוואַרטעט געקומען קיין פאריז — וואס מאכען מיינע עלטערן אין האנאווער און וואס הערט זיך עפּעס ביי אייך אין עמענטהאל.

דיא לעצטע ווערטער האט ער געזאגט גאנץ שטיל און מיט אן אונזיכערע שטימע.

— איך בין אין האנאווער ניט געוועזען, האט פראנץ געענטפערט, איך וויים אבער, אז אייערע עלטערן זיינען געזונד און עס געהט זיי גוט. — ביי אונז אבער אין עמענטהאל געהט עס — ניט גוט — זעהר ניט גוט.

ער האט געקוקט וועגדענשטיינען גלייך אין דיא אויגען, ווען ער האט ארויס־געזאגט, אז אין עמענטהאל געהט עס זעהר ניט גוט.

— ביי אונז זעהט עס אויס זעהר טרויעריג, האט ער ווייטער געזאגט לאנגזאם און האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט. איך, מיין, אז דער הערר ליעטענאנט דארף עס וויסען. — איך בין אומיסטען געקומען קיין פאריז מיט אייך דאריבער צו רעדען. — מען מוז עפּעס טהאן, מען מוז עפּעס טראכטען, זאנסט קען פארקומען אן אונגליק — א גראסעס אונגליק.

וועגדענשטיין איז געווארען רויט און האט אויסגערופען:

— מיין גאט! וואס איז דארט געשעהן? — וואס פאר אן אונגליק קען פאר־קומען? — איך פערשטעהע דיך ניט, פראנץ! —

— וואס זאל איך אייך זאגען? — איך מיין, אז איהר ווייסט עס אליין. פריי־לייך העלענא איז קראנק, זעהר קראנק. מען מוז זעהן עס פערהיטען — זיא קען נאך ישטארבען! — איך וויים ניט, אויב עס איז נאך מעגליך עס צו פערהיטען, האט יער ווייטער געזאגט גאנץ שטיל.

וועגדענשטיין איז בלייך געווארען, וויא קאלך, און האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען.

— העלענא איז געפעהרליך קראנק? האט ער געפרעגט, גלייך וויא ער וואלט עס געהערט צום ערשטען מאל. — איך האב געהערט, אז זיא האט זיך עפּעס ער־קעלטעט, אז זיא האט אנגעהויבען צו הוסטען. דיא דאקטוירים האבען איהר געהייסען פאהרען אין דארף. מעגליך, אז מען וועט איהר הייסען פאהרען קיין איטאליען. — דאס איז אלעס, וואס איך וויים. — אז זיא איז געפעהרליך קראנק, הער איך ערשט פון דיר. — מען האט עס מיר זאגאר ניט געשריעבען. —

— אך, הערר ליעטענאנט! האט פראנץ אויסגערופען, — העלענא איז געפעהר־ליך קראנק. עס האט זיך איהר שוין צוויי מאל געלאזט בלוט פון האלז. — זיא איז אזוי שוואך, אז זיא קען שוין ניט נעהן, קוים וואס זיא רעדט. — ווען עס וועט ניט געשעהן עטוואס ערנסטעס, האב איך מורא, אז זיא וועט דיעזען מאנאט ניט איבער־לעבען. —

דער איינפאכער בויער האט גערעדט אזוי טרויעריג, אזוי פון׳ם הערצען, אז עס האט וועגדענשטיינען געריהרט.

— שרעקליך! האט ער אויסגערופען. — דוא דערצעהלסט מיר דא זאכען, פון וועלכע איך האב ניט אנגעהויבען צו וויסען.

— ליידער, אזוי איז עס, האט פראנץ געזאגט און האט געווארפען א בייזען בליק אויף זיין ליעטענאנט. — וואס איז אבער דיא אורזאכע פון דיעזער קראנקהייט? פון וואנען איז עס איהר געקומען? - ווייל דיא ארימע העלענא איבערטראגט שרעק־ליכע שמערצען. — זיא בענקט — זיא ליידעט — זיא איז טרויעריג — זיא וויינט. — זיא האט ניט קיין כח איבערצוטראגען דיא קראנקהייט. מען מוז האבען קרעפטען איבער־צוטראגען א קראנקהייט, זיא האט אבער נור ליידען און זארגען. —

— וואס קען איך דען העלפען? האט וועגדענשטיין זיך געוואלט פערענטפערן.

דוא ווייסט דאך פראנץ, אז איך בין ניט פאר פערגניגען אוועקגעפאהרען פון דער היים. דוא ווייסט דאך, אז איך קען ניט קומען א היים, איך טאר ניט קומען א היים. מיר מוזען ווארטען. דיא צייטען וועלען זיך ענדערן. — עס וועט קומען א בעסערע, רוהיגערע צייט, וועל איך —

— א בעסערע צייט? האט געזאגט פראנץ ביטער. פרייליין העלענא האט אויך געהאפט אויף א בעסערע צייט. זיא האט אויך געגלויבט, אז איהר צושיידעט זיך נור אויף א ווילע, אז פון דערווייטען וועט איהר נאך זיין פעראייניגט דורך אייער ליעבע. ליידער, האט זיך עס אנדערש אויסגעלאזט. איהר זייט אוועקגעפאהרען, אייער ליעבע צו איהר איז געווארען אלץ שוואכער און שוואכער, ביז איהר האט זיא אין גאנצען פערגעסען. דאס האט איהר געבראכען דאס הערץ. — דאס איז דיא אורזאכע פון איהר קראנקהייט.

— איך פערשטעה דיך ניט, האט וועגדענשטיין געזאגט און האט אראפגעלא־זען דיא אויגען.

ער האט ניט געקענט אויסהאלטען דעם שטרענגען בליק פון׳ם איינפאכען בויער.

— איהר פערשטעהט מיך ניט, הערר ליעטענאנט? האט פראנץ געפרעגט מיט שפאס. — ניין, איהר פערשטעהט מיך זעהר גוט. איהר ווייסט, צו וואס איך בין געקומען. — איהר ווילט מיך ניט פערשטעהן.

וועגדענשטיין האט געוואלט עפעס ענטפערן. פראנץ האט איהם אבער ניט געלאזט רעדען. ער איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל און האט זיך געשטעלט פאר איהם גלייך אז שטאלץ, וויא א שטרענגער קרעדיטאר, וועלכער קומט מאנען א חוב.

— הערר ליעטענאנט! האט ער אויסגערופען. איך האב א מאל ארויסגעשלעפט אייער קערפער פון א גאנצען בערג טויטע, איך האב אייך געהאלפען אנטלויפען פון

האנאווער. — איך בעריהם מיך ניט דערמיט, איך זאג עס אייך נור אום צו בעווייזען, אז איך בין אייער בעסטער פריינד — איך בין געקומען קיין פאריז ניט פון מיינעט וועגען, זאנדערן פון אייערט וועגען. איך האף, אז מיינע ווערטער וועלען איינדריינגען צו אייך אין הערצען. איך האף, אז איהר וועט מיר גלויבען, ווען איך וועל אייך זאגען, אז איהר פלאנט און קוועלט אן אונשולדיגעס מעדכען און טרייבט זיא צו א פריה־ציטיגען טויט —

וועגדענשטיין האט א ציטער געטהאן און איז געפאלען אויף זיין שטוהל. ער האט בעדעקט זיין געזיכט מיטביידע הענד. — האט ער זיך געשעהמט, אדער האט ער געוויינט? — דאס האט פראנץ ניט געזעהן.

— ארימע העלענא! האט פראנץ ווייטער געזאגט. זיא האט שוין לאנג געזעהן פון אייערע בריעף, אז אייער ליעבע צו איהר איז געווארען אלץ קיהלער און קאלטער. זיא האט עס אבער נאך אלץ ניט געוואלט גלויבען. זיא האט אייך נאך אלץ פער־טהיידינט. זיא האט בעגראבען איהר שמערץ טיעף אין איהר הערצען און דיעזער שמערץ האט זיא אויפגעגעסען. דיעזער שמערץ האט זיא פערניכטעט. דאך האט זיא זיך געשטארקט, נאך האט זיא געהאט א שוואכע האפנונג, אז איהר וועט נאך א מאל צו איהר צוריקקומען. ענדליך אבער האט זיא זיך איבערצייגט, אז איהר האט זיא פערגעסען. ענדליך איז זיא געוואהר געווארען, אז איהר ליעבט אנאנדערע. — דאס האט זיא שוין אין גאנצען דערשלאגען.

עס איז טרויעריג, הערר ליעטענאנט! עס איז זעהר טרויעריג, אז איך דארף עס אייך זאגען. וואס זאל איך אבער טהאן? עס איז דיא וואהרהייט, וועלכע א פריינד זאגט עס אייך.

ער איז צוגעגאנגען צום יונגען מאן, האט איהם גענומען ביי דער האנד און האט געזאגט מיט א מילדער, ווייכער, הערצליכער שטימע:

— הערר ליעטענאנט, זייט ניט בייז אויף מיר, איך מיין עס גוט מיט אייך. דערמאנט אייך אן דער פערגאנגענהייט! דערמאנט אייך אן אונזערע יוגענד יאהרען! דערמאנט אייך אן לאנגענזאלצא, נאַטהא און עמענטהאל! דערמאנט אייך אן אייער מוטער, אן אייער פאטער! —

טרערין האבען זיך געוויעזען אויפין פערברענטען, אבער עהרליכען געזיכט פון פראנץ דייעק, ווען ער האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער.

וועגדענשטיין איז געוועזן גערירט. ער איז ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק אויפגערעגט און בעטריעבט. ער האט געקעמפפט מיט זיך אליין; ער האט געקעמפפט מיט זיין ליידענשאפט, מיט זיין ליעבע. פלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן פארן בויער.

— פראנץ, גוטער, ליעבער פראנץ! האט ער אויסגערופען און האט איהם אנגעהאפט ביי דיא הענד, זאג מיר, איך בעט דיך, פון וואנען איז זיא געוואהר גע־ווארען? —

— דער יונגער נייסטליכער בעהרמאן האט איהר אלעס געזאגט. ער האט איהר געבראכט א בילד, אויף וועלכע איהר שטעהט מיט א יונגע פרוי.

— בעהרמאן! דאס בילד! — אה! ווען ער האט איהר געציינט דאס **בילד**, דאן — אך, גאט!

ער האט זיך אנגעהאפט ביים קאפ פאר שמערץ און פערדרוס.

— יא, הערר ליעטענאנט, האט פראנץ געזאגט טרויעריג. זיא איז שוין פריהער געוועזן שוואך. בעהרמאן האט איהר נאך געוויזען דאס שרעקליכע בילד, וועלכעס האט זיא שוין אין גאנצען צובראכען. זיא וועט באלד שטארבען, ווען איהר וועט זיא ניט רעטען. נור דיא ליעבע אליין קען זיא יעצט רעטען. וואס וויסען דיא דאקטוירים? וואס קענען זיי איהר העלפען מיט זייערע מיקסטורען, ווען איהר שמערץ פרעסט זיא אויף, וויא דער ראסט פרעסט אויף אייזען? איהר, נור איהר אליין קענט זיא רעטען און מוזט זיא רעטען. — פריילין העלענא וויל עס צוואר ניט. זיא האט אייך אנגע־שריעבען א בריעף, אז זיא גיט אייך אייער ווארט צוריק, אז זיא וויל אייך ניט בינ־דען. — איהר זייט פריי צו טהאן, וואס איהר ווילט. — זיא וויל אליין און איינזאם ענדיגען איהר טרויעריגעס לעבען.

וועגדענשטיין איז געשטאנען, וויא א פעראורטהיילטער, וועלכער הערט זיין טאדעס אורטהייל.

— אזוי ווייט איז עס שוין געקומען? האט ער געמורמעלט און האט געברא־כען דיא הענד.

אין דיעזע מינוט האט פראנץ דערזעהן דאס בילד פון דער מארקיזא אויף פארצעלאי, וועלכעס וועגדענשטיין האט קיין צייט ניט געהאט צו צונעהמען פון זיין שרייב טיש. ער האט א חאפ געטהאן דאס בילד און האט עס געהאלטען פארן יונגען מאן.

— זעהט, הערר ליעטענאנט, דיעזעס בילד און פערגלייכט עס מיטן ערעלען, ליעבען געזיכט פון פריילין העלענא, איהר וועט באלד איינזעהן דעם גרויסען אונ־טערשיעד —

— דער הערר גראף דע ריווערא! האט אין דיעזע מינוט געמעלדעט דער דיענער.

— מיין גאט! יעצט! אין דיעזען אויגענבליק קומט דער גראף! — האט וועג־דענשטיין אויסגערופען.

ער האט זיך געווענדעט צום דיענער און האט איהם געפרעגט:

— האסט דוא געזאגט דעם גראף, אז איך בין אין דער היים?

— געוויס, האב איך איהם געזאגט, אז איהר זייט אין דער היים.

— וואס טהוט מען? האט וועגדענשטיין אויסגערופען. — איך קען איהם ניט אפזאגען! עס איז דאס ערשטע מאל, וואס איך האב דיא עהרע צו עמפפאנגען איהם ביי מיר. וויא קען איך איהם אפזאגען? — **פיהר איהם אריין!** האט ער געזאגט צום דיענער.

ער אליין האט זיך בעמיהט צו בערוהיגען און איז דעם גראף ענטגעגען געגאנגען.

דער גראף איז געוועזן ערנסט און העפליך, וויא אימער. ער האט געגעבען וועגדענשטיינען דיא האנד און האט געזאגט פריינדליך:

— איך בין יעצט געקומען קיין פאריז אויף א **קורצע** צייט און איך **האב ניט**

געוואלט אויסלאזען דיזע געלעגענהייט צו בעזוכען מיין אלטען בעקאנטען, פאר וועל־
כען איך האב מיך אזוי פיעל אינטערעסירט, ווייל ער געפינט זיך אין א בעזאנדערע
לאגע. —

— ליידער, האט זיך אין דער לעצטער צייט מיין לאגע, אדער ריכטיגער גע־
זאגט, אונזער לאגע ניט געבעסערט. זיא איז פיעל שלימער געווארען, האט וועגדענ־
שטיין געענטפערט. — איהר ווייסט שוין געוויס, הערר גראף, אז מען הייסט אונז
ארויספאהרען פון פאריז. דאס האבען מיר פון פראנקרייך ניט ערווארטעט. דאס
וואלט געפאסט פאר רוסלאנד, אבער ניט פאר פראנקרייך.

דער גראף האט געוואלט עפעס ענטפערן. פלוצלונג האט ער דערזעהן א פרעמ־
דען מענשען שטעהן לעבען וועגדענשטיינס שרייב טיש און איז געבליעבען שטיל.
וועגדענשטיין האט פערשטאנען זיין בליק און האט געזאגט:

— דאס איז א געוועזענער סאלדאט פון האנאווער. ער איז מיט מיר פון איין
דארף. ער איז מיין יונגענד פריינד און האט מיר געדעטעט דאס לעבען אויפין שלאכט
פעלד.

גראף דע ריווערא האט דורכגענומען מיט זיין שארפען בליק דיא איינפאכע,
שטארקע און עהרליכע געשטאלט פון׳ם בויער.

— איך שעצע און אכטע אלע סאלדאטען פון האנאווער, האט ער געזאגט און
האט זיך געווענדעט צו פראנץ דייעק. זיי האבען זיך עהרליך געשלאגען פאר זייער
פאטערלאנד און פאר זייער קעניג. עס פרעהט מיך זעהר מיך צו בעקענען מיט
איינעם פון זיי.

ער איז צוגעגאנגען צו פראנץ דייעק און האט איהם געגעבען דיא האנד. דער
בויער איז רויט געווארען ביז איבער דיא אויערן און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן.
דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען האט ער געזעהן דיא האנד פון א גראף. נאך מעהר
האט איהם געוואונדערט, וואס דער גראף רעדט דייטש. —

איינינע מינוטען איז ער געשטאנען, וויא פערשטיינערט. פלוצלונג האט ער
געפאסט מוטה און האט זיך געווענדעט צו גראף דע ריווערא.

— הערר גראף, איך הערר, אז איהר רעדט מיין מוטער שפראכע. עס פרעהט
מיך זעהר צו הערן מיין מוטער שפראכע אין פאריז. דאס גיט מיר מוטה, ווייל איך
קען ליידער קיין אנדער שפראכע ניט — איך האף, אז איהר זייט א פריינד פון מיין
ליעטענאנט. —

גראף דע ריווערא האט געקוקט דעם בויער גלייך אין דיא אויגען. ער האט
ניט פערשטאנען, צו וואס ער זאגט דאס אלעס.

— איך האף אויך, אז הערר וועגדענשטיין רעכענט מיך צווישען זיינע פריינד,
האט ער ענדליך געזאגט.

וועגדענשטיין האט זיך פערנייגט פארן גראף, אלס צייכען, אז ער רעכענט
איהם ווירקליך פאר זיין פריינד און האט געווארפען אן אונרוהיגען בליק אויף זיין
לאנדסמאן. ער האט אויך ניט געוואוסט, וואס פראנץ וויל דא זאגען.

— ווען איהר זייט מיין ליעטענאנטס א גוטער פריינד, האט פראנץ ווייטער

נעזאגט, מענט איהר דאך הערן, וואס איך האב מיט איהם צו רעדען.— איך קען מיך ניט אזוי שעהן אויסדריקען, העלפט איהר מיר, הערר גראף! איהר ווייסט נעוויס בעסער, וויא צו רעדען און וויא אזוי צו איבעררעדען א —

— וואס רעדסט דוא, פראנץ? האט װענדענשטיין אויסגערופען. — וואס דארפסט דוא דערצעהלען דעם הערון גראף? —

ער זאל נעוועזן קענען, וואלט ער פערשטאפט דעם בויער דאס מויל מיט זיין פויסט. דיא סצענע איז געווארען אונאנגענעהם, פיינליך פאר אלעמען. דער גראף האט פערשטאנען, אז דא איז עפעס און האט געוואלט וויסען, וואס דא איז פארגעקומען צווישען דיעזען בויער און דעם געוועזענעם אפיציער. ער האט זיך געווענדעט צום בויער.

— רעדט, ליעבער פריינד, זאגט מיר אלעס. ווען איך וועל נור זיין אים שטאנד עפעס צו טהאן פאר אייער יונגענד פריינד, וועל איך עס געוויס טהאן.

פראנץ האט זיך ניט געלאזט צוויי מאל בעטען.

— הערר גראף, דיא געשיכטע איז אזוי, האט ער געזאגט. איך ליעב זעהר מיין ליעטענאנט. איך האב שוין אמאל ריסקירט פאר איהם מיין לעבען און בין בערייט עס צו טהאן נאך צעהן מאל. דאס איז דיא אורזאכע, וואס איך בין יעצט געקומען קיין פאריז. מיין ליעטענאנט האט איבערגעלאזען אין דער היים א בראאוט, וועלכע ליעבט איהם זעהר שטארק, וויל ער איז פאר איהר אלעס אין דער וועלט. — מיין ליעטענאנט אבער איז פערפיהרט געווארען פון איינע פון דיא פאריזער דאמען.— איך ווייס, הערר גראף, אז דיא פאריזער דאמע איז ניט ווערט פרייליין העלענא'ס נאָגעל. — פרייליין העלענא, הערר גראף, איז גוט און עדעל (ער האט זיך ניט איבערלעגט, אז גראף דע ריווערא ווייס גאר ניט, ווער פרייליין העלענא איז). זיא איז אבער יעצט קראנק, — זעהר קראנק. — זיא וועט שטארבען, הערר גראף, ווען דער ליעטענאנט וועט ניט צוריקקומען צו איהר. — אך, הערר גראף! ווען איהר זייט א וואהרער פריינד פון מיין ליעטענאנט, זעהט, בעפרייט איהם פון דיעזער פאריזער דאמע! לאז ער קומען א היים! לאז ער האבען מיטלייד מיט דער קראנקער, געבראכענער, ארימער, אונגליקליכער העלענא!

עס האבען זיך געוויעזען טרערין אין דיא אויגען פון'ם עהרליכען בויער. ער האט פערגעסען, וואו ער איז און מיט וועמען ער רעדט. — װענדענשטיין האט צו איהם געווינקען, ער זאל שווייגען. ער האט איהם געטרעטען אויף דיא פיס, האט איהם געריסען ביים ראק. פראנץ אבער איז געוועזן אזוי אויפגערעגט, אז ער האט איהם ניט פערשטאנען אדער ניט געוואלט פערשטעהן. איידער גראף דע ריווערא האט נאך צייט געהאט צו ענטפערן א ווארט, האט ער ווידער אנגעהויבען צו רעדען.

— העלפט מיר, הערר גראף! איהר וועט ערצײנען מיין ליעטענאנט דיא גרעסטע געפעליגקייט. ער וועט אייך א מאל דאנקען, וואס איהר וועט איהם ארויסרייסען פון דיעזער פאריזער דאמע. עס וועט איהם קרענקען זיין לעבענס לאנג, ער וועט זיך אייביג ניט קענען פערצייהען, וואס ער האט געטריעבען אין א פריהצייטיגען טויט דיא

גוטע, שטילע און עדעלע העלענא. — זאגט עס איהם, הערר גראף אין אייער שפּראכע. איהר קענט בעססער רעדען פון מיר.

גראף דע ריווערא איז געווארען ערנסטער און ערנסטער. ער האט אויפמערק־זאם אויסגעהערט אלעס, וואס פראנץ האט איהם געזאגט. ער האט זעהר גוט גע־וואוסט, פון וואס פאר א פאריזער דאמע ער האט גערעדט. ווען ער האט דערזעהן אויף ווענדענשטיינס שרייב טיש דאס בילד פון דער מארקיזא אויף פארצעלאי, האט זיך אנגעצונדען א פייער אין זיינע אויגען און זיינע ליפּען האבען אנגעהויבען צו ציטערן.

ווענדענשטיין האט זיך איינגעהויקערט אויף זיין שטוהל און האט אראפּגע־לאָזען דיא אויגען צו דער ערד. ער האט זיך געשעהמט צו קוקען דעם גראף אין דיא אויגען.

— איך ביטע, הערר גראף, אום ענטשולדיגונג, האט ער ענדליך קוים ארויס־געזאגט. מיין פריינד רעדט פון זאכען, וועלכע פּאסען גאר ניט אהער. — ער איז א גוטער מענש, — ער איז אבער ניט געוואוינט צו א העכערע געזעלשאפט. — ער רעדט, וואס עס קומט איהם אריין אין מויל. — ענטשולדיגט —

— יא, זיא איז מעהר ווערטה, האט דער גראף געזאגט שטילערהייט, וויא צו זיך אליין. — זיא איז מעהר ווערטה. —יעדער טראפּען טרעריין, וואס זיא פערגיעסט צו ליעב דיעזע, פאלט, וויא א ברענענדער שטיין אויף מיין הערץ. — איך בין שול־דיג — איך האב איהם בעקענט מיט איהר — איך האב איהם געוואָרפען איהר אין דיא ארימס. —

דיא לעצטע ווערטער האט ער געזאגט אזוי שטיל, אז קיינער האט זי ניט געהערט. נור זיינע ליפּען האבען געציטערט און זיך בעוועגט, וויא אין קאנוואולסיאנען.

גראף דע ריווערא איז געווען א שטרענגער יעזואיט. א מענשענלעבען האט ביי איהם קיין ווערטה ניט געהאט, ווען עס פיהרט איהם צום ציעל. — דער צוועק היי־ליגט דיא מיטעל, איז דער פרינציפּ פון׳ם יעזואיטען ארדען. דאס איז געווים געווען זיין פרינציפּ אויך. ער האט אבער איינגעזעהן, אז ער האט דא געמאכט א פעהלער. ער האט געאפּפערט צוויי מענשענלעבען אומזיסט. דיא מיטעל האבען ניט געפיהרט צום צוועק. דאס האט איהם געקרענקט.

ער איז געווען געריהרט פון דיא איינפאכע ווערטער פון א דייטשען בויער. ווענדענשטיין האט געזעהן, וויא ערנסט און טרויעריג דער גראף איז געוואָרען און האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס איז געשעהן מיט דיעזען זאנדערבארען מענשען. נור איין פראנץ איז געווען צופריעדען. וויא איינפאך ער איז געווען, האט ער דאך פער־שטאנען, אז ער האט דא געטראָפען, אז דער גראף איז געריהרט און וועט איהם העלפען. ער האט געוואָלט נאך בעקרעפטיגען זיינע ביטען און איז צוגעגאנגען נאך נעהנטער צום גראף.

— ענטשולדיגען זיא, הערר גראף, וואס איך שטעל מיך אונטער אייך צו בעאונרוהיגען. איך ווייס גאנץ גוט, אז איך בין אן איינפאכער בויער און איהר זייט א גרויסער מאן. איהר וועט אבער טהאן א גרויסע זאך, גאט וועט עס אייך ניט פערגעסען, ער וועט אייך בעצאהלען דערפאר.

דער גראף איז אויפגעשטאנען, האט גענומען דעם בויער ביי דער האנד און האט זיא איהם געדריקט.

— איהר האט רעכט, פריינד, האט ער איהם געזאגט. איך וויל אייך העלפען. איך וויל וויזען אייער פריינד, אז א שלעכטע, ניעדערטרעכטיגע פרוי האט איהם פערפיהרט.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש, האט גענומען דאס סאמעטענע שאכטעל מיט דער מארקיזא'ס בילד און האט עס געוויעזען ווענדענשטיינען.

— עס טהוט מיר לייד, הערר ווענדענשטיין, אייך צו זאָגען, אז דיעזע פרוי, וועלכע האט אזא שעהנעם געזיכט און איז אזוי קלוג און אזוי וויציג, איז א טייפעל אין מענשענגעשטאלט. זיא ברענגט אונגליק, וואו זיא קעהרט זיך און ווענדעט זיך.— אנטלויפט פון איהר, זאלאנג עס איז נאך צייט! רעטעט אייך און רעטעט יענע אונ־שולדיגע, וועלכע שטעהט שוין מיט איין פוס אין גראָב צו ליעב איהר. — איך בע־שולדיג אייך ניט, הערר ווענדענשטיין. איהר זייט ניט דער ערשטער, וועלכער איז אריינגעפאלען אין איהר נעץ. איך אליין האב א טעות געהאט און האב אמאל געגלויבט, אז דיעזע פרוי, וועלכע דיא נאטור האט אויסגעציערט מיט אלע איהרע שעהנע גאבען, וואס א מענש קען נור פערלאנגען — דיעזע פרוי וועט קענען נוצען ברענגען העכערע צוועקען און עדעלערע אויפגאבען. — ליידער, איך האב א טעות געהאט. איך שעהם מיך ניט פאר אייך. איך זאג אייך אלעס.

ער האט זיך צוגעבויגען צו איהם און האט איהם געזאגט גאנץ שטיל אויפ'ן אויער.

— ווייסט איהר, ווער דיעזע מארקיזא פאלאנצאני איז? איהר מיינט, אז זיא איז א מארקיזא — אלעס איז אין איהר פאלש, זאגאר איהר נאמען. זיא האט דורכ־געמאכט דיא שרעקליכע שולע פון אלע מעגליכע פערברעכען. זיא האנדעלט מיט דער ליעבע און פערקויפט זיא צו אלערליי פרייזען, וויא עס קומט איהר אויס. זיא ליעבט אייך ניט. זיא נאררט אייך אפ, ווייל עס קומט איהר אזוי אויס. — איך וויל אייך שוינען און ניט זאגען אלעס, וואס איך ווייס פון דיעזער פרוי.

ווענדענשטיין האט אנגעשפארט דעם קאפ אין דיא הענד און האט אלעס אויסגע־הערט. דעם גראף'ס ווערטער האבען אויף איהם שטארק געווירקט. ער האט געזעהן, וויא ערנסט דער גראף איז געוועזען ווען ער האט זיי געזאגט. — ער איז אויפגעשטאנען און האט פראבירט ארומגעהן אין צימער. זיינע קניע האבען געציטערט, ער איז געגאנגען, וויא א שיכורער. ער איז קוים צוגעגאנגען צו פראנץ דייעק און האט זיך אנגעהאפט אן איהם. פראנץ האט איהם ארומגענומען און האט איהם צוגעפרעסט צו זיין הערצען.

— בערוהיגט אייך, הערר ליעטענאנט, האט ער געזאגט מיט א בעטענדער שטימע. קומט צו זיך, קומט צו אייער גוטער העלענא, וועלכע ליעבט אייך נאך אימער!

יעצט האט שוין ווענדענשטיין ניט געקענט אויסהאלטען. א שטראם טרעריז האט זיך א גאָס געטהאן פון זיינע אויגען. ער האט איהם געוואלט איינהאלטען. ער

האט זיך געשעהמט פארן גראף. עס איז אבער געוועזן אונמעגליך. דער בעכער איז שוין געוועזן צו פול, ער האט זיך געמוזט אויסגיעסען. — ער האט אנגעהויבען צו וויינען אין דער הייך און איז געפאלען, וויא א קלאץ אויפ'ן דיוואן.

— ארימע, אונגליקליכע העלענא! צו וואס האב איך דיך געבראכט! זיינען געוועזן דיא איינציגע ווערטער, וואס ער האט געקענט ארויסזאגען.

עס זיינען פערגאנגען איינינע שווערע, שמערצפאלע מינוטען. פלוצלונג איז ווענדענשטיין אויפגעשפרונגען און האט אנגעחאפט פראנץ ביי דיא הענד.

— זאג מיר, פראנץ, זאג מיר אלעס — דיא גאנצע וואהרהייט. — איז נאך דא א האפנונג זיא צו רעטען, אדער אלעס — אלעס איז שוין פערלאָרען?

פראנץ האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. אזא סצענע איז געווען צו שטארק פאר איהם. ער האט געקוקט צום גראף און האט איהם געבעטען מיט דיא אויגען, ער זאל איהם העלפען. גראף דע ריווערא איז צוגעגאנגען און האט אנגענומען ווענ־דענשטיינען ביים ארים.

— פאסט מוטה, יונגער מאן, עס איז נאך ניט אלעס פערלארען. איך זעה א פינגערצייג פון גאט. ער האט מיך געראדע היינט געשיקט אהער. — אלעס קען נאך גוט ווערן. — איך פערשפרעכע אנצו־ווענדען אלע מעגליכע מיטעל, וועלכע שטעהן מיר צו געבאָט, איך צו פעראייניגען מיט אייער געליעבטער, מיט אייער יונגע פריינ־דין, — גאט וועט אונז העלפען! ער וועט אונז ביישטעהן!

ווענדענשטיין האט זיך צוביסלעכווייס בערוהיגט. ער האט זיך ווידער געזעצט לעבען גראף דע ריווערא און האט געהייסען, פראנץ זאל זיך זעצען ענטגעגען איהם ווען ער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, האט ער געזאגט:

— הערר גראף, א גליקליכער צופאל האט אייך געבראכט היינט אום מיר צו עפענען דיא אויגען און מיר צו ווייזען, אין וואס פאר א שרעקליכען אבגרונד איך בין אריינגעפאלען. — איך דאנק אייך זעהר דערפאר. — דאס איז דאך אבער ניט גענוג. וואס העלפט עס ווען איך זאג איינעם, דוא ביסט קראנק, ווען איך קען איהם ניט געבען א מיטעל געגען זיין קראנקהייט?

איהר זייט עלטער פון מיר, איהר קענט די וועלט בעסער פון מיר, ראטה מיך וואס זאל איך יעצט טהאן? — וויא אזוי זאל איך יעצט רעטען יענע אונגליקליכע, וועלכע איך האב געטריעבען אין טוידט?

— ווילט איהר זיך מיר פערטרויען? האט דער גראף געפרעגט. ווילט איהר מיך פאָלגען און געהן, וויא איך וועל אייך פיהרען און וואוהין איך וועל אייך פיהרען?

— איך פערטרויע אייך, הערר גראף! האט ווענדענשטיין אויסגערופען. — פיהרט מיך! בעפעהלט מיר! איך וועל אייך פאלגען, וואס איהר וועט מיר הייסען. אך, מיין קראפט איז געבראכען! — איהר האט מיך אויפגעוועקט פון אזא שווערן טרוים, אז איך וויים ניט, וואו איך בין אויף דער וועלט.

— דאס ערשטע פאָדער איך פון אייך, איהר זאלט מיר געבען אייער עהרנ־וואָרט אלס אָפיציער, אז איהר וועט מעהר ניט געהן צו יענער פרוי, מעהר ניט רעדען מיט איהר און זיא מעהר ניט זעהן.

— הערר גראף, נאכדעם וואס איהר האט מיר געזאגט, —

— איך קען יענע פרוי בעסער פון אייך, הערר װענדענשטיין. איך וויס, אויף וואס זיא איז פעהיג. איך וויס, אז קוים וועט זיא געוואהר ווערן, אז איהר ווארפט זיא אוועק, וועט זיא נעברויכען אלע טייפלישע מיטעל אום אייך צוריקצובערענגען צו זיך.

— אלזא, גיב איך אייך מיין עהרנווארט, אז איך וועל אויסמיידען יענע פרוי, וויא דיא פעסט.

— איך וועל עס ניט דערלאזען! האט פראנץ אויסגערופען. איך וועל האלטען וואך פאר מיין ליעטענאנט, וויא איך האב אמאל געהאלטען וואך, ווען ער איז קראנק געוועזען אין גאטהא. איך וועל זיא צורייסען אויף שטיקער, ווען זיא וועט עס וואגען צו איהם צו קומען.

— דאָ מוזט איהר פאהרען צו אייער קראנקער בראוט, האט דער גראף ווייטער געזאגט. — וויא איך פערשטעה, איז דאס נאך דאס איינציגע מיטעל זיא צו רעטען.

— איהר האט רעכט, הערר גראף! האט פראנץ אויסגערופען. — דאס איז א גוטעס וואָרט, הערר גראף! — איהר זייט א גוטער מענש, א בראווער מענש, הערר גראף! —

פלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז ער קען דאך דעם גראף גאר ניט, אז ער רעדט מיט איהם היינט צום ערשטען מאל און ערלויבט זיך שוין צו רעדען מיט איהם אזוי היימיש.

— ענטשולדיגען זיא מיר, הערר גראף, וואס איך רעד מיט אייך אזוי, האט ער געזאגט און איז רויט געוואָרען. — מיר, בויערן זיינען איינפאכע מענשען — וואס אויף דער לונג, דאס איז אויף דער צונג. — איהר זייט א גוטער מענש און איך זאָג עס אייך אין דיא אויגען. — ווען איהר וועט אמאל דארפען פראנץ דייעק, ניט איהם נור א ווינק און ער וועט באלד קומען צו אייך.

— וויא קען איך אבער פאהרען א היים? האט װענדענשטיין געפרעגט. איהר ווייסט דאך, הערר גראף, אז איך בין אנטלאפען פון געפענגניס און טאר אהיים ניט קומען.

— דאס איז קיין תירוץ ניט, האט דער גראף געזאגט ערנסט. ווען איהר האט געפונען מיטעל צו אנטלויפען, וועט איהר שוין געפינען מיטעל זיך אויסצובע־האלטען איינינע צייט. —

— איך האב קיין מורא ניט, פיעללייכט וועט מען מיך ארעסטירען און פער־אורטהיילען, האט װענדענשטיין אויסגערופען. איך האב מורא פאר עפּעס אנדערש. דאס קען זיא טוידטען. זיא וועט עס ניט אויסהאלטען, ווען זיא וועט זעהן, אז מען האט מיך ווידער ארעסטירט.

— הערר װענדענשטיין — קיין אויסרעד! האט דער גראף געזאגט שטרענג. עס האט זיך יעצט פיעלעס געענדערט. אמאל האט פּרייסען מורא געהאט פאר האַ־נאָווער. עס האט יעצט קיין מורא ניט. איך גלויב ניט, אז מען זאל אייך זאגאר פערארטהיילען. איך בין זיכער, אז, ווען איהר זאלט זיך ווענדען צום פּרייסישען

געזאנדעטען אין פאריז און איהם אלעס דערצעהלען, וועט איהר מעגען פאהרען א היים גאנץ פריי.

— וואס רעדט איהר, הערר גראף? איך זאל מיך ווענדען צום פריייסישען געזאנדטען? איך זאל פערלאזען מיין קעניג, מיינע קאמעראדען? — איך קען עס ניט!

— און דאס קענט איהר? קענט איהר צוזעהן, אז יענע אונגליקליכע, אייער בראוט זאל שטארבען. פערגעסט איהר, אז אייער געליעבטע, אייער בראוט געפינט זיך אין אזא שרעקליכע לאגע, אז נור איהר קענט זיא רעטען? נור דיא ליעבע האט נאך א באלזאם פאר איהר געבראכענעם הערץ. — וואס זייט איהר פאר אייער קעניג? אין מעניש! פאר אייער בראוט אבער זייט איהר אלעס — דיא גאנצע וועלט. איך האב פיעל פריינדע און בעקאנטע אין פרייסען און אין האנאווער. איך וועל זעהן, אז אלעס זאל זיך אויסלאזען שטיל און רוהיג. — פערטרויט נור מיר, לאזט נור, אז איך זאל אייך פיהרען. עס וועט שוין אלעס גוט זיין.

ווענדענשטיין האט געטראכט איינינע מינוט.

— אך, גאט! מען וועט מיך פעראכטען. מען וועט זאגען, אז איך האב מורא פארן קריעג, אז איך בין אנטלאפען פון פאריז, ווייל אונזער קעניג רופט אונז. מיינע קאמעראדען וועלען מיך אויסלאכען.—

— קיינער וועט אייך ניט פעראכטען, קיינער וועט אייך ניט אויסלאכען, האט זיך יעצט פראנץ אריינגעמישט. יעדער ווייס, אז איהר האט גענוג געליטען פאר אייער פאטערלאנד און פאר אייער קעניג. ווען איהר מוזט יעצט פאהרען א היים אום צו רעטען אייער קראנקע בראוט אום צו בערוהיגען אייערע אלטע עלטערן, וועט אייך קיינער ניט פעראכטען. — אך, הערר ליעטענאנט! ביי אונז האט זיך אויך זעהר פיעלעס, זעהר פיעלעס געענדערט. — דאמאלס, ווען מיר זיינען אלע אזוי פרעה־ליך און אזוי מוטהיג געגאנגען אין קריעג — דאמאלס איז אנדערש געוועזען, דאמאלס האבען מיר געהאפט, אז עס וועלען קומען בעסערע צייטען. יעצט אבער האבען מיר שוין קיינע האפנונגען ניט. אלעס האט זיך געענדינט. מיר בלייבען פרייסען. עס איז אלעס פערלארען. עס איז נור א שאדע, וואס דער ארימער קעניג ברעננט זיך אויס.

ווייסט איהר, וואס מען זאגט ביי אונז אויף אייך און אויף אלע אפיציערן, וועלכע האפען נאך, אז האנאווער זאל נאך צוריק אמאל ווערן א קעניגרייך? — מען זאגט, אז איהר נאררט אפ דעם קעניג און שלעפט נור ביי איהם געלד. —

וויא א דאנערשלאג האבען פראנץ דייעק׳ם לעצטע ווערטער געטראפען דעם ארימען ווענדענשטיין. ביז אהער האט ער זיך געהאלטען פאר א מארטירער, א מענש, וועלכער האט געליטען פאר אן אידעע. יעצט זאגט מען נאר, אז ער טהוט עס פאר געלד. דאס האט איהם זעהר געקרענקט.

— הערט איהר עס, ווענדענשטיין? האט יעצט גראף דע ריווערא געזאגט. דאס איז דיא שטימע פון׳ם פאלק! דיעזע שטימע מוז מען הערן. אלע אונזערע חכמות, אונזערע קונסטשטיקע, אונזערע קליינעלייען מוזען שווייגען פאר דער שטימע פון׳ם פאלק. דיא וואהרהייט, וועלכע אן איינפאכער בויער דריקט אמאל אויס מיט א שפריכווארט, מיט א ווארט, קען אמאל א פילאזאף ניט אויסדריקען מיט א

גאנצעם בוך. — וואס איז דען דער פילאָזאָף? — דיא עסענץ פון א גאנץ פאלק. דיא גרויסע לייט זיינען זעלטען, ווייל דיא נאטור מוז האבען צייט אום צונויפצושמעלצען אין איין קאפּ אלעס, וואס דאס פאלק האט אויסגעארבייט אין א געוויסער צייט.—

איך בין אויך איבערציינט, אז אייער זאך איז פערלארען. אייער קעניג קען ניט פיהרען קיין קריעג געגען פּרייסען און וועט ניט פיהרען. עס איז נור שאדע, וואס ער ברענגט זיך אוים און פערשליידערט זיין געלד.

— אָה! איך געה! איך פאהר א היים! האט וואנדענשטיין אויסגערופען. מען טרייבט אונז אלענפאלס ארוים פון פאריז. מען וויל אונז ניט ליידען דא, אין ציוויליזירטען לאנד, אין לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט. אך! עס זאל נור ניט זיין צו שפּעט! איך זאל נאך קענען רעטען דאס לעבען פון מיין אונגליקליכער העלענא!

ער האט ווידער פערדעקט זיין געזיכט מיט ביידע הענד און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— איך וועל אייך בעגלייטען, האט גראף דע ריווערא געזאגט. איך פערשטעה אויך עטוואס מעדיצין. ווען עס איז נור מעגליך זיא צו רעטען. וועלען מיר זיא רעטען, האט צוטרויען צו מיר, זייט מוטהיג און פערליערט ניט דיא האפנונג.—איך האב נאך היע אייניגע זאכען צו ארדנען. איך האף, אז אין פינף—זעקס טאג ארומבין איך פערטיג מיט מיינע אנגעלעגענהייטען. מיר וועלען דאן ביידע צוזאמען פאהרען צו אייך אהיי.

— אין פינף — זעקס טאג ארום, הערר גראף? איך מוז מארגען ארויספאהרען! אונז האט מען געגעבען דריי טאג צייט און מארגען איז דער דריטער טאג. דיא פאריזער פּאָליציי האט פיינד צו שפּאסען.

— דאס וועל איך שוין בעזארגען. איך וועל אייך שוין ברענגען אן ערלויבניס, אז איהר מעגט בלייבען היע נאך אויף עטליכע טעג.

— אבער העלענא, הערר גראף! וועט זיא עס אויסהאלטען? — איך וואלט יעצט קיין מינוט ניט געוואָלט בלייבען אין פאריז. איך וואלט שוין געוואלט אנטלויפען.

— געדולד, מיין פריינד! האט איהם דער גראף בערוהיגט. קומען מיט אמאל, פּלוצלונג, צו איהר טויג אויך ניט. מיט א קראנקען מענשען מוז מען ארומגעהן זעהר פאָרזיכטיג. — איהר שרייבט אן א בריעף אייער בראוט, אבער א ווארעמען בריעף, וויא איהר פערשטעהט. שרייבט איהר, אז איהר זייט ערשט געוואָהר געווארען פון איהר קראנקהייט און איהר האט אלעס איבערגעלאזען און פאהרט צו איהר. דאס וועט אויף איהר ווירקען. דאס וועט זיא בערוהיגען. דאס וועט שוין אויף איהר ווירקען און איהר וועט זיא ניט איבערראשען, ווען איהר וועט קומען צופאהרען. דאס וועט זיין פאר איהר דער ערשטער שריט צום לעבען, צור גענעזונג. דער אנדערער שריט וועט זיין, ווען איהר וועט אליין קומען. —

וואנדענשטיין האט איינגעזעהן, אז דער גראף האט ווידער רעכט. ער איז צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם אנגענומען ביי ביידע הענד און האט געזאגט מיט א ווייכער, פערטרוויליכער שטימע:

— הערר גראף! פון דער ערשטער מינוט אן, וואס איך האב מיך מיט אייך בעקענט, האב איך געפיהלט א בעזאנדערע סימפּאטהיע צו אייך. — עפּעס א געהיימע

קראפט האט מיך שטענדיג געצויגען צו אייך. — ביז אהער האב איך ניט געוואוסט, וואס עס איז, היינט פערשטעה איך, אז דאס האט גאט געטהאן. — איהר האט עס געזאגט, הערר גראף, איך גלויב אייך.

— יא, מיין פריינד, גאט האט עס געטהאן און גאט וועט אונז ווייטער פיהרען און העלפען.

ער האט ארויסגענומען פון'ם בוזם דעם גאלדענעם קרייץ, וועלכען מיר האבען שוין א מאל ביי איהם געזעהן, האט איהם צוגעלעגט צו זיינע אייגענע ליפען, דאן האט ער איהם געגעבען וואנדערנשטיינען. דערביי האט ער זיך אזוי געשטעלט, אז פראנץ זאל ניט זעהן, וואס ער טהוט.

— דאס איז דער גאט פון דיא קריסטען, א גאט פון ליידען און שמערצען. דיא אידען שטעלען פאר גאט אלס א בייזען און שטרענגען, וועלכער שטראפט פאר יעדע קלייניגקייט. דיא מאהאמעדאנער שטעלען פאר גאט, אז ער אליין מישט זיך ווייניג אין דער רעגירונג פון דער וועלט. ער האט אלעס איבערגעגעבען זיין געהילפען, דעם פראפעט מאהאמעד. נור מיר, קריסטען, שטעלען פאר גאט, אלס מענש, וועלכער האט אליין געלעבט אויף דער וועלט און האט אליין געליטען, אליין איבערגעטראגען נויט, ליידען, שמערצען און דעם טוידט. דערפאר האט אונזער גאט אזוי פיעל גלייבינגע. עס איז נישטא איין מענש, וועלכער האט ניט געליטען. ער האלט זיך דערפאר אן א גאט פון ליידען.

וואנדערנשטיין האט א קוש געטהאן דעם קרייץ. דער גראף האט איהם שנעל בעהאלטען ביי זיך אין בוזם. דאן האט ער זיך אומגעקעהרט און געזאגט מיט א רוהיגען טאן:

— יעצט מוז איך געהן בעזארגען מיינע געשעפטע. איך וועל היינט זיין נאך א מאל ביי אייך. איך האף, אז איך וועל אייך ברענגען גוטע נאכריכטען. — שרייבט באלד אן דעם בריעף, וואס איך האב אייך געזאגט און שיקט איהם באלד אוועק אויף דער פאסט. ענדיגט אלע אייערע געשעפטען, זעהט אייך מיט אייערע לאנדס־לייט און ערקלערט זיי, פארוואס איהר מוזט פאהרען א היים. — הייטע אבענד וועל איך קומען און מיר וועלען אפרעדען אקוראט, ווען מיר זאלען פאהרען און וויא אזוי מיר זאלען פאהרען.

ער האט געגעבען וואנדערנשטיינען דיא האנד. וואנדערנשטיין האט זיא צוגעלעגט צום הארצען. דאן האט ער געגעבען דיא האנד פראנץ דייעק. דער איינפאכער בויער איז ווייטער רויט געווארען און האט ניט געוואוסט, וויא אזוי מען נעהמט ביי א גראף דיא האנד. גראף דע ריווערא האט עס בעמערקט. ער האט אנגענומען דעם בויערס האנד און האט זיך געדריקט, וויא אן אלטען בעקאנטען. איידער פראנץ האט נאך צייט געהאט עפעס צו רעדען, איז שוין דער גראף פערשוואונדען.

קוים איז דער גראף ארויסגעגאנגען, האט זיך וואנדערנשטיין געזעצט שרייבען א בריעף. ער האט זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט. ער האט געפיהלט, אז עס איז איהם לייכטער אויפ'ן הארצען. יונגע, פרישע, גרינע, פרעהליכע בילדער פון זיינע יונגע יאהרען האבען זיך איהם פארגעשטעלט, האבען איהם גערייצט, האבען איהם געגלעט,

האבען איהם גערופען א היים. זיין ליעבע צו העלענא האט זיך אויפגעהאפט און איהם און האט זיך אויסגעגאסען ריין אוןווארם אין זיין הערץ.

ער האָט אויסגעגאָסען זיינע געפיהלע אויפ'ן פאפיער. די פעדער איז געפלויגען שנעל אין זיינע הענד. איין בייגעלע פאפיער נאכ'ן אנדערן האבען זיך בעדעקט מיט רייהען פון שוואַרצע ציילען. יעדעס ווארט האט אויסגעדריקט א געדאנקען, א געפיהל. יעדע צייכע איז געווארען א לעבעדיגער שליח (באָטע), וועלכע האט גערעדט אזוי קלאר, אזוי דייטליך פון ליעבע און גליק, אז ער וואלט דעם בריעף גאר ניט געענדיגט, ווען פראנץ זאל איהם ניט געוועו דערמאנען, אז דער בריעף וועט זיין צו דיק, מען וועט איהם ניט אויפנעהמען אויף דער פאסט.

„אויף וויעדערזעהן, ליעבע, טהייערע העלענא!" — האט ער צוגעשריעבען. — „אויף באלדינעם וויעדערזעהן."

דיעזע ווערטער האט ער איהר געזאגט, ווען ער איז אוועקגעפאהרען אין קריעג; דיעזע ווערטער האט ער איהר געזאגט, ווען ער איז אוועקגעפאהרען פון דער היים אלס אנטלאפענער, אלס פערבאנטער, אלס פעריאגטער און מיט דיעזע ווערטער האט ער יעצט געשלאסען זיין בריעף.

פראנץ דייעק האט געחאפט דעם בריעף און האט איהם אליין געוואלט אפטראגען אויף דער פאסט. באלד אבער האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט צוגעזאגט גראף דע ריווערא, ער זאל האלטען וואך פאר זיין ליעטענאנט.

— גאט זיי דאנק! האָט ער אויסגערופען, וואס איך בין ניט געקומען אהער אומזיסט. — עס קומט מיר יעצט פאר, גלייך וויא איך וואלט בעגאסען א פערדארטע בלום מיט פרישעס וואסער. אלעס וועט גוט זיין, פריילייך העלענא וועט לעבען און געזונד זיין!

— — — — — — — — — — — — —

פון וועגדענשטיינען איז גראף דע ריווערא געפאהרען גלייך צו דער מארקיזא. ער האט ריכטיג אויסגערעכענט, אז זיא דארף שוין זיין צוריק פון איהר שפאציער. ער האט נאך געהאט אויפ'ן וועג איינינע זאכען צו בעזארגען. ער האט אלעס שנעל אפגעטהאן און איז געקומען צו דער מארקיזא.

דיא דיענער פון דער מארקיזא האבען שוין געוואוסט, אז איהם דארף מען ניט מעלדען און ווען דיא מארקיזא איז נור דא אין דער היים, דארף מען איהם אריינלאזען. זיי האבען איהם היינט אויך ניט אויפגעהאלטען. ער האט נור געפרעגט, אויב זיא איז דא אין דער היים. דאס קאמערמעדכען האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

ער איז אריינגעגאנגען גלייך אין גרויסען זאל. דיא מארקיזא איז דארט ניט געוועו. ער איז געגאנגען אין בודואר. דיא מארקיזא איז דארט געזעסען לעבען איהר שרייב טיש. דער גראף איז געוועו א ביסעל אויפגערעגט און האט ניט בעמערקט, וויא דיא מארקיזא איז געווארען אונרוהיג, ווען ער איז אריינגעקומען.

— איהר האט מיך איבערראשט, הערר גראף, האט דיא מארקיזא געזאגט מיט א שמייכעל. איך האב אייך היינט ניט ערווארטעט. איהר האט געזאגט, אז איהר וועט קומען ערשט מארגען. — איך האב נאך היינט גאר נישט געקענט טהאן.

ערשט הייטע אבענד וועל איך פיעללייכט האבען איינינע נאכריכטען פאר אייך

— דאס מאל בין איך ניט געקומען וועגען נאכריכטען, האט דער גראף געזאגט קאלט. איך האב אייך עפעס צו זאגען, איך וויל אייך ערקלערן מיין פעסטען ווילען איבער א געוויסען פונקט.

דיא מארקיזא'ס ליפען האבען א ציטער געטהאן ביי זיינע לעצטע ווערטער, וועלכע האבען געקלונגען הארט און קאלט, וויא א בעפעהל פון א שטרענגען הערשער צו זיינעם א קנעכט. זיא האט אבער איינגעבויגען דעם קאפ און האט געקוקט צו דער ערד, גלייך וויא זיא וואלט געזאגט: בעפעהל, גנעדיגער העררי וואס איהר וועט הייסען, וועט באלד געטהאן ווערן.

— מיט אייניגע צייט צוריק האב איך אייך בעקאנט געמאכט מיט א יונגען מאן, מיט א דייטשען אפיציער, האט דער גראף אנגעהויבען צו זאגען. — זייט דעם—

דיא מארקיזא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— זייט דעם איז דיעזער יונגער מאן געווארען איינער פון מיינע בעסטע פריינד, האט זיא געענדיגט זיין רעדע. איך האב פון איהם ארויסגעצויגען פיעלע זעהר וויכ־טיגע נאכריכטען און ערקלערונגען און האב זיי אייך באלד מיטגעטהיילט. ער האט מיר זעהר גענוצט און איך מיין, אז פאר אייך זיינען דיא נאכריכטען, וועלכע איך האב דורך איהם ערהאלטען, אויך זעהר ניצליך געווען. —

— איך וויים עס, איך ווייס עס, האט דער גראף זיא אונטערבראכען.— יעצט האבען זיך אבער פיעל זאכען געענדערט. איך האב געוויסע אורזאכען צו פערלאנגען, אז איהר זאלט זיך מעהר מיט ווענדענשטיינען ניט קענען. ער וועט אלענפאלס באלד ארויספאהרען פון פאריז. איך וויל אבער, אז אין דער קורצער צייט, וואס ער וועט נאך בלייבען היע, זאלט איהר מיט איהם ניט רעדען און זאלט איהם זאגאר — ניט זעהען.

דיא מארקיזא האט א ציטער געטהאן, גלייך וויא מען וואלט זיא געשטאכען מיט א מעסער. איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו שליידערן בליצען. איהרע ליפען האבען געציטערט און זיא איז רויט געווארען, וויא פייער.

— אבער ווארום, העררי גראף? ווארום זאל איך מעהר ניט זעהן ווענדענשטיי־נען? ווארום זאל ער ארויספאהרען פון פאריז? — איך האב געוואלט בעטען, אז מען זאל איהם ערלויבען צו בלייבען היע.

דער גראף האט אויף איהר געווארפען א שטאלצען בליק פון פעראכטונג.

— איהר קענט מיך און ווייסט, אז איך בין ניט געוואינט צו ערקלערן דיא מענשען, וועלכע מוזען מיר פאלגען, וואס איך טוה און פאר וואס איך טהו עס. — איך וויל אזוי! דאס דארף זיין פאר אייך גענוג. דיא האט טאר ניט פרעגען, פאר וואס דער מייסטער האקט מיט איהר.

דיא מארקיזא האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר רציחה. עס האט איהר געקאסט זעהר פיעל מיה, זיא זאל זיך איינהאלטען און זאל איהם ניט זאגען א גראב ווארט אין דיא אויגען. זיא האט זיך אבער דאך איינגעהאלטען.

— איך האב אייך שוין ניט איין מאל בעוויעזען, אז איך פיהר אויס אייערע בעפעהלע און פרעג אייך ניט, פאר וואס איהר ניט זיי מיר, האט זיא געזאגט מיט א רוהיגער, ערגעבענער שטימע. — עס קומען אבער פאר פעלע, וואו איך קען מיך דאך ניט איינהאלטען און מוז אייך דאך פרעגען, ווארום איהר גיט מיר אזעלבע בעפעהלע. דיעזע פעלע זיינען, ווען אייערע בעפעהלע בעריהרען מיך אליין. — שטעלט אייך פאר הערר גראף, אז דיעזער יונגער מאן ליעבט מיך, אז איך ליעב איהם אויך; אז דיעזע ליעבע איז מיין איינציגעס גליק און מיין לעבען, וועלכעס איז צוואר פערגאלדעט פון דרויסען, אינוועניג אבער איז עס דאך פול מיט ליידען און קאמפף. וועט איהר מיר יעצט אויך ניט וועלען זאגען, ווארום ווילט איהר ביי מיר צונעהמען דיעזע ליעבע, דיעזעס גליק? —

דער גראף האט ווידער געווארפען אויף איהר א בליק פול פעראכטונג. ער האט געוואוסט, וואס ביי איהר הייסט ליעבע און גליק.

— האט איהר דען א רעכט אויף ליעבע און גליק? האט ער זיא געפרעגט. ברענגט דען ניט אייער ליעבע שטענדיג דעם טויט און דאס פערדערבען? — וויא קענט איהר רעדען פון ליעבע און גליק, ווען אייער גאנצעס לעבען בעשטעהט פון האס און אונגליק? —

ער איז געבליעבען שטיל איינינע אויגענבליקע. דיא מארקיזא האט געזעהן, אז אין איהם קומט עפעס פאר, אז ער קעמפפט מיט זיך אליין און האט נאך ניט גע-ענדיגט זיין רעדע.

— איך וואלט אייך פיעללייכט געלאזען דיעזע ליעבע, וויל דיא ליעבע איז דאך א הייליגע גאָב פון גאָט, וועלכע פערעדעלט און פערפיינערט זאגאר דעם ערגסטען פערברעכער. — דיא ליעבע איז דאס הייליגסטע רעכט פון אלע מענשען. קיינער קען זיא ביי זיי ניט אוועקנעהמען. אין דעם פאל אבער קען איך עס דאך ניט טהאן. ערשטענס, ווייס איך, אז איהר זייט ניט פעהיג צו א וואהרע, עדעלע ליעבע און ווען איהר זאלט שוין יא פעהיג זיין, קען איך עס דאך ניט ערלויבען, וויל דורך דיעזע ליעבע ווערט צערשטערט און פערניכטעט דאס לעבען און גליק פון אנדערע, אונשול-דיגע מענשען.

דיעזער ווענדענשטיין געהערט אייך ניט און קען אייך ניט געהערען, וויל ער געהערט אנאנדערער, א ריינערער, אן אונשולדיגער, וועלכע שטארבט אויס שמערץ אום זיין ליעבע. ער מוז צוריקפאהרען צו איהר!

דיא מארקיזא איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל און האט זיך געשטעלט פארן גראף. זיא איז געוועזן רוהיג און ענטשלאסען.

— איהר מאכט מיר שוין צופיעל פארווירפע, הערר גראף! האט זיא געזאגט און איהרע אויגען האבען געברענט. איהר ווייסט זעהר גוט, אז דארט אין וויען האב איך געליעבט יענעם יונגען מאן מיט א וואהרער, עדעלער ליעבע. איהר, הערר גראף, האט איהם פון מיר אוועקגעריסען. איהר, הערר גראף, האט עס אזוי ווייט געבראכט, אז איך בין ניט פעהיג צו קיין וואהרער עדעלער ליעבע. — איהר אליין האט מיך גע-טריעבען דערצו. איהר האט ארויסגעריסען פון מיין הערצען יעדעס ריינע געפיהל און

יעצט מאכט איהר מיר פארוואורפע? — איהר זאגט מיר, אז מיין לעבען בעשטעהט פון האס און אונגליעק. איך ווייס, וואס איהר מיינט. איהר מיינט יענעם אונגליקליכען ארבייטער, זשארזש לעפראנק, וועלכען איך האב געטריעבען אין אן אונצייטיגען טויט. בין איך אבער שולדיג? האב איך עס געטהאן אויס מיין אייגענעם ווילען? האב איך עס געטהאן צום פערגניגען? — איהר האט עס מיר געהייסען. איהר זייט אזוי פיעל שולדיג, וויא איך און איהר מאכט מיר פארווירפע!

— ווען איך בין שולדיג, וועל איך טראגען מיין שולד, האט דער גראף געענט־פערט שטאלץ. ווען איך האב עס געהייסען, האב איך דערביי געהאט געוויסע צוועקע און געוויסע ציעלע. מיינע הויכע צוועקע הייליגען דיא מיטעל, וועלכע איך האב גע־ברויכט. איהר אבער —

— הויכע צוועקע, ערהאבענע ציעלע! האט זיך איהם נאכגעקרימט דיא מאר־קיזא. ווען עס קומט צו אייך, ווערט איהר גוט און פרום און טהוט אלעס פון נאטס וועגען. איך אבער טהו עס פון מיינעט וועגען. איך האב געזוכט זשארזש לעפראנק אום איהם צו פערפיהרען? איך האב געזוכט ווענדענשטיינען אום איהם צו פערליעבען אין מיך? איך האב עס געטהאן אויס ניעדעריגע צוועקע? —

— וויא דאנערשלעג זיינען געפאלען איהרע הארטע ווערטער אויפ'ן גראפ'ס קאפ. ער איז אויך אויפגעשטאנען און האט זיך געשטעלט געגען איהר, וויא א מרא־מאר זייל.

— קיין ווארט מעהר! האט ער געזאגט מיט א בעפעהלענדער שטימע.— איך בין אייער ריכטער! אייער הערשער! איך וועל שטענדיג בלייבען אייער הערשער! פערגעסט עס ניט! פערגעסט ניט, ווער איהר זייט! פערגעסט ניט דיא גרעפין פראנקענשטיין!

דיא מארקיזא האט א ציטער געטהאן. אזוי שטרענג האט זיא נאך דעם גראף קיין מאל ניט געזעהן. ער איז ניט געוועזן דער העפ'ליכער, געפעלינער קאוואליר, וועל־כער פלעגט איהר געבען זיינע בעפעהלע מיט א שמייכעל. פאר איהר איז יעצט גע־שטאנען דער אייזערנער מענש, פאר וועלכען זיא פלעגט שטענדיג ציטערן.

איינינע מינוטען זיינען ביידע געשטאנען איינער געגען דעם אנדערן. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט. אין צימער איז געוועזן שטיל, אז מען האט געהערט, וויא דאס הערץ האט בייביידען געקלאפט.

פלוצלונג האט מען דערהערט א גערויש אין דער מארקיזא'ס שלאף צימער, וועלכעס איז געוועזן לעבען בודואר. צווישען ביידע צימער איז געוועזן אן אפענע טהיר, פערהאנגען מיט א שווערן, זיידענעם פארהאנג. — מען האט געהערט א לייכטעם אונטערדריקטעם הוסטען.

דיא מארקיזא האט א ציטער געטהאן און און האט געווארפען א בייזען בליק אויפ'ן פארהאנג. — דער פארהאנג האט זיך נאנץ לייכט געריהרט, גלייך וויא א ווינד וואלט איהם בעוועגט.

גראף דע ריווערא האט ניט ארא פגעלאזען קיין אויג פון איהר. ער האט אלעס געזעהן און אלעס בעמערקט.

— זיינען מיר ניט אליין? האט ער געפרעגט.

איידער דיא מארקיזא האט צייט געהאט צו ענטפערן, האט ער א שפאן געטהאן צום שלאף צימער און האט אויפגעהויבען דעם פארהאנג — פאר איהם איז געשטאנען הערר לענואר.

לענואר האט זיך איינגעבויגען און האט געוואלט שטילערהייט ארויסקריכען פון שלאף צימער. דער גראף האט איהם אנגעהאפט ביי דער האנד.

— האלט! שטעה! — ווער ביסט דוא?

לענואר האט א שמייכעל געטהאן. דער גראף האט אויף איהם געקוקט איי־ניגע מינוטען. ער האט איהם אנפאנגס ניט דערקענט. אין שלאף צימער איז געווען האלב דונקעל, דיא פענסטער זיינען געווען פערהאנגען. ער האט איהם ארייגעפיהרט אין בודואר און האט איהם צוגעפיהרט צום פענסטער. ביים העלען שיין האט ער איהם באלד דערקענט און האט געפרעגט דיא מארקיזא מיט דיא אויגען: וואס הייסט דאס?

דיא מארקיזא איז אנפאנגס געווען שטארק איבערראשט און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן און וואס צו זאגען. זיא האט אבער באלד געפאסט מוטה און האט א ווינק געטהאן צו העררן לענואר, ער זאל עפעס ערקלערן.

— וויא עס ווייזט אויס, האב איך א טעות געהאט אין דער טהיר, האט לע־נואר געזאגט. איך בין ארייגעגאנגען דורך א פאלשער טהיר.

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דער מארקיזא און האט זיך פאר איהר טיעף פערנייגט.

— דיא גנעדיגע פרוי מארקיזא האט מיר געהייסען היינט קומען אום דיעזע שטונדע. איך בין געקומען און האב געוואלט אריינגעהן אין זאל. איך האב אבער א טעות געהאט אין דער טהיר און בין אריין אין אנאנדער צימער. איך האב געהערט רעדען און האב געוואלט צוריקגעהן, ווען פלוצלונג —

— דאס איז הערר לענואר, האט יעצט דיא מארקיזא ערקלערט. ער בעזארגט מיין קיך און מיין קעלער מיט אלע נעטהיגע ארטיקעל.

זיא האט זיך יעצט געווענדעט צו העררן לענואר.

— הערר לענואר! היינט האב איך קיין צייט ניט מיט אייך צו רעדען. איהר וועט קומען מארגען.

הערר לענואר האט זיך פערנייגט און האט געוואלט ארויסגעהן.

— איך מיין, אז הערר באלצער און מאדאם באלצער קענען מיך זעהר גוט, האט דער גראף געזאגט מיט זיין פעסטער, רוהיגער שטימע. — איך מיין, אז זיי 'ארפען שוין וויסען, אז מיך נארט מען ניט אָפּ אזוי לייכט. — בלייבט, הערר באל־צער! בלייבט נאך א ווייל און ערקלערט מי־, וויא קומט עס, וואס איהר זייט גע־קומען קיין פאריז? איך האב דאך אייך געגעבען א שטרענגען בעפעהל, איהר זאלט זיך מעהר אין איירופא ניט געפינען?

און איהר, מאדאם באלצער, זאגט מיר, וויא קומט עס, וואס איהר האט מיר ניט דערצעהלט, אז דיעזער פוינעניכטס איז צוריקגעקומען און געפינט זיך אין פאריז?

איהר ווייסט, דאכט זיך, זעהר גוט, וואס פאר א שטראפע עס קומט איהם.

דיא מארקיזא איז געשטאנען, וויא צומישט. זיא האט געמיינט, אז זיא וועט זיך אויסדרעהן, דער גראף וועט איהם ניט דערקענען. יעצט אבער, ווען ער האט איהם דערקענט, האט זיא אין דיעזע מינוט ניט געפונען קיין ווערטער, מיט וועלכע זיך אויסצודרעהן. הערר לענואר אבער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט. ער איז געוואָ־ רען פרעך, וויא ער פלעגט שטענדיג זיין, איז צוגעקומען צום גראף און האט איהם געזאגט שטאָלץ.

— מיין הערר! איך פערשטעה ניט, וואס איהר זאגט. וויא עס ווייזט אויס, האט איהר יעצט א טעות געהאט אין דער פערזאן. איהר רעדט עפעס פון א הערין באלצער און מיינט, אז איך בין באלצער. — איהר האט מיר געגעבען א פאלשען נאָ־ מען. איך הייס לענואר און איך בעט אייך, אז איהר זאלט ווייטער מיט מיר רעדען, וויא מיט יעדען פרעמדען מענשען, וועלכען איהר קענט ניט. — איך גיב אייך א גוטען ראטה, איהר זאלט זיך ווייטער גוט צוקוקען צו א מענשען, איידער איהר ערלויבט זיך צו רעדען צו איהם אזוי, וויא איהר האט נור וואס גערעדט.

דיא מארקיזא האט געקוקט אויף הערין לענואר מיט שרעק און מיט שטוינען. דיא סצענע איז איהר געווארען העכסט אונאנגענעהם און שמערצליך. זיא האט אויפגעהויבען דיא האנד, גלייך וויא זיא האט געוואלט בעטען, עס זאל זיין שטיל. — אין דיעזע מינוט האט דער גראף זיך אפגערופען:

— מאדאם! נור וואס האט איהר מיר געזאגט, אז איך האב קיין רעכט אייך צו מאכען פאָרווירפע. יעצט פרעג איך אייך: וויא קומט עס, וואס איהר זייט זיך ווידער צונויפגעקומען מיט דיעזען טויגעניכטס, וועלכער האט שוין בעגאנגען אזוי פיעל פערברעכען, אז ער וואלט געדארפט פערפוילט ווערן ערגעץ אין א צוכטהויז? איך האב איהם אומיסטען ארויסגעשיקט פון אייראפא. איך האב געמיינט, אז אין אמעריקא וועט ער ווערן א בעסערער מענש. איך האב אייך געוואָלט בעפרייען פון איהם אויף אייביג. ער איז געקומען צוריק אום ווייטער צו בעגעהן בעטריגערייען און פערברעכען און איהר האט איהם ווידער אויפגענומען און זיך ווידער מיט איהם פעראייניגט.

יעצט, הערר און פרוי באלצער, וועל איך מעהר ניט האנדלען געגען אייך אזוי עדעל, וויא אמאל, האט ער ווייטער געזאגט מיט א שטרענגער, הארטער שטימע. יעצט וועט אייךביידען טרעפען דיא שטראפע, וועלכע איהר האט פערדיענט.

דיא מארקיזא איז געזעסען אויף איהר ארט און האט געקעמפפט מיט זיך אליין. זיא האט אליין ניט געוואוסט וואס צו טהאן: זאל זיא אויפטרעטען שטאָלץ געגען איהם און איהם איינמאָל פאר אלע מאל ערקלערן, אז זיא הערט איהם ניט, זיא האט פאר איהם קיין מורא ניט און הייסט איהם ארויסגעהן פון איהר וואוינונג, אדער זאל זיא ווייטער שפיעלען מיט איהם א קאָמעדיע. — זיא האט זעהר ניט גע־ וואלט אין גאנצען איינרייסען מיט איהם. ער פלעגט איהר דאך ביז אהער געבען גענוג געלד, אז זיא זאל קענען פיהרען אזא גרויס הויז, וויא זיא האט געפיהרט ביז

אהער. ווען זיא פערליערט איהם, וועט זיא ניט האבען דיא מיטעל פון וואנען צו לעבען אזוי גרויס.

פון דער אנדערער זייט אבער איז עס איהר אבער שוין געוואָרען אונמעגליך איבערצוטראגען זיין שטאָלץ און זיינע בעפעהלע. זיא האט געוואָלט שפּיעלען מיט איהם א קאָמעדיע נאך א געוויסע צייט, ביז עס וועט איהר געלינגען צו ווערן א געהיימע אגענטין פון דער פראנצויזישען רעגיערונג, וויא מאדאם מושאר איז געווען אן אגענטין פון דער רוסישער. דערוויל אבער האט זיא איהם נאך געדארפט. זיא האט זיך נאך ניט געקענט אין גאנצען בענעהן אהן איהם. דיא רוסישע ניהיליסטען האבען איהר צוואר געצאהלט גאנץ עהרליך, אבער נור דאן, ווען זיא האט זיי גע- בראכט עפּעס א נייעס. יעצט זיינען זיי זיך אין גאנצען צופאהרען און האבען איהר אין דער לעצטער צייט גאר ניט געצאהלט.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס זיא האט ביז אהער געשוויגען און אלעס איבערגעטראגען פּוּנקט גראף. יעצט אבער, ווען דער גראף האט געדראהעט, אז ער וועט זיי ביידע איבערגעבען דער פּאָליציי, האט זיא זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען.

— הערר גראף! האט זיא אויסגערופען שטאָלץ. איהר ערלויבט אייך צו רעדען אין מיין זאל א שפּראכע, צו וועלכער איך בין ניט געוואוינט. — ווען איהר האט עפּעס צו דיעזען העררן, וועלכען איך קען אלס אן אנשטענדיגען מענשען, — בעט איך אייך, איהר זאלט זיך מיט איהם ערקלערן אין אנאנדער ארט, ניט אין מיין שטוב. מיין זאל איז ניט געמאכט געוואָרען דערצו, אז מען זאל זיך זיעדלען אין איהם.

דאס ערשטע מאל זייט ער האט זיך געקענט מיט מאדאם באלצער, האט ער פון איהר געהערט אזא שטאלצע און פרעכע שפּראכע. דער קאלטער און שטענדיג רוהיגער גראף איז אויפגעשפּרונגען.

— אזוי ווייט איז עס שוין געקומען! האט ער אויסגערופען. אזא פרעכהייט האב איך זאנאר פון א מאדאם באלצער ניט ערוואַרטעט! — איהר ניעדערטרעכטיגע לומפּען! איך וועל אייך באלד ווייזען, ווער איהר זייט. איהר פערגעסט געוויס, אז איך האלט אייך אין דיא הענד און קען אייך יעדע מינוט צעררריקען און צוקוועטשען, וויא איהר פערדיענט עס, — איהר פערלאַנגט עס, גוט! איך וועל עס טהאַן. איך וועל אייך איבערגעבען אין דיא הענד פון דער מענשליכער גערעכטיגקייט!

— מיין הערר! האט זיך יעצט אפּגערופען הערר לענואר, ווען איהר וועט זיך ערלויבען נאך אמאל צו בעליידיגען דיא מארקיזא און מיך, וועל איך אריינרופען דיא דיענער און דיא קוטשער און וועל אייך הייסען אראפּוואַרפען פון אלע טרעפּ.

דער גראף האט אויפגעזאָטען, וויא א קעסעל. ער האט אנגעכאַפּט העררן לענואר ביים קראגען און האט געשריען אויסער זיך:

— קום, דוא טויגעניכטס! איך וועל דיך באלד איבערגעבען דער פּאָליציי.

דאס פראנצויזישע געזעץ זאגט, אז יעדער בירגער, וועלכער טרעפט ערגעץ א פער- ברעכער, מעג ער איהם ארעסטירען און ברענגען אויף דיא פּאָליציי סטאציאָן.

— איך מוז מאכען אן ענדע! האט לענואר געזאגט קאלט און רוהיג.

ער האט ארויסגענומען פוּן בוזעם א קליינע קארטע און האט זיא געוויזען דעם גראף.

— ווייסט איהר וואס דאס איז ? — ווען איהר ווייסט ניט, לעזט עס איבער, וועט איהר וויסען. — יעצט בעפעהל איך אייך: געהט באלד ארויס פון דיעזעס הויז. ווען איהר געהט ניט ארויס אין פינף מינוטען, וועל איך רופען פּאָליסלייט און וועל אייך הייסען אוועקפיהרען אין א דול=הויז. איך קען מיר אנדערש ניט ערקלערן אייערע אויפפיהרונג אין זאל פון דער גנעדיגער מארקיזא פּאלאנצאָני אלס, אז אייער פער=שטאנד איז געשטערט.

דער גראף האט דערזעהן דיא קארטע און האט א ציטער געטהאן. עס איז געווען דיא קארטע פון א העכערן בעאמטען פון דער געהיים=פּאָליציי.

הערר לענואר האט ווירקליך בעקומען א פיעל העכערע שטעלע דערפאר, וואס ער האט געבראכט דער קייזערין אייזשעניע דעם בריעף פון דער מארקיזא, פון וועל=כען מיר האבען דערצעהלט אין איינעם פון דיא פאָריגע קאפּיטלעך.

דער גראף איז געשטאנען, וויא פון דונער געטראפען, ווען ער האט דערזעהן דיא קארטע. ער האט געוואוסט, וואס דאס איז און וואס פאר א מאכט אזא קאר=טע האט. באלצער קען איהם ווירקליך ארעסטירען און הייסען אוועקשיקען אין א דול-הויז. ער איז געשטאנען איניגע מינוטען און האט געקוקט אויף הערר באלצער און אויף זיין פרוי.

— אה! עס איז געפעהרליך זיך צו שפּיעלען מיט פייער, האט ער געזאגט שטילערהייט. איך האב געמיינט, אז איך וועל קענען האלטען דעם טייפעל אין דיא הענד און צווינגען איהם, ער זאל דיענען צו מיינע צוועקען. איך האב מיך אפּגע=נארט. — ניין! האט ער פּלוצלונג אויסגערופען. ער מוז מיר דיענען און ער וועט מיר דיענען!

ער האט געוואָרפען א שטאָלצען בליק פון פעראכטונג אויף דאס פּאר פּאָלק און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון צימער. רוהיג איז ער דורכגעגאנגען דעם קארידאר. רוהיג האט ער געעפענט דיא טהיר און איז ארויסגעגאנגען אויף דער גאס.

— וואס האסט דוא געטהאן? האט דיא מארקיזא אויסגערופען, ווען זיא איז געבליעבען אליין מיט איהר מאן. — איך דארף איהם נאך דערווייל האבען. דערווייל ניט ער מיר נאך אויף צו לעבען און צו פיהרען אזא גרויס הויז. וואס קען איך טהאן, ווען ער וועט מיר ניט געבען קיין געלד?

— זיי רוהיג, ליעבע אננא! אזא שעהנע און קלוגע פרוי, וויא דוא ביסט, קען שוין אין פאריז פיהרען דאס גרעסטע הויז. איך וועל דיר שוין געבען מיטעל, וויא אזוי צו פערדיענען געלד. דוא דארפסט ניט דיעזען שטאָלצען יעזואיט, וועלכער מיינט, אז מיר לעבען נאך אין דיא אלטע צייטען, ווען פון'ם גרעסטען ביזן קלענסטען האבען געציטערט פאר זיי. זייער צייט איז פאראיבער. זיי האבען שוין אויסגעשפּיעלט. יעצט איז דיא צייט פון זשאנדארמען און דיא געהיים=פּאָליציי.

— אבער, ליעבער מאן, האט ווייטער דיא מארקיזא געזאגט, ער קען דאך —

— ער קען גאר נישט, האט הערר באלצער געענטפערט שטאָלץ. ער קען אונז

נאר נישט טהאן און וועט אונז נאר נישט טהאן. דיין בריעף, מיין ליעבע אננא, האט נוט געווירקט. עס איז נים לאנג אנגעקומען א בעפעהל פון ביאריץ, אז מען זאל איהם ארויסשיקען פון פראנקרייך. איידער ער וועט צייט האבען עפּעס צו טהאן, וועט ער שוין זיין ערגעץ גאנץ וויט. — איך בין זיכער, אז דיא פראנצויזישע רעגיערונג וועט וויסען, וויא צו בעדאנקען דיא פרוי מארקיזא פאר דעם ווינק, וואס זיא האט געגעבען אין איהר בריעף איבער גראף דע ריווערא.

דיא מארקיזא איז אויפגעשפּרונגען פאר פרייד.

— אזוי ? בין איך פריי ? ווירקליך פריי פון דיעזען מענשען ? האט זיא אויס־גערופען און האט פּריי אויפגעאטהעמט, וויא איינער, וועלכען מען לאזט ארויס פון א פינסטער געפענגניס.

— האט דיא מארקיזא נאך א בעפעהל פאר מיר ? האט לענואר געפרעגט, גלייך וויא עס וואלט נאר ניט פאַרגעקומען צווישען זיי.

— פאר היינט האב איך מעהר קיין בעפעהל פאר דיר.

— אלזאָ, האב איך עפּעס מיטצוטהיילען דער מארקיזא, האט לענואר געזאָגט רוהיג און ערגעבען. — מארגען וועט דער פּאָליציי־מיניסטער האבען דיא עהרע צו בעזוכען דיא גנעדיגע פרוי מארקיזא.

— אזוי גיך ? האט דיא מארקיזא אויסגערופען פול פרייד.

זיא איז צוגעלאפען צו איהר קאמאד, האט געעפענט א קאסעטע, האט ארויס־גענומען א פּאַר פּעקלעך געלד און האט זיי דערלאנגט איהר ליעבען מאן.

— איך דאנק אייך, הערר לענואר ! האט זיא געזאגט אין דעמזעלבען מאָן, וואס ער האט גערעדט צו איהר. איך זעה יעצט, וויא נעטהיג עס איז פאר אונז ביידען צו האלטען צוזאמען. איך וועל שוין וויסען, וויא אזוי אייך צו שעצען און וויא אזוי אייך צו בעלוינען. — אויף וויעדערזעהן !

הערר לענואר האט צוגענומען דאס געלד, האט זיך טיעף פערנייגט און איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון זאל. דיא מארקיזא איז געפאלען אויף איהר דיוואן און האט זיך פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. זיא האט זיך געווים פאַרגעשטעלט, אז זיא איז שוין געשטיגען גאנץ הויך. אויף איהרע ליפּען האט געשפּיעלט א פרעהלי־כער און גליקליכער שמייכעל.

פינסטער, טרויעריג, אויפגערעגט און געבויגען, ווען אויך ניט געבראכען, איז גראף דע ריווערא געקומען א היים און איז גלייך אריינגעגאנגען אין צימער פון זיין טאָכטער יוליא. ער האט זיא געפונען זיצען ביי דער פּיאַנאָ און שפּיעלען איינע פון איהרע ליעבלינגס אריען. ער האט זיא ארומגענומען און האט איהר א קוש גע־טהאן אין שטערן. ער איז ערשט געקומען פון א טייפעל און האט דערזעהן פאר זיך אן ענגעל.

— שפּיעל מיר עפּעס, טאָכטער, האט ער געבעטען, אבער עפּעס א העלדענ־שטיק, וועלכעס פליסט איין מוטה צו לעבען, צו קעמפּפען און צו שטרעבען צו דיין ציעל.

— דיין ציעל, פאטער, איז דאך שטענדיג א הויכער און א גוטער, האט יוליא

געזאגט און האט איהם ארומגענומען. דוא שטרעבסט דאך נור צו דיענען גאט.

— יא, טאָכטער, איך שטרעב צום גוטען. עס זיינען אבער דא טייפעל, וועלכע לעגען מיר קלעצער אויף מיין וועג.

יוליא האט אויסגעזוכט א שטיק פון מאצארט, א פרומעס שטיק, וועלכעס ווערט געשפּיעלט און געזונגען אין אלע קירכען. „גאט איז מיין הירט, פאר וועמען האב איך מורא צו האבען?" זיא האט עס אנגעהויבען צו שפּיעלען מיט אזא געפיהל און מיט אזא בעגייסטערונג, אז דער גראף איז געוואָרען געריהרט און אויף זיינע אויגען האבען זיך געוויעזען טרערין.

דיא מוזיק האט אויף איהם געווירקט. זיא האט איהם אין גאנצען בערוהיגט.

— ווייסט דוא, טאָכטער, אז מיר פאהרען באלד ארויס פון פּאריז? האט ער געזאגט צו זיין טאָכטער. מיר פאהרען קיין דייטשלאנד. מיר ווילען דאָרט בעזוכען א קראנקעס מעדכען, וועלכעס האט אויך זעהר פיעל געליטען. דוא וועסט ווערן איהר פריינדין. מען האט מיר געזאגט, אז זיא איז א שעהנעס און א גוטעס מעדכען.

— איך בין זיכער, פאָטער, אז דוא וועסט מיך פיהרען נור צו גוטע מענשען.

ער האט זיך געפיהלט בערוהיגט און האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב־טיש. ער האט געוואלט ענדיגען זיינע געשעפטען וואס שנעלער און ארויספאהרען מיט וועגדענשטיינען. ער האט אנגעשריעבען איינינע בריעף.

זיין דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם דערלאנגט א בריעף מיט'ן זיעגעל פון דער פּאָליציי.

דער גראף האט אויפגעריסען דעם קאָנווערט און איז דורכגעלאפען דעם בריעף מיט דיא אויגען. ער איז געוואָרען בלייך, וויא קאלך. ער האט בעטראכט דעם בריעף פון אלע זייטען, האט איהם איבערגעקעהרט און איבערגעדרעהט, האט איהם געלעזען נאך אמאל און נאך אמאל גלייך וויא ער האט ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויגען.

אין בריעף זיינען געשטאנען נור פאָלגענדע עטליכע צייל‌ען.

„דער פּאָליציי פּרעפעקט פון פּאריז בעט דעם גראף דע ריווערא, ער זאל „ארויספאהרען פון פּאריז אין פיער און צוואנציג שטונדען און פון גאנץ פראנק־„רייך אין אכט און פערציג שטונדען. ווען ער וועט עס ניט טהאן, וועט דער „פּאָליציי פּרעפעקט געצוואונגען זיין צו ערגרייפען אנדערע מאסרעגעלן."

דער גראף איז געבליעבען זיצען, וויא א דערשלאָגענער. ער איז געזעסען א לאנגע צייט פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. דאן האט ער געזאגט צו זיך אליין.

— דיא פראנצויזישע רעגיערונג האט זיך ארויסגעוויעזען, וויא יענע פרוי. איך האבביידע געוואלט פערווענדען און בענוצען פאר גאט'ס דיענסט, צו דער עהרע פון זיין נאמען. עס איז אבער אומזיסט. יענע פרוי איז פערדארבען ביז אין דיא מארך פון דיא ביינער. מען מוז זיא פערניכטען, זיא זאל ווייטער ניט שאדען. דיא איצטיגע פראנצויזישע רעגיערונג איז אויך פערדאָרבען ביז אין דיא מארך פון דיא ביינער. זיא שטעהט לעבען א שרעקליכען אָפּגרונד. איך האב זיא געוואָלט צוריקהאלטען. איך האב געגלויבט, אז עס וועט מיר געלינגען צו מאכען פון איהר א פעסטע שטיצע פאר'ן הייליגען גלויבען. זיא וויל עס ניט. זיא פערשטעהט ניט, וואס עס הייסט זיין

א קאטוילישע מאכט. לאז זיא פאלען! לאז זיא זיך אראפגלימשען אין אבגרונד! — איך אבער מוז זיין שטארק און ארבייטען ווייטער פון גאטס וועגען. — רוסלאנד! דאס הייליגע רוסלאנד מוז יעצט זיין מיין פעלד, וועלכעס איך דארף אנהויבען צו בעארבייטען. דארט זיינען נאך דיא מענשען איינפאך. דיא פאלשע ציוויליזאציאָן האט זיי נאך ניט פערדארבען. דארט שטעקט נאך דיא פאלשע ציוויליזאציאָן אויף דיא פיקעס פון עדעלע און גרויסמוטהיגע קאזאקען, וועלכע ווייסען, וויא אזוי צו פעריאָגען יעדען פאלשען געדאנקען פון פרייהייט און ניט פרומקייט. — דער עדעלער קראָנפרינץ (נאָסליעדניק) וועט מיך בעסער פערשטעהן, וויא נאפאָלעאָן דער דריטער.

אלזא, קיין רוסלאנד!

אבער איידער איך פאהר קיין רוסלאנד מוז איך זעהן צו רעטען דיעזען וועג־דענשטיין פון יענער ניעדערטרעכטיגער פרוי. איך האב איהם צוגעזאגט, אז איך וועל נאך היינט זיין ביי איהם. איך מוז זיין ביי איהם. מעגליך, אז עס וועט מיר געלינגען צו מאכען פון איהם אויך אזא טרייען דיענער פון דער הייליגער קירכע, וויא איך האב געמאכט פון באראָן פאן שטילאוו.

ער איז אויפגעשטאנען פעסט ענטשלאסען, גלייך וויא עס וואלט גאר ניט געשעהן, האט אנגעקלונגען און האט געזאגט צום דיענער, וועלכער איז באלד אריינ־געקומען:

— היינט ביי נאכט זאלען אלע מיינע זאכען זיין פערפאקט. מארגען זאל מען זיי אוועקשיקען מיט'ן באהן קיין האנאווער אהן אן אדרעסע, אויפ'ן פאָרציינער.

ער האט זיך אנגעטהאן, איז ארויס אין דרויסען, האט גענומען דיא ערשטע דראָשקע, וואס ער האט געטראפען, און איז אוועקגעפאהרען צו וועגדענשטיינען.

וועגדענשטיין איז געוועזען אין דער היים. ער איז ארויסגעגאנגען אויף א גאנץ קורצע צייט און האט געמעלדעט זיין גענעראל, אז ער מוז פאהרען א היים. געוויסע פאמיליען אנגעלעגענהייטען פאָרדערן, אז ער זאל זיין אין דער היים. וועגדענשטיין האט געמיינט, אז דער גענעראל וועט איהם אויספרעגען, פאר וואס ער פאהרט, וויא עס קומט, וואס ער פאהרט אזוי פלוצלונג און דערגלייכען. דער גענעראל האט איהם גאר ניט געפרעגט און האט איהם באלד געגעבען דיא ערלויבניס צו פאהרען, וואוהין ער וויל.

— דער גראף האט רעכט, האט וועגדענשטיין געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז געקומען אהיים. אונזערע זאכע איז פערלארען. האנאווער בלייבט אויף אייביג פרייסען.

ער האט שוין געוואלט פאהרען. ער איז געזעסען, וויא אויף שפילקעס. יעדע מינוט איז געוועזען ביי איהם א יאהר. ער האט געווארט אויפ'ן גראף און האט איהם געוואָלט בעטען, אז זיי זאלען פאהרען מארגען אדער איבערמארגען.

וויא ערפרעהט איז ער דאהער געוועזען, ווען דער גראף איז געקומען און האט איהם געזאגט, אז זיי פאהרען נאך היינט ביי נאכט! פראנץ דייעק האט געטאנצט פאר פרייד. ער האט פיינט געהאט פאריז מיט זיין ליארם, מיט זיין גערויש, מיט זיין אונרוהיגעם לעבען, מיט זיינע דאמען.

ער האט באלד שנעל צונויפגעפאקט דיא זאכען פון זיין ליעטעגאנט און האט אלעס פערטיג געמאכט צו דער רייזע.

אין דעם צוג פון צוויי אוהר פארטאג זיינען געזעסען אין א קופּע ערשטער קלאסע פיער אונזערע בעקאנטע מענשען. דאס זיינען געווען: גראף דע ריווערא, זיין טאָכטער יוליא, וואנדענשטיין און פראנץ דייעק.

## 47טעס קאפּיטעל.

## ביים ענגלישען מיניסטער.

מיר וועלען זיך באלד אומקעהרען צוריק אין אונזערע אלטע היימאט, אין דאס הי..ע רוסלאנד. מיינע לעזער זיינען געוועזן אזוי פריינדליך און האבען ארומגעוואנדערט מיט מיר איבער אייראפּא. מיר זיינען אויסגעוועזן אין וויען, בערלין, רוים, האנאווער, פאריז און פיעלע אנדערע שטעדט. איך האב אויפגעהויבען פאר זיי דעם פארהאנג און האב זיי געוויעזען, וואס עס טהוט זיך אין דיא הויפען פון קיסריים און קעניגע, וואס פאר אינטריגען עס קומען דארט פאר, וועלכע אינטערעסען עס בעווענען זיך און בעגעגנען זיך דארט און וועלכע קרעפטע עס קעמפּפען דארט איינער געגען אנדערן.

אין איין ארט זיינען מיר נאך ניט געוועזן — אין לאָנדאָן, דיא הויפּשטאָדט פון ענגלאנד, ריכטיגער געזאגט, דיא הויפטשטאדט פון דער גאנצער וועלט. מיינע לעזער וועלען עס ניט נעהמען פאר איבעל, ווען איך וועל זיי אויף א גאנץ קורצע ווײלע ארײנפיהרען אין קאבינעט פון'ם ענגלישען ערשטען מיניסטער. איך האף, אז זיי וועלען דארט געוואהר ווערן איינינע אינטערעסאנטע זאכען. מיר וועלען זיך דארט לאנג ניט אויפהאלטען. מיר וועלען זאגאר ניט אפּשטײנען אין קיין האטעל אין לאָנ־דאָן. מיר וועלען דארט פערברענגען נור א פּאָר שטונדען און וועלען באלד אוועק־פאהרען.

אין דער וועלט איז פערברייטערט דיא מיינונג, אז ענגלאנד איז דאס פרייעסטע לאנד, אז דיא ענגלישע רעגיערונג איז דיא בעסטע אין דער וועלט. דאס איז פאלש. עס איז נאך ניטא איין רעגיערונג אין דער וועלט, וועלכע זאל זיין אזוי פאלש און אזוי ניעדערטרעכטיג, וויא דיא ענגלישע. אין פערלויף פון טויזענד יאהר האבען זיך זיעבצעהן קעניגליכע פאמיליען געביטען אויפ'ן ענגלישען טראהן. ניין קעניגע האט מען ערמארדעט, איין קעניג האט מען אפּגעהאקט דעם קאָפּ אויפ'ן עשאפאט, פיער קעניגינען האט מען פעראורטהיילט צום טוידט. זעקס פרינצען האבען זיך אויפגע־הויבען געגען זייער פאָטער. צעהן קראנפּרינצען האט מען ערמארדעט.

דאס איז דיא גוטע ענגלישע רעגיערונג!

וואס פאר א פרייהיים עס הערשט אין ענגלאנד, קענען מיר זעהן, וויא ענגלאנד בעהאנדעלט דיא אירלענדער און דיא קאטויליקען אין איהרע לענדער.

דאס איז דיא פרייהיים פון ענגלאנד.

איך וואלט אייך געקענט פארשטעלען א געטייערעס בילד פון ענגלאנד, עס ווערט אבער שפּעט. מיר דארפען געהן צום מיניסטער.

אין דאולנינג סטריט געפינט זיך דער גרויסער פאלאץ ווייטהאל, דער פאלאץ פון'ם ענגלישען מיניסטעריום. אין א גרויסען, רייכפערציערטען צימער זיצט לעבען א גרויסען שרייב טיש אן אלטער מאן און שרייבט. דאס איז דער ערשטער ענגלישער מיניסטער, לארד גרענוויל. לעבען אנאנדער שרייב טיש, אויף וועלכען עס ליעגען אנגעווארפען גאנצע פעק בריעף, פאפיערן, שריפטען, דאקומענטען און ביכער, זיצט א מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג און לענט צונויף איינינע פאפיערן אין א געוויסע ארדנונג. דאס איז דער ערשטער סעקרעטער פון'ם מיניסטער, סער אדדינגטאן.

— זייט איהר פערטיג, אדדינגטאן? האט דער מיניסטער געפרעגט. עס ווערט שפעט, איך מוז געהן צו דער קעניגין.

— איך בין באלד פערטיג, האט אדדינגטאן געענטפערט און האט שוין צונויפגעלענט זיינע פאפיערן אין א לאנגען פעקעל.

דאן איז ער צוגעגאנגען צום מיניסטער און האט זיך פאר איהם אניעדערגעשטעלט.

— וויא שטעהט עס אין שפאניען? האט דער מיניסטער געפרעגט.

— קעניגין איזאבעללא איז אנטלאפען, האט דער סעקרעטער געענטפערט. זיא איז יעצט אין פראנקרייך.

— שיקט דעם גראף דאן ראדרינא דע מאדענא פינף טויזענד פונט שטערלינג, האט דער מיניסטער בעפאהלען. איהר ווייסט דיא אדרעסע — קיין פאריז.

— פון איטאליען האבען מיר זעהר אונרוהיגע נאכריכטען, האט דער סעקרעטער ווייטער געמעלדעט. מאדזיני איז ווייטער אין איטאליען און מען ערווארטעט דארט יעדען טאג א נייע רעוואלוציאן. איך האב שוין געהאט דיא עהרע אייך פארצושטעלען דיא נייע בראשורע, וואס מען האט אפגעדרוקט אין איטאליען. עס הייסט Addio al papa, אדיע דעם פאפסט.

— ווער האט אונז צוגעשיקט דיא בראשורע?

— דאס רעוואלוציאנס קאמיטע פון סיציליען.

— שיקט איהם דערפאר פופציג פונט שטערלינג.

— וואס זאל איך שרייבען אונזער געזאנדטען וועגען מאדזיני.

— ער זאל זיך מאכען גיט וויסענדיג. מאדזיני וועט אונז מעהר נוטצען ברענגען, ווען ער וועט זיין אין איטאליען, אלס ווען ער וועט זיצען אין טאוער אין לאנדאן.

— אין רוסלאנד איז עס פלוצלונג שטיל געווארען, האט דער סעקרעטער ווייטער געמעלדעט. דיא ניהיליסטען שווייגען שוין גאר.

— אזוי? האט דער מיניסטער געברומט. — און וואס מעלדעט אונז דיא באנק, וויא פיעל געלד ליעגט דארט אויף באקונינ'ס נאמען?

— זיעבצעהן טויזענד פונט.

— און וויא פיעל געלד ליעגט אויפ'ן נאמען פון'ם רוסישען קראנפרינץ?

— אכציג טויזענד פונט?

— שרייבט דער באנק, אז זיא זאל זיך גוט צוקוקען צו יעדען, ווער עס וועט קומען מיט א משעק פון דיעזעביידע. מען זאל פערשרייבען דעם נאמען און דיא

אדרעסע פון יעדען, וועד עס וועט בעקומען געלד אויף טשעקס פון רוסלאנד.— איהר פערשטעהט מיך?

דער סעקרעטער האט א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ.

— דער פראנצייזישער הויף איז נאך אלץ אין ביאריץ. נאפאלעאן זוכט מיטעל, וויא צוריק איינצוזעצען דיא שפאנישע קעניגין אויפ׳ן טראהן.

— לאז ער זוכען מיטעל. ער אליין וועט זיך שוין לאנג ניט האלטען אויף זיין טראהן. מיר וועלען באלד מאכען אין פראנקרייך דעם הויפט טרעפער. דאס פאלק איז אונצופריעדען, דיא ארבייטער בעוועגען זיך. קוים וועט נאפאלעאן ערקלערן דייטש־לאנד קריעג, איז ער פערלארען. — שרייבט דעם הערצאג האמילטאן, ער זאל זיך בעסער צוקוקען צו אלעמען, וואס קומט פאר אין פאריז. מען האט איהם ניט געשיקט, ער זאל דארט שטאלצירען מיט זיינע פערד.

— דער קעניג פון האנאווער רופט צונויף זיינע אלטע אפיציערן און סאלדא־טען, האט ווייטער דער סעקרעטער געמעלדער.

— שרייבט אונזער געזאנדטען אין וויען, ער זאל זיך מעהר ניט צוקוקען, וואס קעניג געארג דער פינפטער טהוט. ער איז פערלארען. ער וועט זיין לאנד ניט קריגען צוריק.

— דיא קעניגין אבער — האט דער סעקרעטער געשטאמעלט.

— דיא קעניגין קען יעצט פאר איהם גאר נישט טהאן. זיא איז זיין קוזינע און האט מיר בעפאהלען איך זאל אנגרייטען פאר זיין זוהן א פאטענט אויף טיטול הערצאג פון קומבערלאנד. דאס איז אלעס, וואס דיא קעניגין קען פאר איהם טהאן.

— גראף דע ריווערא איז געוועזן אין ביאריץ און האט א לאנגע צייט גערעדט מיט דער קייזערין אייזשעניע, האט ווייטער דער סעקרעטער בעריכטעט.

— דאס איז ניט וויכטיג, האט דער מיניסטער געענטפערט קורץ. דיא צייט פון דיא יעזואיטען איז פאראיבער.

— פון קאנסטאנטינאפאל האבען מיר ערהאלטען זעהר אן אונגענעהמע נאכ־ריכט. אונזער געזאנדטער, סער לאיארד בעקלאגט זיך אויף אונזער קאנסול אין סמירנא.

דער מיניסטער איז געווארען אויפמערקזאם.

— האט איהר דא לאיארד׳ס בעריכט? האט ער געפרעגט. איז ער ניט צו לאנג? איך האב ניט פיעל צייט. איך מוז אייך דערביי בעמערקען, אז אין אזיען מוזען אלע אונזערע קאנסולען זיין גערעכט. וואס זיי טהוען, מוז זיין גוט. — לאיארד איז צו געלערנט פאר אונז. ער פערגעסט, אז מיר מוזען קעמפפען מיט רוסלאנד פאר יעדען שפאן לאנד אין אזיען. דארט מוזען מיר זיין גערעכט. לאיארד פערשטעהט ניט, וואס עס הייסט רעכט און אונרעכט.

— דיא געשיכטע האט אבער געמאכט אן אויפרוהר אין סמירנא און אין קאנ־סטאנטינאפאל, האט דער סעקרעטער בעמערקט.

— אלזא, לעזט זיא מיר פאר, אדדינגטאן, האט דער מיניסטער געזאגט.

מיר מוזען איבערגעבען דיא געשיכטע מיט אנדערע ווערטער, ווייל מיר מוזען אייניגע זאכען ערקלערען.

אין סמירנא געפינען זיך דיא קאנסולאטע פון פרעמדע לענדער ניט ווייט פון'ם פּאָרט. דיא קאנסולאטע זיינען אלע גרויסע, שטארקע שטיינערהייזער מיט א שטיי־נערנער מויער ארום און דיא פענסטער זיינען פערשלאגען מיט אייזערנע גראטעס. יעדער קאנסול האט ביי זיך אייניגע סאלדאטען, וועלכע האלטען א שטרענגע וואך ביי נאכט.

אין סמירנא, וויא אין פיעלע אנדערע שטעדט פון דער טירקיי, זיינען דיא איינוואוינער ניט זיכער מיט זייער לעבען און מיט זייער פערמעגען. מען רויבט און מען מארדעט אין דיא גאסען אין מיטען העלען טאג. דיא טערקישע פּאָליציי איז צו שוואך און צו פויל צו שיצען דיא איינוואוינער. זעהר אפט האנדעלט דיא פּאָליציי צוזאמען מיט דיא רויבער און נעהמט זיך צו דעם גרעסטען טהייל פון'ם רויב.

אין סמירנא, וויא אין יעדער גרויסע שטאדט, זיינען דא באנק הייזער און גרויסע געשעפטען. זיי האבען אבער מורא צו האלטען געלד ביי זיך, ווייל זיי זיינען דערמיט ניט זיכער. ווען א קויפמאן האט א גרויסע סומע געלד, טראגט ער עס אוועק צו זיין קאנסול. זאגאר טערקען און טערקישע אידען האלטען זייער געלד ערגעץ אין א קאנסולאט.

ביי דעם עסטעררייכישען גענעראל קאָנסול, באראן פאן געדעל־לאנאָי, האט געדיענט זייט אייניגער צייט א יונגער גרעק. דער קאנסול איז געוועזען א גוטער מענש און האט בעהאנדעלט דעם יונגען גרעק זעהר פריינדליך. ער איז מיט איהם געוועזען צופריעדען און האט איהם גוט בעלוינט.

איין טאג איז געקומען א רייכער איד פון אונגארען און האט אניעדערגעלעגט ביים קאנסול א סומע פון עטליכע מיליאן פיאסטער. דער קאָנסול האט צוגענומען דאס געלד און האט עס אניעדערגעלעגט אין זיין קאסא קאסטען, וואו עס זיינען אין דעם טאג געראדע געלעגען נאך אנדערע גרויסע סומען געלד, צוזאמען איבער צוואַ־ציג טויזענד פונט שטערלינג.

פאר נאכט, ווען דער קאנסול איז געזעסען אין זיין שרייב צימער און האט געשריעבען בריעף, איז אריינגעקומען דער יונגער גרעק, איז איהם געפאלען צו דיא פיס און האט אנגעהויבען צו וויינען און צו דערצעהלען, אז א באנדע רויבער האבען איהם איבערגערעדט, ער זאל זיי עפענען ביי נאכט דאס טהירעל פון'ם קאנסולאט און זיי וועלען אריינגעהן און צונעהמען דעם קאסא קאסטען. ווען זיך דער קאָנסול מיט זיינע מענשען שטעלען געגען זיי, וועלען זיי איהם ערמאָרדען.

באראָן פאָן געדעל־לאנאָי איז אין דער ערשטער מינוט געוואָרען שטארק אי־בערראשט. ער האט זיך אבער באלד געפאסט און האט געזאָגט צום גרעק:

— דוא בלייבסט דערווייל דא ביי מיר אין א בעזונדער צימער פערשלאָסען ביז מארגען. ווען זיך ארויסווייזען, אז דוא האסט געזאגט דיא וואהרהייט, וועסט דוא בעקומען א גרויסע בעלוינונג.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אריינגעפיהרט דעם גרעק אין א בעזונדער צימער

און האט איהם דארט פערשלאסען. אליין האט ער זיך אנגעטהאן אין זיין מונדיר אלס קאנסול און איז געפאהרען צום קאוואס־באשי, צום פאָליציי־מייסטער פון סמירנא.

דער קאוואס־באשי האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך, האט איהם טראקטירט מיט א טשיבוק און מיט קאפע און האט איהם אויסגעפרעגט, וואס עס הערט זיך עפּעס אין דער וועלט. דער קאנסול האט איהם דערצעהלט, וואס ער האט געוואוסט און האט אנגעהויבען צו רעדען דערפון, אז אין שטאדט איז מען וויעדער ניט זיכער. מען הערט שוין וויעדער פון רויבער און דיעבע. דער טערקישער פאָליצ־מייסטער האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט ווייטער גערויכט זיין נארגילעה.

— איך האב ביי מיר זעהר פיעל געלד, האט דער קאנסול ענדליך ארויסגע־זאגט אפען, איך בין זעהר אונרוהיג דאריבער. קענסט דוא מיר ניט געבען עטליכע מענשען, אויף וועלכע איך זאל מיך קענען פערלאזען, זיי זאָלען אפּהיטען דאס קאנ־סולאט?

דער טערק האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט און האט רוהיג ווייטער גערויכט.

— דוא האסט מורא, מען זאל דיך ניט בערויבען? האט ער ענדליך געפרעגט, אדער ביסט דוא עפּעס געוואהר געוואהרען?

מיינע לעזער זאלען זיך ניט וואונדערן, וואס דער קאנסול און דער פאָליצמייס־טער זאָגען איינער דעם אנדערן „דוא". אזוי איז עס איינגעפיהרט אין דער טירקיי. אזוי פאָדערט דיא טערקישע העפליכקייט.

דער קאנסול האט ניט געוואלט ארויסזאגען דעם טערק דיא גאנצע וואהרהייט. ער האט געוואוסט, אין וואס פאר א לאנד ער געפינט זיך און מיט וועמען ער האט צו טהאן.

— איך בין נור זעהר אונרוהיג, ווייל איך האב געראדע היינט זעהר פיעל געלד ביי מיר. עס זיינען געקומען קויפלייטע פון עסטערריידך און האבען ביי מיר דעפּאָנירט גרויסע סומען געלד. זיי זיינען נאך ניט גוט בעקאנט אין דיעזען לאנד און האבען שוין דערצעהלט, אז זיי האבען געלד. דערפאר האב איך אזוי מורא.

דער טערק האט א קוש געטהאָן דיא שפּיצען פון זיינע פינגער און האט גע־זאָגט ערנסט:

— וויא פיעל מענשען דארפסט דוא?

— אכט אדער צעהן.

— גוט! דוא פערשוויינסט מיר דיא וואהרהייט. דאס איז דיין זאך. איך וועל שוין אויסזוכען פאר דיר אכט ביז צעהן זיכערע מענשען. איך וועל זיי געבען נור פּיס־טאלעטען, ווייל זיי קנאקען שטילער און מאכען ניט קיין גרויסען ליארם. — ווען זאָל איך דיר זיי שיקען?

— שיק זיי באלד, אבער ניט מיט א מאל, זאנדערן איינציג וויז, האט דער קאנסול געבעטען. — זיי זאלען ניט זיין אנגעטהאן, וויא קאוואסען (פּאָליסליים), זאנ־דערן, וויא איינפאכע טערקען. יעדען, וואס וועט ברענגען א צייכען פון דיר, וועל איך אריינלאזען.

— פערלאזט דיך אויף מיר, האט דער קאוואס־באשי געענטפערט.

דער קאנסול האט נאך גערעדט מיט איהם איינינע צייט און האט זיך ענדליך אויפגעהויבען. אויפ'ן קישען, אויף וועלכען ער איז געזעסען, האט ער איבערגעלאָזען א בייטעל מיט פּיאסטערס.

עס איז נאכט געווארען. דער קאנסול האט געהייסען זיין פרוי און זיינע קינדער, זיי זאלען זיך היינט לעגען פריה שלאפען. ער אליין האט זיך געשטעלט ביי דער טהיר און האט אריינגעלאזען יעדען, וועמ'ען עס האט איהם געבראכט א צייכען פון'ם קאוואס-באשי.

דיא טערקישע פּאָליציי איז א מערקווירדינע. מייסטענס בעשטעהט זיא פון רויבער און מערדער, וועלכע מען האט געשענקט דיא שטראפע, וואס זיי האבען פערדיענט אום זיי זאלען אריינטרעטען אין דער פּאָליציי. דאס לעבען פון א מענשען, וויא זייער איינענעס לעבען, האט ביי זיי קיין ווערטה נים. זיי זיינען אריינגעקומען, האבען געוויעזען דעם צייכען, האבען קיין ווארט נים גערעדט און זיינען געגאנגען אויף דעם ארט, וואוהין דער קאנסול האט זיי געוויעזען.

דאס עסטערייכישע קאנסולאט, וויא פיעלע אנדערע הייזער אין סמירנא, האט צוויי הויפען. איין הויף מיט א שטיינערנער מויער ארום פיהרט צום פּאָרט. דארט זיינען קיין הייזער נימא. אין דיעזען הויף געפינט זיך נאך א הויף אויך מיט א שטיי-נער מויער. אין דער מיט פון'ם צווייטען הויף געפינט זיך דאס קאנסולאט מיט דיא פענסטער צו דער גאס. דער קאנסול האט ריכטיג בערעכענט, אז ווען דיא רויבער וועלען קומען, וועלען זיי געוויס קומען פון'ם פּאָרט, וואו עס זיינען קיינע הייזער נימאָ און וואו ביי נאכט זעהט מען קיין לעבעדיגען מענשען.

דער קאנסול האט אויסגעשטעלט זיינע מענשען אין ערשטען הויף. ער האט זיי געהייסען זיך זעצען לעבען מויער און זיצען גאנץ שטיל. ער אליין איז ארויפגעגאנ-גען אויפ'ן צווייטען שטאָק, וואו זיינע פרוי מיט דיא קינדער זיינען געשלאפען און וואו דער קאססא קאסטען איז געשטאנען. ער האט פערשלאסען דיא טהיר, האט אריינ-געשטעקט צוויי פּיסטאָלעטען אין קעשענע און האט שארף געלאדען זיין צוויי רעהריגע ביקס. אזוי בעוואפענט האט ער זיך געזעצט לעבען פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין דער פינסטערער נאכט.

דיא נאכט איז געווען א שטילע און רוהיגע. עס איז געווען דער ערשטער קוואר-טאל פון מאנאט. אום צעהן אוהר איז דער מאנד אונטערגעגאנגען. עס איז געווארען פינסטער, נור דיא שטערן האבען געגלענצט, געפונקעלט און בעלייכטעט א ריינעם קלארען, בלויען הימעל. דאס וועטער איז געווען שעהן און ווארים. דיא וועלט האט אויסגעוויעזען צו זיין א גן עדן, ווען עס זאלען נור קיין שלאנגען דארט נים זיין. עס איז געווען געגנוג ליכטיג, אז מען זאל זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף דער מויער. אונטער דער מויער איז געווען פינסטער און טרויעריג.

לאנגזאם האבען זיך געצויגען דיא שטילע, אונהיימליכע שטונדען פון דער נאכט. דיא אוהר האט אויסגעשלאגען צוועלף. אלעס איז שטיל און רוהיג. עס האט אויס-געשלאגען האלב נאך צוועלף — אלעס איז שטיל. עס איז פערגאנגען נאך א האלבע

שטונדע, — אלעס איז רוהיג. דער קאנסול האט שוין געוואלט אניעדערלעגען זיין ביקס און געהן שלאפען.

ער האט אבער געוואלט נאך א מאל זיך איבערצייגען, אויב אלעס איז שטיל און אין ארדנונג. ער האט צוגעלעגט זיין קאפ צום פענסטער און האט נאך א מאל בעטראכט דיא מויער. פלוצלונג האט זיך געוויעזען א מענשען געשטאלט אויף דער מויער. וויא א שאטען האט זיא זיך געוויזען און איז באלד פערשוואונדען אין ער־שטען הויף. דאן האט זיך געוויזען נאך א געשטאלט, א דריטע און א פיערטע. זיבען מענשען זיינען גאנץ שטיל און פארזיכטיג אריבערגעקראכען איבערן מויער און האבען זיך אראפגעלאזען אויף א שטריק אין הויף. דער לעצטער האט זאנאר ארויפ־געצויגען דיא לייטער, אויף וועלכע זיי זיינען ארויפגעקראכען אויפ'ן מויער, הינטער זיך און האט זיי לאנגזאם אראפגעלאזען אין הויף.

אלעס איז געטהאן געווארען שטיל, רוהיג, איבערלעגט און פארזיכטיג, אהן א רעש און אהן א ליארם. דער קאנסול האט אלעס צוגעזעהן און האט צוגעפרעסט ענגער דיא ביקס אין דיא הענד.

אייניגע מינוטען איז וויעדער געווען שטיל. דאן האט איינער צוגעשטעלט דיא לייטער צו דער צווייטער מויער. ער איז גאנץ שטיל ארויפגעגאנגען אויף דער צוויי־טער מויער און האט אראפגעווארפען א שטריק אין הויף.

אין דיעזע מינוט האט דער קאנסול אויסגעשאסען. דער מאן אויף דער מויער האט פערוואָרפען מיט דיא הענד אין דער הויך און איז אראפגעפאלען אין ערשטען הויף. באלד האט מען געהערט קנאקען עטליכע פיסטאלעטען און שרעקליכע קללות און זידלערייען. — א קנאק — א פאל — א שאָס — אלעס איז וויעדער שטיל.

דעם קאנסול'ס פרוי און קינדער האבען זיך אויפגעהאפט מיט שרעק און הא־בען אנגעהויבען צו שרייען און צו וויינען. דער קאנסול האט זיי בערוהיגט, וויא ער האט געקענט און האט זיי געהייסען זיך צוריק לעגען שלאפען.

באלד איז אין עסטעררייכישען קאנסולאט אלעס געווען שטיל, נור דאס מעער האט גערוישט מיט זיינע וועללען און האט זיך אנגעשלאגען אן ברעג.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז זיך צונויפגעקומען א גרויסע מעננע מענ־שען. מען האט געהערט ביי נאכט שיעסען און מען האט געוואוסט, אז עס איז שוין עטוואס פארגעקומען. קיינער האט אבער ביי נאכט ניט געוואלט ארויסגעהן העלפען, יעדער האט מורא געהאט פאר זיך. ערשט אין דער פריה אם העלען טאג זיינען זיך צונויפגעקומען אלע נאכבארן הערן און פרעגען, וואס עס איז געשעהן.

אנפאנגס האט באראן נעדעל־לאנאי גאר ניט געוואלט דערצעהלען, וואס עס איז געשעהן. ער האט קורץ געענטפערט, אז ביי נאכט זיינען רויבער אנגעפאלען אויפ'ן קאנסולאט און דיא טירקישע פאליציי האט זיי פערריאגט. ווען עס זיינען אבער געקומען דער ענגלישער, רוסישער און פראנצויזישער קאנסול און האבען איהם גע־פרעגט, וואס דא איז געשעהן, האט ער געעפענט דעם טויער פון'ם קאנסולאט, האט זיי אריינגעפיהרט און האט זיי געוויזען, וואס דא איז געשעהן ביי נאכט.

אויפ'ן הויף, וועלכער איז געווען אויסגעפלאסטערט מיט מארמאר שטיינער, זיי־

נען געלענגען זיעבען לייבען. איינינע זיינען געווען דורכגעלעכערט פון עטליכע קוילען. אין אנאנדער ווינקעל לעבען דער וואנד זיינען געזעסען דיא צעהן קאוואסען (פאליס־לייט), צוויי זיינען געווען שטארק פערוואונדעט. דער גאנצער הויף איז געווען בעשפריצט מיט בלוט.

אין הויף פון'ם קאנסולאט האט זיך יעצט פערזאמעלט א גרויסע מעננע מענ־שען, דארונטער פיעלע פרויען. אלע האבען געקוקט אויף דיא טויטע. בארון גערדעל־לאנאי האט יעצט דערצעהלט דיא קאנסולען פון רוסלאנד, פראנקרייך און ענגלאנד, וואס ביי נאכט איז פארגעקומען אין זיין הויז. אלע האבען איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם.

פלוצלונג האט מען דערהערט א שרעקליכעס געשריי און געוויין. פון דער מעננע איז ארויסגעלאפען א גריעכישע פרוי אין צוריסענע קליידער מיט צושויבערטע האר, איז צוגעלאפען צום ענגלישען קאנסול, סער דשאנאטהאן עלליסווארד האפ־קינס, האט איהם אנגעכאפט ביים ראק און האט איהם צוגעשלעפט צו איינעם פון דיא טויטע רויבער.

— דאס האסט דוא געטהאן! האט זיא געשריען און געוויינט. — מיין מאן איז געזעסען אין געפענגניס פאר א גניבה. ער האט געדארפט זיצען נאך דריי מא־נאטע. דוא ביסט געקומען, האסט איהם געגעבען אן ענגלישען פאספארט, האסט איהם ערקלערט פאר אן ענגלישען אונטערטהאן און האסט איהם ארויסגענומען. דוא ביסט געקומען צו מיר א היים און האסט מיר געגעבען פופציג פיאסטער. וויאפיעל דוא האסט געגעבען מיין מאן, ווייס איך ניט. — דוא האסט איהם געטריעבען צום טויט! ווען ניט דוא, וואלט ער נאך געלעבט און איך וואלט ניט געווען קיין וויטווע!

זיא האט אפגעלאזען דעם קאנסול, האט זיך געווארפען אויף איהר טויטען מאן' האט איהם אויפגעהויבען דעם קאפ, האט איהם געקוקט אין דיא אויגען, האט איהם צוריקגעלעגט אויפ'ן פפלאסטער, האט אנגעהויבען זיך צו שלאגען דעם קאפ און צו שילטען דעם ענגלישען קאנסול.

דיא מעננע איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט. קיינער האט ניט גערעדט קיין ווארט. קיין האנד האט זיך ניט אויפגעהייבען צו פערטהיידיגען דעם ענגלישען קאנ־סול. אין סמירנא איז מען געוואוינט צו אזעלכע סצענען. זיי איבערראשען קיינעם ניט. דיא טירקישע גערעכטיגקייט קוקט זיך אויף אזעלכע קלייניגקייטען ניט אום און דאס פאלק איז שוין געוואהנט צו אלערליי בלוטיגע סצענען. נור דער פראנצייזישער קאנסול באדריקור האט עס ניט געקענט זעהן און איז באלד אוועקגעגאנגען.

סער דשאנאטהאן עלליסווארד האפקינס איז געשטאנען גאנץ רוהיג, גלייך וויא ניט איהם מיינט מען עס און האט געקוקט אויף דיעזע סצענע, וויא אויף א פיש מארק. יעצט איז דער בארון גערדעל־לאנאי צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם אנגע־נומען ביי דער האנד און האט איהם צוגעפיהרט צו אנאנדער טויטען רויבער, וועל־בער איז געלעגען מיט'ן געזיכט צו דער ערד. ער האט געהייסען איינעם פון דיא קא־וואסען איבערקעהרען דעם טויטען.

— סער דשאנטהאן עלליסווארד האפקינס, האט איהם דער עסטערייכישער

קאנסול געזאגט, וואס זאגט איהר צו דיעזעןרויבער? — בעטראכט איהם גוט. ער איז דאך אייער אגענט און טראגט נאך אונטערן גראבען ראק, וועלכען ער האט געבטען אנגעטהאן, ווען ער איז געגאנגען מיך בערויבען, דעם מונדיר פון׳ם ענגלישען קאנסולאט. — וואס זאגט איהר צו דיעזען רויבער?

דער ענגלישער קאָנסול איז געשטאַנען רוהיג און גלייכגילטיג.

— דאס איז א טויטער, איך קען מיך ניט מיט קיין טוידטע! *)

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אויסגעדרעהט צום עסטעררייכישען קאָנסול מיטן רוקען און איז זיך לאנגזאם אוועקגעגאנגען א היים.

אין א קורצע צייט ארום האט דער באראָן גודעל-לאַנאַי געבעטען דיא עסטער-רייכישע רעגיערונג, זיא זאל איהם צונעהמען פון סמירנא. ער איז באלד געווארען גענעראל קאָנסול אין דאמאסקוס (דמשק).

הערר אדדינגטאן האט געענדיגט דיא פארלעזונג פון זיין בעריכט און האט געשוויעגען.

לאָרד גרענוויל האט זיך צולאכט.

— איך וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז דער לומפּ האָפּקינס זאל זיין אזוי סמארט, אזוי דורכגעטריעבען, האט ער געזאגט און האט ווייטער געלאכט.

— עס איז אבער שוין געווען צו שפּעט, האט דער סעקרעטער בעמערקט. דער רוסישער קאָנסול האט עס באלד געמעלדעט דעם רוסישען געזאנדטען אין קאָנ-סטאנטינאפּאל, גראף איגנאטיעוו, דעם גרויסען ליגנער. ער האט עס צושמיערט אויף צעהן טעלער. עס איז געקומען צום סולטאן. — עס האט געמאכט אן אויפרוהר אין סטאמבול. — סער לאיארד, אונזער געזאנדטער אין קאנסטאנטינאפּאל, שרייבט, אז עס וואלט גלייך געווען, מען זאל רופען קיין לאנדאן סער האפּקינס. מען זאל זאגען וועניגסטענס פאר דער וועלט, אז מען רופט איהם, ער זאל זיך פערטהיידיגען, און מען זאל איהם שיקען אלס קאָנסול אין אנאנדער שטאדט.

— הום.... האט געברומט לארד גרענוויל. סער לאיארד איז א געלערנטער נארר. ענגלאנד טאר ניט וויזען, אז איהרער א קאָנסול האט אונרעכט, בעזאנדערס, ווען רוסלאנד וויל עס. — שרייבט סער לאיארד — אדער שרייבט ניט איהם, שרייבט עליסאן, דעם ערשטען סעקרעטער פון דער ענגלישער געזאנדשאפט אין קאָנסטאַנ-טינאָפּאָל, ער זאל געבען צו פערשטעהן סער לאיארד, ער זאל זיך ווייטער אין אזעלכע זאכען ניט מישען. ווען ער וועט ווערן צו קלוג, וועט מען איהם ניט שיקען קיין געלד, ער זאל אויסגראבען דיא אלטע רואינען פון דער שטאדט נינוה. — זיין בעריכט לעגט אוועק אין שאכטעל פון דיא טוידטע אקטען.

דער סעקרעטער האט זיך פערנייגט.

— האט איהר נאך עפּעס? האט איהם לארד גרענוויל געפרעגט.

— אין אונגאַרן קאָכט זיך עפּעס ווייטער. דיא אונגארן זיינען וויעדער אונצו-פריעדען און אין בודאפּעסט האבען זיך געבילדעט געהיימע געזעלשאפטען.

*) Cést un cadavre ! je ne connais pas un cadavre. איך האב אומיסטען געבראכט דא זייבע ווערטער, ווי ער האט זיי געזאגט אויף פראנצויזיש.

— ווער איז דער אנפיהרער פון דיא אונצופריעדענע?

— גראף נאגי.

— האט איהר איהם געזעהן?

— ער איז דא געוועזען היינט אין דער פריה מיט גראף שאפארי. זיי בעטען אונטערשטיצונג.

— שרייבט אן א טשעק אויף טויזענד פונט און לענט איהם אניעדער ביי מיר אויפ'ן שרייב-טיש אין מיין פריוואט-צימער. מארגען צוועלף אוהר וועל איך זיי עמפפאנגען אין מיין פריוואט צימער.

— פירסט פאניאטאוווסקי איז אויך געקומען קיין לאנדאן. ער איז אנטלאפען פון סיביר. ער האט געבעטען ביי אייך א פריוואט אודיענץ.

— פירסט פאניאטאוווסקי.... האט גערעדט צו זיך אליין דער מיניסטער, וואס קען דער פון מיר פערלאנגען? אלכסנדר דער צווייטער האט איהם פערשיקט קיין סיביר, ווייל ער האט אנטהייל גענומען אין דער פאלנישער רעוואלוציאן פון 1863. איך האב איהם שוין געהאלטען פאר טויד. — ער לעבט נאך! גוט! — ער קען אונז ניצען. ער שטאמט פונ'ם לעצטען פאלנישען קעניג, יאזעף פאניאטאוווסקי. — א בייטש אויף רוסלאנד.

ער האט זיך געווענדעט צו זיין סעקרעטער.

— זאגט דעם פירסט פאניאטאוווסקי, ער זאל קומען צו מיר אהיים און זאל זיך מעלדען אלס קויפמאן פון קאלקוטא. איך וועל איהם עמפפאנגען.

ער האט א קוק געטהאן אויף דיא אוהר.

— נו, פיר היינט וועט שוין זיין גענוג. איך מוז פאהרען צו דער קעניגין. לענט צונויף אייערע פאפיערען, אדדינגטאן, און קלינגט אן. הייסט מיין קוטשער ארויספאהרען.

— איך האב נאך אייניגע וויכטיגע זאכען, האט אדדינגטאן געמורמעלט.

— מארגען, מארגען, ליעבער אדדינגטאן. איך קען ניט אויסהערן אזוי פיעל בעריכטע מיט אמאל.

אין אייניגע מינוטען ארום איז לארד גרענוויל אוועקגעפאהרען צו דער קעניגין.

— דאס איז דיא ענגלישע רעגיערונג, דיא ענגלישע פאליטיק און דיא ענגלישע גערעכטיגקייט. איהרע פרייהייט איז נור אויף פאפיער. אין דער וואהרהייט שמייסט מען נאך דיא ענגלישע מאטראזען און דיא ענגלישע סאלדאטען מיט דער ניין שווענציגע קאץ, Cat o'nine tails, א קאנטשוק מיט ניי געפלאכטענע ריעמענס, אונטען פערגאסען מיט בליי, — איהר פאליטיק איז רויב און מארד, איהרע גערעכטיגקייט איז שווינדעל און בעטרוג.

ניט אומזיסט האט א גרויסער דייטשער דיכטער געזאגט, אז דאס מעער וואלט שוין לאנג פערשלונגען ענגלאנד מיט דיא ענגלענדער. זיי זיינען אבער אזוי שלעכט, אז דאס מעער האט מורא, עס זאל זיך ניט פערדארבען דעם מאגען.

48טעם קאפיטעל.

## די א שטראפע.

עס איז ווינטער. טיעפער שנעע בעדעקט דיא גאסען פון פרעהליכען פאריז. עס קאכט, עס זיעדעט, עס רוישט, וויא אימער. מענשען געהן, לויפען, רייטען און פאהרען און קימערן זיך ווענינ, וואס דער ווינטער האט פערדעקט אלעס, וואס איז פריש און גרין מיט זיין קאלטען, ווייסען מאנטעל. דיא ארימקייט בעהאלט זיך, פערקריעכט ערגעץ אין איהרע קעלער און איהרע קאלטע לעבער. דיא רייכע פרעהן זיך און זיינען צופריעדען מיט דער קעלט. זיי האבען א געלעגענהייט צו ווייזען זייערע פעלץ מאנטלען און זייערע שעהנע, רייכע, פערציערטע שליטענס.

פאריז האט געהאט א בעזאנדערס פרעהליכען ווינטער. דיא קעניגין איזאבעללא פון שפאניען איז געקומען קיין פאריז. אלע זיינען געוועזן נייגיעריג זיא צו זעהן. אן אראפגעוואָרפענע קעניגין איז דאך נאך א קעניגין, א געפאלענער גאט איז נאך אלץ א גאָט. מען האט נאך פאר איהם אבשיי און מען וויל איהם נאך זעהן. זיא איז געוועזן זעהר רייך און האט געגעבען בערהימטע בעלער. מען האט זיך געריעסען אום דיא עהרע צו ערהאלטען איין איינלאדונג אויף אזא באל, צו וועלכען עס האבען געקענט צוקומען נור דיא גרעסטע און בעריהמטעסטע מענער פון פראנקרייך און פון אויסלאנד.

עס איז א קאלטע, שטירמישע נאכט. דער ווינד וועהט און רייסט דיא דעכער און דיא פענסטער פון דער וועלט שטאדט. אין דיא גאסען געהן ווענינ מענשען. עס איז שוין שפעט ביי נאכט און דער פראסט ברענט.

אין דער עוועניו רוא דע ראָם שטעהט דער גרויסער און רייכער פאלאץ מיט׳ן נאמען האטעל באזעלעווסקי. ער איז היינט העל בעלייכטעט. דיא גאנצע עוועניו איז פערשטעלט מיט עקיפאזשען און מיט טהייערע שליטענס. דיא קוטשער געהן ארום און קלאפען זיך אין דיא הענד פאר קעלט. דיא פערד זיינען אונרוהיג און ציטערן. זשאנדארמען, פערהילט אין זייערע ווארעמע מאנטלען שטעהן און בעוואכען דיא עוועניו פון אלע זייטען. זיי טרייבען אוועק דיא איינינע ווענינע נייגיעריגע, וועלכע האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און זיינען געקומען אין אזא קעלט חאפען א קוק אויף דעם גרויסען פאלאץ, וואו דיא געוועזענע קעניגין פון שפאניען גיט א גלענצענדען באלל.

מען האט זיי ניט וואס פעראיבעל צו האבען, פאר וואס זיי זיינען אזוי נייגיעריג. דער קייזער, דיא קייזערין, דער גאנצער הויף, אלע גענעראלען, פעלד־מארשאלען און אלע געזאנדטע פון פרעמדע לענדער זיינען איינגעלאדען אויפ׳ן באלל. יעדער וויל עפעס זעהן, יעדער וויל א קוק טהאן אויף דיעזען אדער יענעם גענעראל און געזאנדטען.

אלע זאלען פון׳ם גרויסען פאלאץ זיינען העלל בעלייכטעט. א גראָסארטיגע מוזיק שפיעלט. דיא געסט טאנצען. מיר געפינען דא פיעלע פון אונזערע אלטע בעקאנטע. דיא מארקיזא פאלאנצאני טאנצט מיט׳ן ענגלענדער, הערצאָג האמילטאָן. מאדאם דע מושאר טאנצט מיט׳ן שוועדישען געזאנדטען, דעם באראָן פארער.

קייזער נאפאָלעאָן טאנצט מיט דער קעניגין איזאבעללא און דיא קייזערין אייזשעניע טאנצט מיט'ן ענגלישען קראָנפּרינץ, פּרינס אָף וועלס.

דער קייזער מיט דער קייזערין האבען נור געעפענט דעם טאנץ. זיי האבען זיך א פּאָר מאל ארומגעדרעהט און האבען זיך באלד אניעדערגעזעצט. דיא איבעריגע יונגע לייט האבען געטאנצט גאנץ ערנסט, וועניגסטענס, האבען זיי געוויזען, אז זיי טאנצען גאנץ לוסטיג, גלייך וויא זיי וואלטען געקומען אהער נור אום צו טאנצען.

— וואס זעהט מען עס ניט דעם גראף דע ריווערא? האט הערצאג האמילטאן געפרעגט זיין טענצערין. ער האט שטענדיג דיא בעסטע פערד אין פּאריז און איך וואלט איהם יעצט געדארפט האבען.

— ווער קען וויסען, וואו ער איז? האט דיא מארקיזא געענטפערט מיט א שמייכעל. ער איז א געלערנטער, א פילאָזאף און א רייזענדער. מעגליך, אז ער איז יעצט אין עגיפּטען אדער אין אינדיען.

— דאס איז שאדע! איך האב איהם יעצט געדארפט האבען, האט געזאגט דער הערצאָג גלייכגילטיג.

דיא מוזיק האט אויפגעהערט. דער העפליכער ענגלענדער האט צוגעפיהרט דיא מארקיזא אין א דיימען זאל, וואו עס זיינען געשטאנען אויף גרויסע טישען אלערליי פּרוכטען, אלערליי ווינען און אלערליי ערפרישונגען. ער האט א וויגק געגעבען א רייך געקליידעטען דיענער, ער זאל עפּעס דערלאנגען. דער דיענער האט באלד דער־לאנגט א גאלדענע טאץ מיט אלערליי פּרוכטען און מיט הויבע, געשליפענע באקאלען מיט קלארען, פונקעלענדען, פּערלענדען שאמפּאניער. דער הערצאָג האט איהר דער־לאנגט א באקאל שאמפּאניער.

אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען אויף דער טהיר דיא הויבע און דיקע גע־שטאלט פון'ם ענגלישען געזאנדטען, לארד איסלינגטאן. ער האט געווארפען א פינסטערן בליק אויף'ן יונגען און לוסטיגען האמילטאן און איז זיך אוועקגעגאנגען. דער הערצאג האט עס בעמערקט און האט א ציטער געטהאן. מען האט איהם שוין א פּאר מאל געמאכט פּאָרווירפע, אז ער בעשעפטיגט זיך אין פּאריז מיט זאכען, וואס פּאסען ווייניג פאר א סעקרעטער פון אן ענגלישען געזאנדשאפט.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען אויף א מינוט, שעהנע מארקיזא, האט ער געזאגט צו זיין טענצערין. דיא אלטע לייט פערגינען ניט דיא יונגערע, וואס זיי זיינען נאך יונג און קענען נאך געניעסען דאס לעבען. דער אלטער איסלינגטאָן רופט מיך.

דיא מארקיזא האט א שמייכעל געטהאן און האט איהם ניט געענטפערט. ער איז באלד פערשוואונדען. דיא מארקיזא איז געבליעבען אליין.

— ווען דיא מארקיזא פּאלאנצאני וועט אננעהמען דיא געזעלשאפט פון אן אלטען מאן, וויא איך בין, וועט עס מיר מאבען דעם גרעסטען פערגניגען מיט איך א ביסעל צו פּלוידערן.

דאס האט געזאגט א דיקער, ניעדריגער מאן פון א יאהר עטליכע און פופציג אין אן איינפאכען שווארצען ראק. דיא מארקיזא האט איהם געקענט. דאס איז געווען קסימענעס, דער נייסטליכער פון דער קעניגין איזאבעללא.

דיא מארקיזא האט איהם איינגעלאדען מיט דער האנד, ער זאל זיך זעצען לעבען איהר. קסימענעס איז געוועז אן אנגעזעהנע פערזאן אין הויף פון דער קעניגין איזאבעללא. זיא האט זיך מיט איהם שטענדיג בעראטהען אין אלע זאכען פון דער רעגיערונג. ער איז געוועז א בעריהמטער רעדנער, א גרויסער וויצלינג. זיינע וויצען און זיינע גלייכווערטלעך זיינען געוועז בעריהמט. — ער איז געוועז א יעזואיט, דערפון אבער האבען געוואוסט נור דיא מענשען, וועלכע זיינען געוועז גאנץ נאהענט צו דער קעניגין. ער האט געלערנט מיט דיא פרינצען און פרינצעסינען און איז געוועז בעקאנט נור אין דיא העכערע קרייזען פון דער מאדרידער און פאריזער געזעלשאפט.

דיא מארקיזא פאלאנצאני האט שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט זיך מיט איהם צובעקענען. זיא האט געהאפט צו ערפאהרען דורך איהם פיעלע זאכען, וואס קענען איהר נוצען. דאס איז אבער געוועזען ניט אזוי לייכט. זיא האט זיך ניט געריכט, אז זיא זאל ערהאלטען אן איינלאדונג אויף דיעזען באלל און איז געוועזען זעהר ערשטוינט, ווען זיא האט ערהאלטען דיעזע איינלאדונג ניט פון דער קייזערין אייזשעניע, זאנדערן גלייך פון׳ם הויף פון דער שפאנישער קעניגין.

זיא איז דאהער געוועזען העכסט דערפרעהט, ווען דער בעריהמטער גייסטליכער קסימענעס האט איהר אליין אנגעבאָטען זיין בעקאנטשאפט און נאך מיט אזא העפליכקייט.

ער האט זיך באלד געזעצט לעבען איהר, האט אנגעהויבען מיט איהר צו רעדען צו ערשט פון׳ם באלל, פון דער מוזיק, פון דיא געסט און פון פאריזער לעבען. ער איז געוואָרען לעבעדיג, האט אנגעהויבען צו דערצעהלען פרעהליכע אנעקדאָטען פון׳ם הויף און פון פאריזער לעבען. דיא מארקיזא האט געלאכט ביי יעדען וויץ, וואס ער האט געזאגט, ביי יעדער געשיכטע, וואס ער האט דערצעהלט.

דער גייסטליכער איז געוועזען א העפליכער קאוואליער. אנשטאט ער זאל הייסען א לאקיי, ער זאל צוטראגען דער מארקיזא פרוכטען און וויין, איז ער אליין געגאנגען צום טיש און האט איהר געבראכט א גאָלדענע טאץ מיט עכט מאלאגא וויינטרויבען, וועלכע זיינען געוואקסען אין דיא וויינגערטנער פון דער קעניגין.

— פראָבירט נור דיעזע וויינטרויבען, האט ער איהר געזאגט גאנץ העפליך. דאס איז דאס בעסטע, וואס שפאניען קען געבען פאר א טיש פון א קעניג. זיי זיינען גרויס, זאפטיג און האבען ניט קיין קערנדליך. איידער מען פלאנצט זיי, ווייקט מען זיי איין עטליכע טעג אין וויין.

דיא מארקיזא איז געוועזען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל. זיא האט געוואוסט, אז ניט אומזיסט איז דער גייסטליכער אזוי העפליך געגען איהר, אז ער האט איהר עפּעס וויכטיגעס צו זאגען. זיא האט גאָר גערעכענט, אז דיא קייזערין האט זיא רעקאמאנ־דירט צו דער שפאנישער קעניגין און דיא קעניגין וויל זיא שיקען קיין מאדריד אלס אגענטין, אלס שפּיאָנין.

דיא מארקיזא איז געוועזען גליקליך. זיא האט געגעסען דיא גרויסע, שווארצע, וויא צוקער זיסע מאלאגא טרויבען, ביז איהרע פינגער האבען זיך אנגעהויבען צו קלעפען און זיא האט געזוכט מיט דיא אויגען וואסער, זיך אפּצו־וואשען דיא הענד

דער גייסטליכער האט פערשטאנען איהר ווינק און איז באלד געגאנגען זוכען פון איהרענטוועגען וואסער אדער א נאסען האנדטוך.

ווען איינער וואלט זיך געוועהן גוט צוקוקען, וואס דער גייסטליכער טהוט, וואלט ער געזעהן, וויא ער נעהמט ארויס א פלעשעלע פון זיין בוזעם און גיעסט עפּעס אן אויפ'ן האנדטוך. מען וואלט ווייטער געזעהן, וויא פּאָרזיכטיג ער האט צוגענומען דעם האנדטוך און האט איהם בעהאלטען.

מען האט אבער נעמוזט האבען א שארפעס אויג דערצו און קוקען נור אויף זיינע הענד. דאס איז אבער דאמאלס געוועזן אונמעגליך. איזם אנדערן זאל האט דיא מוזיק געשפּיעלט און מען האט געטאנצט.

הערצאג האמילטאָן איז א פּאָר מאָל אריינגעקומען אין זאל. ער האט געזעהן, אז דיא מארקיזא איז פערטיעפט אין א געשפּרעך מיט דער קעניגינס גייסטליכען און האט ניט געוואלט שטערן. עס זיינען אריינגעקומען אנדערע קאוואליערן און דאמען. דיא לאקייען האבען יעדען בעדיענט. יעדעס פּאריל האט זיך געזעצט אין א ווינקעלע און האט זיך אונטערהאלטען, וויא עס האט געקענט.

— פּאריז איז דאך דיא בעסטע און דיא שעהנסטע שטאָדט אין דער וועלט, האט דיא מארקיזא געזאגט צו איהר העפליכען קאוואליער. דאס לעבען איז דא אזוי אנגענעהם, אזוי ליעבליך. עס ווילט זיך גאר ניט אלט ווערן.

— דענקט איהר קיין מאל ניט אן דעם טוידט ? האט פּלוצלונג דער העפליכער גייסטליכער געפרעגט.

— איך זאל שוין דענקען אן דעם טוידט ? האט דיא מארקיזא געענטפערט מיט א געלעכטער. איך בין נאך אזוי יונג, אז איך האב ערשט אנגעהויבען צו לעבען. איך וויל ערשט לעבען. פאר מיר איז נאך צופריה צו דענקען אן דעם טוידט.

— יעדער מענש, אויב יונג אדער אלט, טאר ניט פערגעסען, אז ער קען שטארבען, האט קסימענעס געזאגט ערנסט.

דיא מארקיזא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. זיא האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, צו וואָס ער זאגט עס איהר.

— זאָ לאנג מען לעבט, דארף מען לעבען, האט זיא זיך אפּגערופען מוטהיג.

— איך זאג ניט, אז מען דארף ניט לעבען, האט דער גייסטליכער געזאגט ערנסט און פערטראכט. איך זאג נור, אז מען דארף ניט פערגעסען, אז מען קען שטארבען.

— צו וואס דארף מען ניט פערגעסען ? פּארקעהרט, עס איז גלייכער צו פערגעסען אן א זאך, וואס מוז זיין. צו וואס זאל איך דענקען, וואס עס וועט אמאל זיין און זאל מיר פערדארבען דיא גוטע, פרעהליכע מינוטען פון לעבען ?

זיי האבען גערעדט נאך איינינע צייט אין דעמזעלבען טאן און דער גייסטליכער האט ווידער אנגעהויבען צו רעדען פון פרעהליכערע זאכען.

אין אנאנדער זייטען זאל זיינען געזעסען ערנסטע מענשען און האבען גערעדט צווישען זיך איבער פערשיעדענע זאכען.

אויף א ווייכען סאמעטענעם דיוואן לעבען איינעם פון דיא גרויסע פענסטער איז געזעסען קייזער נאפּאָלעאָן מיט זיין ערשטען מיניסטער און האבען גערעדט צווי־

שען זיך ניט שטארק הויך. קיינער האט זיי ניט געשטערט. יעדער, ווער עס האט דערזעהן דעם קייזער, האט געזוכט זיך צוריקצוציעהען און צו זוכען זיך א פלאץ ערגעץ אנדערש.

— וואס זייט איהר היינט אזוי פערזארגט, מיין ליעבער אָליוויע? האט נאַפּאָ־לעאָן געפרעגט.

— עס קומען אימער אן אונרוהיגע נאכריכטען און עס שטעלען זיך פאר אלערליי אונאנגעהמליכקייטען. — האט דער מיניסטער געענטפערט פערטראכט.

— אונרוהיגע נאכריכטען — אונאנגעהמליכקייטען? האט דער קייזער געפרעגט. פון וואנען נעהמט איהר אונרוהיגע נאכריכטען און אונאנגעהמליכקייטען אין אזא פרעהליכער צייט, ווען מען הערט נור פון בעללער, מאסקעראדען און אנדערע פרעה־ליכע זאכען? גאנץ פאריז איז יעצט פרעהליך און לוסטיג.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט דער מיניסטער געזאגט ערנסט, — דיא אונרוהיגע נאכריכטען קומען ניט פון דיא קרייזען, וואו מען מאכט בעללער, טהעא־טערע, מאסקעראדען און גלענצענדע דינערס. דיא אונרוהיגע נאכריכטען קומען פון דיא קרייזען, וואו מען איז צופריעדען, ווען מען האט א שטיקעל ברויט. דיעזע קרייזען קוקען אויף דיא בעללער און דיא טהעאטערע מיט האס, מיט נייד (קנאה) מיט ביטערקייט. זיי זעהן, אז איינינע געניעסען דאס גוטס פון דער וועלט און זיי ליידען עלענד און נויט. —

— אזוי? האט דער קייזער געזאגט. — מיינע פריינד, דיא ארבייטער, זיינען שוין ווידער אונרוהיג? האט זיך דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער פעראיין ווידער אנגעהויבען צו ריהרען? — נו, גוט! דאס שאדעט ניט. ווען דיא ארבייטען הויבען זיך אן צו ריהרען, דערשרעקט זיך דיא בורזשואזיע און האלט זיך פעסטער אן דער קרוין.

— איך בעטראכט דיעזע ארבייטער בעוועגונג פיעל ערנסטער, האט דער מיניסטער געזאגט. דער ארבייטער קאָנגרעס אין בריסעל האט געהאט אן אונגעהייערע ווירקונג אויף דיא ארבייטער פון דער גאנצער וועלט. דיא ארבייטער האבען זיך אויפגעכאפט. זיי הייבען זיך אן ארומצוקוקען. זיי הייבען אן צו פערשטעהן, אז זיי זיינען א מאכט.

— איך האב שוין געהערט פון'ם בריסעלער קאָנגרעס, האט נאַפּאָלעאָן גע־זאגט. עס האט זיך דארט זאגאר געפונען איינער, וועלכער האט מיך געוואלט מאכען פאר א סאָציאַליסט. ער האט געוואָלט, אז איך זאל מיך שטעלען אן דער שפיצע פון דיא ארבייטער און זאל זיי פערטהיידיגען געגען קאפיטאל. — א זאנדערבארע אידעע! זיי האבען געמאכט דיא רעכנונג און האבען דעם ווירטה ניט געפרעגט. — זיי האבען גאר אין גאנצען פערגעסען, אז ווען איך זאל עס שוין גאנץ גוט וועלען, קען איך עס ניט טהאן. איך קען עס ניט געגען דיא אנדערע פירסטען פון אייראָפּא.

דער מיניסטער האט רוהיג אויסגעהערט, וואס דער קייזער האט געזאגט.

— איך האב ניט געוואלט דערצעהלען אייער מאיעסטעט פון'ם ארבייטער קאָנגרעס אין בריסעל. ניט דאס איז דיא הויפטזאכע, נאכ'ן קאָנגרעס אין בריסעל

האבען זיי אפגעהאלטען א קאנגרעס אין באזעל. דארט זיינען זיי שוין גאנץ פריי ארויס און האבען ערקלערט, אז מען מוז אפשאפען אלע רעגיערונגען. —

— וואס זיי האבען בעשלאסען איז נאך ווייניג, האט איהם דער קייזער אונטערבראכען. דערווייל זיצען מיר נאך פעסט אויף אונזערע טראהנען.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט דער מיניסטער זיך אפגערופען, אויף יענעם קאנגרעס אין באזעל איז אויפגעטרעטען דער געפעהרליכסטער פון אלע אנארכיסטען, מיכאאיל באקונין —

— מיכאאיל באקונין? האט דער קייזער איבערגעפרעגט, דערזעלבער, וועלכען איך האב געהייסען ארעסטירען?

— דערזעלבער. ליידער, איז עס אונזער קלוגען פאליציי פרעפעקט ניט געלונגען איהם ארייצוקריגען אין דיא הענד. מען האט געוואוסט, וואו ער האלט זיך אויף; מען האט געוואוסט, וואו ער האלט אפ זיינע פערזאמלונגען; מען האט געוואוסט, וואו ער האלט זיינע רעוואלוציאנערע רעדען, און ווען מען איז געקומען איהם ארעסטירען, האט מען קיינעם ניט געפונען.

— אלזא, וואס וויל דיעזער באקונין? האט דער קייזער געפרעגט.

— אויפ'ן קאנגרעס פון באזעל האט דיעזער באקונין געהאלטען איינע פון זיינע פייערדיגע רעדען און האט הינגעריסען דיא גאנצע פערזאמלונג. מען האט בעשלאסען איינשטימיג, אז מען זאל פערניכטען דיא גאנצע אלטע געזעלשאפט, מיט איהר רעליגיאן, מיט איהרע הערשער, מיט פריוואט אייגענטהום, מיט דיא געזעצע איבער היירא‍טהען. —

— נו? און דאס בעאונרוהיגט אייך? האט דער קייזער געפרעגט מיט א שמייכעל. וואס קימערט עס אונז, וואס איינינע היצקעפ זאגען און פאדערן? וואס וואהנזיניגער זייערע פרינציפען זיינען, אלץ ווייניגער זיינען זיי פאר אונז געפעהרליך. אים געגענטהייל, זיי וועלען אונז נאך נוצען. לאז מען צופויקען אין דיא צייטונגען, וואס דער ארבייטער קאנגרעס אין באזעל האט בעשלאסען; לאז מען אלעס אפמאלען און בעשרייבען נאך צעהן מאל ערגער, וויא עס איז. דיא אריסטאקראטען און דיא קאפיטאליסטען וועלען זיך דערשרעקען און וועלען וויסען, אז נור א מאכט, וויא דאס קייזערטהום קען זיי שיצען געגען אזעלכע באקונינ'ס און יאהאן מאסט'ס.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט בעמערקט דער מיניסטער, דאס אלעס וואלט רעכט געווען, ווען עס זאל זיין מעהר אריסטאקראטען און קאפיטאליסטען פון ארבייטער. ליידער, איז עס אבער פערקעהרט. עס זיינען דא מעהר ארבייטער, וויא אריסטאקראטען. ווען אזעלכע אידעען, וויא באקונינ'ס און יאהאן מאסט'ס וועלען זיך פערברייטען אויף דער וועלט, קענען ענטשטעהן גאנץ ערנסטע אונרוהען. — זיי הייבען אן זיך צו ארגאניזירען, זיי הייבען אן צו ווערן א מאכט.

דער קייזער האט געטראכט איינינע מינוט.

— און וואס דענקט איהר צו טהאן געגען דיעזע נייע מאכט? האט ער געפרעגט.

— דערווייל האב איך געהייסען דער פאליציי שליעסען אלע פערזאמלונגען, צוטרעטען ביי אלע ארבייטער פעראיינע זייערע ביכער, צירקולארען, פראטאקאלען און

דיא ליסטען פון זייערע מיטגליעדער. דיא פּאָליציי האט עס שוין אלעס געטהאן. איך האב דורכגעבלעטערט זייערע פּראָטאָקאָלען און געפֿין אין זיי מאטעריאל, איבער וועלכען מען מעג זיך פערטראַכטען.

— איך מיין, אז דיא פּאָליציי האט געמאכט דערמיט א פעהלער, האט דער קייזער געזאגט אונצופריעדען. — מיינט איהר, אז איהר וועט דערמיט עפּעס העלפען, וואס איהר וועט שליעסען זייערע מיטינגס לאקאלע, וועט צונעהמען זייערע דאקומענ-טען און וועט זיי ווייטער ניט ערלויבען זיך צו פערזאמלען? — פערגעסט ניט, אז דיא פּאָליציי האט אויסגעפונען דיא גאנץ אונשולדיגע ארבייטער פעראיינע. דיא וויכטיג-סטע, דיא געהיימע פערזאמלונגען, וועט זיא קיין מאל ניט אויסגעפינען. — דער פּאַל מיט באקונינען האט אונז שוין גענוג געוויעזען, אז זיי ווייסען שוין, וויא אזוי זיך צו בעהאלטען. — וואס האט איהר אלזא געוואונען? איהר האט אויפגערייצט געגען דער רעגיערונג דיא גוטע און שטילע ארבייטער און האט ניט איבערגעשראקען דיא עכטע רעוואָלוציאָנערן.

— איך האב געמיינט, אז מיט דיא ליסטען פון דיא מיטגליעדער פון דיא אר-בייטער פעראיינע אין דיא הענד וועט אונז זעהר לייכט זיין צו ארעסטירען אלע אנ-פיהרער פון דיא ארבייטער, אלע אגיטאַטאָרען, אלע היציגע קעפּ און זיי געבען א גוטע לעקציאָן, זיי זאָלען געדענקען. — אזוי וויא איך האב ערשט ניט לאנג בעקומען דיא ליסטען און דיא פּאַפּיערען, דערפאר מיין איך, אז מען זאל זיי באלד, נאך היינט ביי נאכט ארעסטירען.

דער קייזער האט זיך צוריקגעלעגט אויפֿן דיוואן און האט געקוקט אין פענ-סטער. ער האט ניט געוואלט ווייזען זיין מיניסטער, אז ער איז מיט איהם זעהר ניט צופריעדען.

— ליבער אליוויע, האט ער ענדליך געזאגט, איך פערשטעה אייך ווירקליך ניט. איהר אליין זאגט, אז דיא ארבייטער הייבען אן צו פיהלען, אז זיי זיינען א מאכט; איהר אליין זאגט, אז דיא ארבייטער זיינען מעהר פון דיא אריסטאקראטען און קאפּיטא-ליסטען — און איהר ראטה מיך, איך זאל הייסען ארעסטירען זייערע אנפיהרער. — הייסט דאס ניט, איך זאל ערקלערן קריעג מיין אייגענעם פּאָלק? הייסט דאָס ניט, איך זאל אויפרייצען דאס פאלק? — איך האב אזוי פיעל פיינד אין אויסלאנד, אז איך מוז לעבען אין פריעדען מיט אלעמען אין מיין לאנד. —

זעהט, וואס עס טהוט זיך אין רוסלאנד. מען ארעסטירט, מען פערשיקט, מען הענגט און מען פּלאגט דיא ניהיליסטען. קייזער אלכסנדר איז גענוג שטרענג געגען זיי. העלפט עס אבער? מען פערשיקט איינעם קיין סיביר און צעהן אנדערע קומען אויף זיין ארט. — זאל איך מיך אויך לעבערליך מאכען, וויא קייזער אלכסנדר? — זאל איך אויך מורא האבען ארויסצוגעהן אויף דער גאס, פיעללייכט וועט מען מיר אונטערוואַרפען א באָמבע? —

ביז אהער רעדען דיא ארבייטער נור אין זייערע מיטינגס לאקאלע. זיי בעראטהע-ען זיך, זיי דעבאטירען, זיי מאכען פּלאנען — ביז צום אויספיהרען איז נאך ווייט. קוים אבער וועלען מיר אנהויבען צו ארעסטירען, צו בעשטראפען און צו פערפאלגען,

װעלען מיר זיי צװינגען צו טהאן דאס, װאס זיי דענקען צו טהאן א מאל, װען עס איז, אין דער צוקונפט.

איבעריגענס, װעט איהר זיין אזוי פריינדליך און װעט מיר מארגען ברענגען דיא פאפיערן און צירקולארען, װעלכע דיא פאליציי האט צוגענומען ביי דיא ארבייטער פעראיינע. איך װיל זיי שטודירען. איך װיל מיך איבערלעגען. איך האף, אז איהר װעט מארגען זיין ביי מיר.

מיט דיעזע װערטער האט זיך דער קייזער אויפגעהויבען און איז אריינגעגאנגען אין זאל, װאו מען האט נאך געטאנצט און דיא מוזיק האט געשפיעלט. ער איז צו־געגאנגען צו דער קייזערין און דער קעניגין פון שפאניען.

— אייערע מאיעסטעט האט איינגעריכטעט פארטרעפליך דאס אלטע שלאס, האט ער געזאגט אלס קאמפלימענט דער קעניגין. איך פיהל מיך דא אנגענעהמער, װיא אין דיא טיולעריען.

דיא קעניגין האט זיך פערניינט. זיא האט געזעהן, אז דער קייזער איז מיעד און האט געגעבען א װינק צו איהר האף מארשאל, ער זאל איינלאדען דיא געסט צום טיש.

דער האף מארשאל אנגעטהאן אין רייכע קליידער מיט גאלד און דיאמאנטען, װיא א שפאנישער גראנד, האט אויפגעהויבען זיין גרויסען מארשאלס שטעקען. דאס איז געװען דער צייכען, אז מען זאל געהן צום טיש. עס האבען זיך באלד אויסגע־שטעלט פארליך, א קאװאליער און א דאמע. קייזער נאפאלעאן האט גענומען אונ־טערן ארים דיא קעניגין פון שפאניען. דער פרינס אף װעלס האט גענומען אונטערן ארים דיא קייזערין. דיא אנדערע הערען און דאמען האבען זיך גענומען אונטערן ארים און האבען זיך אויסגעשטעלט נאך זייער ראנג (משין) נאך.

דער האף מארשאל איז געגאנגען פאראויס מיט זיין גאלדענעם שטעקען און אלע זיינען איהם נאכגעגאנגען.

קעניגין איזאבעללא, װיא אלע שפאניער, האלטען זעהר שטרענג דיא עטיקעטע, דיא הויף צערעמאניע. קיין אינגערער אין ראנג טאר ניט געהן פארן עלטערן. ביים טיש האט יעדער זיין בעשטימטען פלאץ. קיינער טאר זיך ניט זעצען אויף א פרעמ־דען פלאץ.

אין גרויסען עס־זאל זיינען געשטאנען איינינע טישען. דער האף מארשאל האט יעדען צוגעפיהרט צו זיין טיש און האט איהם געזעצט אויף זיין פלאץ, א קאװאליר לעבען א דאמע.

לעבען איין טיש זיינען געזעסען נור געקרוינטע קעפ: דער קייזער, דיא קייזערין, דיא קעניגין פון שפאניען, דער פראנצייזישער קראנפרינץ, דער שפאנישער קראנפרינץ און נאך איינינע פרעמדע פרינצען, װעלכע זיינען געװען איינגעלאדען אויפ'ן באלל.

לעבען אנדערן טיש זיינען געזעסען דיא דיפלאמאטען, מיניסטארען און געזאנ־דטע פון פרעמדע לענדער.

לעבען דריטען טיש זיינען געזעסען אנדערע אריסטאקראטען: גראפען, באראנ־נען, פירסטען און גייסטליכע. דיא מארקיזא פאלאנצאני איז געזעסען לעבען איהר העפליכען גייסטליכען, קסיטענעס. אלע זיינען געװען זעהר אויפגעלעגט, אלע זיינען

געווען פרעהליך און האבען געפלוידערט צווישען זיך גאנץ אונבעצוואונגען. קסימע-נעס איז געווען דיא העפליבקייט אליין. ער האט בעדיענט דיא מארקיזא, וויא א וואהרער געליעבטער. דיא קלוגע קייזערין אייזשעניע, וועלכע האט געהאט א שאר-פעס אויג און האט זיך צו אלעמען צוגעקוקט, האט עס זאגאר בעמערקט און האט געזאגט דער קעניגין פון שפאניען:

— מיר שיינט, אז אייער בייכטפאטער איז פערליעבט אין דער שעהנער מארקיזא פאלאנצאני.

(בייכטפאטער הייסט א גייסטליכער, פאר וועמען מען איז זיך מתודה אויף זיינע זינד.)

— יעדער שפאניער, ער מעג זיין, וואס ער וויל זיך, איז העפליך געגען דאמען; האט קעניגין איזאבעללא געענטפערט.

— נור ניט, ווען ער ווערט א רעוואלוציאנער, האט דיא קייזערין געזאגט און האט גאנץ שטילערהייט א זיפץ געטהאן.

— זאגאר ווען ער ווערט א רעוואלוציאנער! האט דיא שפאניערין געזאגט שטאלץ. — אייער מאיעסטעט וויים, ווער עס איז שולדיג געווען אין דער שפא-נישען רעוואלוציאן.

ביי דיעזע ווערטער האט זיא א קוק געטהאן אויף דיא מארקיזא.

— יעדער ציוויליזירטער מענש איז העפליך געגען דאמען, האט דער קייזער געזאגט און האט געזוכט צו פיהרען דעם געשפרעך איבער אנדערע זאכען.

ער האט זעהר ניט ליעב געהאט צו רעדען פון פאליטיק ביים עסען.

דאס עסען האט זיך געענדיגט. דער קייזער איז דער ערשטער אויפגעשטאנען פון'ם טיש. נאך איהם האבען זיך אלע אויפגעהויבען און זיינען געגאנגען צוריק אין טאנץ זאל. דיא עלטערע זיינען זיך צוגאנגען אין דיא זייטען זאלען. פיעלע זיינען גע-גאנגען אין רויך זאל רויכען א סיגארע. אייניגע זיינען געגאנגען אין שפיעל זאל, וואו עס זיינען געשטאנען אויפגעעפענט קארטען טישלעך. וויעדער אנדערע זיינען געגאנגען חאפען נאך א גלאז שאמפאניער.

יעצט האט דער הערצאג האמילטאן וויעדער געהאט געלעגענהייט צו צוגעהן צו זיין מארקיזא און זיא איינצולאדען נאך אויף א פאלקא. ער האט געוואוסט, אז דער ענגלישער קראנפרינץ האט זיך געזעצט שפיעלען אין קארטען און לארד איס-לינגטאן רויכט יעצט זיין האוואנא סיגאר ערגעץ אין רויכזאל אדער אין דער אראנ-זשעריע.

— וויא געפעלט אייך אייער נייער פערליעבטער? האט ער געפרעגט דער מארקיזא.

— ער איז וויציג און זעהר אמוזירענד, האט דיא מארקיזא געענטפערט. אונזערע איטאליענישע גייסטליכע זיינע מייסטענס לאנגוויילינ. דיא שפאניער זיינען אנדערע מענשען.

— וויא איך זעה, האט ער געמאכט אויף אייך א גוטען איינדרוק, האט דער הערצאג ווייטער געזאגט.

— אלס קאוואליער, יא; אלס נייסטליכער — נים.

דיא מוזיק האט אנגעהויבען צו שפּיעלען, דיא פּארליך האבען זיך אויסגע-שטעלט, מען האט אנגעהויבען צו טאנצען א פּאלאָנעז (א פּאָלקא). לוסטיג און פרעהליך האבען זיך געדרעהט דיא פּאָרליך אין גרויסען, רייך פערציערטען זאל.

פּלוצלונג איז דיא מארקיזא געוואָרען בלייך, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן, וויא אין פיבער. דער הערצאָג האט זיא קוים צוגעפיהרט צו א דיוואן און האט זיא אניעדערגעלעגט. אין זאל איז געוואָרען א ליארם.

— א דאָקטאָר! רופּט א דאָקטאָר! האט איינער געזאגט אין דער הויך.

דיא קייזערין איז געוואָרען אונרוהיג און האט געפרעגט, וואס עס איז? מען האט איהר געמעלדעט, אז דיא מארקיזא פּאלאנצאני פיהלט זיך עפּעס זעהר שלעכט.

— וואו איז וועלפּאָ? האט זיא געפרעגט. שיקט רופען וועלפּאָ.

וועלפּאָ איז געוועזן איהר לייב דאָקטאָר.

מען האט באלד געבראכט דעם בעריהמטען דאקטאָר וועלפּאָ. ער האט בע-טראכט דיא קראנקע און האט געהייסען, מען זאל זיא פיהרען א היים. דא, אין זאל, איז איהם זעהר שווער זיא צו בעטראכטען. אלענפאלס מוז זיא האבען רוהע.

— איהר וועט אזוי גוט זיין, ליעבער וועלפּאָ, און וועט פאהרען מיט איהר א היים, האט דיא קייזערין געזאגט. איך האָף, אז איהר וועט באלד צוריקקומען און וועט מיר ברענגען דיא גוטע נאכריכט, אז עס איז איהר בעסער.

דער שליטען פון דער מארקיזא איז באלד געשטאנען פאר דער טהיר. דאָק-טאָר וועלפּאָ און דער הערצאָג האמילטאן האבען זיא גענומען אונטערן ארים און האבען זיא אראפּגעפיהרט צו איהר שליטען. דיא שטארקע פערד האבען זיא באלד געבראכט א היים, וואו איהר קאמער-מעדכען און דאקטאָר וועלפּאָ האבען זיא אויס-געטהאן און האבען זיא אריינגעלעגט אין בעט.

דאָקטאָר וועלפּאָ האט פערשריעבען א רעצעפּט און האט איהם געהייסען באלד ברענגען. ער אליין האט איהר איינגעגעבען א לעפעל און האט געווארט. ער האט געוואלט זעהן, וויא אזוי זיין רעצעפּט וועט ווירקען. דער רעצעפּט האט געווירקט אבער גאנץ אנדערש, וויא דער דאקטאָר האט ערווארטעט. אנשטאדט זיא צו בע-רוהיגען, האט ער זיא נאך מעהר אויפגערעגט. זיא האט אנגעהויבען זיך צו רייסען און צו שפּרינגען פון'ם בעט. וועלפּא האט פּראבירט אנדערע מיטעל. — עס האט אויך נים געהאָלפען. ער האט זיך בעסער צוגעקוקט, האט זיא נאך אמאל בעטראכט.

— זיא איז פאלקאמען געזונד. ער האט פּראָבירט איין מיטעל נאכ'ן אנדערן, ביז עס איז איהם ענדליך געלונגען זיא צו בערוהיגען. זיא איז אנטשלאָפען געוואָרען.

— מאָרגען פריה וועל איך דא ווידער זיין, האט ער געזאגט צום קאמער-מעדכען. איך מיין, אז זיא וועט שלאָפען רוהיג דיעזע נאכט. פאלס אבער זיא וועט זיך אויפכאפּען, זאָלט איהר מיר באלד שיקען רופען.

ער האט איבערגעלאזען זיין אדרעסע און איז צוריקגעלאָפען אויפ'ן באל מעל-דען דער קייזערין, וואס דיא מארקיזא טהוט.

אויפ'ן באלל איז אלעס געווען מונטער און פרעהליך, וויא פריהער. קיינער האט

זיך ניט בעאונרוהיגט איבער דער מארקיזא. יעדער האט גערעכענט, אז דאס איז א געוועהנליכער צופאל. זיא וועט זיך איבערלינען און עס וועט איהר בעסער ווערן. מען האט ווייטער געטאנצט און מען איז פרעהליך געוועזן, גלייך וויא עס וואלט גאר ניט געשעהן, ווען דאקטאר וועלפא איז געקומען. ער איז געוועזן ערנסט און איז גלייך צוגעגאנגען צו דער קייזערין.

— נו, וואס מאכט דיא מארקיזא פאלאנצאַני? האט דיא קייזערין געפרעגט.

— איך ווייס ניט וואס צו זאגען אייער קייזערליכער מאיעסטעט. דיא קראנק־הייט פון דער מארקיזא וועיזט מיר אויס צו זיין גאנץ ערנסט.

— איך האף אבער, אז עס איז קיין געפאהר דא?

— איך קען עס, ליידער, ניט זאגען פאר געוויס.

דיא קייזערין איז געוואָרען ערנסט און האט געטראכט א פּאָר אויגען בליקע.

— ליעבער וועלפא, האט זיא געזאגט מיט א האלב ביטענדע, האלב בעפעה־לענדע שטימע, איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און וועט זיא בעהאנדלען, ביז זיא וועט געזונד ווערן. — איהר וועט ניט פערגעסען מיר פון צייט צו צייט צו בעריכטען, וואס זיא מאכט.

דער דאָקטאָר האָט זיך פערניינט און איז אוועקגעגאנגען. באלד איז אויך דער קייזער און דיא קייזערין אוועקגעפאהרען פון׳ם באלל. נאך זיי זיינען זיך דיא געסט צוביסלעכוויים צו פאהרען.

דעם אנדערן טאג איז דאָקטאָר וועלפאַ געקומען בעזוכען דיא מארקיזא. ער האט געפונען, אז עס איז איהר פיעל בעסער, אבער איהרע הענד האבען זיך אויף א זאנדערבארע ארט צוזאמענגעצויגען און געציטערט. עס פלעגט פערגעהן א שטונדע אדער צוויי, ווען זיא איז געוועזן גאנץ רוהיג און עס האט זיך איהר שוין אויסגעוויי־זען, אז זיא איז פאלקאָמען געזונד. באלד אבער האבען זיך דיא פינגער פון דיא הענד שרעקליך צוזאמענגעצויגען, גלייך וויא זיא האט געוואלט מאכען א פויסט, און דיא גאנצע האנד האט אנגעהויבען צו ציטערן.

דער דאקטאָר האט פערבראכט ביי איהר זעהר לאנג, האט זיא אויסגעפרעגט, אויב זיא איז ניט אמאל קראנק געוועזן, און האט ערהאלטען צור אנטוואָרט, אז אויסער אייניגע לייכטע ערקעלטונגען, איז זיא שטענדיג געוועזן געזונד.

ער האט זיא בעטראכט נאך אמאל און נאך אמאל, האט געטראכט, גע־קלערט, זיך געבראכען דעם קאפּ און האט אויף קיין פאל ניט געקענט אויסגעפינען ניט דיא קראנקהייט, ניט דיא אורזאכע פון דער קראנקהייט.

אזוי איז פערגאנגען איין וואך נאך דער אנדערער. דיא קראנקהייט פלעגט אויף אייניגע צייט פערשווינדען, דאן אבער צוריקקומען מיט נייער קראפט. באלד האבען דיא פיס אויך אנגעהויבען צו ציטערן. דאקטאר וועלפא איז געוועזן אויסער זיך. אזא פאל איז איהם אין לעבען ניט פארגעקומען. זיין שטאלץ אלס דאקטאָר האט זיך געפיהלט געקרענקט.

עס זיינען דא קראנקהייטען, געגען וועלכע דיא מעדיצין ווייס קיין מיטעל ניט. זיא פערשטעהט אבער דיא קראנקהייט. זיא קען ערקלערן, פאר וואס דער מענש־

ליבער פערשטאנד און דיא מענשליכע קונסט קענען דא ניט העלפען. דיעזע קראנקהייט איז אבער געוועזן א רעטעניש פאר איהם. ער האט זאגאר ניט געוואוסט, וואס פאר א נאמען ער זאל איהר געבען. ער האט געזוכט אין אלע מעדיצינישע ביכער, אלטע און נייע און האט אין ערגעץ ניט געפונען דערמאָנט אזא סארט קראנהייט.

ער האט בערופען א קאנסיליום פון דיא גרעסטע דאָקטוירים אין פאריז. דיא געלערנטע מענשען זיינען זיך צונויפגעקומען, האבען בעטראכט דיא קראנקע, האבען געקלערט, געטראכט און געזוכט און זיינען ענדליך געקומען צו דעם ריכטיגען ענט־שלוס, אז זיי וויסען ניט.

מען האט פראָבירט אלע מעגליכע מיטעל. קיינס האט ניט געהאלפען. דיא מארקיזא איז געווארען פון טאג צו טאָג ערגער. דריי שווערע און לאנגע מאנאטע האט דיא מארקיזא געליטען דיא שרעקליכסטע שמערצען, ביז דער טוידט האט זיא ענדליך בעפרייט פון איהר לעבען און איהר ליידען.

דיא קייזערין איז געוועזן זעהר פעראינטערעסירט אין דער קראנקהייט פון דער מארקיזא. זיא האט געבעטען דאקטאר וועלפאָ, ער זאל זיא בעהאנדלען ביז צו לעצט. זיא האט איהם אבער ניט געדארפט בעטען. איהם אליין האט דיעזער פאל זעהר אינטערעסירט. אלס געלערנטער דאקטאר, האט ער בעאבאכטעט דיעזע קראנקהייט פון׳ם אנהייב ביז צום טרויעריגען ענדע. ער איז געשטאנען, ווען זיא האט אויסגע־הויכט איהר לעצטען אטהעם און האט געהויסען דיא קראנקען ווערטערין, זיא זאל אויסגלייכען דיא פערדרעהטע און צונויפגעקאָרטשעטע גליעדער פון טוידטען קערפער.

קוים האט דיא קראנקען ווערטערין אנגענומען דיא האנד פון דער טויטער מארקיזא אום זיא אויסצוגלייכען, האט זיך דיא האנד אפגעטהיילט פון׳ם קערפער גלייך וויא זיא וואלט גאר ניט געהערט צו איהם. דיא קראנקען ווערטערין האט ארויסגעלאזען א געשריי און איז אפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטע. דאס איז איהר פארגעקומען צום ערשטען מאל אין איהר לעבען.

א גאנץ אנדערע ווירקונג האט דיעזער פאל געמאכט אויפ׳ן דאקטאר. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט זיך צוגעקוקט צו דעם ארט, וואו דיא האנד האט זיך אפגעטהיילט פון׳ם קערפער.

— אקווא טאָפאנא Aqua tophana! האט ער אויסגערופען. — איך האב געמיינט, אז מען האט שוין פערגעסען דאס געהיימניס פון דיעזען שרעקליכען גיפט.

ער איז באלד אוועקגעפאָהרען צו דער קייזערין. ער איז געוועזן בלייך און אויפ־גערעגט. דיא קייזערין האט עס באלד בעמערקט.

— וואס הערט זיך, דאקטאר? אייער קונסט איז פערשעהמט געוואָרען?

— מאַיעסטעט! דיא מארקיזא פאלאנצאָני האט מען פערגיפטעט, האט דער דאקטאר געענטפערט ערנסט.

— פערגיפטעט? האט דיא קייזערין געפרעגט ערשטוינט. ווער זאל זיא האבען פערגיפטעט?

— דאס איז דיא פראגע, האט זיך דער דאקטאר אפגערופען. מען האט זיא פערגיפטעט מיט איינעם פון דיא שטארקסטע און שרעקליכסטע גיפטען, וואס איז

נור דא אויף דער וועלט — מיט אקווא טאפאנא. דיעזער גיפט, איז א מאל מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק, געווען בעקאנט אין איטאליען. עס איז צוואר דאמאלס אויך געווען א געהיימניס, פון וואס ער בעשטעהט און וויא אזוי מען מאכט איהם. ניט איין פירסט אין איטאליען, ניט איין פאפסט איז געשטארבען פון דיעזען שרעקליכען גיפט. שפעטער האט מען אן איהם אין גאנצען פערגעסען. מען האט גערעכענט, אז דער לעצטער מענש, וואס האט געוואוסט פון דיעזעס געהיימניס, איז געשטארבען מיט איהם. זייט מעהר אלס הונדערט יאהר האט דיא מעדיצין ניט פערצייכענט ניט איין פאל, וואו א מענש זאל שטארבען פון דיעזען גיפט.

— אבער פון וואס ווייסט איהר, אז זיא איז געווען פערגיפטעט מיט אקווא טאפאנא? — איהר האט דאך ניט געוואוסט, וואס פאר א קראנקהייט דאס איז געווען?

— דער טוידט האט בעוויעזען, האט דער דאקטאר געענטפערט. ווען דער פאפסט קלעמענס דער פיערצעהנטער איז געשטארבען און מען האט איהם ארויסגעשטעלט אין דער גרויסער סאן פעטערס קירכע אין רוים, זיינען געקומען פיעלע גייסטליכע איהם קושען דיא האנד. קוים האבען זיי זיך צו איהר צוגעריהרט, איז דיא האנד אראפגעפאלען. ער איז געשטארבען פון דעמזעלבען גיפט. דיא יעזואיטען האבען איהם פערגיפטעט.

דיא קייזערין איז געווארען בלייך.

— דיא יעזואיטען האבען איהם פערגיפטעט? האט דיא איבערגעפרעגט. — פאר וואס?

— דער פאר וואס ער האט געוואלט אויפלעזען דעם יעזואיטען ארדען.

— זאלען דיא יעזואיטען נאך וויסען דאס געהיימניס, וויא אזוי צו מאכען דיעזען גיפט?

— איך גלויב אזוי. איך זעה ביי דער מארקיזא דיעזעלבע צייכענס, וואס ביים פאפסט קלעמענס דעם פיערצעהנטען.

דיא קייזערין האט א ציטער געטהאן מיטן גאנצען קערפער. זיא האט ניט געוואלט ווייזען דעם דאקטאר, אז זיא איז אזוי אויפגערעגט און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז זיא וויל זיין אליין.

דער דאקטאר האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— אלזא, האבען זיא דיא יעזואיטען פערגיפטעט? האט זיא געזאגט טרויעריג, ווען דער דאקטאר איז ארויסגעגאנגען. — ווער זאל עס געווען זיין? — זאל עס אפט ניט געווען זיין קסימענעס, דער בייכפאטער פון דער קעניגין איזאבעללא? — ער איז געווען זעהר העפליך געגען איהר אויפ'ן באלל. זיא איז באלד קראנק געווארען. — וואס האט זיא געהאט מיט דיא יעזואיטען? —

דיא קייזערין האט געהייסען בעערדיגען דיא מארקיזא מיט גרויס פאראד אויף איהרע קאסטען. מען האט זיא אבער געמוזט פערנעהען אין א ליילאך, איידער מען האט זיא אריינגעלעגט אין זארג (ארון). צו וועלכען גליעד מען האט זיך צוגעריהרט, האט ער זיך אפגעשעהלט און איז אראפגעפאלען.

אין איינינע צייט ארום האט דער פיערטעל מייסטער פון דער פארשטאדט סענט אנטואן געמעלדעט דעם פרעפעקט פון דער פאליציי:

— היינט גאנץ פריה האט מען געפונען דעם אגענט פון דער געהיים פאליציי, שארל לענואר, טויט אויף דער גאס. לעבען איהם איז געלעגען א רעוואלווער פון א זאנדערבארער ארבייט. אין דעם ארט, וואו עס דארף שטעהן דער נאמען פון'ם פאבריקאנט, שטעהן דריי איבערגעקעהרטע קרייצע. —

49טעם קאפיטעל.

צ ו ש פ ע ט!

עס איז קאלט. ווייסער, קאלטער שנעע בעדעקט דיא פעלדער און דיא וועלדער ארום עמענטהאל. דיא זון שיינט העל און ליכטיג און דער ווייסער שנעע גליצערט און פונקעלט, וויא מיליאנען בריליאנטען. דיא ארימע איינוואוינער פון עמענטהאל זיצען איז זייערע ווארעמע שטיבער און קימערן זיך ווייניג אום דיא קעלט מיט'ן שנעע. וואס מעהר שנעע, אלץ מעהר ברויט, זאגט דער דייטש'ער בויער און איז צופריעדען, ווען ער זעהט, אז דער אלטער, קאלטער ווינטער בעדעקט זיינע ווינטער תבואה מיט זיין ווארעמען, ווייסען מאנטעל.

היינט זיינען אלע בעזאנדערס פרעהליך. עס איז היינט א גרויסער יום־טוב. היינט איז דער לעצטער טאג פון'ם יאהר. מען פרעהט זיך, וואס מען איז לויז געוואָרען פון'ם אלטען יאהר — מען האט אפגעלעבט נאך א יאהר. גוט אדער שלעכט — מען האט איהם דאך ענדליך דורכגעלעבט. מען פרעהט זיך, וואס מען איז עלטער געווארען מיט א יאהר. — מען פרעהט זיך, ווייל מען וויל אנפאנגען דאס נייע יאהר מיט פרייד, מיט געזאנג און מיט טענץ.

פאר וואס נים? לאז זיך פרעהן יעדער, ווער עס איז אויפגעלעגט דערצו. לאז זיך פרעהן יעדער, ווער עס האט גוט פערבראכט דאס אלטע יאהר און האפט צו פערברענגען נאך בעסער דאס נייע. לאז זיך פרעהן יעדער, ווער עס האפט אויף בעסערע צייטען. אויב זיי וועלען קומען אדער ניט, וועט דיא צוקונפט ווייזען. דיא צייט, וואס ער האט זיך געפרעהט, האט ער געווים געוואונען.

פרעהליכער און לעבעדיגער, וויא ביז אהער איז אויך אין הויז פון'ם פאסטאר בערנער, וואו אין דער לעצטער צייט האט מען געהערט נור קרעכצען און שטילע זיפצען.

וועגדענשטיין איז צוריקגעקומען און האט געבראכט מיט זיך געסט, דעם גראף גראף דע ריווערא מיט זיין טאכטער יוליא. דער גראף האט געהאלטעןווארט. קוים איז ער געקומען, האט ער זיך געזעהן מיט איינינע מענשען, האט געשריעבען בריעף קיין בערלין און עס איז אנגעקומען פון בערלין א בעפעהל, אז אויב וועגדענשטיין וועט בעטען, מען זאל איהם בעגנאדיגען, וועט מען איהם בעגנאדיגען און מען וועט געגען איהם קיין פראָצעס ניט פיהרען.

וועגדענשטיין האט באלד איינגעגעבען א ביטשריפט, מען זאל איהם בעגנאַדיגען. מען האט זיין ביטשריפט אנגענומען און ער איז ווידער פריי, ווידער אין

אלטען עמענטהאל, וואו ער איז אויפגעוואקסען אָן וואו ער האט פערבראכט דיא בעסטע יאהרען פון זיין לעבען — דיא קינדער יאהרען.

העלענא איז געוועזן גליקליך, וואס איהר געליעבטער איז ווידער דא, וואס ער ליעבט זיא נאך אלץ. גראף דע ריווערא האט זיא בעטראכט און האט איהר געגעבען איינע מיטעל, וועלכע האבען אויף איהר זעהר גוט געווירקט.

עס איז וואהר, אז זיא איז נאך אלץ בלייך און שרעקליך אויסגעמאגערט. אין איהרע אויגען ברענט נאך דאס פייער פון דער שרעקליכען קראנקהייט. אויף איהרע באקען ווייזען זיך נאך אימער דיא רויטע ראזען, דאס זיכערע צייכען פון דער שווינד-זוכט, איהר געזיכט אבער איז פרעהליך און א צופריעדענער שמייכעל שפיעלט זיך אויף איהרע בלייכע, בלוטלאזע ליפען. זיא זיצט אוועק שטונדען לאנג און רעדט מיט איהר געליעבטען. זיי האבען זיך זעהר פיעל צו דערצעהלען. זיי האבען זעהר פיעל צו רעדען.

וואנדענשטיין פיהלט זיך, וויא ניי געבארען. ער איז פריי פון יענעם שווערן צויבער, אין וועלכען ער האט געלעבט אין פאריז. דארט איז ער שטענדיג געוועזן, וויא א פערשיכורטער. ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. אויף זיינע געדאנקען, אויף זיינע געפיהלע איז געלעגען א גאנצער בערג, וועלכער האט איהם געפרעסט מיט זיין שווערע לאסט. יעצט איז ער ווידער א מענש. ער קען דענקען. ער קען פיהלען.

יוליא איז פון דער ערשטער מינוט צוגעקלעפט געווארען צו העלענאַ'ן גלייך, וויא זיי וואלטען געוועזן לייבליכע שוועסטער. פון דער ערשטער מינוט אן האבען זיך ביידע מעדכען ליעב בעקומען און האלטען זיך איינע אן דער אנדערער. ווען וואנדענ-שטיין איז ניטאָ ביי העלענאַ'ן, קען מען זיין זיכער, אז יוליא זיצט ביי איהר און רעדט מיט איהר יוליא האט זיך געפיהלט זעהר גוט ביי דיעזע איינפאכע מענשען. זיא האט שטענדיג געלעבט אין א גרויסע שטאדט, אין רעש, אין ליארם און האט זיך געפיהלט אין א נייער וועלט דא, אין דיעזען דארף צווישען איינפאכע בויערן.

איין זאך איז איהר געוועזן שלעכט — זיא האט זיך ניט געקענט מיט זיי צונויפ-רעדען. זיא האט ניט געקענט קיין דייטש. דערצו אבער האט וואנדענשטיין און הע-לענא באלד געפונען א מיטעל. זיי האבען אנגעהויבען זיא צו לערנען דייטש און אין א גאנץ קורצער צייט איז זיא שוין געוועזן אים שטאנד צו רעדען, וואס זיא האט גע-דארפט אין דיעזער שפראכע.

דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן איז געוועזן זעהר פריינדליך געגען דיא נייע געסט. ער האט אבער ווייניג צייט געהאט זיך מיט זיי צו בעשעפטיגען. ער האט שטודירט און פלעגט אפט פאהרען קיין האנאווער — איבערשרייבען פאפיערן.

אלע זיינען געוועזן גליקליך און צופריעדען, בעזאנדערס היינט. עס זיינען געקו-מען נייע געסט — וואנדענשטיין'ס עלטערן. זיי האבען געוואלט פערברענגען דעם ער-שטען אבענד פון'ם נייען יאהר מיט זייער אלטען פריינד, דעם פאסטאר בערגער און מיט זייערע קינדער.

נור איין גראף דע ריווערא איז געוועזן ערנסט, זאגאר טרויעריג. יעדעס מאל,

וואס ער פלעגט א קוק טהאן אויף העלענא'ס בלייכע, איינגעפאלענע באקען; יעדעס מאל, ווען עס פלעגט זיך וויזען אויף איהרע באקען דיא טאדעס ראזען,— פלעגט זיך זיין געזיכט איבערציעהן מיט א פינסטערן וואלקען.

עס איז געווארען נאכט. פאסטאר בערגערס הויז איז געווען העל בעלייכטעט. ארום א גרויסען טיש אין דער מיט שטוב זיינען געזעסען אונזערע אלטע בעקאנטע: דער אלטער וועגדענשטיין, זיין פרוי, דער אלטער פאסטאר, גראף דע ריווערא, זיין טאכטער, העלענא, דער יונגער וועגדענשטיין, פראנץ דייעק און דער גייסטליכער בעהרמאן.

מען האט געגעסען, געטרונקען, גערעדט, זיך אונטערהאלטען און פרעהליך גע־ווען. אלע האבען געקוקט אויף דיא אוהר. מען האט ערווארטעט, זיא זאל שלאגען צוועלף— דאס נייע יאהר זאל זיך אנהייבען מיט פרעהליכקייט און מיט גליקסווינשען. פינף מינוטען פאר צוועלף האט מען אנגעגאסען אלע גלעזער מיט ווין און מען האט געווארט, דיא אוהר זאל אנהייבען צו שלאגען צוועלף.

ווען דיא אוהר האט אנגעהויבען צו שלאגען, איז דער אלטער בערגער אויפ־געשטאנען, האט גענומען זיין גלאז און האט געזאגט מיט א ערנסטער, פייערליכער שטימע:

— דאס אלטע יאהר איז פאראיבער. עס האט אונז געבראכט ליידען און שמערצען. לאמיר האפען, אז דאס נייע יאהר זאל גוט מאכען, וואס דאס אלטע האט שלעכט געמאכט! לאמיר בעטען גאט, דעם העררן פון'ם שיקזאל, אז אזעלכע יאהרען זאלען זיך ניט ווידערהאלען. דאס יונגע יאהר זאל אונז ברענגען גליק און פריעדען!

אלע האבען גענומען זייערע גלעזער און האבען אויסגערופען:

— גליק און פריעדען צום נייען יאהר!

דער קליינער קרייז פון פריינדליכע מענשען האט זיך געפיהלט גליקליך אין דיעזען אבענד. העלענא איז געווארען גאר אנאנדער מענש. זיא איז היינט געווען זעהר אויפגעלעגט און האט זיך געפיהלט גאר געזונד. נור איין גראף דע ריווערא איז געזעסען ערנסט און פערטראכט. ער האט אויך אלעמען געווינשט גליק צום נייען יאהר. אין זיינע ווערטער אבער האבען געקלונגען שטילע, טרויעריגע, הערצרייסענדע נאטען.

דעם אנדערן טאג זיינען וועגדענשטיינ'ס עלטערן אוועקגעפאהרען א היים. גראף דע ריווערא מיט זיין טאכטער זיינען געבליעבען. ער פלעגט אין ערגעץ ניט געהן, א גאנצען טאג איז ער געזעסען אין זיין צימער, האט געשריעבען בריעף און האט געלע־זען דיא פיעלע בריעף, וואס פלעגען איהם טעגליך אנקומען פון דער גאנצער וועלט. אבענדס פלעגט מען זיך צונויפקומען אין זאל און מען פלעגט רעדען און פלוידערן. דעם גראף איז זעהר געפעלען דער אלטער בערגער, אן איינפאכער מענש פון דער אלטער וועלט, וועלכער האט זעהר פיעל געלערנט און זעהר פיעל געלעזען.

אזוי איז פערגאנגען דער מאנאט יאנואר. דער פעברואר האט זיך אנגעהויבען. דיא טעג זיינען געווארען גרעסער. דיא זון האט אנגעהייבען צו ווארעמען. דיא לופט איז געווען ריין און מילד. א הויך פון'ם ליעבען פריהלינג האט זיך געפיהלט איבעראל.

וואס ווארעמער עס איז געווארען אין דרויסען, אלס מעהר האט זיך גראף דע ריוועראַ צוגעקוקט צו העלענאַ׳ן. ער האט איהר ניט געהייסען געהן אין דרויסען. ווען עס וועט שוין זיין גארווארם, מעג זיא ארויסגעהען אויף א פיערטעל שטונדע. זיא מוז אבער שטענדיג האלטען א טוך פארן מויל.

וואס ווארימער עס איז געווארען, האט זיך העלענא געפיהלט אלץ קרעפטינגער און מונטערער. זיא האט שוין אנגעהויבען צו טראכטען פון פארבערייטונגען צו איהר האכצייט. זיא האט שוין אפגערעדט מיט יוליאן, אז אין מאי זאל זיא הייראטהען און פאהרען מיט איהר מאן אין דער שווייץ אדער אין איטאליען. זיא האט זיך גע־פרעהט יעדען טאג, ווען זיא איז אויפגעשטאנען און האט געזען, אז דיא זון שיינט און דער שנעע פערשווינדעט. דער פרישער, ווארימער הויך פון׳ם פריהלינג האט גע־נאסען באלזאם אין איהר קראנקע ברוסט.

אזוי איז פאראיבער דער פעברואר.

אנפאנגס מערץ איז אויסגעפאלען זעהר א שעהנער טאג. דער שנעע איז אין גאנצען פערשוואונדען. דיא זונן האט אויסגעטריקענט דיא פעלדער און דיא גאסען. עס איז געווען שעהן און ווארים. העלענא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען אין שטוב. זיא איז ארויסגעגאנגען אין דעם קליינעם גארטען פאר איהר פאטערס הויז. זיא האט צוואר געאטהעמט שווער און לאנגזאם, אויף איהר געזיכט אבער האט געשטראהלט פרייד און גליק.

זיא האט זיך געזעצט אויף דער הילצערנער באנק אונטערן אלטען בירנבוים, וואו זיא פלעגט זיצען אזוי אפט און טראכטען און טריימען פון פרייד און לייד. זיא איז געזעסען איינינע מינוט, ווען זיא האט דערזעהן פון דער וויטען איהר געליעבטען, דעם ליעטענאנט וואנדענשטיין.

ער האט זיא דערקענט און האט זיא געגריסט מיט דער האנד. ער איז יעצט געגאנגען האסטיג, ער איז געלאפען צו איהר.

העלענא׳ס געזיכט האט געשטראהלט פאר פרייד און גליק. זיא האט זיך אויפ־געהויבען פון דער באנק און איז איהם ענטגעגען געגאנגען.

— לאָז ער זעהן, אז איך בין וויעדער געזונד, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. — וואס קען מיר שאדען אזא געזונדע ווארעמע לופט ?

זיא האט זיך בעמיהט איהם ענטגעגען צו געהן לייכט און שנעל, וויא אמאל, אין דיא יאהרען פון איהר גליק, — פון איהר ליעבע. זיא האט איהם ענטגעגענגע־שטרעקט ביידע הענד.

— העלענא ! ליעבע העלענא ! האט וואנדענשטיין אויסגערופען. דוא קומסט מיר ענטגעגען ? — דאס איז שעהן ! דאס עראינערט מיך אן יענע גליקליכע צייט, ווען דיא בלומע פון אונזער ליעבע האט אויפגעבליהט. דאס גיט מיר זיסע האפנונגען פיר א גליקליכע צוקונפט.

ער האט זיא ארומגענומען. זיא האט אנגעלעהנט איהר קאפ אן זיין ברוסט, אז ער האט געהערט, וויא שווער זיא אטהעמט, וויא שווער איהרע לונגען ארבייטען איהר צו שעפען דיא לופט.

— העלענא, דוא ביסט ניט פאַרזיכטיג, האט ער איהר געזאגט מיט א שטילע׳ן פארוואורף. — דער גראף האט דאך דיר ניט געהייסען ארויסגעהן אין דרויסען אהן א טוך פארן מויל. — קום, העלענא, לאמיר שנעל געהן א היים.

— יא, יא, האט זיא געזאגט מיט א גאנץ שוואכער שטימע. איך האב אויך מורא, אז איך האב מיר צופיעל ערלויבט. איך מוז מיך נאך שוינען. איך טאר נאך ניט זיין לאנג אין דרויסען. — איך האב מיך אבער ניט געקענט איינהאלטען.

ער האט זיא גענומען אונטערן ארים און האט זיא געפיהרט א היים. ער האט געפיהלט, אז מיט יעדען שריט שפארט זיא זיך אן אלץ שווערער אויף איהם און איהר קערפער הייבט אן צו ציטערן. ער האט ארויסגעחאפט זיין טאשען טוך און האט איהר ארומגעוויקעלט ארום מויל.

— שנעל אין שטוב אריין! האט ער אויסגערופען און האט זיא כמעט אריינ־געטראגען אין שטוב אריין און האט זיא אניעדערגעזעצט אין איהר וויכען שטוהל.

ער האט געפיהלט, אז מיט יעדער מינוט ווערט איהר אטהעמען אלץ שווערער און לאנגזאמער.

— איך בין עטוואס שוואך, האט זיא געזאגט. — עס איז אבער גאר נישט. עס וועט באלד איבערגעהן.

דער יונגער מאן איז געשטאנען פאר איהר טרויעריג און דערשראקען. ער האט געזעהן, וויא אויף איהר געזיכט האבען זיך געביטען אלערליי פארבען. ער האט געזעהן, וויא איהר געזיכט איז ענדליך געוואָרען טוידטענבלייך.

— העלענא, איך וועל געהן רופען גראף דע ריווערא. ער וועט דיר געבען עפעס א מיטעל און דוא וועסט זיך באלד פיהלען בעסער.

העלענא האט א ווינק געטהאן מיט׳ן קאפ. זיא האט שוין ניט געקענט רעדען.

וועגדענשטיין איז ארויסגעלאפען גלייך צו גראף דע ריווערא, וועלכער האט געוואוינט ניט וויים אין א בעזונדער הויז. אין קורצע ווערטער האט ער דערצעהלט דעם גראף, וואס עס איז געשעהן.

גראף דע ריווערא איז באלד געקומען און איז האסטיג צוגעגאנגען צו העלענא׳ן. ער האט גענומען איהר האנד, האט זיא בעטראכט און האט אויסגערופען:

— מיין גאט! וואס האט איהר געטהאן, פרייליין העלענא? וויא קען מען עס זיין אזוי אונפאַרזיכטיג?

אויף איהרע בלייכע ליפען האט זיך געוויזען א גליקליכער שמייכעל. זיא האט אויפגעהויבען דיא האנד און האט געוויזען אויפ׳ן ליעטענאנט.

— איך האב געוואלט איהם ענטגעגען געהן, האט זיא קוים ארויסגערעדט.

וועגדענשטיין האט זיך געזעצט לעבען איהר, האט גענומען איהר האנד און האט זיא צוגעלעגט צום הארצען.

גראף דע ריווערא האט צוגעלעגט זיין אויער צו איהר ברוסט. ער האט זיך צוגעהערט, וויא איהרע לונגען ארבייטען און וויא שווער זיא אטהעמט.

— עס איז גאר נישט. ניכט וואהר? האט זיא קוים ארויסגעהויכט.

דער גראף האט ניט געענטפערט. א פינסטערער וואלקען האט בעדעקט זיין געזיכט און ער האט טרויעריג אראפגעלאזען דעם קאפ.

— א גלאז וואסער! האט ער פלוצלונג אויסגערופען. וואו איז דיא מעדיצין, וואס איך האב אייך נעכטען געגעבען?

העלענא האט לאנגזאם אויפגעהויבען דיא האנד און האט געוויזען אויף א פלעשעלע, וועלכעס איז געשטאנען אויף א טישעל לעבען דער וואנד.

וועגדענשטיין האט באלד געבראכט א גלאז וואסער און דאס פלעשעלע מעדיצין. דער גראף האט אפגעצעהלט עטליכע טראפען פון׳ם פלעשעלע אין גלאז מיט וואסער און האט איהר געוואלט איינגעבען. פלוצלונג האט איהר גאנצער קערפער אנגעהויבען צו ציטערן, וויא אין קאנוואולסיאנען. איהרע אויגען האבען זיך געעפענט גרויס. פון איהר האלז איז ארויס א הייזעריגער, רעבעלענדער טאן. זיא האט אנגעכאפט דעם גראף׳ס האנד און האט געוואלט אויפשטעהן. — איהרע ליפען האבען זיך געעפענט, גלייך וויא זיא האט געוואלט עפעס זאגען, אבער אנשטאט ווערטער, האט זיך א גאס געטהאן בלוט פון איהר האלז און זיא איז צוריקגעפאלען אין איהר שטוהל.

וועגדענשטיין האט א געשריי געטהאן און איז געפאלען אויף דיא קניע פאר איהר שטוהל.

— רופט מיר אריין יוליא! האט דער גראף געזאגט ערנסט און קאלט.

וועגדענשטיין איז געלאפען און האט באלד געבראכט גראף דע ריווערא׳ס טאכטער. יוליא איז געוועזען בלייך און דערשראקען, ווען זיא איז אריינגעקומען. זיא האט פערשטאנען, אז דא איז שוין פארגעקומען עטוואס אונאנגענעהמעס.

— העלף מיר, טאכטער, זיא אריינטראגען אין איהר צימער און זיא אויסטהאן, האט דער גראף געזאגט שטרענג. מען מוז פון איהר אראפנעהמען אלעס, וואס ציהט זיא צונויף אדער וואס דריקט איהר. מען מוז עס אבער טהאן זעהר פארזיכטיג

ער האט גענומען העלענאן אויף דיא הענד, וויא א קינד, האט זיא אריינגעטראגען אין איהר צימער און האט געוויזען זיין טאכטער, וויא אזוי זיא אויסצוטהאן.

— טהו זיא אויס לאנגזאם און פארזיכטיג, האט ער געזאגט צו זיין טאכטער. איך וועל דערווייל מאכען פון איהרעט וועגען א מעדיצין.

ער האט אנגענומען וועגדענשטיינען ביי דער האנד און האט איהם ארויסגעפיהרט פון העלענא׳ס צימער.

— קומט מיט מיר אין מיין צימער, איך וועל אייך געבען דיא מעדיצין און וועל אייך ערקלערן, וויא אזוי איהר איינצוגעבען.

— אום גאטעס ווילען, העדר גראף! האט וועגדענשטיין אויסגערופען. — זאגט מיר דיא ווארהייט! איז העלענא אין געפאהר?

דער גראף האט איהם אנגעקוקט שטרענג און ערנסט.

— ווען עס וועט ניט געשעהן א וואונדער — איז זיא פערלארען, האט דער גראף געזאגט — און איך האב מורא, אז דאס מאל וועט קיין וואונדער געשעהן. נאט שטראפט זעהר שטרענג. א מאל ליידעט דער אונשולדיגער פאר׳ן שולדיגען. — זיין

ווילען מוז געשעהן! ער איז אונזער הערשער און שיקט אונז לעבען און טויט!

וויא א טויטען ליעד האבען געקלונגען זיינע ווערטער אין וועגדענשטיינס אויערן. ער האט זיך אוועקגעקעהרט פון'ם גראף און הייסע טרעהרין האבען זיך גע־קייקעלט אויף זיינע באקען.

דער שעהנער מערץ טאג, וועלכער האט זיך אנגעהויבען אזוי העל, אזוי שעהן, אזוי ליכטיג און ווארם איז פאראיבער. אויף זיין ארט איז געקומען דיא קאלטע, נאסע און פינסטערע נאכט. אין הויז פון'ם אלטען בערגער האט זיא געבראכט טרויער און טאָדעס שאטען.

העלענא איז געלעגען אין איהר צימער. אויפ'ן טיש לעבען איהר בעט איז גע־געשטאנען א לאָמפּ, בעדעקט מיט א גרויסען אבאזשור (שירם). אונטערן שירם האט דיא לאָמפּע געלייכטעט גאנץ העל. אין צימער אבער איז געווען דונקעל.

גראף דע ריווערא איז געזעסען אויף א שטוהל לעבען איהר בעט און האט ניט אראפּגעלאזען קיין אויג פון איהר געזיכט, וועלכעס איז געווען געל וויא וואקס. עס האט אויסגעוויעזען, אז עס ליענט קיין לעבעדיגער מענש, זאָנדערן א וואקס פיגור. איהרע ווייסע, דינע הענד זיינען געלעגען צונויפגעלעגט אויף דער קאָלדרע און האבען זיך ניט געריהרט. עס איז געווען דייטליך, אז דאס לעבען איז שוין פערשוואונדען פון דיא אויסערע גליעדער. דאס ליכט פון לעבען איז אויסגעגאנגען לאנגזאם שטיל און רוהיג.

וועגדענשטיין איז געשטאנען אויף דיא קניע לעבען בעט און האט טרויעריג בעטראכט זיין געליעבטע. ער האט ניט גערעדט, אבער זיין געזיכט האט אויסגעדריקט דיא גרעסטע פערצווייפלונג.

יוליא איז געזעסען ביים פענסטער און האט געהאלטען איהר טאשענטוך פאר דיא אויגען. דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען האט זיא געזעהן א מענשען שטארבען. אויף איהר יונגער זעעלע האט עס געמאכט א טיעפען איינדרוק.

אין דער מיט צימער איז געשטאנען, וויא א מארמאר זייל דער אלטער בערגער.— זיינע הענד זיינען געווען צונויפגעלעגט, וויא אין א געבעט. זיינע ליפּען האבען זיך בעוועגט און הייסע, ברענענדע טראפּען טרעהרין האבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען. ער האט געזוכט טרייסט און האָפנונג אין זיין פעסטען גלויבען אין גאָט, דעם הערר פון לעבען און טויט.

אין צימער איז געווען שטיל. מען האט געקענט הערן דאס אטהעמען פון אלע דיעזע מענשען, פאר וועלכע דיא קראנקע איז געווען אזוי ליעב און אזוי טהייער. אלע האבען געפיהלט, אז זיי וועלען זיא באלד פערל'יערען.

גראף דע ריווערא האט זיך אויפגעהויבען גאנץ שטיל, האט גענומען א פלעשעלע פון'ם טיש און האט אריינגעגאָסען עטליכע טראָפּען אין א לעפעלע און האט עס אריינגעגאסען אין העלענא'ס צוזאמען געפּרעסטע ליפּען.

א לייכטעס ציטערן האט אנגעהויבען צו בעוועגען העלענא'ס קערפּער. עס זיינען פערגאנגען אייניגע שרעקליכע מינוטען.

פלוצלונג האט זיא געעפענט דיא אויגען און האט זיך ארומגעקוקט ווילד,

גלייך וויא זיא וואָלט זיך אויפגעחאַפּט פון א שרעקליכען טרוים, אזוי איז זיא געווען ערשטוינט און איבערראַשט. — איהרע הענד האבען זיך לאנגזאם אויפגעהויבען. איהר געזיכט איז געווען רוהיג — א צופריעדענער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפּען.

— איך קום נאך א מאָל צו אייך, האט מען געהערט פון איהר און איהרע ליפּען האבען זיך קוים, קוים גערוהרט. איך געה ניט אוועק פון אייך אהנע אבשיעד. דאס איז גוט! —

זיא האט זיך אפּגערוהט איינינע אויגענבליקע און האט ווייטער געזאגט:

— עס איז אויס מיט מיר. — גאָט רופט מיך צו זיך — דארט אויבען וועל איך בעטען פאר אייך — גאָט איז גוט — ער האט מיר בעוויעזען דיא גנאדע, אז איך שטארב ניט אין ליידען און פערצווייפלונג, זאנדערן אין דעם ריינעם גלאנץ פון ליעבע — פון האפנונג אויף א בעסערע וועלט.

איהרע בליקען האבען זיך געווענדעט צו איהר פאטער. זיא האט קוים אויפ־געהויבען דיא האנד און האט איהם גערופען צו זיך.

דער גראף איז אפּגעטרעטען פון'ם בעט און האט געמאכט פּלאץ פארן אלטען פאָטער.

דער אלטער פאָטער איז צוגעקומען צום בעט פון זיין שטערבענדעס קינד און האט אנגעבויגען זיין שנעע ווייסען קאפּ צו איהר.

- בענש מיך, פאטער! האט העלענא געבעטען. — בענש מיך אויפ'ן ווייטען וועג, וועלכען איך דארף יעצט געהן.

דיא הויכע, פעסטע געשטאלט פון'ם אלטען מאן האט אנגעהויבען צו ציטערן. עס האט אויסגעוויעזען, אז ער וועט עס ניט אויסהאלטען און וועט אומפאלען אויפ'ן בעט פון זיין שטערבענדעס קינד. — גראף דע ריווערא האט געמאכט א שריט צו איהם. ער האט איהם געוואלט אונטערהאלטען, ער זאל ניט אומפאלען.

איידער אבער דער גראף האט זיך צו איהם צו גערירט, האט זיך דער אלטער מאן אויפגעשטעלט גלייך, וויא א מאַרמאָר זייל. ער האט ארויפגעלעגט דיא הענד אויף זיין טאכטערס קאפּ און האט געזאגט מיט א פעסטער, רוהיגער שטימע:

— גאָט זאל דיך בענשען און בעהיטען; גאָט זאל ערלייכטען זיין אנגעזיכט צו דיר און זאל דיר צייגען זיין גנאדע; גאָט זאל ערלייכטען זיין אנגעזיכט צו דיר און זאל דיר געבען פריעדען!

דאן האט ער זיך וויעדער אנגעבויגען איבער איהר און האט צוגעלעגט זיינע ברענענדיגע ליפּען צו איהר שטערן.

— לעבט וואהל אלע מיינע ליעבע און געטרייע פריינד! האט העלענא ווייטער געזאגט. — איך דאנק אייך פאר אייער פריינדליכקייט און אייער גוטסקייט צו מיר! געדענקט מיך אמאל אין ליעבע!

יוליא האט צוגעלעגט איהר טאשענטוך נאך פעסטער צו איהרע אויגען, פון וועלכע עס האט זיך געגאסען א שטראם מיט טרערין. — דיא אלטע קעכין איז גע־פאלען אויף דיא קניע און האט געוויינט שטילערהייט.

נראף דע ריווערא איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט, און האט בעטראכט דיא שטערבענדע. ער האט אנגעווענדעט אלע מיטעל, וואס דער מענשליכער פערשטאנד וויס נור אום צו רעטען דיעזעס יונגע לעבען. — עס האט נים געהאָלפען. — עס איז שוין געוועזען צו שפּעט! — דאס מענשליכע קענען און דיא מענשליכע קונסט האט געוויסע גרענעצען. — ביז אהער, נים ווייטער! האט דיא שטרענגע מוטער נאטור געזאגט. דאס זאלסט דוא קענען, ווייטער אבער — נים.

— יעצט וויל איך נאך עפּעס זאגען דיר, מיין פריינד, וועלכער איז ביי מיר געוועזען טהייערער פון דער גאנצער וועלט. האט העלענא קוים ארויסגעזאגט און האט זיך אנגעשטרענגט צו ווינקען צו ווענדענשטיינען. — קום צו מיר! — מיינע לעצטע ווערטער זאלען זיין צו דיר. — שטעה אויף, נעהם מיך ארום — צום לעצטען מאָל —

ווענדענשטיין איז אויפגעשפּרונגען. ער האט ארונטערגעלעגט זיינע הענד אונטער איהר קאפּ, האט זיא ארומגענומען און האט צוגעלעגט זיין באק צו איהר אייז קאלטען שטערן.

— אזוי! אזוי, מיין פריינד! — אזוי וויל איך שטארבען! — אין דיינע ארימס וויל איך שטארבען. הויב מיך אויף צו דיר!

איהרע אויגען האבען אויף א מינוט אויפגעלייכטעט, וויא עס פלאמט אויף א ליכט, איידער עס ווערט פערלאשען. עס האט אבער געדויערט נור א קורצע מינוט. באלד האבען זיך איהרע ברעמען לאנגזאם אראפּגעלאזען איבער דיא אויגען. ווענדענשטיין האט געפיהלט, אז איהר קאפּ ווערט שווערער אין זיינע הענד. ער האט איהם אניעדער געלעגט אויפ'ן קישען.

שטיל, גאנץ שטיל, וויא א גאנץ ווייטע מוזיק, האט איהר מויל געמורמעלט:

— ווען צוויי מענשען — צופאהרען זיך — זאגען זיי — איינער — דעם אנדערן — אויף ווידערזעהן!

שטילער און שטילער איז געווארען איהר שטימע. דיא אויגען האבען זיך אין גאנצען געשלאָסען. זיא האט זיך אויסגעשטרעקט און האט נאך אויסגעהויכט נאך אמאל:

— אויף ווידערזעהן!

דאן האט זיא נאך אמאל געאטהעמט — א ציטער געטהאן און איז געבליעבען שטיל. — זיא איז געוועזען טוידט.

ווענדענשטיין האט לאנגזאם ארויסגענומען זיינע הענד פון אונטער איהר קאפּ, האט זיא אניעדערגעלעגט גלייך און איז צוגעגאנגען צום פענסטער זיך אויסוויינען.

איינינע מינוטען איז אין צימער געוועזען גאנץ שטיל. יעדער איז געבליעבען אויף זיין ארט. וויא פערשטיינערט.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער אלטער פּאָטער. ער איז צוגעגאנגען צום בעט, האט זיך אנגעבויגען אויף זיין טוידטעס קינד, האט איהר א קוש געטהאן אין שטערן — און שטיל, וויא א שאָטען, האט ער זיך ארויסגעגליטשט פון טוידטען צימער. ער איז זיך געגאנגען אויסוויינען אין זיין הייליגטהום, — אין זיין קירכע.

יוליא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיא איז ארויסגעלאפען אין דרויסען און האט געוויינט אין דער הויך.

אין צימער זיינען געבליעבען נור צוויי מענשען — גראף דע ריווערא און ווענדענשטיין. אייניגע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. פלוצלונג איז ווענדענשטיין צו געגאנגען צום גראף און האט איהם געזאגט:

— איך האב זיא געטוידטעט! דורך מיר איז געבראכען געווארען דיעזעס הערץ, וועלכעס האט געשלאגען פאר מיר אין ליעבען און טרייע ביז אין דער לעצטער מינוט. — וואס זאל איך יעצט טהאן? וואו וועל איך געפינען רוהע? — איהר בילד, איהרע לעצטע ווערטער וועלען מיך פערפאלגען און מארטערן מיין לעבען לאנג. — ראטה מיר, וואס איך זאל טהאן, הערר גראף! העלפט מיר! — איהרע לעצטע ווערטער שניידען מיין הערץ, וויא מיט מעסערס. איך קען זיי ניט פערגעסען. זיי קלינגען אין מיינע אויערן און א שרעקליכע שטימע רופט אין מיין ברוסט: מערדער!

ער האט געזאגט דיעזע ווערטער פון׳ם פולען הארצען און מיט אזא טרויער, מיט אזא פערצווייפלונג אין זיין שטימע, אז דער גראף איז געוועזען געריהרט. ער האט איהם אנגענומען ביי דער האנד, האט איהם צוגעפיהרט צום בעט, וואו דיא טוידטע איז געלעגען און האט איהם געזאגט:

— קניעט ניעדער פאר דיעזע אונשולדיגע, וועלכע איהר האט געטריעבען אין א יונגען טוידט.

ווענדענשטיין איז געפאלען אויף דיא קניע פאר זיין טוידטער געליעבטער און האט שטילערהייט געוויינט.

גראף דע ריווערא האט ארויסגענומען פון בוזעם זיין גאלדענעם קרייץ, האט איהם צוגעלעגט צו ווענדענשטיינס ליפען און האט געזאגט מיט זיין פולער, ערנסטער שטימע.

— איהר האט צערשטערט א מענשען לעבען — ניט אפ אייער לעבען. אפפערט אייער לעבען צו דיענען א הייליגע זאך, וועלכע ברענגט דיא מענשען גליק, ליעבע און טרייסט זאגאר אין דיא לעצטע מינוטען פון זייער לעבען. — ווייהעט אייער לעבען צו דיענען דעם הייליגען גלויבען. דא וועט איהר געפינען רוהע און פריעדען, דא וועט איהר געפינען גליק און ליעבע—קיין מענשליכע ליעבע. — דיא מענשען האסען און פערפאלגען יעדען, ווער עס וויל זיי גוטעס טהאן — אבער געטליכע ליעבע.

דיעזע טוידטע האט עס אייך געהייסען. איהרע לעצטע ווערטער זיינען געוועזען: אויף וויעדערזעהן! — אין א בעסערע וועלט, אין א וועלט פון אייביגען גליק און אייבינער ליעבע!

ווענדענשטיין האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. ער האט איהם אבער ניט פערשטאנען. ער האט ניט געוואוסט, אז דער גראף איז א יעזואיט און רעדט פון׳ם יעזואיטען ארדען. ער האט דאהער דעם גראף ניט געענטפערט.

גראף דע ריווערא האט עס פערשטאנען.

— אויך איך בין אמאל געוועזען יונג און האב אמאל זעהר פיעל געליטען, האט ער ווייטער געזאגט. אויך איך האב פערבראכט א ווילדעס, אונרוהיגעס לעבען אין

דער יונגער; אויך איך בין געקומען דורך נאכט און פינסטערניס צום ליכט און צו דער וואהרהייט. — נור דיא הייליגע געזעלשאפט פון יעזוס (דער יעזואיטען ארדען) וויים דיא וואהרהייט און שטרעבט צו דער וואהרהייט. זייט איך בין איינגעטרעטען אין דיעזע געזעלשאפט בין איך רוהיג און צופריעדען. — איך האב פאר מיר א ציעל. מיין לעבען האט א צוועק. איך וויל שטיצען און בעפעסטיגען דעם הייליגען גלויבען אויף דער וועלט.

איך פיהר קריעג מיט דער שלעכטער וועלט. איך קעמפף פאר דאס גוטע, דאס גרויסע, דאס ערהאבענע — דיא הייליגע רעליגיאָן!

ער האט גענומען דעם קרייץ אין דיא הענד און האט איהם געהאלטען אין דער הויך.

— שווערט ביי דיעזעם בילד פון נויט און ליידען, אז איהר וועט פון היינט אן אפגעבען אייער לעבען, אייער קראפט און אלע אייערע געדאנקען דעם הייליגען גלויבען!

וועגדענשטיין האט נאך אלץ געשוויעגען. איהם איז קיין מאל ניט געקומען אין קאפ, ער זאל ווערן א יעזואיט.

— שווערט! האט גראף דע ריווערא געזאגט מיט א שטרענגער בעפעהלענ־דער שטימע. דיעזע טויטע הייסט עס אייך! זעהט, וויא זיא בעוועגט איהרע ליפען, וויא זיא הנפט אייך, וויא זיא ווינקט צו אייך און זאגט אייך: דוא האסט צערשטערט מיין לעבען, רעטע דאס לעבען פון אנדערע מענשען פון פאלשע וועגען.

וועגדענשטיין האט א ציטער געטהאן.

— איך שווער! האט ער געזאגט גאנץ שטיל און האט גענומען דעם קרייץ.

גראף דע ריווערא האט איהם א קוש געטהאן אין שטערן, האט איהם ארומ־גענומען און האט איהם אויפגעהויבען פון דער ערד.

— פון איצט אן זיינען מיר פעראייניגט, האט ער איהם געזאגט. פון איצט אן וועלען מיר צוזאמען לעבען, ארבייטען און קעמפפען פאר דער הייליגער זאך, פארן הייליגען גלויבען און פאר דיא עהרע גאטעס!

50טעס קאפיטעל.

## פּאָליאַקען און רוסען.

עס זיינען פערגאנגען יאהרען, זייט עס האבען פּאסירט דיא בעגעבענהייטען, וואס מיר האבען דערצעהלט אין לעצטען קאפּיטעל. „דיא טעג פאָלגען איינער נאכ'ן אנדערן אבער זיי גלייכען זיך ניט“, זאגט אן אלטעס שפּריכווארט.

פיעלעס האט זיך געענדערט זייט יענער צייט. מענשען זיינען געבארען געווא־רען, מענשען זיינען געשטארבען. קעניגע און קיסריים האבען פערלארען זייערע קרוינען און אנדערע זיינען געקומען אויף זייער ארט. לענדער האבען געביטען זייערע נעמען און זייערע הערשער. דיא אידעען אבער זיינען געבליעבען דיעזעלבע, דיא שטרעבונגען דיעזעלבע, דיא פארדערונגען דיעזעלבע.

א שווערער קאמפף איז דאס לעבען. ווער עס דענקט נור, ווער עס פיהלט, נור

יוער עס פערשטעהט נור, אז ער איז א מענש, — דער קעמפפט און שטרעבט צו זעמעס, דער מוז האבען אין זיין לעבען א ציעל, א צוועק, — א העכערן ציעל, א העכערן צוועק, אלס עסען און טרינקען. ער מוז האבען אן אידעע, וועלכע ער זאל וועלען דורכפיהרען אים לעבען. יעדעס פאלק, יעדע געמיינדע מענשען האט עפעס א אידעע, א ציעל, צו וועלכען זיי שטרעבען, זאנסט קענען זיי זיך ניט האלטען צוזאמען, זיי צוטהיילען זיך, צוגעהן זיך און צושיידען זיך.

מיר האבען ביז אהער ארומגערייזט אין דער וועלט, אין אייראפא, און זיינען בעקאנט געווארען מיט געוויסע שטרעבונגען פון פערשיעדענע מענשען און פערשיעדענע פעלקער. מיר זיינען ענדליך צוריקגעקומען א היים, צו אונזער שטיף מוטער, דאס „היילינגע“ רוסלאנד.

מיר זיינען אין טשענסטאָכאָוואָ, אין פוילען.

עס איז ווארים און שעהן. דיא זון שיינט פון א העלען, קלארען בלויען הימעל און בעלייכטעט א זאנדערבארע שטאדט און א זאנדערבארע געגענד. אלטע, הויכע ביימער זיינען אנגעטהאן אין זייער העל גרינעס זומער קלייד און ווארפען זייער שאטען אויף אלטע, גרויע, פינסטערע געביידען. דאס זיינען דיא היילינגע קירכען און מאנאסטירען פון טשענסטאָכאָוואָ.

מאסען מענשען, מייסטענס אלטע, שוואכע, קראנקע, פערקריפעלטע (קאַליקעס) פערדרטרויערטע און פערזארגטע, ציעהען זיך, שלעפען זיך, קריעכען, הינקען און קייקלען זיך צו דיא אלטע, גרויע שטיינער. — זיי האָפען צוגעפינען דארט היילונג צו זייערע קראנקהייטען, קערפערליכע און גייסטיגע. זיי האפען צו געפינען אין דיעזע אלטע מויערן טרייסט און שטערקונג אין זייער נויט און אין זייער עלענד.

ווען זיי קומען צו דער ברייטער אלעע, בעפלאנצט איןביידע זייטען מיט אלטע ביימער, וועלכע שטעהן אלס וועכטער און וועגווייזער צום ארט, וואו עס געפינט זיך א היילינגעס בילד, וועלכעס בעוויזט אלערליי וואונדער, פאלען זיי אויף דיא קניע, קושען דיא ערד און מורמלען געבעט צום היילינגען בילד.

דיא ליעבע זון זעהט אלעס צו, שמייכעלט און שיינט ווייטער. וואס הארט עס איהר, וואס דיא נארישע מענשען גלויבען און טהוען? — זיא האט זיך שוין גענוג אנגעזעהן אזעלכע זאכען. זיא האט א מאל, מיט עטליכע טויזענד יאהר צוריק געזעהן און זעהט נאך היינט יעדען טאג, וויא מיליאָנען מענשען פאלען פאר איהר און בעטען צו איהר. — וואס הארט עס זיא אבער? זיא שמייכעלט און שיינט ווייטער.

— איך שיק אייך ליכט און ווארימקייט, זאגט זיא אויף איהר זונען שפראכע, טהוט מיט זיי, וואס איהר ווילט. פערווענדעט זיי, בענוצט זיי, וויא איהר פערשטעהט. מיך געהט עס ווייניג אן. בעט צו מיר, בעט צו אייערע היילינגע בילדער, בעט צו אייערע הילצערנע געטער, אדער צו געטער, וועלכע איהר פערשטעהט אליין ניט. איך וועל אייך בעלייכטען און אויסווארעמען, זא לאנג איך וועל אליין האבען ליכט און ווארימקייט.

לײדער, פערשטעהן נאך דיא מענשען ניט דיא זונען שפראַכע. זיי ציעהען זיך צו דיא אלטע שטיינער, בעטען א הילצערנעם בילד.

איין הורפען מענשען נאכן אנדערן ציהט זיך, קייקעלט זיך צום הייליגען מאַנאסטיר. דיא איינוואינער פון טשענסטאָכאָווא זיינען שוין אזוי געוואינט מיט דיעזע סצענען, אז קיינער קוקט זיך ניט אום אויף דיא בעטלער, קריפּעל (קאליקעס) און קראנקע, וועלכע קומען אן טעגליך, בעטען דאס הייליגע בילד און פערשווינדען, אזוי וויא מען וויים ניט, פון וואנען זיי קומען, אזוי וויים מען ניט, וואוהין זיי געהן.

זאגאר דיא שטרענגע רוסישע פּאָליציי, וועלכע איז אזוי פארזיכטיג און אזוי קלוג צו פרעגען יעדען פרעמדען: גדיע פּאַספּאָרט? (וואו איז דיין פּאַס?) איז אין טשענסטאָכאָווא העפליכער און קוקט אויף דיא מעננע אָרימע און קראנקע רוהיגער און גלייכגילטיגער. עס איז זעהר מעגליך, אז זיא וויים, אז פון דיעזע בעטלער און קראנקע וועט זיא גאר ניט האבען. דיא שטרענגע פּאָליציי האט פיינט זיך אויסצושמירען דיא הענד מיט א בעטלער אדער מיט אן ארימען קראנקען. עס איז ווידער מעגליך, אז דאס הייליגע בילד שיצט איהרע קראנקע. — אלעס איז מעגליך אויף דערוועלט, זאגאר דיא אונמעגליכקייט, זאגאר דיא רוסישע פּאָליציי קען א מאל זיין העפליך.

לאנגזאם, טרים ביי טרים, געהט דיא מאסע בעטלער, קראנקע און קריפּעל, ביז זיא קומט צו דער אלטער קירכע, וואו עס געפינט זיך דאס וואונדער בילד.

צווישען דער מאסע געהט א הויכער בעטלער אויף צוויי קריוקען (קוליעס) ער וויל אויך אלע מאל זיך אנביינגען צו דער ערד און קושען דעם הייליגען שטויב, אבער זיינע קראנקע פיס דערלאזען עס ניט. ער מוז זיך אפּשטעלען און זיך אפּרוהען. דער ביי קוקט ער זיך ארום אין אלע זייטען. זיין שארפעס, פייעריגעס אויג פארשט עפּעס, זוכט עפּעס און קוקט ארויס אויף עפּעס. — ער געפינט עס אבער ניט און שלעפּט זיך ווייטער.

ענדליך איז ער צוגעקומען צו דיא טרעפּ פון דער קירכע. דא איז ער געבליעבען שטעהן, האט זיך אומגעקוקט און האט טיעף אויפגעאטהעמט. דאן איז ער צוגעקראָכען צו איינעם פון דיא ווייסע זיילען אין דער גרויסער טהיר, האט זיך אניעדערגעשטעלט און האט א זיפץ געטהאן.

— דאס האט אלעס א מאל געהערט צו אונז, צו מיינע עלטערן, צו דיא פירסטען פּאָניאטאָווסקי, האבען זיינע ליפּען געמורמעלט. א מאל האבען זיי געוואינט אין דיא רייכע פּאלאצען, זיי פלעגען פאהרען אין דיעזע גאסען, זיי האבען געבראכט לעבען און פרעהליכקייט אין דיעזער געגענד — און היינט מוז זייער אייניקעל, פעליקס פּאָניאטאָווסקי, קומען אהער ארים, קראנק און געבראכען און טאר זאגאר זיין נאמען ניט זאגען. ער מוז זיך פארשטעלען פאר א בעטלער. — וואס זאג איך פארשטעלען? בין איך דען ניט א בעטלער? האט דען ניט דיא רוסישע טיראניי ביי מיר אלעס צוגענומען? מיינע גיטער, מיין פערמעגען און זאגאר מיינע געזונדהייט? — האט דען ניט סיביר געמאכט פון מיר א בעטלער? — האט דען ניט דיא טיראניי אוועקגערויבט פון מיר מיין ענערגיע, מיין מוטה, מיין לוסט צו קעמפּפען און צו ארבייטען?

הייסע טרערין האבען זיך געקייקעלט איבער זיינע בלייבע באקען. קיינער האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט, קיינער האט איהם זאגאר ניט בעמערקט. אין אן

ארט, וואו עס קומען טעגליך טויזענדער אונגליקליכע, קוקט מען זיך וועניג צו, וועז איינער פון זיי שטעהט און וויינט.

דער בעטלער איז ענדליך אריינגעגאנגען אין קירכע. ער איז אבער ניט צוגע־גאנגען צום וואונדער בילד, וויא אלע איבעריגע. ער איז געבליעבען שטעהן אייניגע מינוטען אן א זייט און האט זיך אומגעקוקט, גלייך וויא ער האט זיך געוואלט איבער־צייגען, אויב אלעס שטעהט נאך אויף אן ארט, אויב עס איז ניט פארגעקומען קיין ענדערונג אין דיעזע אלטע מויערן, וואו זיין מוטער פלעגט איהם א מאל פיהרען, ער זאל בעטען גאט.

ער איז געגאנגען ווייטער, ארויף, אויבען, צו דער קאנצעל, וואו דער גייסטלי־כער שטעהט און האלט זיין רעדע. קיינער אבער איז דארט ניט געווען.

— לעבט ער נאך? האט פעליקס פאניאטאוואסקי געפרעגט זיך אליין. מעגליך, ער איז שוין געשטארבען. ער איז שוין געווען אן אלטער מאן, ווען איך האב איהם געזעהן צום לעצטען מאל. — ווער קען עס וויסען? ווער קען עס מיר זאגען? איך האב מורא צו פרעגען. איך קען דאך רוסלאנד און דיא געהיים פאליציי. איך מוז ווארטען.

לאנגזאם האבען זיך געצויגען דיא מינוטען. דיא קירכע איז געווען פול געפאקט מיט מענשען. ארום דעם וואונדער בילד האט זיך געבילדעט א וואנד פון מענשען. לעבען דיא וואנד זיינען געשטאנען מענשען. מען האט געהערט קרעכצען און שטילעס וויינען. יעדער האט מיטגעבראכט זיין פעקעל צרות און האט עס אויסגעשאטען אין דיא הייליגע מויערן.

פלוצלונג האט זיך געוויעזען דיא הויכע, פון אלטקייט אביסעל איינגעבויגענע געשטאלט פון א גייסטליכען. ער איז ארויף אויף דער קאנצעל און האט געהאלטען א גאנץ קורצע רעדע.

— דאס איז ער! האט פאניאטאוואסקי אויסגערופען מיט פרייד. איך האב איהם דערקענט! ער האט זיך ניט פיעל פערענדערט. — וויא קומט מען אבער צו איהם? וויא אזוי לאזט מען זיך איהם דערקענען? — דאראן האב איך ביז אהער גאר ניט געדאכט.

ער האט אנפאנגס געוואלט גלייך צוגעהן צו איהם, צו זיין אלטען לעהרער, צו זיין אלטען פריינד, צום מענשען, וועלכער האט זעהר גוט געקענט דיא פאמיליע פא־ניאטאוואסקי און האט געוואוסט פון אלע זייערע אונגליקען. ער האט זיך אבער באלד איבערלעגט, אז עס קען מאכען אן אויפזעהן אין דער קירכע.

— וויא קומט מען אבער צו איהם צו? ער לאזט ניט צו קיין בעטלער צו זיך, האט פאניאטאוואסקי ווייטער געזאגט און האט זיך פערטראכט.

פלוצלונג האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד איבערן שטערן. ער האט זיך אן עפעס דערמאנט. א גוטער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפ אריין. ער האט ארויסגענומען פון'ם בוזעם אן אלטען פערשמיערטען און פערשמוצטען מעדאליאן, וועלכען ער האט שטענדיג געטראגען אויפ'ן האלז. — ער האט איהם אפגעהיט, וויא זיין אויג אין קאפ. וואו ער איז געווען: אין דיא רוסישע סטעפען, אין דיא סיבירישע לאזארעטען, אין דיא נאלד גרובען און אין דיא אסטראגען — איבעראל האט ער גע־

טראגנען מיט זיך דיעזען מעדאליאן, זיין איינציגעס פערמעגען, זיין רייכטהום — דעם לעצטען אנדענקען פון זיין פאטער.

דער מעדאליאן איז געווען א גאָלדענער. ער פלעגט איהם אבער אזוי פערשמיערן און אזוי פערשמוצען, אז ער האט אויסגעזעהן, וויא א מעשענער. דערצו האט ער נאך געהאט דאס געשטאַלט פון א קרייץ. דאס איז נאך דיא איינציגע זאך, וועלכע מען ערלויבט אן ארעסטאנט אין רוסלאנד צו האבען ביי זיך.

דיעזער מעדאליאן אבער איז געווען ביי דיא פּאָניאַטאָווסקים זעהר טהייער, זאגאר הייליג. אין איהם איז געלעגען א גאנץ קליינער בילד פוּן לעצטען קעניג פון פוילען, יאזעף פּאָניאַטאָווסקי. דיעזער נאמען איז אין רוסלאנד פערבאָטען. דער נאמען פון דיעזען העלד, וועלכער האט געקעמפפט פאר זיין פאטערלאנד אונטער נאפּאָלעאָן דעם ערשטען, איז פערהאסט און פעראכטעט פון דער רוסישער טיראניי און אונמענשליכקייט.

קיינער האט ניט געוואוסט פוּן געהיימנים, וואס געפינט זיך אין דיעזען מעדאליאָן. ער פלעגט איבערגעהן פון פאטער צום זוהן און איז ביי יעדען געווען הייליג. נור איין מענש האט געוואוסט פון דיעזעס געהיימנים. — דער פירסט לעדאָכאָווסקי, דער גייסטליכער, דער קארדינאַל. ער האט געוואוסט דערפון. ער האט געלערנט מיט'ן יונגען פּאָניאַטאָווסקי, ווען ער איז געווען א קינד. ער האט געוואוסט פון אלע געהיימניסע פון דער פּאָלנישער רעוואָלוציאָן (פוילישען מיאַטעזש) פון 1863. ער האט געפיהרט דיא גאנצע רעוואלוציאָן, אבער אזוי קלוג און אזוי געשיקט, אז ווען דיא רוסען האבען געזיעגט און האבען אנגעהויבען צו הענגען און צו פערשיקען דיא רעוואלוציאָנערן (מיאַטעזשניקעס) האט מען געגען איהם ניט געקענט געפינען קיין פערדאַכט, קיין שאטען פון א בעשולדיגונג. ער האט זאגאר בעוויעזען, אז ער פלעגט שטענדיג פרעדיגען, אז זיינע לאנדסלייט זאלען בלייבען געטריי דעם רוסישען קייסער.

ער איז געגאנגען נאך ווייטער. דיא רוסישע געהיים פּאָליציי האט דאמאלס געשיקט רופען אלע קאטאהלישע גייסטליכע און האט פון זיי געפאָדערט, אז זיי זאָלען אנגעבען, ווער פון זייערע לאנדסלייט זיינען פערמישט אין מיאַטעזש. פיעלע גייסטליכע האבען זיך ענטזאגט און האבען פערלארען זייערע שטעלען און אפט האט מען זיי פערשיקט אין סיביר דערפאַר.

לעדאָכאָווסקי האט עס אנגענומען און האט פערשפּראָכען דער פּאָליציי, אז ער וועט אנצייגען אויף יעדען פון זיינע לאנדסלייט, וועלכע וועלען עפּעס זיין ניט געטריי דעם רוסישען קייסער. — און ער האט געהאלטען ווארט. עס איז ניט פערגאנגען קיין טאג, אין וועלכען ער האט ניט אנגעצייגט אויף איינעם פון דיא גרעסטע פּאָלנישע מאגנאטען, אז ער איז א רעוואלוציאָנער.

דער צופאל אבער האט געוואלט, אז דיא פּאָליציי איז ניט איין מאל ניט געלונגען צו ארעסטירען איינעם פון דיא, אויף וועלכע לע[illegible]כאָווסקי האט אנגעצייגט. ענטוועדער יענער איז שוין לענגסט אנטלאָפען אדער לעדאָכאָווסקי האט א טעות געהאט אין דער אדרעסע, אדער האט ניט ריכטיג אנגעגעבען דעם נאמען.

דער דורכגעטריבענער געגעראל מוראַוויאָוו — דער הענקער פון פוילען, וויא ער איז בעקאנט אין דער געשיכטע — איז געווען דער איינציגער, וועלבער האט פערשטא־

נען, אז לעדאָכאָווסקי פיהרט ארום דיא פּאָליציי ביי דער נאז און שפּיעלט מיט איהר א פאַלשעס שפּיעל. ער האט געהייסען מאכען ביי איהם א הויז אונטערזוכונג (דאַמאשני אָביסק).

מען האט געפונען ביי איהם א רעעסטער פון נעמען פון פּאָליאקען, וועלכע זיינען ווירקליך געווען פערמישט אין בונט און לעדאָכאָווסקי האט זיי ווירקליך אנגעציינט אין דער פּאָליציי. — עס איז דאך ניט זיין שולד, וואס דיא פּאָליציי האט זיי ניט געקענט קריעגען.

אזוי האט זיך לעדאָכאָווסקי שטענדיג אויסגעדרעהט. פיעלע פון זיינע לאנדסלייט האבען איהם געהאלטען פאר א שפּיאָן און האבען זיך דערוויטערט פון איהם. נור וועניגע האבען געוואוסט, וויא אזוי ער שפּיעלט זיך מיט רוסלאנד. ערשט שפּעטער איז מען אלעס געוואהר געווארען.

דאס איז געווען דער מאן, צו וועלכען פעליקס פּאָניאַטאָווסקי האט זיך יעצט געוואלט ווענדען און האט ניט געוואוסט, וויא אזוי צו איהם צוצוקומען. לעדאָכאָווסקי איז געווען קארדינאל. דאס איז זעהר א הויכער טיטול ביי דיא קאטהאלישע גייסטליכע. מען האט צו איהם ניט צוגעלאזען יעדען.

פּאָניאַטאָווסקי האט זיך דערמאנט אן זיין מעדאליאן. נור איין לעדאָכאָווסקי האט געוואוסט דאס געהיימניס פון דיעזען מעדאליאָן. ער איז צוגעגאנגען צו איינעם פון דיא קירכען דיענער (א שמש) און האט איהם געזאגט:

— ליעבער פריינד, זיי אזוי גוט און דערלאנג דיעזען הייליגען קרייץ דעם קארדינאל לעדאכאווסקי. ער האט איהם פערלארען און איך האב איהם געפונען.

דער קירכען דיענער האט אנגעקוקט דעם בעטלער פערוואונדערט און מיט מיסטרויען. ער האט אנפאנגס גאר ניט געוואלט עס נעהמען ביי איהם.

— נעהם עס, פריינד, האט דער בעטלער געבעטען. דער קארדינאל וועט דיר דאנקען, וואס דוא וועסט איהם ברענגען א זאך, וואס ער האט ערשט היינט פערלארען. קוק ניט וואס דער קרייץ איז אויסגעשמיערט. ער איז געלעגען אין זאמד און שמוץ.

דער קירכען דיענער האט זיך ענדליך ענטשלאסען צו נעהמען דעם מעדאליאן און איהם איבערצוגעבען דעם קארדינאל לעדאכאווסקי. קוים האט דער קארדינאל דערזעהן דעם מעדאליאן און האט איהם בעטראכט, האט זיך זיין געזיכט פערענדערט. זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען און זיינע הענד צו ציטערן. ער האט צוגעלענט דעם מעדאליאן צו זיינע ליפּען און האט געפרעגט מיט אן אויפגערעגטער שטימע:

— ווער האט דיר געגעבען דיעזען מעדאליאן?

— א בעטלער.

— וואו האט ער איהם גענומען?

— ער זאגט, אז ער האט איהם געפונען.

— איז ער נאך דא?

— ער שטעהט דארט אין א ווינקעל.

— פיהר איהם דורך דער קירכע צו מיר אין קיך, האט דער קארדינאל בעפאהלען. פאר אזא עהרליכקייט איז ער ווערט, איך זאל איהם בעלוינען.

אין א פאר מינוטען ארום איז דער בעטלער געזעסען ביים קארדינאל אין קיך.

דער קארדינאל האט היינט געענדיגט זעהר שנעל זיין נאטעס דיענסט. ער האט געהייסען זיין געהילפען, ער זאל ענדיגען צו בענשען דאס פאלק. ער פיהלט זיך עפעס ניט גוט און מוז געהן זיך אפרוהען.

ער האט אראפגעווארפען פון זיך זיינע קארדינאל קליידער און איז האסטיג געגאנגען אויף זיין קווארטיר, וועלכעס איז געוועזען פעראייניגט מיט דער קירכע דורך א געהיימען גאנג. קוים איז ער אריינגעקומען אין זיין צימער, האט ער געהייסען זיין דיענער, ער זאל באלד רופען דעם בעטלער, וועלכערווארט אין דער קיך.

— פעליקס! דוא ביסט עס? האט דער קארדינאל אויסגערופען, ווען פאניאטאווסקי איז אריינגעקומען צו איהם אין צימער און איז איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז.

— איהר געדענקט מיך נאך, גוטער, אלטער פריינד? האט פאניאטאווסקי אויסגערופען און האט געקושט זיין אלטען לעהרער. — איהר געדענקט מיך נאך? איהר האט מיך נאך ניט פערגעסען?

— איך פערגעס ניט דיא קינדער פון אונזערע אלטע פירסטען, האט דער קארדינאל געזאגט שטאלץ. — איך פערגעס ניט דיא קינדער פון אונזערע העלדען, וועלכע האבען געקעמפפט און געבלוטעט פאר אונזער פאטערלאנד, פאר דאס אונגליקליכע, געקנעכטעטע פוילען, וועלכער דער רוסישער בער טרעט מיט דיא פיס.

פלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז זיי שטעהן אין דערמיט צימער.

— אבער וואס שטעהן מיר דא? האט ער אויסגערופען. קום זעץ דיך לעבען מיר! דערצעהל מיר, וויא קומסט דוא אהער? וויא אזוי האסט דוא זיך אויסגעריסען פון'ם טיגערס נעגעל?

ער האט פערשלאסען דיא טהיר, האט צוגעפיהרט פאניאטאווסקי'ן צום דיוואן, האט איהם אניעדערגעזעצט, האט זיך געזעצט לעבען איהם און האט גענומען זיינע ביידע הענד, גלייך וויא ער האט געוואלט דערווארעמען דיעזע, אין סיביר פערקיהלטע הענד.

— יעצט זאג מיר, פעליקס, דערצעהל מיר, וויא אזוי עס איז מיט דיר דערגאנגען דיא גאנצע צייט. איך האב געוואוסט אלעס. וואס האט מיט דיר פאסירט ביז קראסנאיארסק. פון דארט ביזט דוא פלוצלונג פערשוואונדען געווארען. מיין פריינד, גראדזינסקי, וועלכער איז דאמאלס געוועזען גובערנאטאר אין קראסנאיארסק, האט מיר געשריעבען, אויף וועלכער ארט, ער האט דיך געראטעט. פון דאמאלס אן ביזט דוא פערשוואונדען און איך האב פון דיר גאר ניט געהערט.

— מיין ליידענס געשיכטע איז לאנג און טרויעריג, האט פעליקס פאניאטאווסקי געזאגט מיט א זיפץ. עס וועט זיין לאנג צו דערצעהלען. עס איז א לאנגע געשיכטע פון נויט, ליידען און עלענד. וואצו זאל איך זיא אין גאנצען דערצעהלען?

— פאר מיר איז אלעס וויכטיג, האט דער קארדינאל געענטפערט. איך פיהר

**א** ריכטיגעס און געגויעס בוך איבער אלעס, וואס **די**א רוסישע טיראַניי האט געטהאַן געגען **אונז.** עס וועט קומען דער טאג פון ראכע! עס וועט נאך קומען **די**א **צייט,** ווען **מיר** וועלען זיך אפּרעכענען מיט אונזערע פּערפאלגער און אונטערדריקער. איך האב מיין האפנונג נאך ניט אויפגעגעבען. — פּוילען איז נאך ניט פערלארען! „יעשטשע פּאָלשאַ ני סגיניעלאַ, פּאָקאַ מי זשיוויעמע!“ (זאַ לאנג מיר לעבען, איז נאך פּוילען ניט פערלאָרען) מוטה, ענערגיע און יונגענדליכעס פייער האט געגלענצט אין דיא אויגען פון'ם אלטען לעדעכאווסקי, ווען ער האט ארויסגעזאגט דיא ווערטער פון'ם פּאטריאָטישען ליעד, וועלכעס דיא פּאָליאַקען קענען ניט פערגעסען.

פעליקס פּאָניאטאָווסקי האט זיך אויך געפיהלט בעגייסטערט. א ליעד איז, דאכט זיך, א קלייניגקייט, א נאַר נישט און דאך ווירקט עס צו מאל אויפ'ן מענשען אזוי שטארק, אז עס קען איהם בעגייסטערן צו טהאָן דיא גרעסטע העלדענטהאטען.

אייניגע צייט זיינען ביידע פריינד געזעסען איינער לעבען אנדערן שטום, פּערטיעפט אין זייערע טרויעריגע געדאנקען. יעדער האט געהאט פון וואָס צו דענקען. יעדער האט געגוג דורכגעלעבט און געגוג דורכגעפיהלט. ענדליך איז דער אלטער מאן געקומען צו זיך און האט נאך אמאל געבעטען פּאָניאטאָווסקי'ן, ער זאל איהם דערצעהלען, וויא אזוי ער איז אנטלאפען פון סיביר.

פּאָניאטאָווסקי האט דערצעהלט אלעס, וואס מיר האבען שוין דערצעהלט אין דעם 32טען קאפּיטעל פון'ם ערשטען טהייל פון אונזער ראמאַן, ביז וואנען דאס שיף איז אונטערגעגאנגען אויף דער וואָלגא.

— דאס שיף איז אונטערגעגאנגען און מיר זיינען אלע אריינגעפאלען אין וואסער. וואס ווייטער מיט מיר איז געשעהן, ווייס איך ניט. ווען איך האב געעפענט דיא אויגען, האב איך דערזעהן, אז איך ליעג אין א האָספּיטאל. א לאנגע צייט בין איך קראנק געווען. איך האב געבעטען אויף מיר דעם טוידט. ער איז אבער ניט געקומען. מיין שטארקער קערפּער האט אויסגעהאלטען דיא קראנקהייט. איך בין געזונד געוואָרען. ווען איך האב צום ערשטען מאל געוואלט ארויסגעהן פון דער פּאַלאַטע, וואו איך בין געלעגען, האב איך געפונען דיא טהיר פערשפּארט. — אין קאָרידאָר איז געגאנגען א סאָלדאַט מיט א ביקס. איך בין געלעגען אין א האָספּיטאל פון אן אסטראָג.

שפּעטער בין איך געוואהר געוואָרען, אז מען האט גערעטעט פיעלע ארעסטאנטען פון'ם פערברעכער שיף און מען האט זיי געבראכט קיין אסטראכאן אין אסטראָג. אזוי וויא עס זיינען מיט'ן שיף אונטערגעגאנגען אלע פּאפּיערן און אלע דאָקומענטען, האט מען ניט געוואוסט, וואָס צו טהאן מיט דיא גערעטעטע ארעסטאַנטען. מען האט אונז אוועקגעהאלטען אין אסטראכאַן גאנצע דריי יאהר.

וויא שלעכט מען האט אונז בעהאנדעלט, איז אונז נאך אלץ בעסער געווען, וויא אין סיביר. איך האב מיך שוין אביסעל צוגעוואינט צום לעבען אין דיא רוסישע אסטראָגען און האב שוין אפּגעשלאָסען אלע מיינע רעכנונגען מיט דער וועלט. איך האב שוין איבערגעטראגען אלעס שטיל און געדולדיג.

פּלוצלונג איז אנגעקומען א בעפעהל פון פּעטערסבורג, אז מען **זאל אלע**

ארעסטאנטען, וועלכע מען האט גערעטעט פון דער וואָלגא, צוריקשיקען קיין סיביר און צוואר אין דער שטאָדט בעריאָזאָוו אויפ'ן טייך „אָב“.

צום דריטען מאל האב איך געמאכט דיא שווערע און לאנגע רייזע איבער גאנץ סיביר מיט א פארטיע ארעסטאנטען. אבערמאלס האבען מיר אונז געשלעפט יאהרען לאנג איבער דיא שנעע פעלדער פון סיביר, ביז מיר זיינען געקומען קיין בעריאָזאָוו. — וויא לאנג עס האט געדויערט אונזער רייזע, ווייס איך ניט. אין סיביר פערגעסט מען, אז מען איז א מענש און עס איז דא א צייט-רעכנונג אויף דער וועלט. עס פערגעהט איין טאג נאכ'ן אנדערן, איין וואך נאך דער אנדערער און מען ווייס ניט, וואו מען איז אין דער וועלט.

ענדליך, זיינען מיר געקומען קיין בעריאָזאָוו. דיא רוסישע רעגיערונג האט דאמאלס געוואלט אויסרייניגען דעם טייך אָב לעבען בעריאזאוו און בויען דאָקען, ערטער, וואו דיא שיפען זאלען צוקומען. זיא האט דאהער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז וואו עס געפינען זיך איבעריגע ארעסטאנטען, זאל מען זיי שיקען קיין בעריאזאוו. מיר זיינען געוועזען איבעריג אין אסטראכאן און מען האט אונז געשיקט קיין בעריאזאוו.

קוים האבען מיר זיך אפגערוהט עטליכע טעג פון אונזער רייזע, האט מען אונז ארויסגעטריעבען צו דער ארבייט. מיר האבען אויסגעהאקט ביימער אין וואלד און האבען זיי געשלעפט ביז צום טייך. מיר פלעגען שטעהן איבער דיא קניע אין וואסער און פלעגען טהאן אלע ארבייטען, וואס דיא אינזשינירען און מעכאניקער האבען אונז געהייסען.

לעבען מיר האט געארבייט א יונגער מאן מיט א פיינעס, עדעלעס געזיכט. פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב איהם דערזעהן, האט ער אויף מיר געמאכט א טיעפען איינדרוק. איך האב באלד דערקענט, אז דאס איז קיין געוועהנליכער רויבער און מערדער. ער איז מיר געפעלען און מיר זיינען באלד געווארען דיא בעסטע פריינד. מען פלעגט אונז ניט ערלויבען צו רעדען ביי דער ארבייט. דער ארעסטאנט אבער לערנט זיך אויס פיעלע זאכען אין אן אסטראג אין סיביר. א ווינק, א צייכען, א בעוועגונג מיט דער האנד, א פינטעל מיט אן אויג איז פאר איהם גענוג. ער פערשטעהט שוין, וואס מען מיינט. מען דארף צו איהם פיעל ניט רעדען.

איך און מיין אונגליקס קאמעראד האבען אונז באלד פערשטאנען אזוי גוט אז מיר האבען ניט געדארפט פיעל רעדען.

ער האט געוואלט אנטלויפען. ער האט נור געטראכט פון אנטלויפען און האט עס מיר יעדעס מאל געגעבען צו פערשטעהן. איך האב איינגעווילגט. מיר האבען אפגערעדט, אויף אונזער צייכען שפראכע, וויא אזוי מיר זאלען אנטלויפען.

אנטלויפען פון בעריאזאוו קען מען אויף צוויי וועגען: אין וואלד אדער אויפ'ן וואסער אין אייז מעער. מיר האבען אפגערעדט, מיר זאלען אנטלויפען מיט'ן וואסער. מיין קאמעראד האט בעמערקט, אז אונטען, ניט גאנץ ווייט פון'ם ארט, וואו מיר האבען געארבייט, איז געוועזען צוגעבונדען א שיפעל, א קליינע בארקע. דיעזע בארקע האבען מיר געוואלט בענוצען און אויף איהר זיך לאזען אין אייז מעער.

מיר האבען געמאכט איינינע פֿאַרבערייטונגען און אין דעם טאג, וועלכען מיר האבען בעשטימט אויסצופיהרען אונזער פּלאַן, האבען מיר אומיסטען זיך געהאלטען זעהר ווייט איינער פֿון'ם אנדערן. מיר האבען געבויט א דאַק, א בריקעל, וואו שיפֿען זאלען צוקומען. אונזער פּלאַן איז געוועזן, מיר זאלען שטילערהייט אונטערזעגען דיא קלעצער, אויף וועלכע דאס בריקעל איז געשטאַנען. ווען מען וועט אויף איהם ארויפֿ־לעגען א שווערע משא, וועט זיך עס איינברעכען און אלע, וואס וועלען דאמאלס שטעהן אויף איהם, וועלען אריינפאלען אין וואסער. עס וועט ווערן א ליאַרם, א רעש, א געשריי און א מישענינג. דאמאלס וועלען מיר זיך מאכען, אז מיר זיינען אויך אריינגעפאלען אין וואסער. מיר וועלען זיך אנחאַפּען אן א קלאץ, וועלען צושווימען צו דער בארקע, וועלען זיא אפּבינדען און וועלען מיט איהר אנטלויפען. — אראָפּ וואסער איז זעהר לייכט צו רודערן.

דער פּלאַן איז געוועזן א גוטער. מען האט אבער געמוזט האבען פיעל מוטה און קוראַזש איהם אויסצופיהרען. מען האט געמוזט זיין זעהר פארזיכטיג. דאס אונטער־זעגען דעם בריקעל האט ביי אונז צוגענומען זעהר פיעל צייט. מען האט געמוזט זעהן, אז דאס בריקעל זאל זיך איינברעכען אין א צייט, ווען עס וועלען אויף איהם שטעהן פיעל מענשען.

עס איז אונז אבער דאך געלונגען. דער צופאַל האט געוואלט, אז געראדע אין דעם טאג זאלען זיין פיעלע מענשען אויפ'ן בריקעל. מיר האבען ענדליך אונטערגעזעגט פיעלע קלעצער. דאס בריקעל האט זיך איינגעבראכען. מענשען, וועגען, פערד ארעס־טאנטען, אפיציערן, סאלדאטען — אלע זיינען אריינגעפאלען אין וואסער.

די ערשטע איבערראשונג איז געוועזן א שרעקליכע. געשרייען, געוואלדען, געוויינען, קללות, זיעדלערייען און שימפּפערייען האבען זיך געהערט פֿון אלע זייטען. איינער האט ניט געוואוסט פֿון'ם אנדערן. מען האט פערגעסען, ווער עס איז עלטער און ווער עס איז אינגער, ווער עס איז אן ארעסטאנט און ווער עס איז זיין וועכטער — יעדער האט געדענקט נור אן זיך. יעדער האט געוואלט נור זיך רעטען און האט פערגעסען אן דער גאנצער וועלט.

דיעזע מינוטע האב איך מיט מיין קאמעראד בענוצט. מיר האבען זיך אנגע־חאַפּט אן א קלאץ, וועלכען מיר האבען מיט א פּאר טאג צוריק אנגעגרייט פאר דיעזען פאל, און זיינען געשוואומען אראָפּ וואסער. אין איינינע מינוט זיינען מיר געווען לעבען דער בארקע, האבען זיא אפּגעבונדען און זיינען געשוואומען מיט איהר אראָפּ וואסער.

דיא איינוואוינער פֿון'ם קליינעם שטעדטעל בעריאזאוו זיינען באלד געוואהר געווארען, אז דער „קאַזיאָנע" דאַק האט זיך איינגעבראכען און זיינען זיך צונויפגעלאָ־פען רעטען, וואס זיי וועלען קענען. דערווייל האבען זיי ניט בעמערקט, אז מיר שווימען אוועק מיט אונזער בארקע.

דאס וואסער איז לעבען דאַק צוואר ניט שטארק טיעף. עס איז קיין גרויסער געפאהר ניט געווען פאר קיינעם. דיא איבערראַשונג אבער און דער שרעק האבען אזוי שטארק געווירקט אויף אלעמען, אז ערשט ביי נאכט איז מען געוואהר געווארען, אז

מיר זיינען נימא (מיר זיינען עס שפעטער געוואהר געווארען). מען האט זיך איבער אונז גאנץ ווענינ געקימערט און מען האט אנגעשריעבען א פראטאקאל, אז איך מיט מיין קאמעראד זיינען דערטרונקען געווארען.

אונטערדעסען זיינען מיר רוהיג און אונגעשטערט געשוואומען ווייטער. בעריאזאוו איז דיא לעצטע שטאדט אויפ'ן טייך אָב. פון בעריאזאוו ביז אין אייז מעער וואינען שוין קיין מענשען נים. דאס לאנד איז בעדעקט מיט זומפען, וועלכע זיינען האלב פערפרארען. מיר האבען קיין מורא נים געהאט, מען זאל אונז בעגעגענען. מיר האבען נור מורא געהאט, מען זאל אונז נים נאכיאגען.

מיר זיינען געפאהרען א גאנצע נאכט. אין דער פריה האט אונז אונזער בארקע געבראכט אין גרויסען, קאלטען וועלט מעער, אדער אייז מעער. דא האט זיך ערשט אנגעהויבען אונזער פרייד — מיר זיינען פריי, — אבער אויך אונזערע נייע ליידען.

וויא פארזיכטיג מיר זיינען געוועזען, האבען מיר פערגעסען איין זאך — דאס נעטהיגסטע — וואסער. מיר האבען זיך אנגעגרייט ברויט, — צוויבאק (סובארעס). מיר האבען זיך אנגעגרייט נאך אנדערע זאכען. און וואסער האבען מיר פערגעסען. מיר זיינען אויך נים געוועזען אים שטאנד זיך צו פערפראוויאנטירען מיט וואסער. וואו נעהמט מען פעסער און כלים פאר וואסער?

מיר האבען ארומגעבלאנזעט אויפ'ן אייז מעער דריי וואכען. דערצעהלען, וויא אזוי מיר האבען געלעבט דיעזע דריי וואכען, וואס מיר האבען געליטען און וואס מיר זיינען אויסגעשטאנען, וואלט איך געדארפט דערצעהלען זעהר לאנג. איך וועל עס מאכען קורץ.

מיר האבען ענדליך בעגעגענט אן ענגלישע שיף, א וואלפיש פאנגער, וועלכע האט אונז אויפגענומען. ווען דער קאפיטאן איז געוואהר געווארען, אז מיר זיינען אנטלאפענע פון סיביר און קענען זיך אויף איהם נים קלאגען, קיינער וועט זיך פאר אונז נים אננעהמען, האט ער אונז געצוואונגען צו טהאן אלערליי שווערע און אונאנ=גענעהמע ארבייטען. ער האט אונז געהייסען רייניגען דיא פיש, וואס ער האט געחאפט און קאכען פון זיי פיש=טראהן, — אן ארבייט, צו וועלכער מען מוז געוואינט ווערן פון קינדווייס אן, זאנסט קען מען זיא נים טהאן.

זעכצעהן מאנאטע נאכאנאנד האט מען אונז ארומגעשלעפט אויף אלערליי מעערע און אינזלען. ענדליך האט מען אונז אפגעלאזען אין א קליין שטעדטעל אין שאטלאנד. מיר זיינען געוועזען נאקעט, בארוועס, הונגעריג און שלעפעריג און האבען נים געהאט א פענע אויף ברויט.

וויא אזוי מיר האבען זיך דערשלעפט קיין לאנדאן, ווייס איך נים. פון פיעלע ליידען ווערט דער מענש אזוי פערשטיינערט, אז ער ווערט ערגער פון א טהיער.

אין לאנדאן האבען מיר געטראפען אייניגע רוסישע עמיגראנטען, וועלכע הא=בען אונז אונטערשטיצט. איך האב זעהר פיעל צו פערדאנקען דעם רוסישען עמיגראנט, אלעקסאנדער הערצען, דעם רעדאקטאר פון דער רעוואָלוציאָנערן צייטונג „קאָלאָקאָל“, דיא גלאקע. ער האט אונז אונטערשטיצט, וויא ווייט ער האט געקענט. ער האט מיר פערשאפט אן אודיענץ ביים ענגלישען ערשטען מיניסטער, לארד גרענוויל.

איך ווייס ניט, אויב לארד גרענוויל האט עס געטהאן אויס פריינדשאפט צו אונזער פאמיליע, מיט וועלכע ער איז געווען בעקאנט, אדער אויס אנדערע אורזאכען. ער האט מיר אבער געראטהען, איך זאל פאהרען א היים. ער האט מיר געגעבען א חינק, אז אין רוסלאנד וועלען באלד פארקומען פערענדערונגען, אז אין רוסלאנד קאָכט זיך עפּעס און איך קען דא ניצליך זיין. — ער האט מיר געגעבען געלד און אן ענגלי־שען פאספארט, מיט וואס איך זאל פאהרען א היים.

מיין קאמעראד איז געבליעבען אין לאנדאן. איך בין געקומען קיין רוסלאנד. מיין ערשטער וועג איז געווען אהער, קיין טשענסטאָכאָווא. עס האט מיך געצויגען א היים. איך האב געוואלט זעהן נאך א מאל דעם ארט, וואו איך בין געבארען געווארען און וואו מיין וויגעלע איז א מאל געשטאנען. איך האב געוואלט זעהן מיין ליעבען, אלטען לעהרער.

דאס איז מיין געשיכטע. זיא איז לאנג, וויא דיא שנעע פעלדער פון סיביר און טרויעריג, וויא דיא רוסישע טיראניי.

פעליקס פאניאטאָווסקי האט געשוויעגען. ער האט געענדיגט זיין געשיכטע. דער קארדינאל לעדאָכאָווסקי האט אויך געשוויעגען. דיא לײדענס געשיכטע פון זיין אונגליקליכען שילער האט אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען אין טיעפעס שווייגען.

— גוט, וואס דוא ביסט יעצט געקומען, האט ענדליך דער קארדינאל געזאגט. דער ענגלענדער האט דיך ניט אפּגענארט. עס וועלען ווירקליך באלד פארקומען פיעלע נייאיגקייטען אין רוסלאנד. איך ערווארט יעדע שטונדע א גאסט פון פעטערבורג. פון איהם וועלען מיר וויסען אלעס. דאן וועלען מיר אויך וויסען וואס צו טהאן.

פלוצלונג האט ער זיך דערמאָנט, אז זיין גאסט קען זיין הונגעריג. ער איז געווען אזוי איבערראשט פון זיין פלוצלונגעס קומען, אז ער האט פערגעסען, אז אן אנטלאפענער פון סיביר דארף אויך עסען.

— דוא ווערסט מיר ענטשולדיגען, פעליקס, וואס איך האב פערגעסען אן דער ערשטער פפליכט פון גאסטפריינדשאפט, האט ער איהם געזאגט.

ער האט זיך שנעל אויפגעהייבען, האט אנגעקלונגען און האט געהייסען זיין דיענער אריינברענגען א פריהשטיק.

— איידער דער דיענער וועט אריינברענגען דעם פריהשטיק, מוזט דוא דיך איבערטהאן. עס פּאַסט ניט פארן קארדינאל לעדאָכאָווסקי, ער זאל פריהשטיקען צוזאמען מיט א בעטלער.

— איך האב מורא געהאט צו קומען אין אנדערע קליידער קיין טשענסטאָכאָווא, מען זאל מיך ניט דערקענען, האט פאָניאטאָווסקי ערקלערט. אין אנאנדערע שטאדט קען איך מיך פארשטעלען אלס אונטערטהאן פון איהרער ענגלישער מאיעסטעט, דיא קעניגין פון ענגלאנד. קיינער וועט אין מיר ניט דערקענען, אז איך בין אן אנטלאפע־נער ארעסטאנט. דא אבער אין דער היים געפינען זיך פיעל מענשען, וועלכע קענען מיך.

— ביי מיר ביסט דוא זיכער, האט לעדראָכאָווסקי גענענטפערט. איך לעב גאַנץ גוט מיט דער רוסישען פּאָליציי.

— דאס האב איך ניט געוואוסט.

— קום, וועל איך דיר ווייזען דיין נאמען אין מיין רעגיסטער.

לעדראָכאָווסקי האט געעפענט זיין שרייב טיש, האט ארויסגענומען א גרויסעס בוך און האט איהם אנגעהויבען צו בלעטערן.

— אט האסט דוא דיין נאמען, לעז אליין.

פּאָניאטאָווסקי האט געלעזען:

„פירסט פעליקס פּאָניאטאָווסקי, 23 יאהר אלט, א פּעררעטהער. ער „האסט רוסלאנד און אלעס, וואס שטאמט פון דיא רוסען. ער שטאָלצירט מיט „זיין נאמען און מיט זיינע עלטערן, האפט נאך א מאל וויעדער איינצופיהרען א „קעניגרייך אין פּוילען. — פּערשיקט קיין סיביר אין 1861.“

— איהר זאגט דאך דא אויס דיא גאנצע וואהרהייט, האט פּאָניאטאָווסקי געזאָגט מיט א שמייכעל.

— געוויס! האט לעדראָכאָווסקי געענטפערט, נור דורך דיא וואהרהייט קען מען אפּנארען דיא רוסישע פּאָליציי. זיי מיינען, אז איך שענדע און זידעל מיינע לאנדס-לייט. איך אבער שטעל ארויס זייערע מעלות, זייערע איינגעשאפטען, פאר וועלבע זיי זיינען טהייער ביי מיר און ביי יעדען פּאָליאקען.

— און דאך האלטען אייך איינינע פון אונזערע לאנדסלייטע פאר א רוסישען שפּיאָן, האט פּאָניאטאָווסקי בעמערקט.

— איך בין דערפון צופריעדען. איך טהו א מאל אומיסטען איינינע זאכען, אז מען זאל מיינען, אז איך בין א טרייער דיענער דער רוסישען געהיים פּאָליציי. עס ברענגט מיר זעהר פיעל נוצען. אויף אזא ארט איז עס מיר געלונגען צו רעטען דעם פירסט באָברינסקי, דעם גראף סאדאָווסקי און פיעלע אנדערע.

פירסט באָברינסקי איז געוועזען בעהאלטען ביי מיר אין שטוב זעקס מאנאטע און איך האב יעדען טאג געמעלדעט דער פּאָליציי, וואו ער געפינט זיך. זעלבסטפער-שטענדליך, אז דיא פּאָליציי האט איהם ניט געפונען אין דיא ערטער, וואו איך האב אנגעוויזען. זיא האט אבער געפונען בעוויזע, אז ער איז דארט געוועזען.

— וויא אזוי האט איהר עס געמאכט, פריינד? האט פּאָניאטאָווסקי געפרעגט פערוואונדערט.

— גאנץ איינפאך. — איך האב אנגעוויזען דער פּאָליציי, אז באָברינסקי גע-פינט זיך אין קוטנאָ אין האטעל דע פראנס אין דיזע און דיזע נומער. מען איז געקומען זוכען. מען האט געפונען אין דער נומער, וואס איך האב אנגעוויזען, א בריעף מיט זיין האנדשריפט. איז דאס ניט א בעוויז, אז ער איז דארט געווען? — מען האט געפרעגט דעם ווירטה פון'ם האטעל, אויב דא איז ניט געווען אזא און אזא מאן? דער ווירטה האט געענטפערט, אז ער איז געווען און איז נעכטען אוועקגע-פאהרען קיין פּרייסען.

— אלזא, האט איהר פריהער געדארפט אפּרעדען מיטן ווירטה?

— געוויס! איך האב שוין מיינע בעקאנטע, טרייע פּאטריאטען אומעדום, וועלכע העלפען מיר ארומצופיהרען ביי דער נאז דיא רוסישע פּאָליציי.

— און וואס איז געווארען דיא ענדע מיט'ן פירסט באַברינסקי? האט פּאָניאַטאָווסקי געפרעגט נייגיעריג.

— איך האב איהם געהאלטען ביי מיר אזוי לאנג, ביי עס איז מיר געלונגען איהם אריבערצושיקען קיין פּריסען. ער איז יעצט אין פּאריז ביים פירסט טשארטאָריסקי. —

— אך! ווען מיר זאלען האבען פיעלע אזעלכע פייערינע פּאטריאָטען, וויא איהר, וואלטען מיר געקענט זיכער זיין. אז אונזער ארימעס, אונגליקליכעס פּוילען וועט נאך א מאל זיך בעפרייען פון דיא קייטען, אין וועלכע דיא רוסישע טיראנייע האט זיא איינגעשמידט! האט פּאָניאַטאָווסקי אויסגערופען.

— עס זיינען דא אזעלכע פּאטריאָטען פיעל מעהר, וויא איהר קענט זיך פאָרשטעלען, האט לעדאָכאָווסקי אויסגערופען בעגייסטערט. — דער העקנער פון פּוילען, דער פערדאמטער מוראוויאָוו, האט אויפגעהאנגען אייניגע צעהנדליגע פון אונזערע בעסטע מענער, זייער גייסט אבער איז געבליעבען לעבען צווישען אונז. ער וועקט אונז, ער לאזט אונז ניט רוהען, ער שרייט און רופט: ראַכע! ער מאהנט אונז, מיר זאלען זיך נוקם זיין פאר דאס פערגאסענע בלוט און מיר וועלען זיך נוקם זיין!

„יעשטשע פּאָלשא ניע סגיניעלא, פּאָקא מי זשיוויעמי!“ האט אויסגערופען דער אלטער מאן און זיינע אויגען האבען געשפּריצט פייער.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער דיענער און האט געבראכט דעם פריהשטיק. לעדאכאווסקי האט אריינגעפיהרט זיין גאסט אין זיין שלאָף=צימער, האט איהם געגעבען אנדערע קליידער, האט זיך איהם געהייסען איבערטהאן און אפּוואשען. אין אייניגע מינוטען איז פון'ם בעטלער געוואָרען אן ענגלישער דשענטעלמען.

— קען איך זיין זיכער אין שטאָדט? האט פּאָניאַטאָווסקי געפרעגט. וועל איך מעגען ארויסגעהן אין דרויסען, געהן אנקוקען דעם אלטען שלאס, וואו מיינע עלטערן האבען געוואינט?

היינט מוזט איהר בלייבען אן ארעסטאנט ביי מיר אין הויז, האט דער אלטער מאן געשפּאסט. מארגען וועל איך אייך קענען ענטפערן אויף אייערע פראגען. — איך מוז אליין פריהער ארויסגעהן אין דרויסען, און שמעקען, אויב דיא לופט איז ריין.

— — — — — — — — — — — — —

צוויי טאג זיינען פערגאנגען, זייט פּאָניאַטאָווסקי געפינט זיך ביים קארדינאל אין הויז. דיא אלטע פריינד האבען געהאט גענוג צייט זיך דורכצורעדען און אויסצודערצעהלען אלעס, וואס האט מיט זיי פּאסירט, זייט זיי האבען זיך ניט געזעהן.

דער אלטער קארדינאל האט איהם דערצעהלט, וואס פאר א האָפנונגען ער האט נאך, אז פּוילען זאל אמאל ווידער ווערן א קעניגרייך, וואָס דיא פּאָלנישע עמיגראנטען טהוען אין פּאריז און אין אנדערע שטעדט. פארן יונגען מאן האט זיך געעפענט א נייע וועלט.

אויפ'ן דריטען טאג, ווען ביידע פריינד זיינען געזעסען ביים פריהשטיק און

האבען גערעדט איבער פוילען, איז א רייך פערציערטע קארעטע מיט א שעהנע פּאר פערד צוגעפאהרען צום פאלאץ פון'ם קארדינאל לעדאָכאָווסקי. א הויכער, נאך גאנץ קרעפטיגער אלטער מאן איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע, איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט אנגעקלונגען.

אין א פּאר מינוטען ארום איז אריינגעקומען דער דיענער און האט געמעלדעט:

— גראף דע ריווערא!

— ביטע! פיהר איהם אריין! האט לעדאכאווסקי אויסגערופען און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

דער דיענער האט געעפענט דיא הויכע, פאליטורטע טהיר און דיא הויכע, קרעפטיגע געשטאלט פון'ם גראף דע ריווערא האט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל.

לעדאכאווסקי איז איהם ענטגעגען געגאנגען, האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם פריינדליך און העפליך איינגעלאדען אין צימער.

גראף דע ריווערא'ס שארפעס אויג האט באלד דערזעהן אז אונבעקאנטען מענשען שטעהן לעבען א שטוהל. ער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, גלייך וויא ער וויל זיך אויסווישען אן אויג. לעדאָכאָווסקי האט דערקענט דעם יעזואיטען צייכען און האט געענטפערט אויך מיט א[...]ייכען, אז דאס איז א פריינד, פאר וועלכען מען מעג אלעס רעדען. ער האט זיי באלד פאָרגעשטעלט איינעם פארן אנדערן.

— גראף דע ריווערא!

— פירסט פּאָניאטאָווסקי!

ביידע האבען זיך פערנייגט און האבען געגעבען איינער דעם אנדערן דיא הענד.

לעדאכאווסקי אלס ווירטה האט זיי איינגעלאדען זיך צו זעצען. ער אליין האט צוגערוקט א שטוהל פארן גראף.

— איהר ברענגט אונז שטענדיג גוטעס, העדר גראף, האט לעדאכאווסקי גע-זאגט. איהר האט אונז היינט געוויס אויך געבראכט גוטע נאכריכטען.

— דער ווייץ ווערט געל אויפ'ן פעלד, האט דער גראף געזאגט מיט'ן טאן פון א פרעדיגער, ער איז שוין צייטיג. מען דארף איהם אפּשניידען. מען מוז אבער האָבען פיעלע ארבייטער.

— וויא איהר האט מיר ניט לאנג דערצעהלט, האט לעדאָכאָווסקי בעמערקט, זיינען שוין דא גענוג ארבייטער.

— וואס מעהר, איז בעסער, האט דער גראף ווייטער געזאגט. יעצט איז דאס וועטער שעהן. מען מוז זיך איילען. עס קען אנקומען א רעגען.

— איך קען אייך רעקאמאנדירען א גוטען ארבייטער, האט לעדאכאווסקי געזאגט און האט געוויזען אויף זיין גאסט.

— זאל איך פיעללייכט פערלאזען דאס צימער? האט פאניאטאווסקי געפרעגט.

ער האט פערשטאנען, אז זיי רעדען עפּעס פערשטעלט און האט זיי ניט געוואלט שטערן.

— ניין, פריינד, בלייבט דא. מיר רעדען יעצט פון קיינע געהיימניסע, האט לעדאָכאָווסקי איהם צוריקגעהאלטען. עס האנדעלט זיך אום זעהר א וויכטיגע זאך.

ווען דער גראף דע ריווערא וועט מיר ערלויבען, וועל איך אייך אלעס ערקלערן.

— ווען דער פירסט לעדראכאווסקי וויל אלעס ערקלערן, האב איך קיין אורזאכע נים צו ערלויבען, האט דער גראף געענטפערט העפליך.

— איך מוז פריהער דערצעהלען דעם גראף דיא געשיכטע פון אונזער יונגען פריינד, האט לעדראכאווסקי געזאגט און האט דערצעהלט גראף דע ריווערא דיא געשיכטע פון'ם יונגען מאן.

גראף דע ריווערא האט אויסגעהערט אויפמערקזאם דיא גאנצע געשיכטע פון'ם פירסט פאניאטאווסקי. אין דער גאנצער צייט, וואס לעדראכאווסקי האט גערעדט, האט דער גראף פון'ם יונגען מאן קיין אויג נים אראפגעלאזען. — ער האט איהם אויסשטודירט. ער האט געקלערט, צו וואס ער קען איהם פערווענדען און וואס ער קען פון איהם מאכען.

ווען לעדראכאווסקי האט געענדיגט זיינע ערצעהלונג, האט זיך גראף דע ריווערא אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, האט גענעבען פאניאטאווסקי דיא האנד און האט איהם געזאגט :

— יעצט איז מיר אייער פריינדשאפט דאפעל טהייער. יעצט, אז איך ווייס, אז איהר האט אזוי פיעל געליטען און אזוי פיעל אויסגעשטאנען פון דיא שלעכטיגקייט און ניעדערטרעכטיגקייט פון דער רוסישער רעגיערונג, בין איך זיכער, אז איהר וועט ווערן א טרייער ארבייטער אין וויינגארטען פון גאט. — יעצט, קארדינאל, גלויב איך, אז מען מעג דערצעהלען אונזערע פריינד אום וואס עס האנדעלט זיך.

— עס האנדעלט זיך, מיר זאלען ראכע נעהמען פון קייסער אלכסנדר דעם צווייטען פאר דאס בלוט פון אונזערע עדעלסטע מענער, וועלכעס ער האט פערגאסען אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן פון 1863, האט לעדראכאווסקי געזאגט ערנסט און טרויעריג. — עס האנדעלט זיך, מען זאל בעשטראפען א טיראן און מען זאל איהם פערניכטען. עס האנדעלט זיך, אז דיא עדעלע קינדער פון'ם אלטען פוילען זאלען צוריקקומען צו זייער מוטער. — עס האנדעלט זיך ענדליך אום דאס וויכטיגסטע אום אונזער היילינען קאטוילישען גלויבען, וועלכען קייסער אלכסנדר זוכט צו אונ-טערדריקען און פערניכטען.

גראף דע ריווערא קומט יעצט פון פעטערבורג. ער האט דארט אלעס פאר-בערייטעט. זא פיעל איך ווייס, וועט זיין אייגענער זוהן אויפשטעהן געגען טיראן און וועט העלפען איהם צו פערניכטען. —

— ווילסט דוא מיטהעלפען, פעליקס? האט ער געפרעגט דעם יונגען מאן.

— מיט לייב און זעעלע, האט פאניאטאווסקי געענטפערט.

גראף דע ריווערא האט איהם געדריקט דיא האנד.

— זיינען דיא אנדערע, פון וועלכע איהר האט מיר דערצעהלט, אויך בערייט? האט גראף דע ריווערא געפרעגט.

— פינף הונדערט קרעפטיגע און פעהיגע מענשען שטעהן בערייט צו יעדער צייט, זיי זאלען פאהרען קיין פעטערבורג און זאלען אויספאלגען פינקטליך אייערע בעפעהלע, האט לעדראכאווסקי געענטפערט.

— דארף איך נאך פאהרען קיין ווארשוי און איבעררעדען מיט׳ן פרימאס? האט דער גראף ווייטער געפרעגט.

— איך האב מיך צוואר מיט איהם ניט לאנג געזעהן. ער האט מיר געזאגט, אז אלעס איז פערטיג, אז קוים וועט דער טעלעגראפישע דראהט אונז ברענגען דיא גוטע נאכריכט, אז דער טיראן איז אויף דער וועלט ניטא, וועט ער הייסען קלינגען אין אלע קירכען, צונויפרופען דאס פאלק און זיי ערקלערן, אז יעצט איז דיא צייט אראפצו־ווארפען פון זיך דעם רוסישען יאך. — איך גלויב אבער, אז עס וואלט גלייך געווען, איהר זאלט מיט איהם נאך אמאל איבעררעדען און אלעס איינארדנען.

— געוויס, וועל איך נאך זיין אין ווארשוי, האט דער גראף געזאגט. איך האב דארט נאך פיעלע זאכען צו בעזארגען.

פאניאטאווסקי איז געזעסען פערטראכט. פאר איהם האט זיך יעצט אויפגע־הויבען דער פארהאנג פון א שרעקליכעס געהיימניס, וועלכעס קען איהם פיהרען צו זיין ציעל. — בעפרייען פוילען, ווידער ווערן א פרייער פירסט, ווידער אפנעהמען אלעס, וואס רוסלאנד האט ביי איהם און זיין פאמיליע אוועקגערויבט, — דער גע־דאנק איז א גרויסארטיגער, ערהאבענער. ער האט געברענט פאר פערלאנגען, ער זאל איהם שוין אויספיהרען. ער וואלט שוין געלאפען קיין פעטערבורג און וואלט שוין אנגעהויבען עפעס צו טהאן.

גראף דע ריווערא האט איהם פערשטאנען. ער איז געווען א גוטער מענשענ־קענער און האט געלעזען דיא געדאנקען פון דיא מענשען אויף זייערע געזיכטער.

— האט איהר א פאספארט? האט ער פלוצלונג געפרעגט דעם יונגען מאן.

— איך האב אן ענגלישען פאספארט.

— וואו האט איהר איהם גענומען?

— לארד גרענוויל, דער ערשטער ענגלישער מיניסטער, האט איהם מיר געגעבען.

— לארד גרענוויל? דיעזער שופט? האט גראף דע ריווערא איבערגעפרעגט.

— לארד גרענוויל אליין האט מיר איהם געגעבען, האט פאניאטאווסקי ווידערהאלט.

— אלזא, איז דער פאספארט גוט, האט דער גראף געזאגט רוהיג. מיט אזא פאספארט קענט איהר גאנץ זיכער וואינען אין פעטערסבורג.

ער האט ארויסגענומען זיין פארטפעל פון׳ם בוזעם און האט ארויסגענומען פון איהם צוויי קליינע וויזיט קארטען, וועלכע ער האט דערלאנגט פאניאטאווסקי׳ן.

— מאכט אייערע פארבערייטונגען, האט ער איהם געזאגט. זעהט, איהר זאלט האבען א גוטען גארדעראב, איהר זאלט זיין געקליידעט, וויא א פאלשטענדיגער ענגלישער לארד. איהר זאלט פארפאהרען אין האטעל „צארסקאיא קאראנא“. דיא ערשטע זאך, ווען איהר וועט קומען, וועט מען אייך פרעגען אויף אייער פאספארט. איהר זאלט זיך פארשטעלען שטאלץ, וויא עס פאסט פאר אן ענגלישען לארד, און זאלט זאגען, אז דיא פאליציי זאל קומען צו אייך. מען וועט אייך מוזען צוליעב טהאן. אין רוסלאנד טהוט מען זעהר פיעל צוליעב אן ענגלישען לארד, ווען ער קען נאך ארומווארפען מיט ענגלישע פונט סטערלינג.

ווען עס וועט קומען צו אייך דער אבערפאליצמייסטער, אשינאוו, זאלט איהר איהם ווייזען דיעזע קארטע. ער וועט ווערן נעגען אייך גאנץ פריינדליך. איהר זאלט איהם איינלאדען צו זיך און זאלט איהם פארלעגען, ער זאל שפיעלען מיט אייך אין קארטען. — זעלבסטפערשטענדליך, אז איהר דארפט ביי איהם פערשפיעלען. — איהר מוזט זעהן צו ווערן מיט איהם שטארק בעפריינדעט. דאס וועט אייך זיין ניט שווער. פאר א פאר הונדערט פונט קויפט איהר איהם אפ אין גאנצען.

ווען איהר וועט וועלען עפעס שרייבען, זאלט איהר מיר שרייבען אויף דיעזע אדרעסע. וויטערע בעפעהלע וועט איהר ערהאלטען אויפ'ן ארט.

פאניאטאוואסקי האט זיך פערנייגט, אלס צייכען, אז ער פערשטעהט אלעס, וואס דער גראף האט איהם געזאגט און וועט אלעס פינקטליך אויספיהרען.

דער קארדינאל לעדאכאוואסקי איז דיא גאנצע צייט געזעסען רוהיג און האט אויסגעהערט אלעס, וואס דער גראף האט אנגעזאגט זיין יונגען פריינד.

— איך וועל שוין פערזארגען אונזער יונגען פריינד מיט געלד, האט ער געזאגט, ווען גראף דע ריווערא האט געענדיגט. — ווען זאל ער ארויספאהרען קיין פעטערבורג?

— זאגאר מארגען, ווען ער איז נור פארבערייטעט, האט דער גראף געענטפערט.

— מארגען איז עס אונמעגליך, עס מוז פערנעהמען צייט, איידער זיין גארדעראב וועט פערטיג ווערן.

— „טיים איז מאני", (צייט איז געלד) האט דער גראף געזאגט, וויא צו זיך אליין.

דער קארדינאל האט איהם פערשטאנען און האט זיך געווענדעט צו פאניאטאוואסקיין.

— געה, פעליקס, און זאג מיין קאמערדיענער, ער זאל באלד רופען אונזער שניידער. מיר מוזען מאכען פאר דיר אן אנשטענדיגע גארדעראב, וויא עס פאסט פאר אן ענגלישען לארד.

פאניאטאוואסקי האט פערשטאנען, אז מען בעט איהם יעצט זעהר העפליך, ער זאל ארויסגעהן. מען וויל עפעס רעדען, וואס ער זאל ניט הערן.

קוים איז ער ארויסגעגאנגען פון צימער, האט זיך לעדאכאוואסקי געווענדעט צום גראף און האט איהם געפרעגט:

— וואס מאכט אייער יונגער שילער וועגדענשטיין? — דיעזער יונגער מאן האט מיך זעהר פעראינטערעסירט, ווען איהר זייט מיט איהם געווען ביי מיר צום ערשטען מאל.

— מיט איהם בין איך צופריעדען, האט דער גראף געענטפערט. אין איהם האט דיא געזעלשאפט יעזו (דער יעזואיטען ארדען) געפונען א מאן, וועלכען מען האט שוין לאנג געזוכט. ער איז געבוירען צו זיין א מארטירער. ער איז בערייט יעדע מינוטע צו שטארבען פאר זיין אידעע. — זייט דער הייליגער פאטער אין רוים האט איהם איינגעווייהעט אין אונזער ארדען, דענקט ער נור צו טהאן עפעס א גרויסע זאך צור עהרע גאטעס. ער האט ביז אהער געארבייט אין דער טירקיי. איך האב איהם יעצט געשריעבען, ער זאל קומען קיין פעטערבורג. איך האף, אז ער וועט אונז דא ניצליך זיין.

— און וואס מאכט דער אנדערער דייטש, דער באראן פאן שטילאוו? האט לעדאָכאָווסקי ווייטער געפרעגט.

— דער באראן העלפט אונז, וויא וויית ער קען. ער האט געשיקט א האלבע מיליאן מארק דעם קאסירער פון אונזער געזעלשאפט.

— קענט איהר האפען צו געפינען אין רוסלאנד אזעלבע פעהיגע יונגע לייט? האט לעדאָכאָווסקי ווייטער געפרעגט.

— דאס איז אונזער אויפגאבע. מיר מוזען זיי זוכען און מיר מוזען זיי געפינען, האט דער גראף אויסגערופען. מיר האבען געמאכט אן אונגעהייערען פעהלער, וואס מיר האבען ביז אהער געשטרעבט צו פערברייטען אונזער טהעטיגקייט אין אייראפא. — רוסלאנד איז דאס גרויסע פעלד, וואו מיר דארפען ארבייטען. אונז דארף אינטערע־סירען ניט נור דיא פאליטיק פון רוסלאנד אליין, מיר דארפען שטרעבען איינצופלאנ־צען אין „היילינגען" רוסלאנד דעם בוים פון'ם הייליגען קאטוילישען גלויבען. —

— ווער עס אונז אבער געלינגען? האט געפרעגט דער קארדינאל גאנץ שטיל.

— איך האף, אז עס וועט אונז געלינגען. דער קראָנפרינץ (נאסליעדניק) אלעקסאנדער אלעקסאנדראָוויטש איז זעהר פרום. קוים וועט ער זיין אליין דער הערר־שער פון גאנץ רוסלאַנד, וועט ער זוכען צו דערשטיקען יעדען געדאנק פון פרייהייט און אונגלויבען, וועלכע האבען אזוי פערדארבען דיא אנדערע פעלקער פון אייראפא. געוויס וועט ער שטרעבען צו שטיצען דעם רוסישען גלויבען, דעם פראוואסלאוונע גלויבען. דאס שאדעט אבער ניט. מיט א פרומען קען מען אלעס מאכען. איהם קען מען בעווייזען און ערקלערן, אז אנאנדער גלויבען איז בעסער. מיט אן אונגלויביגען קען מען גאר ניט מאכען. — ער גלויבט ניט און לאכט פון אלע אייערע בעווייזע.

— דיא ניהיליסטען אבער — האט לעדאָכאָווסקי געוואָרט בעמערקען.

— דערווייל וועלען זיי אונז דיענען אלס ווערקצייג, האט איהם דער גראף אונטערבראכען. מיט זייערע הענד וועלען מיר שארען דאס פייער. אויף זיי וועט פאלען דיא גאנצע שולד. אלע וועלען זאגען, אז דיא ניהיליסטען האבען געטייטעט קייסער אלעקסאנדער און וועלען זיי האסען און פעראכטען.

דיא ניהיליסטען פערשטעהן עס ניט, אז מיט אלעקסאנדער דעם צווייטענס טויט מאכען זיי זיך אונמעגליך אין רוסלאנד, אז דערמיט, וואס זיי טייטען איהם, רייצען זיי אויף גאנץ רוסלאנד געגען זיך. דיא קויפלייטע, דיא איינפאכע בויערן און דיא האנדווערקער פערגעטערן נאך דערווייל זייער קייסער. זיי וועלען אויף קיין פאל ניט צושטעהן צו א געהיימע געזעלשאפט, וועלכע זיי קענען ניט און ווייסען ניט. זיי וועלען זיך ניכער בוקען צו זייער נייעם הערשער, וועלכער וועט זיך זיי פארשטעלען אלס א געזאלבטער פון גאט.

— איך מיין, אז באקונין פערשטעהט דאס אלעס. האט דער קארדינאל בע־מערקט. ער איז דאך א קלוגער און ערפאהרענער מענש.

— ער איז ווירקליך דער איינציגער פון דיא ניהיליסטען, וועלכער פערשטעהט דיא פאָליטיק. ער איז אבער אזוי וויית פון רוסלאנד, אז ער האט עס שוין פערגע־סען. ער קען עס שעהן ניט. פופצעהן יאהר האט ער פערבראכט אין סיביר, דאן האט

ער זיך ארומגעוואלגערט אין אלע לענדער אין אייראפּא, וואו ער האט געגרינדעט דעם אינטערנאציאנאלען ארבייטער פעראיין. וואס וויל ער פון רוסלאנד?

דער קארדינאל לעדאָכאָווסקי האט געשאקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האט זיך פאָרגעשטעלט באַקונינען גאנץ אנדערש און האט געגלויבט, אז גראף דע ריווערא האט א טעות.

דיעזעביידע יעזואיטען האבען געהאט פערשידענע צוועקע. גראף דע ריווערא האט געארבייט נור פארן פּאפּסט און פארן יעזואיטען ארדען. לעדאָכאָווסקי אבער איז געווען א פערברענטער פּאָליאק. איהם איז געלעגען אין זינען נור זיין פּוילען.

51טעס קאפּיטעל.

## אין פּעטערבורג.

לוסטיג און פרעהליך שיינט דיא זון איבער דער רוסישער קייסער שטאָדט. עס איז צוואר פעברואר, דער קאלטסטער מאנאט פון'ם ווינטער. היינט אבער איז געראדע א שעהנער טאג. לייכטע שליטענס מיט שטארקע פערד קויפען אין דיא גאסען און פיהרען ארום דיא רייכע איינוואינער פון פּעטערבורג. אויפ'ן נעווסקי פּראָספּעקט שפּאציערן היינט זעהר פיעל מענשען. יעדער וויל געניעסען דאס שעהנע וועטער, וועלכעס איז אזא זעלטענהייט אין פּעטערבורג.

אין א זייט, ווייטער פון אלעמען געהט א מאן פון מיטלע יאהרען. ער געהט, דאכט זיך, אויך שפּאציערן, אבער פון צייט צו צייט קוקט ער זיך אום. ער ערווארטעט וועמען.

ער איז דורכגעגאנגען צוויי-דריי מאל דעם גאנצען פּראָספּעקט, האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און אויף זיין געזיכט האט זיך אנגעהויבען אויסצומאלען אונרוהע און אונגעדולד.

— ער האט מיר געהייסען ווארטען אויף איהם ביז צוועלף אוהר, האט ער געמורמעלט. עס איז שוין א פיערטעל נאך צוועלף און ער איז נאך ניטא. — וואס זאל דאס הייסען?

ער איז ווייטער ארומגעגאנגען, האט זיך וויעדער אומגעקוקט, האט ענדליך געפונען א לעדיגע באנק און האט זיך אניעדערגעזעצט. ער איז שוין מיעד געווארען געהענדיג.

— פּעטערבורג האט זיך ווענינ פערענדערט, זייט איך בין דא ניט געווען, האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. דיא גאסען, דיא הייזער, דאס לעבען אויף דיא גאסען, דאס לעבען אין דיא הייזער, אין דיא מאגאזינען — אלעס איז געבליעבען דאס זעלבע — און דיא מענשען? זיי האבען זיך אויך ניט געענדערט. איינעם טרייבט דיא נויט אויף דער גאס, דעם אנדערן דרענגט אהין דאס פערגעניגען, דעם דריטען —

ער האט ניט געענדיגט. ער האט ניט געוואלט זאגען, וואס עס טרייבט דעם דריטען אויף דער גאס. א פינסטערער וואלקען האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט. ער האט זיך האסטיג אויפגעהויבען און האט ווייטער אנגעהויבען ארומצוגעהן.

— וואונדערבאר! זייט איך בין אין פּעטערבורג האב איך ניט בעגעגנט ניט

איין בעקאנטען, האט ער פלוצלונג אויסגערופען. אלע זיינען מיר פרעמד; וואו איך גיב א קוק, זעה איך גאנץ פרעמדע, גאנץ אונבעקאנטע געזיכטער.— וואו זיינען זיי אהינגעקומען, אלע מיינע פריהערע בעקאנטע און גוטע פריינד? זיינען זיי אויסגעשטארבען?—

אין דיעזע מינוט איז אנגעלאפען א רייכער שליטען מיט צוויי פייערינגע פערד. אין שליטען איז געזעסען גראף דע ריווערא.

דער מאן האט אראפגענומען זיין הוט און האט געגריסט דעם גראף.

— ביטע, מילארד! האט דער גראף געזאגט אויף ענגליש. ביי מיר אין שליטען איז נאך דא פלאץ פאר נאך איינעם.

דער מאן, וועלכען גראף דע ריווערא האט גערופען מילארד און וועלכען אונזערע לעזער האבען געוויס דערקענט אלס פירסט פאניאטאווסקי, האט זיך אריינגעזעצט צום גראף אין שליטען.

דער גראף האט געזאגט צו זיין קוטשער:

— קיין גאטשינא!

שנעל האט זיך געגליטשט דער לייכטער שליטען איבערן טיעפען שנעע, וועלכער איז דאמאלס געלעגען אויף דיא גאסען פון פעטערבורג. באלד זיינען זיי אנגעקומען אין דיא פארשטעדט פון פעטערבורג. ביז אהער האט דער גראף און זיין בעגלייטער געשוויגען. זיי זיינען געזעסען איינער לעבען אנדערן און האבען קיין ווארט ניט גערעדט.

אין דיא פארשטעדט איז געווען רוהיגער. עס זיינען געגאנגען ווייניגער מענשען און מען האט שוין געקענט רעדען צווישען זיך.

— וויא האלט איהר מיט'ן אבערפאליצמייסטער? האט דער גראף פלוצלונג געפרעגט זיין בעגלייטער אויף ענגליש.

— איך האלט שוין מיט איהם זעהר ווייט. ער שפיעלט מיט מיר אפט אין קארטען. איך האב צו איהם שוין פערשפיעלט א גרויסע סומע געלד, האט פאניאטאווסקי געענטפערט. מיר זיינען דיא בעסטע פריינד.

— וועט איהר זיין אים שטאנד ביי איהם ארויסצוקריעגען אייניגע פון זיינע געהיימניסע?

פאניאטאווסקי'ן איז דיעזע פראגע פארגעקומען זאנדערבאר.

— הערר גראף, האט ער געזאגט, איך מיין, אז אזא געשפרעך איז גלייכער צו פיהרען אויף אייער קווארטיר אדער אויף מיין קווארטיר.

— ווענט האבען אויגען און טהירען האבען אויערן, האט דער גראף געענטפערט, בעזאנדערס נאך אין היילינגען רוסלאנד.— דער שנעע אבער שווייגט.

— און דער? האט פאניאטאווסקי געפרעגט און האט געוויעזען אויפ'ן קוטשער.

— אזוי וויים איז עס נאך אין רוסלאנד ניט געקומען, אז א איזוואשטשיק זאל פערשטעהן ענגליש, האט דער גראף געענטפערט.— עס איז מיר זעהר נעטהיג צו וויסען, אויב אשינאוו איז שוין מיט אייך אזוי וויים בעקאנט, אז איהר זאלט קענען ביי איהם ארויסקריגען אייניגע געהיימניסע, בעזאנדערס וועגען דיא ניהיליסטען. איך דארף וויסען, אויב ער וויים, אז דיא הויפט אנפיהרער פון דיא ניהי-

ליסטען געפינען זיך יעצט אין פעטערבורג; אויב זיינע שפיאנען האבען עפעס ערפאהרען, אדער זיי ווייסען נאך נאך גאר נישט, וויא עס קומט זעהר אפט פאר.

— איך וועל פראבירען, האט פאָניאטאָווסקי געענטפערט. איך ווייס נור אזוי פיעל, אז ווען ער האט אין זיך א פאר פלעשער שאמפאניער, פלוידערט ער א מאל און זאגט אויס פון חדר.

— עס איז פאר אונז יעצט זעהר וויכטיג צו וויסען אלעס, וואס עס קומט פאָר אין דיא פינסטערע קאמערן פון דער געהיים פאָליציי. דער גרויסער טאג פון אונזער טהעטיגקייט קומט אלע מאל נעהנטער. אלעס איז פארבערייטעט. דיא מאשינען ווארטען נור, אז א שטארקע האנד זאל זיי לאזען געהן.

— איז דיא שטארקע האנד שוין דאָ? האט פאָניאטאָווסקי געפרעגט.

— זיא איז שוין דא און ווארט נור אויפ'ן צייכען פון אויבען.

— וואוהין פאהרען מיר יעצט?

— איך וויל אייך פארשטעלען פארן צוקונפטיגען הערשער פון אלע רוסען, האט דער גראף געזאגט.

— מיר פאהרען צום קראנפרינץ, אלעקסאנדער אלעקסאנדראוויטש?

— יא, מיר פאהרען קיין גאטשינא.

— ווייס ער פון דעם שרעקליכען געהיימניס? ווייס ער, וואס עס ערוואַרטעט זיין פאטער?

— ניט נור ער ווייס עס, ער איז דער גאנצער קאפּ פון דיזער פערשווערונג.

פאניאטאָווסקי האט געעפענט מויל און אויערן. ער וואלט קיין מאל ניט גע־גלויבט, אז א זוהן זאל אזוי אויפטרעטען געגען א פאָטער.

אייניגע מינוטען איז ער געזעסען שטיל, פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— הערר גראף! האט ער ענדליך געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. איהר האט יעצט מיר ענטדעקט איינע פון דיא שרעקליכסטע געהיימניסע פון'ם רוסישען קייזערליכען הויף. — דאס בעווייזט, אז איהר האט צוטרויען צו מיר. איך דאנק אייך זעהר פאר דיעזעס צוטרויען, איך וויל אייך אבער בעטען, איהר זאלט אויסברייטען דיעזעס צוטרויען אזוי ווייט און מיר ערקלערן, פון וואנען ווייסט איהר עס? וויא קומט איהר, א ווילד פרעמדער אין רוסלאנד, צו וויסען אזעלכע געהיימניסע און צו זיין בעקאנט מיט דיא הויפט פערזאנען, אדער מיט דיא הויפט אקטערען, וועלכע פאַר־בערייטען זיך צו שפיעלען אזא שרעקליכעס טרויער שפּיעל?

— איך האב פון אייך ערוואַרטעט דיעזע פראגע, האט דער גראף געענטפערט רוהיג. איך וויל זיא אייך בעאנטוואָרטען. — איך בין אין רוסלאנד קיין פרעמדער. איך בין פערוואנדעט מיט א גרויסע פאמיליע אין רוסלאנד. —

— פערוואנדעט? האט פאָניאטאָווסקי געפרעגט ערשטוינט. — איהר, אן איטאליענישער גראף, האט רוסישע פערוואנדטע? וויא קען דאס זיין?

— גאטס וועגען זיינען וואונדערבאר, האט דער גראף געזאגט מיט א פרומער מינע. — מיינע א טאָכטער איז פערהייראטהעט מיט א רוסישען פירסט.

— מיט א רוסישען פירסט? ווער איז עס?

— מיט פירסט מעשטשערסקי, האט דער גראף נעזאגט רוהיג. דורך איהם בין איך בעקאנט נעוואָרען מיט דער גאנצער רוסישער אריסטאָקראַטיע. דורך איהם בין איך בעקאנט געוואָרען מיט דעם צוקונפטיגען הערשער פון רוסלאַנד. גאט איז מיר בייגעשטאנען. ער האט מיך געפיהרט אויף זיינע וואונדערבאַרע וועגען און האט מיך איינגעוויהעט אין א געהיימניס, וועלכעס וועט פיהרען צו גרויסע זאכען.

פּאָניאַטאָווסקי איז ניט געווען אזוי פרום, וויא זיין בעגלייטער. ער האט געהאפט זעהר פיעל פון אלכסנדר דעם צווייטענס טוידט, אבער אויף א גאנץ גע־וועהנליכען, נאטירליכען וועג. ער האט בעסער געקענט רוסלאנד מיט זיינע הערשער אלס דער גראף. איהם איז באלד געקומען אין קאָפּ דער שרעקליכער געדאנק, פיעללייכט פיהרט מען דעם גראף אויך ביי דער נאז? פיעללייכט וויל מען זיך מיט איהם אויך בענוצען, וויא מיט א ווערקצייג, וועלכעס מען וועט אויסניצען אין דערנאך צוברעכען און אוועקווארפען? —

ער האט זעהר גוט געקענט דיא געשיכטע פון רוסלאנד און האט געוואוסט, וויא דיא קייזערין יעליסאוועטא האט בעהאנדעלט דיא גראפען אסטערמאן, מיניך און דעם הערצאג פון קורלאנד. קוים איז זיא געזעסען אויפ׳ן טראהן, האט זיא זיי פערשיקט קיין סיביר. — ער האט געוואוסט, וויא אלכסנדר דער ערשטער האט בע־לוינט דיא גראפען זובאָוו און פּאהלען דערפאר, וואס זיי האבען געטוידטעט זיין פאטער, פּאוועל I און האבען איהם ארויפגעזעצט אויפ׳ן טראהן.

ער האט א ציטער געטהאן ביי דיעזען געדאנקען. דער גראף האט פערשטאנען, אז זיין בעגלייטער איז עפּעס, וויא צו מישט און שעהמט זיך איהם צו פרעגען.

— איהר זייט אונרוהיג, מיין פריינד, האט ער איהם געזאגט, איהר צווייפעלט. גאט איז גרויס. —

— איך לייקען ניט, אז גאט איז גרויס, האט פּאָניאַטאָווסקי געענטפערט, איך פערגעס אבער קיין מאל ניט, אז דיא מענשען זיינען שלעכט און מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט זיי. ניט אלע מאל געשעהן וואונדער —

— גאָט טהוט שטענדיג וואונדער פאר זיינע טרייע דיענער, האט דער גראף געזאָגט.

— דאס איז אמאל געווען. היינט איז ער געווארען זעהר קארג מיט וואונדער. מעגליך, אז דיא מענשען זיינען היינט ניט ווערטה, ער זאל זיי ווייזען זיינע וואונדער. עס איז אבער אויך מעגליך, אז היינטיגע צייטען טאר מען זיך ניט פערלאָזען אויף קיין וואונדער.

דער גראף האט געוואלט עפּעס ענטפערן. אין דיעזע מינוט איז דער שליטען צוגעפאהרען צום קייזערליכען פּאלאַץ אין גאטשינא און איז געבליעבען שטעהן.

דער גראף האט זיך אומגעקוקט. פארן פּאלאַץ זיינען געשטאנען איינינגע שליטענ׳ס. ער האט זיי באלד דערקענט. ער האט דערקענט דעם שליטען פון גראף איגנאַטיעוו, גענעראל טשערנאיעוו און פון דעם פאָרזיצענדען פון׳ם הייליגען סינאָד, דעם בעקאנטען פּאָביעדאָנאָסצאָוו.

— מיר זיינען געקומען פונקט צו דער צייט, האט ער געזאגט צו זיין בעגליי־

מער. איך זעה דא דיא שליטענס פון דיא צוקינפטינע מיניסטאָרען פון רוסלאַנד.

ער האט געוויעזען זיין בעגלייטער אויף דיא שליטענס.

— אט איז דער שליטען פון גראף איגנאַטיעוו, דעם מיניסטער דער אויסווער־טיגען אנגעלעגענהייטען (מיניסטער אינאָסטראַניך דיעל). — אט ווייטער שטעהט דער שליטען פון'ם ערשטען מיניסטער און ראטהגעבער פון'ם באלדיגען רוסישען הערשער, פאָביעדאָנאָסצאָוו.

ביי דיעזען נאמען האט פאָניאטאָווסקי א ציטער געטהאן.

— פאָביעדאָנאָסצאָוו? האט ער איבערגערעדט. פון איהם ווילט איהר ער־ווארטען עטוואס גוטעס? —

דער גראף האט ארויפגעלעגט דעם פינגער אויפ'ן מויל.

זיי זיינען ארויס פון'ם שליטען און ארויפגעגאנגען אויף דיא ברייטע טרעפ פון'ם פאלאץ. גראף דע ריווערא איז דארט געווען בעקאנט. דער קאמער־העררע, וואס איז געשטאנען אין קאָררידאָר האט איהם בעגריסט, וויא אן אלטען בעקאנטען. אויף פאָניאטאָווסקי'ן האט ער געוואָרפען א בליק פון מיסטרויען. איהם האט ער געזעהן צום ערשטען מאָל און האט געפרעגט מיט דיא אויגען: ווער איז דער?

— דאס איז אן ענגלענדער, לאָרד דוגלאס, האט דער גראף געזאגט, איך וויל איהם פארשטעלען פאר זיינע קייזערליכע האָהייט.

— איך ווייס ניט, אויב זיינע קייזערליכע האָהייט וועט איהם יעצט עמפפאנ־גען, האט דער קא. ער־העררע געזאגט. עס זיינען יעצט דא געסט און איך האב א שטרענגען בעפעהל, איך זאל קיינעם ניט מעלדען.

— מיך אויך ניט? האט דער גראף געפרעגט.

— איבער אייך האב איך קיין בעזאנדערן בעפעהל ניט ערהאלטען. איך וועל מיר ערלויבען צו געהן פרעגען.

— אלזא, געהן זיא, ליעבער שובין, האט דער גראף געבעטען און מעלדען זיא מיך. דער לאָרד וועט ווארטען, ביז מען וועט איהם רופען.

ער האט זיך געווענדעט צו זיין בעגלייטער און האט איהם געזאגט אויף ענגליש.

— מילארד וועט אזוי פריינדליך זיין צו ווארטען אין זאל, דארט אין דער רעכטער האנד.

— אָלל רייט! האט דער ענגלענדער געענטפערט.

דער קאמער־העררר איז געגאנגען פרעגען, אויב גראף דע ריווערא מעג אריינ־קומען. דער גראף האט אונטערדעסען אריינגעפיהרט פאָניאטאָווסקי'ן אין א גרויסען זאל אין דער אנדערער זייט פון'ם גרויסען, העלען קאָרידאָר און האט איהם געהייסען דארט ווארטען, ביז מען וועט איהם רופען.

אין דעם שטודיר צימער פון'ם נאסליעדניק זיינען אונטערדעסען געזעסען אלכסנדר דעם דריטענס נאהענטע פריינד און פערטרויטע און האבען זיך בעראטהען, וויא אזוי אויסצופיהרען זייער פלאַן.

— אלעס איז פאָרבערייטעט, האט גראף איגנאַטיעוו געזאגט. אלעס געהט נאך וואונש. דיא ניהיליסטען זיינען בערייט אויסצופיהרען, וואס זיי האבען שוין

לאנג געטראכט און אפגערעדט. זיי ווארטען נור אויף א ווינק, א צייכען אום צו טהאן דעם לעצטען שריט.

אלכסנדר דער דריטער האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. וויא ער האט געהאסט זיין פאטער און וויא ער האט געוואלט ארויפגעהן אויפ'ן טראהן וואס צום ניכסטען, האט איהם דאך געפעהלט דער מוטה און דיא פרעכהייט פון א גרויסען פערברעכער.

— איך וויים נים, צו וואס מען זאל עס נאך לענגער פערציעהען, האט פאביעדאנאסצאוו זיך אפגערופען. וואס מעהר עס פערגעהט א טאג, ווערט אין רוסלאנד אלץ ערגער מיר האבען יעצט דיא בעסטע געלעגענהיים. דיעזער איטאליענישער גראף וועט אונז זעהר גוט ניצען. ווער וועט עס אונז אפלייקענען, ווען מיר וועלען פון איהם מאכען א מאדזיני? ווער וועט עס אום קענען בעווייזען. אז נים ער איז געווען דער גאנצער אנפיהרער פון דיא ניהיליסטען? אויף א פרעמדען, אויף אן איטאליענער וועט מען אלעס גלויבען. דאס פאלק וועט אויף איהם אנפאלען און איהם צורייסען.

— אבער פירסט מערשטשערסקי? האט גענעראל טשערנאיעוו געפרעגט. ער וועט מאכען א ליארם. עס וועט ווערן א גערעדט אין דיא גאסען.

— מיר מוזען האבען א זינדען באק, א ציעגעלע, וואס מען שיקט עס אוועק צום טייפעל, האט פאביעדאנאסצאוו געענטפערט. אונז איז וועניג, מען זאל זאגען, אז דאס קליין הייפעלע ניהיליסטען האבען עס געטהאן. איך בין זיכער, אז באקונין וועט זיך אויסדרעהען. איהם וועט דיא פאליציי נים קריעגען. זיא וועט קריעגען אייניגע יונגע לייט, וואס האבען קיין נאמען און קיין ווערטה. מיר מוזען האבען עפעס א גרויסען נאמען, אויף וועמען ארויפצוווארפען דיא שולד. דערצו פאסט זעהר גראף דע ריווערא.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א לייכטען קלאפ אין דער טהיר און דער קאמער-הערר איז אריינגעקומען.

— וואס ווילסט דוא זאגען, שובין? האט דער נאסליעדניק געפרעגט.

— גראף דע ריווערא וויל האבען דיא עהרע זיך פארצושטעלען אייער קייזערליכער האהייט, האט דער קאמער-הערר געמעלדעט.

— פיהר איהם אריין, האט דער קראנפרינץ בעפוילען.

אין א פאר מינוטען ארום איז דיא הויכע און קרעפטיגע געשטאלט גראף דע ריווערא'ס געשטאנען פאר דער טהיר. ער האט זיך טיעף פערנייגט פארן נאסליעדניק און פאר זיינע געסט.

— איהר זייט אונז שטענדיג א ווילקאמענער גאסט, האט איהם דער נאסליעדניק געזאגט און האט איהם געגעבען דיא האנד.

אלע אנדערע זיינען אויפגעשטאנען און האבען איהם געגעבען דיא הענד.

— ביטע, זעצען זיא זיך, גראף, האט דער נאסליעדניק געזאגט און האט געוויעזען אויף א שטוהל לעבען זיך.

גראף דע ריווערא האט זיך אניעדערגעזעצט.

— מיר האבען נור וואס גערעדט פון אייך, האט פּאָביעדאָנאָסצאָוו געזאָגט. מיר רעדען פון דיא לעצטע פּאָרבערייטונגען און מיר האפען, אז איהר וועט אונז ניצליך זיין. איהר זייט א פרעמדער, אויף אייך וועט מען זיך וועניגער אומקוקען. איהר וועט בעסער קענען אויספיהרען אונזערע בעפעהלע. — האט איהר שוין אפגערעדט מיט דיא הויפּט פּערזאָנען ?

— אלעס איז אפּגערעדט און פּאָרבערייטעט. מיר דארפען נור בעשטימען דעם טאָג, האט גראף דע ריווערא געזאגט ערנסט.

— דעם טאָג האבען מיר שוין אויך בעשטימט, האט פּאָביעדאָנאָסצאָוו געענטפערט. מיר האבען שוין אפּגערעדט, עס זאָל געשעהן דעם ערשטען מערץ.

— דיא הויפּט זאכע, וואס מיר האבען יעצט צו פערהאנדלען, איז וויא אזוי איינצושלעפערן דיא געהיים פּאָליציי, האט גראף דע ריווערא געזאגט. דער שעף פון דער געהיים פּאָליציי, אשינאָוו, איז זעהר פארזיכטיג. ער זוכט און שפּירט, וויא א גוטער הונד. ער זוכט זיין נוצען. ער וויל בעקומען א משין און מעדאילען. ער קען אונז אין דער לעצטער מינוט זעהר פיעל שטערן. ער קען זאָגאר צושטערען אונזער גאנצען פלאן.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. זיי האבען איינגעזעהן, אז דעם גראפ׳ס בעמערקונג איז זעהר ריכטיג. קיינער אבער האט ניט געוואוסט, וויא אזוי דא צו העלפען. אלע האבען געוואוסט, אז אשינאוו איז זעהר א ניעדעריגער מענש. מיט איהם האט קיינער ניט געוואלט רעדען. קיינער האט זיך ניט געוואלט אראפּלאזען אזוי ניעדעריג צו פערהאנדלען מיט איהם און אפּצורעדען מיט איהם. פון פערטרויען אזא ניעדעריגען מענשען אזא וויכטיגע געהיימניס, האט ניט געקענט זיין קיין רעדע. מען האט געמוזט געפינען א מיטעל, אז מען זאל איהם ניט פערטרויען און דאך זאל מען איהם צו יעדער צייט קענען צוריקהאלטען, איהם צווינגען, ער זאל ניט שטערן.

דאס איז געווען א שווערע אויפגאבע.

— האט איהר ניט אויסגעפונען א מיטעל דערצו, הערר גראף? האט ענדליך פּאָביעדאנאסצאָוו געפרעגט.

— געוויס, האב איך אויסגעפונען. איך האב שוין אלעס פערזארגט און האב זאגאר דאס מיטגעבראכט מיט מיר.

אלע האבען איהם אנגעקוקט ערשטוינט. זיי האבען געמיינט, אז ער וועט עפּעס ארויסנעהמען פון דער קעשענע און וועט זיי וויזען.

דער גראף האט זיי באלד ערקלערט, וואס זיין מיטעל איז.

— אין פּאָר זאָל זיצט יעצט אן ענגלישער לארד, מיט׳ן נאמען דוגלאס. ער איז מיינער אן אלטער בעקאנטער. ער איז א ביסעל א זאנדערלינג (א טשודאק), וויא אלע ענגלענדער זיינען. ער האט זיך אריינגענומען אין קאפּ צו קומען אין רוסלאנד העלפען און שטיצען דיא פּאָליטישע פערברעכער. אזוי וויא מיר זיינען שוין לאנג בעקאנט, האט ער מיך געפרעגט, וויא אזוי ער קען צוקומען צו זיי. איך האב איהם ערקלערט, אז דער איינציגער וועג צו זיי איז דיא בעקאנטשאפט פון׳ם שעף פון דער געהיים פּאָליציי, אשינאָוו.

ער האט געפאלגט מיין ראטה און איז יעצט אשינאָוס בעסטער פריינד. איך ו עבען, אז ווען מען זאל איהם געבען א בעפעהל צו דער פּאָליציי, אדער זאגאר אויף אשינאָוס נאמען מיט דער אויפשריפט „סעקרעטנאָיע", אז מען זאל איהם צוליעב טהאן, וואס ער וועט בעטען, וואלט מען געקענט זעהר לייכט אפּהאלטען עטליכע טעג אשינאָוון, ער זאל ניט זיין אזוי ערנסט אין זיין נאָכשפּירען דיא ניהיליסטען.

— געוויס! האט גראף איגנאטיעוו אויסגערופען. דאס איז א גוטע אידעע! פאר אן ענגלענדער פּאסט אלעס. — איך רעכען, אז מען זאל איהם געבען א בריעף צו אשינאָוון, ער זאל טהאן א ל ע ס, וואס דער ענגלענדער דוגלאס וועט פון איהם פערלאנגען.

— וועט עס אבער אשינאָוו טהאן? האט גענעראל טשערנאיעוו בעמערקט. ער איז ביז אהער נעוועזן געוואינט צו ערהאלטען זיינע בעפעהלע דירעקט פון'ם קייזער.

— דעסטא בעסער! ער וועט זיך וועלען צושמייכלען צום נאטשאַליעדניק, וועלכער האט זיך ביז אהער געהאלטען ווייט פון איהם. — דאס איז דאס ערשטע מאל, וואס ער בעקומט א בעפעהל פון'ם קראנפּרינץ. ער וועט קריעכען פון דער הויט אום אויס־צופיהרען דיעזען בעפעהל און צו זיין פריינדליך און געפעליג געגען דעם ענגלענדער.

— אלזא, אין דיעזען פונקט זיינען מיר איינפערשטאנדען, האט גראף דע ריווע־רא געזאגט. איך וועל שפּעטער פארשטעלען דעם ענגלענדער פאר זיינע קייזערליכע האהייט. — דעם בריעף וועט מען מיר געבען. איך וועל איהם ערקלערען, אז איך האב אויסגעווירקט פאר איהם דיעזען בריעף.

ווען דיא בעראטהונג האט זיך געענדיגט און אלע זיינען זיך צופאהרען, האט גראף דע ריווערא אריינגעפיהרט דעם פירסט פּאָניאטאָווסקי צום קראָנפּרינץ. אלעק־סאנדער אלעקסאנדראָוויטש. נאך אויפ'ן וועג האט ער מיט איהם אפּגערעדט, אז ער מוז זיין אן ענגלענדער דוגלאס און בערייזט רוסלאנד צום פערגניגען. עס איז איהם אריינגעקומען אין קאָפּ, ער זאל פרום מאכען דיא פערברעכער, בעזאנדערס דיא ניהי־ליסטען, ווייל זיי גלויבען ניט אין גאט.

דער קראנפּרינץ האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך. אין רוסלאנד איז מען שוין געוואינט אויפצונעהמען פרעמדע זעהר פריינדליך און צו וויזען זיי דיא בע־סערע און שעהנערע זייט פון'ם לעבען אין רוסלאנד.

אין קיין לאנד קען זיך דער פרעמדער אזוי ניט אפּנארען, וויא אין רוסלאנד. דיא צייטונגען לויבען אלעס, וואס דיא רעגיערונג טהוט. דיא רעגיערונג אליין שטעלט זיך פּאָר אלס העכסט ציוויליזירט און עדעל פארן פרעמדען. זיא פערדעקט פאר איהם אלעס, פערשטעלט פאר איהם אלעס און ערקלערט איהם, אז אלעס איז פיין און שעהן.

דער פרעמדער, דער אויסלענדער, וועלכער וויל קענען רוסלאנד, מוז וואינען אין רוסלאנד א לענגערע צייט, מוז זיין אין אלע פערוואָרפענע ווינקעלעך און לעכער, מוז גוט פערשטעהן דיא פאלקס שפּראכע. ערשט דאמאלס קען ער זיין אימשטאנד איינצוזעהן דאס גאנצע עלענד און דיא גאנצע נויט פון'ם רוסישען פּאָלק.

וואלט פירסט פּאניאטאָווסקי ניט געוועזן פּראבירט אויף זיינע אייגענע ביינער, וואס רוסלאנד איז, וואלט איהם געוויס נעוועזן פארגעקומען, אז אלעקסאנדער אלעק־

סאנדראוויטש איז דער בעסטער מענש אויף דער וועלט, אזוי גוט און אזוי פריינדליך האט ער איהם אויפגענומען. ער האט איהם געבעטען זיצען לעבען זיך און האט איהם אויסגעפרעגט, וואס עס הערט זיך אין ענגלאנד.

פאניאטאָווסקי איז ערשט געקומען פון ענגלאנד און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט איבער ענגלאנד.

אזוי וויא אלעקסאנדער אלעקסאנדראוויטש רעדט זעהר שלעכט ענגליש, האט מען גערעדט פראנצויזיש, א שפראכע, וועלכע יעדער געבילדעטער רוסע רעדט זעהר גוט.

— וויא געפעלט אייך רוסלאנד? האט דער קראנפרינץ געפרעגט, ווען פאָניאטאווסקי האט איהם אלעס דערצעהלט איבער ענגלאנד.

— איך קען נאך איבער רוסלאנד ניט אורטהיילען, האט דער ענגלענדער געענטפערט. איך בין ערשט ניט לאנג אין רוסלאנד. איך וויל עס ערשט יעצט אויסשטודירען. איך וויל זיך דערמיט בעקענען. איך וועל זיין גליקליך, ווען אייער קייזערליכע האהייט וועט מיר געבען דיא געלעגענהייט צו בעקענען זיך מיט רוסלאנד. — דאס איינציגע, צו וועלכען מיר ענגלענדער זיינען ניט געוואינט, איז דאס שטרענגע פאס וועזען אין רוסלאנד. וואו מען קומט, מוז מען באלד ווייזען א פאספאָרט.

— איך ווייס, אז אין ענגלאנד איז עס אנדערש, האט דער קראָנפרינץ געענטפערט פריינדליך. ליידער, קענען מיר עס אין רוסלאנד ניט אנדערש. אין אזא גרויס לאנד מוז מען האבען פאספאָרטען.

מען האט אוועקגערעדט איינינע צייט. דער קראנפרינץ איז געווען דיא העפליכקייט אליין, ער האט צוגעזאגט דעם ענגלענדער, אז ער וועט איהם געבען אלע מעגליכקייט זיך בעסער צו בעקענען מיט רוסלאנד.

ענדליך האט דער קראנפרינץ א קוק געטהאן אויף דער אוהר. פאָניאטאָווסקי האט פערשטאנען, אז דאס איז א צייכען, אז דיא אודיענץ האט זיך געענדינט. ער האט זיך פערנייגט זעהר העפליך און איז ארויסגעגאנגען מיט גראף דע ריווערא.

ווען זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין שליטען און זיינען אוועקגעפאהרען א געוויסע שטרעקע, האט ער זיך געווענדעט צו גראף דע ריווערא און האט איהם געזאגט:

— הערר גראף! איהר זייט עלטער פון מיר און ערפאהרענער פון מיר. איך גלויב אבער, אז איהר האט א טעות אין דיעזען מענשען. זיין העפליכקייט איז דיא העפליכקייט פון א טיגער, ווען ער וויל אנפאלען אויף א לעמעלע; זיין פרומקייט איז דיא פרומקייט פון א שלאנג, ווען זיא ווארפט זיך ארויף אויף איהר רויב. דיעזער מענש איז ערגער און געפעהרליכער פון זיין פאטער. איך גלויב ניט, אז איהר זאלט פון איהם קענען ערווארטען עטוואס גוטעס. דיעזער מאן אלס הערשער וועט צערדריקען רוסלאנד אונטער זיין אייזערנער האנד. ער וועט פערניכטען יעדען געדאנק פון גערעכטינקייט און מענשליכקייט. פון איהם האבען מיר גאר נישט צו האפען. וואס ער זאגט, איז פאלש און בעטרוג.

גראף דע ריווערא האט בעטראכט זיין בעגלייטער מיט שטוינען.

— איהר האט זעהר פיעל געליטען אין רוסלאנד, דערפאר בעטראכט איהר אלעס אזוי שווארץ האט ער איהם געענטפערט. — דיעזער מאן איז פרום, דיעזער מאן

וועט קעמפפען פאר אונזער גלויבען. פון איהם קענען מיר זעהר פיעל ערוואַרטען. א וואָרט פון'ם היילינגען פאטער וועט אויף איהם ווירקען. מיר וועלען זעהן איינצופיהרען פיעלע אונזערע גייסטליכע אין הויף. זיי וועלען איהם פיהרען אויף דיא וועגען, וועלכע גאָט וועט זיי ווייזען.

פּאָניאַטאָווסקי האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ער האט ניט געוואָגט ענטגעגען צו רעדען דעם גראף. ביי זיך אבער האט ער זיך ענטשלאָסען צו טהאָן, וואס ער פערשטעהט.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט, וואס מען מען האט זיך אין גאטשינא בעראטהען, וויא אזוי מען זאל מאכען רוסלאנד אביסעל פרימער, ווען אנאנדער הערשער, א פרומערער אלס אלעקסאנדער דער צווייטער, זאל קומען אויפ'ן טרהאָן, האט אין אנאנדער אָרט אין פעטערבורג שטאטגעפונדען אנאנדער אָרט פערזאמלונג און אנאנדער אָרט בע־ראטהונג.

ביידע פערזאמלונגען האבען געהאט איין צוועק. ביידע האבען געוואָלט, אז אלעקסאנדער דער צווייטער זאל פערשווינדען און דענאך זיינען זיי ביידע געווען אזוי פערשיעדען! — איינע האט געשטרעבט צו פערקנעכטען רוסלאנד, ארויפצולעגען אויף איהרע אונגליקליכע איינוואוינער נאך שווערערע קייטען. דיא אנדערע האט געשטרעבט עס צו בעפרייען, צו מאכען רוסלאנד פאר א פריי און גליקליך לאנד.

מיר געפינען זיך ווידער אויף דער קוואַרטיר פון דאקטאר פושקין. מיר דער־קענען איהם ווידער. ער האט זיך ווייניג געענדערט. ער פּראַקטיצירט נאך אימער צווישען דיא ארימסטע מענשען אין פעטערבורג. גיט זיך אפּ מיט לייב און זעעלע זיי צו היילען, זיי צו טרייסטען און זיי צו העלפען.

היינט איז ביי איהם אויף דער קוואַרטיר גאנץ שטיל. דיא טהיר איז פער־שלאָסען. דיא לאַדען פון דיא פענסטער זיינען פערמאכט. אין דרויסען אויף דיא גלע־זערנע שויבען פון דער דרויסען טהיר הענגט א קליין בלעטעלע מיט דיא ווערטער: „דאָמא ניעט.“ (דער דאקטאר איז ניטא צו הויז.)

מען קען מיינען, אז ער איז ערגעץ אוועקגעפאהרען, אזוי שטיל און רוהיג איז דאס גאנצע הויז. און דענאך זיינען דארט היינט פערזאמעלט פיעל מענשען.

אין א הינטער צימער ברענען לאמפּען און עטליכע מענער און פרויען זיצען ארום א גרויסען טיש. באקונין זיצט אויבען אן. אין צימער איז שטיל, אז מען קען הערן, וויא דיא הערצער קלאַפּען ביי יעדען.

— ברידער פון'ם געהיים בונד! האט פּלוצלונג באקונין געזאגט מיט א פעס־טער שטימע. ענדליך איז געקומען דיא מינוטע, וועלכע וועט ענטשיידען דאס שיק־זאל פון רוסלאנד. — עס איז געקומען דער גרויסער טאג, אין וועלכען דאס הויז ראָ־מאנאָוו וועט ציטערן.

לאנגע, לאנגע יאהרען האבען מיר געוואַרט אויף דיעזען טאג. צעהנער יאהרען האבען מיר געארבייט פאר אונזער אידעע. מיר האבען זיך ענדליך דערוואַרט, אז אונזערע האפנונגען זאלען ערפילט ווערן. דער טאג פון ראַכע איז ענדליך געקומען.

יעצט, ברידער, דארפען מיר זיין שטארק. יעצט טארען מיר ניט ציטערן. מיר מוזען אויספיהרען אונזער גרויסען פלאן און בעפרייען רוסלאנד אויף אייביג.

קוים וועט דער טעלעגראפישער דראהט צוטראגען דיא פרעהליכע נאכריכט, אז דער קאפ פון דיא ראמאנאווס'ס איז געפאלען, וועלען אונזערע ברידער אין אדעסא, כארקאוו, קיעוו, מאסקווא און ווארשוי אויסשטעלען דיא רויטע פאהן פון דער רע־וואלוציאן געגען דער טיראניי.

— זעמליא אי וואליא! (לאנד און פרייהייט) וועט זיין אונזער שלאכט רוף. פרייהייט און גלייכהייט! וועט זיין אונזער פאראלע.

אלזא, ברידער, מיר מוזען יעצט אלעס אפרעדען און אלעס טהאן רוהיג, קאלט־בליטיג און איבערלעגט. מיר האבען געשווארען צו שטארבען פאר אונזער אידעע און מיר דארפען ווייזען דער וועלט, אז מיר שטארבען רוהיג, אז מיר וויסען, פאר וואס מיר שטארבען.

אונזערע ראלען זיינען שוין איינגעטהיילט. דעם צייכען וועט געבען סאפיא פעראווסקאיא. זיא וועט שטעהן אין א פענסטער און וועט אנהויבען צו פאכען מיט א טאשען טוך.

ער האט זיך אומגעקוקט. ער האט געזוכט עפעס מיט דיא אויגען. אין צימער איז ניט געוועזען שטארק ליכטיג. סאפיא פעראווסקאיא איז צוגעקומען צו איהם.

— דוא האסט א וויכטיגע אויפגאבע, סאפיא, האט איהר באקונין געזאגט. איך וויים, אז דוא וועסט אויספיהרען דיין אויפגאבע פינקטליך. איך זאג דיר נור אן נאך אמאל, אז דוא זאלסט געבען דעם צייכען אין דיא ריכטיגע מינוט, ווען דוא וועסט זעהן, אז אלע שטעהן אויף זייערע פלעצער.

— זייט רוהיג, באקונין, האט סאפיא געענטפערט. אלעס וועט געשעהן, וויא מיר האבען אפגערעדט.

— ווער וועט ווארפען דיא ערשטע באמבע? האט באקונין ווייטער געפרעגט.

— דיעזע עהרע נעהם איך מיר, האט באיאנאווסקי, אדער דאקטאר פושקין געענטפערט. איך וויל דיעזע עהרע קיינעם ניט אפטרעטען און קיינעם ניט איבער־געבען. פון מיינע הענד מוז פאלען דער טיראן. מיין לעבען האט שוין קיין ווערטה ניט פאר מיר, ניט פאר אנדערע. איך וויל עס אפפערן פאר דיא פרייהייט.

— גוט! אויף דיר קען מען זיך פערלאזען, האט באקונין געזאגט. איך קען דיך שוין לאנג און וויים, אז דוא האסט א זיכערע האנד. — דיר דארף איך ניט זאגען און ניט ערקלערן, וואס דוא זאלסט טהאן.

יעצט מוזען מיר אפרעדען, ווער עס זאל ווארפען דיא צווייטע באמבע, ווען דיא ערשטע וועט ניט טרעפען.

— איך! האט אויסגערופען א גאנץ יונגער מאן פון צוויי — דריי און צוואנציג יאהר מיט'ן נאמען רוסאקאוו.

— איך! האט אויסגערופען א מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט א לאנגער שווארצער בארד.

דאס איז געוועזן זשעליאבאָוו, איינער פון דיא פייערינגסטע ניהיליסטען, וועלכע האבען געהאסט פון גאנצען הערצען דיא רוסישע קייזערליכע פאמיליע.

באקונין האט זיי ביידען געקענט. ער האט זיך אומגעקוקט און האט זיי ביידען בעטראכט.

— איהר זייט ביידע ווירדיג פאר דיעזע עהרע, האט ער זיי געזאגט. איהר זייט ביידע טרייע מיטגליעדער פון׳ם געהיים בונד. אונזערע רעגעלען זאגען, אז ווען צוויי מענשען שטרייטען אום אזא עהרע, מוז דאס לאז ענטשיידען. מען זאָל ווארפען גורל.

מען האט געוואָרפען גורל. דער גורל איז געפאלען אויף רוסאקאָוון.

— איך בין גליקליך, האט רוסאקאָוו אויסגערופען, וואס דער צופאל האט מיך געוועהלט אויסצופיהרען דיעזע גראסע טהאט. מיין נאמען איז רוסאקאָוו, איך דארף וויזען, אז איך בין א טרייער זוהן פון דיעזעס גרויסע און שעהנע לאנד, וועלכעס וואלט געקענט זיין א פאראדיז (א גן־עדן) און דיא פאמיליע ראָמאנאָוו האט געמאכט דערפון א העללע (א גיהנם).

— אלעס איבעריגע וועט געשעהן, וויא מיר האבען אפגערעדט, האט באקונין ווייטער געזאגט. דער ערשטער מערץ איז דער געבורטסטאָג פון דער גראָספירסטין עקאטערינא מיכאילאָוונא. אלכסנדר דער צווייטער וועט פאהרען צו איהר אין פאלאץ איהר ווינשען גליק צו איהר געבורטס טאָג. ווען ער וועט פאהרען צוריק און וועט פערבייפאהרען דעם עקאטערינען קאנאל, וועט איינער פאלען פאר דיא פערד און ניט לאזען זיי ווייטער געהן. מען וועט מיינען, אז איינער וויל דערלאנגען דעם קייסער א ביטשריפט. אין דיעזע צייט וועט באָיאנאָווסקי ווארפען דיא ערשטע באָמבע. וועט דיא ערשטע באָמבע ניט גענוג זיין, וועט רוסאקאָוו ווארפען דיא צווייטע באָמבע.

מיר וועלען אלע דערביי זיין. יעדער וועט האבען זיין אנטהייל. יעדער וועט שטעהן אויף זיין פאָסטען, וויא א גוטער סאלדאט שטעהט אויף דער וואך.

יעצט, מיינע פריינד און בריעדער, שטעהט אויף און שטעלט אייך ארום. לאמיר שליעסען א רינג, און אן עוויגען בונד.

אלע זיינען אויפגעשטאנען פון זייערע זיצע און האבען געבילדעט א קרייז ארום באקונינען.

— ברידער פון׳ם געהיים בונד! האט באקונין געזאגט מיט א שטילער, אבער פייערליכער שטימע. ווי עס ווייזט אויס, זעהן מיר זיך יעצט צום לעצטען מאל. מיר קענען זאגען פאר געוויס, אז זעהר ווייניג פון אונז וועלען איבערלעבען דעם ערשטען מערץ.

ברידער! מיר וועלען שטארבען. מעגליך, אז אין דער ערשטער צייט וועט מען נאך אונזער נאמען שענדען. — עס וועט אבער קומען א צייט — איך בין זיכער, אז דיעזע צייט וועט קומען — ווען דיא נעמען באקונין, סאָפיא פעראָווסקאיא, רוסאקאָוו, זשעליאבאָוו און קיבאלטשיטש וועלען זיין אין מויל פון יעדען עכטען רוסען אלס היילינגע, אלס מארטירער. — עס וועט קומען א צייט, ווען דיא בילדער פון דיא מארטירער פון ערשטען מערץ, דיא בילדער פון אונזערע ברידער פון געהיים בונד, וועלען

הענגען ביי יעדען רוסען אין שטוב און יעדע מוטער וועט ווייזען אויף אונזערע בילדער איהרע קליינע קינדער און וועט זיי זאגען :

— דאס זיינען געוועזען דיא בעסטע מענשען אין רוסלאנד ! זיי האבען מיר צו פערדאנקען אונזערע פרייהייט !

עס וועט קומען א צייט, ווען אונזערע קינדער וועלען לערנען דיא געשיכטע פון רוסלאנד אין דער שולע און וועלען זיך פרעגען איינער דעם אנדערן מיט שטוינען :

— וויא קומט עס, וואס אין אזא גרויס לאנד פון 120 מיליאנען מענשען האבען זיך געפונען נור אייניגע בעהארצטע מענשען, וועלכע האבען געאפפערט זייער לעבען פאר דיא פרייהייט ?

דער טוידט פון'ם טיראן וועט אפקלינגען אין אלע הערצער פון אלע טרייע זיהן און טעכטער פון אונזער גרויסעס פאטערלאנד. עס וועט קלינגען אין גאנץ אייראפא. אלע פערשקלאפטע און אונטערדריקטע וועלען זיך אויפהויבען, וויא איין מענש און וועלען זאגען :

— דיא רוסישע ניהיליסטען זיינען געוועזען העלדען ! זיי האבען געוואוסט, וויא אזוי צו שטארבען פאר דיא פרייהייט !

— מיר זיינען אלע בערייט צו שטארבען פיר דיא פרייהייט ! האבען אלע אויסגערופען ענטשלאסען.

— נאך אמאל, מיינע ברידער, לאמיר אבשיעד נעהמען איינער פון'ם אנדערן.

יעדער האט געדריקט דעם אנדערן דיא הענד און האט איהם געקושט. יעדער האט געוואוסט, אז זיי זעהן זיך צום לעצטען מאל. אז זיי וועלען שטארבען דעם ערשטען מערץ אדער אייניגע טעג שפעטער. יעדער האט געוואוסט, וואס פאר א שיקזאל עס ערווארטעט איהם און יעדער איז געווען ענטשלאסען צו קוקען דעם טוידט גלייך אין דיא אויגען.

ווען דיא פערזאמלונג האט זיך אביסעל בערוהיגט, איז באקונין צוגעגאנגען צו א הויכען מאן און האט איהם גענומען ביי דער האנד.

— ברודער הוגא פאן פאהלען ! האט ער איהם געזאגט. איך דארף דיר ניט וויעדערהאלען דיין אויפגאבע. דוא ווייסט. וואס דוא האסט צו טהאן. — קוים וועט מען דערהערן, אז דער קייזער איז טוידט, זאלסט דוא נעהמען וולאדימיר'ן און דיין שוועסטער יעליסאוועטא און זאלסט זיי פיהרען אין איסאקאווסקי סאבאר. דארט וועט זיך פערזאמלען א גרויסע מעננע מענשען. דארט זאלסט דוא אלעמען דערצעה־לען דיא טרויעריגע געשיכטע פון דיין אונגליקליכער שוועסטער. דאס וועט ווירקען אויפ'ן פאלק, דאס וועט בעגייסטערן אלעמען. דוא וועסט זיין דער ערשטער, וועלכער וועט אויסרופען :

— טוידט דעם טיראן ! פרייהייט און גלייכהייט !

אייניגע הונדערט פון אונזערע מענשען וועלען דיר ביישטימען און איך בין זיכער, אז גאנץ פעטערבורג וועט אויסרופען מיט איין קול :

— טוידט דעם טיראן ! פרייהייט און גלייכהייט !

דאס וועט זיין דער ערשטער צייכען פון דער רעוואלוציאן. פעטערבורג איז

רוסלאנד. קוים וועט זיך אויפהייבען דאס פאלק אין פעטערבורג, וועלען דיא גובער־ניעס איהם נאכטהאן.

דיין אויפגאבע, הונא, איז זעהר א שווערע. דוא וועסט זיא אבער אויספיהרען בעסער, וויא אן אנדערער. מיר אין רוסלאנד זיינען ניט געוואוינט צו האלטען רעדען. מען לאזט אונז ניט רעדען. מען פערשליעסט אונז דאס מויל. דוא ביסט געווען אין אמעריקא, וואו יעדער מעג רעדען, וואס ער וויל; וואו יעדער בעמיהט זיך צו רעדען און רעדט. דוא ביסט דער איינציגער צווישען אונז, וועלכער וועט קענען האלטען א פייערינע רעדע און הינרייסען דאס פאלק.

דיין שוועסטער, יעליסאוועטא, דארף נור דערצעהלען, וואס זיא האט איבער־געליטען אין סיביר און פאר וואס זיא האט אלעס געליטען. דוא ווייסט דיא געשיכטע פון וולאדימיר'ן. דערצעהל עס דעם פאלק, וויז זיי, וויא ווייט דיא טיראניי האט עס געבראכט אין רוסלאנד.

— איך וועל טהאן מיין בעסטעס, האט הונא פאן פאהלען געענטפערט. איך וויים, וואס פאר א ראלע איז פאר מיר בעשטימט. איך האב מיך פארבערייטעט דערצו.

נאך א מאל האבען זיי איינער דעם אנדערן געדריקט דיא הענד, נאך א מאל האט מען זיך ארומגענומען און צוקושט. דאן איז מען זיך צוגאנגען איינציג וויים, שטיל, דורך א הינטער טהירעל. יעדער האט געברויכט אנאנדער קונסט שטיק ארויס־צוגעהן פון באיאנאווסקי'ס קווארטיר.

יעדער איז געגאנגען א היים דורך קרומע גאסען און געסלעך. קיינער האט ניט געוואלט זיך אומקוקען, וואס עס טהוט זיך ארום איהם. יעדער האט געהאט נור איין געדאנק אין קאפ — צו טויטען דעם טיראן.

באיאנאווסקי איז געבליעבען אליין. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער אין פראנטצימער, האט געעפענט דעם לאדען און האט ארויסגעקוקט אויף דער גאס. — דארט האט עס געקאכט און געזאטען. דארט זיינען מענשען געגאנגען, געפאהרען און געלאפען.

ער האט זיך פערטראכט. זיינע געדאנקען זיינען געווען ניט גאנץ פרעהליך.

— דארט געהט יעדער זיין וועג, האט ער געזאגט צו זיך אליין. יעדער געהט א היים, צו זיין פרוי און קינדער. יעדער געהט צו זיין בעשעפטיגונג אדער פון זיין בעשעפטיגונג. — יעדער דענקט, וויא אזוי צו לעבען, וויא אזוי צו געניעסען דאס לעבען — איך אבער דענק פון טויט! — טויט פאר זיך און פאר אנאנדערן! — טרויעריג, זעהר טרויעריג, ווען א מענש מוז ארומגעהן מיט אזעלכע געדאנקען; ווען א מענש דארף דענקען נור פון מארד און טויט!

איך שטעל מיר פאר דיא בלוטיגע סצענען, וועלכע וועלען פארקומען איבער־מארגען, דעם ערשטען מערץ. איך זעה עס שוין יעצט מיט מיינע אויגען, וויא אלעק־סאנדער דער צווייטער וועט ליעגען טויט, צוריסען אויף שטיקער, לעבען איהם וועט ליעגען מיין טויטער קערפער און פיעלע אנדערע. — איך זעה, וויא דיא אלע, וועלכע זיינען היינט געווען פערזאמעלט ביי מיר, וועלען שטארבען מיט א שרעקליכען טויט!

**וועלען מיר** וועניגסטענס זיענען? וועלען מיר וועניגסטענס ברעננען נוצען מיט אונזער טויט? וועלען מיר וועניגסטענס רעטען אנדערע מענשען פון'ם טויט? — דאס איז דיא גרויסע פראגע, אויף וועלכע מיין ארימער קאפ קען קיין אנטווארט ניט געבען.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטול, איז ארומגעגאנגען איינינע מינוטען אין צימער הין און צוריק פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען.

— עס מוז געשעהן! האט ער ענדליך געזאגט. איך קען ניט אנדערש! לאז וועניגסטענס דער טיראן ציטערן! לאז ער וויסען, אז עס געפינען זיך נאך אין רוס־לאנד בעהארצטע מענשען, וועלכע זיינען בערייט איבערצוטראָגען אלע ליידען און שמערצען פאר זייערע אונגליקליכע ברידער און שוועסטער.

לאז אונזער טויט דיענען אלס ביישפיעל פאר אנדערע. ווען אונזער טויט וועט יעצט ניט ווירקען, וועט ער ווירקען שפעטער, אין דרייסיג אין פופציג יאהר ארום. עס וועלען זיך געפינען בעגייסטערטע מענשען, וועלכע וועלען אונז נאכטהאָן.

דיא וועלט געהט דאך פארווערטס. מיט יעדען יאהר ווערט זיא קליגער און פערשטעהט מעהר איהרע רעכטע און איהרע פאדערונגען. דיא פעלקער פון רוסלאנד וועלען דאך קומען צום פערשטאנד און וועלען דאך פריהער אדער שפעטער אראפ־ווארפען פון זיך דעם יאך פון דיא ראמאנאוו'ס. אונזערע קערפער וועלען דיענען אלס לייטער צו זייער גליק. — וואס הארט עס אונז, אויב מיר וועלען זיין דיא אונטערשטע אדער דיא אויבערשטע שטופען פון דיעזען לייטער.

עס מוז געשעהן! דאס איז קיין מארד. עס איז נור א פערטהיידיגונג. מיר פערטהיידיגען זיך און אנדערע. -- וויס דען ניט דער סאלדאט, ווען ער געהט אין קריעג, אז ער געהט אויף א זיכערן טויט? און דענאך געהט ער. ער געהט, ווייל מען הייסט איהם. איך געה צום טויט, ווייל מיין געוויסען הייסט מיר. מיין פערשטאנד הייסט מיר.

עס מוז געשעהן!

ער האט פערמאכט דעם לאדען, האט אנגעצונדען א ליכט און האט זיך געזעצט שרייבען. ער האט געשריעבען זיין טעסטאמענט (זיין צוואה), זיין לעצטען ווילען. ער איז געווען ניט רייך, ער האט אבער געהאט א גרויסע זאמלונג פון ביכער און אנדערע טהייערע זאכען. ער האט זיי געוואלט איינעם איבערלאזען. ער האט ניט געוואלט, אז זיינע ביכער און זיינע זאמלונגען זאלען פערפוילט ווערן ערגעץ אין א פאָליציייסקי אוטשאסטאָק (פאָליציי סטאַציאָן).

— איך האב קיינע קינדער, האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך האב קיינע נאהענטע אנפערוואנדטע. א שלעכטע פרוי פון איין זייט און א שלעכטע טיראַנישע רעגיערונג פון דער אנדערער זייט האבען בי מיר אלעס צוגענומען, האבען מיך זאגאר פרעמד געמאכט פון אלע מיינע פריינד און אנפערוואנדטע.

ער האט אנגעהויבען האסטיג צו שרייבען:

„מיינע ביכער און וויסענשאפטליכע זאמלונגען לאז איך איבער דער רוסישען אקאדעמיע דער וויסענשאפטען. מיין מעבעל, הויז געשיר און דריי טויזענד רובעל געלד לאז איך איבער דער שניידערין מאריא פעטראָוונא.“

דאן האט ער צוגעשריעבען דעם נומער פק'ם הויז, וואו מאריא פעטראָוונא האט געוואינט.

— זיא וועט שוין וויסען, וואס צו טהאן מיט'ן געלד. זיא דארף עס ניט און זיא וועט עס פערווענדען אויף גוטע צוועקע.

איינינע מינוטען איז ער געזעסען פערטראכט.

— וואו איז זיא יעצט? האט ער קוים, קוים אויסגערעדט. וואו איז דיא איינציגע פרוי, וועלכע האט מיך אזוי הייס געליעבט? — וואו איז יעצט נאטאליע? — געפאלען אן אפפער פון דער טיראנייי. זיא ליעגט יעצט שטיל און רוהיג אונטער א בארג שנעע אין סיביר. — באלד, נאטאליע, וועל איך קומען צו דיר! באלד, באלד וועט מיך אויף פערדעקען דיא נאסע, קאלטע ערד!

ער האט געענדיגט שרייבען זיין טעסטאמענט, האט עס אריינגעלעגט אין א קאנווערט, האט עס פערזיגעלט און אנגעשריעבען פון אויבען: „מיין לעצטער ווילען“. דאן איז ער ארויסגעגאנגען שפאציערען אין דער דונקעלער נאכט. —

52טעס קאפיטעל.

## אַשינאָוו און פּאָניאַטאָווסקי.

פּאָניאַטאָווסקי איז געקומען א היים זעהר טרויעריג. ער האט יעצט ערשט אנגעהויבען צו פערשטעהן אין וואס פאר א שרעקליכע אינטריגע גראף דע ריווערא האט איהם אריינגעשלעפט. ער האט צוואר ניט געוואוסט, וואס פאר א דראָטה ארבייט דער יעזואיט האט דא פערפלאכטען און פערדרעהט. ער האט ניט געקענט אלע געהיימע פעדים און שטריקלעך, וועלכע דער גראף האלט אין דער האנד און ציהט, און שלעפט און מאכט, אז זיינע פופען (דאלס) זאלען טאנצען, וויא ער וויל.

פּאָניאַטאָווסקי איז געוועזן אן איינפאכער, געראדער, עהרליכער כאראקטער. ער איז געוועזן א הייסער פאטריאָט, וויא אלע פּאָליאקען זיינען. ער איז בערייט געוועזן צו קעמפּפען צו יעדער צייט פאר פוילען, פאר זיין פאטערלאנד. — צו אינטריגען אבער האט ער ניט געטויגט.

איהם איז ניט געפעלען דער גראף מיט זיין פרומקייט, מיט זיין הייליגען גלויבען און מיט זיינע צופיעל געהיימניסע ער האט געציטערט, ווען ער האט אנגעהויבען צו דענקען, אין וואס פאר א קעסעל גרוב זיין אלטער לעהרער, דער קארדינאל לעדאָכאָווסקי, האט איהם אריינגעווארפען.

„יעצט שווימע, ווער שווימען קאן, ווער ניכט — געה אונטער,“
האט דער דייטשער דיכטער פרידריך שיללער געשריעבען.

— מוז איך דען שווימען אין קעסעל גרוב, קעמפּפען מיט דיא רוישענדע, שווימענדע וואסערן אום נור צו דיענען אלס א בריק פאר א גראף דע ריווערא? מוז איך דען זיין דאס פוס בענקעלע, אויף וועלבע דיעזער — ווירקליך פרומער אדער פאלש פרומער — גראף וויל זיך ארויפשטעלען אום צו קומען צו זיין ציעל? — מען האט מיר געוויעזען אין א שפּיעגעל א בילד פון א קעניגרייך פוילען. —

וואס קימערט עס דיעזען גראף, אויב פוילען איז א ־־יסישע פראָווינץ אדער א

קעניגרייך ? וואס געהערט ער זיך אן מיט פוילען ? ער איז אן איטאליענער און האט זעהר ווענינ צו טהאן מיט פוילען.

ער איז ארומגעגאנגען פערטראכט אין זיין צימער און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. ער וואלט שוין געוועזען אנטלאפען פון פעטערבורג, ער וואלט שוין געוועזען ארויסגעפאהרען פון רוסלאנד. אין דער קורצער צייט, וואס ער איז געוועזען אין רוסלאנד, האט ער גענוג געלערנט. ער האט געוואוסט, אז דורך אן אינטריגע אין קייזערליכען הויף קען רוסלאנד ניט געהאלפען ווערן.

א גוטעס ביישפיעל אין דיעזער בעציעהונג שטעלט אונז פאר דיא טירקיי. יעדער נייער סולטאן קומט אויפין טראהן דורך א הויף אינטריגע. זעלטען, אז א סולטאן שטארבט מיט א נאטירליכען טויט. ווערט דען דיא טירקיי דאדורך בעססער רעגיערט? איז דען ניט יעדער נייער סולטאן נור א קאפיע פון'ם אלטען? — זעהר אפט נאך א שלעכטע קאפיע.

— לאמיר זאגען, אז דיא איצטיגע הויף אינטריגע אין רוסלאנד וועט שוין פאָלשטענדיג געלינגען, האט פאָניאטאָווסקי געזאגט צו זיך אליין. אלעקסאנדער דער צווייטער וועט פערשווינדען און אויף זיין ארט וועט הערשען אלעקסאנדער דער דריטער. וועט ער דען ניט זיין זעהר א שלעכטע קאפיע פון זיין פאטער? רוסלאנד וועט זעהר וועניג געווינען פון דיעזער ענדערונג, פוילען אבער וועט געוויס פערליערן.

Finis Poloniae! (אן ענדע פון פוילען!) האט אויסגערופען אונזער גרויסער העלד, קאסטיושקא, ווען עס האט איהם געטראפען א רוסישע קוגעל לעבען מאציאוויצע. קיינע רעטונג מעהר פאר פוילען!

פלוצלונג האט ער זיך דערמאנט אן דעם בריעף, וואס גראף דע ריווערא האט איהם היינט געגעבען. ער האט איהם נאך קיין צייט ניט געהאט איבערצולעזען. ער האט איהם יעצט ארויסגענומען פון זיין פארטפעל און האט איהם איבערגעלעזען.

דאס איז געוועזען א בעפעהל פון'ם נאסליעדניק צום שעף פון דער געהיים פאָליציי, אשינאָוו, אז וואס דער ענגלענדער דוגלאס וועט איהם בעטען וועגען פערברעכער און בעזאנדערס פאָליטישע פערברעכער, זאל ער איהם פאלגען.

— גוט! האט ער געזאגט. דיעזען בריעף מוז איך אויסניצען. פיעללייכט וועט עס מיר געלינגען צו רעטען איינינע אונגליקליכע. דיעזע אידעע גראף דע ריווערא'ס איז נאך דיא איינציגע, וועלכע קען נוצען ברענגען. איך וויל בענוצען דיעזען בריעף, וויא ווייט איך וועל קענען. דאן וועל איך ארויספאהרען פון דיעזער פערפלוכטער שטאדט, וואו יעדער געהט ארום מיט א מעסער אונטערן ראָק און איז בערייט יעדע מינוט צו דערשטעכען דעם אנדערן.

אין דיעזע מינוטע האט זיך געעפענט דיא טהיר און אשינאָוו איז אריינגעקומען. פאניאטאָווסקי האט שנעל בעהאלטען דעם בריעף אין קעשענע און איז איהם ענטגעגען געגאנגען.

ביידע פריינד האבען זיך געגעבען דיא הענד און האבען זיך גאנץ העפליך בעגריעסט.

אשינאָוו איז געווען בעזאנדערס פריהליך. ער איז היינט געווען ביים קייסער

און דער קייסער האט איהם געלויבט, וואס אין דער לעצטער צייט איז אין פעטער־בורג אזוי שטיל און אזוי רוהיג.

אין דער היים האט ער אויך געהאט א פרעהליכע איבערראשונג. זיין ליעבע פרוי פראנציסקא, האט ענדליך דערגרייכט, וואס זיא האט געוואלט. דער קייסער האט זיא ענדליך ערנאנט אלס האף דאמע ביי דער גראספירסטין אננא מיכאילאָוונא.

אשינאָוו איז היינט געווען זעהר אויפגעלעגט. ער האט געשפאסט מיט'ן ענג־לענדער און האט געהייסען געבען שאמפאניער און קארטען.

מען האט זיך געזעצט שפיעלען און טרינקען. דער ענגלענדער איז געווען זעהר פאָרזיכטיג, האט געטרונקען זעהר ווענינ און האט פערשפיעלט. אשינאָוו איז געווא־רען אימער לוסטיגער.

— איך האב געהערט רעדען פון אייך זעהר פיעל, האט פלוצלונג דער ענגלענ־דער געזאגט. מען ריהמט אייך, אז איהר האט ענדליך פערטריעבען דיא ניהיליסטען פון רוסלאנד. אין דער לעצטער צייט איז עס גאר שטיל געווארען מיט דיא ניהיליסטען.

— זיי זיינען נאך דאָ, האט אשינאָוו געלאכט, אבער איך לאז זיי ניט אראפ פון'ם אויג. איך וויים אלעס, וואס זיי טהוען און זאגאָר, וואס זיי טראכטען.

— מען רעדט ביי אונז אין ענגלאנד אזוי פיעל פון דיא ניהיליסטען, אז איך ברען פאר פערלאנגען צו זעהן א מאל א ניהיליסט און זיך מיט איהם צו בעקענען. פריינד אשינאָוו! קענסט דוא מיר ניט פערשאפען א געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט א ניהיליסט?

— איך קען דיך פיהרען אין פעטראָפּאוולאווסקי קרעפּאסט און דיר ווייזען עטליכע, האט אשינאָוו געענטפערט מיט א געלעכטער. — זיי זיצען ביי מיר גוט פער־שפּארט. זיי וועלען ניט אנטלויפען.

— דאס איז פאר מיר ניט גענוג, האט דער ענגלענדער געזאגט. — זעהן א ניהיליסט אין געפענגניס הייסט ביי מיר זעהן א וואלף אין א שטייג. עס איז טאקע א וואלף, אבער ניט דער פרייער וואלף, וועלכער לויפט ארום אין פעלד. דאס איז שוין א גאנץ אנדערעס טהיער. איך וויל זעהן א ניהיליסט, ווען ער איז נאך פריי, וויא אזוי דיין בעריהמטע געהיים פאליציי שפירט איהם נאך, וויא אזוי זיא חאפט איהם.

אשינאָוו האט עפּעס געברומט אונטער דער נאז.

— ועסט דוא זיך פארשטעלען פאר אן אגענט פון דער געהיים פאליציי? האט ער געפרעגט.

— פאר וואס ניט? מיך קען דא קיינער ניט.

— וואס וועסט דוא מיר דערפאר געבען, ווען איך וועל דיר געבען דיא געלע־גענהייט נאך היינט ביי נאכט צו זעהן אזא סצענע? — איך האב היינט ביי נאכט צו מאכען א גרויסע יאגד. אין מיין נעץ וועלען אריינפאלען גרויסע און זעלטענע פיש. דוא האסט היינט א געלעגענהייט, וועלכע טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאהר.

פאניאטאָווסקי איז געווארען אימער אויפמעקזאמער. יעצט איז געקומען דיא צייט, וואס ער קען אויספיהרעןביידע זאכען: ער קען צוליעב טהאן דעם גראף דע

ריוועראַ און פּיעללייכט וועט עס איהם געלינגען צו רעטען איינינע אונגליקליכע. ער מוז רענוצען דיעזע געלעגענהייט. ער טאר ניט אפּלאזען אשינאוון.

— פריינד אשינאוו! האט ער אויסגערופען. דוא וועסט מיט מיר צופריעדען זיין איך וויל זעהן אמאל, וויא מען האפּט ניהיליסטען אין רוסלאנד. איך וועל דיך אויסלויבען אין אלע ענגלישע ציימונגען. איך וועל דיך אויסלויבען פאר דער קעניגין ויקטאָריא. איך וועל דיר געבען, וויא פיעל דוא ווילסט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א שווערן בייטעל מיט ענגלישע גינעס און האט איהם דערלאנגט.

אזעלכע מטבעות האט נאך אשינאוו אין זיין לעבען ניט געזעהן. ער איז אלץ געווען געוואינט מיט רוסישען פּאַפּיער געלד, פּלוצלונג דערלאנגט מען איהם גרויסע שווערע ענגלישע גינעס. זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו גליהען, וויא ביי א הונגעריגען וואלף, ווען ער דערשמעקט פריש פלייש.

— גוט! האט ער ענדליך געזאגט. איך וועל דיר היינט עפּעס ווייזען, מיט וואס דוא וועסט צופריעדען זיין. איך האב אנגעזאגט מיינעם אן אגענט, ער זאל קומען אהער מיך רופען. מיר קענען דערווייל ווייטער שפּיעלען אין קארטען, ביז ער וועט קומען.

מען האט ווייטער געשפּיעלט אין קארטען און געטרונקען. פּאניאטאָוווסקי איז געזעסען, וויא אויף שפּילקעס. ער האט געלעזען אין אשינאווס אויגען, אז ער האט עפּעס בעזאנדערעס פאר היינט. זיין נייגיערדע איז געשטיעגען ביז צום העכסטען גראַד. ער האט געוואלט ביי איהם ארויסציעהן זיין געהיימניס. וויא שיכור אשינאָוו איז אבער געווען, איז פון איהם דאך אונמעגליך געווען עפּעס ארויסצוקריעגען.

אזוי איז פערגאנגען איין שטונדע נאך דער אנדערער. פּלוצלונג האט מען געהערט, וויא איינער קלאפּט גאנץ שטיל אין דער טהיר.

— דאס איז מיין אגענט, האט אשינאוו געזאגט רוהיג און האט אליין געעפענט דיא טהיר.

ער האט זיך געוואלט איבערציינגען, אויב עס איז ריכטיג א געהיים פּאָליציסט.

אין צימער איז אריינגעקומען א רייך געקליידעטער יונגער מאן מיט א גאלדענע בריל אויף דער נאָז. ווען מיינע לעזער האבען איהם ניט פערגעסען, וועלען זיי אין איהם דערקענען אשינאווס בעסטען געהיים פּאָליציסט, דעם לאנגען, אדער פּראַבוואָסטאָוו, וועלכער האט אויסגעוויעזען, וויא א סטודענט אדער א געלערנטער.

ער האט דערזעהן, אז אשינאוו איז ניט אליין און האט זיך העפליך פערנייגט פאַרן פרעמדען. ער האט אבער מורא געהאט צו רעדען. אשינאוו האט דער ערשטער אנגעהויבען צו רעדען.

— וואָס הערט זיך ביי דער איטאליענישער גרעפין דע סאנטא קלארא? האט ער איהם געפרעגט.

פּראבוואָסטאָוו האט געווארפען א בליק אויפ'ן פרעמדען, אשינאוו האט איהם פערשטאנען.

— מענגסט רעדען! האט ער איהם געזאגט, דאס איז א פריינד, אן ענגלענ־דער, ער פערשטעהט ניט קיין רוסיש.

— ביי דער גרעפין דע סאנטא קלארא זיינען היינט דיא טהירען פערשלאסען און דיא לאדען פערמאכט, גלייך וויא עס וואלט אין שטוב קיין לעבעדיגער מענש ניט געוועזן. אין שטוב אבער זיינען דא מענשען. דיא קארעטע, פון וועלכער איהר ווייסט, איז צוגעקומען. —

— אזוי? האט אשינאוו איבערגעפרעגט. האסט דוא ריכטיג געזעהן, אז דיא קארעטע איז ארויסגעפאהרען פון׳ם פאלאץ פון׳ם גראַספירסט קאנסטאנטין?

— טאַטשנאָ טאק! (יא וואָהל!) האט פראַכוואָסטאָוו געענטפערט. איך האב מיך גוט צוגעקוקט צו אלעמען, וואס איז פאָרגעקומען ביי דער גרעפין. — פון דער קארעטע איז ארויסגעשפרונגען א יונגע דאמע און איז גאנץ שטילערהייט אריינגע־גאנגען אין הויז. שפעטער איז אנגעקומען א יונגער מאן און איז אויך גאנץ שטיל אריין אין הויז.

— נו, מילארד! האט זיך יעצט אשינאוו געווענדעט צו זיין נייעם פריינד, יעצט קענט איהר בעפריעדיגען אייער נייגיערדע. איהר וועט יעצט זעהן, וויא מען מאכט א יאגד ביי אונז. טהוט אייך אן און קומט מיט אונז. איהר מעגט געהן אנגע־טהאן אין אייערע קליידער. מען וועט מיינען, אז איהר זייט אויך מיינער אן אגענט.

פאַניאַטאָווסקי האט זיך שנעל אנגעטהאן. אונטערדעסען האט אשינאָוו גע־פרעגט זיין אגענט, אויב ער האט געהייסען זיין סעקרעטער שטעהן בערייט מיט א ראטע קאזאקען און זשאנדארען.

— איך האב אלעס געטהאן, וויא איהר האט מיר אנגעזאגט. דיא קאזאקען ווארטען לעבען דער קאזארמע, האט פראַכוואָסטאָוו געענטפערט.

— אלזא, קומט מילארד, האט זיך אשינאוו געאיילט.

פאַניאַטאָווסקי איז געווען אנגעטהאן.

— מירביידע וועלען פאהרען אין מיין קארעטע, האט אשינאוו געזאגט. און דוא, פראַכוואָסטאָוו, נעהם א דראָשקע און לויף אין דער פאָליציי זאגען מיין סעק־רעטער, ער זאל צוקומען מיט דיא זשאנדארען און קאָזאקען צום הויז, וואו עס וואינט דיא גרעפין דע סאנטא קלארא.

פראַכוואָסטאָוו איז ארויסגעגאנגען. אשינאוו און פאַניאַטאָווסקי האבען נאך אויסגעטרונקען א פלאש שאמפאניער און זיינען אויך ארויסגעגאנגען.

אין דרויסען האט געווארט אשינאוו׳ס קארעטע. ביידע פריינד האבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע. אשינאוו האט געזאגט דעם קוטשער שטילערהייט, וואוהין ער זאל פאהרען.

עס איז צוואר געווען א ווייטער וועג פון׳ם האטעל „צארסקאיא קאָראָנאָ״ ביז צום קווארטאל, וואו יעליסאוועטא האט געוואינט אונטערן נאמען פון אן איטאליעני־שער גרעפין דע סאנטא קלארא, דענאך האט אשינאוו געהייסען פאהרען זעהר לאנג־זאם. ער האט געוואלט, אז דיא זשאנדארען זאלען אנקומען פריהער פאר איהם.

ווען אשינאוו׳ס קארעטע איז צוגעקומען צום הויז, האט פאַניאַטאָווסקי געזעהן,

וויא דונקעלע געשטאלטען שטעהן ארום. איז עס געווען א צופאל אדער עס איז געשעהן אויף א בעפעהל פון דער געהיים פאליציי, קען מען יעצט ניט וויסען. פאניאטאָווסקי האט בעמערקט, אז דיא לאנטערנען אין דער גאס און אין דיא גאסען ארום זיינען אלע אויסגעלאשען. אלעס איז געווען פינסטער ארום.

אשינאוו איז באלד ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט געזאגט עפּעס שטילערהייט צו איינעם פון דיא דונקעלע געשטאלטען, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דיא טרעפּ. מען האט געהערט א שטילען פייף און אלע געשטאלטען זיינען צוגעקומען צו דיא טרעפּ.

— נו, מילארד, האט אשינאוו געזאגט צו פאָניאטאָווסקין, וועלכער איז נאך אלץ געזעסען אין קארעטע. יעצט קומט ארויס און שטעלט אייך הינטער מיינע קינדער (רעביאטא), איהר וועט אלעס זעהן.

מען האט אנגעקלונגען אין דער טהיר. יעליסאוועטא אליין איז געקומען עפענען. דיא גאנצע באנדע קאזאקען און זשאנדארען זיינען אריינגעקומען אין צימער. הינטער זיי זיינען געשטאנען פּראָכוואָסטאָוו און פאָניאטאָווסקי.

ווען פאָניאטאָווסקי האט דערזעהן יעליסאוועטאין, האט ער א ציטער געטהאן. איהר געזיכט איז איהם געווען בעקאנט. ער האט זיא ערגעץ געזעהן און האט זיך אין דער ערשטער מינוט אויף קיין פאל ניט געקענט דערמאנען, וואו ער האט זיא געזעהן. זיינע געדאנקען האבען אנגעהויבען צו ארבייטען. ער האט זיך געריעבען דיא אויגען און געגלעט דעם שטערן.

— ווער איז דיעזע פרוי? האט ער געפרעגט זיך אליין. איך האב זיא ערגעץ געזעהן. זיא איז מיר ניט פרעמד.

ווען מען האט זיי געוואלט אוועקפיהרען, איז הונא צוגעקומען צו זיין שוועסטער, האט זיא ארומגענומען און האט איהר געזאגט:

— זיי געזונד, ליעבע יעליסאוועטא! מעגליך, אז מיר זעהן זיך צום לעצטען מאל.

וויא אן עלעקטרישער שלאג האט בעריהרט פאָניאטאָווסקי'ס אויערן דער נאמען יעליסאוועטא. ערשט יעצט האט ער זיא דערקענט. ערשט יעצט האט ער זיך דערמאנט, אז דאס איז דיא יעליסאוועטא פאן פאהלען, מיט וועלכער ער האט געמאכט זיין ערשטע, לאנגע, שווערע און טרויעריגע רייזע קיין סיביר. טרויעריגע בילדער פון דער פערגאנגענהייט זיינען אויפגעשטאנען פאר איהם, וויא צויבער גייסטער און האבען איהם געוויעזען „דעם זייל פון טרערען" אויף דער גרענעץ פון סיביר, וואו ער האט פערטהיידיגט דיעזעלבע יעליסאוועטא געגען דעם ווילדען קאפיטאן פון דער פארטיע ארעסטאנטען.

— יא, דאס איז זיא! האט ער אויסגערופען, ווען ער האט זיך בעסער צוגעקוקט צו איהר. דאס איז יעליסאוועטא פאן פאהלען! — זאל דער יונגער מאן, וועלכער שטעהט לעבען איהר אזוי דערשלאגען, זיין איהר זוהן, דערזעלבער וולאדימיר,

וועלכען מען האט דאמאלס ביי איהר צוגענומען? — וויא קומען זיי אהער? וויא אזוי איז זיא אנטלאפען פון סיביר? —

ער איז געוועזען אזוי איבערראשט און אזוי ערשטוינט, וואס ער האט אזוי פּלוצ־לונג געפונען זיינע אלטע בעקאנטע, אז איידער ער איז געקומען צו זיך און איז געוועזען אים שטאנד ארויסצורעדען א ווארט, האט אשינאוו זיא שוין ארויסגעפיהרט און אריינגעזעצט אין דער קארעטע.

פּאָניאטאָווסקי איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט, ווען א גראבע, ווילדע שטימע האט איהם געזאגט:

— פּאשאָל, מיר דארפען פערזיגלען דאס הויז!

דאס האט געזאגט דער אפּעציער פון דיא קאזאקען. איהם האט אשינאוו איבערגעלאזען, ער זאל פערשליעסען דאס הויז און עס פערזיעגלען, אזוי וויא עס פּאר־דערט דאס רוסישע געזעץ.

— וואו זיינען דיא ארעסטאנטען? האט פּאָניאטאָווסקי געפרעגט, וויא איינער, וואס חאַפּט זיך אויף פון א שרעקליכען טרוים.

ער האט ניט געוואָרט אויף קיין אנטווארט און איז ארויסגעלאָפען אין דרויסען. דארט האט ער נאך געהערט, וויא אשינאוו האט קאמאנדירט:

— צום פּאלאַץ פון׳ם גראַספירסט קאנסטאנטין!

אשינאוו איז יעצט געווען שעף פון דער געהיים פּאָליציי. ער האט פערגעסען, אז ער האט מיטגענומען א פרעמדען. ער האט געוואלט וויזען, ווער ער איז; ער האט זיך געוואלט נוקם זיין אן וולאדימירן; ער האט געפיהלט א בעזאנדערן שטאָלץ, וואס ער וועט יעצט בעפעהלען אין פּאלאַץ פון א רוסישען גראספירסט. דיא דייטשען רופען עס „בויערן שטאלץ“, דער שטאלץ פון א בויער, ווען ער ווערט הערשער און פיהלט, אז ער האט דיא מאכט אין דיא הענד.

פּאָניאטאָווסקי האט אנגעהויבען נאכצולויפען דיא קארעטע. ער האט זיא אבער ניט געקענט דעריאגען. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ניט געפונען קיין דראשקע. דיא פּאָליציי האט געהייסען אלע דראשקעס, זיי זאלען זיך ניט געפינען אין דער געגענד. — אין רוסלאנד וויל מען ניט מאכען קיין ליארם. אלעס מוז צוגעהן שטיל און רוהיג.

פּאָניאטאָווסקי איז געלאפען, וויא א וואהנזיניגער. ערשט, ווען ער איז געקומען אין א רייכערן קווארטאל, האט ער געטראפען א דראשקע. ער האט זיך אריינגעזעצט און האט קוים ארויסגעקייכט:

— צום פּאלאַץ פון׳ם גראספירסט קאנסטאנטין! א רובעל „נא וואָדקי“!

ווען ער איז צוגעקומען צום פּאלאַץ, האט זיך איהם פארגעשטעלט א זאנדער־בארעס בילד. דיא גרויסע טהירען זיינען געשטאנען אפען. דיא דיענער און לאקייען זיינען געשטאנען דיא קעפּ אראפּגעלאזען און האבען געציטערט. קיינער האט איהם ניט אויפגעהאלטען, ווען ער איז אריינגעגאנגען אין גרויסען, העל בעלייכטעטען קארי־דאר; קיינער האט איהם ניט געפרעגט, ווער ער איז און וואס ער דארף; קיינער האט צו איהם ניט גערעדט און ער האט צו קיינעם ניט גערעדט.

אין ערשטען צימער האט ער געטראפען דיא זשאנדארען. זיי זיינען געשטאנען ערנסט און פערטראכט. זיי זיינען פיעללייכט צום ערשטען מאל געווען אין פאלאץ פון'ם גראספירסט קאנסטאנטין. זיי זיינען געווען בלינדע ווערקצייג און האבען אליין נים געוואוסט, וואס דא טהוט זיך און וואס דא קומט פאר. זיי האבען נור געוואוסט, אז זיי געפינען זיך ביים גראספירסט קאנסטאנטין.

פאניאטאָווסקי איז געגאנגען ווייטער. ער איז אריינגעגאנגען אין שרייב צימער פון'ם גראספירסט. דארט האט זיך איהם פארגעשטעלט אנאנדערע סצענע, וועלבע האט איהם פערקלעמט ביים הארצען. דער גראספירסט קאנסטאנטין איז געלעגען אין אהנמאכט אויפ'ן דיוואן. ארום איהם זיינען געשטאנען דיא פרינצעסין וויערא, יעליסאוועטא און וולאדימיר.

אשינאוו אליין איז געווארען א ביסעל איבערראשט, ווען ער האט דערזעהן, אז דער גראספירסט איז געפאלען אין אהנמאכט. דארויף האט ער זיך נים געריכט. ער האט ערווארטעט, אז דער גראספירסט וועט זיך שטעלען, וועט איהם וועלען ארויסטרייבען און וועט איהם וועלען ווייזען ווער ער איז. אזא סצענע אבער האט ער נים ערווארטעט.

דיא פרינצעסין וויערא איז געווען דיא איינציגע, וועלבע האט נים פערלארען דעם מוטה. זיא איז באלד צוגעגאנגען צו איהר פאטער און האט איהם אנגעהויבען צו רייבען דיא הענד.

— וואסער! האט זיא א געשריי געטהאן.

א דיענער האט באלד געבראכט א גלאז וואסער. אשינאוו אליין האט יעצט געוואלט נעהמען דאס גלאז וואסער און שפריצען דעם גראספירסט אין געזיכט. אין דיעזע מינוטע האט זיך א שווערע האנד ארויפגעלעגט אויף זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דעם ענגלענדער דוגלאס.

— וואס טהוט איהר דאָ? האט ער איהם געפרעגט ערשטוינט. — ווער האט אייך ערלויבט צו קומען אהער?

אשינאוון איז געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס דער ענגלענדער איז איהם נאכ-געפאהרען ביז צום גראספירסט. זעהן, וויא מען ארעסטירט ניהיליסטען איז גאר נישט, אבער וויסען, ווער דיא ניהיליסטען זיינען, דארף קיין פרעמדער נים.

פאניאטאָווסקי האט ארויסגענומען דעם בריעף פון'ם נאסלעדניק אלעקסאנדער אלעקסאנדראוויטש און האט איהם דערלאנגט.

אשינאוו האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען. ביז אהער האט דער נאסלעדניק איהם קיין מאל קיין פרעהליכע מינע נים געוויעזען. ער האט זיך זאגאר אויף איהם נים אומגעקוקט. אשינאוו האט שטענדיג געציטערט, טאמער שטארבט אלעקסאנדער דער צווייטער, וועט ער פערליערן זיין שטעלע. — פלוצלונג גיט מען איהם א בריעף אנגעשריעבען מיט'ן נאסליעדניק'ס אייגענע האנדשריפט, אין וועלבען מען בעט איהם, אז ער זאל טהאן, וואס דער ענגלענדער וועט פון איהם פערלאנגען.

דאס האט איהם איבערראשט. ער איז אויפגעשפרונגען פאר פרייד. ער האט געוואוסט, אז דער קייסער איז נים שטארק צופריעדען מיט'ן נאסליעדניק, אז צווישען

ביידען הערשט א געהיימע פיינדשאפט. דאס איז געווען א סעקרעט, פון וועלכען גאנץ פעטערבורג האט געוואוסט. דער נאסלעדניק איז אבער דאך דער צוקינפטיגער קייסער. מען טאר איהם ניט אוועקמאכען מיט דער האנד.

צושמייכלען זיך צוביידע פארטיען, הנפענען ביידען, דיענען ביידען און אפנא־רען ביידען איז א כאראקטער צוג פון יעדען בעאמטען (טשינאווניק) אין רוסלאנד, וויא אין אנדערע לענדער. אשינאוו האט זיך אנגעחאפט אן דיעזע געלעגענהייט, וועלכע וועט איהם געבען דיא מעגליכקייט צו צוטרעטען צום נאסליעדניק, פון וועל־כען ער איז ביז אהער געווען אזוי וויט.

— אלזא, וואס פערלאנגט איהר, הערר דוגלאס? האט ער געפרעגט.

— איך פערלאנג, אז איהר זאלט באלד אוועקפאהרען מיט אייערע קאזאקען און זאלט זיך ניט מאכען וויסענדיג פון דיעזע ארעסטאנטען. — דיא גאנצע געשיכטע פון הייטע אבענד איז גאר ניט געשעהן.

אשינאוו האט זיך פערטראכט. דאס איז געווען פאר איהם א שווערע אויפגאבע.

— דאס איז אונמעגליך, הערר דוגלאס! האט ער אויסגערופען. דער קייסער וויים דערפון. ער וועט ביי מיר פאדערען רעכנונג. וואס זאל איך איהם ענטפערן?

— צייגט איהם דעם בריעף פון קראנפרינץ, האט דער ענגלענדער געענטפערט. איז דען דאס ניט גענוג?

— ליידער, איז עס ניט גענוג. איך קען מיך פערענטפערן מיט'ן בריעף. עס וועט מיר אבער זעהר טהייער קאסטען, ווייל איך האב א שטרענגען בעפעהל, אז געגען ניהיליסטען און פאליטישע פערברעכער מוז איך אויספאלגען נור דיא בעפעהלע, וואס דער קייסער אליין גיט מיר.

— וואס וועט איהר זאגען, ווען איך נעהם דיעזע ארעסטאנטען אויף מיין פעראנטוואורטליכקייט? — איך שטעל זיי אייך מארגען צו. איהר זעהט דאך, אז איך בין גאנץ נאהענט בעקאנט מיט דיא גרעסטע אין פעטערבורג.

אשינאוו האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. אביטעל ענגלישע גינעס, וועלכע דער ענגלענדער האט איהם שטילערהייט אריינגעלעגט אין האנד, האט איהם ענדליך בעוואגען, ער זאל נאכגעבען.

— אלזא, גיט מיר אייער עהרען ווארט אלס לארד, אז ביז מארגען אין דער פריה וועלען אלע בלייבען דא אין פאלאץ, האט ער ענדליך געזאגט.

— איך גיב אייך מיין עהרענווארט אלס לארד, אז ביז מארגען וועלען אלע דא בלייבען, אבער אונטער איין בעדינגונג. — איך וויל, איהר זאלט ברענגען דעם ארע־סטאנט, וואס איהר האט אוועקגעשיקט אין פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט אויך אהער.

אשינאוו האט זיך געלאזען לאנג בעטען. ענדליך האט ער דאך נאכגעגעבען און מיט א שטונדע שפעטער איז הונא געווען אין פאלאץ פון'ם גראספירסט קאנ־סטאנטין.

דיא קאזאקען און זשאנדארמען זיינען באלד ארויסגעגאנגען. אין פאלאץ איז וויעדער געווארען שטיל. דער גראספירסט האט באלד געעפענט דיא אויגען און האט

זיך ווילד ארומגעקוקט. ווען ער האט דערזעהן יעליסאוועטען שטעהן לעבען איהם, האט זיך געוויעזען א פרעהליכער שמייכעל אויף זיינע בלייכע ליפען.

— וואו בין איך? האט ער געפרעגט. איך האב געהאט א שווערן טרוים, א שרעקליכען טרוים. איך האב זיך אויפגעכאפט. איך זעה ארום מיר געזיכטער, וועלכע זיינען מיר שטענדיג געווען אזוי ליעב, אזוי טהייער.

ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, האט אנגעכאפט יעליסאוועטאס הענד און האט זיי צוגעדריקט צום הערצען.

וולאדימיר איז געפאלען אויף דיא קניע און האט איהם אנגעהויבען צו קושען.

— איך בין ווידער ביי דיר, פאטער! ליעבער פאטער! האט ער אויסגערופען. אלעס איז פערגעסען, אלעס איז פערגעבען, אלעס איז ווידער גוט, ווען מיר זיינען אלע צוזאמען.

זיי זיינען ווירקליך אין דיעזער מינוט געווען גליקליך. זיי האבען פערגעסען, ווער עס האט זיי צוזאמענגעבראכט און אונטער וועלכע אומשטענדען זיי זיינען זיך יעצט צוזאמענגעקומען. זיי האבען ניט בעמערקט, אז אין צימער שטעהט א פרעמדער מענש.

צוביסלעכווייס האבען זיך אלע אנגעהויבען א ביסעל צו בערוהיגען און דער גראספירסט קאנסטאנטין האט דערזעהן פאניאטאווסקין.

— ווער איז דער און וואס דארף ער? האט ער געפרעגט און האט געוויעזען אויף איהם מיטן פינגער.

אלע האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן, וויא פאניאטאווסקי שטעהט, וויא א מארמאר זייל און קוקט אויף זיי. יעליסאוועטא האט איהם ניט דערקענט. ווען זיא האט איהם געזעהן צום ערשטען מאל, איז ער געגאנגען אין ארעסטאנטען קליידער. זייט דעם זיינען פערגאנגען פיעלע יאהרען פון נויט און ליידען. זיא האט איהם פערגעסען. עס האט איהר גאר ניט געקענט קומען אין קאפ אריין, אז ער לעבט נאך.

פאניאטאווסקי איז צוגעגאנגען צו יעליסאוועטאן און האט איהר געזאגט:

— איהר קענט מיך ניט, יעליסאוועטא פאן פאהלען? דערמאנט אייך אן „זייל פון טרערין."

וויא אן עלעקטרישער שלאג האבען געווירקט דיא לעצטע ווערטער אויף יעליסאוועטא. זיא האט אויפגעעפענט ווייט איהרע אויגען און האט איהם בעטראכט פון קאפ ביז דיא פיס.

— פאניאטאווסקי! פירסט פעליקס פאניאטאווסקי! האט זיא אויסגערופען פול פרייד. איהר זייט עס?

וויא א שוועסטער, וועלכע דערזעהט א ברודער, וועלכען זיא האט געהאלטען פאר טויט, איז זיא צוגעלאפען צו איהם, האט איהם אנגענומען ביי ביידע הענד און האט איהם צוגעפיהרט צום גראספירסט.

— קאנסטאנטין, אט האסט דוא א מענשען, וועלכער איז מיר בייגעשטאנען אויף מיין וועג קיין סיביר, האט מיר געהאלפען, האט מיך געטרייסט און האט געליטען פאר מיר.

אה! איך האב עס ניט פערגעסען און וועל עס ניט פערגעסען, וויא דיא קנוטע האט געריסען אייער פלייש, ווען דער ווילדער אנפיהרער פון דיא ארעסטאנטען האט מיך געוואלט בעליידיגען לעבען זייל פון טרערין. וויא פיעל מאל האב איך געדאכט אן אייך אין דיא לאנגע און שווערע שטונדען, וואס איך האב פערבראכט אין דיא פינסטערע קאמערן פון דיא געפענגנים פון סיביר.

זיא האט זיך געווענדעט צום גראספירסט.

— גיב איהם דיא האנד, קאנסטאנטין! האט זיא געבעטען מיט איהר וויכער, מילדער שטימע. גיב איהם דיא האנד אלס א פריינד, אלס א ברודער. ער איז עס ווערטה! ער האט עס פערדיענט אום מיך און אום מיין וולאדימיר.

דער גראספירסט האט איהם געגעבען דיא האנד. וולאדימיר איז יעצט צוגע-קומען און האט איהם אויך געגעבען זיין האנד.

— זייט מיר ווילקאמען, אונבעקאנטער פריינד! האט דער גראספירסט געזאגט. עס איז מיר געגוג, ווען יעליסאוועטא רעקאמענדירט אייך, ווען זיא דערצעהלט מיר, וויא איהר האט געליטען פאר איהר. איהר זייט מיר הערצליך ווילקאמען! — איך פערשטעהט אבער אלץ ניט, וויא קומט איהר אהער?

— וויא קום איך אהער, קען איך אייך אזוי אין קורצע ווערטער ניט דער-צעהלען, האט פאניאטאָווסקי געענטפערט. איך וויל אייך נור זאגען, צו וועלכען צוועק איך בין אהער געקומען. דאס מוז איך אייך זאגען באלד. דיא צייט איז קורץ, יעדע מינוטע איז טהייער.

אלע זיינען געווארען אויפמערקזאם. פאניאטאָווסקי האט גערעדט אזוי ערנסט, אז זיי האבען פערשטאנען, אז יעצט איז ניט דיא צייט צו דערצעהלען אלטע גע-שיכטען.

— יעצט אייך, מיינע פריינדע, מיינע ליעבע, האט דער גראספירסט געבעטען. לאָמיר אויסהערען, וואס א נייער, ביז אהער מיר גאנץ אונבעקאנטער פריינד, וועט אונז זאגען. ער האט אונז געוויס מיטצוטהיילען עטוואס וויכטיגעס.

אלע האבען זיך ארומגעזעצט ארום גרויסען שרייב טיש און פאניאטאָווסקי האט אנגעהויבען צו רעדען.

— עס איז יעצט ניט דיא צייט אייך צו דערצעהלען, וויא איך בין געקומען קיין פעטערבורג און צו וואס איך בין אהער געקומען. עס איז יעצט ניט דיא צייט צו דערצעהלען, וויא אזוי עס איז מיר געלונגען צו זיין דערביי, ווען מען האט אייך ארע-סטירט און וויא אזוי מען האט אייך ארעסטירט; עס איז וויטער ניט דיא צייט אייך צו דערצעהלען, דורך וועלכע מיטעל איך האב בעוואוינען דעם שעף פון דער געהיים פאליציי, ער זאל אייך לאזען אליין. — איך קען אייך יעצט נור ראטהען און בעטען — איהר זאלט אנטלויפען פון רוסלאנד וויא אם שנעלסטען. — איהר געפינט זיך אין דער גרעסטער געפאהר. יעצט איז נאך דא צייט. — אנטלויפט! אנטלויפט, ווען ניט פון רוסלאנד, ווענינסטענס פון פעטערבורג!

אלע האבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. קיינער אבער האט איהם ניט

געענטפערט. עס האט מיט די פאסירט דיעזען אבענד אזוי פיעל איבערראשונגען, אז די האבען קיין צייט ניט געהאט זיך איבערצוזלעגען.

וולאדימיר איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך. ער האט זיך דערמאנט, אז ער איז אנטלאָפען פון סיביר אום צו רעטען וויעראן און זיין פאטער.

— איך ווייס ניט, פאר וואס דיעזער הערר פאניאטאָוסקי בעט אזוי, אז מיר זאלען אנטלויפען, האט ער געזאגט, איך האב אבער אויך גענוג אורזאכען אייך צו ווארענען און צו בעטען, אז מיר זאלען אוועקפאהרען פון פעטערבורג. איך ווייס, אז עס וועלען פאָרקומען אונרוהען און אייער לעבען, פאטער, וויא אויך דאס לעבען פון מיין שוועסטער וויערא, וועט זיין אין געפאהר. — איך בעט אייך דאהער, איהר זאלט פאלגען דעם ראטה פון אונזער נייען פריינד און מיר זאלען, וויא אם שנעלסטען ארויספאהרען פון פעטערבורג.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט געקוקט אייף זיין זוהן און אויפ'ן פירסט און האט ניט געוואוסט, וואס צו זאגען און אויף וואס זיך צו ענטשליעסען. ער האט פערשטאנען, אז זיי שוועבען אלע אין א שרעקליכע געפאהר, ער האט אבער אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וואס פאר א געפאהר עס קען זיין פאר איהם און פאר זיין טאכטער.

— פריינדע! האט פאניאטאָווסקי געבעטען, איך ווארן אייך נאך אמאל און בעט אייך, אנטלויפט, וויא אם שנעלסטען! פערגעסט ניט, אז ווען דער גליקליכער צופאל וואלט מיך ניט געבראכט אהער הייטע אבענד, וואלט דיעזעס הויז געווען בע־וואכט מיט קאזאקען און יעליסאוועטא פאן פאהלען מיט איהר זוהן, וואלטען מאר־גען פיעלליכט ווייטער געדארפט געהן אויפ'ן וועג צום „זייל פון טרערען". יעצט איז נאך דא צייט. מארגען וועט שוין זיין צו שפעט.

אין דיעזע מינוט איז הוגא פאן פאהלען אנגעקומען. ער איז געווען בלייך און איבערראשט. ער האט געוואוסט, אז ווען אשינאָוו האט איהם ארעסטירט, ווייס ער געוויס פון דעם גאנצען געהיימניס פון דיא ניהיליסטען און פון אלעס, וואס מען האט מיט א טאג פריהער אפגערעדט, אז עס זאל געשעהן דעם ערשטען מערץ.

אלזא, זייער פלאן איז ניט געלונגען. דיא פאליציי ווייס אלעס. געוויס זיינען שוין אלע איבעריגע אויך ארעסטירט.

ער איז אריינגעקומען אין צימער און האט זיך פערנייגט פארן גראספירסט.

— אלזא, האב איך אייך צו פערדאנקען מיינע בעפרייאונג פון פעטראפאוו־לאווסקי קרעפאסט? האט ער געפרעגט.

דער גראספירסט האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט. ער האט ניט געוואוסט פון וואס צו זאגען.

— איך ווייס גאר ניט, אויב איהר זייט געווען ארעסטירט, האט ער געזאגט ערשטוינט.

פאניאטאָווסקי האט איהם אויסגעהאלפען.

— ווען איהר ליעגט יעצט ניט אין קייטען אין פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט, האט איהר עס צו פערדאנקען א גליקליכען צופאל, האט ער געזאגט. עס איז אבער

ניט יעצט דיא צייט אלעס צו דערצעהלען. דיא מינוטען זיינען טהייער. ווען איהר אנטלויפט ניט יעצט, וועט איהר מארגען אין דער פריה זיין איינגעשפּערט.

— מיר מוזען אוועקפאהרען פון פּעטערבורג, האט וולאדימיר געבעטען. אונזער פריינד פּאניאטאָווסקי, האט רעכט. מיר מוזען אנטלויפען.

— איך מוז דאָ בלייבען, האט דער גראספירסט ענדליך געזאגט. לאז קומען, וואס עס וויל. איך טאר ניט אנטלויפען. א רוסישער גראספירסט טאר ניט אנטלויפען.

— איך בלייב אויך ביי דיר, האט זיך וויערא אפּגערופען.

— פריינדע! בלייבט ניט אין פּעטערבורג! האט פּאניאטאָווסקי געבעטען. איך זאג ניט, איהר זאלט אנטלויפען, איך בעט אייך נור, איהר זאלט ארויספאהרען פון פּעטערבורג אויף א טאג אדער אויף צוויי. דאס קען דאך אייך גאר ניט שאדען. לאמיר ניט פערליערן דיא צייט אין רעדען און אין איבערלעגען זיך.

ער האט גערעדט אזוי ערנסט און אזוי פון'ם הארצען, אז דער גראספירסט האט פערשטאנען, אז דאס איז ניט אומזיסט, אז דאָ איז עפּעס בעזאנדערס.

— אונזער לאגע איז ווירקליך א גאנץ בעזאנדערע, האט ער ענדליך געזאגט. איך מוז אייך נאכגעבען אויף אזוי פיעל, אז יעליסאוועטא פאן פּאהלען, וולאדימיר און הונא זאלען אוועקפאהרען אויף א טאג. איך מיין, אז זיי זאלען פאהרען צו מיין פריינד, דעם גראף רעדערן. זיין שלאס איז אין גאנצען צעהן מייל ווייט פון פּעטערבורג. דארט וועט איהר פערברענגען א פאר טאג, ביז איך וועל געוואהר ווערן אלעס, וואס היינט ביי נאכט איז געשעהן. איך וועל אייך דאן צו וויסען טהאן, וואס איהר זאלט ווייטער טהאן.

— פאטער, פאהר דוא אויך מיט אונז! האט וולאדימיר געבעטען. איך קען דיך ניט לאזען דאָ אליין. איך ווייס אויך, אז אין פּעטערבורג קאכט זיך עפּעס און איך האב מורא פאר דיר.

אין דער צייט, וואס וולאדימיר האט גערעדט מיט זיין פאטער, האט הונא געפרעגט פּאניאטאָווסקי'ן שטילערהייט:

— ווייס מען שוין אלעס?

— אלעס, האט פּאניאטאָווסקי געענטפערט.

הונא האט געמיינט, אז מען ווייס פון דער גאנצער פערשווערונג. וויא באלד אזוי, האט ער דאך מעהר ניט וואס צו טהאן אין פּעטערבורג. יעצט אלזא, מוז מען זעהן רעטען זיין שוועסטער און איהר זוהן. פארן גראספירסט און זיין טאכטער וויערא האט מען ניט וואס מורא צו האבען. זיי וועט מען אלענפאלס גאר ניט טהאן.

— אונזער פריינד פּאניאטאָווסקי האט רעכט, האט ער געזאגט. מיר מוזען אנטלויפען, מיר מוזען ערגעץ אוועקפאהרען, ביז עס וועט זיך איבערראשען. מיר טאָ-רען ניט דערלאזען, אז מיין שוועסטער און וולאדימיר זאלען מאכען נאך א מאָל אן אונפרייוויליגע רייזע קיין סיביר.

— אבער שנעל! האט פּאָניאטאָווסקי געבעטען. מיר טארען קיין מינוט ניט פערליערען. איך ווייס נאך ניט, וויא אזוי מיר וועלען ארויספאהרען פון דער שטאדט.

איך בין זיכער, אז אשינאווס שפיר הינד ליעגען ערגעץ בעהאלטען און בעוואכען דאס הויז.

— דערצו איז דא א מיטעל, האט הונא נעזאגט. מיר וועלען זיך אנטהאן אלס לאקייען אין דער אוניפארם פון׳ם גראפפירסט, מיר וועלען ארויסגעהן איינציגוויים און אוועקגעהן עטליכע גאסען. א קארעטע מיט די בעסטע פערד זאל אויף אונז ווארטען לעבען עקאטערינענסקי פארק. דארט וועלען מיר זיך אויפזעצען און אוועקפאהרען.

— זיינע קייזערליכע האהייט זאל אונז געבען א בריעף צו גראף רעדערן —

— דער גראף רעדערן איז יעצט אין פעטערבורג, האט דער גראפפירסט איהם אונטערבראכען. אין שלאס געפינט זיך נור זיין פערוואלטער.

— אלזא א בריעף צו זיין פערוואלטער, אז ער זאל אונז אויפנעהמען אויף א פאר טאג, האט פאניאטאווסקי געבעטען. — אבער שנעל!

וויערא איז ארויסגעלאפען אין קארידאר, האט געהייסען איהר קוטשער איינשפאנען דיא בעסטע פערד און האט באלד געבראכט לאקייען קליידער פאר וולאדימירן און הונא. פאניאטאווסקי האט געוואלט געהן אין זיינע אייגענע קליידער.

אין איינינע מינוט ארום איז ארויסגעפאהרען א קארעטע פון׳ם גרויסען טויער פון׳ם פאלאץ פון׳ם גראפפירסט קאנסטאנטין. פאניאטאווסקי האט רעכט געהאט. אשינאווס אגענטען האבען אפגעהיט דעם פאלאץ. ווען דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען א פאר גאסען, האט דער קוטשער דערהערט א געשריי: סטאָי!

ער איז געבליעבען שטעהן. א מאן איינגעהילט אין א מאנטעל איז צוגעקומען און האט א קוק געטהאן, וואס עס טהוט זיך אין דער קארעטע. — זיא איז געווען לעדיג. ער איז זיך אוועקגעגאנגען.

איינציגווייס, שטילערהייט, וויא דיא גייסטער זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם פאלאץ הונא, וולאדימיר, פאניאטאווסקי או יעליסאוועטא. לאנגזאם זיינען זיי געגאנגען צום עקאטערינענסקי פארק. מען איז זיי צוואר נאכגעגאנגען, אבער מען האט געזעהן, אז דאס זיינען לאקייען פון׳ם גראפפירסט קאנסטאנטין.

מיט לאקייען האט דיא געהיים פאליצי ניט וואס צו טהאן. דיא געהיים פאליציי אליין איז דאך ניט מעהר, וויא א לאקיי ביים הערשער.

איינער נאכ׳ן אנדערן זיינען דיא ארעסטאנטען צוגעקומען צו דער קארעטע. איינער האט געווארט אויפ׳ן אנדערן. ווען אלע זיינען זיך צונויפגעקומען, האבען זיי זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען — קיינער איז ניטא.

— יעצט איז דיא צייט! שנעל! האט פאניאטאווסקי קאמאנדירט מיט א שטילער, אבער פעסטער שטימע.

אלע האבען זיך ארייננעזעצט. דיא שטארקע פערד האבען געריהרט און דיא גאסען פון פעטערבורג האבען אנגעהויבען צו פערשווינדען.

עס איז געווען דריי אוהר פארטאג, ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון דער שטאדט. ווען פאניאטאווסקי האט דערזעהן דעם ערשטען שיין פון׳ם יונגען טאג, האט ער פריי אויפגעאטהעמט.

— יעצט ווייס איך, אז מיר זיינען געראטעט! איך אטהעמע ליעבער דיא פרייע

לופט פון דיא פעלדער און וועלדער, אלס דיא שווערע, דריקענדע לופט פון דעם אונ־גליקליכען פעטערבורג, וועלכע איז פול מיט זיפצען און קרעכצען.

ערשט יעצט האט מען אנגעהויבען צו רעדען און צו דערצעהלען איינער דעם אנדערן, וואס עס האט מיט איהם פאסירט דיא גאנצע צייט, וואס זיי האבען זיך ניט געזעהן.

53סטעס קאפיטעל.

## אלעקסאנדער II'ס ענדע.

לוסטיג און פרעהליך איז אויפגעגאנגען דיא זון דעם ערשטען מערץ 1881 אי־בער דיא הויפטשטאדט פון רוסלאנד. פעטערבורג האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, וויא געוועהנליך. קיינעם איז ניט איינגעפאלען, אז דיעזער שעהנער טאג וועט זיך ענדיגען אזוי טרויעריג פארן רוסישען הערשער.

עס איז נאך אויסגעפאלען א בעזאנדערעס שעהנער און ווארעמער טאג. עס האט גערוישט און געקאכט אין דיא גאסען. ווען א פרעמדער וואלט בעטראכט דא־מאלס פעטערבורג, וואלט ער געמיינט, אז דאס איז דיא גליקליכסטע שטאדט אויף דער וועלט, ווייל עס הערשט אין איהר דיא בעסטע ארדנונג.

אין נאטשינא איז מען אויך היינט אויפגעשטאנען פריהער, וויא געוועהנליך. דארט אבער האט מען אויך גאר ניט געקענט בעמערקען. צוואר איז דער קראנפרינץ געוועזען זעהר אויפגערעגט און האט יעדע מינוט געקוקט אין פענסטער. ער האט אבער געגעבען א בעפעהל, אז ביז צוועלף אוהר זאל מען צו איהם קיינעם ניט מעלדען. ער פיהלט זיך עפעס ניט גוט.

ער האט נאך געכטען אויסגעטהיילט זיינע בעפעהלע. ער האט געוואוסט, אז גענעראל וואנאָווסקי וועט איהם אלעס מעלדען. ווען ער וועט קומען צופאָהרען אויף א שווארצעס פערד, איז עס א בעווייז, אז אלעס האט זיך געענדיגט, — ער איז קייסער פון רוסלאנד; וועט ער אבער קומען אויף א ווייס פערד, איז עס א בעווייז, אז עס איז ניט געראטהען.

אין פעטערבורג זיינען דאמאלס געשטאנען פערציג טויזענד מאן סאלדאטען, מייסטענס קאוואלעריע. ביים ערשטען צייכען האבען זיי געדארפט ארויסגעהן פון דיא קאזארמעס אין קריעגס ארדנונג און אויסשטעלען זיך אויף אלע גרויסע פלעצער, לעבען אלע קירכען, לעבען דער אדמיראליטעט און לעבען דיא גאָסודארסטוועני באַנק.

אלע העכערע אפיציערן האבען ערהאלטען ביי נאכט א בעפעהל, אז זיי זאלען זיך געפינען אין דיא קאזארמעס און זאלען זיין בערייט צו יעדער שטונדע.

אלעקסאנדער דער צווייטער איז אויפגעשטאנען שפעט. ער האט צוגעבראכט אן אונרוהיגע נאכט. קוים האט ער צוגעמאכט דיא אויגען, האבען זיך איהם געוויזען שרעקליכע געשטאלטען. זיין גאנצעס לעבען, פון קינדוויים אן ביז אין היינטיגען טאג איז איהם פארגעקומען. וואו ער האט זיך אומגעקוקט, האט ער געזעהן בלייכע גע־זיכטער, צוריסענע לייבער, צובלוטיגטע קעפ און הענד און פיס אין קייטען.

ער האט גענומען איינגעהמען צוויי אפיום פילען, וועלכע ער פלעגט שטענדיג האלטען אנגעגרייט אויף א טישעל אין זיין שלאף צימער. דיא פילען האבען געווירקט.

ער איז אנטשלאפען געווארען מיט'ן הארטען, שווערן שלאף, פון א א פערשיכורטען.

דריי מאל איז זיין אלטער, געטרייער לייב דיענער, מאקסים, אריינגעקומען אין זיין שלאף צימער זעהן, אויב באטיושקא איז שוין אויפגעשטאנען און דריי מאל האט ער געמוזט ארויסגעהן שטילערהייט, אויף דיא שפיץ פינגער.

— ער האט פערבראכט א שלעכטע נאכט, האט געזאגט צו זיך אליין דער דיענער. ער שלאפט שווער און הארט. דאס איז קיין שלאף פון א געזונדען מענשען.

ענדליך אום ניין אוהר, ווען מאקסים איז אריינגעקומען צום פיערטען מאל אין שלאף צימער, האט ער דערהערט דעם קייסערס שוואכע שטימע:

— איז שוין שפעט, מאקסים?

— ניין אוהר, קייזערליכע מאיעסטעט.

— ניין אוהר? אום צעהן מוז איך פאהרען צו דער גראספירסטין. — אלזא, מוז מען אויפשטעהן.

ער האט זיך אויסגעצויגען, האט נאך א גענעץ געטהאן און האט געפרעגט דעם אלטען מאן.

— וואס פאר א וועטער איז אין דרויסען?

— זעהר שעהנעס וועטער, האט מאקסים געענטפערט. עס איז א זומער טאג.

— עפען דעם לאדען, מאקסים, און לאז אריין דיא ליכטיגקייט.

מאקסים האט געעפענט דעם לאדען. אין צימער איז געווארען פיעל העללער. ער האט ניט פערשארט דיא שווערע זיידענע פארהענגע פון'ם פענסטער.

אלעקסאנדער דער צווייטער האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין בעט. אויף א שטוהל לעבען בעט זיינען געלעגען אנגעגרייט זיינע מארגען קליידער. קיינער האט ניט געטארט זיין, ווען ער פלעגט זיך אנטהאן אויסער דעם אלטען, טרייען מאקסים. צו איהם האט ער געהאט פאלעס צוטרויען, ער איז געווען זיין לייב דיענער פון קינדוויים אן און איז געהאנגען אן איהם, וויא א הונד אן זיין העררן. ער פלעגט מיט איהם אפט פלוידען און פלעגט ליעב האבען צו הערן, וויא דער אלטער מאן דערצעהלט געשיכטען אין זיין אייגפאכער, ניט געלערנטער שפראכע.

אלעקסאנדער דער צווייטער, וויא פיעלע רוסישע אריסטאקראטען, וועלכע זיינען אין דיא ערשטע יאהרען פון זייער קינדהייט ערצויגען געווארען פון אן איינפאכער „ניאניא", ניט פון קיין געבילדעטער „באנע", זיינען געוואינט געווארען מיט דיא עכט רוסישע ערצעהלונגען און זאגען (סקאזקי), וועלכע זיינען פול מיט גייסטער און שדים, וויא א דאמאוואי, וואלד רוח „לעשי", א וואסער גייסט „וואדיאנאי".

דאס קינד איז זעהר עמפפינדליך. ער גלויבט אין אלעס, וואס מען דערצעהלט איהם. ווען ער ווערט עלטער, לערנט און הייבט אן צו פערשטעהן, אז דאס אלעס איז קינדערייען, קען ער זיך דאך ניט אויסדרעהן פון פורכט פאר געהיימע קרעפטע. זיינע קינדער איינדריקע בלייבען איהם. וויא געבילדעט א רוסישער אריסטאקראט זאל זיין און וויא ער זאל ניט לאכען פון גייסטער און שדים, האט ער דאך מורא צו בלייבען אליין אין א הויז, וואס איז ניט בעוואינט פון מענשען. עס בלייבט אין איהם דיער קינדער שרעק.

— זאג נור, מאַקסים, — האט זיך פּלוצלונג דער קייסער געווענדעט צו זיין דיענער, גלויבסט דוא אין פאָרגעפיהל (פּרעדטשואוסטוויע)? — גלויבסט דוא, אז דאס הערץ זאגט דעם מענשען פריהער, וואס עס וועט מיט איהם פּאסירען?

— יא, באַטיושקאַ, איך גלויב אין פאָרגעפיהל, האט דער דיענער געענטפערט. אונזער זעעלע ווארנט אונז פריהער, אז עס וועט טרעפען אן אונגליק. איך בין געווען מיט'ן גראף פּאסקעוויטש ביי סיליסטריא אין 1854. איך געדענק עס נאך, וויא עס וואלט היינט געווען. ער איז א גאנצען טאג ארומגעגאנגען טרויעריג. איך האב איהם אנגעגרייט זיין מיטאג. ער האט ניט געגעסען. ער האט נור אויסגעטרונקען צוויי פלאַש ספּירטער ויין.

איך האב איהם געפרעגט:

— פאר וואס עסט דוא ניט, באַטיושקאַ איוואַן פיאָדראָוויטש?

— איך קען ניט עסען, מאַקסים, האט ער מיר געענטפערט. דאס הערץ זאָגט מיר, אז א טערקישע קוגעל וועט מיך היינט טרעפען.

איך האב איהם געבעטען, ער זאל זיצען אין דער היים, ער זאל דעם טאָג אין ערגעץ ניט געהן. ער האט מיר ניט געוואלט הערן.

— אָט סודבי ניע אואידיאָש! (דיין שיקזאל קענסט דוא ניט אויסמיידען.) האט ער מיר געענטפערט און איז ארויסגעגאנגען זעהן, וואס עס טהוט זיך אין סי-ליסטריא.

צוויי שטונדען שפּעטער האט מען איהם געבראכט אין א לייליך. א קאַנאָנען קוגעל האט איהם אראפּגענומען דעם לינקען פוס ביז אין בויך. ער איז באלד גע-שטארבען, דער ארימער. גאט זאל איהם נעהמען צו זיך אין הימעל!

דער אלטער מאַן האט זיך איינינע מאל איבערגעקרייצט.

אויף אלעקסאנדער דעם צווייטענס געזיכט האט זיך געוויעזען א פינסטערער חאלקען. ער איז ניט בייז געווען אויפ'ן אלטען, ער האט דאך איהם אליין אויפגע-פאָרדערט, ער זאל איהם זאגען, אויב ער גלויבט אין א פארגעפיהל. דער איינפאכער אלטער האט עס איהם ערקלערט אויף זיין אַרט. איינינע מינוטען האט ער געשוויגען, דאן האט ער געזאגט הארט און גראב:

— טהו מיך אן, מאַקסים! עס איז שוין שפּעט.

מאַקסים האט איהם אנגעטהאן זיינע מארגען קליידער.

— דיא וואַנע איז פערטיג, מאַיעסטעט, האט ער געזאגט, ווען ער האט איהם אנגעטהאן. קומט, איך וועל אייך אריינפיהרען.

אין א שטונדע ארום איז אלכסנדר געזעסען אין זיין קאבינעט, ער האט געעפענט איינינע בריעף און דעפּעשען, וועלכע זיין פליגעל אדיוטאנט האט איהם אנגעגרייט אויפ'ן שרייב טיש. ער איז זיי דורכגעלאָפען מיט דיא אויגען און האט זיי באלד אניעדערגעלעגט. — זיי האבען איהם ניט אינטערעסירט.

— דאס הערץ איז מיר שווער, איך פיהל, אז היינט וועט מיט מיר עפּעס פּאַ-סירען. זאל דער אלטער מאקסים האבען רעכט? — זאל זיך ווירקליך געפינען א גע-היימע פערבינדוניס צווישען אונזער קערפּער און אונזער זעעלע? זאל אונזער גייסטינעס

אויג — דאס אויג פון אונזער פערשטאנד—ווירקליך זעהן, וואס עס וועט באלד געשעהן! אלזא, פאר וואס זאל זיא עס מיר ניט זאגען דייטליך און פערשטענדליך?

יעדע לעבעדיגע זאך האלט זיך פעסט אן לעבען. ווען אונזער גייסט האלט זיך אויך פעסט אן לעבען און וויל זיך ניט שיידען פון אונזער קערפער, פאר וואס זאל ער איהם ניט ווארנען אין דער הויך, אז עס דראהעט איהם א געפאהר?

איך פיהל, אז מיין הערץ ווערט צוזאמענגעצויגען. עטוואס פרעסט מייגע געהירן. איך בין אונמוטהיג. אלעס קומט מיר פאר אזוי טרויעריג, אזוי אבשטאסענד, אז איך האב פערלארען דיא לוסט צו לעבען. שעהן שיינט דיא זון. זיא מאכט מיר אבער קיין פערגניגען.—איך וויל פאהרען צו מיין קוזינע, איהר ווינשען גליק צו איהר געבורטס טאג און עפעס האלט מיך צוריק. — וואס איז עס? איך ווייס ניט.

ער האט געטראכט נאך איינינע אויגענבליקע, האט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען און האט געזאגט מיט א פעסטער, ענטשלאסענער שטימע:

— אַט סודבי ניע אואידיאַש! דער אלטער פאסקעוויטש האט רעכט געהאט. איך פאהר! לאז קומען, וואס עס וויל זיך!

ער האט א דריק געטהאן א קנעפעל. דער דעזשורני גענעראל איז אריינגעקומען.

— הייס איינשפאנען מיין קארעטע און לאז מיין קאנוואי ארויספאהרען, האט ער איהם געזאגט.

דער גענעראל איז ארויסגעגאנגען אויספיהרען זיינע בעפעהלע. אלעקסאנדער איז ווידער געבליעבען אליין. ער האט זיך ווידער פערטראכט. איהם איז בעפאלען א שרעקליכע אנגסט, וועלבע ער האט זיך ניט געקענט ערקלערן. איז עס ווידער זיין פארגעפיהל?

אויף דער טהיר האט זיך געוויזען דער דעזשורני גענעראל. ער האט געוואלט מעלדען, אז דיא קארעטע שטעהט שוין פערטיג אין דרויסען. דער קייסער האט א מאך געטהאן מיט יער האנד, א צייכען, אז ער וויל זיין אליין.

— זאל איך מיטנעהמען א פליגעל אדיוטאנט מיט מיר אדער ניט? האט ער געפרעגט זיך אליין. — איך מוז פארזיכטיג זיין.

ער האט ווידער א קוועטש געטהאן דאס קנעפעל ביי זיין שרייב טיש. דער גענעראל איז ווידער אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— ווער פיהרט מיין קאָנוואָי? האט דער קייסער געפרעגט.

— דער פאָלקאָווניק סטעפאַנאָוו, האט דער גענעראל געענטפערט.

— שיק רופען דוואָרזשיצקין.

דוואָרזשיצקי איז געוועזען דער פאליצמייסטער פון פעטערבורג. ער האט ווענינ געהאט צו טהאן מיט דער געהיים פאָליציי. ער האט נור געהאט דיא אויפזיכט איבער דיא גאסען און איבער דער שטאָדט. ער איז געוועזען א פעהיגער און טיכטיגער פאָליצמייסטער. אלעקסאנדער האט געהאט צו איהם א בעזאנדערעס צוטרויען, ווייל דוואָרזשיצקי האט איינגעארדענט דיא פעטערבורגער פאָליציי נאך דער פראנצייזישער ארט.

ווען מען האט איהם געמעלדעט, אז דוואָרזשיצקי ווארט שוין אין דרויסען, איז

ער ארויסגעגאנגען אנגעטהאן אין דער פארמע פון א גענעראל פון דער קאוואלעריע. אויף דיא טרעפ איז ער געבליעבען שטעהן, האט אייניגע סעקונדען בעטראכט דאס וועטער און דיא שעהנע, רייגע גאסען ארום. דאן איז ער אראפגעגאנגען און האט זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע.

דוואָרזשיצקי איז געפאהרען פאראויס. דער קאַנוואַי איז געפאָהרען פון הינטען און פון ביידע זייטען פון דער קארעטע. דאס פאלק האט אראפגענומען דיא היטלען און האט געשריען: הורראה!—דער קייסער איז פרעהליכער געווארען און האט אלע־מען געגריסט מיט דער האנד.

באלד איז מען צוגעקומען צום פאלאץ פון דער גראספירסטין עקאטערינא מיכאילאוונא. דוואָרזשיצקי האט געעפענט דאס טהירעל פון דער קארעטע. מונטער און קרעפטיג איז אלעקסאנדער דער צווייטער ארויסגעשפרונגען און איז ארויפגעגאנ־גען דיא עטליכע טרעפ צום פאלאץ.

דיא גראספירסטין האט איהם עמפפאנגען אויף דיא טרעפ. ער האט זיא געקושט אויף ביידע באקען און האט איהר געוואונשען גליק צו איהם ניין און פער־צינסטען געבורטס טאג. ער האט געשפאסט מיט דיא קינדער און האט יערען געגע־בען א פרעזענט.

אום צוועלף אוהר איז ער ארויסגעפאהרען פון׳ם פאלאץ פון דער גראספירסטין. א גרויסע מעננע פאלק האט זיך פערזאמעלט פארן פאלאץ. קוים האט דער קייסער זיך געוויעזען אויף דיא טרעפ, האבען אלע אראפגענומען דיא היטלען און האבען איהם בעגריסט.

אלעקסאנדער דער צווייטער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט. ער האט פער־געסען אן זיין פאָרגעפיהל. א גליקליכער שמייכעל האט געשפילט אויף זיינע ליפען.

— דאס פאלק ליעבט מיך דאך. ווען מיין פאלק ליעבט מיך, האב איך ניט וואס מורא צו האבען, האט ער געזאגט צו זיך אליין און האט זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע.

אום נאך זיכערער צו זיין, האט ער צוגערופען דוואָרזשיצקי׳ן און האט איהם געפרעגט:

— וויא דענקסט דוא, זיינען דיא גאסען זיכער?

— געוויס, קייזערליכע מאיעסטעט! האט דוואָרזשיצקי געענטפערט. אין דער לעצטער צייט איז אלעס שטיל און רוהיג.

— גוט, פאָלקאָווניק! האט דער קייסער געזאגט און האט געגעבען א צייכען דעם קוטשער, ער זאל פאהרען צוריק אהיים.

דיא קארעטע איז געפאהרען רוהיג ווייטער, ביז זיא איז צוגעקומען אויף דער אינזשענערסקאיא אוליצא אין דעם ארט, וואו דיא אינזשענערסקאיא שניידעט איבער דעם עקאטערינענסקי פראָספעקט.

דא זיינען דיא פערד פלוצלונג געבליעבען שטעהן. א פרוי האט זיך געווארפען פאר דיא פערד.

— וואס איז דארט? האט דער קייסער געפרעגט.

— א פרוי האט זיך געווארפען פאר דיא פערד, האט דווארזשיצקי געענטפערט.
— וואס וויל זיא?
— זיא וויל רעדען מיט אייער קייזערליכע מאַיעסטעט.
— אין זיא אנשטענדיג געקליידעט?
— זיא געהט אין טרויער.

אלעקסאנדער דער צווייטער האט פערביסען דיא ליפען. ער האט געוואוסט, וואס עס הייסט א פרוי אין טרויער.

אין רוסלאנד קומט עס פאר זעהר אפט, אז פרויען און קינדער פון מענשען, וועלכע מען האט פערשיקט קיין סיביר, קומען קיין פעטערבורג בעטען דעם קייסער, ער זאל בעגנאדיגען זייערע מענער. אזוי וויא מען לאזט אבער ניט צו צום קייסער, האבען זיי קיין אנדער מיטעל ניט איהם צו דערלאנגען זייערע ביטשריפטען, אלס זיך ווארפען פאר דיא פערד פון זיין קארעטע.

דעם קייזער איז געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס מען האט איהם אזוי פלוצ־לונג איפגעהאלטען.

— פרעגט זיא, ווער זיא איז און וואס זיא וויל, האט ער געזאגט צו דוואַר־זשיצקי.

אין דער צייט, ווען דווארזשיצקי איז געווען בעשעפטיגט מיט דער פרוי, וועל־כע איז געלעגען אויף דער ערד אייניגע צעהענדליג שריט פון'ם קייסערס קארעטע, איז צוגעגאנגען גאנץ נאהענט צו דער קארעטע אן עלטערער מענש, ארים געקליי־דעט. — אין דער האנד האט ער געהאלטען א פעקעל, וועלכעס האט אויסגעוויזען, וויא א ברויט.

ער איז צוגעגאנגען גאנץ נאהענט צום טהירעל און האט געווארפען אויפ'ן קיי־סער א ווילדען בליק.

— וואס ווילסט דוא? האט אלעקסאנדער דער צווייטער געפרעגט דערשראקען.

— דאס איז לעצטע ברויט, וואס איך האב אין הויז, האט דער מאן געענטפערט. איך לייד הונגער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער א ווארף געטהאן דאס ברויט — דיא דינאַמיט באָמבע — אונטערן קייסערס קארעטע.

— וואס איז דאס? האט נאך דער קייסער צייט געהאט צו פרעגען.

— דיין טויט! האט דער מאן געענטפערט גאנץ רוהיג.

אין דיעזע סעקונדע האט מען געהערט א שרעקליכען טראך. דיא באָמבע האט געפלאצט און האט צושלאגען דיא פאָרדערסטע רעדער פון דער קארעטע.

אייניגע שטיקער פון דער באָמבע זיינען געפלויגען גאנץ וויים. לעבען א נאַ־קעטער וואנד אויפ'ן עקאטערינאווסקי פראספעקט איז געשטאנען א בעקער איינגעל מיט א קארב ברויט. א שטיק פון דער באָמבע האט איהם געטראפען אין לייב. ער איז געפאלען בעוואוסטלאָז.

אנאנדער שטיק באָמבע האט געטראפען א קאזאק פון'ם קאנוואי, וועלכער

איז געשטאַנען פון דער אנדערער זייט קאַרעטע און ער איז געפאַלען טויט אויפ'ן אָרט.

דעם קייסער אבער האט זיא ניט געשאַדעט. ער האט נור געפיהלט א שטאַרקען זעץ אין פוס.

דוואָרזשיצקי האט אויסגעדרעהט זיין פערד, האט זיך אנגעבויגען און האט אנגעכאַפט דעם מאַן ביים קראַגען.

דעם קייסערס קאַנוואָי האט פערגעסען אן דער פרוי און איז צוגעלאַפען צו דער קאַרעטע, וואו דוואָרזשיצקי האט געהאַלטען פעסט דעם מאַן, וואס האט געוואָרפען דיא באָמבע.

עס זיינען צוגעלאַפען פיעלע מענשען. מען האט געוואָלט צורייסען דעם מאַן אויף שטיקער.

אונטערדעסען איז דער קייסער געקומען צו זיך פון'ם ערשטען שרעק. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער האַלב צובראָכענער קאַרעטע. האט זיך ווילד אומגעקוקט, גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט איבערצייגען, אויב ער לעבט נאָך, אויב ער איז ניט פערוואונדעט.

— שענדליך! שרעקליך! האט געשטאַמעלט דער קייסער, ווען ער האט דער־זעהן דעם טויטען קאַזאַק. שענדליך צו פערגיעסען אונשולדיגע בלוט.

— איז אייער מאַיעסטעט ניט פערוואונדעט? האט דער פּאָלקאָווניק סטעפּאַ־נאָוו געפרעגט.

— ניין. גאָט האט מיך בעשיצט! האט דער קייסער אויסגערופען.

אין דיעזע מינוט איז דער קוטשער אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאַרעטע און האט אנגעהויבען צו בעטען:

— באַטיושקאַ! זעצט אייך רייטענדיג אויף א פערד און פאָהרט אהיים. דיא מענגע ווערט אלע מאָל גרעסער. מען קען ניט וויסען, וואס פאַר א מענשען עס גע־פינען זיך צווישען זיי.

— גאָט ועט מיך ניט פערלאָזען, האט ער געענטפערט רוהיג. איך מוז זעהן, ווער עס האט מיך געוואָלט טויטען.

ער איז צוגעגאַנגען צו דוואָרזשיצקי און האט איהם געפרעגט:

— ביסט דוא ניט פערוואונדעט?

— אה, ניין, קייזערליכע מאַיעסטעט! איך בין גליקליך, וואס איך זעה אייך פריש און געזונד.

— גאָט זיי דאנק! דיא געפאַהר איז פאַראיבער.

דער מאַן, וועלכען דוואָרזשיצקי האט נאָך אַלץ געהאַלטען פעסט ביים קראַגען, האט יעצט אנגעהויבען צו לאַכען מיט א ווילדען, ביטערן געלעכטער:

— דוא האסט נאָך ניט וואס צו דאַנקען גאָט. דיא געפאַהר איז נאָך ניט פאַראיבער האט ער געזאָגט.

— ווער ביסט דוא? האט דער קייסער אויסגערופען. וואס האב איך דיר גע־טהאָן, וואס דוא האסט מיך געוואָלט טויטען?

— דוא קענסט מיך, אלעקסאנדער ניקאלאיעוויטש, האט דער מאן אויסגע־רופען. — איך בין באיאנאָווסקי!

אלעקסאנדער איז געווארען בלייך און האט א ציטער געטהאן.

— מאַיעסטעט! האט דווארזשיצקי געבעטען, זעצט אייך אויף רייטענדיג אויף מיין פערד און פאהרט אהיים.

— פאהר אהיים, באטיושקא! האט סטעפאַנאָוו געבעטען.

אלעקסאנדער האט זיך אומגעקעהרט צו דער קארעטע זעהן, אויב ער קען ניט פאהרען אהיים אין דער קארעטע.

אין דיעזע מינוט האט זיך רוסאקאָוו דורכגעשטופט דורך דיא מעננע און האט א ווארף געטהאן דיא צווייטע באָמבע.

זיא האט אויסגעזעהן, וויא א גרויס שאכטעל פארדעלען. קיינער וואלט ניט געגלויבט, אז אין אזא קליינער שאכטעל זאל ליעגען אזא טויטענדע קראפט.

עס האט געגעבען א שרעקליכען טראך, אז דיא ווענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן און דיא שויבען אין דיא הייזער ארום האבען אנגעהויבען צו קלינגען.

א רויטער פייער האט זיך געוויעזען און א שווארצער, שטיקענדער רויך האט פערדעקט דיא גאנצע שרעקליכע סצענע.

אלע אנוועזענדע זיינען געווארען בלייך און האבען ארויסגעלאזען א שרעקלי־כעס. אך!

ווען דער רויך האט זיך אביסעל צערשטרייט, האט מען געזעהן א שרעקליכע, שוידערהאפטע סצענע.

אלעקסאנדער דער צווייטער איז געשטאנען אזוי וויא אויף דיא קניע — אזוי האט זיך עס נור אין דער ערשטער מינוט אויסגעוויעזען. — דיא פינגער פון דער רעכטער האנד האבען פעסט ארומגענומען דאס זילבערנע הענטעל פון דיא טהירלעך פון דער קארעטע. דיא פינגער זיינען, וויא פערגליווערט געווארען אדער וויא צוגע־וואקסען געווארען צום הענטעל.

ערשט ווען מען האט זיך בעסער צוגעקוקט, האט מען דערזעהן, וואס עס איז געשעהן. אלעקסאנדער'סביידע פיס זיינען געווען אפגעריסען פון'ם קערפער. איין האנד האט געפעהלט. פון'ם קאפ האט זיך געגאסען בלוט און איין אויג איז ארויס־געריסען געווארען פון איהר ארט און איז אראפגעהאנגען אויף דער באק.

— דער קייסער איז ערמאָרדעט! האט דווארזשיצקי אויסגערופען ניט מיט זיין קול. — האפט דעם מערדער!

ער איז צוגעלאפען צום קייסער. אלעקסאנדער דער צווייטער איז אומגעפאלען און איז געבליעבען הענגען אן דעם טהירעל פון דער קארעטע.

— קייזערליכע מאַיעסטעט! האט דווארזשיצקי געשריען.

— או־וועדי מעניא! (פיהר מיך אוועק!) האבען נאך אלעקסאנדערס ליפען געמורמעלט.

— דראָשקא! קארעטא! האט דווארזשיצקי געבעטען.

— חאָלאָדנאָ! חאָלאָדנאָ! (עס איז מיר קאלט!) האט נאך געזאגט אלעק־סאנדער דער צווייטער.

סטעפאנאוו, דער פאלקאָווניק פון קאנוואָי, האט זיך יעצט איינגעבויגען און האט אפגעריסען דעם קייסערס הענד פוּ'ם טהירעל פון דער קארעטע.

— ער שטאַרבט! מיר מוזען איהם אריינטראגען אין דאס ערשטע הויז, האט ער געזאגט צו דווארזשיצקי.

— אין — מיין — פאלאץ — דארט — שטארבען, — האט אלעקסאנדער נאך קוים ארויסגעהויכט.

דאס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. מעהר האט ער שוין ניט גערעדט.

באלד איז צוגעקומען א קארעטע. סטעפאנאָוו און דווארזשיצקי האבען קוים אריינגעלעגט דעם אונגליקליכען קייסער אין קארעטע און האבען איהם אוועקגעפיהרט אין פאלאץ.

זיי האבען איהם געבראכט א טויטען. עס זיינען זיך באלד צונויפגעלאפען דיא גרעסטע דאקטוירים פון פעטערבורג, עס איז אבער שוין ניט געווען וועמען צו העלפען.

אויף דעם אונגליקס פלאץ זיינען געבליעבען נאך אַפּפּער פון דער צווייטער באָמבע. באיאנאָווסקי, וועלכען דער פאליצמייסטער דווארזשיצקי האט געהאלטען פעסט, ביז דיא צווייטע באָמבע האט געפלאצט, איז יעצט אויך געלעגען אויף דער ערד. — דיא באָמבע האט איהם אפגעריסען דיא פיס.

ער האט אויך ניט לאנג איבערגעלעבט דעם קייסער.

וואונדערבאר! רוסאקאָוו, דער יונגער מאן, וועלכער האט געווארפען דיא צווייטע באָמבע, איז געבליעבען לעבען. ער איז צוואר געווען פערוואונדעט אין עטליכע ערטער. פון זיינע הענד און פיס האט זיך געגאָסען בלוט.

דאס זיינען אבער געווען גאנץ לייכטע וואונדען, וועלבע האבען זיך באלד פער־היילט.

אייניגע מינוטען איז דיא מעננע געשטאַנען, וויא פערשטיינערט. דיא שרעק־ליכע סצענע האט געווירקט אויף אלעמען, וויא א דאנערשלאג. באלד אבער האט זיך דיא מעננע אויף איהם ארויפגעווארפען און האט איהם אנגעהויבען צו שלאגען.

אין דיעזע מינוט איז אנגעלאפען אן עסקאדראָן רייטער. זיי האט קאמאנדירט דער גענעראל וואנאָווסקי.

— סטאָי! האט ער געשריען צו דער מעננע. נע טראָגאַט! (ניט אנריהרען!).

ער האט געהייסען זיינעם אן אפיציער איהם נעהמען אויף א דראָשקע און אוועקפיהרען אין פעטראפּאוולאָווסקי קרעפּאסט.

קוים האט מען איהם אויפגעזעצט אויף דער דראשקע, האט מען געהערט פון אנאנדער זייט א געשריי:

— זעמליא אי וואָליא! (לאנד און פרייהייט!) דאַ זדראַווסטוואויעט סוואָבאָ־דאַ! (עס לעבע דיא פרייהייט!)

גענעראל וואנאָווסקי האט געוואוסט פון וואנען דיעזע געשרייען קומען און האט א שמייכעל געטהאן, גלייך וויא ער האט געוואָלט זאגען: — ווארט, קינדערליך! דיא

דיא צייט פון פרייהייט איז נאך ניט געקומען פאר רוסלאנד. איהר וועט נאך לאנג מוזען ווארטען, ביז מען וועט מעגען אין רוסלאנד פריי ארויסזאגען דאס ווארט סוואָבאָדא.

ער האט זיך געווענדעט צו זיינע הוסארען און האט קאמאנדירט:

— נאַ לעוואָ קרוגאָם — מארש!

אין א מינוט איז סאָפיא פעראָווסקאיא, זשעליאבאוו און קיבאלטשיטש געווען ארומגערינגעלט, געבונדען און מען האט זיי באלד אפגעשיקט אין פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט.

לעבען איסאקאָווסקי סאָבאָר איז געשטאנען א גרויסע מענגע מענשען. אויפ'ן אייבערשטען טרעפ, לעבען דער טהיר איז געשטאנען א מאן און האט אונגעדולדיג געקוקט אין אלע זייטען. דאס איז געווען באקונין. ער האט געווארט אויף הוגא פאן פאהלען מיט זיין שוועסטער.

ער האט זיך גענומען דיא שווערסטע ארבייט. ער האט געוואלט האלטען איינע פון זיינע פייערינגע רעדען, אין וועלכע ער האט געוואלט ערקלערן דאס פאלק, וויא אונמענשליך, טיראניש אלעקסאנדער דער צווייטער האט רעגיערט. אלס ביי־שפיעל האט ער געוואלט וויזען יעליסאוועטא פאן פאהלען און איהר זון וולאדימיר.

ער האט געוואלט, אז הוגא זאל דערצעהלען זייער טרויעריגע געשיכטע. דאן וועט ער אויפפייערן דאס פאלק צו איינער רעוואלוציאן געגען דיא פאמיליע ראָמאנאָוו.

ער האט אפגערעדט מיט סאָפיא פעראָווסקאיא, אז קוים וועט וועט דיא באָמבע טרעפען, זאל זיא אויפהויבען איהר ווייסע טאשענטוך אלס צייכען, אז עס איז געשעהן.

ער איז יעצט געשטאנען אויפגערעגט און פערטראכט.

— ער קומט ניט, וואהרשיינליך איז איהם עפעס געשעהן, האט ער געמור־מעלט. וואס זאל עס זיין?

פון סאָפיא פעראָווסקאיא האט ער אויך קיין צייכען ניט ערהאלטען. ער איז געווארען זעהר אונרוהיג. פלוצלונג האט זיך דיא מענגע ארום אנגעהויבען שטאַרק צו בעוועגען.

עס זיינען אנגעלאפען קאזאקען מיט נאגאיקעס און האבען צוטריעבען דאס פאלק.

— דאָמאָי! דאָמאָי! (א היים! א היים!)

זיי האבען געשלאגען מיט זייערע נאגאיקעס, וועמען זיי האבען געטראפען און וואו זיי האבען געטראפען. עס איז געווארען א שרעקליכער רעש. מענשען זיינען גע־לאפען, וויא וואהנזיניגע. יעדער האט זיך בעהאלטען אין דאס ערשטע הויז, וואו ער האט געפונען א טהיר אפען.

אין צוויי שטונדען האט פעטערבורג אויסגעוויעזען, וויא אויסגעשטארבען. אלע געשעפטען און מאגאזינען זיינען פערשפארט געווארען, אלע טהירען האבען זיך פער־שלאסען, אלע פענסטער האבען זיך פערמאכט. פאטרולען פון הוסארען און קאזאקען זיינען ארומגעלאפען אויף זייערע פערד אין דיא גאסען און האבען געטריבען יעדען א היים.

אין פעטערבורג האט געהעררשט דער קאזאק מיט זיין נאגאיקא.

ארום דעם קייזערליכען פאלאץ זיינען געשטאנען באטאליאָנען סאָלדאטען אויס־געשטעלט, וויא אויף א שלאכט פעלד. זיי האבען קיינעם ניט אריינגעלאזען אין פאלאץ.

איין קארעטע נאך דער אנדערער איז געקומען צולויפען און איז געבליעבען שטעהן פאר דיעזע לעבעדיגע וואנד.

דאס זיינען אנגעקומען דיא מיניסטאָרען, גענעראלען און אלע הויכע בעאמטע אלכסנדרס II. זיי האבען געמוזט בלייבען שטעהן פאר דיא לעבעדיגע וואנד, ארויס־געהן פון זייערע קארעטעס און מעלדען זיך ביים גענעראל וואנאָווסקי. וועמען ער האט געוואלט, האט ער אריינגעלאזען אין פאלאץ.

פלוצלונג איז געוואָרען א גערודער צווישען דיא סאָלדאטען.

— סמירנאָ! האט קאָמאנדירט גענעראל וואנאָווסקי און איז ארויסגעפאהרען אין פראָנט.

פון דער וויטען האט זיך געוויעזען אן אפענע קארעטע. אין איהר איז געזעסען נור איין מענש — אלכסנדר דער דריטער.

דיא סאָלדאטען האבען זיך אויסגעשטעלט גלייך. גענעראל וואנאָווסקי האט איהם אפגעגעבען דיא עהרע, וואס קומט א קייסער.

— לעבט ער נאך? האט אלכסנדר דער דריטער א פרעג געטהאן גאנץ שטיל.

גענעראל וואנאָווסקי האט א שאָקעל געטהאן מיט׳ן קאָפ.

אלכסנדר דער דריטער איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און איז ארויפ־געלאפען אויף דיא ברייטע טרעפ פון׳ם פאלאץ.

אלכסנדר דער צווייטער האט נאך געלעבט. אזוי וועניגסטענס האבען דיא דאָקטוירים געזאגט.

ער איז געלעגען אויף דאס ערסטע בעט, וואס מען האט געקענט קריע-ען אי׳ פאלאץ. עס איז קיין צייט ניט געוועזען איהם אריינצוטראָגען אין זיין שלאָף־צימער.

פאר זיין בעט איז געשטאנען דער אלטער מאקסים אויף דיא קניע און האט געוויינט.

— איך האב געוואוסט, אז עס וועט זיך אזוי ענדיגען, האט ער געחליפעט.

אייניגע מינוטען שפעטער האט דער האף־מיניסטער געהייסען ארויפלאָזען דיא גרויסע קייזערליכע פאהן, וועלכע האט געוועהט הויך אויפ׳ן פאלאץ, אויף האלב מאסט. דאס הייסט, זיא איז געהאנגען ניט אין דער הויך אויפ׳ן דראנג, זאנדערן אין דער מיטען.

דאס איז געוועזען א צייכען, אז אלעס איז אויס. אלכסנדר דער צווייטער איז טויט.

וועז דיא סאָלדאטען און אלע מענשען, וועלכע האבען זיך צו ביסלעכוויים פערזאמעלט ארום פאלאץ, האבען דערזעהן דעם צייכען, האבען זיי אלע אראָפגענומען זייערע היטלען און האבען זיך איבערגעקרייצט.

באלד האט זיך געעפענט א גרויסע טהיר אויפ׳ן באלקאן פון׳ם ערשטען עטאזש. א הויכע, שטארקע און ברייטע געשטאלט איז ארויסגעגאנגען אויפ׳ן באלקאן.

— דער נייער קייסער! האט אויסגערופען איינער.

— דער נייער קייסער! האט געברומט דיא מעננע.

גענעראל וואנאווסקי האט געגעבען א צייכען. דיא גאנצע ארמעע האט אנגע־הויבען צו זינגען מיט איין קול: — באָזשע צאַריא כראַני! (גאָט בעוואהרע דען קייזער!)

אלכסנדר דער דריטער האט נעווארפען א שטאָלצען בליק אויף דיא מעננע. דאס זיינען זיינע סאָלדאטען, זיינע אונטערטהאנען. ער איז דער אליין הערשער פון אלע רוסען!

אזוי איז ער געשטאנען אפּאָר מינוט. דאן האט ער גאנץ לייכט א נייג געטהאן מיט'ן קאָפּ און איז אריין צוריק אין פּאַלאַץ. דיא טהיר האט זיך פערשלאסען הינ־טער איהם.

דאס טרויער שפּיעל האט זיך געענדיגט, דער פאַרהאַנג איז אראפּגעפאַלען. יעצט זיינען דיא אקטערע געלאָפען צו דער קאָסא פאָרדערן זייער בעלוינונג.

— — — — — — — — — — — — — — —

איינזאם און טרויעריג האט עס אויסגעוויזען אין פּאַלאַץ פון׳ם גראַספירסט קאָנסטאנטין דעם ערשטען מערץ אין דער פריה.

דער גראַספירסט האט דיא גאנצע נאכט ניט געשלאפען. ער האט א גאנצע נאכט נעטראכט איבער דעם, וואס האט פּאסירט מיט זיין זוהן און מיט זיין געליעב־טער. דיא סצענען, וואס האבען זיך אפּגעשפּיעלט פאַריגען אָבענד, זיינען איהם פּאָרגעקומען, וויא א שרעקליכער טרוים.

עס איז געוועזען ניין אוהר אין דער פריה, ווען וויערא איז אריינגעקומען אין זיין שלאָף־צימער. זיא האט אויך צוגעבראכט זעהר אן אונרוהיגע נאכט. ביז אין דער פריה האט זיא קיין אויג ניט צוגעמאכט. פאר איהר זיינען געשטאנען דיא טרויעריגע און פערצווייפעלטע געזיכטער פון וולאדימיר'ן און זיין מוטער.

— ווען וועט שוין נעהמען אן ענדע צו זייערע ליידען? האט זיא אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן. — מיט וואס האבען דיעזע צוויי מענשען זיך אזוי שווער פערזינדיגט, וואס זיי האבען קיין רוה ניט און מען טרייבט זיי און יאָגט זיי פון איין ארט אויפ'ן אנדערן? — וואס וועט זיין דאס ענדע פון׳ם אונגליקליכען וולאדימיר און זיין מוטער?

דיעזע טרויעריגע געדאנקען האבען זיא ניט געלאזען שלאפען א גאנצע נאכט. זיא האט קוים דערלעבט, דיא אוהר זאל שלאגען ניין, דיא צייט, ווען דער גראַספירסט פלעגט געוועהנליך אויפשטעהן. זיא איז אריינגעקומען צו איהר פאָטער אין שלאָף־צימער און האט איהם געפונען זיצען פאר זיין שרייב־טיש, דעם קאָפּ אראפּגעלאזען, פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

ער האט געהאט וואס צו טראכטען. דיא שווערע האנד פון א טיראן האט צערשטערט זיין ליעבע, זיין גליק און האט פערגיפטעט זיין גאנצעס לעבען.

וויערא איז צוגעגאנגען צו איהם שטילערהייט און האט איהם א קוש געטהאן איןביידע באקען.

— פאָטער, היינט איז דער געבורטס טאָג פון דער גראַספירסטין עקאטערינא מיכאילאָוונא. האט זיא איהם געזאגט. וועסט דוא פאהרען איהר ווינשען גליק?

— ניין, מאַכטער, האָט דער גראַספּירסט געענטפערט. דוּא ווייסט דאָך, אַז איך פאָהר אין דער לעצטער צייט אין ערגעץ ניט.

— ווענסט דוּא אָבער היינט פאָהרען צום קייסער פרעגען און אויפקלערונג איבער דיא נעכטיגע אַרעסטען? האָט וויערא ווייטער געפרעגט.

— יאָ, מיין קינד. אום איינס אוהר וועל איך פאָהרען צום קייסער. איך וויל ביי איהם בעטען, ער זאָל דאָך אנערקענען וולאַדימירן אַלס רוסישער פרינץ און זאָל איהם געבען ערגעץ אַ שטעלע אין דער אַרמעע, ניט אין פּעטערבורג, זאָנדערן ערגעץ ווייט אין דער פּראָווינץ.

— דיא נעכטיגע סצענע האָט מיך שרעקליך איבעררַאשט, האָט וויערא געזאָגט, וויא צו זיך אַליין. — אַשינאָוו איז געוואָרען אַזוי פרעך און אַזוי אונפערשעהמט, אַז עס איז שוין גאָר ניט פון איהם אויסצוהאַלטען. איך האָב איהם נעכטען געזאָגט, ווער איך בין און ער האָט אַזוי שטאָלץ געענטפערט: איך ווייס, איך ווייס! — עס וואָלט שוין צייט געווען, אַז דער שעף פון דער רוסישער געהיים-פּאָליציי זאָל זיין אַן אַנשטענדיגער מענש און ניט אַזאַ טוינעניכטס, וויא אַשינאָוו.

— עס איז אומזיסט, ליעבע טאָכטער, האָט דער גראַספּירסט געענטפערט, דער קייסער האָט צו איהם פאַלעס צוטרויען. איך וועל געגען איהם גאָר ניט קענען טהאָן.

אַזוי האָבען זיי אוועקגערעדט אַ געוויסע צייט. עס איז געוואָרען שפּעט. דער קאַמערדיענער איז עטליכע מאָל אריינגעקומען און האָט געפרעגט, אויב דער גראַספּירסט וויל זיך אַנטהאָן. דער גראַספּירסט האָט איהם ניט געענטפערט.

פּלוצלונג האָט מען דערהערט אַ זאָנדערבאַרען ליאַרם אויף דער גאַס. דער גראַספּירסט האָט אַנגעקלונגען און האָט געפרעגט דעם קאַמער-דיענער:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ליאַרם אין דרויסען?

— איך ווייס ניט, האָט דער קאַמערדיענער געענטפערט.

— געה, זעה, וואָס דאָרט איז.

קוים איז דער קאַמערדיענער אַרויסגעגאַנגען, איז אַנגעלאָפען פירסט וואַסילטשיקאָוו, איינער פון'ם גראַספּירסט'ס בעסטע פריינד. ער איז געווען בלייך און שרעקליך אויפגערעגט. ער האָט ניט געוואַרט, ביז מען וועט איהם מעלדען, און איז גלייך אריינגעגאַנגען צו איהם אין קאַבינעט.

דער גראַספּירסט קאָנסטאַנטין האָט זיך דערשראָקען, ווען ער האָט איהם דערזעהן.

— וואָס איז געשעהן, ניקאָלאַי באָריסאָוויטש? האָט ער געפרעגט דערשראָקען.

— אַ גראָסעס אונגליק, האָט פירסט וואַסילטשיקאָוו געענטפערט.

— אַן אונגליק? — אַ גראָסעס אונגליק? — זאָגט, וואָס איז געשעהן?

— דער קייסער — דיא ניהיליסטען — אַ באָמבע — האָט פירסט וואַסילטשיקאָוו קוים אַרויסגערעדט.

— דער גראַספּירסט קאָנסטאַנטין איז אויפגעשפּרונגען וויא אַן אָפּגעבריהטער.

— זאָג, פריינד! לעבט נאָך מיין ברודער? האט ער אויסגעשריען ניט מיט זיין קול.

— איך ווייס ניט, האט פירסט וואסילטשיקאָוו געענטפערט גאנץ שטיל.

גראָספירסט קאָנסטאנטין האט אנגעהויבען צו קלינגען, וויא א וואהנזיניגער. אלע זיינע דיענער און דיא פרינצעסין וויערא זיינען באלד געקומען צו לויפען.

— איינשפאנען דיא קארעטע! — מיך אנטהאן! זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וואס ער האט געקענט ארויסזאָגען.

פרינצעסין וויערא איז געוואָרען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— פאָטער! וואָס איז געשעהן? האט זיא אויסגערופען איין מאָל נאכ'ן אנדערן.

— איך מוז פאהרען צו מיין ברודער! איך מוז פאהרען צום קייסער! האט דער גראספירסט געשריען אוימער זיך! — עס איז געשעהן אן אונגליק! — מיין ברודער איז ערמאָרדעט!

אין איינינע מינוטען ארום איז ער געפלויגען צום קייזערליכען פאלאץ. אויפ'ן וועג האט ער בעגעגענט פאטרולען פון סאלדאטען אויף פערד. ער האט זיך אבער ניט געוואלט אפשטעלען און פרעגען, וואס דער קייסער מאכט.

— פארווערטס! פאָרווערטס! (וופעריאָד!) האט ער געשריען צו זיין קוטשער.

דיא קארעטע איז צוגעקומען צום פאלאץ. דער גראספירסט איז ארויפגעלאָפען אויף דיא גרויסע טרעפ און איז אריינגעקומען אין ערשטען גרויסען צימער. — איהם האט זיך פארגעשטעלט דאס שרעקליכע בילד פון דער וואהרהייט.

ער האט ניט געקענט צוגעהן צום בעט, וואו דער קייסער איז געלעגען, ווייל אין דער צייט האבען דיא דאקטוירים, אבערמיללער און גארדער נאך פראבירט ארומצואוויקלען דעם קייסערס פיס מיט גומי באנד, דאס בלוט זאל לויפען צום הארצען.

זיי האבען געוואוסט, אז ער קען ניט לעבען, זיי האבען אבער געהאפט, אז עס וועט זיי געלינגען, ער זאל נאך עפעס רעדען, זאל נאך מאכען איינינע פעראָרדענונגען און זאל נאך ארויסזאגען זיין לעצטען ווילען.

ליידער, זיינען אלע זייערע בעמיהונגען געווען אומזיסט. דיא באָמבע האט גוט געטראפען און האט צערשמעטערט אלע צום לעבען נעטהיגע ארגאנע פון'ם קערפער.

גראספירסט קאנסטאנטין איז געשטאנען פאר דעם צוריסענעם און צובראָ־כענעם קערפער פון זיין ברודער, וויא פערשטיינערט. דיא דאקטוירים האבען איהם ניט צוגעלאזען נעהנטער.

— איז נאך דא האפנונג? האט ער קוים ארויסגעהויבט צום דאקטאר אבער מיללער, ווען ער איז גענאנגען נעהמען עפעס אן אינסטרומענט פון זיין גרויסען כירור־גישען טאש.

דער דאקטאר האט ניט געענטפערט. ער האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן. זיין קונסט האט דא אויפגעהערט.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען אלעקסאנדער דער דריטער. ער איז געווען שטרענג און פינסטער, וויא א שרעקליכע נאוועמבער נאכט. ער האט צו קיינעם ניט

נערעדט, האט זיך צו קיינעם ניט געווענדעט און האט קיינעם ניט געפרעגט. ער האט געווארפען א שנעלען בליק אויפ'ן טויטען קערפער פון זיין פאטער.

דיא דאקטוירים האבען געמאכט פאר איהם פלאץ. ער איז אבער ניט צוגעגאנגען נאהענט פוּם בעט. פראפעסאר גארדער, וועלכער איז געשטאנען אויף דיא קניע אין דער זייט, וואו אלעקסאנדער דעם צווייטענס קאפּ איז געלעגען, האט זיך באלד אויפגעהויבען און האט געזאגט ערנסט און טרויעריג:

— אלעס איז אויס!

דער גראספירסט קאנסטאנטין איז געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגע־הויבען צו וויינען אין דער הויך. דער נאסליעדניק האט ארויסגענומען זיין טאשענטוך און האט זיך פערדעקט דאס געזיכט. קיינער האט ניט געזעהן, וואס פאר א מינע ער האט געמאכט אונטער זיין טאשענטוך.

איינינע מינוטען האט מען אין זאל געהערט נור דאס הויכע וויינען פוּ'ם גראס־פירסט קאנסטאנטין און דאס שטילע חליפען פוּ'ם אלטען דיענער, מאקסים. גראף וואראנצאוו־דאשקאוו, דער האף מיניסטער, איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט אונטערבראכען דאס שרעקליכע שווייגען.

— רוסלאנדס נייער קייסער, האט ער געזאגט, דארף זיך ווייזען פארן פאלק. עס איז שוין אזוי איינגעפיהרט פון אלטע צייטען, אז דער נייער קייסער זאל ארויס־געהן אויפ'ן באלקאן פוּ'ם קייזערליכען פאלאץ, דאס פאלק און דיא ארמעע זאלען איהם בעגריסען.

— גענעראל וואנאוופקי האט געהייסען צוטרייבען דאס פאלק, האט בעמערקט דער קריעגס מיניסטער, גראף מיליוטין. דיא איינוואינער פון פעטערבורג זיינען, וויא ארעסטירט אין זייערע הייזער.

— גראף! האט איהם געזאגט אלעקסאנדער דער דריטער שטרענג, הייסט צוריקרופען אלע פאטרולען. לאזען דיא איינוואינער פון פעטערבורג ארומגעהן פריי אין דיא גאסען!

דאס איז געווען זיין ערשטער בעפעהל אלס קייסער פון רוסלאנד.

גראף מיליוטין איז ארויסגעגאנגען געבען דעם בעפעהל דעם גענעראל וואנאוופסקי, אז דאס מיליטער זאל צוריקגעהן אין זייערע קאזארמעס און דיא גאסען זאלען ווידער זיין פריי.

אלעקסאנדער דער דריטער האט זיך געוויעזען אויפ'ן באלקאן. ער האט געקוקט פון אלע זייטען און האט געזעהן נור סאלדאטען. בירגער, איינוואינער, זיינען געווען זעהר ווענינ. אויף זיין געזיכט האט זיך ווידער געוויעזען דער פינסטערער וואלקען, וועלכען מיר האבען געזעהן אויף איהם, ווען ער איז געפאהרען איבער דיא גאסען פון פעטערבורג. — הערשען אויף שטיינער און לעדיגע אסען איז ניט אזוי אנגענעהם. א קייזערטהום קען ניט בעשטעהן פון סאלדאטען אליין. מען מוז האבען בירגער אויך.

ער האט זיך דאהער זעהר ליכט פערנייגט פאר דיא סאלדאטען און איז באלד צוריק אריין אין זאל.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט זיך אינדעסען אויפגעהויבען פון זיי ברו־

דערס טויטען בעט און איז געשטאנען אין א זייט, ווי א מראמארנע זייל.

דער נייער קייסער איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געזאגט ערנסט און פינסטער:

— זעהסט דוא, אנקעל? דוא האסט שטענדיג געראטהען, אז מען זאל בעהאנדלען דאס פאלק גוט און מילד. דו ביסט שטענדיג געוועזען דער פערטהיידינגער פון דיא ניהיליסטען. - יעצט זעה, וואס זיי האבען געטהאן. אורטהייל דוא אליין, וויא זאל מען ווייטער בעהעררשען דיעזעס ווילדע פאלק?

— פריינדליך און מענשליך, האט דער גראספירסט געענטפערט.

— ניין! האט אלעקסאנדער דער דריטער אויסגערופען שטרענג.— ניין! דאס איז געוועזען דער פעהלער פון מיין פערשטארבענעם פאטער. ער איז געוועזען א גוטער מענש און א וויכער, מילדער הערשער. —

ניין! איך וויל אנדערש בעהעררשען מיין פאלק. עס איז נאך ניט ווערטה, אז מען זאל עס בעהאנדלען, וויא מענשען; עס איז נאך ניט ווערטה, אז מען זאל איהם געבען פרייהייטען; עס איז ניט ווערטה, אז מען זאל זיין גוט און מילד געגען איהם.

ניין! מיט דעם קנוט מוז מען בעהעררשען דאס רוסישע פאלק. אין טייכען פון בלוט מוז מען דערטרענקען דיא געדאנקען פון פרייהייט, וועלכע מען האט אונז אריינגעשמוגעלט פון אויסלאנד.

איך וויל ניט ציטערן בעשטענדיג פאר דיא ניהיליסטען, וויא מיין פאטער. איך וויל האבען רוהע. איך וויל זיכער זיין.

ראכע און שטראפע! מוזען זיין דיא ערשטע ווערטער, מיט וועלכע איך וועל ארויפטרעטען אויפ'ן רוסישען קייזער טראָהן.— ראכע און שטראפע אלעמען, וועלכע האבען דעם קלענסטען פעהלער געגען דיא מאכט פון'ם רוסישען הערשער! — ראכע און שטראפע יעדען, וואר עס האט נור געדאכט פון פרייהייט אדער פון אנאנדער ארט רעגיערונג אין רוסלאנד.— ראכע און שטראפע יעדען, וואר עס דענקט נור פון אנאנדערע, פרייערע רעגיערונג.

איך וועל מאכען א שטרענגע רעוויזיאן אין אלע צווייגען און דעפּארטאמענטע פון דער רעגיערונג און וועל קיינעם ניט שוינען. וועמען איך וועל געפינען פאר שולדיג, דעם וועל איך בעשטראפען שטרענג און הארט, אז זיי זאלען האבען מיך צו געדענקען.

איך מוז צוברעכען דעם געהיים בונד פון דיא ניהיליסטען און איהם פערניכטען, אז עס זאל פון איהם קיין שפּור ניט בלייבען. איך וועל צוריקברענגען אין רוסלאנד דיא גוטע אלטע צייטען, ווען דעם קייסערס ווארט איז געוועזען הייליג, וויא דאס ווארט פון גאָט.

מיט פייער און מיט אייזען וועל איך הערשען איבער רוסלאנד!

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט אויסגעהערט זיין לאנגע און פייערינע רעדע גאנץ אויפמערקזאם. דאן האט ער טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— מיין ליעבער נעפע (פּלעמיאניק) ערלויב מיר, איך זאל נאך דערווייל רעדען צו דיר הײמיש און פערטרויליך, וויא אן אנקעל רעדט צו זיינעם א נעפע. אין א

שטונדע ארום וועל איך מיך מוזען ביינען פאר זיינע קייזערליכע מאיעסטעט און הערן פון איהם נור בעפעהלע.

אלעקסאנדער! דיעזע מינוטע איז איינע פון דיא וויכטיגסטע אין דיין לעבען. איך וויל בענוצען דיעזע מינוטע אום דיך צו ווארנען און דיר צו ראטהען.

געה ניט, אלעקסאנדער, אויף דיא וועגען, וואס דוא ווילסט געהן. הערשען איבער מענשען קען מען נור דורך פריינדליכקייט און מילדע. נור דיא ליעבע פון'ם פאלק מאכט דעם הערשער זיכער.

איבערלעג יעדען שריט, וואס דוא טהוסט. פערגעס ניט, אז דורך ראכע און שטראפען וועסט דוא דיר מאכען פיינד, וועלכע האבען היינט געוויזען, וואס זיי קענען —

— גענוג! האט איהם אונטערבראכען אלעקסאנדער דער דריטער. איך דארף קיינע לעהרער און קיינע ראטה געבער! איך וויים שוין, וויא אזוי צו בעהערשען מיין פאלק. איך האב פאר מיר גוטע ביישפיעלע פון דער רוסישער געשיכטע: מיין עלטער-עלטער זיידע איוואן גראָזני און מיין זיידע ניקאָלאי I וועלען זיין מיינע וועג-ווייזער און מיינע פיהרער! — איך וויל געהן אויף מיין אייגענעם וועג און וועל קיינעם ניט פרעגען.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט טרויעריג אנגעבויגען דעם קאָפּ.

— איך האב עס געהאלטען פיר מיין פפליכט דיך צו ווארנען, האט ער גע-זאגט שטילערהייט.

ער האט זיך פערטראכט א פּאָר אויגענבליקע און האט זיך געווענדעט צום נייען קייסער.

— יעצט בין איך אייער אונטערטהאן און בין בערייט צו עמפפאנגען בעפעהלע פון אייער קייזערליכע מאיעסטעט.

אלכסנדר דער דריטער האט גאנץ לייכט א נייג געטהאן מיט'ן קאָפּ, אלס צייכען, אז ער איז יעצט אליין-הערשער און אלע מוזען איהם פאלגען.

— קום א היים, פּאָטער! האט אין דיעזע מינוטע א גאנץ שטילע שטימע געזאגט צום גראָספירסט.

ער האט זיך אומגעקוקט. — לעבען איהם איז געשטאנען זיין טאָכטער, וויערא. זיא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען אין דער היים און איז געקומען צו פאהרען זעהן, וואס איהר אנקעל מאכט.

זיא איז געקומען צו שפעט. דיא דאָקטוירים האבען שוין ערקלערט, אז אלכסנדר דער צווייטער איז טוידט. זיא האט קוים אויסגעפונען איהר פאטער און האט געהערט אלעס וואס איז פאָרגעקומען צווישען איהר פאטער און דעם נייעם קייסער.

זיא איז געווען גוט בעקאנט מיט דעם כאראקטער פון'ם נייעם קייסער און האט געוואוסט, אז צווישען איהם און איהר פאטער קען קיינע פריינדשאפט זיין, אז דיעזע צוויי מענשען זיינען וויים איינער פון'ם אנדערן, וויא דער הימעל פון דער ערד און זיא האט ניט געוואלט, אז דיעזע ביידע מענשען זאלען לאנג רעדען צווישען זיך.

— קום אהיים, פאָטער, האט זיא געבעטען נאך אמאל, מיר האבען דא מעהר ניט וואס צו טהאן.

— וויערא, דוא ביסט עס? — וויא קומסט דוא אהער? האט דער גראָס-פירסט געפרעגט.

— קום א היים, האט זיא ווייטער געבעטען און האט איהם ניט געענטפערט אויף זיינע פראגען.

אלכסנדר דער דריטער האט עס בעמערקט און האט געווארפען אויף ביידען א פינסטערן בליק. ער איז געווען בעריים ארויסצוזאָגען עפּעס א שטרענג וואָרט, ווען גראף וואָראָנצאָוו-דאשקאָוו, דער האף-מיניסטער איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געפרעגט:

— וויל אייער קייזערליכע מאיעסטעט מיר ערטהיילען זיינע בעפעהלע?

— גוט, וואס דוא האסט מיך דערמאנט, וואראנצאוו! האט דער נייער קייסער געענטפערט. שיק מיר דעם שעף פון דער געהיים-פּאָליציי.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אוועקגעקעהרט און איז אוועקגעגאנגען אין קייסערס קאבינעט. קיין פריינדליכעס ווארט, קיין פריינדליכען בליק האט ער ניט געהאט פאר'ן גראָספירסט קאָנסטאנטין מיט זיין טאָכטער.

דער גרויסער זאל, וואו דער טוידטער קייסער איז געלעגען, האט אנגעהויבען צו ווערן לעדיג, איינער נאכ'ן אנדערן זיינען ארויסגעגאנגען דיא בעאמטע און מיניס-טאָרען. — פון'ם טוידטען קענען זיי שוין מעהר גאר ניט ערווארטען. מיט אלכסנדר דעם צווייטען איז אפּגעשטאָרבען זיין סיסטעם צו רעגיערען. עס איז אויפגעגאנגען א נייע זון. — אנדערע פּייגעל — אנדערע ליעדער.

יעצט מוז יעדער געהן א היים טראכטען און זוכען מיטעל, וויא אזוי זיך צו צושמייכלען צום נייעם קייסער.

שטיל, לעדיג און טרויעריג איז געווארען אין טוידטען צימער. דער גראָספירסט קאָנסטאנטין און דיא פּרינצעסין וויערא זיינען געווען דיא לעצטע, וואס האבען פערלאזען דאס צימער. וויערא האט געוואָלט נאך אמאל זעהן איהר אנקעל, וועלכער פלעגט אפט ברענגען איהר פּרעזענטען און שפּיעלען מיט איהר. דער גראָספירסט האט זיא ניט צוגעלאזען. ער האט ניט געוואָלט, אז זיא זאל זעהן דאס שרעקליך צוריסענע געזיכט.

— דאס איז געבליעבען פון'ם הערשער פון א האלבער וועלט, האט ער גע-זאגט טרויעריג — אביסעל ערד, וועלכעס מען וועט אמאל אויסמישען מיט וואסער, מאכען דערפון לעהם און פערשמיערן א וואנד.

טרויעריג, דעם קאפּ אראפּגעלאזען, מיט פערוויינטע אויגען איז ער מיט דער פּרינצעסין ענדליך אויך ארויסגעגאנגען פון טוידטען צימער, אין וועלכען עס איז יעצט געבליעבען נור איין טרייער מענש, דער אלטער מאקסים.

ער איז נאך אלץ געשטאנען אויף דיא קניע אין א ווינקעלע און האט זיך געקרייצט.

— איך האב געוואוסט, אז עס וועט זיך אזוי ענדיגען, האבען זיינע ליפּען

געמורמעלט. ער איז געווען א גוטער מענש, אבער א שוואכער כאראקטער. ער האט ניט געוואוסט, וויא אזוי צו רעגירען.

## 54טעס קאפיטעל.

## דער טיגער וועיזט זיינע שארפע נעגעל.

דער ערשטער מערץ איז ענדליך פאראיבער. א נאסע און קאלטע נאכט איז געקומען און האט פערנומען זיין פלאץ. דער פעטערבורגער הימעל האט זיך פערדעקט מיט שווארצע וואלקען. דער ווינד האט געפייפט און געהיילט אין דיא לעדיגע גאסען.

מען האט געזעהן זעהר ווייניג מענשען אין דיא גאסען. צוואר האט גענעראל וואנאוואסקי צוריקגערופען דיא פאטרולען און דיא סאלדאטען זיינען זיך צוריקגעגאנגען אין זייערע קאזארמעס. צוואר האט מען געגעבען א בעפעהל צו אלע גאראדאוואיעס (פאליסלייט) און דוואָרניקעס (הויזקיפּערס) אז זיי זאלען ערקלערען דיא איינוואוינער, אז יעדער מעג געהן אין דיא גאסען, מען וועט קיינעם ניט שטערן — מען האט דאך געקענט זעהן דיעזען אבענד זעהר ווייניג מענשען אין דיא גאסען פון פעטערבורג.

דיא דינאמיט באָמבעס לעבען עקאטערינענסקי קאנאל און דיא גרויסע מאסען מיליטער, וועלכע האבען דעם גאנצען טאג געהאלטען פעטערבורג אין א בעלאגערונגס צושטאנד, האבען אזוי איינגעשראקען דיא רוהיגע איינוואוינער, אז קיינער האט ניט געוואגט ארויסצוגעהן אויף דער גאס. יעדער האט זיך געלעגט שלאפען פאר פריה; יעדער האט געציטערט, אז אט, אט וועט מען איהם אויפוועקען פון'ם שלאף מיט דיא שרעקליכע ווערטער:

— וואָ אימיא זאקאָנא! אים נאמען דעס געזעצעס!

און דענאך איז פעטערבורג ניט געווען גאנץ רוהיג. אין קריעגס-מיניסטעריום און אין מיניסטעריום פיר דיא אינערע אנגעלעגענהייטען (מיניסטערסטוואָ וונוטרעניך דיעל) האט עס געקאָכט און געזאטען, וויא אין א קעסעל. אדיוטאנטען זיינען געלאָפען, געקומען, געבראכט פערזיעגעלטע בריעף און זיינען ווייטער אוועקגעלאפען אויף דראשקעס אדער אויף זייערע שנעלע פערד.

דיא טעלעגראף סטאציאנען זיינען געווען פול געפאקט מיט מענשען. דיא שרייבער האבען קוים צייט געהאט אויפצונעהמען דיא מאסע טעלעגראמען. ווען מען האט זיי שוין אויפגענומען, האט מען זיי אריינגעטראגען אין א קליין צימעריל, וואו עס זיינען געזעסען צוויי צענזארען און האבען זיי דורכגעלעזען.

זעהר ווייניג פון זיי האט מען אוועקגעשיקט. מייסטענס זיינען זיי געבליעבען ביי דער צענזור.

דערפאר אבער האבען היינט געארבייט זעהר שווער דיא מיליטערישע טעלע-גראפיסטען. גענעראל וואנאווסקי האט היינט געשיקט אין יעדע טעלעגראף-סטאציאָן צוויי טעלעגראפיסטען פון דער ארמעע. זיי האט מען געמוזט אפּגעבען א בעזונדער צימער מיט בעזונדערע אפּאראטען.

דיעזע מיליטער טעלעגראפיסטען האבען היינט געארבייט זעהר שווער. זיי האבען זיך ניט אפּגערוהט קיין סעקונדע. יעדע מינוט האט אנאנדער אריוטאנט

געבראכט א טעלעגראמע. מען האט טעלעגראפירט צו יעדען גובערנאטאָר, צו יעדען גענעראל, צו יעדען קאמענדאנט פון א פעסטונג, אז יעדער זאל האלטען בערייט זיינע סאָלדאטען און קוים וועט זיך נור ערגעץ מאכען דיא קלענסטע אונרוהע, זאל מען שיעסען אויף דאס פאלק, מען זאל גאר קיינעם ניט פרעגען.

אויך אין קייזערליכען פּאלאץ (זימני דוואָרעץ) איז ניט געווען גאנץ שטיל. פאר דער זאל, וואו דער טוידטער קייסער איז געלעגען, איז געשטאנען א וואך פון צוויי אָפיציערן מיט בלויזע שווערדען. דער קארידאָר, וועלכער האט געפיהרט צו דיעזען זאל, איז געווען אפּגעשלאסען און אלע, וואס זיינען ארייגגעגאנגען און ארויס־געגאנגען, האבען געמוזט געהן דורך אנאנדערן וועג.

אלכסנדר דער דריטער איז געזעסען אין קאבינעט און האט איבערגעקוקט דיא פּאפּיערן און דאָקומענטען, וועלכע זיינען געלעגען אויף זיין פּאָטערס שרייב־טיש.

פון צייט צו צייט זיינען געקומען אדיוטאנטען און גענעראלען און האבען איהם געבראכט טעלעגראמען. ער האט געוואלט וויסען, וואס עס הערט זיך אין אנדערע שטעדט אין רוסלאנד.

אלע טעלעגראמען האבען געמעלדעט, אז אומעדום איז שטיל און רוהיג.

דיא מיטגליעדער פון׳ם געהיים־בונד אין דיא אנדערע גרויסע שטעדט אין רוסלאנד האבען ערווארטעט א סיגנאל פון פּעטערבורג. דער סיגנאל אבער איז ניט געקומען. עס איז זעהר מעגליך, אז עס איז נאך געווען א גליק פאר רוסלאנד, וואס דער סיגנאל איז ניט געקומען. — אלכסנדר דער דריטער האט זיך גוט פארבערייטעט. ווען עס זאל זיך געווען אנהויבען א רעוואָלוציאן אין א גרויסער שטאדט, וויא אדעסא, קיעוו, כארקאָוו און ווארשוי, וואלט מען זיא געווען אונטערדריקט און טייכען בלוט, טויזענדער מענשען וואלטען געווען פערלארען זייער לעבען אומזיסט.

ביי יעדע נייע טעלעגראמע, וואס דער נייער קייסער האט געעפענט און האט זיא דורכגעלעזען מיט דיא אויגען, איז זיין געזיכט געוואָרען אלץ רוהיגער.

— ווסיאָ בלאגאָפּאָלוטשנאָ! אלעס אין גוטער ארדנונג! האט ער נור וואס געלעזען א טעלעגראמע פון ווארשוי.

דיעזע טעלעגראָמע האט ער געלעזען אין דער הויך. יעדער רוסישער קייסער ווייס, אז פּוילען איז דיא שוואכע זייט פון רוסלאנד, אז דיא פּאָליאקען וועלען קיין מאָל ניט פערגעסען. אז מען האט ביי זיי אוועקגערויבט זייער פרייהייט. יעדער רוסישער קייסער ווייס, אז דיא פּאָליאקען זיינען בערייט זיך אויפצוהייבען ביי יעדער געלעגענהייט און אראָפּצו־ווארפען פון זיך דיא שווערע קייטען, אין וועלכע עקאטע־רינא II האט זיי איינגעשמיעדעט.

— ווסיאָ בלאגאָפּאָלוטשנאָ! טעלעגראפירט מיר גענעראל אלבעדינסקי, דער שטאטהאלטער (נאמיעסטניק) פון פּוילען, האט אלכסנדר דער דריטער ווייטער געזאגט צו זיך אליין, דאן איז שוין אלעס גוט. ווען פּוילען איז רוהיג, האב איך פאר דיא אנדערע פּראָווינצען ניט וואס מורא צו האבען.

באלד זיינען אנגעקומען טעלעגראמען פון דיא גרעססטע שטעדט, אז דארט איז אויך אלעס שטיל און רוהיג.

אלכסנדר דעם צווייטענס טוידט האט רוסלאנד ניט איבערראשט. מען האט זיך געריכט דארויף, מען האט עס ערוואַרטעט, מען האט איהם פאָראויסגעזעהן. דאס פאָלק האט עס בעטראכט אלס האף־אינטריגע און איז געבליעבען קאלט, גלייכגילטיג און רוהיג.

אום אויפצוהייבען אַ גאַנצעס פאלק מוז מען עס פריהער בעגייסטערן, מוז מען עס פריהער אויפרעגען, מוז מען עס ארויפברענגען ביז צו אַ פיעבער היץ. דער טוידט פון׳ם הערשער, פון׳ם טיראן מוז זיין דיא פאלגע פון דיעזער בעגייסטערונג, פון דיעזער אויפרעגונג. אזוי איז עס געווען אין ענגלאנד אין 1649, אזוי איז עס געווען אין פראנקרייך אין 1793. דאס אויפגערעגטע פאלק האט געטוידטעט דעם קעניג, ניט דער טוידט פון׳ם קעניג האט אויפגערעגט דאס פאָלק.

אויסער דעם האט דער נייער קייסער אַלעס פאראויסגעזעהן און זיך פאָרבערייטעט אויף יעדען פאל.

מיר קענען יעצט בעשטימט זאגען, אז דער טוידט פון אלכסנדר דעם צווייטען האט קיין נוצען ניט געבראכט, ניט אויף אַ האָר.

געוויס, האט מען עס ניט געקענט פאָראויסזעהן און פאראויס בערעכענען. מיר פערשטעהען נור יעצט, פאר וואס ער האט קיין נוצען ניט געבראכט. באקונין און דער געהיים־בונד זיינען געשטאנען וויט פון׳ם פאָלק. דיא פראנצויזישע רעוואָלוציאן האבען ארויסגערופען גרויסע מענער, וויא גראף מיראבאָ, לאפאיעט און אנדערע. דיא ענגלישע רעוואָלוציאָן האט ארויסגערופען דער לאנגער פארלאמענט און קראָמוועל. זיי האבען אלע געווירקט פריי און אפען און האבען בעגייסטערט דאס פאלק.

באקונין מיט׳ן געהיים־בונד האבען געווירקט אין דער שטיל, אונטער דער ערד, פון אויבען האט געפרעסט דיא אייזערנע האנד פון אלכסנדר דעם דריטען מיט זיינע ראטהגעבער, וויא פאָביעדאָנאָסצאָוו און גראף איגנאטיעוו.

— עס איז געלונגען, האט אלכסנדר דער דריטער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. זיי האבען ארויסגעשארט פון׳ם אויוון דיא געבראָטענע קאָשטאָניען און האבען זיי מיר דערלאנגט. יעצט מוז מען זיי ווייזען, אז מען טאר זיך ניט שפּיעלען מיט פייער. יעצט מוז מען אָפּהאקען דיא הענדע, וועלכע האבען געוואגט עס צו טהאן. — וואו איז אַשינאָוו? — וואָס זאַמט ער זיך אזוי לאנג?

אין דיעזע מינוט האט זיך דער שווערער פארהאנג אויפגעהויבען און דער קאמער־הערר סטראָגאָנאָוו האט זיך געוויעזען אויף דער טהיר. דער נייער קייסער האט איהם באלד בעמערקט.

— נו? וואס וועסט דוא מעלדען, סטראָגאָנאָוו? האט ער געפרעגט מיט זיין שטרענגער, הארטער שטימע.

— דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי וויל האבען דיא עהרע זיך פאָרצושטעלען פאר אייער קייזערליכע מאַיעסטעט, האט סטראגאנאוו געמעלדעט.

— פיהר איהם אריין.

אין אַ פּאָר מינוטען ארום האט זיך אַשינאָוס געשטאַלט געוויזען אויף דער טהיר.

אשינאָוו האט זיך צייט נעבטען אין גאנצען פערענדערט. זיין פרעהליכקייט, זיין מוטה און זיין שטאָלץ זיינען פערשוואונדען. זיין געזיכט איז געוואָרען געל און צונויפגעצויגען. ער איז געוואָרען זאָגאר קלענער, איינגעהויקערט און איינגעשרומפען.

שטיל, לאנגזאם, וויא א קאַץ, איז ער צוגעגאנגען צום גרויסען שרייב-טיש, וואו ער איז אזוי אפט געשטאנען שטאָלץ און מוטהיג.

ער האט זיך פערניינט ביז צו דער ערד און האט געווארט, אז דער קייסער זאל צו איהם אנהויבען צו רעדען. ער האט זאגאר ניט געוואגט אויפצוהויבען דיא אויגען.

— נו, שעף פון דער געהיים-פּאָליציי! האט אלכסנדר דער דריטער אויסגע-רופען פינסטער, אזוי האסט דוא געוואכט אויפ'ן קייסער? אזוי טריי האסט דוא געדיענט דיין קייסער? אזוי גוט האסט דוא איינגעריכטעט דיא דריטע אבטהיילונג, (טרעטיע אָטדעלעניע) אז דיא ניהיליסטען האבען צייט געהאט זיך צו פערזאמלען אונטער דיין נאז, אלעס אָפּרעדען און אויספיהרען זייער שרעקליכען, שוידערהאפטען מאָרד?

אשינאָוו האט געציטערט, וויא אין א פיעבער. ער איז געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו שטאמלען.

— קייזערליכע מאיעסטעט! — דיא געהיים-פּאָליציי — האט ערפאהרען, אז— ניהיליסטען — זיינען זיך צונויפגעקומען — איך אליין—האב זיי ארעסטירט — אבער....

— אָבער? האט געשריען אלכסנדר דער דריטער ניט מיט זיין קול. — וואס אבער? רעד, דוא הונט! דוא האסט זיי ארעסטירט, אבער? — דוא האסט גענומען געלד און האסט זיי אפּגעלאזען!

— ניין, קייזערליכע מאיעסטעט! — איך האב זיי ניט אפּגעלאזען! אבער אן ענגלענדער, — לארד דוגלאס....

— אן ענגלענדער? האט דער נייער קייסער געשריען. ווער איז דער ענגלענ-דער? — וואס האט אן ענגלענדער צו טהאן מיט'ן שעף פון דער רוסישער געהיים-פּאָליציי? וויא קומט דער ענגלענדער צו דיר?

— ער האט מיר געגעבען א בריעף פון —

— דער ענגלענדער האט דיר געגעבען א בריעף? — פון וועמען? —

— פון אייער קייזערליכער מאיעסטעט —

— א בריעף פון מיר? האט אלכסנדר דער דריטער געפרעגט איבערראשט.— וואס איז געשטאנען אין בריעף?

— אז וואס ער וועט מיך בעטען וועגען דיא ארעסטירטע ניהיליסטען, זאל איך איהם פאָלגען. —

— האסט דוא דעם בריעף ביי זיך?

אשינאוו האט ארויסגענומען דעם בריעף, וואס פּאָניאטאָווסקי האט איהם געגעבען, האט מיט א ציטערענדער האנד איהם דערלאנגט דעם נייעם קייסער.

וויא א טינער חאפּט אוים דאס שטיק פלייש, וואס מען ווייזט איהם, אזוי האט אלכסנדר דער דריטער ארויסגעחאפּט דעם בריעף פון אשינאָווס האנד. ער

האט איהם זאגאר ניט געעפענט. — ער האט שוין געוואוסט, וואס דארט שטעהט.

— אבער וויא קומסט דוא צום ענגלענדער? האט ער געקריצט מיט דיא צעהנער. פון וואנען האט דער ענגלענדער געוואוסט, אז דוא געהסט ארעסטירען ניהיליסטען? — רעד! דערצעהל מיר אלעס, אדער איך וועל דיך אויסבויגען, „וויא מען בויגט אויס אַ האָרן פון אַ שעפּס“.

מיט אַ שוואכער, ציטערנדער שטימע האט אשינאוו איהם דערצעהלט אלעס, וואס האט פּאַסירט פאָריגע נאכט. דערביי האט ער פערלייקענט, אז ער האט געשפּיעלט מיט׳ן ענגלענדער אין קארטען און האט מיט איהם געטרונקען ביז שפּעט אין דער נאכט.

ווען אלכסנדר דער דריטער האט דערהערט דיא נעמען פון׳ם גראָספירסט קאנסטאַנטין און דיא פּרינצעסין וויערא, איז ער אויפגעשפּרונגען פאר רציחה.

— אזוי? גראָספירסטען און פּרינצעסינען זיינען פערמישט מיט דיא ניהיליסטען? האט ער געברומט. -- דאס האָב איך ניט געוואוסט!

אייניגע מינוטען האט ער געשוויעגען. פּלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו אשינאוו׳ן, וועלכער איז נאך אלץ געלעגען אויף דיא קניע פאר זיין שרייב-טיש.

— וואו איז דיין ענגלענדער? האסט דוא איהם היינט ארעסטירט?

— ניין, קייזערליכע מאיעסטעט! האט אשינאוו קוים געענטפערט. — איך האב געוואלט היינט אלעם ראַפּאָרטירען דעם קייסער, אבער —

— ווייטער אבער? וואס איז שוין נאך אמאל אבער?

— אבער עס איז געווען צו שפּעט.

— געפינען זיך דיא ארעסטאנטען נאך ביים גראָספירסט קאנסטאנטין?

— איך וויים ניט. — איך בין היינט געווען אזוי איבעראַשט און ניעדערגעשלאָגען, אז....

— וואו האט געוואוינט דיין ענגלענדער?

— אין האָטעל „צאַרסקאַיא קאָראָנאַ“.

— גוט! האט דער נייער קייסער געזאגט און האט אנגעקלונגען.

זיין קאמער-העדר סטראָגאנאוו איז אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— שיק באלד רופען דעם גענעראל וואנאווסקי, האט ער איהם געזאגט שטרענג, — אבער באלד!

אויפ׳ן גענעראל וואנאָווסקי האט מען ניט געדארפט לאנג ווארטען. ער האט נאך פארנאכט ערהאלטען א בעפעהל, ער זאל ניט אוועקגעהן פון׳ם פּאַרצימער און זאל זיין בערייט אויף יעדען פאל. ער איז באלד אריינגעקומען.

— קאָנסטאנטין דימיטריעוויטש! האט זיך דער קייסער צו איהם געווענדעט, ווען ער האט דערזעהן זיין הויבע, ברייטע געשטאַלט אויף דער טהיר. — קאנסטאנטין דימיטריעוויטש! פיהר אוועק דיעזען הונד אין פּעטראָ-פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט און פערשפּאַר איהם דארט אין א קעמעריל גאנץ אליין. קיינער זאל איהם ניט זעהן

און קיינער זאל מיט איהם קיין ווארט ניט רעדען. — קום באלד צוריק, איך האב פאר דיר נאך איינינע בעפעהלע.

אשינאוו איז געפאלען צום קייסער׳ס פיס, האט איהם געקושט דיא שטיוועל, האט געוויינט און געבעטען.

- גנאדע, קייזערליכע מאיעסטעט! האט מיטלייד מיט אן ארימען מענשען! איך האב ניט געוואגט ביים גראספירסט קאנסטאנטין אין הויז — איך האב געהאט אן אויסדריקליכען בעפעהל פון׳ם קייסער! — גנאדע!

— קיין ווארט מעהר! פיהר איהם אוועק, וואנאווסקי!

וואנאווסקי האט אנגעריהרט אשינאוון ביי דער פלייצע. יעצט האט גאר ניט געהאלפען. אשינאוו האט געמוזט אליין פראבירען, וואס פאר א טעם עס האט דיא פעטרא־פאוולאווסקי פעסטונג, וואוהין ער פלעגט אזוי אפט שיקען דיא ניהיליסטען.

— גיט מיר אייער שווערד, האט איהם גענעראל וואנאווסקי געזאגט, איהר זייט יעצט א געפאנגענער.

אשינאוו האט אפגעבונדען זיין שווערד און האט איהם געגעבען דעם גענעראל וואנאווסקי.

— יעצט קומט! האט דער גענעראל געזאגט.

שטיל, לאנגזאם, איינגעהויקערט איז יעצט אשינאוו ארויסגעגאנגען פון׳ם קייזערליכען פאלאץ, וואו ער פלעגט ביז אהער אריינקומען, וויא צו זיך א היים.

טרויעריג, מיט דיא קעפ אראפגעלאזען זיינען געשטאנען אין דיא ברייטע קארידארען אלע אלטע דיענער פון אלכסנדר דעם צווייטען. זיי האבען געזעהן, וויא מען פיהרט דעם שעף פון דער געהיים־פאליציי, וויא ער איז בלייך און ציטערט. זיי האבען פערשטאנען, אז מען פיהרט איהם ניט אויף קיין באלל. יעדער האט אנגעהויבען צו ציטערן פאר זיך. יעדער האט מורא געהאט, אז אט, אט וועט קומען דיא רייהע צו איהם.

אין דרויסען איז געשטאנען אשינאוו׳ס קארעטע און האט אויף איהם געווארט.

— איהר וועט מיר ערלויבען צו בענוצען אייער קארעטע, האט איהם וואנאווסקי געזאגט ניפטיג. זאנסט וועלען מיר מוזען געהן צו פוס. עס איז א ווייטע שטרעקע און מיר קענען מיעד ווערן געהענדיג.

אין איינינע מינוט ארום האט אשינאוו׳ס קארעטע גערוישט איבער דעם הארטען פפלאסטער פון פעטערבורג. זיא האט איהם געפיהרט אין פעטרא־פאוולאווסקי קרעפאסט.

קוים איז גענעראל וואנאווסקי ארויסגעגאנגען מיט אשינאוון פון׳ם נייעם קייסערס קאבינעט, האט אלכסנדר דער דריטער ווידער א קוועטש געטהאן דאס קנעפעל ביי זיין שרייב־טיש. סטראגאנאוו איז ווידער אריינגעקומען.

— איז דער פאליצמייסטער דווארזשיצקי דא אין פארצימער? האט דער קייסער געפרעגט.

— ניין, קייזערליכע מאיעסטעט, האט סטראגאנאוו געענטפערט. דווארזשיצקי איז קראנק, ער איז היינט פערוואונדעט געווארען.

— אלזאַ, איז נימא קיינער פון דער פּאָליציי? האט דער קייסער געפרעגט ביין.
— גענעראל גרעסער ווארט אין פאָרצימער אויף בעפעהלע.
— פיהר איהם אריין!

גענעראל גרעסער איז באלד אריינגעקומען אין קאבינעט. ער איז געווען דער גראַדאָנאטשאַלניק (שטאָדט פערוואלטער) פון פעטערבורג.

— איהר זעהט, גענעראל, וויא מען קען זיך פערלאזען אויף אייער געהיים־פּאָליציי! האט זיך דער קייסער צו איהם געווענדעט.

גענעראל גרעסער האט געוואלט עפּעס ענטפערן. ער האט געוואלט זאגען, אז דיא געהיים־פּאָליציי געהער זיך מיט איהם ניט אן, אז אלכסנדר דער צווייטער פלעגט אליין פיהרען אלע געשעפטען פון דער געהיים־פּאָליציי. דער קייזער אבער האט איהם ניט געלאזט רעדען.

— איך מוז איבערבייטען אלע בעאמטע, האט ער געזאגט. זיי זיינען אלע טויגעניכטסע און בעשטעכליך (חאבארניקעס). איך בין נור וואס געוואהר געווארען פון'ם שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, אז ער האט נעכטען ביי נאכט ארעסטירט אייניגע ניהיליסטען. ער האט זיי אבער ניט איינגעשמידט אין קייטען, וויא ער וואָלט געדארפט טהאן. — איך מוז מיך רעכען פאר דעם שרעקליכען מאָרד פון מיין פאָטער און מוז דורכזוכען פעטערבורג פון איין עק צום אנדערן. — איך מוז אמאל צוטרעטען מיט דיא פיס דעם קאפּ פון דער בייזער שלאנג, וועלכע הייסט געהיים־בונד. איך וויל זיי ווייזען א ביישפּיעל, אז זיי זאלען מיך האבען צו געדענקען.

דיין אויפגאבע, גענעראל, וועט יעצט זיין ארויסצושיקען דיא בעסטע אגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי, זיי זאלען אלעס אויסשפּירען און אויספאָרשען. אויף אלע אייזענבאהנען און אויף אלע וועגען דארפען שטעהן פעהיגע אגענטען און זיך צוקוקען צו יעדען פאסאזשיר. זיי מעגען ארעסטירען יעדען, ווער עס וועט זיי ניט געפעלען.— קיין מיטלייד און קיין שוינונג!

יעצט גרעסער, מחט דוא באלד שיקען פרעגען אין האטעל „צארסקאיא קאָראָנא“, אויב עס געפינט זיך דארט אן ענגלענדער מיט'ן נאמען דוגלאס. ווען ער איז דארט דא, זאל מען איהם באלד ארעסטירען און אוועקשיקען קיין שליסעלבורג. דארט איז שטילער און רוהיגער, וויא אין פעטראָפּאַוולאָווסקי. איך בין זיכער, אז דאס איז נאר קיין ענגלענדער, אז ער איז א פערשטעלטער ניהיליסט. אלענפאלס מוזען מיר א אביסעל פאָרזיכטיגער זיין געגען אויסלענדער. זיי האבען ליעב צו שרייען און צו מאכען א ליארם. — מיר וועלען שפּעטער שוין אויסגעפינען, ווער ער איז.

דעם ענגלענדער קענט איהר לאזען ארעסטירען דורך וועמען איהר ווילט.

— איך מוז האבען א פערהאפטונגס בעפעהל, האט גענעראל גרעסער בעמערקט.

ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז פאר אן ארעסט פון אן ענגלישען לאָרד קען מען האבען זעהר פיעל אונאנגעהמליכקייטען. עס זיינען שוין פאָרגעקומען אזעלכע פעלע, ווען א רוסישער קייסער האט פערשיקט א בעאמטען קיין סיביר נור דערפאר, וואס ער אליין האט איהם געהייסען עפּעס טהאן. דער בעאמטער האט געמוזט בעצאהלען טהייער פאר א פעהלער, וואס דער הערשער האט געמאכט.

— איך וועל דיר געבען א פערהאפטונגס בעפעהל, האט אלכסנדר געענט־פערט. — איך האב אבער דיר צו געבען נאך אנאנדערע אויפגאבע.

גענעראל גרעסער איז געווארען אויפמערקזאם און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום קייסער.

— דיעזע אויפגאבע איז עטוואס שווערער, אבער מען מוז זיא אויספיהרען נאך שטרענגער. עס האנדעלט זיך דארום, מען זאל געהן צום גראספירסט קאָנ־סטאנטין און ביי איהם געוואהר ווערן, ווער עס זיינען געווען דיא ניהיליסטען, וועלכע מען האט געכטען ארעסטירט און געבראכט צו איהם, וואו זיי זיינען יעצט און ווען זיי זיינען נאך ביי איהם, זאל מען זיי באלד אוועקפיהרען קיין שליעסעלבורג. —

אשינאוו האט מיר עפּעס דערצעהלט פון זיי. איך קען אבער דיעזען טויגעניכטס ניט גלויבען. מען האט מיר געזאגט, אז באקונין איז דא אין פעטערבורג. דיעזען מאן טאָר מען ניט ארויסלאזען פון דיא הענד. מיר מוזען איהם האבען אויפ׳ן עשאַ־פאָט, פאר דער גאנצער וועלט מוז דיעזער מאן שטארבען, אונטער דער האַק פון׳ם הענקער מוז זיין קאפ אראפפאלען. אויף איהם וועל איך אויסגיעסען דעם גאנצען צארן פון מיין ראכע! —

איך וויים, אז דאס איז קיין לייכטע אויפגאבע. איך האף אבער, אז דוא וועסט זיא ריכטיג און פינקטליך אויספיהרען.

גענעראל גרעסער האט זיך פערנייגט שטום און האט געוואָלט ארויסגעהן.

— איך וויל נאך היינט האבען א גענויע אויסקונפט איבער אלעם, האט אלכסנדר דער דריטער געזאגט. — איך ערווארט דיך באלד צוריק.

— צו דיענען, מאיעסטעט! האט גרעסער געזאגט און איז ארויסגעגאנגען.

אלכסנדר דער דריטער איז געבליעבען אליין. אום צו פערברענגען דיא צייט האט ער אנגעהויבען צו עפענען דיא שובלאדען פון זיין פּאָטער׳ס שרייב־טיש. אלכסנדר דער צווייטער פלעגט זיי זעלטען פערשליעסען. ער איז געווען זיכער, אז צו זיין שרייב־טיש געהט קיינער ניט, ווייל דער אלטער מאקסים האט געהאט דעם שליעסעל פון זיין שרייב־צימער.

אין פיעלע שובלאדען זיינען געלעגען פּאפּיערן און דאָקומענטען פון רעגיערונגס אנגעלעגענהייטען: בריעף פון קייזער און קעניגע אין אייראפּא, פּראָיעקטע פון מיניס־טאָרען, וועלכע דער קייסער האט געדארפט בעשטעטיגען, ביטשריפטען פון פרויען און פערוואנדעטע פון פערארורטהיילטע און פערשיקטע קיין סיביר און נאך אזעלכע זאכען, וועלכע מען דארף דורכלעזען אויפמערקזאם.

— וועג דערמיט! האט דער נייער קייסער געברומט. דאס אלטע מוז פער־שווינדען! איך וועל איינפיהרען אנאנדער ארט רעגיערונג אין רוסלאנד. — אין ארכיוו אריין! — אלעס מוז געהן אין ארכיוו.

ער האט צונויפגענומען אלע פּאפּיערן און דאָקומענטע און האט געוואָלט אריינרופען זיין קאמער־העדר, ער זאל זיי אריינטראגען אין דער קייזערליכער ארכיווע, ווען ער האט אנגעריהרט א גאנץ קליינע, פערשטעלטע שובלאדע. — זיא איז געווען פערשלאסען.

— וואס איז דאס ? האט ער געפרעגט בייז. — זאל ער דא געווען האלטען זיין געהיימע קארעספאנדענץ ? איך מוז עפענען דיזע שובלאדע און זעהן, וואס דא טהוט זיך !

א קוועטש מיט זיינע גראבע, שטארקע פינגער און דאס שוואכע טהירעל פון ראזענ=האלץ האט זיך געעפענט. — אין דעם געהיימען קעסטעלע איז געלעגען א פעקעל בריעף.

אלכסנדר דער דריטער האט זיי אנגעהויבען דורכצולויפען מיט די אויגען.

— בריעף פון זיין געליעבטער, דיא פירסטין דאלגארוקאיא ! האט ער אויס־ גערופען. — און דער האב איך נאר פערגעסען ! — דיא טאר מען נים לאזען אזוי ! — זיא האט מיט איהם קינדער. מעגליך, ער האט איבערגעלאזען א טעסטאמענט (צוואה) און האט זיי געמאכט פאר רוסישע גראספירסטען. דאס טאר איך נים דערלאזען ! מיר האבען שוין צופיעל רוסישע גראספירסטען און גראספירסטינען.

ער האט געטראכט א פאר אויגענבליקע. דאן האט ער אנגעקלונגען. זיין קאמער=הערר איז אריינגעקומען.

— איז ווער דא אין פארצימער ? האט ער געפרעגט.

— גראף איגנאטיעווווארט אויף דיא עהרע זיך פארצושטעלען אייער קייזער= ליכע מאיעסטעט.

— פיהר איהם אריין !

אין א מינוט ארום האט זיך דיא ניעדעריגע אביסעל איינגעבויגענע, אבער נאך גאנץ קרעפטיגע געשטאלט גראף איגנאטיעוו'ס געוויעזען אויף דער שוועל.

— קום אהער, ניקאלאי פאוולאוויטש ! האט איהם דער קייסער גערופען און האט איהם געוויעזען אויף א שטוהל לעבען זיין שרייב=טיש.

גראף איגנאטיעוו האט זיך אניעדערגעזעצט אויפ'ן שטוהל.

— איהר זייט אן אלטער דיפלאמאט, גראף, האט זיך דער נייער קייסער צו איהם גלייך געווענדעט. איהר ווייסט געוויס דיא געשיכטע פון דער פירסטין דאלגא= רוקאיא. — וואס דענקט איהר דעראיבער ?

— דיא געשיכטע מיט דער פירסטין איז אלעמען בעקאנט, האט דער גראף געענטפערט ערנסט. דער מיטראפאליט האט זיי עפענטליך פערהייראטהעט אין ליוואדיא. עס קען יעצט פארקומען אונאנגעהמליכקייטען, ווען דער אלטער נארר (דער מיטראפאליט) וועט עפענטליך פארשטעלען דעם הייראטה'ס קאנטראקט. זיא וועט געוויס וועלען זיין מיט איהרע קינדער ביי דער בעערדיגונג. דיא פרעמדע דיפלאמאטען וועלען זיא זעהן און עס קען ווערן דערפון א סקאנדאל.

— אלזא, וואס איז אייער ראטה ? האט דער קייסער געפרעגט.

— זיא מוז אוועק פון פעטערבורג, האט דער גראף געענטפערט רוהיג.

— ווילט איהר אויספיהרען דיעזען אויפטראג ?

— איך בין שטענדיג בערייט צו דיענען אייער קייזערליכער מאיעסטעט, האט דער גראף געענטפערט. איך מוז אבער האבען אן אויסדריקליכען בעפעהל דארויף.

אויסערדעם מוז עס געשעהן באלד, נאך היינט ביי נאכט. זיא מיט איהרע קינדער מוזען אוועקפאהרען מיט'ן ערשטען צוג.

— אבער וואוהין ? קיין סיב.....

— דיא קרים איז גענוג וויים, האט דער גראף געזאגט. מיט דיא טאטארען, וועלכע וואוינען דארט, איז ניט אזוי לייכט זיך צוזאמען צורעדען. זיא וועט קענען וואוינען גאנץ רוהיג אין דעם קליינעם שלאס „וויסאקאיע" לעבען סודאקי. א זשאנ־דארמען קאפיטאן וועט זיא פון דער וויטען בעוואכען.

— גוט ! האט געזאגט אלכסנדר און האט גענומען א בויגען פאפיער פון'ם טיש.

ער האט אויף איהם אנגעשריבען עטליכע ווערטער און האט איהם דערלאנגט דעם גראף איגנאטיעוו, וועלכער האט איהם גענומען און צוגעלעגט צו זיינע ליפען.

ער האט זיך געוואלט אויפהויבען און גיהן אויספיהרען דעם בעפעהל, ווען דער קייסער האט איהם א פרעג געטהאן :

— וואס הערט זיך מיט דיא ניהיליסטען ? האט מען דאס גאנצע בינטעל צונויפגענומען ?

— איינער פעהלט.

— געוויס באקונין ! האט אלכסנדר דער דריטער אויסגערופען און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו גליהען.

— יא, באקונין, האט דער גראף געענטפערט רוהיג. דעם שופט האבען מיר ביז אהער נאך ניט געקענט קריעגען. איך האב ארויסגעשיקט אלע אגענטען. מען קעהרט יעצט איבער פעטערבורג פון איין עק ביזן אנדערן. אלע באהנען זיינען בע־וואכט, אויף אלע וועגען שטעהן שפיאנען. איך האף, אז ער וועט ניט אנטלויפען.

— געה, ניקאלאי פאוולאוויטש, האט אלכסנדר דער דריטער געזאגט פריינד־ליך, שיק זיא ארויס און אין איין וועג ווער געוואהר, וויאפיעל ניהיליסטען מען האט ארעסטירט און ווער זיי זיינען.

גראף איגנאטיעוו האט זיך פערניינט און האט געוואלט ארויסגעהן.

— נאך א ווארט, ניקאלאי פאוולאוויטש ! האט איהם דער קייסער צוריקגע־האלטען. — וואס דענקסט דוא, זאלען מיר טהאן מיט דיא ארעסטירטע. זאלען מיר זיי גלייך מארגען הייסען אויפהענגען ?

— אויף קיין פאל ! האט דער גראף געענטפערט. מען מוז זיי שטעלען פאר אן עפענטליכעס געריכט. מען מוז מאכען א ליארם. מען מוז שטעלען פאר זיי דעם בעסטען אדוואקאט אין רוסלאנד, ער זאל זיי פערטהיידיגען. לאז דיא וועלט שרייען, אז אלכסנדר דער דריטער האט ליעב גערעכטיגקייט. דאס מאכט א גוטען איינדרוק אויף דער וועלט.

— וועלכען אדוואקאט זאל מען שטעלען פאר זיי ?

— ספאסאוויטש איז בעריהמט אין רוסלאנד אלס דער בעסטער אדוואקאט. ווען אייער קייזערליכע מאיעסטעט וועט שטעלען דעם אדוואקאט ספאסאוויטש צו פערטהיידיגען דיא ניהיליסטען ; ווען איהר וועט איהם דאן נאך שענקען א מעדאליע

דערפאר, וועט זיך דאס פאלק אין גאנצען בערוהיגען. עס וועט זעהן, אז דער נייער קייסער איז בעסער און גערעכטער פון'ם אלטען.

— ווען ספּאסאָוויטש וועט זיי פערטהיידיגען, וועט מען זיי דאך מוזען ערלויבען צו רעדען, האט דער קייסער בעמערקט. זיי קענען דאן עפּעס אויספּלוידערן —

— דאפיר וועל איך שוין זארגען. — זיי וועלען ניט פּלוידערן. מען וועט זיי אלענפאלס פעראורטהיילען צום טוידט און עס וועט ניט הייסען ראכע, זאנדערן גערעכטיגקייט.

— דוא האסט רעכט, וויא אימער, ניקאָלאי פּאַוולאָוויטש, האט דער קייסער געזאגט. שיק מיר מארגען דעם אדוואקאט ספּאסאָוויטש. — נו, יעצט געה און ווען עס וועט נים זיין גאנץ שפּעט, קום און דערצעהל מיר, וואס דוא האסט געטהאן. איך וועל דא הײנט פערבלייבען ביז שפּעט אין דער נאכט.

גראף איגנאטיעוו האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען.

אלכסנדר דער דריטער איז ווידער געבליעבען אליין און האט אנגעהויבען איבערצוקוקען אלע פּאפּיערן און בריעף, וועלכע זיינען געלעגען אויפ'ן טיש. צווישען דיא פערשיעדענע דאָקומענטען האט ער געפונען איינעם, וועלכער האט אויף זיך געצויגען זיין אויפמערקזאמקייט. דאס איז געווען א פּראָיעקט פון'ם געלערנטען פירסט וואסילטשיקאָוו, אז דער קייסער זאל איינפיהרען אין רוסלאנד א קאָנסטיטוציאָן און אלע געשעפטען פון דער רעגיערונג זאלען פערהאנדעלט ווערן אין פּארלאמענט, וויא עס פיהרט זיך אין דייטשלאנד, פראנקרייך און ענגלאנד.

דער נייער קייסער האט דורכגעלעזען איינינע ציילען און האט אוועקגעשליידערט דעם דאקומענט מיט צארן און פעראכטונג:

— אזא געפּלוידער האט ער אנגענומען! האט ער אויסגערופען. אין רוסלאנד א קאָנסטיטוציאָן! אין רוסלאנד א פּארלאמענט! איז עס ניט א געלעכטער? — רוסלאנד דארף האבען א בייטש! רוסלאנד מוז האבען אן אייזערנע האנד, וועלכע זאל עס קוועטשען און דריקען, אבער קיינע קאָנסטיטוציאָן. — מען מוז ווייזען דעם אלטען נארר (פירסט וואסילטשיקאָוו) וויא אזוי צו שרייבען אזעלכע פּראָיעקטע. איך מוז מיר פערצייכענען אלע נעמען פון דיא פרייהייטס־קעמפּפער און זיי געבען א לעקציאָן, אז זיי זאלען פערגעסען אן זייער פרייהייט.

ער האט ארויסגענומען פון דער בוזים קעשענע א קליינעם נאטיץ ביכעל און האט פערצייכענט איינינע נעמען. דאן האט ער אנגעשריעבען א טעלעגראמע צום גענעראל־גובערנאטאָר פון קיעוו, גענעראל דרענטעלן, אז פירסט וואסילטשיקאָוו זאל בלייבען אין זיין גוט (אימעניע) וואסילקאווא און טאר אין ערגעץ ניט ארויספאהרען, ביז וואנען ער וועט עס איהם ערלויבען.

דיעזע טעלעגראמע האט ער אליין אריינגעלעגט אין א קאָנווערט, האט אנגעקלונגען און האט געהייסען זיין קאמער־הערר, ער זאל זיא באלד פערזארגען.

אזעלכע בעפעהלע האבען ערהאלטען דיא גרעסטע און עדעלסטע מענער פון רוסלאנד. דער געלערנטער און בעריהמטער שרייבער גראף ליעוו טאָלסטאָי, פירסט סאיען וויטגענשטיין און פיעלע אנדערע. אזעלכע טעלעגראמען האט דער נייער קייסער

ארויסגעשיקט אין דיא ערשטע שטונדען, וואס ער איז געווארען הערשער איבער הונדערט און צוואנציג מיליאן מענשען.

עס איז שוין געוועז רעכט שפעט, ווען גענעראל גרעסער איז צוריקגעקומען. ער איז גלייך אריינגעגאנגען אין קייסערס קאבינעט.

— נו? האט דער קייסער געפרעגט נייגיעריג, האסט דו ריכטיג אויסגעפיהרט מיין בעפעהל? — האסט דו ארעסטירט דעם ענגלענדער?

— ניין, קייזערליכע מאיעסטעט, האט גענעראל גרעסער געשטאמעלט. — דער ענגלישער לארד איז נאך נעכטען ערגעץ אוועקגעפאהרען און איז מעהר ניט צוריק געקומען.

— האסט דו גאר קיינע נאכריכטען, וואו ער איז אהינגעקומען? האבען דיא אגענטען פון דער געהיים־פאָליציי ניט געקענט אויסגעפינען, וואוהין ער איז געפאהרען און ווער ער איז?

— אשינאוו איז געוועזען זיין בעסטער פריינד. זיי פלעגען פערברענגען גאנצע נעכט צוזאמען, האט גרעסער געענטפערט. דיא אגענטען פון דער געהיים־פאָליציי האבען גאר ניט געוואגט איהם נאכצושפיערען.

— אשינאוו וועט דאפיר טהייער בעצאהלען! האט דער נייער קייסער געקריצט מיט דיא צעהנער פאר רציחה. ער איז א ניהיליסט און האט געוואוסט פון'ם גאנצען מערדערישען פלאן פון דיא ניהיליסטען. מיט איהם וועל איך מיך אפרעכענען! — ער זאל אלעס אויסזאגען! — אין פעטרא־פאוולאווסקי קרעפּאָסט ווייס מען שוין, וויא אזוי צו צווינגען אזעלכע מענשען, זיי זאלען אלעס דערצעהלען. — דו וועסט נאך באלד פאהרען אהין און הייסען, אז מען זאל איהם אזוי לאנג מארטערן, ביז ער וועט אלעס אויסזאגען און אלעס דערצעהלען.

— צו דיענען, מאיעסטעט! האט גענעראל גרעסער געענטפערט.

— האסט דו עפּעס אויסגעפונען ביים גראָספירסט קאָנסטאנטין?

— איך בעדויערע זעהר צו זאָגען, אז מיין אויפטראג איז ניט געלונגען, האט גרעסער געשטאמעלט. דער גראָספירסט קאָנסטאנטין פיהלט זיך זעהר שלעכט. ער האט מיך צוואר אויפגענומען, האט מיר אבער קיין אויסקונפט ניט געקענט געבען אדער ניט געוואלט געבען. — איך האב געוואלט רעדען מיט דער פּרינצעסין וויערא, מען האט מיר געזאגט, אז זיא שלאפט שוין.

אלכסנדר דער דריטער האט געשאקעלט מיט'ן קאפּ. עס איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס מען האט גאר ניט געקענט געוואהר ווערן פון'ם גראס־פירסט קאָנסטאנטין. ער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז ער וויל בלייבען אליין. — גרעסער איז ארויסגעגאנגען.

— דער גראספירסט קאנסטאנטין איז אויך איינער פון דיא פרייהייטס העלדען, האט דער נייער קייסער געזאגט צו זיך אליין. ער האט נאך היינט געוואלט מיך לערנען, וויא אזוי צו רעגיערן. איך מוז איהם ווייזען, וויא אזוי צו שווייגען.

ער האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט אויך זיין נאמען ארויפגע־שטעלט אויף דער שווארצע ליסטע.

— — — — — — — — — — — — — —

מיר מוזען זיך יעצט אומקעהרן צו דער צייט, ווען דער גראַספּירסט קאָנסטאַנ־טין מיט זיין טאכטער זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם ווינטער פּאַלאַץ (זימני דוואָרעץ).

שטילערהייט זיינען ביידע ארויסגעגאנגען, שטילערהייט האבען זיי זיך אויפגע־זעצט אין זייער קארעטע און שטילערהייט זיינען זיי געקומען א היים.

דער גראספירסט איז געווען אזוי ניעדערגעשלאגען און אזוי טרויעריג, אז ער איז באלד אריינגעגאנגען אין זיין שרייב־צימער און האט זיך אניעדערגעוואָרפען אויפ׳ן דיוואן.

— עס איז געשעהן! האט ער אויסגערופען און האט געבראָכען דיא הענד. — זיי האבען איהם געטוידטעט! ער האט מיך ניט געוואָלט פאלגען. ער האט גע־הערשט שטרענג און האט אנגעפילט סיביר מיט דיא בעסטע קינדער פון׳ם אונגליק־ליכען רוסלאנד. — זיי האבען זיך ענדליך נוקם געווען אן איהם.

דיא פרינצעסין וויערא איז אויך געווען פערוויינט און זעהר אויפגערעגט. דיא סצענען אין טוידטען צימער פון אלכסנדר דעם צווייטען האבען אויף איהרע יונגע זעעלע געמאכט א טיעפען איינדרוק. זיא איז אבער געווען בעהערצטער פון איהר פאטער. זיא איז געווען אינגער און ליידען און קרענקונגען האבען נאך ניט געבראָכען איהר מוטה, פערקעהרט, זיי האבען געמאכט אויף איהר א גאנץ אנדערע ווירקונג: זיי האבען זיא אויפגעפאָרדערט צום קאמפף און צו נייע טהעטיגקייט.

דיא ליידען ווירקען, וויא א שווערער האמער. גלאז צוברעכט ער אויף שטיק־לעך, פון אייזען אבער מאכט ער הארטען שטאהל, וועלכער בייגט זיך, ברעכט זיך אבער ניט.

דער גראספירסט איז שוין געווען אלט און געבראכען. זיין ברודער׳ס טוידט האט איהם אין גאנצען דערשלאגען. ער האט זיך אין גאנצען אפגעגעבען צו זיין שמערץ. דיא יונגע וויערא האט ניט פערגעסען, אז יעצט ערשט דארף זיך אנהויבען איהר טהעטיגקייט. זיא האט ניט פערגעסען, אז איהר ברודער, וולאדימיר, זיין מוטער און נאך צוויי מענשען זיינען ארויסגעפאהרען נור אויף א קורצע צייט פון פעטער־בורג; זיא האט געוואוסט, אז זיי זיינען יעצט אין געפאהר.

זיא האט נור וואס געהערט, וואס דער נייער קייסער האט גערעדט מיט איהר פאטער, און האט פערשטאנען, וואס פאר א שווערע צייט עס איז יעצט געקומען פאר רוסלאנד. זיא האט געוואוסט, אז אשינאוו וועט אלעס דערצעהלען און מען וועט זיי זוכען מיט ליכט.

— פאָטער! האט זיא געזאגט, ווען ער האט זיך אביסעל בערוהיגט. — פאָ־טער! יעצט איז ניט דיא צייט זיך אפצולאזען און צו פערליערן מוטה. מיר מוזען דענקען פון דיא מענשען, וועלכע זיינען אונז אזוי טהייער. זיי זיינען יעצט ניט זיכער אין׳ם שלאס פון גראף רעדערן.

דער גראספירסט האט זיך אויפגעהאפט, וויא פון׳ם שלאף.

— האסט רעכט, טאכטער, האט ער געזאגט טרויעריג. וואס זאלען מיר אבער טהאן? —

— זיי רעטען! האט וויערא אויסגערופען.

— אבער וויא אזוי? האט דער גראספירסט געפרעגט. דוא האסט דאך גע־הערט, וואס דער נייער קייסער האט מיר היינט געענטפערט, ווען איך האב איהם געראטהען, ער זאל רעגיערן מענשליכער אלס זיין פאטער. — איך קען ניט ארויס־פאהרען אין אזא צייט פון פעטערבורג. שרייבען זיי א בריעף האב איך מורא. איך וויים פאר געוויס, אז מען וועט עפענען און דורכלעזען אלע בריעף, וואס מען וועט היינט ערהאלטען אויף דער פאסט. שיקען מיינעם א דיענער קען איך אויך ניט. מען וועט איהם געוויס אויפהאלטען אויפ'ן וועג און מען וועט ביי איהם אויספארשען, וואוהין ער פאהרט. — איך וויים טאכטער, אז מיר מוזען זיי רעטען, איך וויים אבער ניט, וויא אזוי. דער קאפ דרעהט זיך מיר. איך בין יעצט ניט אימשטאנד עפעס אויסצוטראכטען.

— פאטער! איך וועל פאהרען און וועל זיי רעטען, האט וויערא געבעטען.

— וואס ווילסט דוא טהאן פאר זיי?

— פאטער! זיי מוזען אנטלויפען פון רוסלאנד. זיי זיינען יעדע מינוט אין גע־פאהר. ווען דער נייער קייסער וועט נאך געוואהר ווערן, ווער זיי זיינען, וועט ער זיי געוויס ניט שוינען. — פאטער, גיב מיר, וויא פיעל געלד דוא האסט אין דער היים און לאז מיך נאך היינט פאהרען זיי ווארענען און זיי אוועקפיהרען וויים, וויים פון פעטערבורג. דאס בעסטע וואלט געווען זיי זאלען אריבער דיא רוסישע גרענעץ, וויא צום גיכסטען.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט געשאקעלט מיט'ן קאפ. ער האט מורא גע־האט צו פערטרויען אזא יונגעס קינד, וויא דיא פרינצעסין וויערא, אזא שווערע אויפגאבע.

— לאז מיך איבערלעגען, טאכטער, האט ער געבעטען. — אלענפאלס קענסט דוא היינט ביי נאכט ניט פאהרען. מען וועט דיך אויפהאלטען אויפ'ן וועג. עס וועט נאך ווערן א סקאנדאל.

— מיר מוזען אבער דאך געפינען א מיטעל, וויא זיי צו רעטען, האט וויערא געזאגט. זאלען מיר גלייכגילטיג זעהן, וויא מען וועט זיי פערשיקען קיין סיביר? — זאל דיא אונגליקליכע יעליסאוועטא זיך נאך א מאל וואלגערן אין דיא גאלד גרובען פון סיביר אדער זיצען פערשפארט אין א קעמערל מיט אן אייזערנעם שלייער אויפ'ן געזיכט? —

דער גראספירסט האט א ציטער געטהאן ביי דיא לעצטע ווערטער.

— ניין, טאכטער, ניין! איך וועל עס ניט דערלאזען! איך טאר עס ניט דער־לאזען! — אבער לאז מיר זיך איבערלעגען, לאז מיר עפעס אויסטראכטען. מעגליך, אז איך וועל געפינען א זיכערן מענשען, וועלכער וועט עס בעזארגען, אז זיי זאלען אנטלויפען פון רוסלאנד.

דיא פרינצעסין וויערא איז געווען זעהר אונרוהיג. זיא האט געוואלט שוין, אין דער מינוט, טהאן עפעס פאר איהר ליעבען וולאדימיר. זיא האט אבער געמוזט צוגע־בען, אז איהר פאטער האט רעכט, אז מען קען ניט חאפען אין דער מינוט, אז מען מוז אויסטראכטען עפעס, וויא אזוי זיי צו העלפען און צו ווארענען.

זיא איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון איהר פאָטערס צימער. איהר קאָפּ האט געארבייט, איהרע געדאנקען האבען געארביים. זיא האט געזוכט מיטעל, וויא אזוי צו מעלדען וולאדימירן אלעס, וואס איז פארגעקומען דעם ערשטען מערץ.

דער טאג איז פערגאנגען זעהר טרויעריג. עס איז געווארען נאכט. פרינצעסין וויערא איז אייניגע מאל צוגעקומען צו איהר פאטערס צימער און האט איהם געפונען פערשלאסען. זיא האט ניט געוואגט צו קלאפּען. זיא האט דאך געוואוסט, וויא אויפגערעגט איהר פאטער איז. זיא האט געמוזט צוריקגעהן אין איהר צימער.

זיא האט אנגעזאגט איהר האף־דאמע, אז היינט פיהלט זיא זיך זעהר שלעכט און קען קיינעם ניט אויפנעהמען.

וויא איבערראשט איז זיא געווען, ווען נעגען צעהן אוהר איז איהר פאָטער פלוצלונג אריינגעקומען אין איהר צימער און האט איהר אליין געזאגט:

— וויערא! מארגען גאנץ פריה מוזט דוא פאהרען העלפען וולאדימירן און יעליסאוועטאַ׳ן אנטלויפען פון רוסלאנד.

— פאָטער, וואס איז שוין נייעס? האט וויערא געפרעגט דערשראקען.

— דער טיגער וויזט זיינע נעגעל, האט דער גראספירסט ארויסגעזאגט שטי־לערהייט. נור־וואָס איז פון מיר אוועקגעגאנגען גענעראל גרעסער. ער האט געוואלט וויסען, וואו עס זיינען אהינגעקומען דיא מענשען, וועלכע מען האט נעכטען ביי נאכט ארעסטירט.

— וואס האסט דוא איהם געענטפערט, פאָטער?

— איך האב איהם געענטפערט, אז איידער איך האב מיך אומגעקוקט, זיינען דיא ארעסטירטע ערגעץ אוועקגעגאנגען.—וואס דען האב איך איהם געקענט ענטפערן?

— איך האב דיר געזאגט, פאָטער, אז וולאדימיר און זיין מוטער געפינען זיך אין געפאהר.

— איך האב עס ניט געגלויבט, יעצט אבער זעה איך איין, אז דוא האסט רעכט. — איך האב ביי מיר צוואנציג טויזענד רובעל. נא זיי דיר. מארגען אין דער פריה וועסט דוא ארויספאהרען אין אן אפענער קארעטע, גלייך וויא דוא פאהרסט שפאציערן. ווען דוא וועסט זיין ווייט פון דער שטאדט, זאלסט דוא הייסען דעם קוטשער פאהרען אויפ׳ן שלאס פון גראף רעדערן. דארט וועסט דוא שוין וויסען וואס צו טהאן.

דיא פרינצעסין וויערא האט צוגענומען דאס געלד און האט עס אריינגעלעגט צו זיך אין קאמאד.

— מארגען נאך מוזען דיי זיין פון יענער זייט גרענעץ, האט זיא געזאגט. דאס בעסטע וואלט געווען, זיי זאלען קענען זיך אויפזעצען אויף א שיף און אריבערפאהרען קיין שוועדען.

— דאס אלעס וועסט דוא מארגען מיט זיי איבעררעדען, האט דער גראס־פירסט געזאגט. וויא איך וויים, איז יעליסאוועטא׳ס ברודער, הונא, שוין גענוג געווען אויף דער וועלט. ער וועט שוין וויסען, וואס פאר א וועג צו נעהמען. דיא הויפטזאכע איז, מען זאל זיי ווארענען און זיי זאלען אנטלויפען, וויא אם שנעלסטען.

— נאך איין ביטע, פאָטער, האט פרינצעסין וויערא געזאגט. — זאג אן דיא דיענער און דיא קאמער־הערען, אז איך בין קראנק און קען מיט קיינעם ניט רעדען.

— דאס האב איך שוין געטהאן, האט דער גראספירסט געענטפערט.

וויערא איז צוגעשפרונגען צו איהר פאטער, האט איהם ארומגענומען און האט געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— אזוי, פאטער! אזוי ווייט איז עס געקומען, אז מיר אליין מוזען דערווייטערן פון זיך אלעס, וואס איז אונז טהייער און ליעב?

דער גראספירסט האט האסטיג א קוש געטהאן זיין טאכטער, האט ניט גערעדט קיין ווארט און איז ארויסגעגאנגען.

ער האט ניט געקענט רעדען. דיא טרערין האבען איהם געוואָרגען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז וויערא אוועקגעפאהרען העלפען וולאדימירן מיט זיין מוטער, זיי זאלען אנטלויפען פון רוסלאנד.

איך וויל מיך ניט אונטערנעהמען צו בעשרייבען דיא סצענע, ווען זיא האט פון זיי אבשיעד גענומען. עס איז גענוג טרויעריג, ווען מען נעהמט אבשיעד פון פריינד, וואס מען ווייס, וואוהין זיי פאָהרען און ווען זיי וועלען צוריקקומען; וויא טהוט עס אבער וועה, ווען מען נעהמט אבשיעד פון פריינד, פון א ברודער, וועלכער אנטלויפט אין דער ווייטער וועלט, וועלכער וויס ניט, וואוהין ער אנטלויפט און אויב מען וועט זיך אמאל ווידערזעהען! איך וויל נור זאגען אין קורצע ווערטער, אז דער סטאראָסטא פון׳ם דארף האט זיי געגעבען פאספארטען אויף דיא נעמען פון בויערן פון׳ם דארף.

וולאדימיר, הונא און פאָניאטאָווסקי האבען זיך אנגעטהאן אין בויערן קליידער, אין פעלצען מיט גרויסע מיט פישטראהן אויסגעשמירטע שטיוועל. יעליסאוועטא האט אויך געמוזט זיך פערשטעלען פאר א בויערן פרוי. זיי האבען געקויפט א וואגען מיט א גוטע צוויי פערד. פאָניאטאָווסקי האט אנגעטריעבען.

אזוי זיינען זיי געקומען קיין נארוואַ דארט האט זיי א פישער שיף אויפגענומען און האט זיי געבראכט קיין שוועדען. פון סטאקהאלם זיינען זיי געפאהרען מיט דער באהן קיין האמבורג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דיא טרויעריגע קאלטע נאכט פון׳ם ערשטען אויפ׳ן צווייטען מערץ איז ענדליך פאָראיבער. דיעזע נאכט איז געווען זעהר א טרויעריגע פאר פיעלע איינוואוינער פון פעטערבורג. ניט אין איין הויז האט מען פלוצלונג אנגעקלאפט אין דער טהיר מיט דיא אין רוסלאנד שרעקליכע ווערטער:

— אָטוואָריטע, וואָ אימיא זאקאָנא! עפענט, אים נאמען דעם געזעצעס!

ניט פון איין הויז האט מען אוועקגעפיהרט א מאן פון א פרוי, א פאָטער פון זיינע קינדער און קינדער פון זייערע עלטערן. ניט אין איין הויז האט מען אין דיעזע נאכט געוויינט שטילע, הייסע טרערין ניט; אין איין הויז האט דיעזע שרעקליכע נאכט געבראכט נויט, עלענד און פערצווייפלונג.

עס איז ווירקליך געווען א שרעקליכע נאכט פאר דיא איינוואוינער פון פעטערבורג.

ענדליך איז געקומען דער טאג, דער צווייטער מערץ. אלע געשעפטען האבען זיך געעפענט, אבער שפעט, לאנגזאם, נאכלעסיג, שלעפעריג און טרויעריג. יעדער האט זיך שטילערהייט אומגעקוקט. יעדער האט געציטערט, קיינער איז ניט געווען זיכער מיט'ן לעבען. אויף דיא גאסען האט מען געזעהן וועניג מענשען.

דיא צייטונגען זיינען ארויסגעגאנגען מיט א שווארצען ראנד ארום, א צייכען פון טרויער. אנפאנגס האט מען זיי געחאפט. יעדער האט גערעכענט, אז ער וועט עפעס געפינען אין זיי אן ערקלערונג, ווער עס האט געטוידט אלכסנדר דעם צווייטען, וויאפיעל מענשען מען האט ביי נאכט ארעסטירט און וואו זיי געפינען זיך.

דיא לעזער האבען זיך אבער אפגענארט. אין דיא צייטונגען זיינען געשטאנען נור קללות און חרמות אויף דיא מענשען, וואס האבען עס געטהאן. אין גאנץ קורצע ווערטער איז געווען בעשריעבען אלכסנדר דעם צווייטענס טוידט און עס האט זיך געענדיגט מיט דיא ווערטער

„פראָקליאטיע שליאט אים ווסיא ראָססיא‟! גאנץ רוסלאנד פערפלוכט דיא מערדער.

באלד איז געשטאנען, אז דער נאסליעדניק איז געווארען קייסער און דיא ארמעע וועט איהם היינט שווערן טרייע און אונטערטהעניגקייט.

דאן האבען אלע צייטונגען בעשריעבען, וויא הייליג אזא שבועה איז און, אז אזא שבועה איז פיעל בעסער און פיעל זיכערער פון א קאנסטיטוציאן.

אום צעהן אוהר אין דער פריה איז אלכסנדר דער דריטער מיט זיין פרוי געקומען צו פאהרען פון גאטשינא. דאס פאלק האט אראפגענומען פאר איהם דיא היטלען און האט איהם בעגריסט. ער איז געווען בייז און פינסטער, וויא זיין שטיינער איז, און האט זאגאר ניט געענטפערט דיא בעגריסונגען פון'ם פאָלק.

ער איז גלייך צוגעפאהרען צום איסאקאָווסקי סאָבאָר. דארט איז געשטאנען דיא ארמעע מיט'ן גענעראל וואנאווסקי. ער איז אריינגעגאנגען נור אויף א מינוט אין סאָבאָר.

באלד איז ארויסגעקומען דער ארכייערוי, האט זיך געשטעלט אויף דיא טרעפ פון סאבאר און האט פערלעזען דיא שבועה. ער האט זיא פערלעזען זעהר שטיל. דיא סאָלדאטען האבען זיא קוים געהערט און האבען נור געזאגט דאס לעצטע ווארט : אמין !

דאס האט געהייסען : דיא ארמעע האט געשוואָרען. דער מיט האט יעדער סאָלדאט זיך אנגעטהאן דיא קייטען, אין וועלכע א טיראנישע רעגירונג האט איהם איינגעשמידט.

נאך דיעזער צערעמאניע איז דיא נייע קייזערין צוריקגעפאהרען קיין גאטשינא און דער נייער קייסער איז געפאהרען אין ווינטער פאלאץ זיך בעשעפטיגען מיט דיא ניהיליסטען, אדער, וויא ער האט געזאגט, מיט דיא געשעפטען פון דער רעגירונג.

אלכסנדר דער דריטער האט פיינט דעם קייזערליכען פאלאץ. ער האט קיין מאל ניט געוואוינט אין איהם און וויל ניט וואוינען אין איהם.

קרענקט איהם זיין געוויסען (סאָוועסט) וואס ער האט מיטגעהאלפען צו טויד־טען דעם לעצטען איינוואוינער, אדער איז איהם פערהאסט א הויז, וואו מענשען האבען זיך אמאל ערלויבט ארויסצוזאגען א פריי ווארט? ווער קען עס וויסען? ווער קען עס זאגען?

מיר וויסען נור, אז אין דער ערשטער צייט נאך זיין פאָטערס טוידט, פלעגט ער פערברענגען אין ווינטער פאלאץ נור איינינע שטונדען אין טאָג. דאָרט פלעגט ער זיך בעשעפטינען מיט זיינע מיניסטארען און מיט זיינע אגענטען פון דער געהיים־פאָליציי. ער האט דארט קיין מאל ניט געגעסען און איז דארט קיין מאל ניט געשלאָפען.

דיא נייע קייזערין איז אין אלטען פאלאץ קיין מאל מעהר ניט געוועזען, וויא עטליכע מינוט. זיא האט מורא פאר דיעזען פאלאץ. זיא ציטערט פאר דיא ווענט פון דיעזער געביידע.

פאר וואס איז עס? פאר וואס האבען דיא איצטינע הערשער פון רוסלאנד אזוי מורא פאר דיא קאלטע, שטומע שטיינער? — ווער וויים עס!....

אלכסנדר דער דריטער איז געפאהרען פון סאָבאָר גלייך אין ווינטער פאלאץ, וואו דער טוידטער קערפער פון זיין פאטער איז געלעגען אין א בעזונדערן זאל. ער איז אבער ניט געקומען צו דער לייכע פון זיין פאָטער. ער איז געקומען רעגיערען. ער איז זאגאר ניט אריינגעגאנגען דורכ'ן הויפט קארידאָר. ער האט ניט געוואלט זעהן דיא נעזיכטער פון זיין פאטערס אלטע, טרייע דיענער.

ער איז אריינגעגאנגען דורך א זייטען קאָרידאר, א געהיימען גאנג, וועלכען ער האט געקענט זעהר גוט, ווען ער איז געוועזען א קינד און פלעגט אמאל קומען דורך דיעזען קארידאר צו זיין פאָטער.

ער איז גלייך אריינגעגאנגען אין קאבינעט און האט זיך געזעצט לעבען גרויסען שרייב־טיש. זיין קאמער־הערר, סטראגאנאוו, האט אנגעגרייט פאר איהם א פאק מיט דעפעשען, וועלכע זיינען איינגעלאפען ביי נאכט.

האסטיג האט ער געעפענט דיא דעפעשען. איינינע זיינען געוועזען פון דיא הערשער פון אייראפא. קייזער ווילהעלם I, קייזער פראנץ יאזעף, קעניגין וויקטאָריא, קעניג הומבערט און פיעלע אנדערע האבען אויסגעדריקט זייער בעדויערן און זייער מיטלייד צום טויטען.

דער נייער קייסער האט זיי אוועקגעוואָרפען. דאס האט איהם וועניג אינטע־רעסירט. אויפמערקזאמער האט ער געלעזען דיא דעפעשען פון דיא גובערנאטארען און פון דיא קאמאנדירען פון קאָרפוסען אין דיא וויטע פראָווינצען אין רוסלאנד.

— אלעס איז אין ארדנונג! האט ער אויסגערופען, ווען ער האט דורכגעלעזען דיא לעצטע טעלעגראמע. רוסלאנד איז רוהיג. קיין האנד האט זיך ניט אויפגעהויבען, קיין מויל האט ניט אויסגערופען: פרייהייט! רעוואלוציאָן! — דער גאנצער געהיים בונד איז ניט מעהר, וויא א שאָטען, א שרעק בילד, א שטרויענער מענש, מיט

וועלכען דיא בויערן ווילען פערטרייבען דיא פיינעל פון זייערע גערטנער. דיא אויס-לענדער, דיא פרעמדע פעלקער, וועלכע וואוינען אין רוסלאנד און וועלכע קענען זיך נים פעראייניגען מים דיא רוסען, האבען געבראכט קיין רוסלאנד דיא אידעע פון פרייהיים — דעם ניהיליזמוס. מיינע רוסען זיינען גוטע מענשען און ווילען פון קיין פרייהיים נים וויסען. — איך מוז אונטערדריקען דיא פרעמדע פעלקער, איך מוז זיי פערדרענגען און בעשרענקען.

דער שווערער זיידענער פאַרהאַנג האט זיך אין דיעזע מינוט לייכט בעוועגט.

דיא יונגע הויכע געשטאלט פון מאיאר סטראַגאַנאָוו האט זיך געוויעזען אויפ'ן שוועל פון קאבינעט.

— נו-ס? האט געפרעגט דער קייסער.

— דער אדוואָקאַט ספּאַסאָוויטש איז געקומען זיך מעלדען צו אייער קייזערליכע מאַיעסטעט, האט סטראַגאַנאָוו געענטפערט. ער זאגט, אז גראף איגנאַטיעוו האט איהם געשיקט.

— פיהר איהם אריין!

אין א פּאָר מינוט ארום איז דיא הויכע שעהנע געשטאלט פון'ם בעריהמטען רוסישען שריפטשטעלער און אדוואָקאַט ספּאַסאָוויטש געשטאנען פאר'ן שרייב-טיש לעבען נייען קייסער. ער האט זיך פערנייגט, וויא עס קומט פאר א קייסער, איז אבער באלד געבליעבען שטעהן ערנסט און רוהיג און האט געווארט, אז דער קייסער זאל צו איהם אנהויבען צו רעדען.

דאס איז דיא האף-עטיקעטע — דיא האף-צערעמאניע. נור מענשען, וועלכע שטעהן גאנץ נאהענט צום קייסער, ערלויבען זיך אנצוהויבען צו רעדען צו איהם. דער מענש, וועלכער איז נים בעקאנט אין קייזערליכען האף, מוז ווארטען, ביז דער קייסער רעדט צו איהם, ער דארף נור ענטפערן אויף דיא פראגען, וואס דער קייסער שטעלט איהם און דארף זיך היטען נים צו זאגען דאס ווארט: ניין. אזא ווארט האבען פיינט דיא גרויסע און דיא הערשער.

ספּאַסאָוויטש איז נים קיין האף מענש. ער האט אבער זעהר גוט געקענט דיא עטיקעטע פון'ם רוסישען האף. ער האט געשוויגען און האט רוהיג געווארט, אז דער קייסער זאל איהם זאגען, צו וואס ער האט איהם געשיקט רופען.

אלכסנדר דער דריטער האט איהם געוויעזען אויף א שטוהל לעבען זיין שרייב-טיש.

— איך האב אייך געשיקט רופען, גאָספּאָדין ספּאַסאָוויטש, ווייל איך האב געהערט, אז איהר זייט דער בעסטער אדוואָקאַט אין רוסלאנד.

ספּאַסאָוויטש האט זיך פערנייגט אלס דאנק פאר דיעזעס קאָמפּלימענט.

— מארגען ועט זיצען דאס קריעגס-געריכט איבער דיא ניהיליסטען, וועלכע האבען אזוי שענדליך און אזוי ניעדערטרעכטיג ערמאָרדעט מיין פאטער, האט דער קייסער ווייטער געזאגט. איך וויל נים, אז מען זאל זאגען, אז אין רוסלאנד טוידטעט מען מענשען גלאט אזוי און מען גים זיי זאגאר נים קיין מיטעל זיך צו פערטהיידיגען. איך האב ליעב גערעכטיגקייט — געריכטיגקייט נעגען דעם גרעסטען פערברעכער — גערעכטיגקייט זאגאר נעגען דיא מערדער פון מיין פאָטער;

איך וויל אייך בעטען, גאָספּאָדין ספּאסאוויטש, איהר זאלט פערטהיידיגען דיא ניהיליסטען. אלס טיכטינער אדוואָקאט וועט איהר געוויס געפינען מיטעל, וויא אזוי זיי צו פערטהיידיגען. איך ערלויב אייך צו זאגען אלעס, וואס איהר וועט פערשטעהן, אז עס קען ניצען צו זייער פערטהיידיגונג.

ספּאסאָוויטשעס גזיכט האט אויסגעדריקט שטוינען און פערוואונדערונג. — דאס האט ער ניט ערווארט פון אלכסנדר דעם דריטען. ער האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, צו וואס דער קייסער וויל אזוי, אז אן אדוואָקאט זאל פערטהיידיגען דיא מערדער פון זיין פאטער.

אלכסנדר דער דריטער האט געזעהן, אז דער בעריהמטער אדוואָקאט איז אונרוהיג. ער האט געמיינט, אז ספּאסאָוויטש האט מורא, עס זאל איהם ניט שאדען צו זיין פּראקסיס, אדער מען זאל איהם ניט בעשטראפען, ווען ער וועט ארויסזאגען עפּעס א פריי וואָרט.

— איך גיב אייך מיין וואָרט, אלס קייסער, האט אלכסנדר דער דריטער געזאגט אום איהם צו בערוהיגען, אז דיזע פערטהיידיגונג וועט אייך אין קיין הינזיכט ניט שאדען. איך וועל אייך געבען אן אייגענהענדיגען בעפעהל צום פּאָרזיצענדען פון קריעגס־געריכט, ער זאל אייך ערלויבען צו זאגען און צו רעדען, וואס איהר וועט וועלען און וואס איהר וועט געפינען פאר נעטהיג אום זיי צו פערטהיידיגען.

ספּאסאָוויטש האט געטראכט איינינע מינוט, איידער ער האט געענטפערט.

— איך שטעה צו דיענען אייער קייזערליכע מאיעסטעט, האט ער ענדליך געזאגט לאנגזאם און האט געקוקט דעם קייסער גלייך אין דיא אויגען. — אבער איידער איך קען מיך אונטערנעהמען זיי צו פערטהיידיגען, מוז איך מיט זיי רעדען און צוואר מיט יעדען בעזונדער. איך מוז מיט זיי רעדען גאנץ אליין, אהן ציינען. —

— איהר קענט מיט זיי רעדען, גאָספּאָדין ספּאסאוויטש, האט דער קייסער געענטפערט.

— וועלען דיא בעאמטע אין פּעטראָ־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט מיר ערלויבען ביי יעדען אין קעמעריל צו בלייבען אליין א לענגערע צייט?

— איך וועל אייך געבען א בעפעהל צום קאָמענדאנט פון דער פעסטונג, אז ער זאל אייך ערלויבען צו טהאן, וואס איהר וועט פערלאנגען.

— אלזא, בעט איך אייערע מאיעסטעט מיר צו געבען אזא בעפעהל.

דער קייסער האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א ביינעלע פּאפּיער און האט עס איהם דערלאנגט.

ספּאסאָוויטש האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען מיט'ן גזיכט צום קייסער און מיט'ן רוקען צו דער טהיר.

אין איינינע מינוטען ארום איז גראף איגנאטיעוו אריינגעקומען אין קאבינעט און האט געווינשט דעם קייסער א גוט מאָרגען.

— איך בין זיכער, אז איהר האט אלעס פּינקטליך בעזארגט, ניקאָלאַי פּאוולאָוויטש, האט איהם דער קייסער צוגערופען. — איז זיא שוין אוועקגעפאהרען?

— יא, מאיעסטעט! זיא איז שוין אויפ'ן וועג. עס האט מיך אבער געקאָסט

זעהר פיעל מיה, איידער איך האב איהר איינגערעדט, זיא זאל זיך אוועקפאהרען. דיא קינדער האבען געוויינט. זיא האט געוואלט לויפען אהער איהם זעהן אדער ווענינסטענס זיין ביי דער בעערדיגונג.

— האט דער מיטראָפּאָלית אויסגעשטעלט א ריכטיגען הייראטה'ס שיין? האט דער קייסער געפרעגט.

— יא, מאיעסטעט! דעם מיטראפאלית'ס רעכטע האנד, ברודער קלעמענטיוס, האט אלעס בעזארגט. ער האט זאגאר פערשריעבען דעם גאנצען אקט אין דיא ביכער פון דער קירכע. דיא פירסטין איז געזעצליך געווען פערהייראטהעט מיטין טוידטען. זיא איז ניט קיין קייזערין פון רוסלאנד, אבער זיא איז אלכסנדר דעם צוויי־טענס פרוי, יעצט זיין וויטווע.

לויט דיא געזעצע פון רוסלאנד קומט דעם קייסערס וויטווע 2 מיליאָן רובעל א יאהר פענסיאָן.

— ווער איז דער ברודער קלעמענטיוס? האט דער קייסער פּלוצלונג געפרעגט.

— דאס איז אַ דורכגעטריעבענער מענך, וועלכער רעגיערט דאס פרומע רוס־לאנד אונטער דעם קלאָבוק,—א הויבער הוט פון א מענך פון'ם מיטראָפּאָלית,—האט גראף איגנאטיעוו געענטפערט.

— רעגיערט רוסלאנד? האט דער קייסער געפרעגט.

גראף איגנאַטיעוו האט אַ שאָקעל געטהאן מיטין קאָפּ.

דער נייער קייסער האט גענומען אַ בייגעלע פּאַפּיער און האט אנגעשריעבען אַ פּאר ווערטער. דאס איז געווען א בעפעהל, אז דער מענך קלעמענטיוס זאל באלד, נאך אין דעמזעלבען טאג ארויספאהרען אין סאָלאָוועצקי מאָנאסטיר אויף לעבען לאנג.

דער סאָלאָוועצקי מאָנאסטיר געפינט זיך אויף אן אינזעל אין ווייסען מעער אין דער קאַלטער ארכאנגעלסקי גובערניא. דאס איז אויך א סיביר, אבער אנאנדער ארט סיביר, — א סיביר פאר גייסטליכע, אדער פאר גאנץ הויכע אריסטאָקראַטען. אין סאָלאָוועצקי מאָנאסטיר בעגראבט דיא רוסישע רעגיערונג לעבעדיגערהייט נור אזעלכע מענשען, וועלכע זיא קען שוין אויף קיין פאל ניט פערשיקען קיין סיביר. צום סאָלאָוועצקי מאָנאסטיר קומט צו אַ שיף נור איין מאל אין דער וואך, ברענגט אהין פּראָוויאַנט און פאָהרט באלד אוועק. פון סאָלאָוועצקי מאָנאסטיר איז נאך קיין מענש ניט אנטלאפען. עס איז אונמעגליך פון דארט צו אנטלויפען. דאס ווייסע מעער איז זעהר אונרוהיג. עס שטורמט און רוישט בעשטענדיג. מען רופט עס דאס ווייסע מעער דערפאר, ווייל עס איז שטענדיג בעדעקט מיט ווייסען שוים.

אלכסנדר דער דריטער האט אריינגערופען זיין קאמער־הערר און האט איהם איבערגעגעבען דעם בעפעהל.

— זאג דעם גענעראל גרעסער, אז נאך היינט זאל ברודער קלעמענטיוס ארויס־פאהרען מיט א זשאנדארם צום סאָלאָוועצקי מאנאסטיר.

ווען דער קאמער־הערר סטראָגאָנאָוו איז ארויסגעגאנגען, האט זיך דער קייסער געווענדעט צום גראף איגנאַטיעוו.

— זאל איך פיעללייכט דעם אלטען (דעם מיטראָפּאָלית) אויך איבערבייטען?

— עס איז ניט נעטהיג, האט דער גראף געענטפערט, דער אלטער איז אן אונוויסענדער, שוואכער מענש. ער קען ניט נוצען, ער קען אבער אויך ניט שאדען.

גראף איגנאטיעוו איז נאך געבליעבען איינינע צייט און האט גערעדט מיט'ן קייסער איבער פערשיעדענע אנגעלעגענהייטען. דאן איז ער אוועקגעגאנגען.

קוים איז ער ארויסגעגאנגען, האט סטראגאנאוו געמעלדעט, אז דער אדוואקאט ספאסאוויטש ווינשט צו רעדען מיט'ן קייסער. א פינסטערער וואלקען האט זיך געוויעזען אויף אלכסנדר דעם דריטענס געזיכט.

— פיהר איהם אריין! האט ער געזאגט.

ספאסאוויטש איז אריינגעקומען. ער איז געווען בלייך און טרויעריג.

— נו? האט איהר גערעדט מיט דיא ארעסטאנטען? האט דער קייסער געפרעגט.

— ניין, האט ספאסאוויטש קוים ארויסגערעדט.

— מען האט אייך ניט צוגעלאזען? האט אלכסנדר געפרעגט ערשטוינט.

— מען האט מיך צוגעלאזען, האט ספאסאוויטש אויסגעהויכט, איך האב אבער ניט געהאט מיט וועמען צו רעדען.

— רעדט דייטליך, אדוואקאט! האט דער קייסער געזאגט שארף און הארט.

ספאסאוויטש האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט געקוקט דעם קייסער גלייך אין דיא אויגען. ער האט געפאסט מוטה און איז געווען בערייט ארויסצוזאגען דיא ביטערע וואהרהייט.

— איך האב געפונען צושלאגענע, צוהרגעטע און האלבטוידטע מענשען, מיט וועמען עס איז מיר געווען אונמעגליך צו רעדען, האט ספאסאוויטש געענטפערט ערנסט. — מען האט זיי געמארטערט אזוי לאנג, אז באלד וועט שוין ניט זיין וועמען צו שמעלען פאר א געריכט. איך קען פערטהיידיגען לעבעדיגע מענשען, אבער קיינע טוידטע.

דער קייסער האט זיך געביסען דיא ליפען.

— אלזא, ווילט איהר זיי ניט פערטהיידיגען? האט ער ענדליך געפרעגט.

— איך דאנק אייער קייסערליכער מאיעסטעט פאר דיא גרויסע עהרע, וואס איהר האט מיך געוואלט אנטהאן, איך קען זיא אבער ניט אננעהמען. אן אדוואקאט מוז בעטראכטען דעם פערברעכער אלס עהרליכען מאן, ביז דער ריכטער זאגט ארויס זיין אורטהייל, אז ער איז א פערברעכער. קוים איז דער פערברעכער בעשטראפט געווארען, איידער מען האט איהם נאך געשטעלט פארן געריכט, האט דער אדוואקאט ניט וועמען צו פערטהיידיגען.

אלכסנדר דער דריטער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז ספאסאוויטש מעג זיך געהן.

לאנגזאם, אבער מיט א פעסטען שריט איז ספאסאוויטש ארויסגעגאנגען פון קייסערס קאבינעט. *)

*) דער פאל מיט'ן אדוואקאט ספאסאוויטש איז קיין אויסגעטראכטער. עס איז א ...הרער פאקט. ספאסאוויטש איז געווען אין פעטרא-פאוולאווסקי קרעפאסט און האט געפונען

## 55סטעס קאפיטעל.

# באַקונין אנטלויפט.

אין דעם מאדנע מאגאזין פון דער שניידערין מאריא פעטראָוונא האט זיך קיין זאך ניט געענדערט, זייט מיר זיינען געוועזען ביי איהר דעם לעצטען מאל. אלעס איז אין א גוטער ארדנונג, וויא פריהער. איהר געשעפט געהט זעהר גוט. זיא אליין אבער איז געוואָרען נאך דארער, נאך איינגעהויקערטער, נאך קלענער, וויא פריהער.

אמאל האט זיא אויך געטרוימט פון א לעבען, פון ליעבע, פון גליק. זיא האט געזעהן לעבען זיך גוטע און עדעלע מענשען. זיא האט זיי געליעבט. ליידער, איז דיא נאטור געוועזען געגען איהר א שטיעף מוטער. דיא נאטור, וועלכע איז אזוי מילד און ווארפט ארום שעהנהייט אויף אלע פעלדער און אין אלע זומפען, האט פון איהרענט־וועגען געהאט נור א הויקער און א זעהר ניט שעהנע געשטאלט.

וויא גוט זיא איז געווען, וויא עדעל און וויא עהרליך, האבען דאך איהרע בע־קאנטע מענער געקענט נור זיא שעצען, זיא אכטען, אבער ניט זיא ליעבען.

זיינען דיא מענער שולדיג, וואס זיי קענען ליעבען נור א שעהנע פרוי, אדער איז דיא נאטור שולדיג, ווייל זיא פערציערט אלעס ארום אונז מיט שעהנע בלומען, טהוט אן דיא פייגעל שעהנע פעדערן און דיא טהיערע מיט שעהנע פעלצען? — דאס קענען מיר ניט וויסען.

דיא אונגליקליכע מאריא פעטראָוונא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז זיא מוז שוין אפלעבען איהר וועלט אליין, איינזאם, אהן ליעבע. זיא מוז זיך בעגנינגען מיט פריינדשאפט אנשטאט ליעבע. זיא האט דאהער ווייטער געפיהרט איהר געשעפט און האט געזעהן אויך צו נעהמען אין איהר געשעפט נור אזעלכע ארימע און אונגליק־ליכע מעדכען און פרויען, וועלכע האבען אויך שוין גענוג געליטען אויף דער וועלט און האבען שוין פערלארען יעדע האפנונג אויף ליעבע און גליק.

אפט פלעגט זיא דענקען פון איהרע אלטע בעקאנטע: באקונין, באַיאנאָווסקי, קאָנראַד פעלזינג און וולאדימיר. עס זיינען פערגאנגען יאהרען און זיא האט פון זיי קיין נאכריכט ניט ערהאלטען.

— וואו זיינען זיי? פלעגט זיא אפט אויסרופען. פאר וואס קומען זיי קיין מאל ניט צו מיר? פאר וואס הער איך פון זיי ניט? פאר וואס שווייגען זיי?

דעם ערשטען מערץ האט זיא געעפענט איהר מאגאזין אין דער פריה, וויא געוועהנליך. עס זיינען געקומען איינינע קייפער און האבען מיט איהר גערעדט אדער האבען בעשטעלט קליידער. אזוי איז פערגאנגען דיא צייט ביז צוועלף אוהר.

פלוצלונג איז געוואָרען אין דרויסען א שרעקליכער ליארם. מענשען זיינען גע־

---

רוסאַקאווי'ן, זשעליאַבאָוו'ן און קיבאַלטשיטש'ן אזוי צושלאגען און צוריסען, אז זיי האבען איהם ניט געקענט ענטפערן אויף זיינע פראגען. ער האט זיך אפגעזאגט זיי צו פערטהיידיגען. — וואלט עס געווען ניט ספאסאָוויטש, דער בעריהמטער אדוואָקאַט, וואלט מען איהם געווען פערשיקט קיין סיביר. פאר א מאן, וויא ספאסאָוויטש אבער האט מען מורא געהאט. מען האט איהם צורוה געלאָזען, נור מען האט געגעבען א ווינק, אז מען זאל איהם ניט צולאָזען צו קיין אמט.

א. טאַנענבוים.

לאפען, וויא וואהנזיניגע. טהירען און טויערן האבען זיך פלוצלונג פערמאכט. באלד האט מען געהערט פויקען אין דיא גאסען און דיא שווערע טריט פון דיא פערד פון דיא קאוואלעריע סאלדאטען. עס האט אויסגעוויעזען, וויא א שרעקליכער שטורמווינד איז פלוצלונג אנגעלאפען אויף פעטערבורג.

דיא קויפער האבען זיך דערשראקען און זיינען ארויסגעלאפען פון מאגאזין. מאריא פעטראָוונא האט זיך אויך שטארק דערשראקען און איז ארויסגעלאפען אויף דער גאס זעהן, וואס דארט טהוט זיך. זיא האט געפרעגט דיא מענשען, וואס זיינען פארביינעלאפען:

— וואס איז געשעהן? וואס לויפט מען? וואוהין לויפט מען?

קיינער אבער האט איהר ניט געענטפערט. יעדער איז געוועזן בלייך און איז געלאפען, וואוהין דיא אויגען האבען איהם געוויעזען.

מאריא פעטראָוונא איז געוועזן א בעהערצטע פרוי. זיא איז אבער געוועזן דאך א פרוי. זיא איז געוועזן נייגיעריג און האט דאך געוואלט וויסען, וואס עס איז אזעל־כעס געשעהן, וואס גאנץ פעטערבורג איז אזוי איבערראשט. זיא איז געבליעבען שטעהן פאר דער טהיר פון איהר מאגאזין אין דער האפנונג, אז זיא וועט דאך דערזעהן א בעקאנטען, וועלכער זאל איהר דערצעהלען, וואס איז געשעהן.

זיא איז אזוי אוועקגעשטאנען א געוויסע צייט און האט שוין געוואלט צוריק־געהן אין מאגאזין, ווען פלוצלונג איז אנגעלאפען א מאן פערהילט אין א גוטען פעלץ.

— קומט אריין אין שטוב, מאריא פעטראָוונא! האט דער מאן געזאגט פערסאָפעט. — פערמאכט אייער מאגאזין!

ער האט ניט געווארט, ביז זיא זאל איהם עפענען דיא טהיר און זאל מיט איהם אריינגעהן. ער האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט זיא מיט געוואלד אריינגעשלעפט אין מאגאזין.

דיא מעדכען און פרויען, וועלכע האבען געארבייט ביי מאריא פעטראָוונא, זיינען אויך געוועזן שטארק דערשראקען און זיינען געוועזן זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס עס הערט זיך. זיי האבען אבער מורא געהאט ארויסצוגעהן אין דרויסען און זיינען געבליעבען שטעהן אויף זייערע פלעצער, וויא פערשטיינערט.

— וואס טהוט זיך? וואס הערט זיך? האבען זיי געפרעגט נייגיעריג, ווען זיי האבען דערזעהן מאריא פעטראוונא מיט א פרעמדען מענשען אריינקומען אין מאגאזין.

דער פרעמדער מאן אבער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט.

— פיהרט מיך אין קיך אריין, מאריא פעטראָוונא! האט דער פרעמדער געבעטען.

מאריא פעטראָוונא האט איהם אריינגעפיהרט אין קיך און האט פערמאכט דיא טהיר. זיא האט צוואר ניט דערקענט דעם פרעמדען און האט ניט געוואוסט, ווער ער איז. זיא האט אבער דאך קיין מורא ניט געהאט. — וואס וועט מען איהר טהאָן?

קוים האט מאריא פעטראָוונא פערמאכט דיא טהיר הינטער זיך, האט דער

מאן אראפּגעווארפען דעם ברייטען באברענעם קאלנער אויף דיא פלייצעס. מאריא פעטראָוונא האט דערזעהן זיין געזיכט.

— באַקונין! האט זיא אויסגערופען.

— דערמאנט דיעזען נאמען ניט, האט באקונין געזאגט ערנסט. עס איז ענדליך געשעהן! מיר האבען ענדליך בעפרייט רוסלאנד פון א שלעכטען הערשער!

מאריא פעטראוונא האט אלעס פערשטאנען. זיא האט אנפאנגס א ציטער געטהאן, זיא האט זיך אבער באלד געפאסט און האט געזאגט ערנסט:

— איהר אנטלויפט, איהר מוזט זיך בעהאלטען. — גוט! איך וועל זעהן, וויא אזוי אייך אויסצובעהאלטען. איך האף, אז דיא געהיים-פּאָליציי וועט צו מיר ניט קומען. מען קען מיך זעהר גוט און מען וויים, אז ביי מיר ארבייטען נור פרויען —

— דאס איז נאך ווייניג, האט באקונין געזאגט. מען האט ארעסטירט פיעלע פרויען אויך. עס וועט היינט ביי נאכט זיין א שרעקליכע יאגד — אן אָבלאווא — אין פעטערבורג. מיר מוזען זיין זעהר פארזיכטיג.

ער האט איהר דערצעהלט אין עטליכע ווערטער, אז אלכסנדר דער צווייטער וועט שוין אין רוסלאנד מעהר ניט הערשען.

מאריא פעטראָוונא האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. זיא האט יעצט פערשטאנען, וואס עס בעדייטעט דער ליארם אויף דיא גאסען און פארוואס דיא מענשען זיינען געלאפען, אזוי וויא דיא וואהנזיניגע.

— בלייבט דערווייל דא, האט זיא צו איהם געזאגט. איך מוז ארויסשיקען מיינע ארבייטערינען. עס איז גוט, וואס אין גאנץ פעטערבורג פערמאכט מען דיא מאגאזינען און דיא געשעפטען. איך וועל אויך פערמאכען דיא טהירען און דיא פענ-סטער. יעדער וועט גלויבען, אז איך האב מיך אויך איבערגעשראָקען און האב היינט פערמאכט מיין מאגאזין. דערווייל וועלען מיר עפּעס אויסטראכטען, וואס צו טהאן.

זיא איז אריינגעגאנגען אין מאגאזין און האט דערצעהלט איהרע ארבייטערינען, וואס עס איז געשעהן און אז דער מאן, וועלכער איז איהרער א בעקאנטער, וואוינט ערגעץ אין א פאָרשטאָדט זעהר וויים און האט מורא א היים צו געהן. ער וויל זיך אפּרוהען ביי איהר א ביסעל און דאן נעהמען א דראָשקע און פאהרען א היים.

אזוי וויא אין גאנץ פעטערבורג איז יעצט אן איבערקעהרעניש, געפינט זיא פאר בעסער צו שליעסען דעם מאגאזין און הייסט זיי געהן א היים.

דיא ארבייטערינען זיינען דערמיט געווען זעהר צופריעדען. זיי האבען געברענט פאר נייגיערדע צו וויסען נעגוי, וואס עס איז געשעהן. זיי האבען גערעכענט, אז אויף זיי, אויף ארבייטערינען, וועט מען זיך ניט אומקוקען און מען וועט זיי לאזען רוהיג געהן א היים.

זיי האבען געהאלפען מאריא פעטראָוונא פערמאכען דיא טהירען און דיא לאָדען פון דיא פענסטער און זיינען זיך צוגאנגען א היים. מאריא פעטראָוונא האט געוואוסט, אז מען דארף זיין פאָרזיכטיג. זיא האט אנגעזאגט איהרע ארבייטערינען פאר זייער אוועקגעהן, אז צו איהר איז קיינער ניט געקומען און זיי האבען קיינעם ניט געזעהן.

באלד זיינען דיא טהירען און דיא פענסטער פוּ׳ם מאגאזין געווען געשלאסען.
מאריא פעטראווגא איז געבליעבען מיט באקונינען אליין. זיא האט געגרייט צו טיש, האט ארויפגעבראכט פון דער קיך, וואס זיא האט געפונען, און האט עס געשטעלט אויפ׳ן טי׳ש.

— צו ערשט עסט עפּעס, האט זיא געבעטען, דאן וועלען מיר רעדען.

באקונין איז ווירקליך געווען הונגעריג און האט זיך ניט געלאזען לאנג בעטען.

נאכ׳ן עסען האבען זיי אנגעהויבען צו טראכטען, וויא אזוי באקונין זאל אנטלויפען. מען האט אנגעהויבען צו קלערן און פארצושלאגען אלערליי מיטעל, וויא אזוי מען קען אין אזא שטרענגע צייט אנטלויפען פון פעטערבורג, ווען עס געפינען זיך מעהר שפּיאָנען, וויא איינוואוינער. נאך לאנגען טראכטען האט ענדליך מאריא פעטראווגא געזאגט:

— איך מיין, אז דער איינציגער וועג צו אנטלויפען איז, איהר זאלט אייך אנטהאן פרויען קליידער. ווען מיר זאלען ביידע פאהרען מיט ריכטיגע פאספּאָרטען, וועלען מיר זעהר לייכט זיך אויסדרעהן פון דיא שפּיאָנען.

— דאס איז אן אידעע! האט באקונין זיך אפּגערופען. וואו נעהמט אבער ריכטיגע פּאספּאָרטען? ביז אהער פלעגען מיר אליין מאכען פּאספּאָרטען. מיר האבען געהאט אונזער אייגענעם גראוועור (חתימה שטעכער) וועלכער פלעגט אונז מאכען אלערליי זיגעל. מיר האבען געהאט פּאספּארטען פּאפּיער און אלעס נעטהיגע. יעצט קען מען עס ניט טהאן. איך זעה, אז מען האט אונז פערראטהען. מעגליך, אז מען האט אונזער געהיימע דרוק אויסגעפונען און אלעס צוגענומען. — וואו נעהמט מען אלזא ריכטיגע פּעסער?

— דאס וועל איך שוין בעזארגען, האט מאריא פּעטראָווגא פערזיכערט. — מיר וועט מען געוויס געבען א פּאספּאָרט. מיך קען דיא פּאָליציי זעהר גוט; זיא וויים, אז איך בין א שטילע, רוהיגע ארבייטערין און מיש מיך ניט אין פּאָליטיק.

— איך גלויב אבער ניט, אז היינט אדער מאָרגען זאל מען געבען פּעסער, האט באקונין בעמערקט. דיא פּאָליציי איז יעצט זעהר אויפגערעגט. ווען זיא וועט שוין געבען א פּאס, וועט זיא געוויס שיקען איינעם פון איהרע אַגענטען נאכשפּירען, וואו עס פאהרט און וואוהין מען פאהרט.

מאריא פּעטראָווגא האט זיך פערטראכט.

— איך וועל פאהרען מיט אייך, באקונין, האט זיא ענדליך געזאגט. אויף צוויי פרויען וועט מען זיך ווייניג אומקוקען, בעזאנדערס ווען זיי זיינען ביידע ניט שעהן.

איהר מוזט זיך נאך היינט איבערטהאן אין פרויען קליידער און מוזט איבערזיצען א פּאָר טאָג ביי מיר, ביז דער ערשטער רעש וועט פאראיבער געהן. ווען אלעס וועט זיך בערוהיגען און אלע געשעפטען וועלען אנהויבען צו געהן, וויא פריהער, וועל איך נעהמען א פּאספּאָרט פאר מיך און איינע פון מיינע ארבייטערינען און איך האף, אז מיר וועלען צוקומען צו דער רוסישער גרענעץ אונגעשטערט.

— אה! קוים קומען מיר צו דער רוסישער גרענעץ, דאן בין איך שוין זיכער, האט באקונין געזאגט. איך האב גענוג בעקאנטע אין דיא קליינע שטעדטליך אין

פוילען ביי דער פרייסישער גרענעץ, וועלבע וועלען מיך שוין אריבערפיהרען דיא גרענעץ.

עס איז אזוי געבליעבען. באקונין פלעגט אין רוסלאנד שטענדיג געהן גלאַט ראזירט. ווען ער פלעגט זיין אין אויסלאנד, פלעגט ער טראגען א לאנגע באָרד, אין רוסלאנד אבער פלעגט ער שטענדיג געהן פערמאסקירט און פלעגט געהן גאנץ גלאַט ראזירט.

מאריא פעטראָוונא האט באלד אויסגעפונען פרויען קליידער, וועלכע זאלען איהם פאסען און האט איהם פערזארגט מיט א גוטען פערריק. זיא האט שוין גע־וואוסט, וויא אזוי אויסצושלייערן א פרוי.

עס איז געוואָרען נאכט. אלע הייזער זיינען געווען פערמאכט און פערשלאָסען. אין מאריא פעטראָוונא'ס מאגאזין האט מען דיעזען אבענד קיין פייער נים געזעהן. מאריא פעטראָוונא האט אפגעגעבען באקונינען איהר צימער, אליין איז זיא געשלא־פען אין קיך. דיא נאכט איז פערגאנגען רוהיג.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האט מאריא פעטראָוונא געעפענט איהר מאגאזין, וויא געוועהנליך. איהרע ארבייטערינען זיינען געקומען און האבען זיך געזעצט רוהיג ארבייטען. קיינע פון זיי האט נים בעמערקט, אז מאריא פעטראָוונא האט היינט געקויפט אלע צייטונגען, וואס זיינען דעם טאָג געדרוקט געוואָרען אין פעטערבורג.

אזוי זיינען פערגאנגען צוויי טאָג. פעטערבורג האט אנגעהויבען רוהיגער צו ווערן. מען האט ביסלעכוויים אנגעהויבען צו פערגעסען דעם ערשטען מערץ. מאריא פעטראָוונא איז געגאנגען אין דער פאָליציי זיך נעהמען א פאס. מען האט זיא זעהר גוט געקענט אין איהר אוטשאסטאָק (פאָליציי פיערטעל) און מען האט איהר נים געמאכט קיין שווערינקייטען. מען האט איהר באלד געגעבען א פאספאָרט פאר איהר און פאר איינע פון איהרע ארבייטערינען.

אויפ'ן פיערטען טאָג אום צוועלף אוהר אבענדס איז זיא מים באקונינען גע־פאהרען צום באהנהאף. דער צוג קיין ווארשוי איז אוועקגעגאנגען דריי פיערטעל אויף איינס. זיי האבען מיטגענומען מיט זיך ווענינ באגאזש. מאריא פעטראָוונא האט גענומען צוויי בילעטען דער צווייטען קלאסע קיין ווארשוי.

אויפ'ן וואָקזאל זיינען געווען זעהר פיעל מענשען. דיא געהיים־פאָליציי האט נים גערוהט. אויפ'ן וואָקזאל פלעגט זיך שטענדיג געפינען א גאנצע ארמעע פון שפיאָנען. זיי זיינען געגאנגען פערשטעלט אין אלערליי קאסטיומען און האבען זיך צוגעקוקט צו יעדען פאסאזשיר. קיינער האט זיך נים אומגעקוקט אויף דיא צוויי פרויען.ביידע זיינען געגאנגען פערהאננגען מים געדיכטע שלייער איבער זייערע געזיכטער.

באלד האט מען אנגעהויבען צו קלינגען. א קאָנדוקטער האט זיך געשטעלט ביי דער טהיר און האט אויסגערופען:

— פערווי זוואָנאָק נא ווארשאווו!

דיא פאסאזשירען האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען. יעדער האט גענומען זיין פעקעל און האט זיך געלאָזט געהן צו דער טהיר. באלד האט מען ווידער אנגעהוי־בען צו קלינגען. דער קאָנדוקטאָר האט ווידער אויסגערופען:

— ווטאָראָי זוואָנאָק נא מאָסקווא, קורסק, אריאל אי קיעוו!

אויפ'ן באהן זיינען דאמאלס געשטאנען צוויי צינע. איינער איז געגאנגען קיין ווארשוי, דער אנדערער קיין מאָסקווא און קיעוו.

מאריא פעטראָווונא האט זיך פעסט אנגעשפארט אויף באקונינס האנד און איז מיט איהם ארויסגעגאנגען אויף דער פלאטפאָרמע.

באקונין האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. אונטער זיין גערדיכטען שלייער האט זיין שארפעס אויג אלעס געזעהן און האט זיך צוגעקוקט צו דיא מענשען, וועלכע זיינען געווען אויפ'ן וואקזאל. ער איז געגאנגען רוהיג מיט זיין בעגלייטערין. באלד האט ער בעמערקט, אז איינער פון דיא פאסאזשירען לאזט איהם ניט אראפ פון אויג. באקונין האט דערקענט זיין מאן.

דאס איז ווירקליך געווען דער שפיאָן פראכוואסטאָוו. איהם איז ניט געפעלען דיא צווייטע דאמע. ער האט געזעהן, אז מאריא פעטראָווונא איז ווירקליך א פרוי, איהרע בעגלייטערין אבער איז איהם ניט געפעלען.

— דיעזע דאמע געפעלט מיר ניט, איך מוז איהר נאך געהן, האט ער זיך געטראכט און איז זיי נאכגעגאנגען אויף דער פלאטפאָרמע.

מאריא פעטראָווונא און באקונין האבען דערווייל אויסגעזוכט א וואגאָן צווייטער קלאסע, זיינען אריינגעגאנגען און האבען זיך געזעצט לעבען א פענסטער, ווייט פון דיא לאמפען. עס זיינען אריינגעקומען נאך אנדערע פאסאזשירען און האבען זיך אניעדערגעזעצט, יעדער, וואו עס איז איהם געפעלען. אין וואגאָן האט אנגעהויבען רוהיגער צו ווערן.

באקונין האט א קוק געטהאן דורכ'ן פענסטער און האט דערזעהן, וויא פראכ-וואָסטאָוו לאזט פון איהם קיין אויג ניט אראפ. באלד האט ער זיך געלאזען אריינ-געהן אין וואגאָן.

— זיי פערפאָלגען מיך, דיא שפירהינד, האט ער געזאגט גאנץ שטיל צו מאריא פעטראָווונא. איך בין ניט זיכער. בלייבט דאָ רוהיג. איך מוז זעהן צו אנטלויפען.

אין דער צייט, וואס פראכוואסטאָוו האט געעפענט דאס טהירעל פון וואגאן פון איין זייט, איז באקונין ארויס פון דער אנדערער זייט.

— טרעטי זוואָנאָק נא מאָסקוואו, קורסק, אריאָל אי קיעוו! האט מען געהערט אויסרופען דעם קאָנדוקטאָר אין דיעזע מינוט.

שנעל, וויא דער בליץ, איז באקונין ארויפגעשפרונגען אויפ'ן צוג, וואס איז געגאנגען קיין מאָסקווא. אין איינינע מינוטען ארום איז דער צוג, וואס איז געגאנגען קיין ווארשוי, אויך אפּגעגאנגען. פראכוואסטאוו האט ערשט דערזעהן, אז דיא דאמע האט איהם אפּגענארט. זיא איז פערשוואונדען.

אויף דער ערשטער סטאציאן האט ער געהייסען דעם זשאנדארם ארעס-טירען מאריא פעטראָווונא. מען האט זיא אבער באלד אפּגעלאָזען. מען האט טעלעגראפירט קיין פעטערבורג און מען האט פון דארט געענטפערט, אז מאריא פעטראָווונא איז א „בלאָגאָנאדיאָזשנאיא“ (זיא איז ניט פערדעכטיג).

ער האט טעלעגראפירט אויף דיא אנדערע סטאציאנען, אז מען זאָל ארעס-טירען א דאמע אין א בלוי קלייד. מען האט אבער אזא דאמע ניט געפונען

אויפ'ן צוג. באקונין האט געוואוסט, אז א רוסישען אייזענבאהן קאָנדוקטאָר קען מען אפקויפען מיט א פינף רובעל שטיק.

אלס פרוי געקליידעט און מיט א גוטען, ריכטיגען פאספאָרט ביי זיך איז עס איהם ניט שווער געווען זיך צו צושלאָגען צו דער פרייסישער גרענעץ. דארט האט ער שוין געהאט גענוג בעקאנטע אידלעך, וועלכע האבען איהם אריבערגעשמוגעלט. זיי האט זעהר וועניג געקימערט, וואס פון דער דאמע איז געוואָרען א מאן. אונזערע אידלעך זיינען גרויסע בריות דערצו.

ניט נור באקונין אליין איז אנטלאפען, עס זיינען נאך פיעלע אנדערע ניהיליס-טען אנטלאָפען אויף פערשיעדענע וועגען און דורך פערשיעדענע מיטעל. ווער עס האט זיך גוט צוגעקוקט צו דער טהעטיגקייט פון דיא פאָליציי אין יענער צייט, דער האט געזעהן, אז דיא געהיים-פאָליציי יאגט זיך גאר ניט אזוי שטארק נאך דיא ניהיליסטען. מען איז געווען צופריעדען מיט דיא, וואָס מען האט געחאפט אין דער ערשטער הייסער צייט, דעם ערשטען און דעם צווייטען מערץ.

56טעס קאפיטעל.

## אימער פינסטערער און פינסטערער אין רוסלאַנד.

אלכסנדר דעם צווייטענס לייכע האט מען בעערדיגט מיט גרויס פאראד. הונדערטער גאָלדענע און זילבערנע עקיפאזשען מיט פרינצען, פרינצעסינען, גענעראלען און דיפּלאָמאַטען פון רוסלאנד און פון אויסלאנד זיינען נאכגעפאָהרען זיין לייבענצוג.

דיא ארמעע איז געווען אויסגעשטעלט אין צוויי לאנגע רייהען, דיא פאהנען זיינען געווען בעהאנגען מיט שווארצען. דיא מוזיק האט געשפּיעלט א טרויעריגען מארש, — דאס טויטענליעד פאר רוסלאנד.

באלד האט זיך אויך דיזע פאראדע געענדיגט. דעם טוידטען האט מען איבערגעגעבען דער קאלטער און נאסער ערד. דער לעבעדיגער האט זיך פעסט געזעצט אויף זיין טראהן און רוסלאנד האט אנגעהויבען צו זיפצען און צו קרעכצען אונטער דער גראָבער און שווערער, אייזערנער האנד פון אלכסנדר דעם דריטען.

דער גראָספירסט קאָנסטאנטין און זיין טאָכטער וויערא זיינען אויך געווען אויפ'ן לייכען צוג. זייער קארעטע איז געפאָהרען אין דער רייהע, וואו דער האף מארשאל האט איהר אנגעוויעזען. ביי דער בעערדיגונג האט מען בעאבאכטעט דיא שטרענגסטע עטיקעטע. קיין קארעטע האט ניט געטארט ארויספאָהרען פון דער רייהע, וואו מען האט איהר אנגעוויעזען.

שטיל, פערטראכט און טרויעריג איז דער גראָספירסט מיט זיין טאָכטער צו-ריקגעקומען פון דער בעערדיגונג. א גאנצען וועג האט דער פאטער מיט דער טאָכ-טער קיין וואָרט ניט גערעדט. זיי האבען אין דער לעצטער צייט אזוי פיעל געליטען, אז דער שמערץ האט זיי צוגעבונדען דעם האלז.

זיי זיינען געקומען א היים און יעדער איז זיך צוגאנגען אין זיין צימער. דער גראָספירסט איז אריינגעגאנגען אין זיין שטודיר צימער און האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב-טיש, וואו ער האט פערבראכט ניט איין טרויעריגע שטונדע.

ער האט אנגעשפּארט דעם קאפּ אויף ביידע הענד און האט זיך פערטראכט.

זיין גאנצעס, טרויעריגעס לעבען, זייט זיין ברודער האט ביי איהם צוגענומען זיין געליעבטע בידן הייגטיגען טאָג, האט זיך איהם פארגעשטעלט, וויא עס וואלט ערשט געשעהן. קיין גליק, קיין ליעבע, קיין פרעהליכע מינוט — און דאך איז ער א רוסישער פרינץ — א גראָספירסט!

ער האט אזוי געטראכט א גערוימע צייט און האט פערגעסען, אז דיא צייט שטעהט נים. עס איז געוואָרען פינסטער. דיא דיענער האבען אנגעצונדען דיא לאָמ־פען. ער האט עס נים בעמערקט און האט זיך אויף זיי נים אומגעקוקט.

פלוצלונג איז אריינגעקומען זיין קאמער־הערר און האט געמעלדעט:

— גענעראל גרעסער!

דער גראָספירסט האט א ציטער געטהאן. ער האט געוואוסט, אז גענעראל גרעסער קומט נור מיט א בעפעהל פון'ם קייסער.

— פיהר איהם אריין! האט ער געזאגט צו זיין קאמער־הערר.

גענעראל גרעסער איז אריינגעקומען, האט זיך פערניינט און האט געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע:

— איך קום אויף בעפעהל פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט, אייך בעטען, אז מארגען אין דער פריה זאלט איהר מיט אייער הויף ארויספאהרען פון פעטערבורג. זיינע קייזערליכע מאיעסטעט האט פאר אייך בעשטימט דאס שלאָס „סטאראָיע“, נים וויים פון צארסקאָיע סעלאָ. — ווייטערע בעפעהלע וועט אייך געוויס דער קייסער אליין איבערגעבען.

— ער איז מיין קייסער, דאס אבערהויפט פון אונזער פאמיליע, האט דער גראָספירסט געענטפערט רוהיג, וואָס ער הייסט מיר, וועל איך געוויס טהאן. — האט איהר נאך עפּעס א בעפעהל פאר מיר, גענעראל?

— פאר אייך האב איך קיינע בעפעהלע מעהר. איך האב נאך א בעפעהל פאר אייער טאָכטער, וויערא.

דער גראָספירסט האט זיך ווילד אומגעקוקט ביי דיא לעצטע ווערטער.

— פאר מיין טאָכטער? האט ער געפרעגט ערשטוינט.

— דער קייסער פערלאנגט, אז דיא פרינצעסין וויערא זאל וואוינען ביי דער גראספירסטין עקאטערינא פאוולאָוונא. ער האט שוין געהייסען דארט אנגרייטען פאר איהר צימער און האט שוין ערנאנט איהרע האף־דאמען.

— גוט! איך וועל רעדען מיט מיין טאָכטער, האט דער גראָספירסט געענט־פערט רוהיג און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז ער האט שוין אלעס אויסגעהערט.

גענעראל גרעסער האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען.

— אזוי? האט דער גראָספירסט אויסגערופען, ווען ער איז ווידער געבליעבען אליין. אזוי? מיין טאָכטער וויל ער ביי מיר צוגעהמען? מיין טאָכטער, מיין איינציגע טרייסט! יענער האט פון מיר אוועקגערויבט מיין זוהן און דיעזער וויל ביי מיר אוועקרויבען מיין טאָכטער! — דאס וועט וויערא נים וועלען. זיא וועט עס נים דער־לאזען! — ער וויל מיך פערשיקען פון פעטערבורג. דאס הארט מיך נים. — איך

תאב יעצט נים וואס צו טהאן אונטער א רעגיערונג, וועלכע וויל צוריקפיהרען רוס־לאנד צו דיא אלטע, ווילדע צייטען. — מיינע טאָכטער אבער מוז ער מיר לאָזען. —

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען אין וויערא׳ס צימערן. ער האט זיא געטראָפען, וויא זיא איז געזעסען און האט געשריעבען א בריעף צו איהר ברודער, צו איהר וואלאדימירן.

— טאָכטער! וויערא! האט ער אויסגערופען, מען וויל אונז צושיידען! איך האב נור וואס ערהאלטען א בעפעהל פון׳ם נייעם הערשער. מיך פערשיקט מען קיין צארסקאָיע סעלאָ, פון וואנען איך וועל ניט טאָרען ארויספאָהרען אין ערגעץ און דיך הייסט מען זיך איבערציהען אין פאלאץ פון דער גראָספירסטין עקאטערינא פאוולאָוונא.

— מען וויל מיך האלטען אונטער פאָליציי אויפזיכט (פאָד נאדזאָראָם), האט וויערא געענטפערט רוהיג. נו, דאס וועט ער ניט אויספיהרען. איך וועל ליעבער ארייננטרעטען אין מאָנאסטיר.

— אין א מאָנאסטיר? האט דער גראָספירסט געפרעגט טרויעריג. זיך בע־גראָבען לעבעדיגערהייט און דיא קאלטע ווענט פון א מאָנאסטיר?

— וועט דען בעסער זיין, ווען מיין ליעבער אנקעל וועט מיך פערשפארען אין א גאָלדענשטיינגעל ערגעץ ביי א פרעמדען פרינץ, וועלכען איך קען ניט ליעבען און וועל ניט ליעבען? — זאָל איך מיך לאזען פערהאנדלען, וויא א שטיקעל סחורה אום צו ניצען דער פאָליטיק פון׳ם נייען הערשער? — ניין, פאָטער! דאָס וועל איך ניט טהאן. ווען דאס הערץ איז אפגעשטאָרבען, ווען דיא ערשטע ליעבע איז פערבליהט; ווען דער מענש האט שוין פערלאָרען יעדע האפנונג אויף גליק און ליעבע, בלייבען איהם נור צוויי וועגען: דער טוידט אדער דער מאנאסטיר.ביידע וועגען זיינען טרוי־ריג, ביידע פיהרען צו זעלבסט פערניכטונג, דער אונטערשיעד צווישען זיי איז זעהר קליין. א קוגעל אין קאָפּ איז א שנעלער טוידט, דער מאָנאסטיר איז א לאנגזאמער טוידט. דער שטארקער מענש זאגט: איך וויל מיך ניט לאנג פלאגען, איך וויל ניט שטארבען לאנגזאם, איך וויל מיט אמאל מאכען אן ענדע. דער שוואכער מענש ציטערט פאר דיא שרעקליכע מינוט, ווען ער דארף איבערגעהן אויף דער פינסטערער בריק פון דיא עווינקייט און ווארט, ביז עס וועט אליין קומען. ער בעגראבט זיך אין א מאָנאסטיר.

— איז דאס דיין פעסטער בעשלוס, וויערא?

— יא, פאָטער!

— איבערלעג דיך, וויערא! האט דער גראָספירסט געבעטען. דוא ביסט נאך יונג, דיא צייטען קענען זיך ענדערן. עס קען נאך בעסער ווערן.

— איך האב מיך גוט איבערלעגט, פאָטער, האט וויערא געענטפערט. איך זעה, אז אין דיזען גרויסען און שעהנען רוסלאנד ווערט אלע מאל פינסטערער און פינסטערער. דיא פאמיליע ראָמאנאוו שלעפּט עס ערגעץ אין א טיעפען אבגרונד. איך זעה אן אונגליקליכעס לאנד און אן אונגליקליכעס פאלק. איך קען איהם ניט

העלפען. וואס פאר א נוצען איז צו שטעהן ביים ברעג טייך און זעהן, ווי א מענש טרענקט זיך, ווען איך האב קיין מיטעל איהם צו העלפען?

דער גראָספירסט איז געבליעבען זיצען, ווי פערשטיינערט. זיין טאָכטער האט ארויסגעזאָגט דיזעלבע געדאנקען, וועלכע האבען געפרעסט זיין ברוסט. ער אליין האט מורא געהאט זיי ארויסצוזאָגען. זי אבער האט זיי ארויסגעזאָגט פריי און אפענהערציג.

— וויערא, איך האב איין ביטע צו דיר.

— זאָג, פאָטער! דוא קענסט מיר זאגאר בעפעהלען. דיר וועל איך פאָלגען.

— איך וויל דיך נור בעטען, דוא זאלסט ניט אפלעגען דיא לעצטע געליבדע (דיא לעצטע שבועה, אז זי ווערט א נאָנע) אהן מיין וויסען.

— איך זאג עס דיר צו, פאָטער!

פאָטער און טאָכטער האבען זיך ארומגענומען און זייערע טרערין האבען זיך פערמישט.

מיר נעהמען אבשיעד פון'ם גראָספירסט קאָנסטאנטין און פון זיין טאָכטער און וועלען דערצעהלען אין קורצע ווערטער זייער ווייטערן שיקזאל.

דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז דעם אנדערן טאָג ארויסגעפאָהרען אין שלאס לעבען צארסקאָיע סעלאָ. ער איז דארט געוועזען א פערשיקטער. קיינער איז צו איהם ניט געקומען און ער איז פון דארט אין ערגעץ ניט געפאָהרען. און עהרען וואך פון אָפיציערן האט איהם בעוואכט אין זיין פאלאץ און האט איהם ניט געלאזען פאהרען אין ערגעץ.

ווען מיר זאגען און עהרען וואך, מיינען מיר, ווי אלכסנדר דער דריטער האט עס גערופען. אין אמת אריין איז עס געוועזען א וואך, וועלכע היט אפּ אן ארעסטאנט.

ער איז געשטאָרבען אין 1891 אליין, איינזאם און פערלאזען. זיינע קינדער זיינען ניט געוועזען ביי איהם אין דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען.

וויערא האט געהאלטען וואָרט. זי איז אריינגעטרעטען אין א מאָנאסטיר. עס האט איהר געקאָסט זעהר פיעל מיה, איידער זי האט עס דורכגעזעצט, אבער זאגאר אלכסנדר דער דריטער האט גאר ניט געקענט מאכען נעגען איהר פעסטען ווילען.

— — — — — — — — — — — — —

דעם טאָג פון דער בעערדיגונג פון אלכסנדר דעם צווייטען האט זיך דער נייער קייסער ניט בעשעפטיגט מיט רעגיערונגס אנגעלעגענהייטען. נאך דער בעער־דיגונג איז ער אוועקגעפאהרען קיין גאטשינא און איז דארט געבליעבען א גאנצען טאָג.

דעם בעפעהל וועגען דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין האט ער ארויסגעגעבען נאך מיט א טאָג פריהער. ער האט אבער געהייסען, אז מען זאָל דעם בעפעהל איבערגעבען נאך דער בעערדיגונג. ער האט געוואָלט, אז דער גראָספירסט זאל זיין ביי דער פּאראדע. עס זיינען דאך געוועזען פיעלע פּרינצען פון פרעמדע לענדער, וועלכע וואלטען זיך געוועזען געוואונדערט, ווען דער גראספירסט קאָנסטאנטין זאל ניט געוועזען זיין ביי דער פּאראדע פון'ם לייכענצוג.

דעם אנדערן טאג נאך דער בעערדיגונג איז דער נייער קייסער געקומען צו פאהרען אין ווינטער פּאלאץ און האט אנגעהויבען צו רעגיערן. ער האט אפּגעזאָגט אלע מיניסטאָרען און אלע גובערנאטאָרען, וועלכע האבען געדיענט אונטער זיין פאָטער און האט ערנאנט אויף זייער ארט דיא מענשען, וועלכע האבען איהם געהאָלפען ארויפגעהן אויפ'ן טראהן.

גענעראַל וואנאָווסקי איז געוואָרען קריעגס־מיניסטער, גראף איגנאטיעוו איז געוואָרען מיניסטער דער אינערן אנגעלעגענהייטען, פּאָביעדאָנאָסצאָוו איז געוואָרען

פאַרזיצענדער פון'ם הייליגען סינאָד און געהיים ראטה פון'ם קייסער. דער נייער קייסער טהוט ניט אהן איהם דיא קלענסטע זאך. אלע נייע אוקאזען און בעפעהלע פון אלכסנדר דעם דריטען שטאמען פון איהם.

וויא גוט רוסלאנד ווערט יעצט רעגיערט, ווייסען געוויס אלע מיינע לעזער.

אלכסנדר דער דריטער האט אונטערגעשריעבען איין אוקאז נאכ'ן אנדערן, איין בעפעהל נאכ'ן אנדערן, ווען זיין קאמער־העדר, סטראָגאָנאוו, האט זיך געוויזען אויף דער טהיר.

— גראף דע ריווערא! האט ער געמעלדעט.

אויפ'ן קייסערס געזיכט האט זיך געוויזען א דונקעלער וואָלקען.

— פיהר איהם אריין! האט ער געזאָגט.

גראף דע ריווערא איז אריינגעקומען אין קאבינעט. ער איז געווען רוהיג און ערנסט, וויא געוועהנליך. אלס פאָלקאמענער האף־מענש, האט ער געוואוסט, וויא אזוי זיך צו האלטען פאר א קייסער און וויא אזוי מיט איהם צו רעדען.

אלכסנדר דער דריטער האט איהם געוויזען אויף א שטוהל לעבען זיין שרייב־טיש.

— נו, ליעבער גראף, וואס וועט איהר זאגען עפעס נייעס?

— קייזערליכע מאַיעסטעט! האט גראף דע ריווערא אנגעהויבען מיט זיין פעסטער און רוהיגער שטימע. — נאם האט אייך ארויפגעזעצט אויפ'ן גרעסטען טראהן פון דער וועלט. ער וועט אייך געוויס ווייטער פיהרען מיט זיין קלוגהייט און וועט אייך שיצען מיט זיין רעכטער האנד. — אייער קייזערליכע מאַיעסטעט וועט געוויס שטרעבען צו שטיצען דעם הייליגען גלויבען אין רוסלאנד.

דאס רוסישע פאלק איז שטענדיג געווען טריי און ערגעבען דער רעליגיאָן, נור אין דיא לעצטע צייטען האבען זיך אריינגעגנבעט פערדארבענע אידעען פון פרייהייט און אונגלויבען. דיעזע שעדליכע אידעען מוז מען פערניכטען, מען מוז געגען זיי קעמפפען. דיא געהיים־פאָליציי איז א שלעכטער ועכטער געגען אזעלכע אידעען. געגען גייסטיגע וואפען מוז מען קעמפפען מיט גייסטיגע וואַפען. געגען אויסגעלאסענ־הייט מוז קעמפפען וואהרע פרומקייט; געגען דען אונגלויבען מוז קעמפפען דער וואהרער גלויבען.

אזעלכע הייליגע קעמפפער זיינען דיא מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט יעזו (דיא יעזואיטען). בערופט, גרויסער קייסער, דיא יעזואיטען קיין רוסלאנד און זיי וועלען אין א קורצער צייט בעפעסטיגען דעם גלויבען אין אייערע לענדער.

דער הייליגער פאָטער אין רוים און 150 מיליאָן קאטאהליקען אין אייראָפּא וועלען ווערן אייערע בעסטע פריינד, אייערע שטיצע און אייער פעסטונג געגען אלע הערשער פון דער וועלט.

דער גראף האט ווייטער גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא איבערצייגונג, אז ער וואלט געקענט ריהרען א שטיין. ער האט אויסגעוויזען, וויא א פראָפעט פון דיא אלטע צייטען, וועלכער גיעסט אויס זיין גאנצע זעעלע אין זיין בעגייסטערטע רעדע.

אלכסנדר דער דריטער האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. ווען דער גראף האט געענדיגט זיין רעדע, האט ער איהם געזאגט פריינדליך:

— ליעבער גראף, מיר האבען שוין איבער דיעזען געגענשטאנד ניט איין מאל גערעדט. איך בין מיט אייער מיינונג פאלקאמען איינפערשטאנדען; איך מוז אבער נאך איבעררעדען מיט מיינע נייע מיניסטאָרען און מיט מיין געהיים־ראטה. איך בין יעצט זעהר בעשעפטיגט מיט אנדערע אנגעלעגענהייטען פון דער רעגיערונג. אין א קורצע צייט ארום וועלען מיר פערהאנדלען דיעזע פראגע און איך האף, אז מיר וועלען אנגעהמען אייער גוטען ראטה.

גראף דע ריווערא האט איהם נעדאנקט און איז אוועקגעגאנגען.

קוים איז ער נור ארויסגעגאנגען, האט זיך דעם קייסערס נעזיכט אין גאנצען פערענדערט.

— אליין וויל איך הערשען! האט ער אויסגערופען, איך דארף נים קיין יעזואיטען! דיא רעליגיאָן איז נור דאן א גוטע זאך, ווען מען קען זיא שטיצען מיט אן אייזערנער האנד.

ער האט אננעשריעבען איינינע ווערטער אויף א ביינעלע פאפיער און האט אנגעקלונגען. זיין קאמער־הערר איז אריינגעקומען.

— גענעראל גרעסער!

— ער איז אין פאָרצימער.

— שיק איהם באלד אריין.

גענעראל גרעסער איז אריינגעקומען און האט זיך טיעף פערנייגט.

— נעהם א זשאנדארמען אפיציער און א נעדעקטער קארעטע, האט איהם דער קייסער נעזאגט, און פאהר מיט איהם צו דער וואוינונג פוּם איטאליענישען גראף דע ריווערא. נעה אריין גלייך צום גראף און הייס איהם זיך אריינזעצען אין דער קארעטע. מארגען נאך מוז ער זיין פון יענער זייט פון דער רוסישער גרענעץ. רעד מיט איהם קיין וואָרט, גיב איהם קיינע ערקלערונג, זאג איהם נור, אז דאס געזעץ פאָרדערט עס.

גענעראל גרעסער איז איינינע מינוטען געבליעבען שטעהן, וויא צו מישט. איהם איז עס פאָרגעקומען עטוואס זאנדערבאר ארויסצושיקען גלאט אזוי פון רוס־לאנד א פרעמדען גראף.

דער קייסער האט פערשטאנען, אז עס איז איהם עפּעס אונפערשטענדליך דיעזער בעפעהל.

— נעה! האט ער נעזאגט שטרענג. ברענג מיר מארגען א ראפּאָרט, אז דער גראף איז מעהר ניטא אין רוסלאנד.

גענעראל גרעסער איז ארויסגעגאנגען. קוים איז דונקעל געוואָרען אין דרויסען, איז א שווארצע, נעדעקטע קארעטע צוגעפאהרען צו גראף דע ריווערא'ס קווארטיר און איז אין איינינע מינוט ארום אוועקגעפאהרען. אין איהר איז געזעסען גראף דע ריווערא מיט א זשאנדארמען אפיציער.

— — — — — — — — — — — — —

עס רוישט און קאָכט אין דער אלטער גרויסער דייטשער שטאָדט האמבורג. טויזענדער פרעמדע פון אלע לענדער און פון אלע שפּראכען קומען טעגליך צו פאהרען און פאהרען אוועק אויף אייזענבאהנען און אויף שיפען.

מיר געפינען יעצט דארט אונזערע אלטע בעקאנטע: יעליסאוועטא פאן פאה־לען, איהר זוהן וולאדימיר, הונא פאן פאהלען און פאניאטאווסקי. זיי האבען בעשלא־סען ארויסצופאהרען קיין אמעריקא, הונא האט דארט לאנד. זיי ווילען דארט וואוינען שטיל און רוהיג און ווילען פיעללייכט פערגעסען, אז עס איז דא א סיביר און אן אונגליקליכעס לאנד פון שקלאפען און אונטערדריקטע.

זיי זיינען שוין אין האמבורג זייט איינינע טעג. זיי ערווארטען א פּאָסט־דאמפ־פער, וועלכער נעהט דירעקט קיין ניי ארלעאנס. הונא האט לאנד אין פלאָרידא און זיי ווילען פאהרען גלייך קיין ניי ארלעאנס.

יעדען טאג גאנץ פריה קויפען זיי אלע צייטונגען און פערשלינגען מיט דיא אוינען יעדע נייעס פון רוסלאנד. לײדער, ברענגען דיא צייטונגען נור טרויעריגע נאכריכטען.

דיא ניהיליסטען, וואס מען האט געהאפט אין דעם טאג, וואס מען האט געמיידעט אלכסנדר דעם צווייטען, האט מען אלע אויפגעהאנגען.

איבער זייער פראצעס האט מען זעהר וועניג געוואוסט אין אייראפא. קיינער האט ניט געשריעבען, מען האט קיינעם ניט געלאזט שרייבען. א שווערער, דיקער, שווארצער וואלקען האט פערדעקט רוסלאנד. עס ווערט דארט אימער פינסטערער און פינסטערער.

עס איז א שעהנער טאג. דער פאסט-דאמפפער „קייזער ווילהעלם" נעהמט אפ אום פיער אוהר. אונזערע בעקאנטע זיינען שוין אין גאנצען פערטיג צו דער רייזע.

אויף א באלקאן אין א האטעל אין בערגענדארפער שטראסע נומער 18 שטעהט פאניאטאווסקי. ער האט אנגעשפארט דעם קאפ אויףביידע הענד און האט זיך פערטראכט.

אונטען אויף דער גאס רוישט עס און קאכט. עס קומען אן איין פארטיע עמיגראנטען נאך דער אנדערער. פאניאטאווסקי׳ס שארפעס אויג דערקענט, ווער דיא עמיגראנטען זיינען. ער דערקענט, אז דאס זיינען מענשען פון רוסלאנד.

— נאך א פארטיע עמיגראנטען פון רוסלאנד! האט ער געזאגט צו זיך אליין. און זיין שטימע האט געציטערט פון אויפרעגונג. נאך א פארטיע און נאך א פארטיע!..

מען אנטלויפט פון רוסלאנד. אלעס גוטע, עדעלע און געפיהלפאלע אנטלויפט פון א לאנד, וואו עס הערשען טיגער אנשטאט מענשען. — יעדער, ווער עס האט נור א מענשענגעפיהל אין זיך, דער אנטלויפט; יעדער, ווער עס וויל ניט איינבויגען דעם קאפ פאר אן אונמענשליכער רעגיערונג, דער דערווייטערט זיך פון רוסלאנד.— וואס וועט דאס ענדע זיין? וועלען אין רוסלאנד בלייבען נור שקלאפען און קייטען?—

א פאר הייסע טרעהרין האבען זיך געקייקעלט איבער זיינע באקען.

אין דיעזע מינוט האט זיך א לייכטע ווייכע האנד ארויפגעלעגט אויף זיינע פלייצעס. ער האט זיך אומגעקוקט. הינטער איהם איז געשטאנען יעליסאוועטא. זיא איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען אויפ׳ן באלקאן און האט געהערט זיינע לעצטע ווערטער.

— ניין, פריינד? האט זיא געזאגט. ניט אימער וועט בלייבען פינסטער אין רוסלאנד. דיא וועלט-געשיכטע געהט איהר וועג. זיא דרעהט איהרע רעדער און בעשטימט דאס שיקזאל פון פעלקער און נאציאנען. אלעקסאנדער דער דריטער קען זיא ניט איינהאלטען. קיינער קען זיא ניט איינהאלטען. דער מענשליכער גייסט שטרעבט צו פרייהייט. ער וויל זיין פריי. ער מוז זיין פריי און ער וועט זיין פריי.

דזא זעהסט, וויא אלע אנטלויפען און מיינסט, אז רוסלאנד וועט שוין אזוי פערבלייבען ווערן אין קנעכטשאפט און דעספאטיזם. איך שטעל עס מיר אנדערש פאר. איך שטעל מיר פאר, אז עס איז אנגעקומען א שרעקליכער שטורמווינד, עס האגעלט און שנעעט. אלע לויפען זוכען א דאך, וואו זיך צו שיצען פארן שטורם-ווינד. אלע בעהאלטען זיך אונטער זיכערע מויערן, אבער אלע ווייסען, אז דער שטורם וועט ניט דויערן אייביג. ער וועט באלד פאראיבערגעהן, דיא וואלקען וועלען פערשווינדען. דיא זון וועט ארויסגעהן און עס וועט ווידער ווערן ליכטיג און פרעהליך.

איך וויים ניט, אויב מיר וועלען עס דערלעבען, איך בין אבער זיכער, אז עס וועט נאך א מאל זיין א פרייעס און גליקליכעס רוסלאנד.

**ע נ ד ע**

די

# געבויטע ירושלים

## איז דער נאמען פון א נייע ווערק

— געשאַפען פון —

## פראפ. באָרים שץ

### גרינדער פון „בצלאל“ אין ירושלים

אין אן אָריגינאַלען שפּראַך פאָרם און וואונדער שעהנע בילדער מאָלט פאַר אונז פראפ. שץ א פאַנטאַסטישען בילד ווי ירושלים וועט אויסזעהן אין 100 יאָהר ארום.

איבער דעם גאַנצען בוך שוועבט איין פּאָעטישע אטמאספערע, וואו איהר פערגעסט אויף א ווייל אייער טעגליכען לעבען, און איהר טראָגט זיך אריבער אין א ליכטיגע וועלט פול מיט רייץ און שעהנקייט.

**דער בוך ענטהאלט 400 זייטען.**

**עלעגאנט געבונדען אין בלוי באנד צוויי דאללאר.**

**אין לעדער גאלדשניט 3.50 דאללאר.**

---

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

**632-34 Broadway, New York.**

# זאלא'ס געזאַמעלטע ווערק

## אין 4 בענדער

עמיל זאלא איז דער גרעסטער מייסטער פון דער רעאליסטישער שולע, דער גרעסטער קענער פון דער מענשליכער נאטור, און דער גרעסטער מאהלער פון דער מענשליכער נשמה.

עמיל זאלא'ס ראמאנען און ערצעהלונגען וועגען ליעבע, הייראטה און פאמיליען-לעבען זיינען אמת'ע מייסטערווערק און פארנעמען דעם אויבענאן אין דער וועלט-ליטעראטור.

די 4 בענדער ענטהאלטען די פאלגענדע 15 ווערק וועלכע זיינען די בעסטע וואס ער האט געשריבען:

1. פאריזער דאמען
2. ליעבעס נאכט
3. דארפס מיידעל
4. די מענשליכע בעסטיעס
5. היינט מאדישע חתונות
6. היינט מאדישע קבורות
7. לעבען און טויט
8. די בלוטיגע חתונה
9. נאנטאס
10. פרויען ליעבע
11. א גלח'ס זינד
12. ווייבערשער גן-עדן
13. דער טויט שלעגער
14. נאנא
15. דער פערגיפטעטער קוס.

גערדוקט אויף גוטען פאפיר און פראכטפאל געבונדען

## פרייז 5 דאלאר

HEBREW PUBLISHING CO., NEW YORK.